# זשיטלאָווסקי-זאַמלבוך

געווידמעט דר. חיים זשיטלאָווסקי

צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג

פון זיינע פריינד, חברים, תלמידים

די ריינע הכנסה פון דעם זאַמלבוך ווערט אָפּגעגעבן דעם
ייד. וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, לויט דעם ווונטש פון יובילאַר

וואַרשע — פאַרלאַג ח. בזשאַזאַ — 1929

# אינהאלט-פארצייכעניש

---

* *

*

(אָנשטאָט אַ הקדמה)

מיר מוזן אָנהויבן מיט אַ דערקלערונג פאַר דעם לייענער-עולם און מיט אַ אַנטשולדיקונג פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקי אַליין, פאַר-וואָס דערדאָזיקער זאַמלבוך האָט אַזוי שטאַרק, אויף גאַנצע דריי יאָר, פאַרשפּעטיקט. די סבה פון דער פאַרשפּעטיקונג ליגט אין דער „גע-שיכטע" פון דעם זאַמלבוך.

מיט דריי יאָר צוריק, ווען די גאַנצע יידישע סאָציאַליסטישע און קולטור-געזעלשאַפטלעכקייט אין דער גרעסערער וועלט האָט מיט באַגייסטערונג געפייערט דעם 60-יאָריקן יובל פון דר. חיים זשיט-לאָווסקי, איז אין בערלין אויפגערופן געוואָרן פון דער צענטראַל-פאַרוואַלטונג פון דעם פאַרבאַנד „אָרט" אַ גרעסערע באַראַטונג מיט דעם אָנטייל פון כמעט אַלע היגע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַני-זאַציעס. אויף אָט דער באַראַטונג איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצו-געבן אַ ספּעציעלן זאַמלבוך, געווידמעט דעם יובילאַר. עס איז אויס-געטיילט געוואָרן אַ רעדאַקציאָנס-קאָלעגיע פאַר דעם צוועק אין אַ גרעסערן באַשטאַנד. מיט דער צייט האָט זיך די קאָלעגיע פאַרשמע-לערט ביז צו אַ באַשטאַנד פון פיר מיטגלידער: נ. גערגעל, א. די-זשור, ב. לאָקער, י. נ. שטיינבערג. צו זיי איז צוגעקומען שפּעטער ישראל רובין. ס'האָט זיך אָבער אַזוי געמאַכט, אַז נישט אַלע מיטגלידער אַפילו פון דער רעדאַקציאָנס-קאָלעגיע האָבן געקאָנט אויס-פילן די אַרבעט.

אויך מצד די אַלע פּערזאָנען, צו וועמען די רעדאַקציאָנס־קאָלעגיע האָט זיך געווענדעט נאָך אַרטיקלען פאַר דעם זאַמלבוך, איז נישט לייכט געווען צו באַקומען די געווונטשענע אַרבעטן. אמת, פון אַלע זייטן האָבן זיך אָפּגערופן פאַרשיידענע יידישע קולטור־טוער און פריינט־פאַרערער פון דר. זשיטלאָווסקי מיט דער אויפריכטיקער גרייטקייט צו באַטייליקן זיך אין זאַמלבוך. נישט אַלע האָבן זיי אָבער געקענט זייער ווונטש מיט דער נויטיקער גיכקייט רעאַליזירן. דאָס באַקומען פון אַרטיקלען האָט זיך דעריבער זייער פאַרצויגן.

מיר מיינען אָבער, אַז ס'איז קיינמאָל נישט שפּעט אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט מיט אַ זאַמלבוך געווידמעט חיים זשיטלאָווסקין. אַ שטיקל באַפרידיקונג פאַר אונז איז אויך דאָס, וואָס דער זאַמלבוך ווערט פאַרטיק פּסח־צייט, צו דר. זשיטלאָווסקיס (63־טן) געבורטסטאָג. מיר האָבן טאַקע פאַרזאַמט אויף גאַנצע דריי יאָר, אָבער אַלע זיינע פריינט זענען גליקלעך, וואָס זיי קענען אונטערטראָגן דידאָזיקע מתּנה דעם אַקטיוון און שעפערישן יובילאַר אין דריי יאָר אַרום נאָך זיין אָפיציעלן יובילײ.

• •

•

עטלעכע באַמערקונגען צו דער רעדאַקציע פון זאַמלבוך און דער פאַרטיילונג פון די מאַטעריאַלן אין אים:

די רעדאַקציע (די לעצטע צייט פון י. נ. שטיינבערג און ישראל רובין) האָט זיך געשטעלט מער טעכנישע, ווי אייגנטלעך־רעדאַקציאָנעלע צילן. מיר זענען דערביי, און דאַכט זיך מיט רעכט, אַרויסגעגאַנגען פון דעם, אַז יעדער וואָס וויל און האָט עפּעס וואָס צו זאָגן וועגן חשובן יובילאַר, דאַרף באַקומען פּלאַץ אין זאַמלבוך.

דער מאַטעריאַל איז פאַרטיילט אויף צוויי הויפּט־טיילן: 1. אַזעלכע אַרבעטן, וואָס באַרירן און באַהאַנדלען דירעקט דר. זשיטלאָווסקיס לעבן און פילזייטיקן שאַפן. און 2. אַרבעטן אויף פאַרשיידענע אַנדערע טעמעס, וואָס זענען געווידמעט זשיטלאָווסקין.

אַ ריי אַרטיקלען זענען פון אונז איבערגעדרוקט געוואָרן פון

אַנדערע אויסגאַבן. ש. ניגער האָט אַליין איבערגעקוקט און פאַרגרע-
סערט זיין אַרטיקל, וועלכער איז געווען געדרוקט פריער אין „צו-
קונפט”. דר. חיים זשיטלאָווסקיס: „פּראָגראַם פון דער פאַרטיי סאָ-
ציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן” איז איבערגעזעצט געוואָרן פון רוסישן
אָריגינאַל.

געוויס זענען אין זאַמלבוך פאַראַן פעלערן, געוויס איז ער
נישט אַזוי פולשטענדיק, ווי דער יובילאַר פאַרדינט עס. אָבער מיר
ווילן האָפן: סיי דר. זשיטלאָווסקי אַליין, סיי דער לייענער-עולם וועט
דעם זאַמלבוך אויפנעמען מיט דעמזעלביקן וואַרעמען אינטערעס און
געפיל, מיט וועלכן ער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן.

מיר ווינטשן חיים זשיטלאָווסקין אַ פרוכטבאַרע און שעפערישע
אַקטיוויטעט נאָך אויף לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

**י. נ. שטיינבערג**
**ישראל רובין**

בערלין, אפּריל 1929.



ד״ר חיים זשיטלאָווסקי
אויסגעפּערטיקט צום יובילעאום אין י. 1926

# חיים זשיטלאָווסקי

### אַ קורצער איבערבליק איבער זיינע זעכציק יאָר לעבן און שאַפן.

## 1. עלטערן און אורעלטערן

חיים זשיטלאָווסקיס זיידע פון פאָטערס צד, שניאור זלמן, איז געוועזן אין וויטעבסק אַן אָנגעזעענער באַלמעלאָכע, אַ קאָנדיטאָר, וואָס איז געוועזן פון אַלעמען באַליבט פאַר זיין גוטהאַרציקייט און פלעגט כסדר אויסגעקליבן ווערן אַלס סטאַראָסטע אין זיין צעך. ער איז נישט געוועזן קיין למדן, אָבער אַ ייד, אַ יודע ספר, פלעגט ליב האָבן צו לערנען אַ פרק משניות, אַ בלעטל עין-יעקב, אַריינקוקן אין אַ ספר יוחסין וכדומה. שניאור זלמנס פרוי, חיים זשיטלאָווסקיס באָבע, האָט געשטאַמט פון דער באַוווּסטער משפחה שטיינהאַרט, וואָס איז אַריבערגעקומען קיין רוסלאַנד פון דייטשלאַנד. ח. זשיטלאָווסקיס פאָטער איז, דאַכט זיך, אַ נאָמען נאָך איינעם פון די שטיינהאַרטס, דעם מחבר פון „זכרון יוסף“.

דער פאָטער פון חיים זשיטלאָווסקיס מוטער, משה ווייבשטיין, איז אין די מיטעלע און עלטערע יאָר געווען אַ חשובער פלאַקס-און ליין-סוחר און אַ מקורב באַם הויף פון ליובאַוויטשן רבין. אָבער גאָר אין די יונגע יאָרן, זאָגט מען, איז ער געווען אַ בלעכער, וואָס פלעגט וואַנדערן איבער די דערפער.

יוסף זשיטלאָווסקי, חיימס פאָטער, האָט געשטאַמט פון אַ מתנגדישער פאַמיליע. ער האָט געלערנט אין וואָלאָזשינער ישיבה, געשמט פאַר אַן עילוי, געהאַט סמיכה אויף הוראה. אין זיינע יונגע יאָרן, ווען ער איז געווען אויף קעסט באַ זיין שווער, האָט ער געהאַלטן אין אוישאַטשי אַ

שיעור. אונטער דעם איינפלוס פון זיין ווייבס משפחה, די חיינשטיינס, איז ער אינגיכן נאָך זיין חתונה געוואָרן א ליובאַוויטשער חסיד*).

ר' יוסף זשיטלאָווסקי איז געווען אַ באַגאַבטע פּילזייטיקע נאַטור מיט אַ קריטיש-דענקענדן קאָפּ, אַ קלאָרע לאָגיק, מיט אַ שטאַרקן כּוח מסביר צו זיין שווערע ענינים און צו מאַכן זיי קלאָר דורך געלונגענע משלים. ער האָט געהאַט אַ נייגונג צו פּאָעזיע און אַ ליבע און פאַר-שטענדניש פאַר מוזיק. זיין חסידישקייט האָט אים נישט געשטערט צו זיין היינטוועלטיק, צו לייענען ספרים חיצנים, צו באַזוכן טעאַטער און איבערצוזינגען אינדערהיים די אַריעס פון פאַרשידענע אָפּערעס. שבת פלעגט ער זיך אָפּט פאַרדאַווענען ביז שפּעט נאָך האַלבן טאָג און זיך קוויקן מיט ניגונים פון אַן אָפּערע. שפּעטער איז ער ביסלעכווייז געוואָרן (וואָרשיינלעך טאַקע טיילווייז אונטער דעם איינפלוס פון חיימען) אַלץ מער און מער פרייגעזאָנען און צו די עלטערע יאָרן איז ער שוין געווען נאָר ווייט פון אַ פרומען און האָט געהאַלטן, אַז פאָלגן בלינד דאַרף מען נאָר תורה שבכתב, וואָס איז „מן השמים", אָבער בנוגע אַנדערע דינים, וואָס זענען געמאַכט פון מענטשן, מעגן מיר אָנווענדן אונזער קריטישן פאַרשטאַנד.

ח. זשיטלאָווסקיס מוטער, חוה כאַסיע, איז געווען אַ רעליגיעזע נאַטור, האָט זיך אָבער אויך אויפגעפירט היינטוועלטלעך. זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט זיין קיין רביצין און האָט נישט דערלאָזט, אַז איר מאַן זאָל אָננעמען אַ רבנות-שטעלע, וואָס מען האָט אים פאָר-געשלאָגן.

---

*) זשיטלאָווסקי האָט מיר נישט לאַנג דערציילט אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס ער האָט געהערט פון זיין פאָטער. אין אַ וויכּוח וועגן עפּעס אַ דין, וואָס ר' יוסף זשיט-לאָווסקי האָט געהאַט מיט זיין שוואָגער מיכל וויינשטיין, האָט דער ערשטער אַרויסגענומען דעם רבינס שולחן-ערוך און באַוויזן, אַז דער רבי אַליין פּסקנט, ווי ער זאָגט. דער „פעטער מיכל", אַן אָנגעצונדענער, האָט אַ שליידער געטון דעם שולחן-ערוך אויף דר'ערד און אויסגעשריגן: „מען רעדט צו דיר מיט שכל, ברענגסטו מיר אַ ראיה פון אַ שטיקל פּאַ-פּיר!" דערדאָזיקער מוט און רעספּעקט פאַרן מענטשלעכן שכל האָט שטאַרק אימפּאָנירט דעם יונגן ר' יוספן און געהאָלפן אָריבערציען אים צו חסידות.

# קינדער-יאָרן

חיים זשיטלאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אסרו חג פסח, תר״כה, אין אושאַטשי, וויטעבסקער גובערניע באַ זיין זיידן ר׳ משה ווײַנשטיין אין הויז, ווו זיינע עלטערן זענען דעמאָלט געווען אויף קעסט. אין 1868, ווען חיים איז אַלט געווען דריי יאָר, האָט זיך ר׳ יוסף זשיטלאָווסקי, ווען ס׳איז געוואָרן ענג אין דער קליינשטעטלדיקער אַטמאָספערע, אַריבערגעקליבן קיין וויטעבסק, געקויפט דאָרטן אַ הויז אין „זאַרוטשעוויע״ און האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט וואַלד.

צו זעקס יאָר האָט מען חיימען אַוועקגעגעבן אין חדר. דאָס חדר האָט נישט איבערגלאָזט קיין גוטע דערינערונגען באַ זשיטלאָווסקין. אין זיינע קורצע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן, וואָס ער האָט נישט לאַנג צוריק אָנגעוואָרפן, שרייבט ער: „איך האָב נישט מיט וואָס צו דערמאַנען זיי (די חדר יאָרן) צום גוטן. שמוציקע חדרים, פאַנאַטיש טרוקענע רביים, טרוקענע גמרא מיט ר״שי און תוספות, אָן אַ ברעקל פּאָעזיע און עסטע-טיק, געלערנט אָן חשק, ווי אָפּצופּטרן אַ יאָך. באַ דער גמרא זיך געוויגט און מיינע געדאַנקען — ערגעץ אַנדערשווו״. נאָך מיט מער ביטערקייט דער-ציילט זשיטלאָווסקי וועגן חדר אין זיינע זכרונות וועגן ש. ז. ראַפּאָפּאָרט אַנסקין, וואָס האָבן זיך געדרוקט אין דער „צייט״, דעם אָרגאַן פון די אַמעריקאַנער פועלי-ציון אין 1920—1291. „מיט דעם יידישן חדר״, זאָגט דאָרטן זשיטלאָווסקי, „האָבן, נישט שלמה זאַנוויל נישט איך נישט געהאַט קיין גליק. די פּאָעזיע פון דעם חדר און דער ישיבה קען איך נאָר פון די באַשרייבונגען אין דער יידישער ליטעראַטור און פון געשפּרעכן מיט מענטשן, וועלכע האָבן זי דורכגעלעבט. איך בין אָפּט מקנא יענע יידן, וואָס קענען דערמאַנען צום גוטן זייערע חדר-יאָרן אָדער ישיבה יאָרן. אונזער חדר-צייט איז געווען די פינצטערסטע אין אונזער לעבן. דער למוד איז באַשטאַנען, כמעט דורכויס, פון דער טרוקענער גמרא. נישט קיין ת״נך, נישט קיין מדרש; אפילו דעם תרגום שני — דעם אַזוי רייכן מיט היסטאָ-ריש-טראַגישע בילדער — האָט מען מיט מיר נישט געלערנט. גמרא, גמרא, גמרא. ווי אויף אַ שאַרפשטיין האָט מען אָן איר געשאַרפט דעם

קינדערישן שכל, אַזש פונקען האָבן פון אים געשפּריצט. און דער רבי האָט דעם גאַנצן טאָג געדריקט דעם פּעדאַל און געטריבן דאָס ראָד פון ניין אַ זייגער אינדערפרי ביז ניין אַ זייגער אויף דער נאַכט... און טאָמער האָט דאָס יינגעלע נישט געוואָלט. מען זאָל זיין נשמה שאַרפן, ווי אַ שטיק שטאָל אָן דער שטיינערנער גמרא — איז דעמאָלט ווי געוועזן דעם יינגעלע: זיין יונג לייבעלע האָט געצאַפּלט אונטער דעם רבינס שניידנדע ריטער".

פאַרגעניגן האָט דער קליינער חיים געהאַט פון די קינדער־שפּילן מיט חברים. ער האָט אויך גרויס הנאה געהאַט פון די יום־טובים און שבתים און אַזוי אָוונטן אינדערהיים, ספּעציעל ווען זיין פאָטער פלעגט קומען צו פאָרן פון זיינע אָפטע נסיעות קיין ריגע און קעניגסבערג און פלעגט באַם גרויסן גאַסטפריינטלעכן עס־טיש פאַר זיין הויזגעזונט, קרובים, פריינט און אַזוי אורחים איבערגעבן אין אַ רייכער יידישער שפּראַך זיינע איבערלעבונגען אין וועג און אין די אייראָפּעישע כרכן. חיים פלעגט זיך מיט גרויס אינטערעס צוהערן צו די לעבעדיקע שילדערונגען, צו די מיט קלוגן הומאָר דורכגעוועבטע דערציילונגען, צו די איבערגעזונגענע אַריעס פון אָפּערעס און די ניגונים פון דעם ריגער חזן ראָזאָווסקין, מיט וועמען ר׳ יוסף איז געווען באַפריינדעט. אפילו צו די שמועסן אין דברי תורה און חסידות, וועלכע דער קליינער חיים האָט ווייניק פאַרשטאַנען, פלעגט ער זיך אויך אָפטמאָל צוהערן. דידאָזיקע אָוונטן, סעודות אין הויז, יום־טובים*) האָבן זיכער געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף זשיטלאָווסקיס אַנטוויקלונג. „דאָס הויז־לעבן, מיט אָט די אָפּטע סימפּאָזיאָנס, — נישט דער חדר — האָבן אין מיר אַוועקגעלייגט דעם פונדאַמענט פאַר מיין יידישקייט", שרייבט זשיטלאָווסקי אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן.

אַ חוץ דידאָזיקע דערציילונגען און שילדערונגען, האָט אויף זשיטלאָווסקיס יידישע דערציונג אין זיינע קינדער יאָרן געהאַט אַ באַדייטנדע ווירקונג אויך זיין פאָטערס פאַרלעזן אין העבראַיש און אין יידיש פון דער פּרעסע און פון דער ליטעראַטור: פון „הצפירה", „הקול", „הלבנון",

---

*) צוויי גרויסע סעודות זענען ספּעציעל פאַרבליבן אין זשיטלאָווסקיס זכרון: אַ סיום ה׳תורה און אַן אסיפה פון דער חברה „גמילות חסדים", וואָס זיין פאָטער האָט בעגרינדעט אין וויטעבסק.

„קול לעם" (אַ יידישע בײלאַגע צום „הקול"), פון י. ל. גאָרדאָנס „עולם כמנהגו", פון סמאָלענסקיס „התועה בדרכי החיים" און אַנדערע. פון די יידישע זאַכן זענען ספּעציעל פאַרבליבן אין זשיטלאָווסקיס זכּרון זײַן פאָטערס מײסטערהאַפט פאָרלעזן פון לינעצקיס „משולחת" און פון עפּעס אַ הומאָריסטישער „מעשה מיט שמענדרען" פון אַ בריוונשטעלער. חיים פלעגט אויך אַליין אַרײַנקוקן אין די השכּלה־ביכער, וואָס האָבן זיך געפונען צווישן די ספרים, אין דעם גרויסן אָנגעפּאַקטן ספרים־אַלמער. דאָרטן האָט ער אויך געפונען אַ פּעקל פון זײַן טאַטנס אײגענע כּתבים, דאָס רוב שירים פון זײַנע יאָרן אין וואָלאָזשין.

אין 1875 איז פאָרגעקומען אין לעבן פון די זשיטלאָווסקיס אַן איבערבײַט, וואָס האָט אַ קירעווע געטון חיימס לעבן אין אַ נײַער ריכטונג. ר' יוסף האָט געשמט פאַר אַ זעלטן פעיקן און רעיעלן סוחר, און מען האָט צו אים געהאַט גרויס צוטרוי, אין ריגע און אין קעניגסבערג. זײַנע וואַלד־געשעפטן זענען געגאַנגען גוט, און אין 1875 קלײַבט ער זיך אַרויס פון „זאַרוטשעוויע", פון זײַן הילצערן הויז און באַזעצט זיך אין דעם גבירישן פערטל, אין אַן אײגענער מויער, אין שלאָס־גאַס. דער לעבנס־שטײגער אין הויז ווערט אַ מער נגידישער. אַן „אַריסטאָקראַטישער". הגם די גאַסטפרײַנטלעכקייט הערט נישט אויף, ווערט דאָך אַן די אויפפירונג אין הויז דעם פריערדיקן חסידיש־דעמאָקראַטישן כאַראַקטער. בעת אין דעם קלײנעם הילצערנעם הויז איז אַלע מאָל געווען פּלאַץ פאַר אַלערלײ אָרימע קרובים, וואָס פלעגן אָפּווינען בײַ זײ חדשים־לאַנג, איז שוין אין דער גרויסער מויער, אויף שלאָסגאַס, פאַר די אָרימע קרובים קײן פּלאַץ נישטאָ. זײ פלעגן זיך דאַרפן אָפּשטעלן אין אַן אכסניה און נאָר קומען עסן צו די זשיטלאָווסקיס.

דאָס יידישקייט אין הויז ווערט אויך ביסלעכווײַז שוואַכער. די טראַדיציאָנעלע גרויסע חסידישע הוליאַנקע, וואָס עס פלעגט פריער אַלע יאָר פאָרקומען בײַ די זשיטלאָווסקיס יט" כּסליו, ווערט אָפּגעשוואַכט. ר' יוסף ווערט אַלץ מער דערווײַטערט פון חסידות. ער דווייקעט זיך שוין שבת בײַם דאַווענען ביז צוויי־דרײַ אַ זײגער נאָך האַלבן טאָג, ווײַנע יערלעכע נסיעות אויף סיכּות קיין ליובאַוויטש הערן אויף.

אין דעם נײַעם פערטל ווערט דער צעניעריקער חיים ביסלעכווײַז אָפּגעריסן אויך פון דער „שטיפערישער, ליאַרמדיקער, יידישער ייִנגל־נאַס". ער פאַלט אַרונטער אונטער דער רוסיפיצירנדיקער השפּעה פון דער ײַיכערער יוגנט, וואָס גייט שוין דאָס רוב אין גימנאַזיע. אײגעם פון די

דאָזיקע קליינע „רוסיפיקאַטאָרס" דערמאָנט זשיטלאָווסקי אין זיינע זכרונות וועגן אַנסקין. „אין דער שלאָסגאַס איז אינמיטן פון די זיבעציקער יאָרן געווען צווישן די אָנפירער פון דער „ווייסער חברה", איינער אַ ביסקע הייקין, וואָס איז שוין אין 1876 געווען אַ גימנאַזיסט פון ערשטן קלאַס. ער האָט איינגעפירט צוויי שפּילן, וואָס האָבן סוף־כּל־סוף אַרויסגע־שטופּט די אַנדערע: דעם „פּאַראַד" און די „גימנאַזיע". אין דעם „פּאַראַד" האָבן מיר זיך געמושטירט און ביסקע איז געווען דער גענעראַל, וואָס פלעגט נאָכמאַכן מיט אַלע פּיטשעווקעס די האַוואַיעס און תנועות פון דעם אמתן גענעראַל, ווי מיר האָבן אַלע געקאָנט זען אין די פּאַראַדנע טעג. אין דער „גימנאַזיע פלעגן מיר אַלע זיצן אויף בענקלעך פון ברעטער (ערגעץ־ווו, אין אַ נאָך פּאַרטיק אויסגעבויט הויז) ווי אין אַן אמתער קלאַס און ביסקע פלעגט מיט אַלע פּיטשעווקעס פון אַן אמתן לערער טאַקע אויף אַן אמתן לערנען, אי לייענען, אי שרייבן, אי רעכענען — אַלץ אויף רוסיש".

אין דעמזעלבן יאָר דינגט מען פאַר חיימען אַ גוייִשן לערער, וואָס לערנט אים אויס רוסיש און פלאַנצט אין אים איין אַ ספּעציעלע ליבע צו גאָגאָלן. אמת, חיים גייט נאָך אַלץ אין חדר, און אַ שעה אין טאָג פון דער חדר־צייט לערנט ער זיך שרייבן העברעאיש (ער פלעגט מיט זיינע ווערטער איבערגעבן דעם אינהאַלט פון „אָנקעל טאָם", לויט דער יידישער באַאַרבעטונג פון א. מ. דיק), אָבער די רוסישע שפּראַך און ליטעראַטור הייבן אָן אין די יאָרן 1876—1877 צו פאַרנעמען אַלץ מער און מער דעם הויפּט־פּלאַץ אין חיימס גייסטיקן לעבן. זיין פאָטערס אַ יונגע שוועסטער, די מומע שפרה, צו וועלכער דער קליינער חיים איז געווען שטאַרק צו־געבונדן, באַקאַנט אים מיט דער ראַדיקאַלער בעלעטריסטיק. ער ווערט פאַרכאַפּט פון די טענדענציעזע ראָמאַנען פון אַ מיכאַילאָוו, מאַרדאָווצעוו און פון אַמולעווסקיס „שאַג זאַ שאַגאָם". הגם פון ריין קינסטלערישן שטאַנדפּונקט זענען דידאָזיקע ראָמאַנען בעוויס נישט געשטאַנען אויף אַ זייער הויכער מדרגה, האָבן זיי דאָך געהאַט אַ געוואַלטיק גרויסן איינפלוס אויפן וואַקסנדיקן דור אין די 70־ער און 80־ער יאָרן, וועקנדיק אין די עמפּינדלעכע יונגע נשמות אַ דראַנג נאָך העראָישע טאַטן און אַ קאַמף־לוסט אַנטקעגן דעם אַלטן און אָפּגעלעבטן.

אויך אויף זשיטלאָווסקיס אַנטוויקלונג האָבן דידאָזיקע ראָמאַנען געהאַט אַ שטאַרקע השפעה און האָבן געגעבן דעם ערשטן שטויס אויפצוּוועקן אין אים דעם קעמפער. אין דער סביבה און אונטער די



הרב ר׳ יוסף זשיטלאָווסקי, ד״ר חיים זשיטלאָווסקיס פאָטער,
אין זיין קאבינעט

אומשטענדן, אין וועלכע ער האָט זיך דעמאָלט געפונען, האָט זיך באַטיר־לעך דער ערשטער קאַמף אָנגעהויבן אַנטקעגן דעם דרוק פון דער רעליגיע.

קיין אינערלעכן שטאַרקן קאַמף מיט דעם רעליגיעזן גלויבן האָט זשיטלאָווסקי אין זיין קינדהייט נישט דורכגעמאַכט. באמת פרום איז ער אויך אין דער קינדהייט קיינמאָל נישט געווען (רעליגיעזע שטימונגען זענען אין אים אַרויסגעשוווּמען אויך שפּעטער, ווען ער איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער). אין שול פלעגט ער גיין אָפּדאַווענען, נאָר כדי אַראָפּצופּטרן אַן אומאַנגענעמען חוב. אויף די אַלע מצוות און עבירות, וואָס האָבן באַגלייט יעדן טריט אין דעם יידישן הויז, האָט ער געקוקט ווי אויף אַן אָנשיקעניש. פון אַ געזונטער שטיפערישער יינגלשאַפט איז ער, אַן אינעווייניקסטע ראַנגלעניש, אַריינגעוואַקסן אין אַ בחורשאַפט, דורכגעדרונגען מיט אַ גלויבן אין אַלמענטשלעכע פּראָגרעסיווע אידעאַלן פון פרייהייט און גערעכטיקייט, אין דער חשיבות פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט און דעם מאָראַלישן חוב צו קעמפן פאַר די אייגענע אידעאַלן. אַזוי ווי דידאַזיקע אידעאַלן זענען געשעפט געוואָרן פון ביכער, געשריבן אין דער רוסישער שפּראַך, אין וועלכע די העלדן זענען געווען רוסן, האָט דאָס אים אַלץ מער און מער אָוועקגעצויגן אין דער רוסישער גייסטיקער וועלט. דאָס גאַנצע יידישקייט האָט זיך ביסלעכווייז אָפּגערוקט אין הינטערגרונט, פון דעם אויסערלעכן שאַלעכץ פון רעליגיעזע דינים און מנהגים האָט ער זיך אָן גרויסע שוועריקייטן באַפרייט. דערדאָזיקער פּראָצעס איז אים אָנגעקומען לייכטער אַ דאַנק דעם, וואָס דער טאַטע זיינער איז דאָס רוב געווען נישט אינדערהיים און די מאַמע, וואָס האָט איר חיימען וייער ליב גינהאַט, האָט אים אין אַלץ נאָכגעגעבן און פלעגט זיך כמעט אַלע מאָל שטעלן אויף זיין זייט.

צו זיין בר־מצוה האָט זשיטלאָווסקי נאָך געהאַלטן אפילו אַ דרשה אויף דער טעמע „איטר יד ימינו“, אין וועלכער ער האָט פאַר אַן עולם, וואָס איז געקומען צו דער גרויסאַרטיקער סעודה, מיט דער זעלטע־נער חריפות און בקיעות פון „שעגת אריה“, זיך געפּלפּולט וועגן דער ווייער וויכטיקער פראַגע, אויף וועלכער האַנט דאַרף אַ געלינקטער לייגן תפילין. אין האַרץ אָבער האָט חיים, וואָס האָט זיך שוין דעמאָלט גענומען שניידן אויף לינקס, וואָרשיינלעך געטראַכט, אַז אַ „געלינקטער“ טאָר גאָרנישט לייגן קיין תפילין, נישט אויף דער רעכטער, נישט אויף דער לינקער האַנט.

גראָד אין דעם טאָג פון זיין בר־מצווה האָט זיך זשיטלאָווסקי צופעליק באַקאַנט אין גאַס מיט שלמה זאַנוויל ראַפּאָפּאָרט (אַנ־סקי), וועלכער איז דערנאָך געוואָרן זיין נאָענטסטער חבר און פריינט אויפן גאַנצן לעבן. די צוויי יונגע בחורימלעך האָבן פון דער ערשטער באַגעגעניש דערפילט אַ צוציִונגס־קראַפט איינער צום צווייטן. חיים האָט איינגעלאַדן שלמה זאַנווילען צו זיין בר־מצווה, און זייער פריינטשאַפטלעכע חברשאַפט האָט פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן איר גינסטיקע השפעה אויף זיי ביידע. חיים, דער יונגערער, איז דעמאָלט געווען דער מער אַנטוויקלטער, דערהויפּט אין דער רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור. ער הייבט אָן צו לערנען מיט זיין נייעם חבר רוסיש און די אַנדערע לימודים פון די ערשטע קלאַסן גימנאַזיע, און דאָס פאַרכאַפּט אים אַזוי, אַז ער פאַרלאָזט די גאַס־שטיפע־רייען און גיט זיך אָפּ אינגאַנצן דעם לערנען מיט שלמה זאַנווילען. ביז צו אַ געוויסן גראַד איז דאָס אַפּנים פאַר חיימען צוערשט געווען אויך אַ מין שפּיל אין קלאַסן ווי באַ ביסקען. אין זיינע זכרונות וועגן אַנסקין שרייבט זשיטלאָווסקי: „אָט אָ די שפּיל־לוסט, צו זיין אַ לערער, האָב איך איבער־געטראָגן אויף אים. ער האָט מיך אינגאַנצן אַרויסגעצויגן פון דער גאַס, אינגאַנצן איינגענומען פאַר זיך אַליין: ער איז געוואָרן מיין קלאַס".

ווי עס זעט אויס, איז דער תלמיד ווערט געווען דעם רבין. אין גאָר אַ קורצער צייט האָט שלמה זאַנוויל איבערגענומען די גאַנצע קענטניש פון זיין יונגן רבין און זיי האָבן ביידע גענומען בהתמדה לייענען די זעלבע ליטעראַטור. אין די ערשטע פינף יאָר פון זייער פריינטשאַפט, וואָס זיי האָבן ביידע פאַרבראַכט אין וויטעבסק, האָבן זיי איינעם דורכ־געמאַכט דעם ערשטן פּעריאָד פון זייער אינטעלעקטועלער יוגנטלעכער אַנט־וויקלונג. „געמיינשאַפטלעך פאַר אונז", שרייבט זשיטלאָווסקי אין די אויבן דערמאָנטע זכרונות, „זענען די יאָרן געווען אַ געמיש פון ייִנגלישע שטיפערייען און קונדסערייען און אין דערזעלביקער צייט פון אַזאַ הייסן דראַנג צו בילדונג און וויסן, פון אַזעלכע האָפערדיקע דערוועגונגען אויף דעם פעלד פון פרייען דענקען, אַז איך הייב איצטער אַליין אָן צו קוקן מיט אַ געפיל פון דרך ארץ אויף אונזערע שטיפערישע ייִנגלישע יאָרן".

אין דער ערשטער צייט רעדן נאָך זשיטלאָווסקי און ראַפּאָפּאָרט צווישן זיך מער ייִדיש. זיי לייענען אויך אַמאָל אַ ייִדיש בוך און זיי הייבן אַפילו אָן אַרויסצוגעבן אין ייִדיש אַ געשריבענעם זשורנאַל אונטער

דעם נאָמען „וויטעבסקער גלעקלעך״. אומגעפער צו יענער צייט, אָדער אַ ביסל שפּעטער, האָט שלמה זאַנוול אָנגעשריבן אין יידיש אַ פּיעסע אין זי פאַרגעלייגט אַדלערן, וואָס האָט דעמאָלט געשפּילט טעאַטער אין וויטעבסק. אַדלער איז מרוצה געווען זי צו שטעלן. ער האָט אָבער געוואָלט מאַכן זי „סצעניש״ און אַריינפירן אין איר לידלעך מיט טענץ. ראַפּאָפּאָרט האָט זיך מישב געווען מיט זשיטלאָווסקין און זיי האָבן באַשלאָסן נישט אָנצונעמען דעם תּנאַי. ביסלעכווייז ווערט אָבער רוסיש אינגאַנצן זייער שפּראַך און יידיש ווערט גערעדט נאָר מיט די עלטערן.

## 3. די ערשטע יוגנט־יאָרן

אין 1879 קומט זשיטלאָווסקי אָן אין גימנאַזיע. צווישן די תּלמידים פון דער וויטעבסקער גימנאַזיע האָט אין יענע צייטן געהערשט אַ שטאַרק ראַדיקאַלער גייסט. דער דעמאָלטיקער דירעקטאָר, שעפּלער, אַן אמתער ליבעראַלער מענטש, האָט דערויף געקוקט צווישן די פינגער. ער איז אויך געווען נישט קיין מדקדק אויף דער עלטער פון די תּלמידים און פלעגט צולאָזן אפילו שוין גאַנץ דערוואַקסענע בחורים אין די ערשטע קלאַסן. אין דער דריטער קלאַס, אין וועלכער דער פערצעניעריקער חיים איז אָנגעקומען, זענען געווען אויך 18—19 יעריקע תּלמידים, צווישן זיי עטלעכע, וואָס האָבן גענומען אַן אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איינער פון די אַקטיווסטע צווישן די גימנאַזיסטן איז צו יענער צייט געווען חיים ראַטנער, וועלכער האָט אַ ביסל שפּעטער געמוזט אַנטלויפן קיין אויסלאַנד ווי אַ פּאָליטישער עמיגראַנט. אַ קורצע צייט האָט זיך זשיטלאָווסקי געפונען אונטער זיין השפּעה, דער עיקר בנוגע דער שטעלונג צום יידישן פאָלק. זשיטלאָווסקי איז נאָך דעמאָלט נישט אַריין אינגאַנצן אין זיין אַסימיליאַטאָרישן פּעריאָד. ער פלעגט לייענען מיט אינטערעס דעם „רוסקי יעווריי״, דעם „ראַזסוויעט״ און „דעם וואָסכאָד״. ראַטנער פלעגט אים כסדר זוכן צו באַווייזן דעם רעאַקציאָנערן און עקספּלואַטאַטאָרישן כאַראַקטער פון דעם יידישן לעבן.

זשיטלאָווסקי ווערט אַלץ מער און מער פאַרכאַפּט פון דער רוסישער ליטעראַטור. פון די טענדענציעזע ראָמאַנען גייט ער איבער צו די

אמת קינסטלערישע גרויסע ווערק פון אַ טורגעניעוו, גאָנטשאַראָוו, טאָלסטאָי, דאסטאָיעווסקי. ער ווערט אויך מיטגעריסן פון דער רוסישער פּאָעזיע און הייבט אָן אַליין צו שרייבן שירים אין רוסיש, פון וועלכע עטלעכע זענען געווען דערנאָך געדרוקט. ער פּאַראינטערעסירט זיך אויך מיט דער רוסישער ליטעראַרישער קריטיק, צוערשט מיט בעלינסקין, דערנאָך מיט פּיסאַרעוון און דאָבראָליובאָוון. יעדעס ביכל פון דעם חודש-זשורנאַל „אָטעטשעסטווענייאַ זאַפּיסקי”, וואו די בעסטע ראַדיקאַלע שרייבער האָבן זיך גרופּירט אַרום ג. ק. מיכײלאָווסקין, ווערט געלייענט מיט אַ באַזונדערן אינטערעס. אינאיינעם מיט דער לעגאַלער ליטעראַטור לייענט זשיטלאָווסקי אויך די האַלב לעגאַלע ווערק פון טשערנישעווסקין, לאַסאַלן, און גייט באַלד איבער צו די גאַנץ אומלעגאַלע אויסגאַבן פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” און דעם „טשאָרני פּערעדיעל”.

אונטער דעם איינפלוס פון דער ליטעראַטור און פון דער גאַנצער אַטמאָספערע, וואָס האָט געהערשט אין די ערנסטע קרייזן פון דער וויטעבסקער יוגנט, ווערט זשיטלאָווסקי אַלץ מער און מער דורכגעדרינגען מיט רעוואָלוציאָנערע אידעען. אין 1881 איז ער שוין אַן איבערצייגטער סאָציאַליסט, וואָס באַטראַכט פאַר זיין חוב אַוועקצוגעבן אַלע זיינע קרעפטן דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. ווי פאַר דער גאַנצער רעוואָלוציאָנערער יוגנט פון יענער עפּאָכע — איבערהויפּט פאַר דער יידישער — ווערט אויך פאַר דעם זעכצניעריקן זשיטלאָווסקין קאָסמאָפּאָליטיזם אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך. יידישע ענינים הערן אים אויף אַ ווײַלע לחלוטין אויף צו אינטערעסירן.

נאָך אַ קורצן אָבער האַרטנעקיגן קאַמף מיטן פאָטער, קעמפט פאַר זיך זשיטלאָווסקי אויס פולע רעליגיעזע פרייהייט און זעלבסשטענדיקייט אין אַלגעמיין. דאָס טראָגט אַריין די ערשטע צייט אַ שטאַרקע אָפּגעפרעמדקייט צווישן פאָטער און זון. אין 1880 טרעט זשיטלאָווסקי אַרויס פון גימנאַזיע און אין 1881 פאָרט ער אַוועק קיין טולע. ער געפינט נאָך דאָרט די שיריים פון דעם נאַראָדאָוואָלישן קרייזל, וואָס אָסיפּ מינאָר האָט דאָרט געהאַט אָרגאַניזירט. און אינאיינעם מיט עטלעכע איבערגעבליבענע טוער פירט ער אָן די פּראָפּאַגאַנדיסטישע באַוועגונג צווישן דער יוגנט.

אין טולע איז זשיטלאָווסקי אינגאַנצן אָפּגעריסן פון אַ יידישער סביבה און פון דער יידישער שפּראַך. און דאָך דערוועקט זיך דאָרטן אין אים באַלד צוריק דער ייד און ער הייבט אָן צו טראַכטן וועגן דעם מהות און דעם גורל פון זיין פאָלק. דער דעמאָלטיקער נאַראָדאָוואָלישער

קוק אויף יידן, בלויז ווי אויף עקספלואַטאַטאָרס און דער געדאַנק, אַז פּאָגראָמען זענען דער אָנהייב פון אַ רעוואָלוציע, זענען אים דערווידער. אין זיין האַרץ הייבן אָן צו רעדן נאַציאָנאַלע געפילן. אַ געפיל פון שטאָלץ, ווען ער טראַכט וועגן די יידישע גרויסע גייסטער. ספּעציעל וועגן זייער ראָלע אין דעם אַלוועלטלעכן סאָציאַליזם. דעם שטויס צו דערדאָזיקער ווענדונג אין זשיטלאָווסקיס דענקען און פילן האָבן געגעבן די אַרטיקלען וועגן דער יידן-פראַגע אין זשורנאַל „סעווערני וויעסטניק", סאַלטייקאָווס אַרטיקל „יולסקיאַ ווייאַניאַ", אין די „אָטעטשעסטווענייאַ זאַפּיסקי", און דער עיקר די קאָרעספּאָנדענציעס אין „ראַזסוויעט" וועגן די ב"ילוצעס, וואָס פירן אין ארץ ישראל אַ האַראָפּאַשנע לעבן אויף קאָמוניסטישע יסודות. דער געדאַנק, אַז דאָס לעבן פון דעם יידישן פאָלק מוז איבער-געבויט ווערן אויף די יסודות פון אַרבעט בכלל און ערד-אַרבעט בפרט, דרינגט שוין דעמאָלט אַריין אין זיין נשמה. זשיטלאָווסקי דערפילט יענע סאָלידאַריטעט מיט זיין פאָלק און די פּערזענלעכע אחריות פאַר זיין גורל, וואָס האָט פון דעמאָלט אָן תמיד געלעבט בא אים אין האַרץ.

אין 1883 קערט זיך זשיטלאָווסקי צוריק אַהיים קיין וויטעבסק אין אַ „מטושטשן גייסטיקן צושטאַנד". ער קאָן נאָך נישט באַשליסן וואָס צו טון, צו וועמען צוצושטיין. דעם זומער פאַרברענגט ער בא דעם פעטער מיכלען, וואָס האָט דעמאָלט געהאַלטן לעבן אוסאַטשי אַ הויף אין אַרענ-דע. דאָ פאַלט ער צוריק אַריין אין אַ יידישער סביבה. ער אינטערעסירט זיך שטאַרק מיט דער חובבי ציון-באַוועגונג, לייענט דעם „המליץ". לי-ליענבלומס אַרטיקלען מאַכן אויף אים אַ שטאַרקן רושם. (איינער פון ליליענבלומס אַרטיקלען: „הלאומיים ומתנגדיהם" האָט זיך אַזוי אַריינ-געשניטן אין זיין זכרון, אַז זשיטלאָווסקי געדענקט נאָך איצטער נישט נאָר דעם אינהאַלט, נאָר גאַנצע זאַצן פון דעמדאָזיקן אַרטיקל).

אין הערבסט קומט זשיטלאָווסקי צוריק קיין וויטעבסק. דאָס הויז איז פול מיט ארץ ישראל. אין חיימס צימער הענגט אַ לאַנדקאַרטע פון פּאַלעסטינע, זיין ברודער, באָריס, רעדט וועגן „קאָלאָניעס". דער זיידע טראַכט צו פאָרן קיין ירושלים, וואו עס וואוינען עטלעכע פון זייערע קרובים, די שטיינהאַרדס, און שלאָגט פאָר חיימען, ער זאָל מיטמאַכן מיט אים די נסיעה. אין ווינטער 4—1883 קומט צו פאָרן דער פאָטער פון ריי-גע און ברענגט מיט זיך די פּרטי-כּלל פון דעם קאַטאָוויצער צוזאַמענפאָר און אַנדערע דאָקומענטן וועגן דער חובבי ציון-באַוועגונג. ר' יוסף האָט

שוין דעמאָלט צוריק שלום געמאַכט מיט היימען, וועמעס גייסטיקע כוחות און ערנסטקייט האָבן אים שטאַרק אימפּאָנירט. ער דערציילט זיין זון אליך וואָס ער האָט געהערט וועגן דער פּאַלעסטינאָפּילישער באַוועגונג. זשיטלאָווסקין ציט שטאַרק צו חובבי ציון. דער טייל פון די פּראָטאָקאָלן, וואָס ווייזט אָן אויף דעם שטאָטישן אומפּראָדוקטיוון לעבן פון די יידן, ווי אויף איינער פון די הויפּט-אורזאַכן פון די פּאָגראָמען און זעט אין דעם אומקער צו ערד-אַרבעט די רפואה אַנטקעגן דעם אַנטיסעמיטיזם, איז אים זייער סימפּאַטיש. אָבער דער רעליגיעזער אַנטירעוואָלוציאָנערער כאַראַקטער, וואָס די חובבי-ציון-באַוועגונג האָט באַלד אָנגענומען, און דער פּאַקט, וואָס אויף דער שפּיץ פון דער באַוועגונג אין וויטעבסק איז דעמאָלט געשטאַנען אַ זייער אומסימפּאַטישער רעאַקציאָנערער מענטש, שטויסט אים פון איר אָפּ.

גראָד דעמאָלט זענען קיין וויטעבסק אָנגעקומען לאַכאָוו, דוכאָוויטש און אַנדערע נאַראָדאָוואָלצעס (אַלע נישט יידן), וואָס מען האָט נישט לאַנג אַרויסגעלאָזט פון תפיסה און געשיקט קיין וויטעבסק וואַרטן אויף זייער אורטייל. אַ דאַנק זיי לעבט אויף די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין וויטעבסק. עס אָרגאַניזירט זיך אַ נאַראָדאָוואָליש קרייזל, אין וועלכן זשיטלאָווסקי טרעט אַריין.

די יידישע פּראַגע הערט אָבער נישט אויף צו עגבערן באַ זשיטלאָווסקין אין האַרץ. ער טראַכט שטאַרק וועגן איר און אפילו אין זיינע לאַנגע שמועסן מיט דוכאָוויטשן באַרירט ער זי אָפּט. עס אַרבעט זיך באַ אים אויס אַן אייגענער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער שטאַנדפּונקט: די פולע יידישע גאולה וועט קומען מיט דער רעוואָלוציע, צו וועלכער עס שטרעבט די נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ. דעריבער דאַרפן מיר, יידן, העלפן אויפלעבן די טעטיקייט פון דער פּאַרטיי. דערווייל דאַרפן מיר פאָדערן נישט „גלייכע רעכט", וואָס דאָס מיינט, דער עיקר, דאָס רעכט צו האַנדלען אומעטום, נאָר, „רעכט אויף אַרבעט, דערציונג און אויף אַן אייגענער קולטורעלער אַנטוויקלונג". דערצו דאַרף מען צוגרייטן דאָס פאָלק דורך ליטעראַטור אין דער יידישער שפּראַך, אין „זשאַרגאָן", לויט דער אַלגעמיינער און אויך זשיטלאָווסקיס דעמאָלטיקער טערמינאָלאָגיע. די ערשטע צייט איז זשיטלאָווסקי, וואָס האָט זיין יידיש שוין דעמאָלט געהאַט כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן און האָט געשריבן העברעיש גרינגער ווי יידיש, געווען אין ספק, אין וועלכער פון די צוויי שפּראַכן דאַרף דידאַקטישע ליטעראַטור דערשיינען. ער איז אָבער באַלד געקומען צו דעם שלוס,

אַז זי מוז זיין אין דער שפּראַך, וואָס די גרויסע מאַיאָריטעט פון דעם יידישן פאָלק רעדט און פאַרשטייט.

צוערשט טראַכט זשיטלאָווסקי אָנצופירן אַ פּראָפּאַגאַנדע אין דערדאַזיקער ריכטונג לעגאַל. ער וויל גרינדן פאַר דעם צוועק אַ פאַרלאַג אין וואַרשע, אויב מעגלעך, אינאיינעם מיט אַ חודש־זשורנאַל. אין אָנהייב 1885 שלאָגט ער פאָר דעם פּלאַן דעם פאָטער, בא וועמען ער האָט צו קריגן די דערצו בייטיקע געלט־מיטלען. ר׳ יוסף דענקט, אַז דער פּלאַן איז נישט קרום. ער וויל זיך אָבער פריער מישב זיין וועגן דעם ענין מיט זיינס אַן אַלטן גוטן פריינט אין סמאָלענסק. חיים פאָרט מיט מיטן פאָטער קיין סמאָלענסק. דערדאָזיקער פריינט, אַ געוויסער אַדוואָקאַט מ. גראַד, איז דעמאָלט ערשט געהאַט געקומען פון אַ לאַנגער רייזע איבער אייראָפּע. אין זיין לאַנגן שמועס האָט ער געמאַכט צו גאָרנישט די גאַנצע אייראָפּעישע ציוויליזאַציע, געזאָגט, אַז אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און אויף רוסלאַנד בכלל האָבן די יידן נישט וואָס צו האָפן, אַז די איינציקע רעטונג איז ארץ ישראל. גראַדס מיינונג האָט פאַר ר׳ יוסן געהאַט אַ סך צו זאָגן און ער איז אינגאַנצן אָפּגעקילט געוואָרן צו זיין זונס פּלאַן.

זשיטלאָווסקי באַשליסט צו גרינדן אַ געהיימע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע מיט דעם צוועק צו פּראָפּאַגאַנדירן צווישן די יידן זיינע אידעען. סוף ווינטער האָט ער שוין געהאַט אין וויטעבסק אַ קליין קרייזל פאַר דעם צוועק. ער האָט ווי עס איז אָנגעשריבן אין יידיש אַ פּאָר אַרטיקלען, אין וועלכע ער האָט אַרויסגעברענגט זיינע געדאַנקען וועגן דער וויכטיקייט פון דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף פאַר יידן און וועגן דער נויטווענדיקייט פאַר זיי איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, הויפּטזעכלעך צו ערד־אַרבעט. ער האָט אויך איבערגעזעצט עטלעכע אַרטיקלען פון דער צייטונג „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און פון דעם „וויעסטניק נאַראָדנאָי וואָלי“. עס איז שוין געווען צוגעגרייט אַ העקטאָגראַף. עס איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן, אַז די נאַציאָנאַל־רעוואָלוציאָנערע יידישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געדאַרפט טראָגן דעם נאָמען „תשועת ישראל“, זאָל אַרויסטרעטן ווי אַ טייל פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ. דערצו האָט מען, נאַטירלעך, געדאַרפט האָבן דעם הסכם פון דער פּאַרטיי. גראָד איז צו יענער צייט געקומען קיין וויטעבסק אַ זייער וויכטיקער נאַראָדאָוואָלעץ, אַ קריסט, וועמענס נאָמען עס איז ביז צום היינטיקן טאָג זשיטלאָווסקין געבליבן אומבאַוווּסט. זשיטלאָווסקיס פּלאַן און זיין גאַנצער בליק אויף דער יידן־פראַגע איז

דעמדאָזיקן רעוואָלוציאָנער שטאַרק געפעלן געוואָרן און ער האָט זיך אונ־טערגענומען איבערצוגעבן זשיטלאָווסקיס מעמאָראַנדום וועגן דעם ענין דעם „איספּאָלניטעלני קאָמיטעט", וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אין דרום־רוסלאַנד.

אין אָנהייב 1886 האָט זשיטלאָווסקי באַקומען די טרויעריקע בשורה, אַז דער איספּאָלניטעלנער קאָמיטעט האָט זיין פּראָיעקט נישט אָנגענומען מחמת זיינע „נאַציאָנאַל־סעפּאַראַטיסטישע" טענדענצן. דערביי האָט דער שליח אין זיין בריוו אויסגעדריקט זיין פאַרוווּנדערונג, וואָס גראַד די יידן אין קאָמיטעט זענען געווען קעגן דעם פּראָיעקט.

דערדאָזיקער עפּיזאָד האָט אַ שטויס געטון זשיטלאָווסקין אין דער ריכטונג פון יענער טעטיקייט, וואָס ווערט שפּעטער איינע פון זיינע וויכ־טיקסטע אויפגאַבן: דער קאַמף אַנטקעגן דעם קאָסמאָפּאָליטיזם אין דער אַסימילאַציע. ער האָט איינגעזעען, אַז צוערשט מוז מען ווירקן אויף דער יידישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, זי זאָל איבערבייטן איר בליק אויף דעם יידישן פאָלק. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז כדי צו אַרבעטן אין דער ריכטונג, מוז ער צוערשט גוט באַקאַנט ווערן מיט דער יידישער געשיכטע. אַ ספּעציעלן אינטערעס צו דער יידישער געשיכטע האָט צו דער זעלביקער צייט בײַ זשיטלאָווסקין דערוועקט אויך אַ שמועס מיט זיין זיידן ר' שניאור זלמנען, וועלכער האָט שוין דעמאָלט געהאַט אויפגעגעבן זיינע געשעפטן און האָט געוווינט בײַ זיין זון ר' יוספן אין הויף. דער שמועס איז געווען וועגן יידישקייט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. חיים האָט געגומען באַווייזן זיין זיידן די וויכטיקייט און יושרדיקייט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. דער זיידע האָט דערויף געענטפערט, אַז סאָציאַליזם גייט שוין גאָרנישט להיפּוך צו די יסודות פון דער יידישער אמונה. ער האָט אָנגעוויזן אויף געוויסע פסוקים בײַ די נביאים, אויף דער סעקטע פון די איסיים, און האָט בײַ דער געלעגנהייט איבערגע־לייענט פאַר זיין אייניקל געוויסע שטעלן פון „ספר יוחסין" וועגן די איסיים. „דאָס איז פאַר מיר געווען אַן אמתע איבעראַשונג", פאַרענדיקט זשיטלאָווסקי זיין דערציילונג וועגן דעם עפּיזאָד.

זשיטלאָווסקי באַשליסט צו פאָרן קיין פּעטערבורג און אַרבעטן דאָרטן אין דער ביבליאָטעק אויף די פּראָבלעמען פון נאַציאָנאַליטעט און פון דער יידישער געשיכטע. אַ טייל פון הערבסט 1886 פאַרברענגט זשיטלאָווסקי אין ריגע, וווּהין זיין פאָטער פלעגט אַלע יאָר קומען אויף ווינטער. דאָרט באַקאַנט ער זיך דורך זיין פריינט שמואל גורעוויטשן

מיט אַ גרופּע סטודענטן פון פּאָליטעכניקום, אָרגאַניזירט זיי אין אַ נאַראָדאָוואָלישן קרייזל, און שיקט זיי שפּעטער פון פּעטערבורג רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור.

## 4. אין פּעטערבורג. זיין ערשטע אַרבעט.

מיט רעקאָמענדאַציעס פון איין זייט צו עטלעכע אָנגעזעענע יידישע געלערנטע (ווי א. הרכבי, ראַבינאָוויטש, דער רעדאַקטאָר פון „רוסקי יעווריי"), און פון דער אַנדערער זייט צו רעוואָלוציאָנערע טוער, איז זשיטלאָווסקי סוף 1886 געקומען קיין פּעטערבורג און האָט זיך מיט דעם גאַנצן יוגנטלעכן ברען פון זיין נשמה אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט. אַ טייל פון זיין צייט האָט ער אָפּגעגעבן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, און די גאַנצע איבעריקע צייט האָט ער געאַרבעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער התמדה אין דער קייסערלעכער ביבליאָטעק. אין אַפּריל 1887 איז ער פּאַרטיק געוואָרן מיט זיין ערשטער וויסנשאַפטלעכער אַרבעט אויף דעם פעלד פון דער יידישער געשיכטע. ער האָט פּאַרגעלייענט דעם מאַנוסקריפּט ל. סלאָנימסקין, דעם רעדאַקטאָר פון „ווי'עסטניק יעווראָפּי". סלאָנימסקי האָט די אַרבעט געפונען פאַר וויכטיק, הגם מיט דעם מחברס אויספירונגען האָט ער נישט מסכים געווען. לויט סלאָנימסקיס עצה האָט זשיטלאָווסקי דעם ספר אַ נאָמען געגעבן; „מיסלי אָב איסטאָרימשעסקיך סודבאַך יעוורעיסטוואַ" („געדאַנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פון דעם יידנטום").

אין פּעטערבורג האָט זשיטלאָווסקי אויך אָנגעהויבן שטודירן דאָס פּראָבלעם פון נאַציאָנאַליטעט. ל. סלאָנימסקי האָט אים געהאָלפן אויסקלויבן די וויכטיקסטע אַרבעטן וועגן דעם ענין.

קיין לעגאַלע רעכט צו וווינען אין פּעטערבורג האָט זשיטלאָווסקי נישט געהאַט. דורך פּאַרשידענע קונצן האָט זיך אים דאָך איינגעגעבן צו פּאַרבלייבן דאָרט איבער אַ האַלב יאָר. אין מאַי 1887 האָט מען אים אָבער ענדלעך אַרויסגעשיקט פון פּעטערבורג. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע און האָט דאָרטן געדרוקט זיין ספר.

די גרונט־געדאַנקען פון דערדאָזיקער אַרבעט (אַ 125 זייטן) האָט זשיטלאָווסקי אַליין שפּעטער פאָרמולירט אין עלף טעזיסן:

1. די דערהאַלטונג פון דעם יידישן פאָלק קאָן נישט דערקלערט ווערן דורך פאַרפאָלגונגען און אויסשליסלעכע געזעצן, ווי דאָס טוט די אַסימיליאַטאָרישע טעאָריע.

2. זי איז אַ פּראָדוקט פון אַ נאַציאָנאַלן ווילן צו זיין און פון אַ קאַמף פאַר עקזיסטענץ, ווייל דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט אַ רעכט זיך צו דערהאַלטן, ווי דער טרעגער פון אַ סאָציאַלן צוקונפטס אידעאַל, אַרויסגעזאָגט צו ערשט פון די נביאים און ווייטער אַנטוויקלט פון די איסיים, וועלכע האָבן עס אויך געפּרוווט פאַרווירקלעכן אין לעבן.

3. די תּלמודישע און רבינישע געזעצגעבונג, וואָס בויט אַרום אַ מויער אַרום פאָלק, איז געווען דאָס מיטל זיך צו דערהאַלטן.

4. דעם עול פון אָט דער געזעצגעבונג נעמט אויף זיך דער פריי־ער און זעלבסטשטענדיקער יחיד, ווייל ער גלייבט, אַז ער וועט דאַרפן געטראָגן ווערן ביז משיח וועט קומען.

5. דער משיח־גלויבן, פריער אַ נאַטירלעכער, ווערט דערנאָך פאַרוואַנדלט אין אַן איבערנאַטירלעך־מיסטישן און פאָדערט דעם גלויבן אין וווּנדער.

6. אַלע משיח באַוועגונגען זענען פול מיט וווּנדער און כמעט אַלע וואַרפן פון זיך אַראָפּ דעם עול פון דעם תּלמודיש־רבנישן שולחן־ערוך.

7. דער פרייער פילאָזאָפישער געדאַנק איז די גרעסטע געפאַר פאַר אַ נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ אויף אַזאַ יסוד, און די גאַנצע יידישע רע־ליגיעזע פילאָזאָפיע איז באַשטרעבט אָפּצוווענדן דידאָזיקע געפאַר. שפּי־נאָזעס און אַקאָסטאַס מוזן אַרויסגעשטויסן ווערן.

8. עס ווערט אויסגעאַרבעט אַ „היסטאָרישע אידעען פאַרבינדונג*)", אַז די יידישע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ איז מעגלעך נאָר אין דער ספערע פון אַ רעליגיעזן וווּנדער־גלויבן, און אַז מיט דעם פאַלן פון דעמדאָזיקן גלויבן, מוז אויך אָפּגעלייקנט ווערן די יידישע נאַציאָנאַלע עקזיס־טענץ.

---

*) דעמדאָזיקן טערמין האָט זשיטלאָווסקי אויסגעאַרבעט ערשט שפּעטער, אָבער דער זין איז שוין דאָ אין די „מייסלי".

9. אין סוף פון דעם אַכצענטן יאָרהונדערט טרעט אַריין דערדאָזיקער פאַל און עס הייבט זיך אָן די עפּאָכע פון אַסימילאַציע.

10. דידאָזיקע היסטאָרישע אידעען־פאַרבינדונג הערשט נאָך אין אונזער צייט. אונטער איר השפּעה איז דער חובבי ציוניזם געוואָרן רעאַקציאָנער.

11. אין דעם משך פון דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז פאַרלוירן געגאַנגען דער באַוווסטזיין פון די אידעאַלן, צוליב וועלכע מען וויל עקזיסטירן ווי אַ באַזונדער פאָלק, און די מיטלען זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין זעלבסטשטענדיקע צילן. דאָס פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די אַרבעטערישע אידעאַלן, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּאַראַזיטיש־לעבעדיק „האַנדלס־פאָלק”.

צום סוף פון זיין ספר שטעלט דער מחבר אַוועק די פראַגע: איז אָן אייגענע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ אַ סתירה צו אַ פּראָגרעסיוון לעבן? קיין ענטפער אויף דער פראַגע גיט אָבער זשיטלאָווסקי נאָך דאָרט נישט, הגם אין אַלגעמיינע שטריכן האָט ער שוין דעמאָלט געהאַט דעם ענטפער. וואָס ער האָט שפּעטער אַזוי גלענצנד אַנטוויקלט אין דעם גאַנצן סיסטעם פון זיין פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם. צוליב דער אַלגעמיין קאָסמאָפּאָליטישער „היסטאָרישער אידעען פאַרבינדונג”, אַז יעדע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ גייט להיפוך צום פּראָגרעס, האָט דידאָזיקע פראַגע געמוזט ספּעציעל גרינטלעך באַהאַנדלט ווערן באַזונדער.

די אַלע פּונקטן פון זשיטלאָווסקיס יוגנט אַרבעט זענען שפּעטער אַריין און ברייטער פונאַנדערגעוויקלט געוואָרן אין זיין סיסטעם פון פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם. נאָר די מאָטיווירונג פון דער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג פאַרן יידישן פאָלק און פּונקט צוויי ווערט בײַ אים שפּעטער אָפּגעוואָרפן. אמת, ער זאָגט זיך נישט אָפּ פון דעם געדאַנק, אַז די יידן האָבן מער פאַר אַלעמען אַרויסגעבראַכט און אַנטוויקלט דעם אידעאַל פון סאָציאַלער גערעכטיקייט, אָבער ער איז קעגן דעם, אַז די רעכט אויף עקזיסטענץ פון אונזער פאָלק זאַל באַזירט ווערן אויף אַ וועלכער עס איז היסטאָרישער מיסיע.

זשיטלאָווסקיס ערשטע אַרבעט האָט צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּרעסע. ל. סלאָנימסקי אין „וויעסטניק יעווראָפּי” און יוזשאַקאָוו אין „סעווערניי וויעסטניק” (אונטער מיכאַילאָווסקיס רעדאַקציע) האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן וועגן איר. אין „רוסקי קוריער” האָט סטוקאַליטש, אַ געוועזענער מיטאַרבעטער פון „אָטעטשעסטווענייאַ זאַפּיסקי”, שטאַרק

געליבט די „מיסלי". עס איז אינטערעסאַנט, אַז אַט דער סטוקאַליטש, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַן אַנטיסעמיט, האָט אין זיין רעצענזיע אָנגעוויזן אויף דעם פּעלער, וואָס דער מחבר פון די „מיסלי" האָט געמאַכט, איגנאָרירנדיק אין זיין אַנאַליז די עקזיסטענץ פון דעם יידישן אַרבעטער-קלאַס.

מיט אַ שאַרפער קריטיק אַנטקעגן די „מיסלי" איז אַרויסגעטרעטן דובנאָוו אין וואָסכאָד*) ווי זשיטלאָווסקי האָט שפּעטער געהערט, ווען ער איז שוין געווען אין אויסלאַנד, איז מען אויף אים ספּעציעל שטאַרק אָנגעפאַלן אין דעם „היום", ווו מען האָט אים אָנגערופן „עוכר ישראל" און „אנטיסעמיט העברי". דעם צאָרן אַנטקעגן זשיטלאָווסקיס „געדאַנקען" האָט הפּנים אַרויסגערופן הויפּטזעכלעך די אָנצייגונג אויף דעם הענדלערישן לעבן פון דעם יידישן פאָלק און אפשר אויך אייניקע באַמערקונגען וועגן דער גרויסער פעראַנטוואָרטלעכקייט פון קריסטנטום. עס איז אינטערעסאַנט, אַז הגם זשיטלאָווסקי האָט לויט דער עצה פון ל. סלאָנימסקין, וואָס איז געווען אַ מומחה אין הלכות צענזור, אַרויסגעלאָזט אַ סך שטעלן וועגן קריסטנטום און האָט איבערהויפּט אין זיין אַרבעט דירעקט קריסטוסעס נאָמען נישט דערמאָנט, האָט דאָך די צענזור אויסגעמעקט דאָס רוב שטעלן, ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן דעם „נביא פון גליל".

אינגיכן נאָך דעם ווי די „מיסלי" זענען אַרויס פון דרוק האָט זשיטלאָווסקי פאַרלאָזט מאָסקווע. ער איז פאַרפאָרן אויף עטלעכע טעג קיין טולע זעען זיך מיט זיינע אַלטע פריינט. צווישן זיינע חברים אין טולע האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן דער טאָלסטאָיזם, און אייניקע פון זיי זענען אונטער דעם איינפלוס פון פיינערמאַנען איינגאַנצן אַריבער צו דער דאָזיקער ריכטונג. דערמאָנענדיק וועגן דעם אין זיינע קורצע באַטיצן, שרייבט זשיטלאָווסקי: „ווי אין דעם פאַלעסטינאָפילענטום האָב איך אויך אין אָט דער באַוועגונג געזען אַ געמיש פון פּראָגרעסיווע און רעאַקציאָנערע עלעמענטן און בין נאָך מער פאַרשטאַרקט געוואָרן אין דעם גלויבן,

---

*) ווי פּראָפעסאָר ראָבערט זאַיטשיק האָט שפּעטער דערציילט זשיטלאָווסקין, האָט דובנאָוו איבערגעבעם מיט זייטשיקן געלייענט די „מיסלי" אין ווארשע און זיי האָבן ביידע אַרויסגעטראָגן דעם איינדרוק, אַז דער מחבר איז אַן אָנהענגער פון יעקב גאָרדינס „דוכאָוונאָיע ביבלייסקאָיע בראַטסטווא". מעגלעך, אַז דאָס האָט פאַרשאַרפט דובנאָווס אַרויסטריט אַקעגן דעם ספר.

אַז אונזער וועג צו דער גאולה פירט דורך דעם סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן
גלות-נאַציאָנאַליזם, געבויט אויף דעם יסוד פון ערד-אַרבעט, אין אַן איי-
נענער פראָגרעסיווער קולטור אין דער יידישער שפּראַך. וועגן ווענדן זיך
מיט אַט דעם געדאַנק צו דעם יידישן אַרבעטער, וואָס זאָל ווערן דער
אַוואַנגאַרד פון דעם יידישן פאָלק אַט אויף דעם נייעם וועג, האָב איך
נאָך נישט געטראַכט. פאַר די אויגן איז מיר אַלץ געשטאַנען די יידישע
פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ, און נאָר זי.״

סוף 1887 קומט זשיטלאָווסקי צוריק קיין וויטעבסק. דעם ווינטער
פאַרנעמט ער זיך דער עיקר מיט דעם שטודיום פון דעם נאַציאָנאַלן
פּראָבלעם. ער הייבט אויך אָן שטודירן מאַרקסן, וועמענס „קאַפּיטאַל״
און „די עלנט דער פילאָזאָפיע״ האָט זיך געפונען אין דער גאַנץ היפּ-
שער „ביבליאָטעק פון די ברידער זשיטלאָווסקיס״. דידאָזיקע ביבליאָטעק
האָט חיים אינאיינעם מיט זיין ברודער באָריס (דוב בער) זיך איינגע-
שאַפט, אויפקויפנדיק הויפּטזעכלעך די ביכער, וואָס זענען פאַרבאָטן גע-
וואָרן אין די אָפיציעלע ביבליאָטעקן. זעלבסטפאַרשטענדלעך האָבן זיי זיך
מיט דער ביבליאָטעק באַנוצט נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר צוועקן
פון פּראָפּאַגאַנדע. די קאָנספּיראַטיווע אַרבעט, אין וועלכער זשיטלאָווסקי
האָט גענומען אָנטייל, איז באַשטאַנען דער עיקר אין העקטאָגראַפירן און
פאַרשפּרייטן נאַראָדאָוואָלישע ליטעראַטור. עס איז דעמאָלט אויך העקטאָ-
גראַפירט געוואָרן טונס „געשיכטע דער סאָציאַל רעוואָלוציאָנערן באַוועגונג
אין רוסלאַנד״, וואָס זשיטלאָווסקיס יוגנט פריינט, יעקב מינץ, האָט דע-
מאָלט איבערגעזעצט אין רוסיש.

די אַלע אַרבעטן האָבן אָבער זשיטלאָווסקין נישט באַפרידיקט.
פאַר זיינע טעאָרעטישע שטודיומס האָבן אים אויסגעפעלט ביכער. די
רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט דעמאָלט אין רוסלאַנד דורכגעמאַכט
אַ קריזיס. זשיטלאָווסקין האָט דער עיקר געצויגן צו סאָציאַליסטישער
אַרבעט פאַר יידן. ער האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין אויסלאַנד. צוערשט
האָט ער געוואָלט פאָרן קיין גאַליציע צוליב איר גרויסער יידישער באַ-
פעלקערונג. ער האָט אָבער באַלד באַקומען אַ ידיעה, אַז אין פאַרבינדונג
מיט דער פּוילישער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע „פּראָלעטאַריאַט״
האָט זיך אין צוריך געגרינדעט אַ ספּעציעל קרייזל מיט דעם צוועק
אַרויסצוגעבן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אין יידיש. אַזוי ווי ראַבינאָוויטש,
דער אָנפירער פון דעם קרייזל, האָט געדאַרפט פאָרן צוריק קיין רוס-
לאַנד, האָט מען זשיטלאָווסקין פאַרגעשלאַגן צו קומען קיין צוריך פאַר-

נעמען ראַבינאָוויטשעס פּלאַץ. ער האָט דעם פאָרשלאָג אָנגענומען און איז אָנהייב זומער 1888 אָפּגעפאָרן קיין בערלין, ווו ער האָט זיך געדאַרפט באַגעגענען מיט ראַבינאָוויטשן און איבערנעמען פון אים די בייטיקע פאַרבינדונגען*).

## 5. ערשטער פעריאָד אין אויסלאַנד

מיט ראַבינאָוויטשן האָט זיך זשיטלאָווסקי נישט באַגעגנט, ווייל ראַבינאָוויטש האָט צוליב געוויסע סיבות געדאַרפט בייטן זיין מאַרשרוט. דעם זומער איז זשיטלאָווסקי פאַרבליבן אין בערלין, ווו ער האָט זיך גיריק צוגעכאַפּט צו די ביכער, וואָס ער האָט אין רוסלאַנד נישט געקאָנט קריגן. ער האָט ווייטער פלייסיק שטודירט דאָס נאַציאָנאַליטעטן־פּראָבלעם און צו דער זעלביקער צייט זיך פאַרנומען מיט אַ גרונטלעכן שטודיום פון מאַרקסיזם.

אין בערלין האָט זשיטלאָווסקין זייער מקרב געווען דער באַוווסטער העברעיסט און אָריענטאַליסט, פּראָפעסאָר שטראַק, מיט וועמען ער האָט זיך באַקאַנט אויף זיינס אַ לעקציע וועגן דער משנה. פּראָפעסאָר שטראַק האָט פאַרשטאַנען רוסיש און דורכגעלייענט זשיטלאָווסקיס „געדאַנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פון יידנטום". ער האָט פאַרשאַפט זשיטלאָווסקין די מעגלעכקייט צו הערן רעגלמעסיק לעקציעס אין בערלינער אוניווערזיטעט און צו באַקומען פון דער ביבליאָטעק אויך יענע ביכער, ווי למשל, מאַרקס „די הייליקע פאַמיליע" — וואָס זענען דעמאָלט געווען פאַר דעם געוויינלעכן לעזער פאַרבאָטן. זשיטלאָווסקין האָט אויך אַ ביסל געהאָלפן מיט ביבליאָגראַפישע ידיעות און מיט ביכער פון זיין סעמינאַר דר. אַ. בערלינער.

---

*) אזוי ווי בא דער פאָליציי איז זשיטלאָווסקי שוין געווען פארדעכטיקט, האָט ער מורא געהאַט צו בעטן אַן אויסלענדישן פּאַס, וואָרים דאָס וואָלט געקאָנט פירן צו זיין ארעסט. מיט דער הילף פון א[illegible]זנשטא[illegible]ן, זיינעם א שוועסטערקינד אין יורבורג איז ער דאַר[illegible]ן אר[illegible]בער די גרענעץ.

דער שטודיום פון דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור האָט געבראַכט זשיטלאָווסקין אַ גרויסע אַנטוישונג. בעת ער האָט פאַרלאָזט רוסלאַנד, האָט ער זיך באַטראַכט פאַר אַ מאַרקסיסט. די נאַראָדאָוואָלן האָבן אין יענער צייט נישט געלייקנט די ריכטיקייט פון מאַרקס פּרינציפּן. זיי האָבן נאָר באַקעמפט די אויספירונגען, וואָס פּלעכאַנאָוו און זיינע אָנהענגער האָבן פון מאַרקס טעאָריע געמאַכט בנוגע רוסלאַנד, און האָבן זיך דאָס רוב באַמיט צו באַווייזן, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן מאַרקסן פאַלש פאַרשטאַנען. וועגן מאַרקס געשיכטס-פילאָזאָפיע האָט זשיטלאָווסקי דעמאָלט נאָך געהאַט נאָר אַן אויבערפלעכלעכן באַגריף, ער האָט אָבער גערעכנט, אַז דער געשיכטס-פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם איז וויסנשאַפטלעך באַגרינדעט דורך אַ קאָנקרעטן שטודיום פון דער מענטשלעכער געשיכטע. אין בערלין, ווו ער האָט געהאַט אַ צוטריט צו די קוועלן פון דעם מאַרקסיזם, האָט ער זיך גענומען זיי גיריק שטודירן, מיט דער האָפנונג צו געפינען אין זיי די וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג. ער האָט אָבער אויסגעפונען, אַז „מיר האָבן דאָ צו טאָן נישט מיט אַ וויסנשאַפטלעך-איינגעפונדעוועטער פילאָזאָפיע פון דער געשיכטע, נאָר מיט אַ מער אָדער ווייניקער אינטערעסאַנטן קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע", ווי ער דריקט זיך אויס שפּעטער. אין בערלין האָט ער זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דער אָפּשטאַמונג פון מאַרקס פילאָזאָפיע און געשיכטס-פילאָזאָפישע געדאַנקען, און דאָס האָט אַגב געגעבן זשיטלאָווסקין דעם ערשטן שטויס צו נעמען זיך פאַר דעם שטודיום פון העגעלן און פון דער פילאָזאָפיע בכלל.

געוווינט האָט זשיטלאָווסקי אין בערלין באַ אַ דייטשן סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַ מיטגליד פון אַ „פריי רעליגיעזער געמיינדע", אַ פיקטיווער נאָמען, וואָס האָט אין יענע צייטן געדינט ווי אַ צודעק פאַר די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס. זשיטלאָווסקיס נאָענטע באַציונגען צו די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קרייזן איז נישט געפעלן געוואָרן דער בערלינער פּאָליציי און סוף 1888 ווערט ער אַרויסגעשיקט פון פּרייסן.

אינאיינעם מיט זיין צוקונפטיקער פרוי ווערא לאָכאָוו, וואָס איז צו אים מיט אַ ביסל צייט פריער געקומען קיין בערלין, פאָרט זשיטלאָווסקי אָפּ קיין ציריך. דאָ האָט ער אויסגעפונען, אַז די גאַנצע יידישע „אָרגאַניזאַציע", וואָס ער האָט באַדאַרפט איבערנעמען, איז אייגנטלעך באַשטאַנען פון איין ראַבינאָוויטשן, וועלכער האָט געהאַט איבערגעלאָזט נאָר אַ

פאַר האַלב-פּאַרטיקע מאַנוסקריפּטן (זיין איבערזעצונג פון דיקשטיינס בראָ-
שור: „פון וואָס איינער לעבט" איז שוין פריער אָפּגעדרוקט געוואָרן).
צוזיען נייע קרעפטן פאַר ספּעציעל-יידישער סאָציאַליסטישער אַרבעט איז
נישט געווען פונוואַנען. די גאַנצע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ, סיי אין דעם
נאַראָדאָוואָלישן לאַגער, סיי אין דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן, איז געווען
אַסימילאַטאָריש-קאָסמאָפּאָליטיש.

באַלד נאָך זיין קומען קיין ציריך איז זשיטלאָווסקי אַריינגעטרעטן אין
דעם נאַראָדאָוואָלישן „פאָנד", וואָס האָט געהאַט דעם צוועק אַרויסצוגעבן
סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. ער זוכט צו באַווייזן זיינע חברים — כמעט
אַלע יידן — די נויטווענדיקייט אַרויסצוגעבן אַרבעטער ליטעראַטור אין
יידיש. אָבער זיי ווילן פון דעם נישט הערן. ער אַרגומענטירט וועגן דעם
ענין אויך מיט די ציריכער סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פירער, אַקסעלראָדן
און קאַלמאַנסאָנען, אָבער אויך בא זיי באַגעגנט ער אַ פּאַרעקשנטע טויב-
קייט. ער אָרגאַניזירט צווישן די סטודענטן אַן אומפּאַרטייאישן „פאַריין
פיר וויסענשאַפט און לעבען דעם אידישען פאָלקעס". אין דעם פאַריין טרעטן
אָבער אַריין בלויז „פאָלעסטינאָפילן". קיין איינציקער סאָציאַליסט גייט
אין אים נישט אַריין. אין אָט דעם פאַריין האָט זיך זשיטלאָווסקי אגב
צום ערשטן מאָל דערוווּסט וועגן אַ העבראַיסטישער שטרעמונג און האָט
געקעמפט אַנטקעגן איר.

אין ווינטער 1888 טרעט זשיטלאָווסקי אַרויס צום ערשטן מאָל מיט
אַן עפנטלעכן רעפעראַט. די טעמע איז געווען אינגאַנצן אַ נייטראַלע:
„וועגן דער יונגער פּאָעזיע". גערעדט האָט ער פאַרשטייט זיך אין רוסיש
און וועגן דער ר ו ס י ש ע ר פּאָעזיע. ער ווייזט אָן אויף דעם פּעסי-
מיזם, עסטעטיזם און טאָלסטאָיזם, ווי אויף סימנים פון אָפּגעשוואַכטער
ענערגיע בא דעם יונגן דור נאָך די אומגעהייערע אָנשטרענגונגען פון
טעראָריסטישן קאַמף. אין דער דיסקוסיע, וואָס דער רעפעראַט רופט
אַרויס, זאָגט זשיטלאָווסקי אַרויס דעם געדאַנק, אַז די סאָציאַליסטישע
באַוועגונג מאַכט אַ פעלער, וואָס זי לאָזט אין אַ זייט די אייביקע, מענטשי-
לעכע פּראָבלעמען. אין יענער צייט איז דאָס אויך באַטראַכט געוואָרן
פאַר אַפּיקורסעס אין די איינזייטיקע רעוואָלוציאָנערע קרייזן. אפילו די
טעמע גופא פון רעפעראַט האָבן אייניקע רעוואָלוציאָנערן באַטראַכט פאַר
נישט פּאַסיק פאַר אַן ערנסטן סאָציאַליסט. דער באַוווּסטער טעראָריסט
דעמבאַ האָט סאַרקאַסטיש אַ פרעג געטון בא זשיטלאָווסקין: „קיין וויכטי-
קערע טעמע האָט איר שוין נישט געקאָנט געפינען? וועגן וואָס וועט זיין

אייער צווייטער רעפּעראַט?" „וועגן די פרויען בײַ האָמערן" האָט זשיטלאָווסקי זיך אַ רייץ געטון מיט דעמבאַן.

צווישן זײַנע נאַראָדאָוואָלישע חברים אין ציריך האָט זיך זשיטלאָווסקי אין אַלגעמיין געפילט אַ ביסל פרעמד. די סיבה איז געווען נישט נאָר די מיינונגספאַרשידנהייטן בנוגע דער נאַציאָנאַלער יידישער פראַגע, די גאַנצע גייסטיקע אַטמאָספערע אין די דעמאָלטיקע נאַראָדאָוואָלישע קרייזן אין ציריך איז געווען אַ צו יונגע. אויף זשיטלאָווסקיס טעאָרעטישע זוכענישן, אויף זיין אינטערעס צו פּראָבלעמען, וואָס האָבן נישט קיין דירעקטן שייכות צו רעוואָלוציע, האָט מען געקוקט אַ ביסל קרום. עס איז געווען אָבער נאָך אַ פּרינציפּיעלער פונקט, אין וועלכן זשיטלאָווסקי איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען מיט זײַנע חברים. דאָס איז געווען די פראַגע וועגן דער ראָלע פון דעם פּראָלעטאַריאַט. אין דעם פונקט איז זשיטלאָווסקי געשטאַנען נענטער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און האָט פאַרשטאַנען די גרויסע וויכטיקייט פון דער פּראָפּאַגאַנדע צווישן דעם שטאָטישן אַרבעטער. אַ חוץ דעם אַלגעמיין גרויסן באַטייט, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט קאָן האָבן, ווי אַ רעוואָלוציאָנערער אַוואַנגאַרד פון אַלע האָרעפּאַשנע פאָלקס־מאַסן, איז פאַר זשיטלאָווסקין אין דער פראַגע געווען אויך אַן אַנדערער וויכטיקער מאָמענט, אַ ספּעציעל יידיש־נאַציאָנאַלער: ער האָט איינגעזען, אַז צווישן אַלע פאָרמען פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט איז די פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אין די רייען פון די שטאָטישע אַרבעטער די איינציקע, וואָס איז עלול אומצוקערן די יידישע אינטעליגענץ צו דעם יידישן פאָלק. די נאַראָדאָוואָלן, וואָס האָבן געלייגט זייערע האָפנונגען דער עיקר אויף דער אינטעליגענץ און אויף דער ווידעראויפלעבונג פון טעראָריסטישן קאַמף, האָבן די וויכטיקייט פון אַן אַרבעטער־ליטעראַטור אין אַלגעמיין נישט פאַרשטאַנען.

עס פאַרשטייט זיך, אַז צוליב דעם איינעם פונקט האָט זשיטלאָווסקי נישט געקאָנט צושטיין צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווען אָבער קאָלמאַנסאָן האָט אים איינגעלאַדן אַרייַנצוטרעטן אין אַן „אומפּאַרטייאישער" גרופּע, וואָס האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו באַשאַפן אַ סאָציאַליסטישע אַרבעטער־ליטעראַטור אין רוסיש, האָט ער דעם פאָרשלאַג אָנגענומען, הגם זײַנע חברים נאַראָדאָוואָלן האָבן אים געוואָרנט, אַז מען וועט אים „אַרייַנשלעפּן אין אַ זומפּ". ער האָט באַלד אויסגעפונען, אַז זײַנע חברים זענען געווען גערעכט. שוין די ערשטע בראָשור פון דער „אַרבעטער־ביבליאָטעק": „די רעדע פון פּיאָטר אַלעקסעיעוו פאַרן געריכט" איז

דערשינען מיט פּלעכאַנאָווס אַ פאָרוואָרט, ווו ער האָט דעמאַגאָגיש אַטאַקירט די גאַנצע פריערדיקע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ. זשיטלאָווסקי האָט מיט אַ שאַרפן פּראָטעסט פאַרלאָזן די „אומפּאַרטייאישע" גרופּע. דערדאָזיקער עפּיזאָד האָט געגעבן זשיטלאָווסקין דעם ערשטן שטויס אָנצוהייבן זיין קאַמף אַנטקעגן פּלעכאַנאָווס ריכטונג.

אין 1889, ווען עס איז אַרויס דער ערשטער נומער „סאָציאַל־דעמאָקראַט", איז זשיטלאָווסקי אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעפעראַט, אין וועלכן ער האָט קריטיקירט הויפּטזעכלעך פּלעכאַנאָווס אַרטיקל וועגן טשערנישעווסקין. דאָס איז געווען דער ערשטער עפנטלעכער אַרויסטריט אַנטקעגן דעם בלינדן גלויבן, וואָס איז געווען פאַרשפּרייט אין אַלע סאָציאַליסטישע קרייזן, — אַנטקעגן דעם גלויבן, אַז דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם איז אַ וויסנשאַפטלעך פעסטגעשטעלטע טעאָריע. דערדאָזיקער רעפעראַט האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער ציריכער רוסישער קאָלאָניע. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעריע פון אומענדלעכע דיסקוסיעס פון רעפעראַטן און קאָנטער־רעפעראַטן, וואָס זענען באַוווּסט אונטער דעם נאָמען: „די ציריכער 72 נעכט". דאָס איז געווען דער אָנהייב פון דעם נלענצנדן לאַנגיאָריקן קאַמף, וואָס זשיטלאָווסקי האָט מינדלעך און שריפטלעך געפירט אַנטקעגן דעם פאַנאַטיש־דאָגמאַטישן גייסט, וואָס דער מאַרקסיזם, און הויפּטזעכלעך דער רוסישער מאַרקסיזם, האָט אַריינגעבערענגט אין דעם סאָציאַליזם. דאָס איז געווען אַן אמתער באַפרייונגס־קאַמף פאַר דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק, פאַר דער באַפרייונג פון דער שעדלעכער אידעען־פאַרבינדונג, אַז סאָציאַליזם און עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם איז חד.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די דיסקוסיעס אין די ציריכער 72 נעכט האָבן זיך געפירט נישט נאָר וועגן דער וויסנשאַפטלעכקייט און וועגן די אַבסטראַקטע פּרינציפּן פון דעם עקאָנאָמישן מאַטעריאַליזם. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ שאַרפע פּאָלעמיק וועגן די אויפגאַבן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועגן די אַלע ספּעציעל רוסישע פּראָבלעמען: איז די אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד ווינשנסווערט און אומפאַרמיידלעך? איז דאָס רוסישע פויערטום מסוגל אויפצונעמען די אידעע פון סאָציאַליזם? איז זיין פּראָלעטאַריזירונג אַ פּראָגרעסיווע היסטאָרישע נויטווענדיקייט? וואָס דאַרפן זיין די מיטלען אין קאַמף אַנטקעגן דעם אַבסאָלוטיזם? און אַ סך אַנדערע פראַגן, וואָס האָבן אין פאַרלויף

פון יאָרן־יאָרן איפגערודערט דעם סאָציאַליסטישן עולם בכלל און די רוסישע שטודירנדיקע יוגנט אין דער שווייץ בפרט.

דערדאָזיקער קריטישער קאַמף אַנטקעגן דעם דאָגמאַטישן מאַרקסיזם, וואָס זשיטלאָווסקי האָט אָנגעהויבן אין 1889 און געפירט דערנאָך אין אַ משך פון אַ סך יאָרן, איז בײַ אים געווען באַגלייט מיט אַ שטענדיקן אַלץ טיפערן און ברייטערן שטודיום פון דעם מאַרקסיזם, פון זיינע היס־טאָרישע אורקוואַלן, פון זיין אַנטשטייונג, אַנטוויקלונג און פון זיין פאַר־קריפּלונג אין די אינטערפּרעטאַציעס, וואָס אפילו פון די שפּעטערדיקע טעאָרעטיקער האָבן אים געגעבן. לײַדער זענען דערווייל דערשינען נאָר אַ פּאָר קלענערע פראַגמענטן פון זשיטלאָווסקיס גרויסער כמעט שוין פאַר־טיקער אַרבעט וועגן מאַרקסיזם.

צום סוף פון די „72 נעכט“ איז פון פּאַריז געקומען קיין ציריך חנן (שאַרל) ראַפּאָפּאָרט. זשיטלאָווסקי האָט זיך מיט אים באַקאַנט און זיי זענען באַלד געוואָרן נאָענטע פריינט. „צו ראַפּאָפּאָרטן האָט מיך געצויגן נישט נאָר זיין ריינער ערנסטער רעוואָלוציאָניזם, זיין כמעט באַקונינישע רעוואָלוציאָנערע ליידנשאַפט, נאָר אויך זיין העלער, פרייער טעאָרעטישער קאָפּ“. שרייבט זשיטלאָווסקי מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, ווען ראַפּאָפּאָרט געהערט שוין צו אַן אַנדערן רעוואָלוציאָנערן לאַגער. „נאָר מיט אים האָב איך געקאָנט רעדן פריי, ווייל נאָר בײַ אים האָב איך געפונען יענעם גייסטיקן קוראַזש, וואָס קאָן נישט איינגעצוימט ווערן אין פאַרגליווערטע דאָגמען; וואָס האָט ליב פון צייט־צו־צייט אַ שאָקל צו טון די זיילן פון דעם אייגענעם בנין, כדי צו זען צי זיי שטייען נאָך פעסט... ער האָט געהערט צו יענע דענקער־טיפּן, וועלכע איך שעץ צום העכסטן... וואָס זענען נישט קיין „פריידענקער“ נאָר פרייע דענקער“*).

בנוגע דער יידיש נאַציאָנאַלער פראַגע האָט אויך ראַפּאָפּאָרט נישט איינגעשטימט מיט זשיטלאָווסקין. אָבער בנוגע די אַלגעמיינע הויפּט־פּראָב־לעמען פון סאָציאַליזם זענען זיי געשטאַנען נאָענט איינער צום צווייטן. אין אייניקע פראַגן זענען זיי לכתחילה געווען איינפאַרשטאַנען, בנוגע אַנדערע פראַגן זענען זיי געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג נאָך לענגערע ערנסטע דעבאַטן און אַזוי איז באַשאַפן געוואָרן דאָס קערנדל, פון וועלכן

---

*) זשיטלאָווסקיס אײַנלייטונג צו מ. מ. ראָזענבוימס „דערינערונגען פון אַ סאָ־ציאַליסט רעוואָלוציאָנער“ ז. 47.

עס איז שפּעטער אויסגעוואַקסן דער „סאָיוז רוסקיך סאָציאַליסטאָוו רעוואָ-לוציאָנעראָוו".

אין יענער צייט איז זשיטלאָווסקי באַקאַנט געוואָרן מיט לודוויק שטיינען, דעמאָלט פּריוואַט-דאָצענט אין דעם ציריכער אוניווערזיטעט. שטיינען איז שטאַרק געפעלן געוואָרן „דער געדאַנק וועגן דעם היסטאָ-רישן גורל פון דעם יידנטום", וואָס זשיטלאָווסקי האָט פאַר אים איבער-געזעצט אין דייטש. ער האָט איינגערעדט זשיטלאָווסקין אריין אין אוני-ווערזיטעט און שטודירן פילאָזאָפיע און האָט אים באַשטימט אַ פּענסיע פון אַ פאָנד פאַר יידישע סטודענטן, וואָס איז געווען אין שטיינס רשות. ווען שטיין איז סוף 1890 געוואָרן פּראָפעסאָר אין בערן איז זשיטלאָווסקי אויך אַריבער אין בערנער אוניווערזיטעט. אין בערן, האָט זשיטלאָווסקי אויך אָרגאַניזירט צווישן די סטודענטן אַ „פעריין פיר וויסענשאַפט און לעבען דעס אידישען פאָלקעס". דאָ זענען שוין אין פאַריין אַריינגעטרעטן אויך אַ פּאָר סאָציאַליסטן, אָבער נישט ווייל זיי זענען געווען איינפאַר-שטאַנדן מיט זשיטלאָווסקיס שטעלונג צום נאַציאָנאַלן פּראָבלעם, נאָר הויפּטזעכלעך כדי צו דיסקוטירן.

אין 1891, ווען דער שרעקלעכער הונגער אין רוסלאַנד האָט אַ ביסל אויפגעוועקט דאָרטן די ליבעראַלע באַוועגונג, אָרגאַניזירט זשיט-לאָווסקי אינאיינעם מיט ח. ראַפּאָפּאָרטן אַן אומפּאַרטייאישע געזעלשאַפט אונ-טער דעם נאָמען : „אָבשטשעסטוואָ באָרבי ס'גאָלאָדאָם" מיט דער האָפענונג צו פאַרייניקן אין אָט דער געזעלשאַפט די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן פון די פאַרשידענע ריכטונגען אויף דעם באָדן פון אַ קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט. די פירער, אי פון די נאַראָדאָוואָלצן, אי פון די סאָציאַל-דעמאָ-קראַטן, האָבן אפילו געגעבן זייער הסכמה, אָבער זיי האָבן זיך באַצויגן קאַלט צו דער זאַך. זיי האָבן זיך נישט געקאָנט אויפהייבן איבער זייערע פּאַרטייאישע איינזייטיקייטן און די געזעלשאַפט האָט ווייניק וואָס אויפגעטון. די גינסטיקע שטימונג אין רוסלאַנד פאַר אַ קאַמף אַנטקעגן דעם אַבסאָלוטיזם איז נישט אויסגענוצט געוואָרן ווי געהעריק. ראַפּאָפּאָרט און זשיטלאָווסקי זענען איין, אַז עס איז נויטיק צו באַשאַפן אַ סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַזונדער נייער ריכטונג, און הייבן אָן ערנסט טראַכטן וועגן דעם.

דערווייל אַרבעט זשיטלאָווסקי אין בערן אויף פאַרשידענע געביטן. ער ווערט אַלץ מער פאַראינטערעסירט אין ריין-פילאָזאָפישע פּראָבלעמען. צו דער זעלביקער צייט שטודירט ער ספּעציעל די יידישע רעליגיעזע

פילאָזאָפיע און שרייבט זיין דאָקטאָר־דיסערטאַציע: „אַבראַהאַם איבן דאַוד (ראַ"בד הראשון) און דער אָנפאַנג דער אַריסטאָטעל־ישן פעריאָדע אין דער אידישן רעליגיאָנס-פילאָזאָפיע". ער שטודירט ווייטער דעם מאַרקסיזם בכלל און פאַרנעמט זיך ספעציעל מיט דער אויספאָרשונג ווי אַזוי מאַרקס איז געקומען צו זיין געשיכטספילאָזאָפישער טעאָריע. ער אַרבעט אויך אויף דעם נאַציאָנאַליטעטן פּראָבלעם, שטודירט די געשיכטע פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל און געפינט אויס, אַז סיי זיין מאַרקסיסטישער, סיי דער באַקוניסטישער פליגל זענען נישט געשטאַנען אויף דעם קאָסמאָפּאָליטישן שטאַנדפּונקט. צו דערזעלביקער צייט טרעט ער אַרויס מיט אָפטע רעפעראַטן און נעמט אָנטייל אין אַלע עפנטלעכע דיסקוסיעס, פאַרטיידיקנדיק זיינע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען.

אין יענער צייט האָט ער אויך אָנגעהויבן זיינע ערשטע פּרוּוון אין יידיש. זיין איבערזעצונג פון ס. פּריודאָמס: „דער חלום פון אַ ליידיקגייער" געפעלט זייער ווינטשעווסקין און ער דרוקט אָפּ דעם שיר אין דעם סעפּטעמבער־נומער 1891 פון זיין לאָנדאָנער זשורנאַל: „די פרייע וועלט". אַ ביסל שפּעטער דרוקט דער זעלבער זשורנאַל אויך זשיטלאָווסקיס איבערזעצונג פון היינעס „שקלאַפן־שיף".

דער יידישער אינטעליגענטער לעזער איז אָבער אין יענער עפּאָכע נאָך געווען אַזוי ווייט פון „זשאַרגאָן", אַז וועגן שרייבן פאַר דער אינטעליגענץ, און ספּעציעל פאַר דער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אין יידיש, האָט מען גאָרנישט געקאָנט טראַכטן. זיין ערשטע סאָציאַליסטישע בראָשור, הגם אויף אַ ריין יידישער טעמע, שרייבט זשיטלאָווסקי אין רוסיש. דאָס איז געווען זיין „יעווריי ק'יעווריעאַם" („אַ ייד צו יידן", איבערגעדרוקט אין יידיש אין דעם זעקסטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע שריפטן), וואָס איז אונטער דעם פּסעוודאָנים י. כאַסין אַרויס פון דרוק אין 1892.

די געדאַנקען, וואָס זשיטלאָווסקי זאָגט אַרויס אין דעם ביכל, זענען נאָך דעמאָלט געווען אַזוי ניי און פרעמד פאַר דעם רעוואָלוציאָנערן עולם, אַז די פאָרשטייער פון דעם לאָנדאָנער „פאָנד וואָלנאַי רוסקאַי פּרעססי" (די בראָשור האָט אַרויסגעגעבן דער לאָנדאָנער „פאָנד") צו וועלכן עס האָבן געהערט סטעפּניאַק וואָלכאָווסקי, שישקאַ, טשייקאָווסקי און אַנדערע וויכטיקע רעוואָלוציאָנערן, האָבן באַגלייט די בראָשור מיט אַ פאָרוואָרט, אין וועלכן זיי פאַרענטפערן זיך כמעט פאַר דעם מחבר'ס „היציקער קריטיק". אַזוי אָבער ווי די פאָרשטייער פון „פאָנד" זענען געווען נישט יידן, האָבן זיי זיך פאַר זשיטלאָווסקיס נאַציאָנאַליזם נישט דערשראָקן. זיי

האָבן נאָר באַמערקט אַז דער מחבר „פּאָדערט צופיל פון זיינע קאָמפּאַטריאָטן און איז צו זיי זייער נוטה, צוליב דעם געוווּנשענעם, אַרויסלאָזן פון אויג דאָס מעגלעכע באַ די געגעבענע סאָציאַלע און פּאָליטישע באַדינגונגען".

אין דער בראָשורע „אַ ייִד צו ייִדן" באַווייזט זשיטלאָווסקי, אַז בירגערלעכע גלייכבאַרעכטיקונג קאָן נישט פאַרענטפערן די ייִדן־פראַגע. אדרבא, עס קאָן נאָך פאַרשטאַרקן דעם אַנטיסעמיטיזם. אונזער לאָזונג דאַרף דעריבער זיין נישט בירגערלעכע נאָר נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גלייכבאַרעכטיקונג. ער רעדט וועגן דער נויטווענדיקייט פאַר ייִדן איבערצוגיין צו פּראָדוקטיווער אַרבעט און וועגן „דער ווידערבאַלעבונג פון דעם ייִדישן פאָלק אויף די יסודות פון ערד־אַרבעט אין רוסלאַנד גופא". ער אונטערשטרייכט אָבער אויך דעם פאַקט, אַז מיר האָבן שוין אין רוסלאַנד אַ ייִדישן אַרבעטער־קלאַס און אַז דעריבער איז פאַראַן אַ פּלאַץ פאַר אַ ספּעציעלער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. באַווייזנדיק די צונויפגעבינדנקייט פון דער ייִדישער באַפרייונג מיט דער רוסישער רעוואָלוציע, ווייזט דער מחבר אָן, אַז מיר דאַרפן אָנטייל נעמען אין קאַמף, ווי אַ ייִדישע נאַציע, ווייל „מיר זענען נישט קיין 4 פּראָצענט פון וועמען עס איז אַן אַנדערן, נאָר 100 פּראָצענט פון זיך אַליין". ער באַווייזט, אַז סאָציאַליזם און פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַליזם זענען נישט קיין היפּוכים און מוסרט די ייִדישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ פאַר איר „נאַציאָנאַלער זעלבספאַרלייקענונג". אין דערדאָזיקער בראָשור האָט שוין זשיטלאָווסקי אויך אַרויסגעבראַכט דעם אַלגעמיינעם עס־ערישן געדאַנק, אַז די אינטערעסן פון דעם פּויערטום גייען נישט להיפּוך צו די אינטערעסן פון דעם פּראָלעטאַריאַט און צום סוף רעדט ער וועגן דער צייט, ווען „דער אַגראַרישער סאָציאַליזם, די ליכטיקע צוקונפט פון דעם ערדאַרבעטנדיקן רוסלאַנד, וועט ווערן דער אידעאַל אויך פון די ייִדישע פּויערים־מאַסן".

די גאַנצע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ איז צו יענער צייט געווען נאָך אַזוי פאַרעקשנט אַסימילאַטאָריש, אַז אַט די אַלע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע געדאַנקען האָבן דעמאָלט נישט אַרויסגערופן קיין דירעקטן ערנסטן אָפּקלאַנג.

אין 1892 האָט זיך אין דער שווייץ אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו פאַרווערן שחיטה. די ייִדן איינעם מיט די שווייצאַרישע ראַדיקאַלע עלעמענטן גרינדן אַ „פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט". זשיטלאָווסקי העלפט מיט אין דער אַרבעט.

## 6. די עפּאָכע פון דעם „סאָיוז“ ביז צו דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן

אין סוף 1893 ווערט אין בערן געגרינדעט די ערשטע אויסגע־שפּראָכענע עס־ערישע אָרגאַניזאַציע אונטער דעם נאָמען: „סאָיוז רוס־קיך סאָציאַליסטאָוו רעוואָלוציאָנעראָוו“ („דער פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן“). די הויפּט־איניציאַטאָרן, טעאָרעטיקער און וואָרט־פירער פון דעם „סאָיוז“ זענען געווען זשיטלאָווסקי און ח. ראַפּאָ־פּאָרט. צוערשט איז דער גאַנצער „סאָיוז“ געווען נישט מער ווי אַ קליי־נע גרופּע פון זיבן פּערזאָן (ח. ראַפּאָפּאָרט און זיין פרוי פאַני ראַטנער, זשיטלאָווסקי און זיין פרוי וויערא לאָכאָווא, יעלענא פּאַלובאָיאַרינאָווא, לעווענטיס און דער שרייבער פון דידאָזיקע שורות). די גרופּע האָט זיך אָבער לכתחילה שוין אָוועקגעשטעלט דעם ברייטן ציל צו באַשאַפן אַ נייע ריכטונג אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און, ווען עס וועלן זיין באַדייטנד פאַרמערן די אָנהענגער, צו גרינדן אַ נייע רוסישע רעוואָלו־ציאָנערע פּאַרטיי.

אין די ערשטע יאָרן איז דער „סאָיוז“ געווען כמעט די איינציקע סאָציאַליסטישע גרופּע, וואָס האָט געקעמפט אַנטקעגן דעם דאָגמאַטישן מאַרקסיזם בכלל און ספּעציעל אַנטקעגן דער רוסישער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטישער ריכטונג, וועלכע האָט אונטער פּלעכאַנאָווס פירערשאַפט געשטרעבט צו ווערן — און איז שוין טאַקע כמעט געוואָרן — די איינ־ציקע און אַליינהערשנדיקע ריכטונג אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

די „אַלטע נאַראָדאָוואָלן“, וועלכע האָבן זיך גרופּירט אַרום פּ. לאַוו־ראָוון אין פּאַריז, האָבן זיך כמעט ווי צוריקגעצויגן פון אַקטיוון קאַמף

און האָבן זיך — אַ חוץ די ריין וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן פון לאַווראָוון — באַשעפטיקט הויפטזעכלעך מיט אַרויסגעבן די „מאַטעריאַלן פאַר דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג”. זיי האָבן געלעבט מיט דער גלענצנדער פאַרגאַנגענהייט פון דעם העראָישן טעראָריסטישן קאַמף. אפשר גראָד ווייל דערדאָזיקער קאַמף איז געווען אַזוי העראָיש גראַנדיעז און האָט פאַרנומען דאָס גרעסטע און וויכטיקסטע אָרט אין דער טעטיקייט פון דער פאַרטיי, האָבן די עמיגראַנטן פון דער נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ נישט געקאָנט נעמען אויף זיך די איניציאַטיוו אויפצולעבן די פאַרטיי פון אויסלאַנד. צוערשט האָבן זיי נאָך אַלץ געהאָפט, אַז די נאַראָדאָוואָלישע טעטיקייט וועט ווידער אויפברויזן אין רוסלאַנד. ווען זיי האָבן אָבער אָנגעווירן דידאָזיקע האָפנונג און ווען זיי האָבן דערזעען, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ריכטונג ווערט אַלץ שטאַרקער אין רוסלאַנד, זענען דאָס רוב פון די פאַריזער עמיגראַנטן געווען שוין שטאַרק נוטה צו דערנענטערן זיך צו פּלעכאַנאָוון און זיינע נאָכפאָלגער. צו אונזער „סאָיוז” האָבן זיי זיך אין אָנהייב באַצויגן סקעפּטיש און וויניק געגלייבט אין זיין צוקונפט. ערשט שפּעטער, ווען זיי האָבן איינגעזען, אַז זשיטלאָווסקיס און ראַפּאָפּאָרטס פּראָפּאַגאַנדע געווינט אַלץ מער אָנהענגער צווישן דער שטודירנדער יוגנט אין אויסלאַנד און אַז צו דעם „סאָיוז” שטייען צו אַלץ וויכטיקערע קרעפטן אין רוסלאַנד גופא, האָבן די אַלטע נאַראָדאָוואָלן אָנגעהויבן צו קוקן אויף אונז ערנסט און האָבן זיך לסוף איינגאַנצן אָנגעשלאָסן אָן דער פאַרטיי.

די גרופּע „יונגע נאַראָדאָוואָלן” האָט נישט געהאַט קיין באַדייטנדע טעאָרעטיקער און איז געווען הויפטזעכלעך פאַרנומען מיט קאָנספּיראַטיווער אַרבעט. דער לאָנדאָנער „פאָנד” האָט נישט געשטרעבט צו געבן אַ באַשטימטע ריכטונג דער רוסישער באַוועגונג. דער „פאָנד” האָט געטון זיין נוצלעכע פאַרלעגערישע אַרבעט, האָט געוועקט דעם אינטערעס און די סימפּאַטיעס פון די ענגלישע ראַדיקאַל-ליבעראַלע קרייזן צו דער רוסישער באַפרייונגס-באַוועגונג און אויך אָנגעהאַלטן נייטיקע פאַרבינדונגען מיט די רוסישע ליבעראַלע עלעמענטן. ער האָט זיך געהאַלטן כמעט אומפאַרטייאיש, הגם לויט זיין גייסט איז דער פאָנד געשטאַנען נענטער צו אונזער „סאָיוז”.

געוויס האָבן די אַלע נישט דאָגמאַטיש מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס שוין מיט זייער עקזיסטענץ גופא געמאַכט גרינגער דעם קאַמף, וואָס דער „סאָיוז” האָט אויפגעהויבן, אָבער דעם אַקטיוון קאַמף

האָבן זיי ערשטע יאָרן געפירט נאָר די „סאָיוזניקעס“. און דאָ האָט זשיטלאָווסקיס גרויסער אָראַטאָרישער טאַלאַנט און זיינע גלענצנדע אַרגומענטאַטיווע פעיקייטן אויפגעטון זייער און אַ סך.

כּמעט די גאַנצע שטודירנדיקע יוגנט אין אויסלאַנד איז צו יענער צייט געווען מאַרקסיסטיש געשטימט. דער מאַרקסיזם איז געוואָרן אַ מאָדע זאַך. דער גרעסטער טייל פון דער ראַדיקאַלער יוגנט האָט די פראַגע ערנסט נישט שטודירט. זי איז אָבער געווען זיכער, אַז דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם איז דאָס לעצטע וואָרט פון דער וויסנשאַפט און אַז די „אידעאַלאָגן“ זענען אָפּגעשטאַנענע „אויטאָפּיסטן“. עס איז געווען נישט קיין גרינגע אויפגאַבע אויפצוּוועקן דעם קריטישן געדאַנק בנוגע דעם מאַרקסיזם. זשיטלאָווסקי האָט אָבער אַרויסגעוויזן אַזאַ גרונטלעכע באַקאַנטשאַפט מיט דער גאַנצער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור און מיט אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער פראַגע, ער האָט אַרויסגעבראַכט זיינע אַרגומענטן אין אַזאַ קלאָרער איבערצייגנדער פאָרם, אַז צו זיי האָט מען זיך געמוזט צוהערן. עס האָט נישט געהאָלפן דער סאַרקאַסטישער טאָן, וואָס דאָס רוב מאַרקסיסטן האָבן ליב געהאַט צו געברויכן אַנטקעגן זייערע קעגנער. עס האָבן נישט געהאָלפן די אַרויסטרעטונגען פון פּלעכאַנאָוון אַליין, וואָס פלעגט אין אַ דעבאַטע אַנווענדן אַלע מיטלען פון זיין זעלטענעם טאַלאַנט צו מאַכן צו גאָרנישט זיינע אָפּאָנענטן. זשיטלאָווסקיס געדאַנקען האָבן ביסלעכווייז גענומען אַריינדרינגען אין די מוחות און די עס-ערישע אידעען האָבן זיך גענומען פאַרשפּרייטן.

זשיטלאָווסקיס אַרויסטרעטונגען זענען געווען וויכטיק נישט נאָר אין אַ ריין פּאַרטייאישן זין. זיי האָבן געהאַט אויך אַ גרויסן דערציערישן באַטייט. זיי האָבן געוועקט אין די צוהערער דעם קריטישן געדאַנק, געלערנט זיי צו באַציִען זיך ערנסטער צו וויסנשאַפטלעכע פּראָבלעמען, נישט אַריינצופאַלן אין איינזייטיקן דאָגמאַטיזם.

דער קאַמף אַנטקעגן דער איינזייטיקייט פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע ווערט אין די ערשטע יאָרן געפירט נאָר מינדלעך. אין דער צייטונג „רוסקי ראַבאָטשי“, וואָס דער „סאָיוז“ גיט אַרויס אונטער ראַפּאָפּאָרטס און זשיטלאָווסקיס רעדאַקציע, ווערט נישט פּאָלעמיזירט. דער ציל פון דער צייטונג איז געווען, וועקן די אַרבעטנדיקע מאַסן צום קאַמף פאַר סאָציאַליזם און פאַר פּאָליטישער פרייהייט. דער „סאָיוז“ טרעט צום ערשט איבערהויפּט נישט אַרויס מיט קיין דעטאַלן פּראָגראַם. עס ווערן

נאָר אָנגעוואָרפן די הויפּט-פּונקטן, וואָס זענען געוואָרן דער באַזיס פון דער גאַנצער עס-ערישער ריכטונג.

ערשט אין 1897, ווען דער „סאָיוז“ האָט שוין געהאַט אַ היפּשע צאָל אָנהענגער און באַדייטנדע גרופּעס אין רוסלאַנד, וועלכע האָבן פאַר-לאַנגט אַ געדרוקטע פאָרמולירונג און טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דעם עס-ערישן פּראָגראַם, נעמט אויף זיך זשיטלאָווסקי דידאָזיקע אויפגאַבע און אין 1898 דערשיינט אונטער דעם פּסעוודאָנים ס. גריגאָראָוויטש זיין אַרבעט: „סאָציאַליזם און דער קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט“ (120 זייטן). נאָך אַ קורצן איבערבליק איבער דער שטעלונג פון דעם מעריב אייראָפּעישן סאָציאַליסטישן געדאַנק צו „די צוויי העכסטע אידעאַלן פון ניינצענטן יאָרהונדערט: סאָציאַליזם און פּאָליטישע פרייהייט“, „אין וועלכע די ליידנדע מענטשהייט נייטיקט זיך ווי אין געזונטער שפּייז און פרישער לופט“, גיט אונז דער מחבר אַ היסטאָריש-קריטישן אַנאַליז פון די דריי ריכטונגען אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג: „די זעמליאַ אי וואָליאַ“, די „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“ און „די סאָציאַל-דע-מאָקראַטיע“ און באַווייזט, אַז די פּאָזיטיווע גרונט-עלעמענטן פון די-זאָזיקע ריכטונגען: די אַרבעט אין דאָרף, דער טעראָריסטישער קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט און די רעוואָלוציאָניזירונג פון דעם אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט קאָנען און מוזן פאַרבינדן ווערן אין אַ האַרמאָנישן סינטעז.

אַ ביסל שפּעטער שרייבט זשיטלאָווסקי (אויך אונטער דעם פּסעוו-דאָניום ס. גריגאָראָוויטש) אַ נאָכוואָרט צו דער בראָשור „נאַשי זאַדאַטשי“, וואָס איז אונז צוגעשיקט געוואָרן אין מאַנוסקריפּט פון רוסלאַנד. אונטער דעם פּסעוודאָנים נ. גאַידאַראָוו דרוקט ער אַ סעריע אַרטיקלען אין זשורנאַל „נאַקאַנוניע“, וואָס סערעבריאַקאָוו האָט אַרויסגעגעבן אין לאָנ-דאָן. אין יענע יאָרן דרוקן זיך זשיטלאָווסקיס אַרטיקלען אויך אין די רוסישע לעגאַלע זשורנאַלן דאָס רוב אונטער די איניציאַלן: נ. ג. אין וועווע-וועס און קריווענקאָס: „נאָוואַיאַ סלאָוואָ“ און דערנאָך אין מיכאַי-לאָווסקיס „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“ דרוקט זיך אַ קליינער טייל פון זיין אַרבעט איבער מאַרקסיזם (אַ סעריע אַרטיקלען אונטער דעם נאָמען: „מעטעריאַליזם און די דיאַלעקטישע לאָגיק“). שפּעטער אַ ביסל דרוקט ער אין וואָסכאָד: „אַן אַריינפיר אין דעם אַריסטאָטעלישן פּעריאָד פון דער יידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע“. ער ווערט אויך אַן אָפּטער מיט-אַרבעטער אין „די סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע“, ווו ער דרוקט: „די

געשיכטס־פילאָזאָפיע און דער ענדציל", „די קריזע אינערהאַלב דעס מאַרקסיזמוס" א. אַנד. און אין פערנערסטאָרפערס: „דייטשע וואָרטע". ווו עס ווערן געדרוקט זיינע אַרטיקלען: „בייטרעגע צור געשיכטע און קריטיק דעס מאַרקסיזמוס", „דער סאָציאַליזמוס און די נאַציאָנאַליטעטען פראַגע" א. אַנד,

**מ. מ. ראָזענבוים**

# זכרונות וועגן מיין ברודער חיים

ייגנטלעך איז דער אַרסענאַל פון מיינע זכרונות וועגן חיימען זייער אָרים, ווייל איך האָב מיט אים זייער ווייניק געלעבט צוזאַמען. צו צוועלף יאָר האָב איך שוין פאַרלאָזט מיין פאָטערס הויז אין וויטעבסק און בין אָוועק קיין סמאָלענסק, ווו איך האָב דורכגעמאַכט מיין מיטל־שטודיום. חיים איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זעכצען און צו איין און צוואַנציק יאָר האָט ער שוין געמוזט פאַרלאָזן רוסלאַנד מחמת פּאָליטישע טעמים. לפי זה פלעג איך מיט חיימען זיין צוזאַמען נאָר די דריי חדשים זומער־פעריען, וועלכע מיר פלעגן תּמיד פאַרברענגען אויפן לאַנד נישט ווייט פון וויטעבסק. איך וועל מיך באַגרענעצן מיט עטלעכע עפּיזאָדן פון חיימס קינדישע און יונגע יאָרן און איבערהויפּט מיט דער צייט, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט צוזאַמען מיט זיין טרייען יוגנט־חבר שלמה זאַנוויל ראַפּאָפּאָרט (אַנסקי). איך וויל אויך פאַרזוכן אויסצייכענען אייניקע בילדער און עפּיזאָדן פון דער סביבה, אין וועלכער חיים האָט זיך געהאָדעוועט. די עטלעכע שורות וועלן אפשר צונוץ קומען דעם קומענדיקן חיימס ביאָגראַף אַלס מאַטעריאַל, פון וועלכן עס וועט זיין פאַרשטענדלעך חיימס מהות אַלס מענטש, קעמפער און דענקער.

## I.

### אין אושאַץ (1865—1870)

חיים איז געבוירן געוואָרן אין 1865־סטן יאָר אחרון של פּסח אין אַ קליין שטעטל „אושאַץ”, וויטעבסקער גובערניע. ביז פינף יאָר האָט זיך חיים געהאָדעוועט אין אושאַץ באַם זיידן משה ווײנשטיין, באַ וועלכן די עלטערן האָבן געגעסן זעקס יאָר קעסט. מיין פאָטער, הרב ר' יוסף

ז״ל. איז געווען אַן עילוי, האָט געענדיקט זיין לימוד אין דער וואָלאָזשינער ישיבה מיט אַ דיפּלאָם אויף רבנות, און זיין נאָמען האָט שוין געקלונגען אין דער לומדישער וועלט. צו יענער צייט איז דער זיידע משה געווען אַ גרויסער גביר און האָט געזוכט פאַר זיין מיזשינקע אַן איידעם „אַ צאַצקע". די מוטער איז געווען אַ בילד־שיין מיידל, און צו דער חתונה איז זי אַלט געווען זיבעצן יאָר. דער פאָטער איז אויך געווען זייער אַ שיינער בחור און איז געווען מיט אַ יאָר עלטער פאַר דער מוטער. דאָס ערשטע מאָל האָט דאָס יונגע פּאָרל דערזעען איינער דעם אַנדערן נאָר אויף מאָרגן נאָך דער חתונה, און ווי גרויס איז געווען זייער פרייד, אַז עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זענען ביידע נישט קיין מזוהמס און נישט קיין קאַליקעס. אַן אַטמאָספערע פון צאַרטע ליבע, צוטרוי און אַכטונג האָט שטענדיק געהערשט צווישן די עלטערן, און דאָס האָט זייער גוט געווירקט אויף די כאַראַקטערן פון אונזערע קינדער. איך מוז אָבער מודה זיין, אַז צווישן אַלע ניין קינדער איז חיים געווען דער בעסטער. מען פלעגט אויף אים זאָגן, אַז ער איז „אַן אַ גאָל". באַלד נאָך דעם פאָטערס חתונה האָט דער זיידע משה, וועלכער איז געווען אַ פייעודיקער חסיד, אַוועקגעפירט מיין פאָטער קיין ליובאַוויטש צום „צמח־צדק" (ר׳ מענדעלע שנייערסאָן). דער רבי האָט פאַרהערט דעם פאָטער אין לערנען, איז געווען אַנטציקט פון זיין לומדות, האָט אים אויך געגעבן סמיכה און האָט אַראָפּגענומען פון זיך די גאַרטל און אָנגעטון דעם פאָטער. מיט דעם זעלטענעם בכבודיקן אַקט האָט דער רבי אָפּגעשמדט מיין פאָטער פון מתנגדות און חסידות. די זעקס יאָר, וואָס דער פאָטער האָט געגעסן קעסט, האָט ער יום ולילה געלערנט. און אַז ווען־נישט־איז באַטאָג פלעגט די מוטער אַריין אין חדר און וועלן מיט אים זיך אַ ביסל אונטערהאַלטן, פלעגט דער פאָטער איר זאָגן אויפן איידעלן אופן: „זיי אַזוי גוט, חוהלע, און מאַך צו די טיר פון דער אַנדערער זייט". דער פאָטער האָט געשריבן פּרושים, שאלות און תשובות און אויך שירים. נאָר פון גרויס עניות האָט ער זיי נישט געדרוקט. נאָך זיין טויט (אין 1906 יאָר) האָט די מוטער אַוועקגעשיקט אַלע זיינע כתבים און זיין גרויסע ביבליאָטעק אין ליובאַוויטש און דאָרט זענען זיי געוויס פאַרלוירן געגאַנגען אין די רעוואָלוציע־צייטן.

שפּעטער איז דער פאָטער געוואָרן אַן אינטימער פריינט פון דעם באַוווסטן רב ר׳ יצחק אלחנן, וועלכער פלעגט שיקן דעם פאָטער שאלות און תשובות און פלעגט זיך שטאַרק רעכענען מיט דעם פאָטערס דעה.

ער האָט תּמיד געווירקט אויף דעם פּאָטער ער זאָל וואַרפן סוהריי און ווערן אַ רב. און איינמאָל האָט ער דעם פּאָטער צוגעשיקט אַן איינלאַדונג פון הרב הילדעסהוימער אויף כּסא־הרבנות אין דייטשלאַנד, ווייל דער פּאָטער, אַלס ריגער סוחר, האָט גוט באַהערשט די דייטשע שפּראַך. נאָר די מוטער האָט פאַר קיין געלט נישט געוואָלט ווערן אַ רביצין און „אַרומגיין אין אַ פּערוק אָדער אין אַ טשיפּיק און וואַרטן ביז דאָס קהל וועט אויסצאָלן די שכירות, אַ פּאָר גילדן אַ וואָך". ווי גוט פאַר אונז וואָלט אפשר געווען, אַז דער פּאָטער וואָלט זי נישט געהערט און אָנגענומען די שטעלע פון אַ רב אין דייטשלאַנד. דער פּאָטער איז געווען אין זיין באַנעמונג אַ רויקע און געלאַסענע נאַטור. אין כּעס פלעגט ער זיין זייער זעלטן, אָבער, אַז ער פלעגט שוין ווערן אין כּעס, פלעגט ער קאָנען שלאָגן מכּת־רצח. איינמאָל האָב איך עפּעס פאַרשפּילט אַ האַרבן חטא און דער פּאָטער האָט מיך שיער נישט געטייטעט. די מוטער האָט מיך קוים אַ לעבעדיקן אַרויסגעריסן פון זיינע הענט. דאָך האָבן מיר אים אַלע שרעקלעך געליבט און געשעצט פאַר זיין חכמה, שיינקייט און אינטעליגענץ.

אגב־אורחה וועל איך אויסמאָלן אַ קליין בילדל, וואָס וועט אַ ביסל באַלויכטן די דערציונגס־מעטאָד, וועלכע דער פּאָטער פלעגט אָנווענדן בנוגע די קינדער. איך בין געווען אַ גרויסער שטיפער. אויך האָב איך געהאַט אַ שיין קולעכל און פלעג אין טלית אויף אַ בענקעלע דאַווענען פאַרן עמוד. דער מנין פלעגט זיין געפּאַקט, אַז איך פלעג מתפּלל זיין. איך קאָן מיט שטאָלץ זאָגן, אַז די גאַנצע שטאָט האָט מיך געקענט נישט נאָר פאַרן זינגען, נאָר אויך דערפאַר, ווייל עס איז כּמעט נישט געבליבן איין דאַך אין שטאָט, אויף וועלכן איך זאָל נישט לאָזן אַלס אָנדענק אַ שטיקל פון מיינע הויזן.

איינמאָל ערב־שבת, נאָך ליכט־בענטשן, האָב איך ערגעץ געפונען נאָך נישט אינגאַנצן אַ דעררויכערטן פּאַפּיראָס און האָב זיך פאַרבאָרגן אין עס־צימער הינטערן טיר און גענומען מיט געשמאַק רויכערן. איך האָב נישט פאָרויסגעזען, אַז דער רויך וועט ציען אַרויף און מען וועט אים מערקן. דער פּאָטער איז אַרויס פון קאַבינעט שוין אָן אָנגעטועגער אין די שבּתדיקע בגדים צו גיין אין מנין צו קבּלת־שבּת. מיט אַמאָל זעט ער, אַז פון הינטער דער טיר שלאָגט אַ רויך. מיינענדיק, אַז עס ברענט עפּעס חלילה, האָט ער גלייך אויפגעעפנט די טיר און האָט מיך דערטאַפּט מיטן פּאַפּיראָס אין האַנט.

— „אזוי, דאָס רויכערסט דו, מיין תכשיט ?“ האָט ער געפרעגט מיט צאָרן. איך האָב שוין געוואָרט צו כאַפּן אַ פּאָר גוטע פּעטש. נאָר דער פאָטער האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און קאַלטבלוטיק געזאָגט: „קום אין שול“. די נאַכט בין איך געשלאָפן זייער אומרויק. דעם גאַנצן שבתדיקן טאָג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי איינגעשלאָגן און אַלץ געוואַרט, ווען וועט זיך שוין פונאַנדערשפּילן דאָס געוויטער און אַ קלאַפּ טון דער דונער. קאָן דאָס זיין, אַז דער פאָטער זאָל אינגאַנצן פאַרגעסן אָדער מוחל זיין מיין חטא? אָדער אפשר וויל ער נישט מחלל זיין דעם עונג־שבת? נאָר אָט איז שוין מיט מזל מוצאי שבת, נאָך הבדלה, און איך גיי נאָך אַרום נישט קיין געשלאָגענער. אַפּנים, אַז דער פאָטער האָט מיר מוחל געווען מיין שטיפעריי און איך האָב אַ ביסל אָפּגעלעבט, זיך אויפגעמונטערט און גענומען זינגען מיט דער מוטער און מיט די איבעריקע קינדער דעם „אליהו־הנביא“. מיין קולעכל האָט געקלונגען ווי אַ גלעקל און אויף דעם פאָטערס פּנים איז געווען פונאַנדערגעגאָסן אַ צופרידנקייט און אַ זיסע פרייד.

— „נו, געלויבט איז דער אויבערשטער, גליקלעך אַרויסגעשפרונגען פון אַ קויטיקער מעשה!“ האָב איך פאַר זיך געטראַכט. אויף מאָרגן אין דער פרי האָב איך אויף גיך אָפּגעכאַפּט ברכות, גענומען דעם אָנבייסן און די נאַשעריי און געוואָלט שוין לויפן אין חדר.

ערשט מיטאַמאָל זאָגט מיר חיים:

— „מוטי, מוטע, (אַזוי האָט מען פאַרקירצט מיין נאָמען פון שמואל), גיי אין קאַבינעט, — דער טאַטע רופט“. פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן. פון נישט גיין און ווי־נישט־איז זיך אָפּטראָגן, איז נישט געווען וואָס צו טראַכטן.

— „נו, רבונו של עולם, טראָג מיך אַרויס בשלום!“ — האָב איך פאַר זיך מתפלל געווען און אַ שטאַרק דערשראָקענער אַריין אין קאַבינעט. באַמערקט האָב איך, אַז חיים איז מיר נאָכגעגאַנגען אויפפּאַסן, וואָס דאָ וועט פאָרקומען און אין קריטישן מאָמענט זיין פאַר מיר אַ מליץ יושר. חיים האָט ליב געהאַט אַלע שוועסטערן און ברידער און פלעגט זיי אָפּט אָפּראַטעווען פון דער פאַרדינטער שטראָף, נעמענדיק דעם חטא אויף זיך. די עלטערן האָבן געוווּסט, אַז ער איז זיך אומשולדיק מקריב און אים — דעם בכור — האָט מען קיינמאָל נישט באַשטראָפט. אַז איך בין אַריין אין קאַבינעט, האָב איך זיך געשטעלט בײַ דער טיר, אַ בלייכער ווי אַ טוך, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. דער פאָטער האָט שוין אַראָפּ־

נענומען די רבנו תמס תפילין און האָט לאַנגזאַם צונויפגעלייגט דעם טלית. דער פּאַטער האָט מיך דערזעען און זאָגט :

— „אַ גוטער מאָרגן, ר שמואל". — דער אָנהייב איז מיר שטאַרק נעפעלן און איך שווייג.

— „וואָס מאַכט איר, ר' שמואל ?" — זאָגט ווייטער דער פּאַטער. ווייטער שווייגן האָט נישט געפּאַסט.

— „ע-ע-ע, מ-מ-מ, גאָרנישט, נישקשה" — ענטפער איך מיט אַן איינגעשלאָגענער שטימע.

— „זיצט. ר' שמואל, זעצט זיך, שעמט זיך נישט", — זאָגט ווייטער דער פּאַטער. איך האָב מיך געזעצט מיט אַ האַלבן אחור, במחילה, אויפן ברעג שטול.

— „וואָס הערט זיך נייעס, ר' שמואל, איר וועט אפשר רייכערן אַ ציגאַר ?" — פרעגט באַ מיר דער פּאַטער גאַנץ ליבלעך. פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן.

— „נו, — קלער איך מיר, — אָט-אָ-דאָ וועל איך דאָס באַלד כאַפּן די גוטע פּרעסק". — איך האָב מיר באַשלאָסן צו גיין וואַ-באַנק און אַריינפאַלן אין פּאַטערס שמערצלעכן טאָן : אפשר וועט דאָס מיך אַרויסראַטעווען.

— „ע-ע-ע, אַ ישר. א-איך רררייכער נישט"... ענטפער איך מיט אַ טויטן שמייכל.

— „אַזוי, איר רייכערט נישט, ר' שמואל, אפנים איבערגעוואָכן רייכערט איר נישט, אָבער ערב שבת און דווקא נאָך ליכט-בענטשן האָט איר אפנים יאָ ליב צו רייכערן".

מיט די ווערטער איז דער פּאַטער צוגעגאַנגען צום טישקעסטל און אַרויסגענומען אַ דיקן לאַנגן ציגאַר. פּאַר שרעק האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דער ציגאַר איז גרויס ווי עוג-מלך-הבשן. דער פּאַטער צינדט אָן אַ שוועבעלע, פאַררייכערט דעם ציגאַר און גיט מיר אים איבער מיט די ווערטער :

— „נו, רייכערט, ר' שמואל".

— „דאָ וועט זיך עפּעס אָפּשפּילן" האָב איך מיר אַ קלער געטון. „רבונו של עולם ! ראַטעווע מיך ! ווי איך בין אַ ייד, אַז איך וועל נישט היפּען אין דאַוונען, וועל זיין גוט אי פרום !" איך האָב פאַרמאַכט די אויגן אויף גיך אָפּגעזאָגט „שמע ישראל" און מיט אַ טרייסלדיקער האַנט גענומען דעם ציגאַר און אַ צי געטון דעם רויך. מיין גאָט ! אַזאַ מין

פאַרשטינקענע ביטערניש האָב איך נאָך קיינמאָל נישט פאַרזוכט. כינין און ריצינאייל איז געווען אַ סך געשמאַקער. איך האָב שוין געוואָלט אוועקלייגן דעם ציגאַר, נאָר דער פאָטער האָט שוין געזאָגט צו מיר מיט אַ בייזער שטימע:

— „רייכער, רייכער, יונגאַטש!"

איך האָב זיך גענומען עטלעכע מאָל ציען דעם רויך, וועלכער איז מיר אַריין אין נאָז, אין די אויגן, אין געדערים. איך האָב זיך שטאַרק פונאַנדערגעהוסט, מיר איז געוואָרן איבל, איך האָב פאַרוואָרפן דאָס קעפּל, און עס איז מיר אָנגעגאַנגען חלשות. איך וואָלט געוויס אַרונטערגעפאַלן פון שטול, אָבער אין דעם מאָמענט איז אַריינגעפאַלן די מוטער מיט אַ געשריי: „גזלן, וואָס טוסטו? דו וועסט מיר פטרן דאָס קינד!" (אפנים, אַז חיים האָט איר געגעבן וויסן וואָס דאָ טוט זיך).

— „נישקשה, חווינקע, עס וועט אים נישט שאַטן. עס וועט אים זיין אַ רפואה, ער וועט מער נישט רייכערן", — האָט איר דער פאָטער קאַלטבלוטיק געענטפערט.

די מוטער האָט מיך גענומען אויף די הענט, אַרויסגעטראָגן פון קאַבינעט און גענומען פּאָיען מיט מילך. אַלס אַ קאָמפּענסאַציע בין איך יענעם טאָג אין חדר נישט געגאַנגען, פון וואָס איך בין געווען גאַנץ צופרידן.

מיט גרויס דאַנק דערמאָן איך עד־היום מיין פאָטער, זיין מעטאָדע: פון דעמאָלט אָן האָב איך קיינמאָל מער נישט גערייכערט און נאָך איצט, אַז ווער נישט איז רייכערט אין מיין געגנוואַרט אַ שטאַרקן ציגאַר, דער־מאָן איך מיך דעם „עוג־מלך־הבשן" און בין קאַפּאַבל אַנטלויפן ווי פעפער־וואַקסט.

די מוטער איז געווען אַ באַוועגלעכע און איך וואָלט זאָגן אַ קעמפנ־דע נאַטור. זי איז געווען די אמתע אשת־חיל און עקרת־הבית. דער פאָטער איז זייער אָפט אַרומגעפאָרן געשעפטלעך און אַז ער פלעגט זיין אין דער היים האָט ער תמיד געלערנט, געשריבן אָדער פאַרבראַכט זיין צייט אין דיסקוסיעס מיט לומדים אָדער בטלנים. לפי־זה איז די גאַנצע לאַסט פונם חנוך־הילדים געפאַלן אויף דער מוטערס אַקסלען. און הגם זי איז געווען אַ האַלב־וויסנדע, האָט זי דאָך פאַרשטאַנען צו גיין מיט דער צייט און געבן די קינדער בילדונג. זי האָט געהאַט גוטע פעיקייטן און אַ שטאַרקן זכרון. זייענדיק שטענדיק אין אַן אַטמאָספער פון תורה און אין אַ סביבה פון לומדים, האָט זי זיך זייער אַ סך אָנגעהערט און

פלעגט אָפּט זאָגן אייגענע פּשטלעך און תּורה־ווערטלעך, וועלכע דער
פאָטער פלעגט מיט אַ באַזונדערן שטאָלץ איבערחזרן פאַר זיינע געסט
אין דער מוטערס נאָמען.

די מוטער איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, פלעגט טיילן אַלע
ראש־חודש און פרייטיק אָרימעלייט געלט במזומנים, זומער אָנקאָכן טעפּ
מיט זופּ פאַר אָרימע קראַנקע און קימפּעטאָרינס. אַ באַזונדערער ברויט־
בעקער פלעגט באַקן ברויט פאַר געפאַלענע באַלעבאַטים און אלמנות, און
כּדי זיי זאָלן חלילה נישט האָבן קיין שבור־לב, פלעגן זיי באַקומען דאָס
ברויט דירעקט פון בעקער, וועלכער פלעגט סוף חודש דערלאַנגען דער
מוטער אַ רעכנונג. אויסער דעם איז זי געווען אַ מיטגליד אין אַלע וויל־
טעטיקע חברות, וווּ זי פלעגט צאָלן יעדן חודש באַדייטנדע ביישטייערגע.

אַזוי ווי די מוטער האָט זיך געהאָדעוועט אין גרויסן לוקסוס, האָט
זי אויך איר הויז געפירט ביד רמה, אויפן גבירישן אופן. אין הויז זענען
שטענדיק געווען אורחים — אייגענע און פרעמדע, און זעלטן, אַז צום
טיש זאָלן גיין ווייניקער ווי פינפצען מענטשן. די הוצאה איז געווען גרויס
און חוצדעם, האָט זי פאַרשטאַנען אין די גוטע יאָרן אָפּצושפּאָרן באַדייטנדע
סכומים געלט, פאַר וועלכע זי פלעגט בויען הייזער, קויפן צירונג און
אַנדערע ווערטן. און ווי אָפט פלעגט די מוטער ראַטעווען מיט אירע אָפּ־
שפּאָרונגען אונזער זינקענדיקן „אָקרענט”, (שיף) וועלכע וואָלט געוויס
אונטערגעגאַנגען אין די כוואַליעס פון ברויזנדן ים אָן איר הילף. די מוטער
איז געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס זי איז אַ טאָכטער פון ר׳ משה ווייג־
שטיין, דעם גרויסן גביר און חסיד. און באמת איז דער זיידע משה גע־
ווען נישט גאָר קיין אָרדינערער מענטש. דאָס איז געווען אַן אונטערנע־
מערישער גייסט. אין יענע יאָרן, מיט אַ יאָר זעכציק צוריק, פלעגט ער
פאַרדינען פון צוואָנציק ביז דרייסיק טויזנט רובל אַ יאָר און פלעגט דאָס
ביז אַ גראָשן פאַרלעבן. אַ טייל געלט פלעגט ער פונאַנדערגעבן אויף
צדקה און פדיונות דעם רבן און דאָס איבעריקע פלעגט מען פאַרלעבן.
יעדן קינד און אייניקל צו אַ ברית, בר־מצווה, אָדער תּנאים פלעגט ער
שיקן מתּנות, זילבערנע און גאָלדענע חפצים און געלט במזומנים, ווי אויך
גאַנצע קאַסטנס מיט ווייַן, פרוכטן, טיי, קאַווע א. ד. ג. ער האָט חתונה
געמאַכט אַ סך אייניקלעך און אָרימע קרובים און אַלעמען געגעבן נדן
און אויסשטייער. כּל־זמן דער זיידע משה האָט געלעבט זענען בײַ אונז
אין דער משפּחה נישט געווען קיין אָרימע. צו יעדן יום־טוב פלעגן זיך
קיין אושאַץ צונויפֿקומען כּמעט אַלע קינדער, שנירן און איידעמס און

טאַמער פֿלעגט װער ניִשט איז ניִשט קענען קומען, האָט ער געמוזט שיקן אַ פֿאַרטרעטער — אַ קינד. איך אַליין בין אויך אַ פּאָר מאָל געװען צו גאַסט אַלס אַ פֿאַרטרעטער. און איך געדענק, אַז מיר פֿלעגט שטאַרק אימפּאָנירן, װען פֿאַר דעם עסן פֿלעגט מען אַריינטראָגן פֿון קעלער גאַנצע געדרויכערטע לאַקסן, פֿאַרשידענע װײַנען און ענגלישן פּאָרטער אין גרויסע מעשענע טעפּ.

— די באָבע חיה-שרה, מײַן מוטערס מוטער, איז געװען אַ שיינע ייִדענע און פֿלעגט גיין אָנגעטון אַפֿילו אינדערװאָכן אין זייד און ריפּס. אויפֿן פֿאַרטוך האָט זי געטראָגן אַ גרויסן רימענעם בײַטל, אין װעלכן עס פֿלעגן ליגן די שליסעלעך פֿון קראָם, קעלער און שענק. שבת און יום-טובֿ פֿלעגט זי אָנטון עטלעכע פֿעדעם פּערל, לאַנגע דימענטענע אויערינגלעך, און אויפֿן קאָפּ אויסבינדן אַ קניפּ פֿון אַן עכטער טערקישער זיידן-שאַל.

די קראָם פֿלעגט זײַן אָפֿן אין די מאַרק-טעג פֿאַר די פּריצים און פּויערים, װעלכע פֿלעגן אָנפֿאָרן אין שטעטל, און ערבֿ שבת און ערבֿ יום-טובֿ פֿאַר די באַלעבאַטים פֿון שטעטל. אין די מאַרק-טעג פֿלעגט מען אין קראָם אָפּלייזן „אוצרות" מיט געלט. דאָס לייזן פֿון שטעטל פֿלעגט זײַן אויף קרעדיט און די באָבע פֿלעגט פֿירן „אַ לויסטער" (אַ בעל-חובֿ-רעיעסטער). אַלע ערבֿ יום-כּפּור פֿלעגט דער זיידע איבערקוקן דעם לויסטער אין באַמערקנדיק, אַז דאָס רובֿ בעל-חובֿות זענען אָרימעלייט, פֿלעגט ער צערייסן דעם לויסטער און זאָגן דער באָבען: „גיי האָב אַן עסק מחילה-בעטן דאָס גאַנצע שטעטל, טאָמער האָסטו עפּעס פֿאַרגעסן צו פֿאַרשרײַבן".

נאָכן זיידנס טויט (ער איז געשטאָרבן אין עלטער פֿון 77 יאָר) איז פֿון אים קיין געלט ניִשט געבליבן: ער האָט אַלץ אַלעמען פֿונאַנדערגעטיילט נאָך פֿאַר זײַן טויט. אין דעם יאָר פֿון זײַן שטאַרבן איז זײַן פֿאַמיליע באַשטאַנען פֿון 77 נפֿשות — זין, טעכטער, שנירן, איידעמס, אייניקלעך און אור-אייניקלעך. נאָך זײַן טויט האָט חיים באַזוכט די באָבען און האָט פֿון איר דערפֿאַרן דעם זיידנס ביאָגראַפֿיע. עס װײַזט זיך אַרויס, אַז אין די יונגע יאָרן איז דער זיידע משה געװען אַ באַלמעלאָכע, אַ בלעכער. נאָך זײַן חתונה פֿלעגט ער מיט אַ פּאָר פּועלים אַרומגיין איבער די פּריצישע הויפֿן און װײַסן סאַמאָװאַרן און אַנדערע כּלים. דערנאָך איז ער געװאָרן אַ פּאָדריאַדטשיק און פֿלעגט דעקן דעכער אין די קלויסטערס. מיט אַ צופֿאַל איז ער אַראָפּגעפֿאָרן קיין ריגע, האָט זיך צוגעקוקט צו דעם דאָרטיקן עקספּאָרט-מסחר און האָט זיך דערװוּסט, אַז [illegible]אַקס איז

אַ גרויס עקספּאָרס־אַרטיקל. אַזוי ווי ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטשאַפט צווישן די פּוילישע פּריצים, ווו ער פלעגט פריער אַרבעטן, האָט ער פאַר־געלייגט אַן ענגלישער פירמע „מיטשעל”, אַז ער וועט פאַר זיי איינקויפן פלאַקס און ער איז באַ דער פירמע געוואָרן דער הויפט־איינקויפער פון פלאַקס און האָלץ־סחורות. מיט דעם זיידן, דעם באַלמעלאָכע, איז חיים געווען מער שטאָלץ ווי מיט דעם זיידן, דעם גביר און דעם חסיד. חיים פלעגט זאָגן:

— „עס איז נישט קיין קונץ פון אַ גביר ווערן אַן אָרימאַן. נ״ר. פון אַן אָרימען באַלמעלאָכע ווערן אַ גרויסער גביר איז מער קונץ”.

## II.

# אין וויטעבסק.

### א) פון חדר ביז גימנאַזיע (1870—1878)

אין 1870־טן יאָר זענען די עלטערן אַרויסגעפאָרן פון אושאַץ קיין וויטעבסק, פונוואַנען עס האָט געשטאַמט מיין פאָטער און ווו עס האָט גע־לעבט דעם פאָטערס פאָטער, ר׳ שניאור־זלמן. דער זיידע זלמן איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער טיפּ, ווי דער זיידע משה. דער זיידע זלמן איז געווען אַ באַלמעלאָכע, אַ קאָנדיטער און אַזוי האָט מען אים גערופן: ר׳ זלמן קאָנדיטער”. די מלאכה האָט ער נישט געוואָרפן, הגם ער איז געווען גאַנץ תּקיף. ער האָט געהאַט אין וויטעבסק אַן אייגענע מויער, אין וועלכער עס איז געווען דער גרעסטער און בעסטער האָטעל אין שטאָט. ער פלעגט זאָגן, אַז יעדער מענטש מוז פאַרדינען זיין ברויט מיט יגיע־כּפּיו. ער איז געווען אַ הויכער, שלאַנקער, בילד־שיינער ייד מיט אַ לאַנ־גער שוואַרץ־שיוולעכער באָרד מיט וווּנדערשיינע בלויע אויגן. זיין מלאכה איז געווען נישט קיין שווערע, אַ מעכאַנישע, דעם קאָפּ האָט מען צו איר נישט געדאַרפט צולייגן און דער זיידע האָט געהאַט גענוג צייט בעת דער מלאכה צו דענקען. דער זיידע זלמן איז געווען שרעקלעך פרום: ער פלעגט פאַסטן מאָנטיק און דאָנערשטיק און אַלע נאַכט אָפּריכטן חצות־

פון טראַך זיין פרומקייט איז ער געווען נישט קיין פאַנאַטיק, אדרבא, ער איז געווען זייער טאָלעראַנט. אָפט פלעגט ער זיך איינשטעלן פאַר חיימען, ווען ער פלעגט פאַרגעסן אָנצוטון די תפילין, אָדער נישט גיין שבת אין שול צום דאַווענען. דער זיידע פלעגט זאָגן צום פאָטער:

— „לאָז אים צורו, מיין זון: נייע צייטן, נייע מנהגים". דער פאָטער פלעגט שטאַרק אַכטן דעם זיידע זלמן, און דעם זיידנס אַ וואָרט איז בא אים געווען הייליק. אייגנטלעך איז מיר גאַנץ אומפאַרשטענדלעך, ווי אַזוי דער זיידע זלמן איז געוואָרן אַ באַלמעלאָכע און דווקא אַ קאָנדיטער. זיינע עלטערן זענען קיין באַלמעלאָכעס נישט געווען. פון זיין מוטערס צד שטאַמט דער זיידע פון גרויסן יחוס. זיין מוטער איז געווען אַן אייניקל פון ר׳ ישעיהו בערלין אָדער פיק, ווי מען האָט אים גערופן אין דער לומדישער וועלט. ר׳ ישעיהו פיק איז געווען אַ רב אין דייטשלאַנד, אַ גאון-עולם און ער האָט געמאַכט אַ פירוש אויף גאַנץ ש״ס.

מיט דעם נאָמען פון דעם גרויסן גאון און צדיק גייט אַרום אין אונזער משפחה אַזאַ מין לעגענדע. דער גאון איז נעבעך געווען אַ גרויסער אָרימאַן און האָט געהאַט איינאיינציקע טאָכטער. פאַר זיין פטירה האָט ער צוגערופן די טאָכטער און דעם איידעם און האָט זיך מיט זיי אָפגעזעגנט בזה הלשון:

— „מיינע קינדער, קיין גוטס און קיין האָב קאָן איך אייך נישט לאָזן. די איינציקע ירושה, וואָס איך קאָן אייך לאָזן, זענען מיינע ברכות". און ער האָט זיי געבענטשט מיט די ברכות, מיט וועלכע יצחק אבינו האָט געבענטשט יעקב-אבינו: „אורריך ארור ומברכיך ברוך". פון דעמאָלט אָן — זאָגט די לעגענדע — האָט נאָך נישט געטראָפן, אַז עס זאָל אַראָפגלאַט דעם מענטש, וועלכער טוט אומרעכט אַ מיטגליד פון אונזער משפחה. דאָס גלייבן אין דער שליטה פון דער ברכה האָט גוט געווירקט אויף דער אויסבילדונג פון די כאַראַקטערן. איך געדענק נישט, אַז מיר זאָלן ווען נישט איז זיך פראָצעסירן מיט וועמען, אָדער נוקם זיין זיך אָן אַ שונא: מען האָט דאָס נישט געדאַרפט: „נישקשה, גאָט וועט זיך מיט אים אַליין אָפּרעכענען!"

דעם פאָטערס מוטער האָט געשטאַמט פון די שטיינהאַרדס, און איר פאָטער איז געווען אַ רב אין ירושלים. זי איז געשטאָרבן זייער אַ יונגע פון כאָלערע און מיר האָבן זי נישט געקאָנט. דער זיידע זלמן האָט ליב געהאַט הערן די דיסקוסיעס, וועלכע חיים פלעגט פירן מיט זיינע חברים

באַ זיך אין צימער, און הגם שבת פלעגט זיין אין צימער שטאַרק אָנגערויכערט, פלעגט דער זיידע זלמן שטיין שטילערהייט באַם אויוון און מיט הנאה הערן חיימס דרשות.

איידער מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון אושאַץ האָט דער זיידע משה, וועלכער האָט באַשלאָסן, אַז דער פאָטער זאָל ווערן אַ סוחר, געקויפט פאַר אונז אין וויטעבסק אַ „קרעסטעגציע" ד. ה. אַ הויף מיט אַ הויז און אַ שפייכלער. די קרעסטעגציע איז געשטאַנען אין „זאַרוצעוויע" נישט ווייט פון ברעג טייך „דווינע", וועלכע איז געווען די איינציקע טראַנספּאָרטאַרטעריע צווישן וויטעבסק און די שכנישע גובערניעס — סמאָלענסק, פּסקאָוו און טווער. זיין סוחרישע קאַריערע האָט דער פאָטער אָנגעהויבן מיט זאַלץ, וועלכעס דער זיידע משה האָט צוגעשיקט פון ריגאַ און חויטעבסק מיט דער אייזנבאַן. אין וויטעבסק האָט מען דאָס זאַלץ פאַרלאָדן אין אַ לייווע (אַ גרויסע שיף), וועלכע מען האָט געשלעפּט אויפן וואַסער. די שלעפּקראַפט איז געווען נישט דאַמף און אויך נישט קיין פערד. די לייווע פלעגן שלעפּן יידן אין יאַרמולקעס, אין אייציקע העמדער און טלית-קטנס. אין היץ, אין רעגן, אין קעלט, גאַנצע טעג, ווי אויך אין די ליכטיקע נעכט, פלעגן זיי ציען די שלעפּ-שטריק, וועלכע פלעגן צעפּיצלען דאָס העמד און אָנרייבן ביז בלוט און אייטער די אַקסלען. פאַר דער עבודת-פרך פלעגן זיי באַקומען ברויט, אַ פאָר שטיקלעך צוקער און פערציק ביז פופציק קאָפּיקעס אַ טאָג. אַ סך באַלמעלאָכעס, וועלכע זענען געזעסן אָן אַרבעט, וואָלטן וועלן זיין „בורלאַקעס" אָבער „לא כל האדם זוכה". צו דער אַרבעט האָט מען געמוזט האָבן געזונט. אַזוי שרעקלעך איז שוין אין יענע צייטן געווען די עקאָנאָמישע לאַגע פון די יידישע אַרבעטער-מאַסן אין דעם תחום. דער „לייוועטשניק" (דער באַלעבאָס פון דער לייווע) האָט געדאַרפט פונאַנטערטיילן דאָס זאַלץ אין די שטעט: „סוראַזש", „וועליזש", און „ביעלע" די קרעמער, און, צוריקפאָרנדיק, איינקאַסירן דאָס געלט. אָבער אין אַ פאָר וואָכן אַרום איז געקומען אַ שליח-מיוחד פון דעם לייוועטשניק מיט אַ ידיעה, אַז די לייווע איז אַרויף אויף אַ שטיין, האָט זיך צעבראָכן און דאָס זאַלץ איז דערטרונקען געוואָרן. בייזע צינגער האָבן געפירט רכילות, אַז אין יענעם זומער האָבן די קרעמער אין די שטעטלעך און דערפער אויפן טייך געהאַט זאַלץ לרוב און בחינם-חינם, אָבער דאָס איז געווען לשון-הרע פון דער קאָנקורענץ. אמת, צו די ימים-נוראים האָט דער לייוועטשניק געקויפט אַ גאַנץ שיינע קרעסטענציע אין וויטעבסק, אָבער אַז גאָט וויל עמעצן העלפן איז דאָך נישט שייכות קיין

שאלות: פונוואַנען? קיין פאַרזיכערונגס-געזעלשאַפטן, וועלכע זאָלן דעקן
דעם הפסד איז נאָך דעמאָלט אין וויטעבסק נישט געווען און אָט אַזוי
האָט געפּלאַצט דעם פאָטערס נדן אין דעם ערשטן מסחר אַן קאָפּ דרייע-
ניש און אָן שבר-לב. דער צווייטער מסחר איז געווען אַ הערינג-געשעפט
„אַן-גראָ". דער זיידע משה האָט צוגעשיקט פון „ליפּאַיי" (אַזוי האָבן
יידן גערופן די שטאָט „ליבאַוו") אַ וואַגאָן הערינג. דעם פאָטער איז נישט
שטאַרק געפעלן דער שטינקענדיקער מסחר און די גאַנצע לאַסט איז גע-
פאַלן אויף דער מוטערס אַקסלען. אין אונזער קרעסטענציע האָט זיך אָנ-
געהויבן אַ באַוועגלעך לעבן און אַ גאַנצער סדר רעפאָרמען. די הערינג-
פעסלעך האָבן געהאַט אַ טבע, אַז אויף זיי פלעגן פּלאַצן די רייפן, און באַ-
זונדערס אין זומער, און דער הערינג-ראָסל פלעגט אויסרינען. און אויפן
הויף זענען געשטאַנען גאַנצע בלאָטעס פון הערינג-ראָסל. מען האָט אויס-
געבויט אַ באָנדאַרניע, ווו שמעונקע, דער באָנדער, מיט זיינע בנים פלעגן
פון אינדערפרי ביז אין דער נאַכט אָנשלאָגן נייע רייפן אָנשטאָט די
געפּלאַצטע. צוליב קאָנקורענציע וועגן האָט מען געמוזט יעדן קרעמער
אַריינפירן די פעסלעך הערינג אין קראָם אַריין, און צוליב דעם האָט מען
געמוזט קויפן אַ וואָגן מיט אַ פערד, און אין דער קרעסטענציע איז
דערשינען אַ שטאַל מיט אַ חדרל פאַרן פורמאַן. דער ערשטער
פורמאַן איז געווען אַ יונג בחורל בערל, אַ לעבעדיקע סחורה און אַ גבור:
אַראָפּ- און אַרויפקייקלען אַ פעסל הערינג פון וואָגן איז באַ אים געווען
אַ קינדער-שפּיל. צו בערלען אין חדרל פלעגן זיך פאַרקלייבן שבת נאָך
וואַרעמס אונזער קליינוואַרג און בערל פלעגט דערציילן משונהדיקע מעשיות
פון שדים, ווילדע רוחות, גוטע-יידן און מכשפים. אַזוי ווי די מוטער איז
געווען באַשעפטיקט דעם גאַנצן טאָג מיט די קונים אין שפּייכלער, האָט
מען געמוזט נעמען אין הויז אַן עלטערע יידענע, וועלכע זאָל אויפפּאַסן
אויף די קינדער און אויף דער גויע, ד. ה. די רוסישע ניאַניע. הגם די
גויע איז מיטגעקומען פון אושאַץ און האָט זייער ליב געהאַט די קינדער
און איז בכלל געווען זייער טריי, אָבער ווי טרויט מען דאָס אָן יידישע
קינדער אַ גויע? מאַלע וואָס עס טרעפט זיך! שכירות האָט מען דער
גויע געצאָלט יערלעך דריי רובל אויף „אַלעם פאַרטיקן". פאַר אַן אויפ-
פאַסערקע אויף דער גויע האָט מען אַריינגעלאָזט „אַ שורות", ד. ה. אַ
גאַנצע פאַמיליע. אָבער שכירות — דריי רובל אַ חודש — און עסן פלעגט
באַקומען נאָר די שורותטע. איר מאַן און די קינדער האָבן זיך געמוזט
באַקעסטיקן אויפן אייגענעם רעכנונג. דערפאַר האָבן זיי געהאַט אַן אומ-

זיסטע דירה — די קיך און אַ האַלב־פינצטער קליין חדרל מיט הייצונג און ליכט. דער ערשטער „שורות" איז געווען זעליג דער פילשציק. זיין ווייב שאַשע איז געווען אַ גוטע קעכין, אַ בריה און דערצו אַן ערלעכע יידענע. אָבער די מוטער פלעגט איר דערלויבן, אַז זי זאָל פון אונזער עסן אויך געבן איר מאַן מיט די קינדער און דערביי פלעגט די מוטער זאָגן צום פאָטער מיט אַ גוטן שמייכל:

— „צוואָס זאָל איך זיין אַ שלעכטע באַלעבאָסטע, מאַכן זי פאַר אַ גנבטע און זי זאָל מיך האַלטן פאַר אַ נאַר? זי וועט דאָך סיי־ווי־סיי געבן עסן איר מאַן און קינדער פון אַלץ, וואָס איז אין שטוב."

שאַשעס בחורל, ישראל יעקב, איז שוין געווען אַ לערניונגל בא אַ בלעכער און איז געווען חיימס בעסטער חבר.

אין וויטעבסק האָט מען חיימען אָוועקגעגעבן צו פינף יאָר אין חדר צו משה איצען, דעם מלמד. משה איצע איז שוין געווען אַ זקן און זייער אַ גוטער מענטש: ער פלעגט די קינדער נישט שלאָגן און נישט שמייסן. אָבער אַז ווער נישט איז פון די קינדער פלעגט פאַרשפּילן אַ חטא, פלעגט משה איצע נעמען דאָס קינד, צופירן אים צום טיש און אַריינ־שלאָגן אַ טשוועקל צווישן די פינגערלעך און דערביי איינרעדן דעם קינד, אַז אַזוי ווי ער איז צוגעשלאָגן צום טיש, קאָן עס נישט אַוועקגיין. דאָס קינד פלעגט שטיין און קלאָגן ביז משה איצע פלעגט נישט אַרויסציען דאָס טשוועקל. איינמאָל האָט חיים זיך שטאַרק פאַרשטיפט און משה איצע, ווי געוויינלעך, האָט אים צוגעשלאָגן צום טיש. אָבער ווי נאָר דער רבי האָט זיך אָפגעקערט אַן אַ זייט, האָט חיים פונאַנדערגענומען די פינגער און איז אַנטלאָפן אַהיים. מיט גרויס התפעלות איז געקומען משה איצע צו די עלטערן דערציילן חיימס המצאה. אין חדר האָט זיך חיים געחברט בּאַר מיט אָרימע קינדער, מיט וועלכע ער פלעגט מאַכן נישט גאָר קיין גלענצנדע געשעפטן, הגם דער אומזאַץ איז געווען גאַנץ לעבהאַפט. חיימס מכּחר איז באַשטאַנען דערין, וואָס ער פלעגט אויסבייטן זיינע אָנבייסנס, מיטאָגן און נאַשערייען אויף די פּראָדוקטן, וועלכע די אָרימע קינדער פלעגן מיטברענגען אין חדר. חיימען פלעגט מען געוויינלעך מיט־געבן בולקעס באַשמירט מיט פוטער אָדער זאַפט און באַלייגט מיט פלייש, וורשט אָדער קעז. חיימען האָט דאָס אַלץ נישט געשמעקט און ער פלעגט דאָס פאַרבייטן אויף ברויט מיט גרינע ציבעלע, אויף קייקעלעך פון קאַנאָפּלעך און בובאסקעס (קוגעלעך פון גריקענע מעל) און אויף אַנדערע מאכלים, וועלכע די אָרימע קינדער פלעגן ברענגען

אין חדר. חיים פלעגט זיך פשוט קוויקן מיט די מאכלים און ברענגען זיי אהיים. אונזער „קרעסטענציע" איז געשטאַנען אין אַן אָרימען ראַיאָן. אונזערע שכנים זענען געווען אָרימע באַלמעלאָכעס און, ווי עס פירט זיך בא אָרימע לייט, האָבן זיי געהאַט אַ סך קינדערלעך אָן עין הרע, מיט וועלכע חיים פלעגט זיך גערן חברן. שוין אין די גאַנץ יונגע יאָרן פלעגט זיך חיים פאַרטראַכטן וועגן דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידישע אַר־בעטער. עס פלעגט אים נישט לאָזן רוען דער אומגערעכטיקער קאָנ־טראַסט צווישן אונזערע קינדער, וועלכע פלעגן זיך באָדן אין גוטס און זיינע חברים, וועלכע פלעגן אַרומגיין הונגעריקע, אָפּגעריסענע און אָפּ־געשליסענע, מיט קרומע, ראַכיטישע פיס. וואָס חיים האָט געקאָנט, פלעגט ער אַוועקשלעפּן פון עסן־זאַכן און צעטיילן די אָרימע קינדער. אויך זיי־נע בגדים פלעגט ער ביסלעכווייז פונאַנדערגעבן, און אַז די מוטער פלעגט זיך כאַפּן, אַז חיימקע האָט נישט וואָס אָנצוטון און פון אַזוי פיל בגדים איז גאָרנישט געבליבן. פלעגט זי מיינען, אַז טאַמער האָט דאָס שאַשע גענומען פאַר אירע קינדער, פלעגט זיך חיים גלייך מודה זיין און דער־ציילן, אַז עס איז זיין מלאכה. דערביי פלעגט ער קושן און האַלזן די מוטער און איר זאָגן:

— מאַמענקע, אַז איך וועל נישט האָבן קיין אָנצוג, וועסטו מיר נייען אַ נייעם, אָבער ווער וועט עס זיי נייען?

די מוטער, וועלכע איז אין תוך געווען זייער אַ גוטע, פלעגט זיך דערביי באַגיסן מיט טרערן, אויסקושן חיימען די גלידער אָבער, דאָך זאָגן מיט אַ שטרענגן טאָן:

— זאָלסט מער, מיין זונדעלע, אַזאַ נאַרישקייט נישט טון. פאַר אַלע אָרימעלייט קאָן מען זיך נישט אָננעמען.

נאָך משה איצען איז חיים אַריבער לערנען צו ירוחם שמואל דעם מלמד, בא וועלכן חיים האָט שוין געלערנט גמרא מיט רשי און תוספות. די עטלעכע יאָר, וואָס מיר האָבן געלעבט אין זאַרוטשעווע האָט חיים, דאַכט זיך, מער קיין מלמדים נישט געביטן. ירוחים שמואל האָט געקאָנט גוט לערנען, געווען שטרענג און, הגם ער האָט געהאַט אַ קאַנטשיק, ד. ה. רימענע לאַקשן. אָבער איך געדענק נישט, אַז ער זאָל וועמען נישט איז פון די תלמידים שלאָגן אָדער שמייסן, (איך האָב בא אים אויך געלערנט). נאָר אַז ער פלעגט ווערן אין כעס, פלעגט ער ווערן בלאַס, איין אויג פלעגט זיך בא אים פאַרמאַכן און דאָס אַנדערע פלעגט זיך טרייסלען און דרייען ווי אַ ראָד, און זיין אויסזען בעת זיין כעס פלעגט מער שרעקן

די קינדער ווי די לאָקשן. חיים האָט געלערנט מיט גרויס התמדה און מען האָט גערעכנט, אַז ער וועט געוויס זיין אַ גרויסער למדן. פאַר זיך האָט דער פאָטער געטרוימט, אַז די רבנישע קאַריערע, וועלכע האָט זיך אים נישט איינגעגעבן, וועט אפשר באַשערט זיין חיימען. נאָר די מוטער האָט געשטרעבט צו מאַכן פון חיימען אַ למדן, אַ געבילדעטן מענטש און אַ גרויסן סוחר.

— אין דער צייט וואָס די מוטער האָט געפירט דאָס הערינג-געשעפט, האָט דער זיידע משה אַרויסגערופן דעם פאָטער קיין ריגע און האָט אים פאַרגעשטעלט דער פירמע מיטשעל, וועלכע האָט אים איבערגעגעבן אַ ראַיאָן צום איינקויפן פלאַקס און האַלץ. צו יענער צייט איז שוין געווען אין ריגע דער מוטערס עלטערער ברודער, מאיר זעליג, אַ גרויסער האָלץ-סוחר און דערהויפּט איינקויפער פאַר דער ענגלישער האָלץ-פירמע „דזשאָן ריקקער". דער פעטער מאיר זעליג וויינשטיין האָט אין ריגע געשפּילט אַ גרויסע ראָלע: ער איז געווען זייער רייך און דערצו אַ פייערדיקער חסיד. די דייטשע יידן האָבן אים אויסגעקליבן פאַר אַ קהלס-מאַן. דאָס איז געווען אַ גרויסער כבוד פאַר אַ „רייסעשן" ייד, ווי די קורלענדער פלעגן רופן אַלע פרעמדע געקומענע יידן. דער פעטער מאיר זעליג האָט גענומען דעם פאָטער אונטער זיין השפעה און מיין פאָטער איז מיט מזל געוואָרן אַ האָלץ-סוחר. דער האָלץ-מסחר איז אים געפעלן און האָט אים אָפּגעצויגן פון זיין רבנישער קאַריערע. אין די ערשטע פאַר יאָר האָט דער פאָטער גאַנץ געשמאַק פאַרדינט און איז באַשטאַנען, אַז די מוטער זאָל וואַרפן דאָס הערינג-געשעפט. די עלטערן האָבן פאַרקויפט די קרעסטענציע און האָבן געקויפט אַ גרויס שטיינערן הויז אין שלאָס-גאַס — די בעסטע גאַס אין וויטעבסק. דאָס הויז אָדער „די מויער", ווי מען פלעגט עס רופן אין וויטעבסק, איז געווען באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „מאַקאַראָווס מויער". דאָס איז געווען אין יענע צייטן דאָס גרעסטע הויז אין וויטעבסק, מיט צוואַנציק פענצטער צום פראָנט און דריי שטאָק הויך. דאָס הויז איז געווען משונהדיק געבויט: אונטן אַ האַלבער שטאָק, דערנאָך צוויי שטאָק און אויבן צום הויף ווידער אַ האַלבער שטאָק. אין אונטערשטן האַלבן שטאָק זענען די דירות געווען נידעריקע, פינצטערע און פייכטע, און דאָרט האָבן געוווינט באַלמעלאָכעס און מאיר דער מלמד, באַ וועלכן חיים האָט געלערנט אַ פּאָר זמנים. אין דעם שטאָק איז אויך געווען אַ גרויסער קעלער פון פּרוכטן, וועלכע האָט געהערט צו אַ גויע מיט דעם „פּוחאָווע". זי איז געווען אַ שרעקלעך דיקע פרוי און איר פלעגט זיין

שוער זיך צו קערן. אונזער חברה קליינוואַרג האָט דאָס באַמערקט און מיר פלעגן גיין קויפן סחורה באַדריט אָדער באַפערט. איינער פון אונז פלעגט זיך דינגען מיט דער פוהאָווע און די אַנדערע פלעגן דערווייל גנבענען עפל, באַרנעס און פלוימען און אָנשלאָגן מיט זיי אַלע קעשע-נעס. אַז מיר פלעגן קומען אַהיים מיט אָנגעשוואָלענע קעשענעס און פלעגן זיך באַרימען, אַז די סחורה קאָסט פיר אָדער פינף קאָפּיקעס, פלעגט חיים שטאַרק מקנה זיין אונזערע סוחרישע טאַלאַנטן און פלעגט וועלן וויסן, ווי גיט עס זיך אונז איין אַזעלכע קניות. אַז מיר האָבן אים איינמאָל דערציילט דעם אמת, האָט ער אַ פּאַטש געטון מיט די הענט און אויסגעשריגן:

— „אוי, ברידערלעך, דאָס איז דאָך פּשוטע גנבה! בײַ מיר וואָלטן די הענט געציטערט און איינגעפאַלן דאָס האַרץ פאַר שרעק: אָט-אָט כאַפּט זי מיך. איר וועט זעען ברידערלעך. איר וועט שלעכט אָפּ-שניידן!" — זיינע נביאות זענען מקוים געוואָרן. צום סוף זומער, אַז פוהאָווע האָט געבּרענגט דירה-געלט פאַרן קעלער, האָט זי פון רעכנונג אַראָפּגעצויגן עטלעכע רובל, פאַר וועלכע מיר האָבן גענומען פירות „אויף קרעדיט", ווי פוהאָווע האָט דיפּלאָמאַטיש אָנגערופן אונזערע טאַלענטפולע קניות. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פוהאָווע האָט יעדעס מאָל באַמערקט, ווי מיר גנבענען און פלעגט פאַרשרייבן דריי מאָל אַזוי פיל, וויפיל מיר פלעגן אינדערעמתן נעמען. אַזוי איז דער מסחר אונז אַרויס באַקאָם און מיר האָבן געכאַפּט אַ גוטע פּאַרציע.

חיים פלעגט האַלט האָבן אין דער פרייער צייט פון חדר באַזוכן די באַלמעלאָכעס און צוזעען זייער אַרבעט און לעבן. בײַ די שניידער פלעגן די פועלים זיצן מיט די באָרוועסע פיס אויפן טיש און אונטער דעם אַקאָמפּאַניאַמענט פון דער ניימאַשין זינגען יידישע פאָלקס-לידלעך וועגן פריזיוו („פירט מען מיך אַריין אין ערשטן חדר, טוט מען מיר אויס די אייגענע קליידער...") וועגן יידישע צרות, וועגן אלמנות און יתומים, שטיפמוטערס און בייזע שוויגערס. פון פייגעלעך און בלומען, פון בלויען הימל און דער ליכטיקער זון, פון בערג, טאָלן, וועלדער און פעלדער איז נאָך אין יענע צייטן אויף דער יידישער גאַס קיין לידלעך נישט געווען. די באַקאַנטשאַפט מיט די באַלמעלאָכעס, מיט די פועלים, מיט זייער לעבן און גאַנצן מצב האָט געמאַכט אויף חיימען אַ גרויסן איינדרוק. דער קאָנטראַסט פון דעם לעבן אין אונטערשטן האַלבן שטאָק און אין דעם ערשטן שטאָק פלעגט אים שטאַרק אויפרעגן. ער פלעגט

אומגיין און אַלץ טראַכטן וועגן דער אומגערעכטיקייט. שוין פון צען־עלף יאָר אָן איז חיים אומגעגאַנגען אַ פאַרחלומטער און איז אַלץ געלעגן אין איין רעיון: ווי מאַכט מען, אַז אַלעמען זאָל זיין גוט. איך געדענק נישט, אַז חיים זאָל וועגן נישט איז שפּילן זיך ווי אַנדערע קינדער. קיין שפּילצייג אינדערהיים האָבן מיר נישט געהאַט. פון באָנעס און גוווערנאַנטקעס, וועלכע זאָלן אונז פאַרנעמען די צייט און דערציילן באָבע־מעשות, האָבן מיר אויך נישט געוווסט. חנוכּה פלעגן מיר אַליין אויסשניידן די פאָרמען, אין אַ לעפל פונאַנדערשמעלצן בליי און אויסגיסן די גאַרן.

פורים פלעגן מיר אַליין מאַכן גרעגערס און שרייערס. קיין קאַ־לעקטיווע שפּילן, ווי אין סאָלדאַטן אָדער טעאַטער־שפּילן האָבן מיר אויך נישט געפירט. פאָלגנדע צוויי קאָלעקטיווע שפּילן האָבן דאָך אונז זייער אינטערעסירט. די ערשטע האָט זיך גערופן „דער בוי". צוויי מחנות קינ־דער יידישע און גויישע פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן אויף דעם באַרג „ליו־בישצע" און אָנפאַלן איינע אויף די אַנדערע און שלאָגן זיך ביז בלוט, אַזוי לאַנג, ביז וועלכע נישט איז מחנה פלעגט פאַרטרייבן די אַנדערע. צום כּבוד פון די יידישע קינדער מוז איך זאָגן, אַז זיי פלעגן אָפט מנצח זיין, אַ דאַנק די מלחמה־פירער — הערשל זעליג דעם זייגערמאַכערס, און בּו־נים נחמיה דעם בעלכערס. חיים האָט פיינט געהאַט דעם באַרבאַרישן שפּיל און פלעגט אויך אונז נישט לאָזן נאָענט צוגיין צו די מהנות. דער אַנדערער שפּיל האָט זיך גערופן „קאַפּעלע". יינגלעך, וועלכע האָבן גע־האַט אַ מוזיקאַלישן געהער און אַ וועלכע נישט איז שטימע, פלעגן זיך צונויפקלייבן אין אַ ליידיקער דירה שבת אָדער יום־טוב נאָך וואַרעמס, און אונטער דער ליטונג פון דעם „קאַפּעלמייסטער" (אליקום ראָזענבער — חיימס אַ חבר), פלעגט יעדעס יינגל מוזן נאָכמאַכן מיט זיין שטימע אַ וועלכן נישט איז אינסטרומענט, איך מיט מיין אַלט בין געווען די ערשטע פידל. הערשל זעליגס פלעגט אָנבלאָזן די באַקן, און מיט די ליפּן פלעגט ער קלאַפּן: בום, בום, בום, און דערביי לאָזן דעם אָטעם דורך די נאָז־לעכער; אין איינעם האָט דאָס געקלונגען ווי אַ טערקישער באַראַבאַן מיט מעשענע טעלער. אינגאַנצן האָט עס פונדערווייטנס געקלונגען ווי אַ קאַפּעלע, די שכנים פלעגן זיין נישט גאָר צופרידן, וואָס מען פלעגט זיי שטערן דעם שלאָף נאָך וואַרעמעס.

צי חיים האָט אימיטירט אַ וועלכן נישט איז אינסטרומענט, ווייס איך נישט, אָבער ער איז געווען דעם מעצענאַט פון דער קאַפּעלע און פלעגט אויסבעטן בא דער מוטער די דערלויבעניש צו רעפּעטירן אין אַ

דעבעדיקער דירה אָדער אין אַ האָלץ־קלייט, אויך פלעגט חיים נישט נע־
מען קיין אָנטייל אין די שטיפערייען, וועלכע חברה קונדיסים פלעגן אָר־
גאַניזירן אין מנין, ווי למשל: תשעה באב פאַרוואַרפן די עלטערע יידן
מיט שטעכעדיקע שישקעס, יום־כפור, בעת פאַלן כּרעים פאַרבינדן די ציצית
פון די טליתים, שמחת־תורה אונטערצינדן בּאַ די קליינע קינדער די „בוי־
גיערון" (פאָנען פון פּאַפּיר). די שפּילן און שטיפערייען האָבן חיימען
פּשוט נישט אינטערעסירט. ער איז תּמיד געווען אויסגעוואַקסן פון זיינע
יאָרן, אים האָט אַלע מאָל געצויגן צו די עלטערע און מער אַנטוויקלטע
חברים און ער — דער ייגנסטער צווישן זיי — פלעגט בּאַ זיי זיין דער
קאָפּ.

נאָך מאיר דעם מלמד האָט חיים געלערנט בּאַ לייבקע הענדעקס.
לייבקע איז געווען אַ גרויסער למדן און אַ בעל־דיקדוק. אויך יידיש
פלעגט ער רעדן מיט אַלע תּנועות און דערבּיי שרעקלעך קרימען מיטן
מויל און דרייען מיט די ליפּן. ער האָט געהאַט אַ קראַנק ווייב אינגאַנצן
אַ געליימטע. און לייבקע פלעגט אַליין פירן דאָס בּאַלעבאַטישקייט: קאָכן,
וואַשן וועש און די פּאָדלאָגע און צירעווען זאַכן. אַזוי ווי ער איז געווען
שטאַרק פאַרנומען, האָט ער נישט געקאָנט קנעלן אַ גאַנצן טאָג און ער
פלעגט געבן „שטונדען", אָבער די תּלמידים פלעגן קומען צו אים אַהיים,
ווייל אויף אַ רגע האָט ער אויך נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין קראַנק
ווייב אַליין. טראָץ זיין שווער לעבן איז ער געווען תּמיד מונטער, ליב־
לעך און האָט זיך קיינמאָל אויף די תּלמידים נישט געבייזערט. בּאַ לייבקען
האָט חיים גוט אויסגעלערנט לשון־קודש און דיקדוק. צו יענער צייט האָט
שוין חיים געלייענט דעם „השחר", די ווערק פון מפו און משה ליליענ־
בלום. אויך האָט זיך חיים געקוויקט מיט די שירים פון יהודה לייב גאָר־
דאָן און אדם־הכהן לעבענזאָן. פון די יידישע מחברים האָט חיים באַזונ־
דער אויסגעצייכנט מענדעלע מוכר ספרים און פון דעם „זיידנס" ווערק
זענען די בּאַליבּסטע בּאַ חיימען געווען: „די קליאַטשע", מסעות בנימין־
השלישי" און פישקע דער קרומער". פון אמ"דן, שמרן און דינעזאָנען —
די בּאַליבּסטע און פּאָפּולערע אין יענער צייט שרייבּער — האָט ער
ווייניק געהאַלטן.

צו צוועלף און אַ האַלב יאָר האָט די מוטער אויסגעווירקט בּאַם
פאָטער, אַז מען זאָל חיימען אַריינבּרענגען אין גימנאַזיום. צוערשט האָט
ער זיך געלערנט בּאַ אַ געוועזענעם לערער פון גימנאַזיום, וועלכער איז
געווען אַ ביטערער שיכּור. דערנאָך האָט מען פּאַר חיימען גענומען אַלס

רעפּעטיטאָר אַ גימנאַזיסט פון אַכטן קלאַס, וועלכער האָט אין עטלעכע חדשים פאַרבעררייט אים צו דרייצן יאָר איז חיים מיט מזל געוואָרן אַ גימנאַזיסט פון דער דריטער קלאַס.

כוף-הזמן.

## III

### ב). פון גימנאַזיום ביז חיים ווערט אַ סוחר (1878—1882)

חיים איז געווען אַ פּאָעטישע נאַטור. צו צוועלף יאָר האָט ער שוין געשריבן שירים אויף לשון-קודש, יידיש און רוסיש. צו דרייצען יאָר האָט ער געפּרוווט שרייבן גאַנצע פּאָעמעס. צוויי פון זיינע שירים האָבן געהאַט אַ ווירקונג אויף זיין לעבנסגאַנג. איין שיר איז געווען אַ סאַטירע אויפן דירעקטאָר מיט דער גאַנצער לערער-קאָרפּאָראַציע. חיים איז שוין דעמאָלט געווען אין פערטן קלאַס. דער שיר האָט צירקולירט איבער דער גאַנצער גימנאַזיע, און די גימנאַזיסטן האָבן אים אויסגעלערנט אויסנווייניק. דער דירעקטאָר, וועלכער איז געווען שטאַרק אויסגעלאַכט אין דער סאַטירע, האָט זיך שטאַרק באַליידיקט און האָט איינגעלאַדן די מוטער צו זיך און געגעבן איר אַן עצה, ווי אַ גוטער פריינד, אַז זי זאָל חיימען פרייוויליק צונעמען פון גימנאַזיע. אויב נישט, וועט ער מוזן צורופן דעם פּעדאַגאָגישן ראַט און פאָרלייגן, אַז מען זאָל חיימען לאָזן אויפן צווייטן יאָר אין פערטן קלאַס, ווייל ער שרייבט מער סאַטירעס, ווי ער לערנט. האָט דער דירעקטאָר געראָטן דער מוטער אויף חיימען גוט אויפפּאַסן און האַלטן אים שטרענג, וואָרים ווען ער טרייסלט שוין אין אַזוינע יונגע יאָרן די מלוכה-יסודות, איז גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ געפערלעכער רעוואָלוציאָנער עס קאָן פון אים אַרויסוואַקסן. ווי דאָס האָרץ האָט אים געזאָגט, זיינע נביאותן זענען מקוים געוואָרן: נישט ווייניק בלוט און נערוון האָט חיים פאַרדאָרבן דער צאַריסטישער רעגירונג! חיים האָט בשום אופן נישט געוואָלט בלייבן אויפן אַנדערן יאָר און איז אַרויסגעטרעטן פון גימנאַזיע.

דעם אַנדערן שיר האָט חיים אָנגעשריבן צו זיין בר-מצווה. אין

דעם שיר האָט ער אויסגעדריקט זיין פרייד, וואָס ער איז שוין פּוליעריק און ער האָט געשילדערט די התחייבות, וועלכע יעדער זון מוז דערפילן צו זיין פאָלק בכלל און אַ ייד צו זיין אומגליקלעך און גערודפט פאָלק בפרט. דער שיר איז געווען געשריבן אויף רוסיש אויף אַכט זייטן פון צוויי גרויסע בויגן פּאַפּיר און האָט געטראָגן דעם נאָמען: „מפטיר". אין אונזער פאַמיליע האָט דער שיר געמאַכט אַ גרויסן רושם און מיר האָבן גענומען פאָדערן פון חיימען ער זאָל דעם שיר דורכויס דרוקן אין דעם יידיש־רוסישן זשורנאַל „וואָסכאָד", וועלכן עס האָט דאַן רעדאַגירט לאַנדאַו.

מיט גרויס אומגעדולד האָבן מיר אַלע דערוואַרט יעדן פרייטיק דעם „וואָסכאָד", אָבער ליידער איז דער שיר אַלץ נישט דערשינען. אָבער ענדלעך איז איינמאָל אָנגעקומען פון דער רעדאַקציע אַ גאַנץ קורץ בריוועלע, אין וועלכן די רעדאַקציע טיילט מיט, אַז הגם די פאָרם און די געדאַנקען פון דעם שיר זענען גאַנץ חשובע, אָבער ליידער איז אין זשורנאַל ווייניק פּלאַץ פאַר אַזאַ לאַנגן שיר און בײַ דער רעדאַקציע כאַפּט נישט קיין בירגער־מוט דעם שיר צו פּלמסן. דאָס בריוועלע האָט חיימען באַגאַסן ווי מיט אַ קאַלטן דוש און אים אויסגעניכטערט פון זיינע פּאָעטישע שטרעבונגען. אָבער אין תוך איז חיים געבליבן פּאָעטיש געשטימט, און איך בין זיכער, אַז אין זיינע פּאָרטפעלן מוזן זיך געפינען שיינע עטלעכע בלעטלעך שירים. מיר גופא האָט חיים צוגעשיקט פון דער שווייץ אַ פּאָר קליינע שירים אין יידיש, וועלכע איך האָב איבערגעלייגט אויף מוזיק. ליידער זענען די פּאַרטיטורן געבליבן אין מיין אַרכיוו אין רוסלאַנד.

חיים איז אויך געווען גאַנץ מוזיקאַליש און האָט אַ גוטן מוזיקאַלישן געהער. איך דערמאַן מיך אַזאַ עפּיזאָד. ווי איך האָב שוין אויבן אָנגעוויזן, האָב איך פיין געזונגען. דאָס רוב פלעג איך אימפּראָוויזירן, ד. ה. „רייסן זיך אויף די ווענט", ווי די מוטער פלעגט רופן מיינע אימפּראָוויזאַציעס, אָדער „זאָגן שטייגער", ווי דער פאָטער פלעגט עס רופן. יענע צייט האָב איך שוין געלערנט חומש מיט רש"י און מיט אַ באַזונדערער באַגייסטערונג איינמאָל חיימען איבערדערציילט די וואונדער־שיינע מעשה פון משהן מיט דעם ברענענדן סנה אין דער מדבר, וועלכע איך האָב גראָד יענע וואָך געלערנט. דאַן זאָגט צו מיר חיים, אַז איך זאָל פּרוּוון אין זינגען אויסמאָלן דאָס גאַנצע בילד, ווי משה וואַנדערט אין מדבר, דערזעט דעם ברענענדן סנה, רעדט מיט גאָט און ווי גאָט ענט-

פערט אים. אויף וויפיל איך האָב ריכטיק אין זינגען אויסגעמאָלט דאָס בילד ווייס איך נישט, אָבער, אַז איך האָב אַ שטאַרק פאַרשוויצטער געענדיקט זינגען, האָט מיך חיים אַרומגענומען, שטאַרק געקושט און געזאָגט אַז פון מיר וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער קאָמפּאָזיטאָר, נישט קלענער פאַר „מאיר-בערן" (נישט מער און נישט ווייניקער!), אָבער ווי עס זעט אויס איז דער דירעקטאָר פון גימנאַזיע געווען מער נביא: חיימס נביאות זענען נישט מקוים געוואָרן.

חיים איז געווען אַ רויקע און געלאַסענע נאַטור. אַריינברענגען אים אין כּעס איז געווען נישט לייכט, אָבער אַן אומרעכט, אפילו די קלענסטע, פלעגט אים שטאַרק אויפרעגן. בײַ אַ גרויסער אומרעכט פלעגט זיין כּעס זיין אַזוי שטאַרק, אַז ער פלעגט זיך נישט קאָנען באַהערשן. דערנאָך אָבער פלעגט אים שטאַרק פאַרדריסן און ער אַליין פלעגט זיך מתוודה זיין, אַז ער האָט נישט שיין געהאַנדלט און איז אַרויס פון די מענטשלעכע גרענעצן. איך געדענק אַזאַ מין עפּיזאָד. איך האָב געלערנט גמרא בײַ יהודה פּיסאַרעווסקי אָדער „יודקע דער מלמד", ווי מען פלעגט אים רופן. דאָס חדר איז געווען בײַ אונז אויפן הויף. יודקע איז געווען אַ שוואַכער למדן און אַ שלעכטער מענטש. אַז ווער נישט איז פון די תּלמידים פלעגט בײַ יודקען פרעגן אַ קשיה, אויף וועלכער ער פלעגט נישט קאָנען גלייך געבן קיין תּירוץ, פלעגט ער זיך וואַרפן שלאָגן. איינמאָל האָב איך בײַ אים עפּעס געפרעגט און אָנשטאָט אַן ענטפער האָט ער מיר געגעבן אַ פּאַטש אין אויער. פון מײַנע עקספּעדיציעס איבער די דעכער פלעג איך אַרומגיין שטענדיק אַ צעמזיקטער. אויך דאָס מאָל איז בײַ מיר הינטערן אויער געווען אַ קליינע ווונד, וועלכע האָט פון דעם פּאַטש גענומען בלוטן. איך בין מיט אַ יאָמער, ווי מען וואָלט מיך שוין כּלומרשט געמיטט, אַרויפגעלאָפן אַהיים. אַז חיים האָט זיך דערוווסט, פאַרוואָס און ווער ס'האָט מיך צעבלוטיקט, האָט ער געכאַפּט אַ שטעקן, איז גלייך אַריינגעלאָפן אין חדר, געכאַפּט יודקען פאַר דער באָרד און גענומען אים בויקערן די זייטן צו דער גרויסער באַפרידיקונג פון אַלע תּלמידים. יודקע איז געווען אַזוי איבערראַשט פון דעם אומגעוויינלעכן פאַל, אַז ער האָט זיך אינגאַנצן פאַרלוירן, האָט זיך אַרויסגעריסן פון חיימס הענט און איז אַנטלאָפן פון חדר. די מוטער האָט באַשלאָסן מיך אָפּנעמען פון יודקען און אָוועקגעבן צו אַן אַנדערן מלמד. דערווייל בין איך עטלעכע טעג אין חדר נישט געגאַנגען. די טעג איז חיים אַרומגעגאַנגען ווי אַן איינגעשלאָגענער, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ: ס'טייטש, ווי האָט ער דאָס



ד"ר חיים זשיטלאָווסקי און זיין מוטער אין וויטעבסק
אין י. 1907

זיך אַזוי פאַרגעסן, אַז ער זאָל בכלל וועמען נישט איז שלאָגן און נאָך אַן עלטערן מענטש! ער האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. אַז חיים האָט נאָך דערהערט פון דער מוטערס באַשלוס, האָט ער זי גענומען בעטן מיט טרערן אין די אויגן, זי זאָל עס חית נישט טון:

— „פאַרשטייסט, מאַמינקע, אַז דו וועסט באַ אים צונעמען מוטען, וועלן די אַנדערע באַלעבאַטים באַ אים אויך אָפּנעמען זייערע קינדער און איצט איז דאָך אין מיטן זמן. וועט ער דאָך בלייבן אָן אַ קנעלונג און ער און זיין פאַמיליע וועלן חלילה אויסגיין פאַר הונגער. רוף אים צו און זאָג אים הארב אָן, ער זאָל זיך מער נישט שלאָגן". אַז יודקע האָט זיך דערוווּסט, ווער ס'איז זיין מליץ־יושר, האָט ער שטאַרק באַדאַנקט חיימען און זיי זענען געוואָרן גוטע פריינט און יודקע האָט זיך מער נישט געשלאָגן. חיים האָט זיך באַרויקט און איז געווען זייער צופרידן, וואָס דער קאָנפליקט האָט זיך אַזוי גליקלעך פאַרענדיקט. חיים האָט אין גימנאַזיע קיין חברים נישט געהאַט. איך געדענק נאָר איין גימנאַזיסט, מיט וועלכן חיים פלעגט זיך טרעפן, דאָס איז געווען חיים ראַטנער, שפּעטער אַ פּאָליטישער עמיגראַנט, אָבער אויך ראַטנער איז געווען עלטער פאַר חיימען מיט אַ פּאָר יאָר. חיים האָט זיך נאָר געחברט מיט די אָרימע קינדער. ער מיט נאָך עטלעכע גימנאַזיסטן פון די עלטערע קלאַסן האָבן געגרינדעט אָוונט־קורסן פאַר אָרימע קינדער, אין וועלכע מען פלעגט לערנען נאָך דעם פּראָגראַם פון גימנאַזיום. די קורסן פלעגן באַזוכן אַ סך ישיבה־בחורים און אַ באַדייטנדע צאָל פון זיי זענען דערנאָך אַריינגעטרעטן אין גימנאַזיום.

איך וויל באַ דער געלעגנהייט אויפצייכנען נאָך אַ בילדל פון אונזער פאַמיליע־לעבן.

שמיני־עצרת פאַר הקפות. עס איז שוין אַ חזקה, אַז אין דעם אָוונט קומט דער גאַנצער „אונטערשטער מנין" — ווו דער פאָטער האָט געדאַווּנט — צו ר' יוספן אויף כיבוד. אין גרויסן עסצימער איז זייער ליכטיק. צום גרויסן עס־טיש ווערן צוגעשטעלט נאָך טישן, באַדעקט מיט שניי־ווייסע טישטיכער. אויפן טיש זענען אויסגעשטעלט באַטאַרייען פון פאַרשידענע משקאות און זיסע פאַרבייסעכצן. דער פעטער משה אהרן — דעם פאָטערס עלטערער ברודער — איז „אַ מעטער" צו מאַכן „גאָגל־מאָגל־פונש" — אַ קאָמבינאַציע פון אייער־געלעכלעך מיט צוקער און ראָק אָדער אַראַק. די קליינוואַרג דרייען זיך אַרום דעם צעשמאָלצענעם צוקער מיט ראָק ווי די בינען אַרום פאַטאָקע און פאַרזוכן, כאַפּן אַ לעק. עס הייבט אַן

צו קומען דער עילם. מיטאַמאָל ווערט דאָס עסצימער פול מיט מענטשן. עס הילכט דער פריילעכער „גוט יום־טוב, ר׳ יוסף, גוט יום־טוב, באַלע־באָסטע". אַ מענטשן פערציק צעזעצן זיך אַרום טיש. אויבנאָן, וווּ עס זיצט דער פאָטער און דער זיידע זלמן, צעזעצן זיך דער רב, די פּני, גבירים און חשובע באַלעבאַטים. נענטער צו דער טיר זיצן די אָרימעלייט, וועלכע קריכן אַליין נישט אויבנאָן. די אָרימעלייט באַהערשן תּמיד דעם ריכטיקן טאַקט, באַזיצן אַ באַשיידענע איידלקייט און זיי, די אָרימעלייט, זענען די אמתע יידישע גייסטיקע אַריסטאָקראַטן.

דער זיידע זלמן מאַכט קידוש, איז אַלעמען מוציא און דער עולם נעמט צו „קאַפּעטשקעס" און זאָגן לחיים דעם זיידן, דעם פאָטער און איי־נער דעם אַנדערן. דער פאָטער הייבט אָן זאָגן תּורה, עפּעס אַ פאַר־פּלאָנטערטן ענין, אויף וועלכן עס שטעלן זיך אַלע פּוסקים און מפרשים. דער עולם הערט פאַרטיפטערהייט. עס הערן זיך שטימען: „האַ, גוט, הפּלא ופלא, מתוק כּדבש". לעבן רב זיצט לייוויק־יאַנקעלע־ביינישעס, אַ זקן, אַ למדן און אַ חשובער באַלעבאָס, די פינגער פון דער רעכטער האַנט האָט ער צוגעדריקט צו די אויגן, מיט דער לינקער האַנט שפּאַרט ער אונטער דעם עלנבויגן פון זיין רעכטער האַנט, און דער אייבערשטער האַלבער קערפּער וויגט זיך ריטמיש. אַז דער פאָטער ענדיקט זיין דרשה, עפנט ר׳ לייוויק די אויגן, פאַרגלאָצט זיי צום באַלקן און מאַכט אַ ברכה: „ברוך... שנתן מחכמתו לבשר־דם!" דער עולם ווערט לעבעדיקער, עס הערט זיך אַ הילכיקער לחיים מיט פאַרשידענע ווינטשעווישן. דער פאָטער און דער זיידע זלמן הייבן זיך אויף פון טיש און נעמען באַדינען די אורחים. קיינער פון די היימישע ווי אויך די נאָענטע קרובים זיצן נישט בּאַם טיש: אַלע באַדינען די אורחים. אַז מען נעמט טראָגן פון קיך די גוטע מאכלים: געבראָטענע גענז, פּופּקעס, אייטער און געפילטע העלזלעך גיט דער זיידע אַ ווינק צו חיימען און זיי נעמען איבער בּאַ די סאַרווער די געריכטן און צעשטעלן דאָס קודם־כּל פאַר די אָרימעלייט. אַז דער זיידע מערקט אַ מינע פון אומצופרידנהייט אויף דער מוטערס פּנים, זאָגט ער איר מילד מיט אַ גוט שמייכעלע:

— „נישקשה, מיין טאָכטער, די גראָבע בייכער האָבן די מאכלים בּאַ זיך אין דער היים אויך, און די אָרימעלייט וואַרטן אויף דעם כּיבוד אפשר דאָס גאַנצע יאָר".

חיים פּאַסט אויף די קליינע אָרימע קינדער, וועלכע קומען מיט זייע־דע פּאַטערס „צום גביר אויף כּיבוד" און זיצן האַלב־דערשראָקן, האַלב־

פאַרשעמט אויפן שפּיץ שטול צוזאַמען מיטן פּאַטער. חיים זאָרגט, אַז זיי זאָל גאָרנישט פעלן און לייגט זיי אָן אין די קעשענעס פרוכטן און גוטע זאַכן. מיין פּאַטער טרינקט ווייניק, נאָר ער פאַרשטעלט זיך האַלב שיכור־לעך, כדי די געסט זאָלן זיך נישט שעמען צו טרינקען. דער פּאַטער באַווייזט אַ קונץ: ער לייגט פאָר עמעצן ברענגען פון שאַנק אַ גמרא און אַריינשטעכן אין אַ וועלכן נישט איז אות אַ שטעקנאָדל און דערנאָך זאָגט ער אויסנווייניק אַלע אותיות אויף יעדער בלאַט, וועלכע די נאָדל האָט דורכגעשטאָכן. דער עולם באַווונדערט זיין כוח הזכרון. מען גיט פונאַנדער די געסט צו גלעזלעך פּונטש און מען הייבט אָן צוזינגען דעם רבינס און אַנדערע חסידישע ניגונים. אַ זייגער עלף גייען אַלע אין מנין פּראַווען הקפות.

חיים איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער לעזער. ווי מיט צוואַנגען פלעגט מען אים מוזן אָפּרייסן פון בוך צום עסן. אין דער נאַכט פלעגט ער זיך פאַרלייענען אַזוי שפּעט, אַז די מוטער פלעגט אויפשטיין פון שלאָף און צונעמען פון חיימס צימער דעם לאָמפּ. דאָס ביסל ביכער, וועלכע זענען געווען אין די צוויי קליינע ביבליאָטעקן אין וויטעבסק, האָט ער אַלע דורכגעלייענט. צו יענער צייט האָט שוין צווישן דער לייענענדער יוגנט געהערשט אַ ראַציאָנאַליסטישע שטימונג, די באַליבטסטע ליטעראַרישע העלדן זענען געווען „באַזאַראָוו" פון טורגעניעווס „אָטצי אי דיעטי" און „ראַכמעטאָוו" פון טשערנישעווסקיס ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט". צווישן די קריטיקער פון יענער צייט, האָט די יוגנט אָנערקענט דאָבראָליובאָוו און פּיסאַרעוו. נאָר חיים, וועלכער איז אויך געווען ראַציאָנאַליסטיש געשטימט, האָט דורכגעלייענט נישט נאָר די רוסישע קלאַסיקער, נאָר אויך די קלאַסיקער פון דער אייראָפּעישער ליטעראַטור. חיים האָט צו זעכצן יאָר פולקאָם באַהערשט די רוסישע שפּראַך. ווו און ווען ער האָט געלערנט אַנדערע שפּראַכן ווייס איך נישט, נאָר די דייטשע און פראַנצויזישע ווערק האָט ער געלייענט אין דער אָריגינעלער שפּראַך. גאָר אין די יונגע יאָרן האָט חיים געלייענט בעלעטריסטישע ווערק. שפּעטער האָבן אים שוין אינטערעסירט היסטאָרישע, סאָציאָלאָגישע און פילאָזאָפישע ווערק. צוליב דעם לייענען פלעגט זיך חיים אָפּזאָגן פון פערזענלעכע פאַרגעניגנס. אַזוי ווי דער פּאָטער פלעגט דער גאַנצן זומער פאַרברענגען אין ריגע, איז אויך זומער די פאַמיליע אַרויסגעפאָרן אויף דאַטשע אין „דובבעלן", אַ ים־קוראָרט לעבן ריגע. נאָר צופעליק האָט זיך חיים דערוווסט פון אונזערע משולחים, אַז אין אַ גוט ליובאַשקאָווע, ווו מיר האָבן געהאַקט דעם וואַלד, איז באַם יונגן פריץ זייער אַ גרויסע ביבליאָטעק. חיים האט זיך אָפּגע־

זאָגט צו פאָרן אין דובבעלן און האָט געפועלט צו דינגען באַם קרעטשמער אין ליובאַשקאָווע אַ חדר און האָט דאָרט פאַרברענגט דעם גאַנצן זומער. אַז איך בין געקומען פון סמאָלענסק נאָך די עקזאַמענס אָנפאַנג יוני קיין וויטעבסק און האָב זיך דערוווּסט, אַז חיים לעבט אין ליובאַשקאָווע, האָב איך מיך אָפּגעזאָגט פון דובבעלן און אוועקגעפאָרן צו חיימען. די טעג ביז פאַרנאַכט פלעגט חיים פאַרברענגען אין דער ביבליאָטעק באַם פריץ אין הויף. פאַרנאַכט פלעגט צו חיימען קומען דעם דיאַקאָנס אַ זון — אַ תּלמיד פון דעם גייסטלעכן סעמינאַריום — פּרעאָבראַזשענסקי — און פלעגט אָפּט מיטברענגען עטלעכע יונגע פּויערים, וואָס האָבן שוין געקענט שרייבן און לייענען און חיים האָט זיי ביסלעכווייז אַנטוויקלט און רעוואָלוציאָניזירט. דאָס גאַנצע טאַשן-געלט, וואָס חיים האָט באַקומען, פלעגט ער אויסגעבן אויף ביכער. אויך דער אַנדערער ברודער באָריס — אונטער חיימען, פלעגט אים אַוועקגעבן זיינע שכירות (ער איז שוין געווען אין וואַלד אַ בוכהאַלטער און אַ קאַסירער) אויף קויפן ביכער. און אַז חיים איז אַוועק אין דער שווייץ, האָט ער אונדז איבערגעלאָזט אַ ביבליאָטעק פון עטלעכע הונדערט כּרכים און פון זייער אַן אינהאַלטרייכן אויסוואַל.

ווו חיים איז באַקאַנט געוואָרן מיט אַנסקין ווייס איך נישט, עס קאָן זיין, אַז אויף די אָוונט-קורסן. גאָר איינמאָל איז ער צו אונדז געקומען און מען האָט אים לכתחילה אויפגענומען נישט גאָר פריינטלעך, אָבער דערנאָך איז ער באַ אונדז געוואָרן אַ היימישער מענטש און מיר, די יונגוואַרג, האָבן זיך צו אים זייער צוגעבונדן און האָבן אים ליב באַקומען ווי אַ נאָענטן קרוב. ווער עס האָט נאָר געהאַט די זכיה צו קענען אַנסקין נאָענט, דער האָט אים געמוזט ליבן פאַר זיין איידל יידיש האַרץ, פאַר זיין גוטסקייט און מאָראַלישער ריינקייט און פאַר דער גייסטיקער שיינקייט, וואָס האָט תּמיד באַלייכט זיין גאַנצע פיגור. אַנסקי איז געווען עלטער פאַר חיימען מיט אַ פאָר יאָר. ער האָט געשטאַמט פון דעם באַוווסטן אין אונזער קאַנט בערל ראַפּאָפּאָרט, אַ גרויסער פּאַדריאַדטשיק פון מיליטער-קאַזאַרמען און פעסטונגען אין ניקאָלאַי דעם ערשטנס צייטן. פאַר זיינע לייסטונגען האָט ער באַקומען דעם טיטול פון אַן ערלעכן ערן-בירגער. בערל האָט געלעבט אין אַ קליין שטעטל „צאַשניק", וויטעבסקער גובערניע און אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז „בערל פאָרט אַרום מיט ניקאָלאַיען אין די קאַרעטעס". אַנסקיס פאָטער — ר' אהרן — אין געווען בערלס אַן אייניקל. נאָך בערלס טויט איז די משפּחה פאַראָרימט געוואָרן און אַנסקיס פאַטער איז געוואָרן אַ משולח באַ אַ האָלץ-

הענדלער און איז שטענדיק נישט געווען אינדערהיים. אַנסקיס מוטער האָט געעפנט אַ שענק, ווו זי מיט די טעכטער האָבן געאַרבעט פון פרי־מאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, און אַנסקי האָט זיך אַליין געהאָדעוועט ווי אַ בוים אין וואַלד. אַנסקי איז געווען הויך געוואַקסן, שלאַנק, מיט שוואַרצע לאַנגע האָר, מיט אַ שאַרפן אָבער מילדן בליק פון טונקל־ברוינע אויגן מיט אַ קליין מויל, פון וועלכן עס האָבן געבליצט ווייסע שטאַרקע ציין. די נאָז אַ גראָדע, אַ לאַנגע און באַם שפּיץ עטוואָס פאַרבויגן, ווי באַ אַן אָדלער און זיין גאַנצע פיגור איז געווען אַן אָדלער־פיגור. אַנסקי איז געווען אַ גבור און זיין גבורה האָט ער איינמאָל דעמאָנסטרירט אויף אַזאַ אופן. אויף אַ ווייך זעסל האָט ער אַרויפגעזעצט דריי פון אונזער קליינוואַרג און דערנאָך האָט ער גענומען דאָס זעסל פאַרן קעפל אין די ציין און האָט זי אַרומגעטראָגן אַ פאָר מאָל איבערן זאַל. אַנסקי האָט אויף חיימען געהאַט די ערשטע צייט אַ גרויסע שליטה. הגם אַנסקי איז געווען אונזערס אַ שטיקל מחותן (דעם זיידע זלמנס צווייטע פרוי איז אויך געווען בערל ראַפּאָפּאָרטס אַן אוראייניקל), גאָר באַצויגן האָט מען זיך צו אים נישט גאָר פריינטלעך: די עלטערן האָבן גערעכנט, אַז אַנסקי פירט אַראָפּ חיימען פון וועג. באַ דער זעלבער מיינונג איז אויך געווען חנה הורוויטש, דער מוטערס אַ פריינדין און אַ שכנה, וועלכע האָט געוואוינט אַקעגן אונז, אין אַן אייגענער גרויסער מויער.

חנהס עלטערער זון שמואל איז אייגנטלעך געווען מיינער אַ חבר מיר האָבן צוזאַמען געלערנט באַ ירוחם שמואל, דעם מלמד, נאָר ער איז גע־ווען עלטער פאַר מיר מיט אַ יאָר אָדער צוויי. ער איז געווען זייער אַנטוויקלט און האָט געהאַט אַ זעלטן גוט הארץ. חנה איז געווען די ערשטע גבירטע אין וויטעבסק און הגם שמואל איז איר געווען אַ שטיפזון, אָבער זי האָט אים ליב געהאַט נישט ווייניקער פאַר אירע אייגענע קינדער און האָט אים דערצויגן מיט צאַרטער ליבע און געגעבן גוטע בילדונג. שמואל האָט זי אויך געליבט און געשעצט ווי אַן אייגענע מוטער. אַלס אַ גבירס אַ זון האָט שמואל געהאַט שטענדיק באַדייטנדע סומעס טאַשן־געלט, וועלכע ער פלעגט ביז אַ גראָשן אַוועקגעבן די אָרימע חברים. אונזערע לעבנס־וועגן זענען זיך נאָך אין דער יוגנט פונאַנדערגעגאַנגען און איך האָב מיך מיט שמואלן זעלטן געטראָפן. אָבער באַ וועמען איך זאָל נישט פרעגן וועגן אים, זאָגן אַלע בפה אחד, אַז סאַמועל לוואָוויטש איז אַ זעלטענער גוטער מענטש, דורך און דורך אַן איבטעליגענט אין היכן זין פון וואָרט און איז דערצו אַ טרייער זון פון זיין פאלק. מיט אַ באַזונדערער פרייד בין

זיך עס גליקלעך צו קאָנסטאַטירן. שמואל איז איצט אַ דעפּוטאַט אין לאַט־וישן סיים אין ריגע.

חיים, אַנסקי און שמואל זענען געווען אַ טריאָ, וועלכע פלעגן שטענדיק זיין צוזאַמען און פאַרברענגען די אָוונטן. איך וויל אויפצייכענען אַ בילדל, ווי מען פלעגט אין יענע צייטן באַ אונז פאַרברענגען די אָוונטן. עס פלעגט קומען דעם פּאַטערס אַ שוועסטער שפרה, וועלכע האָט געהאַט אַ וואונדער־שיינע סאָפּראַן־שטימע, און דעם פּאַטערס אַ שטיף־שוועסטער פרומע, אַ זעלטן שיין בלאָנד מיידל, צו וועלכער חיים איז געווען נישט נאָר גלייכגילטיק. די מומעס פלעגן קומען מיט נאָך אַ פּאָר חברטעס. צו חיימען פלעגן זיך פאַרזאַמלען זיינע חברים מיט אַנסקין בראש. צוערשט פלעגט מען דעקלאַמירן די באַליבטע שירים פון דעם פּאָפּולערן דיכטער ניעקראַסאָוו. אַנסקי פלעגט מייסטערהאַפט לייענען די שירים „וועמען לעבט זיך גוט אין רוסלאַנד", „די רוסישע פרויען" און „ארינאַ דעם סאָלדאַטס מוטער" דערנאָך פלעגט די מומע שפרה זינגען פאַרשידענע לידער, פון וועלכע דאָס באַליבטסטע איז געווען: אַ רוסיש ליד אָבער מסתמא פון אַ יידישן קאָמפּאָזיטאָר:

„אָ, דו נאַריש פייגעלע,
וואָס זינגסטו אין פענצטער מיר אַריין?
ווייסט נישט, אַז אַ יידיש מיידעלע
לעבט אין צרות, קרענק און פיין?"

אין די ווייטערדיקע פערזן ווערט דערקלערט, וואָס פאַר אַ צרות און ליידן אַ יידישע טאָכטער שטייט אויס. די מעלאָדיע איז געווען אַ רירנדע און אין אַריענטאַלישן געשמאַק. דערנאָך פלעגט מען אַ ביסל טאַנצן, אָבער בחורים האָבן נאָך דעמאָלט נישט געטאַנצט, ווייל דאָס איז געווען אַ צו באַנאַלע זאַך. טאַנצן פלעגן מיידלעך מיט מיידלעך די אַלטע רויקע, גראַציעזע טענץ. באַ אונז אין הויז איז שוין דעמאָלט געווען אַ פּיאַנאָ — אַ שוואַרצער קאַסטן, לאַנג ווי דאָס יידישע גלות און האָט פאַרנומען אין זאַל די גאַנצע וואַנט. נאָך די טענץ פלעגט זיך אָנהייבן אַ דיסקוסיע. איינע פון אַזעלכע דיסקוסיעס איז מיר טיף אַריין אין זכרון. אויב איך האָב נישט קיין טעות איז שוין דעמאָלט פאָרגעקומען אַ טעראָריסטישער אַקט פון איינעם אַ ניעטשאַיעוו. חיים האָט געזאָגט, אַז טעראָר איז אַ מיאוס קאַמפּס־מיטל, ווייל דער גרעסטער אוצר אין דער

וועלט, וועלכן מען קאָן גאַרנישט אָפּשאַצן. איז דער מענטש אַליין, און דאָס גליק אפילו פון דער גאַנצער מענטשהייט קאָן נישט אָפּוועגן דעם דעם אוצר, און דערפאַר האָט קיין רעכט נישט די מלוכה נישט אַן אָרגאַניזירטע גרופּע, ווי אַ פּאַרטיי, געברויכן טעראָר אַלס אַ מיטל אין קאַמף. דאָס פּויערטום, וועלכעס ליידט מער פון אַלע פון צאַריזם, מוז זיך אַליין באַפרייען און מיר — די יוגנט מוז אים העלפן און וועקן זיין באַוווסטזיין. אַנסקי האָט געזאָגט, אַז דאָס פאָלק איז פינצטער און אומוויסנד און ביז דער פּויער וועט ווערן באַוווסטזיניק, וועלן די פּאָמעשטשיקעס מיט דער צאַריסטישער רעגירונג באַ אים אויסצאַפּן דאָס לעצטע ביסל בלוט, און אויב דער מענטש איז אַן אוצר, איז בעסער צו פּטרן עטלעכע מערדער פון אויבן איידער אונטן זאָלן זיך גיסן טייכן בלוט. דער טעראָריסט האָט דאָס רעכט צו משפּטן, ווייל ער איז זיך אַליין מקריב אויפן מזבח פון פרייהייט און דערפאַר איז ער אַ הייליקער קרבן, וועלכער מוז פון אַלעמען געשעצט ווערן. יענע צייטן האָט מען אַלץ גערעדט פון פּויער, אָבער פון דעם אַרבעטער האָט מען ווייניק געשמועסט, ווייל אין אונזערע קאַנטן איז די אינדוסטריע נישט געווען אַנטוויקלט און קיין גרויסע פאַבריקן זענען אין וויטעבסק אויך נישט געווען.

פון ציוניזם האָט מען נאָך אויך נישט געוווסט. די ערשט ציוניסטישע שטראָמען זענען זייער שוואַך געווען אין די ווערק פון משה ליליענבלום און פּרץ בן משה סמאָלענסקין, און האָבן דעמאָלט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון גייסטיקע שטרעבונגען. באַ אונז אין הויז פלעגט מען אויסשרייבן העברעישע צייטונגען, צוערשט דעם „הלבנון", דערנאָך די „הצפירה" און דעם „המליץ" און פון די רוסישע — דעם זשורנאַל „וואָסכאָד" און דאָס בלאַט „נאָוואָסטי". אין די אַלע בלעטער האָט מען נאָך פון ציוניזם נישט גערעדט.

חיים האָט נישט פאַרוואָרפן זיין בילדונג און האָט אַליין ווייטער געלערנט נאָך דעם פּראָגראַם פון גימנאַזיע. אין יענער צייט האָבן אים זייער אינטערעסירט אויסער סאָציאָלאָגישע אויך היסטאָרישע פּראָבלעמען. ער האָט גוט דורכשטודירט די יידישע געשיכטע פון גרעץ, דעם יוסיפון (יוסף פלאַוויוס), די וועלט-געשיכטע פון שלאָסער, די היסטאָרישע ווערק פון צונץ אין פרידלענדער און נאָך אַנדערע. אין דער זעלבער צייט האָט חיים נישט פאַרלאָזט דעם יידישן לימוד. צום פאָטער פלעגט אָפט אַריינקומען אַ ייד אַ למדן, ר' חיים קאָדינער. ער פלעגט טראָגן אַ ניידן מאַנטל, אַ שטאַרק צעריסנס, אנגעטון אויף איין רעכטן אַרבל. אונ-

טערן מאַנטל, אין דער לינקער האַנט, האָט ער תמיד מיטגעטראָגן אַ שרעקלעך דיקן חבור „כנפי יונה”, וועלכער איז נאָך נישט געווען געדרוקט, און ר' חיים קאָדינער פלעגט קלייבן געלט אויף צו דרוקן דעם חבור. כל-זמן איך געדענק, האָט ער נאָך אַלץ געזאַמלט געלט, און מיר דאַכט זיך, אַז ער האָט דאָס עסק איבערגעלאָזט בירושה זיינע קינדער. באַ דעם קאָדינער האָט חיים געלערנט חסידות און קבלה, אין וועלכע, ווי עס ווייזט דער פאָלגנדער פאַל, חיים איז געווען אַ גאַנצער מומחה.

צו אונז פלעגט אָפט קומען דער מוטערס אַ שוועסטערקינד, מאיר, וועלכער איז געווען אין טאַראַפּעץ אַ שוחט און דערצו אַ גרויסער דלפון. אַז עס פלעגט ווערן גאָר שמאָל, פלעגט ער קומען צו אונז זיך אַ ביסל אויסהעלפן. מאיר איז געווען אַ פייערדיקער חסיד און אַ גרויסער מקובל.

איינמאָל האָט ער דיספּוטירט אַ פּאָר שעה מיט חיימען און דערנאָך איז ער אַרויסגעלאָפן פון חיימס צימער אַ רויטער ווי אַ צונטער, אַ פאַרשוויצטער און איז אין האַלב אָנמאַכט אַנידערגעפאַלן אויפן דיוואַן אין עסצימער און אויסגעשריגן צו דער מוטער:

— חווהלע, מען קאָן באַ אים בלייבן אונטער די הענט! ער איז אַ געכאַפּטער, ער איז אַ כופר בעיקר. ער גלייבט נישט אין גאָט, נישט אין דער תורה הקדושה און נישט אין משה־רבנו. סטע־געהערט? ער זאָגט, אַז שפּינאָזע, דער משומד, שטייט העכער פון רמ"בם און פון רי"־הקודש, אַז דער „חובות־הלבבות” איז טיפער פון "תניה", דעם אַלטן רבינס זצ"ל. און אַ גאַנץ קליין ביסעלע האַלט ער נאָר פון „ב"שט”. דאָס איז דאָך אַ קליפה, רחמנה־לצלן!”

צו זעכצען יאָר איז שוין חיים געווען אַ סאָציאַליסט נישט נאָר אין דענקען אָבער אויך אין די מעשים. איך ווייס נישט פונוואַנען זיי — ער און אַנסקי — פלעגן באַקומען רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און פלעגן זי פאַנאַנדערשיקן אין די דערפער. אָפט פלעגט די ליטעראַטור — בראָשורן און פּראָקלאַמאַציעס — זיין באַהאַלטן באַ אונז אין הויז און די עלטערן האָבן עס געוויינלעך נישט געוווּסט. איך געדענק, ווי דעם צווייטן מערץ 1881 אינדערפרי האָט אונז חיים אויפגעוועקט פון שלאָף און מיט אַ באַזונדערער פרייד און התפעלות דערציילט דאָס שרעקלעכע נייעס, אַז נעכטן — דעם ערשטן מערץ — האָט מען אין פעטערבורג מיט אַ באָמבע אויפגעריסן „דעם תליון” אַלעקסאַנדער דעם צווייטן. אַז מיין ברודער באַריס — אַ מענטש אַ רויִקער מיט אַ גרויסן ישוב הדעת — האָט באַ־

מערקט, אַז „מען טאָר אויף קיין שררה קיין מפלה נישט בעטן, ווייל עס קאָן נאָך זיין אַן ערגערער". האָט חיים מיט גרויס אָפּטימיזם געזאָגט: „נישקשה איצט וועלן זיי שוין מוזן געבן אַ פּאַרלאַמענט. זיי וועלן מורא האָבן ווייטער צו יושעווען". זיינע נביאותן זענען ווידער נישט מקוים געוואָרן: ווער פון אונז געדענקט נישט דעם צורר־היהודים — אַלעקסאַנדער דעם דריטן!

אין יענע צייטן האָט מען נאָך געשטרעבט צו אַ פּאַרלאַמענט. פון פּראָלעטאַרישע דיקטאַטור האָט מען נאָך קיין השגה נישט געהאַט. היינט ב"ה ווייסן מיר שוין אַלע, וואָס פאַר אַ געשמאַקע פּרי דאָס איז.

## IV.

### חיים ווערט אַ סוחר ביז דעם ערשטן חבור 1882—1884

הגם חיים האָט דעם גאַנצן טאָג געאַרבעט: געלעזן, געשריבן, געלערנט שפּראַכן און דורכגעגאַנגען דעם גימנאַזיע־פּראָגראַם, האָבן דאָך די עלטערן געזאָגט, אַז ער גייט אַרום „שליגג און שלאַנג" און מען מוז אים וועגן צוצופירן „צו אַ תכלית", אַז נישט וועט ער „אויסוואַקסן אויפן וואַלד", און גאָט ווייסט, וואָס פון אים וועט זיין. מען האָט באַשלאָסן, אַז מען וואָל חיימען אַוועקשיקן אין וואַלד פאַר אַ קאַסירער און אַ בוכהאַלטער. ערשטנס וועט ער מיט דער צייט זיך אויסלערנען דאָס פאַך און וועט, אם ירצה השם, ווערן אַ האָלץ־סוחר מיט אַלע סוחרים גלייך, און צווייטנס וועט מען דערווייל פּטור ווערן פון אַנסקין, וועלכער פירט חיימען אַראָפּ פון וועג. די ביידע מוטערס, חיימס און שמואלס, זענען געווען שטאַרק איבערצייגט אין דעם, אַז נאָר אַנסקי פירט אַראָפּ די קינדער פון דעם דרך־הישר און מען מוז געפינען תרופות ווי אַזוי פון אים פּטור צו ווערן. איך געדענק, אַז איינמאָל איז חיים מיט שמואלן געגאַנגען אין געוועט, אַז חיים וועט אין אַ האַלבער שעה אָנשרייבן אַ דראַמע אין פינף אַקטן מיט אַ פּראָלאָג און אַן עפּילאָג. די טעמע איז געווען: „שלמה־זיינוויל, דער קינדער־פּרעסער" אָדער „ווי ווערט מען פון אים פּטור". דער פּריז פון געוועט איז געווען פּירות: עפּל, באַרנעס און אָראַנזשען, חיים האָט

גלענצנד געווונען דעם געוועט, און אין צוואַנציק מינוטן איז די דראַמע נעוואָרן פאַרטיק, אָבער ביזוואַנען ער האָט געשריבן, האָט אַנסקי געמאַכט אַ תל פון דעם פריז און פאַר דעם פאַרשוויצטן פון שנעלער אַרבעט דראַמאַטורג, איז גאָרנישט געבליבן.

אין וואַלד האָט מען חיימען אַוועקגעשיקט אונטער דער השגחה פון דעם עלטערן משולח („בראקער״) ר׳ מרדכי ראַיאַק. חיים האָט מיטגענומען אַ נרויסן קופער מיט ביכער און אויך אַ היפש ביסל רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור און איז מיט מזל אַוועק אין וואַלד. דאָס איז געווען נאָך סוכות. אין דריי פיר חדשים אַרום איז ר׳ מרדכי געקומען צום פאָטער מיט אַ בקשה, אַז מען זאָל למען־השם חיימען צונעמען פון וואַלד, וואָרים ער צעפּטרט די פויערים. חיים דערקלערט זיי, אַז זיי אַרבעטן בחינת־חינם, אַז די ערד און דער וואַלד געהערט זיי און נישט דעם פריץ, און די פויערים זענען זייער אויפגערעגט, און בעטן אַלע ווייַלע הוספות און צו יעדער „סכאָדקע״ (פאַרזאַמלונג) מוז מען זיי אויסשטעלן אַ פאָר עמער בראָנפן, אַנדערש ווילן זיי גאָרנישט אַרבעטן. דער אוריאַדניק האָט שוין אַ פאָר מאָל געפרעגט. וואָס טוט דאָ דער „פאַניטש״ ד. ה. דעם סוחרס זון, און וואָס אונטערהאַלט זיך אַזוי אָפט דער פאַנישט מיט די פויערים. ר׳ מרדכי האָט מורא, אַז אויב דער סטאַנאָוואָי זאָל זיך דערוויסן פון חיימס פראָפּאַגאַנדע־אַרבעט, וועט ער אים אַרויסשיקן „פאָ עטאַפּו״ ד. ה. צופיס קיין וויטעבסק. עס קען זיין, אַז ר׳ מרדכי האָט געוואָלט פטור ווערן פון חיימס קאָנטראָל, מער ווי דער אוריאַדניק. אָבער ווי די מעשה איז, חיים איז באַלד געקומען צוריק אַ היים און איז מיט מזל געוואָרן אויס האָלץ־סוחר. אַנסקי איז ווידער דערשינען אין הויז און די טריאָפלעגט זיך ווידער אָפט צוזאַמענגיין. די עלטערן זענען געווען שטאַרק אומצופרידן דערפון, וואָס חיימס סוחרישע קאַריערע האָט זיך אַזוי גיך אָפּגעריסן. שיינע עטלעכע מאָל פלעגן די עלטערן חיימען מאַכן פאָרווורפן, וואַרפן שטעך־ווערטלעך דערפאַר, וואָס ער וויל נישט קומען צו אַ תכלית. יענץ יאָר איז באַ אונז געווען זייער אַ שלעכטס. אין פרי־יאָר האָט די זון מיטאַמאָל אַ ברען געטון. דער שניי איז אין עטלעכע טעג צעשמאָלצן, דאָס פרי־יאָר־וואַסער איז אַראָפּגעלאָפן און די סחורה איז געבליבן ליגן אויף די „ראמען״ — אַזוי האָבן זיך גערופן די פעלדער אויפן ברעג טייך, אויף וועלכן מען פלעגט צוזאַמענבינדן די קלעצער אין פליטן און דערנאָך זיי אַראָפּפלעסן מיט וואַסער קיין ריגע. דאָס איבעריקע ביסל סחורה, וועלכעס איז מיט צרות איבער די קטנות־המים שוין אָנגעקומען,

קיין ריגע, איז אַריינגעפּאַקן אין „זאַלאַם", אַזוי האָט זיך גערופן די קאַ־טאַסטראָפע מיט די סחורות, וועלכע די שרעקלעכע ים־ווינטן פלעגן אַוועקטראָגן פון די וואַסער־באַרטנס אין ים. אַלע סוחרים, און דער פאָטער בתוכם, זענען אַוועק פון ריגע „מיט אַ שטעקן" ד. ה. אָן אַ גראָשן. די שטימונג אינדערהיים איז געווען אַ געפּרעסטע און בײַ וואַרעמעס פלעגן מיר אַלע זיצן שטיל, אַ וואָרט נישט אויסרעדן, כּדי חלילה נישט אויפרעגן דעם פאָטער.

איינמאָל בײַ אַ וואַרעמעס פרעגט חיים בײַ מיר גאַנץ הויך:

— „מוטע, דו האָסט אַ גריוועניק? (צען קאָפּיקעס) אַנטליי מיר".

— „יאָ, איך האָב. אויף וואָס דאַרפסטו?" פרעג איך בײַ אים.

— „פאַרשטייסט, איך וועל פאַר די צ ע ן קויפן צוויי ליגעיקעס" — ענטפערט מיר חיים.

— „וואָס וועסטו טון מיט די צוויי ליגעיקעס" — פרעג איך בײַ אים אַ ביסל פאַרוווּנדערט.

— „איך וועל זיי פאַרקויפן פאַר אַ כ ט קאָפּיקעס און וועל קויפן צוויי טעטראַדקעס".

דער מאָדנער סאָרט מסחר האָט מיך גענומען שטאַרק אינטריגירן און איך פרעג בײַ אים ווייטער מיט נייגיר:

— „וואָס וועסטו טון מיט די טעטראַדקעס?"

— „איך וועל זיי פאַרקויפן פאַר זעקס קאָפּיקעס און קויפן אַ בליישטיפט". ענטפערט מיר חיים גאַנץ רויק.

— „אַ שיינער מסחר, דו וועסט דאָך צולייגן דעם קאָפּ!" — האָב איך אויסגעשריגן.

— „דאָס מאַכט נישט אויס", — האָט חיים געענטפערט קאַלט־בלוטיק, — „איך וועל טאַקע אַוועקגיין מיט אַ שטעקן, אָבער איך מאַך דאָך געשעפט, אַבאַראַט, איך בלייב דאָך אַ סוחר אויפן פּלאַץ".

דער פאָטער האָט געוואָרפן אויף חיימען אַ שאַרפן בליק, האָט זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט און די גאַנצע שטוב האָט אויפגעלעבט. פון דע־מאָלט אָן האָט מען חיימען געלאָזט צורו מיט דעם תּכלית, מיט דער סוחרישער קאַריערע, מען האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט: „אפשר איז ער גערעכט, זאָל ער זיך גיין מיט זיין וועג".

אַזוי ווי חיים האָט דאָך געשטרעבט צו העכערע בילדונג, האָט ער

דורכויס געוואָלט מאַכן דעם מעריטורע־עקזאַמען. צוליב דעם איז ער אין יאָר 1881 געפאָרן אין קאלוגאַ, דערנאָך אין טולא, ווו ער האָט פאַרבראַכט דעם גאַנצן ווינטער. איך ווייס נישט קלאָר, אויב חיים האָט דאָרט באַקומען זיין מעריטורע־צייגניש.

## V.

### פון ערשטן חבור ביז דער נסיעה אין דער שווייץ (1884—1887).

אין יאָר 1884 האָט ער שוין פראָיעקטירט זיין ערשטן חיבור „די היס־טאָרישע שיקזאַלן פון דעם יידישן פאָלק" (איסטאָריטשעסקיאַ סודבי יעוו־רעיסטוואַ). צוליב דער אַרבעט האָט חיים געמוזט דורכנעמען נישט נאָר די יידישע און אַלוועלטלעכע געשיכטע, מיט וועלכער ער איז שוין געווען גוט באַקאַנט, נאָר אויך די געשיכטע פון די אָריענטאַלישע פעלקער. דער מאַטעריאַל איז אין וויטעבסק במציאות נישט געווען און חיים איז ספּע־ציעל צוליב דעם אַוועקגעפאָרן קיין פּעטערבורג, אַרבעטן אין דער קייזער־לעכער ביבליאָטעק. דאָרט איז ער באַקאַנט געוואָרן מיט די פּראָפעסאָרן, האַרקאַווי און חוואָלסאָן און אויך מיט דעם ד"ר בראַודע, וועלכער איז, דאַכט זיך מיר, צו יענער צייט געווען דער לייטער פון דער יידישער אָפּטיילונג אין דער קייזערלעכער ביבליאָטעק. עטלעכע חדשים איז חיים געזעסן אין פּעטערבורג און דערנאָך האָט ער אַ גאַנץ יאָר באַאַרבעט דעם געזאַמלטן מאַטעריאַל און צום אָנפאַנג 1886 האָט שוין חיים פאַרענדיקט זיין חבור. נאָר פון דרוק אין מאָסקווע איז דער חבור דערשינען אָנפאַנג 1887 יאָר.

פאַר חיימס אָפּפאָרן קיין פּעטערבורג איז צווישן חיימען און אַנסקין פאָרגעקומען זייער אַן ערנסטער סיכסוך, איך ווייס נישט זיכער, אויף וועלכן געביט, נאָר מיר שיינט, אַז אַנסקי איז געווען שטאַרק נישט צו־פרידן דערפון, וואָס חיים וויל זיך אָפּגעבן דער וויסנשאַפטלעכער טעטי־קייט און ווערן אַ קאַבינעט־מענטש, אַ „גרוגרות דרבי צדוק", ווי ער פלעגט אָנרופן די אויסגעטרוקנטע נשמות פון די געלערנטע. אַנסקי אַליין, אַלס קעמפנדע נאַטור, איז צו יענער צייט אָפּגעפאָרן אין דעם קוילן־ראַיאָן פון

כאַרקאָווער און יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניעס. דאָרט האָט אַנסקי צייטנ־
ווייז געאַרבעט, ווי אַ געוויינלעכער שאַכטער און דערנאָך איז ער געוואָרן
אַ לערער אין די אַרבעטער־פאָלקס־שולן און האָט דאָרט געפירט צווישן
די אַרבעטער אַ רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט אויך היימען גע־
רופן, ער זאָל מיט אים מיטפאָרן, נאָר חיים האָט זיך ענטזאָגט מחמת
דעם, וואָס ער וויל צוערשט פאַרענדיקן זיין חיבור. דער סכסוך האָט גע־
בּרענגט דערצו, אַז די פריינטשאַפט צווישן אַנסקין און היימען איז שטאַרק
אָפּגעקילט געוואָרן, און זיי האָבן זיך די צוויי יאָר ווייניק קאָרעספּאָנדירט.
אַז דער חבור איז אַרויס פון דרוק, האָט חיים דעם ערשטן עקזעמפּלאַר
אונטערגעטראָגן דעם פאָטער, וועלכער האָט צוגענומען די מתנה מיט גרויס
פרייד און דעם אַנדערן עקזעמפּליאַר האָט ער אַוועקגעשיקט אַנסקין,
וועלכער האָט היימען אָנגעשריבן אַ פייערלעכן מזל־טוב מיט אַ לאַנגן
בּריוו, אָנגעפּולט מיט פריינטשאַפטלעכער ליבע. פון דעמאָלט אָן האָט זיך
זייער פריינטשאַפט נאָכמער פאַרטיפט און פאַרשטאַרקט און, אויף וויפיל
איך ווייס, איז זי מער קיינמאָל נישט פאַרוואָלקנט געוואָרן. צוליב רע־
צענזיעס האָט חיים זיין חיבור געשיקט איין עקזעמפּליאַר אין דעם זשור־
נאַל „וואָסכאָד״ און דעם אַנדערן אין דעם זשורנאַל „סיעווערני וויעסט־
ניק״, וועלכן עס האָט רעדאַגירט דער בּאַרימטער סאָציאָלאָג און דענקער
נ. ק. מיכאַילאָווסקי, פון וועמען חיים האָט באַקומען אַ פּערזענלעכן בּריוו
מיט אַ מזל־טוב. אין בּריוו איז אויך געווען געזאָגט, אַז דאָס ווערק האָט
אים פאַרשאַפט נחת און די רעצענזיע וועט דערשיינען אין זשורנאַל, אין
איינעם פון די נאָענטסטע נומערן. חיימען האָט דאָס בּריוועלע פאַרשאַפט
פיל פרייד. אויך אין „וואָסכאָד״ איז דערשינען אַ לאַנג אַרטיקל פון ש.
דובנאָוו, אין וועלכן ער גיט אָפּ חיימען כּבוד פאַר זיינע היסטאָרישע
קענטענישן און ערודיציע, אָבער דאָך איז ער מיט אייניקע גרונט־טעזן
מיט חיימען נישט מסכּים.

אין 1886 יאָר איז חיים באַקאַנט געוואָרן אין וויטעבסק מיט אַ יונגנ־
מאַן דוכאָוויטש (אַלעקסאַנדער פאָמיטש). די באַקאַנטשאַפט האָט אין חיימס
שיקזאַל געהאַט זייער אַ גרויסע באַדייטונג. דוכאָוויטש האָט נאָר־וואָס
געענדיקט דעם העכערן אַגראָנאָם־אינסטיטוט אין מאָסקווע. אַזוי ווי ער
איז געווען פאַרמישט אין די סטודענטישע אומרוען, האָט מען אים אַד־
מיניסטראַטיוו אַרויסגעשיקט פון מאָסקווע קיין וויטעבסק צו זיינע עלטערן,
אונטער דער השגחה פון דער געהיימער פּאָליציי. דוכאָוויטשס פאָטער
איז געווען אַ קליינער פּאָסט־באַאַמטער און זיין מוטער אַ שניידערין, זיי

ביידע זענען געווען זייער גוטע און ערלעכע מענטשן. דוכאָוויטש האָט אין וויטעבסק געשריבן זיין דיפּלאָם־אַרבעט און געוואַרט אויף זיין פּסק־דין. דוכאָוויטש איז געווען אַ פאַרביסענער סאָציאַליסט און פון אים האָט חיים געבראַכט צו שלעפּן צוויי גרויסע כרכים פון מאַרקס „קאַפּיטאַל", וועלכע חיים האָט מיט גרויס התמדה איינגעשלונגען. דוכאָוויטש האָט אין וויטעבסק געהאַט אַ כּלה וויערע לאָכאָוו, וועלכע איז דערנאָך געוואָרן חיימס פרוי. באַלד איז אַרויס פאַר דוכאָוויטשן זיין פּסק־דין, מיט וועלכן ער איז פאַרמשפּט פאַרשיקט צו ווערן אין גאַנץ ווייטן מזרח־סיביר. דאָרט האָט ער באַלד באַקומען אַ שטעלע פון אַ וואַלד־רעוויזאָר און אַז ער האָט גענומען אַרומפאָרן זיין וואַלד־ראַיאָן, האָט ער אַנטדעקט, אַז אַ גרויסער שטח פון אַ פּאָר מיליאָן דעסיאַטין, וועלכער האָט זיך געצייכנט אויף דעם מלוכה־פּלאַן אַלס אומנוצלעכע זומפּן, איז אינדעראמתן באַזעצט מיט ווערטפולן וואַלד. וועגן זיין אַנטדעקונג האָט דוכאָוויטש גלייך געשיקט אַ ראַפּאָרט צו זיין נאַטשאַלסטווע. אַז מען האָט אין פּעטערבורג, אין ווירטשאַפטס־מיניסטעריום דערוווסט פון דוכאָוויטשעס מתנה, איז דער מיניסטער יערמאָלאָוו בכבודו ובעצמו אַוועקגעפאָרן קיין סיביר אויספאָרשן ווי ווייט דוכאָוויטשעס ראַפּאָרט איז ריכטיק. זעקס וואָכן איז דער מיניסטער אַרומגעפאָרן צוזאַמען מיט דוכאָוויטשן איבער דעם געפונענעם וואַלד־ראַיאָן און אין דער צייט אונטערוועגנס זענען זיי געוואָרן גוט באַקאַנט. אַלס רעזולטאַט פון דעם מיניסטערס נסיעה, האָט דוכאָוויטש באַקומען אַ הויכן ראַנג און איז באַשטעטיקט געוואָרן אַלס הויפּט־פאַרוואַלטער פון סיבירער ווירטשאַפטס־באַצירק. דער סיבירער שאַרפער קלימאַט איז געווען פאַר דוכאָוויטשן מיט זיינע שוואַכע לונגען זייער שעדלעך און וויפיל ער האָט נישט געבעטן, אַז מען זאָל אים אַריבערפירן אין אַ זידלעכערן ראַיאָן, האָט דער פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט זיין הסכמה נישט געגעבן. ערשט שפּעטער, אַז דוכאָוויטש איז שוין געווען אין דעם ראַנג פון אַ גענעראַל און איז שטאַרק קראַנק געוואָרן, האָט מען אים אַריבערגעפירט אין מאָהילעווער גובערניע, ווו ער איז באַלד געשטאָרבן אין עלטער פון 48 יאָר. דוכאָוויטש איז געווען זייער אַן איידעלער און גוטער מענטש. ער איז געבליבן טריי זיין ערשטער ליבע און האָט נישט חתונה געהאַט. הגם זיין כּלה, וויערא, האָט אים פאַרלאָזט צוליב חיימען, דאָך איז ער געבליבן פריינטלעך צו אונזער פאַמיליע. און יעדעס מאָל, ווען ער פלעגט קומען פון סיביר, צו זעען זיך מיט זיינע עלטערן, פלעגט ער קומען צו אונז מיט אַ וויזיט.

ווי עס ווייזט אויס, האָט חיים נאָך נישט פעסט באַשלאָסן אינגאַנצן אָפּצוגעבן זיך דער ליטעראַריש-וויסנשאַפטלעכער אַרבעט, וואָרים אין 1886-סטן יאָר האָט ער מיטאַמאָל גענומען זיך לערנען טישלעריי. אַפּנים, אַז ער האָט אין דער זעלבער צייט אויך געטראַכט וועגן דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אַלס באַלמעלאָכע האָט ער געקאָנט נעענטער און פאַרשטענדלעכער ווערן די אַרבעטער-מאַסן. אויך אַנסקי, איידער ער איז אָפּגעפאָרן אין קוילן-ראַיאָן, איז געוואָרן אַ באַלמעלאָכע, אַן איינבינדער. מיט חיימס טישלער-פּעריאָד איז צוזאַמענגעבונדן אַ קליינער קאָמישער עפּיזאָד. צו יענער צייט פלעגט באַ אונז אין הויז אָפּט זיין פאַרבאָרגן אומלעגאַלע ליטעראַטור. אום די ליטעראַטור גוט צו באַהאַלטן, האָט חיים באַשלאָסן אויפצובויען אַ טישל מיט אַ געהיים קעסטל, וועלכעס מען זאָל בשום אופן נישט געפינען און נישט אויפמאַכן. מיט שטאָלץ האָט אונז חיים דערציילט ווי עס גייט באַ אים די אַרבעט און איז געגאַנגען אין געוועט, אַז מיר וועלן זיין געהיימניש-קעסטל נישט געפינען. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט ווען עס וועט שוין פאַרטיק ווערן דאָס מערקווירדיקע טישל. ענדלעך האָט מען געבראַכט פון וואַרשטאַט דאָס טישל, וואָס האָט אויסגעזעען גאַנץ באַשיידן, ווי אַ שאַך-טישל, זייער שיין און זויבער געאַרבעט. אָבער ווי גרויס איז געווען דער קאָנפוז פון חיימען, אַז נאָכדעם ווי אונזער חברה האָט אַ דריק געטון דאָס טישל אַהין און אַהער, האָט זיך גלייך געעפנט דער „פּאַטאַיעמניק".

באַם טישלער האָט חיים נישט לאַנג געאַרבעט. באַלד האָט ער געמוזט פאַרלאָזן וויטעבסק און זיין פאָטערס היים אויף שטענדיק און גאַנץ אומדערוואַרטעט. באַ אונז אין מויער, אין צווייטן שטאָק, האָט געוווינט דער זשאַנדאַרמסקי-גענעראַל פירשט שאַכאָווסקאָי. אויך זיין קאַנצעלאַריע איז געווען באַ אונז אין דעם אויבערשטן האַלבן שטאָק. דער פירשט איז געווען נישט קיין שלעכטער גוי און צו די עלטערן האָט ער זיך באַצויגן באַזונדערס פריינדלעך, וואָרים צו אַלע ימים-טובים — אונזערע און קריסטלעכע, — פלעגן די עלטערן דעם פירשט גראַטולירן און שיקן אים וויין מיט גוטע זאַכן, און צו פסח מצות. איינמאָל אינדערפרי האָט דער פירשט געשיקט רופן די מוטער און האָט איר דיסקרעט מיטגעטיילט, אַז ער מוז באַ אונז מאַכן אַן אָביסק און אויב מען וועט עפּעס געפינען נישט לעגאַלע ליטעראַטור, וועט ער מוזן חיימען פאַרהאַלטן. אויף דער מוטערס שאלות פאַרוואָס און פאַרווען, האָט ער איר קיין תשובות נישט געגעבן. עס פאַרשטייט זיך, אַז אינדערהיים האט מען אַלץ מבעור געווען, און אין

דעם זעלבן אָוונט איז חיים אָפּגעפאָרן קיין קאָוונע. דאָרט האָט מען אים געמאַכט אַן אויסלענדישן פּאַס און ער איז גלייך אַוועק אין דער שווייץ. דאָס איז געווען דעם 19-טן אַפּריל 1888-טן יאָר. באַלד נאָך חיימען איז אויך אין דער שווייץ אָפּגעפאָרן וויעראַ לאַכאָוו און זיי האָבן דאָרט חתונה געהאַט. ווי אַ דונער האָט דערשלאָגן דעם פאָטער די ידיעה, אַז חיים האָט חתונה געהאַט מיט אַ גויע. אַ פּאָר יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער פון חיימען גאָרנישט געוואָלט הערן. אַ סך רויקער און פריינטלעכער צו דעם פאַקט האָבן זיך באַצויגן די מוטער און דער זיידע זלמן. שפּעטער — דאַכט זיך — אין יאָר 1892, אַז דער פאָטער איז געווען געשעפטסלעך אין דייטשלאַנד, איז ער אַריינגעפאָרן קיין בערן זעען זיך מיט חיימען, וועלכן ער האָט אינערלעך זייער געליבט און געשעצט. קומענדיק צוריק אַהיים, האָט ער דערציילט דער מוטער און דעם זיידן זלמן, אַז ער איז געווען מיט אַ וויזיט באַם בערנער הויפּט ראַבינער, וועלכער האָט דעם פאָטער דערציילט, אַז וויעראַ האָט זיך מגייר געווען און חיים האָט מיט איר חתונה געהאַט כּדת משה וישראל מיט חופּה וקדושין. איך פערזענלעך, בין אַ שטיקל אַפּיקורוס און בין אין דער גאַנצער מעשה שטאַרק מסופּק און איך ווייס נישט, ווער האָט דאָ אַ ביסל משקר געווען, דער פאָטער ז״ל, אָדער דער בערנער גראַנד-ראַבין, אָבער למען השלום מעג מען דאָך זאָגן אַ ליגנט. נאָך מער האָט זיך די מוטער איינגעגלייבט, אַז די מעשה איז אַן אמת, וואָרים וויעראַ פלעגט איר שרייבן אַ פערזענלעכן גרוס אין יידיש. אין אַ יאָר אַרום האָט זיך אויך אַנסקי אַרויסגעריסן פון רוסלאַנד און איז אַוועק צו חיימען קיין בערן. וועגן חיימס לעבן אין בערן און וועגן זיין רעוואָלוציאָנערע און ליטעראַרישע טעטיקייט וועלן געוויס שרייבן זיינע פריינט, אָנהענגער און תלמידים, וועלכע האָבן מיט אים צוזאַמען געלעבט און געאַרבעט. דעם אָנהייב האָט שוין געמאַכט דער באַקאַנטער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנער מענדל ראָזענבוים אין זיינע זכרונות.



**ד״ר חיים זשיטלאָווסקי און זיינע 3 ברידער**

פאטאגראפירט אין צאפאט אין י. 1923

# VI.

## נאָך צוויי באַגעגענישן מיט חיימען (1907—1908)

### א) אין דער שווייץ

אין אָנהייב 1907-טן יאָר בין איך געשעפּטסלעך געפֿאָרן קיין דייטשלאַנד און האָב באַשלאָסן אַרײַנפֿאָרן קיין בערן זעען זיך מיט חיימען. אין רוסלאַנד זענען דאַן געווען גרויסע פֿרעסט און איך בין געפֿאָרן אין אַ גוטן פֿעלץ, מיט אַ פֿילצן היטל און טיפֿע וואַרעמע קאַלאָשן. אַז איך בין געקומען דעם 7-טן יאַנואַר קיין בערלין, האָט די זון געוואַרעמט ווי אין זומער, פֿון שניי און קעלט איז קיין זכר נישט געווען און דער עולם איז אַרומגעגאַנגען אין צילינדערס, מיט די זומער-מאַנטלען אויף די אָרעמס. אַז איך בין אַרויס אויף דער גאַס אין מײַנע פֿעלצענע בגדים, האָט מען אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ משוגענעם. איך בין גלײַך אַרײַן אין אַ קויף-הויז און אין אַ האַלבער שעה אַרום בין איך אַרויס אין אַ דעמי-סעזאָן-מאַנטל, מיט קרומע טאַשן אויף דער ברוסט (אַזוי איז דעמאָלט געווען די מאָדע) און אין אַ צילינדער מיט געלע הענטשקעס. אַז מען וואָלט מיך געטראָפֿן אין וויטעבסק אין דעם לבוש, וואָלט מען געוויס געזאָגט, אַז דאָס גייט אַן אַקטיאָר אויף די ראָלן פֿון דעם ערשטן ליבהאָבער, אָדער אַ טאַנץ-לערער. דעם 12-טן יאַנואַר האָב איך דעפּעשירט חיימען, אַז איך פֿאָר צו אים און קיין בערן וועל איך קומען האַלבע נאַכט. וואָס נענטער צו דער שווייצאַרישער גרענעץ, איז אַלץ געוואָרן קעלטער, די אַרומגעגנט איז געווען באַדעקט מיט שניי און אין אָוונט איז שוין געוואָרן אַזוי קאַלט, אַז מיך האָט געטרייסלט ווי אין קדחת און עס האָט מיר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. איך האָב זיך פֿאַרשאָלטן די יאָרן פֿאַר דער נאַרישקייט, וואָס איך האָב אָפּגעטון, לאָזנדיק מײַנע וואַרעמע בגדים אין האָטעל אין בערלין. אַז איך בין געקומען האַלבע נאַכט קיין בערן, האָט מיך אויפֿן וואָקזאַל קיינער נישט באַגעגנט. איך בין אַרויס אויף דער גאַס — חושך ואפילה, כאָטש שטעך אויס אַן אויג. נישט קיין

אויטאָ, נישט קיין דראָזשקע — וואָס טוט מען? עס איז מיר איינגעפאַלן צו פרעגן באַ אַ טרעגער, אָדער „אַ דינטשמאַן", ווי מען רופט אים אין דער שווייץ, אויב ער קען דר. זשיטלאָווסקין.

— „דר. זשיטלאָווסקי? יאָ, וויר קענען אים אַלע זעער גוט". — דערנאָך וואַרפט ער אויף מיר אַ שאַרפן בליק און זאָגט: — „איר זייד אַ בראָדער". דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך דערהערט, אַז איך בין ענלעך צו חיימען. דער דינטשמאַן האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַ האָטעל, נישט ווייט פון וואָקזאַל און האָט מיר צוגעזאָגט, אַז מאָרגן זיבן אַ זייגער אינדערפרי, וועט ער נאָך מיר קומען און וועט מיך אַוועקפירן צו חיימען. דאָס, וואָס איך האָב נאָך נישט דערפרווירן אין וואַגאָן, האָב איך ערלעך באַצאָלט די גאַנצע נאַכט אין דעם נישט געהייצטן צימער אין האָטעל. אויף מאָרגן אינדערפרי בין איך שוין געגאַנגען מיט דעם דינטשמאַן צו חיימען, וועלכן איך האָב געטראָפן נישט ווייט פון זיין וווינונג. איך האָב אים גלייך דערקענט, נאָר ער האָט אַ ווײַלע מיט נייגיר באַטראַכט מיין צילינדער און מיין גאַנץ לייכטזיניק זומער-פרצוף, וועלכעס האָט ווייניק האַרמאָנירט מיט דעם עכט רוסישןווינטער-פייזאַש. אַז מיר האָבן זיך צעקושט, האָב איך באַמערקט, אַז פון חיימען שמעקט אַ ביסל מיט שנאַפּס. איך האָב זיך נישט געשעמט און זאָג צו אים מיט די ווערטער פון אַ באַקאַנטן יידישן אַנעקדאָט:

— „אַ קדוש, ברודערל, ביסטו, אָבער וואָס שמעקט פון דיר אַזוי מיט בראָנפן?"

— „ערשטנס, נישט אַזוי פרי, נאָר אַזוי שפּעט, צווייטנס, נישט מיט בראָנפן נאָר מיט שלעכטן, ביליקן וויין, און דריטנס, ווייסטו דען נישט, אַז היינט איז דער דרייצענטער יאַנואַר און אין רוסלאַנד איז „נאָווי-גאָד" (ניי-יאָר)? מיר, ד. ה., די רוסישע קאָלאָניע, דאָ אין בערן, פייערן תמיד דאָס רוסישע ניי-יאָר, דאָס איז שוין באַ אונז אַ חזקה. און אויך דערפאַר האָבן מיר דיך נישט באַגעגנט: דיין טעלעגראַם איז אָנגעקומען שפּעט, ווען איך מיט וויערען זענען שוין געהאַט אַוועק אויף דער „וויעטשערינקע", און מיר זענען ערשט נישט לאַנג צוריקגעקומען אַהיים און טרעפנדיק דיין טעלעגראַם, בין איך דיך געגאַנגען זוכן".

די קעלט האָט מיך צוגעשמידט און די גאַנצע וואָך בין איך נישט אַרויס פון שטוב. אין די אָוונטן פלעגן קומען געסט, וועלכע האָבן געוואָלט הערן מיינע אינפאָרמאַציעס וועגן דעם, וואָס טוט זיך אין רוסלאַנד. דעמאָלט איז אין רוסלאַנד פארגעקומען אַ רייע יידישע פאגראמען, וועל-

כע זענען געווען אָרגאַניזירט פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. איך פּערזענלעך בין בייגעווען באַם פּאָגראָם אין אָרשע (אין 1905 יאָר), אין וועלכן עס זענען געפאַלן אַ סך הרוגים און חרוב געוואָרן כמעט אַ האַלבע שטאָט יידישע קרעמער און באַלעבאַטים. מיט דעם פּאָגראָם האָט אָנגעפירט דער איספּראַווניק, וועלכער האָט אָפן געזאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל פון מאָהילעווער גובערנאַטאָר, אַז „ער זאָל נישט שטערן די מאַסן אויסשפּרעכן זייער הייליקן כעס אויף די יידישע רעוואָלוציאָנערן". די „מאַסן" זענען געווען איבערגעטויעטע פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן, צו וועלכע עס זענען צוגעשטאַנען אַלע גנבים, שיכורים און דער דעקלאַסירטער עלעמענט. אויך אין וויטעבסק זענען געפאַלן אין יענע פּאָגראָם־טעג צוויי און צוואָנציק יידישע קרבנות דורך אַן „אומגליקלעכן צופאַל", ווי עס האָט דערקלערט דער פּאָליציי־מייסטער. איך בין געווען גוט אָריענטירט אין די פּאָגראָם־מאַטעריאַלן, וועלכע איך האָב באַקומען פון מיין פריינט דר. צבי הירש ברוק ז"ל — אַ דעפּוטאַט פון דער ערשטער מלוכה־דומע און אַ מיטגליד פון דער דומע־אונטערזוכונגס־קאָמיסיע וועגן די פּאָגראָמען. ווי איינגעשלאָגענע מיט טרערן אין די אויגן זענען געזעסן מיינע צוהערער בעת מיין באַריכט וועגן די פּאָגראָמען. אַז איך האָב דערנאָך אָנגעהויבן צו רעפערירן וועגן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד בכלל און צווישן די יידישע אַרבעטער בפרט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז חיים און זיינע פריינט זענען געווען אַ סך בעסער אינפאָרמירט איידער איך. אַנסקי איז דעמאָלט אין בערן נישט געווען. ער איז געווען אין גענף און האָט טעלעגראַפירט, אַז ער וועט קומען מיט מיר זיך זען, אָבער איך האָב מיך אויף אים נישט דערוואַרט. פאַר מיין אָפּפאָרן פון בערן איז געווען באַשטימט אַן אָוונט, אין וועלכן עס האָבן געזאָלט רעדן לענין, פלעכאַנאָוו און חיים. מיר האָט זיך זייער געוואָלט באַזוכן דעם אָוונט, אָבער חיים האָט מיך נישט דערלאָזט, ווייל אַזוי ווי איך פאָר צוריק קיין רוסלאַנד, זאָל איך בעסער נישט גיין, וואָרים דעם אָוונט וועלן באַזוכן אַ סך רוסישע שפּיאָנען, וועלכע וועלן מיך, ווי אַ נייע נאָז, גלייך מערקן. אויך האָט ער מיר געגעבן אַן עצה, איך זאָל אויף דער צוריק־רייזע מיט זיך נישט פירן קיין ביכער און אפילו צייטונגען אויך נישט, וואָרים מען וועט מיך אויף דער רוסישער גרענעץ גוט דורכטרייסלען. אויף דער דייטשער גרענעץ האָב איך מיך נאָכאַמאָל גוט בודק געווען און אין ווערזשבאָלאָווע (די רוסישע גרענעץ), האָט מען מיך געטרייסלט נישט מער פאַר אַלעמען. נאָר איין מאָמענט האָב איך דאָך איבערגעלעבט אַ ביסל שרעק.

איך בין געשטאַנען אין דער רייע און געוואַרט ביז מען וועט מיר צוריק־קערן מיין וויזירטן פּאַס. ערשט מיטאַמאָל גייט צו מיר צו אַ גאַנץ אַלטער זשאַנדאַרם און זאָגט צו מיר גאַנץ איידל: „הער זשיטלאָווסקי, אָט איז אייער פּאַס". מיר איז געוואָרן אַ ביסל קאַלעמוטנע: הייכט עס, אַז מען האָט מיך אויפן וועג פאַרט באַאָבאַכטעט. שפּעטער האָט זיך דער אינצי־דענט דערקלערט גאַנץ פּשוט. אַז איך בין געזעסן אין וואַרטזאַל, איז צו מיר צוגעגאַנגען דער זעלבער זשאַנדאַרם און פרעגט בּאַ מיר גאַנץ פריינטלעך: „הער זשיטלאָווסקי, איר דערקענט מיך נישט? איך קען אייך נאָך אַלס אַ קליין ייִנגל, איך האָב געדינט אין וויטעבסק בּאַ פירשט שאַ־כאָווסקאָי און געוווינט אין אייער מויער, אין דעם אייבערשטן האַלבן שטאָק". אומזיסט זיך געשראָקן.

### ב) אין רוסלאַנד, אין וויטעבסק

נאָך דעם מאַניפעסט וועגן דער מלוכה־דומע, אין 1905־טן יאָר, איז אויך דערשינען אַן אַמנעסטיע פאַר פּאָליטישע מלוכה פאַרברעכער. אַ סך פּאָליטישע עמיגראַנטן זענען אַפּגעפאָרן פון אויסלאַנד קיין רוסלאַנד און אַנסקי בתוכם. די ערשטע דומע האָט מען אין ווינטער 1907 צעטריבן און מען האָט זיך גענומען מוכן זיין צו די וואַלן אין דער צווייטער דומע. אַנסקי איז געווען צו יענער צייט אין וויטעבסק און האָט פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל אַרויסשטעלן חיימן אַלס קאַנדידאַט אין דער צווייטער דומע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וויטעבסק. דער וואַל־קאָמיטעט האָט געוואָלט פּערזענלעך זיך באַקענען מיט חיימען און צוליב דעם האָט מען איינ־געלאַדן חיימען, ער זאָל פון דער שווייץ קומען קיין וויטעבסק. חיים איז געקומען אַן ערך אין אָקטאָבער 1907 און איז פאַרפאָרן צו מיר. צו דער זעלבער צייט איז אין וויטעבסק באַשטימט געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די „יעסעווצעס" (יידישע סאָציאַליסטן). אין דער קאָנפערענץ האָבן אויסער היימען גענומען אָנטייל די פאָלגנדע חברים: חבר בענעדיקט (ב. בערס, לעבט איצט אין בערלין) חבר אַלעקסאַנדער (יעפּראַאייקין), וואָלאָדיאַ פּאַבריקאַנט (לעבן איצט ביידע אין פּאַריז), חבר מאיר (יורי גאָוואַקאָו

סקי, איצט בײַ די באָלשעוויקעס), חבר סאַשאַ (אַלעקסאַנדער ראָזענבערג) און נאָך עטלעכע חברים, וועמענס נעמען איך געדענק נישט. צוויי זיצונגען זענען געווען אין מײַן וווינונג, צוויי אָדער דרײַ אין „אונטערשטן" (חסידישן) מנין, און נאָך איין זיצונג האָט ווידער געזאָלט זײַן בײַ מיר, אָבער זי איז נישט פֿאָרגעקומען, ווײַל אַלע דעלעגאַטן זענען מיטאַמאָל געוואָרן אַרעסטירט. נאָר דורך אַ צופֿאַל האָט מען חיימען נישט אַרעסטירט. מיט איין אָוונט פֿריער איז געווען אַ פֿאָרוואַל־פֿאַרזאַמלונג, וועלכע איז פֿאָרגעקומען, מחמת קאָנספּיראַטיווע טעמים, איינס אַ זייגער באַנאַכט, אין דער וווינונג פֿון ד"ר פּאָליאַק. חיים האָט דאָרט געהאַלטן אַ פֿאָרטראַג און איז דאָרט געבליבן נעכטיקן. אין דעם זעלבן אָוונט איז מײַן וווינונג איבערגעפֿאַלן די זשאַנדאַרמעריע מיט דער פּאָליציי, מען האָט געזוכט חיימען, ווי אויך די פּראָטאָקאָלן פֿון דער קאָנפֿערענץ און מען האָט בײַ מיר אַלץ איבערגעקערט קאַפּויער מיטן קאָפּ אַראָפּ. אויף דער פֿראַגע, וווּ איז חיים, האָב איך געענטפֿערט, אַז ער איז נעכטן אַפּגעפֿאָרן אָבער איך ווייס נישט קלאָר וווהין, קיין מאָסקווע אָדער קיין ריגע. דעמאָלט איז נאָך די מאָדע אויף „זאַסאַדעס" נישט געווען, און ווי נאָר די פּאָליציי איז אַוועק, האָט מען גלײַך צו וויסן געגעבן חיימען, ער זאָל מער צו מיר נישט קומען און אויך זײַנע זאַכן האָט מען אָפּגעפֿירט צום ד"ר. פּאָליאַק, פֿון וועמען ער איז מיט פּאָסט־פֿערד אָפּגעפֿאָרן קיין האָראַדאָק — אַ קרייז־שטעטל אין וויטעבסקער גובערניע. דאָרט האָט ער גענומען אַ פּאַס אויף דעם נאָמען פֿון „אַ האָראָדאָקער צווייטע־גילדע קופּיעץ חיים יאָסעוולעוו זשיטלאָווסקי". מיט דעם פּאַס האָט ער זיך אײַנגעשריבן אין פּעטערבורג און האָט געוווינט, דאַכט זיך, בײַ פּראָפֿעסאָר סענאַני. אין דער זעלבער צײַט האָט די פּאָליציי געזוכט אין פּעטערבורג דעם פּאָליטישן עמיגראַנט „יעפֿים אָסיפּאָוויטש" און האָט אים נישט געקאָנט געפֿינען. דערווײַל האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז חבר סאַשען האָט מען אויף דעם אַנדערן טאָג באַפֿרײַט און די איבעריקע חברים זענען געבליבן אין תּפֿיסה און מען האָט זיי באַפֿרײַט ערשט אין עטלעכע חדשים אַרום. די מעשה האָט מיר געשײַנט אַ ביסל פֿאַרדעכטיקט. אויך האָב איך מיך געוווּנדערט, ווי אַזוי איז סאַשע געווען אַ סטודענט פֿון דער מיליטער מעדיצינישער אַקאַדעמיע, בעת ווען דעמאָלט האָט מען אין דער אַקאַדעמיע ייִדן בשום אופֿן נישט צוגענומען. סאַשע אַליין האָט מיר דערקלערט, אַז היות ווי זײַן פֿאָטער איז אַ גרויסער מיליטער־פּאָדריאַטשיק, האָט מען אים אויסנעמלעך אָנגענומען אין דער אַקאַדעמיע. שפּעטער אָבער האָט

זיך אַרויסגעוויזן, אַז סאַשע איז געווען אַ פּשוטער פּראָוואָקאַטער און האָט געדינט אין „אָכראַנקע” און דערביי מסתמא געווען אויך אַ משומד. שפּע־טער, אַז די סכּנה איז פאַר חיימען געוואָרן אין פּעטערבורג גרויס, איז ער אַריבער קיין פינלאַנד, ווו ער האָט פאַרברענגט עטלעכע חדשים און געוואַרט, מיט וואָס עס וועלן זיך ענדיקן די דומע־וואַלן אין וויטעבסק. אַז די יידישע קוריע אין וויטעבסק האָט דערלאַנגט דעם גובערנאַטאָר איר וואַל־ליסטע, אויף וועלכער חיים האָט זיך געצייכנט דער ערשטער. האָט דער גובערנאַטאָר גלייך טעלעגראַפיש מיטגעטיילט די נעמען פון די קאַנ־דידאַטן קיין פּעטערבורג צום פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט, פון וועלכן עס איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַפישע פאַראָרדנונג, מען זאָל חיימען אַסרן. דער וואַל־קאָמיטעט האָט גלייך קאָמאַנדירט מיך און וואָלאָדיאַ פאַבריקאַנט, וועלכער איז שוין צו יענער צייט געווען פריי, קיין פּעטערבורג צו די אַדוואָקאַטן חיגאַוועער און מאַקלאַקאָוו — (דעם מיניסטער מאַקלאַקאָווס ברודער), אַז זיי זאָלן פועלן אין סענאַט צו אַנולירן די קעגנזעצלעכע פאַראָרדנונג פון דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. נאָר קיין טענות און מענות האָבן נישט געהאָלפן. חיים איז באַלד אָפּגעפאָרן קיין קיעוו, ווו ער האָט צוזאַמען מיט מאַרק באָריסאָוויטש ראַטנער געגרינדעט דעם ביכער־פאַרלאַג „סערפּ” (סאָציאַליסטיטשעסקאַיאַ יעווריעסקאַיאַ ראַבאָטשאַיאַ פּאַרטיאַ) און איז דערנאָך צוריקגעקערט אין דער שווייץ.

פאַר חיימס אָפּפאָרן פון וויטעבסק האָבן מיר מיט אים גערעדט אַ שמועס וועגן דער פּאָליטישער קאָניונקטור אין רוסלאַנד און וועגן די רע־וואָלוציאָנערע מעגלעכקייטן אין דער נאָענטסטער צוקונפט. ווי עס איז געווען צו זען פון דעם שמועס, האָט זיך חיים גוט אָריענטירט אין דעם פּאָליטישן מצב פון יענער צייט אין רוסלאַנד. אויף מיין פראַגע, ווי רעכנט ער, ווען וועט ער קאָנען צוריקקערן קיין רוסלאַנד, האָט ער כמעט בוכ־שטעבלעך געענטפערט בזה הלשון:

— „איך האַלט, אַז דער זעלבסטהערשנדער רעזשים איז אַזוי צע־פוילט, אַז אַ קליין ווינטעלע מפּנים אָדער מחוץ, וועט אַנידערוואַרפן דעם קאָלאָס אויף די ליימענע פיס. די פּאָליטישע סיטואַציע אין אייראָפּע איז בכלל זייער אַן אומרויקע און נישט קיין זיכערע. און רוסלאַנד איז די ערשטע, וועלכע וועט דערשיטערט ווערן פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָ־נאַלן קאָנפליקט. אויך רוסלאַנד איז די ערשטע מדינה, וועלכע וועט אַרויסטרעטן אויף דעם וועג פון סאָציאַליזם. אין רוסלאַנד זענען נישטאָ קיין פאַרלאַמענטאַרישע און דעמאָקראַטישע טראַדיציעס און דערפאַר קאָן

רוסלאַנד אינגאַנצן אַריבערשפּרינגען דעם דעמאָקראַטישן אַנטוויקלונגס־עטאַפּ און גלייך אַריבערגיין צו אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג — אַקוראַט ווי אַ ניי־געבויטע שטאָט פירט איין מיטאַמאָל עלעקטרישע ליכט, וואַסער־לייטונג, שטראַסן־באַן און אַנדערע טעכנישע און היגיענישע אינסטיטוציעס אין דער צייט, ווען אַלע גרויסע שטעט קאָנען דאָס איינפירן ביסלעכווייז. איך האָף, אַז אין צען יאָר אַרום וועל איך קאָנען קומען צוריק קיין רוסלאַנד. „איך בין שטאַרק מסופק אין דעם, אַז מען וועט מיך אויסקלייבן פאַר אַ פּרעזידענט, אָבער בא מיר איז לת־ספוקה, אַז איך וועל קאָנען זיין אַ פּראָפעסאָר אין וועלכן אוני־ווערזיטעט איך וועל אויסקלייבן".

## VII.

### מיין שלוס־וואָרט.

איך נעם די פרייהייט צו זאָגן נאָך אַ פּאָר ווערטער.

אין אַ מסיבה, ווו מען רעדט וועגן חיימען, הערט מען אָפט מיינונ־גען: „חיים זשיטלאָווסקי איז אַן אַסימיליאַטאָר". „וואָס רעדט איר, ער איז דאָך אַ פייערדיקער נאַציאָנאַליסט און דערצו נאָך אַ ציוני." „אַ שיי־נער ציוניסט! ער איז דאָך גאָר אַן עס־ער". „איר האָט אַ טעות, נישט קיין עס־ער, נאָר אַ יעסעוויץ". די, וועלכע קענען נישט חיימען, אָדער זענען וויניק באַקאַנט מיט זיינע ווערק, קאָנען דענקען, אַז חיים איז אַ וואַקל־מענטש, וועלכער בייט שטענדיק זיין פּאָן. עס איז אָבער זייער נישט ריכטיק: חיים איז תּמיד פון די יונגסטע יאָרן עד היום איין און דער זעלבער, נאָר יעדע מיינונג באַזירט זיך אויף אַ גרונט, וועלכן מען מוז פאַרשטיין: דאָס זענען פאַרשידענע פאַצעטן פון איין בריליאַנט. איך וויל פּרוּוון צו דערקלערן די פאַרשידענע חליקי־דעות.

א) חיים אַן אַסימיליאַטאָר. אין חיימס ערשטן חבור „די היסטאָרישע שיקזאַלן פון יידנטום" איז דאָ אַ קאַפּיטל „ראַביניזם אי ליטשנאָסט" (ראַביניזם און פּערזענלעכקייט). אין דעם קאַפּיטל באַווייזט חיים, אַז דער ראַביניזם האָט שטענדיק געפּרעסט די פּערזענלעכקייט און

איר געשטערט זיך צו אַנטוויקלען און פּראָגרעסירן. די כּלי־קודש, וועלכע האַלטן: א) אַז נאָר זיי זענען דער מוח פון דער יידישער נאַציע. ב) אַז נאָר דער ראַביניזם האָט געראַטעוועט דאָס יידישע פאָלק פון אַסימיליאַציע — האָבן נישט געקענט מוחל זיין חיימען זיין העזה. וואָלטן זיי אים געקענט אַריינוואַרפן אין חרם, ווי אַ מאָל שפּינאָזען, וואָלטן זיי עס אפשר מיט פאַרגעניגן געטון, אָבער אַזוי ווי פון אַ חרם ווערט מען אין איצטיקע צייטן ווייניק נתפּעל, האָבן זיי אים פּראָקלאַמירט אַלס אַן אַסימיליאַטאָר. און דאָס רוב מענטשן לעבן מיט פרעמדע מיינונגען און ווי פּאָפּאַגייען חזרן זיי איבער אומפאַרשטענדלעכע פאַר זיי ווערטער.

ב) חיים אַ ציוניסט. חיים קען גוט דעם יידישן תחום מיט זיינע שטויב־און רויך־פּרנסות. חיים ווייסט, אַז אפילו דער יידישער גביר אין תחום איז במחילה אַ גרויסער דלפון און לעבט פון ווינט.

דאָס יידישע לעבן מוז פּראָדוקטיוויזירט ווערן און דערפאַר, אַז חיים האָט דערזעען, אַז די ציוניסטישע פאַרטיי שטרעבט צו פּראָדוקטיווירן די יידישע יוגנט, האָבן זיך זיינע סימפּאַטיעס גענומען בייגן צו דער זייט טעטיקייט פון דער ציוניסטישער פאַרטיי. חיים האָט זיך נישט געפוילט און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל, אום זיך איבערצוצייגן, ווי ווייט אונזער יוגנט איז פעיק צו דער שווערער אַרבעט. אַ באַגייסטערטער פון דעם, וואָס ער האָט געזען, איז ער געקומען צוריק און מיט גרויס התלהבות רעפערירט וועגן אונזער יוגנט, וועלכע האָט זיך ממש מקריב געווען פאַר דעם אידעאַל, אויפצובויען אונזער לאַנד. מיט טאַט און ראַט, מיט כּל־אמצי כּוחות האָט ער געשטיצט די פּראָדוקטיווע טעטיקייט פון דער פאַרטיי. אָבער שפּעטער אַז חיים האָט דערזעען, אַז די איצטיקע ציוניסטישע מנהגים שלעפּן דעם ציוניזם אויפן וועג פון פּאָליטישע אַוואַנטורעס, מיט די בוטאַפאָרישע באַל־פור־דעקלעראַציעס און מאַנדאַטן, און די יידישע יוגנט ווערט קיין ארץ־ישראל אָן פינף הונדערט פונט פון אַ קאָפּ נישט אַריינגעלאָזט, זענען זיינע סימפּאַטיעס צום ציוניזם שטאַרק אָפּגעקילט געוואָרן.

ג) חיים אַן „עס־ער". חיים איז קודם־כּל אַ סאָציאַליסט. ער אַליין האָט מיר אַמאָל געזאָגט, „אַז פון אים שטינקט מיט סאָציאַליזם, ווי פון אַ גוטן ייד דורכגערייכערטע ליולקע מיט טיטון". חיימס סאָציאַליסטישער אידעאַל איז „אַ פרייער מענטש מיט אַ פרייעם גייסט". חיים האַלט, אַז די ערד איז דער איינציקער מקור פון אַלע פּרנסות, און דער פויער, וועלכער אַרבעט אַזוי שווער און באַגיסט מיט זיין שווייס די ערד, טראָגט אַלע קלאַסן אויף זיינע אַקסלען. דערפאַר איז דער חוב פון יעדן סאָציאַ־

ליסט צו אַרבעטן, אַז קודם־כּל זאָל דער פויער באַפרייט ווערן פון זיין פאַרשקלאַפקייט און אייביקער פינצטערניש. אַרויסגייענדיק פון דעם שטאַנד־פונקט, האָט ער מיט נאָך עטלעכע חברים געגרינדעט די ס. ר. פּאַרטיי, וועלכע האָט אַלס ווינקלשטיין פון איר פּראָגראַם אַוועקגעשטעלט דאָס אַגראַר־פּראָבלעם. דעם ערשטן צ. ק. פון דער פּאַרטיי האָט מען גערופן „דעם דיוואַן קאָמיטעט", ווייל די פינף מיטגלידער פון ערשטן צ. ק. זענען פאָטאָגראַפירט, זיצנדיק אַלע אויף איין דיוואַן.

חיים א „יעסעוויעץ". חיים האָט איינער פון די ערשטע באַגרינדעט די טעזע, אַז נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם זענען נישט קיין צוויי היפּוכים, נישט קיין תרתּי דסתרי. דער סאָציאַליזם איז אַ ים, אין וועלכן עס פאַלן אַריין פאַרשידענע טייכן. יעדער טייך האָט זיין בעט און פליסט מיט זיין שטראָם. אַלע נאַציעס זענען טייכן, וועלכע וועלן סוף־כּל־סוף אַריינפאַלן אין סאָציאַליסטישן ים. דעם אינטערנאַציאָנאַל זאָל מען נישט באַטראַכטן ווי אַ טאָפּ, אין וועלכן עס וועלן זיך צוזאַמענשמעלצן אַלע נאַציעס, נאָר ווי אַ ברידערלעכן פאַרבאַנד פון אַלע נאַציעס. אין דער הינזיכט שטימט זיין סאָציאַליזם מיט דעם סאָציאַליזם פון אונזערע נביאים. דער נביא מיכה זאָגט אין דעם קאַפּיטל ה' „והיה באחרית הימים"... ונהרו עליו עמים... והלכו גוים רבים... ושפט בין עמים רבים..." און אַזוי ווי דאָס יידישע פאָלק איז אַן אויסגעשפּראָכענע נאַציע, איז קלאָר, אַז יידן מוזן האָבן אַ יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און, ווי איך האָב שוין פריער אָנגעוויזן, גרינדעט חיים צוזאַמען מיט מאַרק ראַטנער (אויב איך האָב נישט קיין טעות) דעם „סערפּ". ווי מיר זעען, איז קיין חלוקי דעות נישטאָ און חיים שטייט די גאַנצע צייט, ווי אַ שטאַרקער בוים, וואָס וואַקסט זיך מיט דער צייט אַלץ מער פונאַנדער און ווערט אַלץ רייכער מיט צווייגן און פּירות.

קורץ און ריכטיק האָט כאַראַקטעריזירט חיימען דער גרויסער יידישער דיכטער חיים נחמן ביאַליק. עס איז געווען אין 1912־טן יאָר. אין אַ סך שטעט אין רוסלאַנד האָט מען געפייערט דעם 25־יעריקן יובילעום פון חיימס ליטעראַרישער טעטיקייט. אין פּעטערבורג איז די יום־טובדיקע פאַרזאַמלונג פאָרגעקומען אונטער דעם פאָרזיץ פון אַנסקין. איך בין צופעליק געווען אין יענער צייט אין פּעטערבורג און, ווי חיימס אַ ברודער, האָט מען מיך איינגעלאַדן אַלס ערן־גאַסט צום יום־טוב. עס האָבן גערעדט אַ סך באַוווסטע רעדנער. מיטאַמאָל דערשיינט אויף דער

טריבונע גאַנץ אומדערוואַרטעט פאַר אַלע געסט ביאַליק און זאָגט אומגע־
פער אַזאַ מין מאמר:

— „איינער פון די גרעסטע תּנאים איז געווען אלישע בן אבויה. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין פרייען גייסט, מיט אַן אייזערנער לאָגיק, און מיט אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער ערודיציע. ער איז אָבער געגאַנגען מיט זיין אייגנאַרטיקן וועג, מיט זיין שטראָם און דאָס איז שטאַרק נישט געפעלן געווען די רעדל־פירער פון יענער צייט. זיי האָבן געוואָלט, אַז אלישע זאָל זיך צופּאַסן צו זייער ניוואָ און אַז ער האָט זיך ענטזאָגט, האָבן זיי אים אריינגעוואָרפן אין חרם. אָבער אַזוי ווי זיינע הלכות זענען פאָרט געווען די ריכטיקסטע, האָט מען זיי נישט געקאָנט פאַרשווייגן און מען פלעגט זיי פאַרעפנטלעכן נישט אונטער דעם נאָמען פון אלישע, נאָר אונטער דעם נאָמען „אחר". חיים זשיטלאָווסקי איז דער „אחר" פון אונזער צייט און עס וועט קומען אַ צייט און באַלד, אַז מען וועט זיינע הלכות אָנערקענען, ווייל זיי זענען די בעסטע און די ריכטיקסטע". אין דער גמרא איז דאָ ווערטל: „תורא בתורה לא פגע איניש באיניש פגע". ס'איז נישט קיין צופאַל, אַז אַזעלכע צוויי מענטשן, ווי ביאַליק און חיים קאָנען זיך צונויפגיין און גוט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן. איך האָף, אַז חיים וועט אונז נאָך דערפרייען מיט אַ קאַפּיטאַל ווערק, אין וועלכן עס וועט זיך בולט אויסצייכנען חיימס בילד אַלס מענטש, קעמפער און דענקער.

שמואל זשיטלאָווסקי

בערלין, דעם 10־טן סעפּטעמבער 1928 יאָר.

## וויקטאר טשערנאוו

# חיים זשיטלאָווסקי און „דער פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל.-רעוואָלוציאָנערן“ (1900—1903)

מיט חיים זשיטלאָווסקין האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באַקענט סוף 1899-טן יאָר, אין דער שטאָט בערן, וווהין איך בין ספּעציעל צוליב דעם געפאָרן פון ציוריך. אין ציוריך האָב איך זיך דאַן גע-האַט באַזעצט מיט מיין פרוי אנאסטאסיאַ ניקאָלאַיעוונאַ, מיט דער מיידלשער פאַמיליע—סלעטאָוואַ, תיכף נאָך מיין קומען קיין אויסלאַנד.

מיט מיין פאָרן קיין אויסלאַנד בין איך אויסן געווען אַ דרייפאַכן ציל. ערשטנס: מיינע ערשטע פרווון פון אַ רעוואָלוציאָנע-רער אַרבעט צווישן פּויערטום, דער עיקר אין טאַמבאָווער גובערניע, האָבן מיר אַרויפגעפירט אויפן געדאַנק וועגן דער נויטיקייט צו שאַפן אין אַ ברייטן פאַרנעם אַן אגראַר-סאָציאַליסטישע און בכלל אַ פאָלקסטימלעכע רעוואָלוציאָנערע מאַסן-ליטעראַטור, איך האָב געגלויבט, אַז ביים צופלוס פון דערדאָזיקער ליטעראַטור אין אונזערע ערטער וועט זיך שנעל אַריבערוואַרפן אויף דער גאַנצער מאַסע פון רוסישן פּויערטום יענע אגראַרע באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו וועבן, ביי אונזער אוממיטלבאַרן אָנטייל, צווישן דעם טאַמבאָווער און סאַראַטאָווער פּויערטום... מען האָט געדאַרפט געפינען מענטשן, וועל-כע זאָלן קענען אָרגאַניזירן אין אויסלאַנד דאָס צונויפשטעלן, דאָס דרוקן און דאָס איבערפירן קיין רוסלאַנד אַזאַ ליטעראַטור. פון

דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט מיך דאַן דער עיקר אינטערעסירט די עמיגראַציע...

צווייטנס האָב איך אַליין פאַר זיך געדאַרפט בעסער טעאָרע־טיש באַגרייפן דעם עיקרדיקן תּוך און די מעטאָדן פון דער אַרבעט צווישן די פּויערים אין דער אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער אַרבעט, — מיט אַנדערע ווערטער, קלאָר מאַכן די פאָרמען און וועגן פון אַג־ראַרן סאָציאַליזם, אַלס אַן אוממיטלבאַרע טייל פון דער אינטעגראַ־לער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

און, לסוף, דריטנס, — איך, אַלס שילער פון גערצען, לאַווראָוו און מיכאַילאָווסקי, האָב געשטרעבט קאָנפראָנטירן זייערע אידייען מיט דעם אַלעם, וואָס עס האָט דאַן אויסגעמאַכט „דאָס לעצטע וואָרט" פון אייראָפּעס אַלגעמיין־פילאָזאָפישן געדאַנק — מיטן נעאָ־קאַנטיאַניזם, מיטן נעאָ־פּאָזיטיוויזם, מיט דער אימאַנענטער פילאָזאָפיע, מיטן עמפּיריאָקריטיציזם...



אין דער שווייץ האָבן דאַן כּמעט אויסשליסלעך געהערשט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וועלכע האָבן זיך דאַן אָנגעהויבן אַלץ שאַר־פער צו טיילן אויף „אַלטע" (די וועטעראַנען פון דער גרופּע „באַ־פרייאונג פון דער אַרבעט") און „יונגע" (צוקונפטיקע „עקאָנאָמיסטן" אָדער „ראַבאָטשעדעלצעס".) אין ציוריך האָב איך שנעל אָנגעקניפּט גוטע פּערזענלעכע באַציאונגען מיט פּ. ב. אַקסעלראָדן, און דערדאָ־זיקער לעצטער האָט זיך אפילו באַמיט צונויפפירן מיך מיט ג. וו. פּלעכאַנאָוון, ווי ס'האָט זיך דערנאָך אַרויסגעשטעלט — מיט דער אויסרעכענונג, אַז ס'וועט זיך ווי נישט איז לאָזן „צונויפרעדן". פּלע־כאַנאָוו איז דאַן געקומען צו פאָרן קיין ציוריך, כּדי צו לייענען עפּעס אַ פאָרטראַג; דער פאָרטראַג, געדענק איך, האָט אויף מיר נישט געמאַכט קיין גרויסן איינדרוק; ער האָט נישט באַהאַנדלט קיין קאַמפּסטעמע און ג. וו. האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס גוטער לעק־טאָר און אויך אַזאַ גוטער סטיליסט — אָבער נישט מער. אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מען מיר באַקענט מיט דער געקומענער פון ערגיץ (מען האָט מיר געזאָגט „פון דאָרף", אָבער, מיר דאַכט זיך, אַז אינדער־אמתן איז דאָס געווען אַן אומלעגאַלע נסיעה קיין רוסלאַנד) וו. אי.

זאַסוליטש, וועלכע האָט זיך געפּילט אויפן פּאָרטראַג ווי אויף אַ יום-טוב, — זי האָט מיר פּאָרגעוואָרפן מיין גלייכגילטיקייט, האָט זיך געהיצט, געשאַמפּערט זיך, איז אַרויס פון די כלים, — זי האָט בכלל געמאַכט דעם איינדרוק פון עקזאַלטירטקייט.

עלף אַ זייגער אינדערפרי אויף צומאָרגנס האָב איך, לויט אַק-סעלראָדס איינלאַדונג, געקלונגען צו אים אין דירה, ווו איך האָב זיך, אגב, געדאַרפט באַקענען מיט פּלעכאַנאָוון; איך פּערזענלעך האָב נישט צוגעשריבן קיין „פּאָליטישע" באַדייטונג דעמדאָזיקן צוזאַמענ-טרעף.

דער שמועס האָט זיך צוערשט געדרייט אַרום קליינינקייטן. כ'געדענק, פּלעכאַנאָוו האָט פאַרבייגייענדיק געזאָגט, אַז פון ציוריך וועט ער אַראָפּפאָרן קיין בערן מיט דעמזעלבן רעפעראַט, און מיט אַ שמייכל האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דאָרט האָב איך, אגב, „מיינעם אַן אייגענעם אָפּאָנענט" — איינער אַ זשיטלאָווסקי, אַ „סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער", ווי ער טי-טולירט זיך. וואָס און ווען איך זאָל נישט רעדן, שטייט ער אויף און דערקלערט וועגן זיין פולער נישט-איינשטימיקייט אָדער דער טיילווייזער איינשטימיקייט מיט מיר. אָבער אפילו אין דאָזיקן לעצטן פאַל פאַרגעסט ער נישט צו פּראָקלאַמירן: „און חוצדעם איז נויטיק טעראָר, טעראָר און טעראָר". איר זענט נישט באַקאַנט?

איך האָב זיך אָפּגערופן, אַז כ'בין נישט באַקאַנט, און אַז איך הער דעמדאָזיקן נאָמען דאָס ערשטע מאָל. פּלעכאַנאָוו האָט זיך גע-וווּנדערט און נישט אויפגעהערט צו שיטן מיט סאַרקאַזמען, אויף וועלכע ער איז געווען אַ מייסטער:

— יאָ, פון איין זייט איז דאָס אַ גרויסער פילאָזאָף, און פון דער צווייטער — אַ שרעקלעכער טעראָריסט. אונז, די סאָציאַל-דעמאָקראַטן וואַרפט ער שטאַרק פאָר, וואָס מיר ווילן נישט אָדער קענען נישט טעראָריזירן די רעגירונג. ווען איך טראַכט וועגן אים מוז איך זיך דערמאָנען אין איינעם אַ באַקאַנטן בראַנד-מאַיאָר, — גו, פון יענע ווי איר ווייסט:

„איבער דער טויטער וויסטעניש, מיט אַן אויסגעשטעלטער ברוסט
יאָגט זיך אויף דער אָכטענסקער שריפה דער בראַנד-מאַיאָר,

דורכדרינגענדיק די שטומע ווייטקייט מיט אַ קריגערישן בליק."

געווײנלעך זענען דאָס די אומשעדלעכסטע און גוטמוטיקסטע גאַשעפּעניש אויף דער וועלט, אָבער לויטן אויסזען — זייער מוטיקע. יאָ, איז אָט, דעמדאָזיקן בראַנד־מאַיאָר האָט איר געקענט פּלוצלונג אויפוועקן בײנאַכט אין בעט אָדער אַ קלאַפּ טאָן אים איבער דער פּלייצע אין אַ מאָמענט פון פאַרטראַכטקייט — פלעגט ער תיכּף אויפשפּרינגען, ווי אַ געביסענער. און עס פלעגט פון אים אַרויסשיסן פון זיך אַליין: „שטעל אָן די קישקע! שטעל אָן!..." אַזוי אויך מיט זשיטלאָווסקין: הויבט ער אָן צו רעדן וועגן טעראָר איז שווער זיך אײנצוהאַלטן נישט אויסצוזינגען: „אַך, בראַנד־מייסטער! אויף דער שריפה סאַראַ דרייסטער!" נו, און אייך ווילט זיך נישט, אַז לויט דעם אַלטן „נאַראָדאָוואָלישן" בײשפּיל זאָל מען ווידער „אָנשטעלן די קישקע" גלייך אויפן צאַר? אייך חלומט זיך נישט, אַז נאָר אויף אַזאַ אופן וועט זיך אָנהויבן די „אמתע" רעוואָלוציע?

מײן ענטפער האָט אים געקענט פאָרקומען ווי אַן אויסמיידנדיקער. איך האָב עפּעס אָנגעהויבן צו רעזאָנירן אויף דערדאָזיקער טעמע, אַז די טעראָריסטישע קאַמפּס־מעטאָדן וואַרף איך נישט אָפּ, אָבער דאָס אָנווענדן זיי איז אַ פראַגע פון צייט און אָרט, באַדינגונגען, אַ פראַגע וועגן איכות און כמות פון די כחות, מיט וועלכע עס דיספּאָנירט די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי אין מאָמענט, ווען עס קענען זי צווינגען צום קאַמף די האַנדלונגען פון דער רעגירונג און די שטימונג פון לאַנד; אָבער אַז איצט שטייט אויפן סדר־היום, לויט מײן מײנונג, נישט דער טעראָר — דאָס איז אַ זאַך פון דער צוקונפט, — נאָר דאָס פאַרברייטערן די קאָריטע פון דער געזעלשאַפטלעכער באַוועגונג, דאָס פאַראייניקן צו דער שטאָטישער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג די נאָך ברייטערע פויערישע מאַסן־באַוועגונג. איך האָב דערמאַנט, אַז ביי מיר, אין טאַמבאָוו, זענען געווען באַקאַנטע, וועלכע פלעגן קומען צו פאָרן צו אונז — איינער פון וואָראָנעזש, דער צווייטער פון קיעוו, — און אויך זיי האָבן אויסגעוויילט פאַר זיך דעם אַלגעמײנעם נאָמען „סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן", כּדי זיך אָפּצוגרענעצן פון דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע; אַז זיי זענען אָבער געווען זייער פאַרזיכטיק אין דער פראַגע וועגן

טעראָר, לאָזנדיק זי דערוויַיל אָפן, אַריבערטראָגנדיק דעם שווערפּונקט אין איצטיקן מאָמענט אויף דער פראַגע וועגן דער סאָלידאַריטעט צווישן פּראָלעטאַריער מיטן אַרבעטנדיקן פּויער.

דידאָזיקע ידיעה האָט פּלעכאַנאָוון, ווייַזט אויס, זייער פאַראינטערעסירט. ער האָט מיר אויסגעפרעגט וועגן די פּרטים, באַזונדערס דערגרונטעווענדיק, צי האָבן נישט די ביי-געבאַקענע רוסישע „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" קיין באַציאונגען מיט אויסלאַנד, און אויב יאָ, טאָ מיט וועמען. דערהערט, אַז מיר איז גאָרנישט באַקאַנט וועגן אַזעלכע באַציאונגען, האָט ער געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

— אַ צופעליקער צונויפטרעף פון די נעמען, נישט מער... און דער נאָמען האָט נישט קיין שום זינען. צי דען טויג ער אויף אָפּגרענעצן זיך? אַ רעוואָלוציאָנער קען נישט פיגורירן אַלס קעגנזאַץ צו אַ „דעמאָקראַט". די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע — די אמתע, די עכטע, און נישט די דעגענערירטע, ווי מיר האָבן דאָס איצט געזען ביי בערנשטיינען — קען נישט נישט זיין רעוואָלוציאָנער. נישט קיין רעוואָלוציאָנערע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע — דאָס איז טרוקן וואַסער אָדער נאַסער פייער!

איך האָב זיך איינגעשטעלט און באַמערקט, אַז דער טערמין „סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער" איז ביי אונז נישט קיין נייער, אַז אויך די „זעמלעוואָלצעס" און די „נאַראָדאָוואָלצעס" און אַפילו די „נאַראָדאָפּראַווצעס" האָבן זיך בשעתו באַנוצט מיט דער אַלגעמיינער באַצייכענונג „סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּאַרטיי", און אַז די נעמען „ערד און פרייהייט", „פאָלקס-ווילן" און „פאָלקס-רעכט" זענען גיכער געווען נעמען פון געהיימע געזעלשאַפטן, אומלעגאַל-אָרגאַניזירטע פראַקציעס; גיכער איז שוין אַ נייַס דער נאָמען „סאָציאַל-דעמאָקראַט", אַריבערגעטראָגן אויף אונזער באָדן פון דייטשלאַנד. פּלעכאַנאָוו האָט פאַרגיביק אַ שמייכל געטאָן.

— סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז אַ אינטערנאַציאָנאַלער טערמין, און מיר האָבן נאָך אַלץ אַ נייגונג, זאָל זיין אויף ווערטער, אויב שוין נישט אויף מעשים, צו עפּעס אייגנאַרטיקס... יעדנפאַלס, אייערע דערציילונגען באַשטעטיקן בלויז דאָס, וואָס איך האָב געטראַכט: דידאָזיקע אַלע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן קען מען אויסזעצן אויף איין סאָפע, און דאָס אויך נישט גאָר קיין גרויסער. און סאַראַ טומל

זיי הויבן דאָס אויף! אַקוראַט ווי אין אַנעקדאָט. סטוק, סטוק אין טיר — מיט רעש און שטורעם! — „ווער איז דאָרט?“ — „מיר!“ — „ווער מיר?“ — „די טשוכנא!“ *) — זאַלבעוויפלט זענט איר?“ „זאַלבעאיינס!“

דער שמועס איז אומבאַמערקט אַריבער אויף דער „נאַראָדני־טשעסטוואָ“ — שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז פלעכאַנאָוו האָט „אָנגעטאַפּט“ מיין דופק אָדער פשוט מיך לייכט עקזאַמענירט אין אַלע פּונקטן פון מיין מעגלעכער „אפּיקורסות“. פלעכאַנאָוו האָט נישט פאַרמיטן צו דערמאַנען דרך אגבדיק וועגן וו. וואָראָנצאָוון — דעם אַמאָל אַזוי באַרימטן „וו. וו.“ — ווי וועגן אַ מענטשן מיט „אַפּאָליטישע“ שטימונגען און „במילא“ דאָסזעלבע ווי אַ מאָנאַרכיסט... הגם איך האָב קיינמאָל נישט געהערט צו די באַזונדערע פאַרערער פון וו. וו., האָב איך פונדעסטוועגן געהאַלטן פאַר מיין חוב זיך אָנצונעמען פאַרן אַזוי אומגערעכט באַרעדטן שרייבער. איך האָב פּראָטעסטירט, זאָגנדיק, אַז מיר איז פּערזענלעך אויסגעקומען זיך טרעפן מיט אים, און איך קען פאַרזיכערן, אַז וואָראָנצאָוון קען מען שוין גיכער אָנרופן „אַנאַרכיסט“ איידער „מאָנאַרכיסט“... פלעכאַנאָוו האָט זיך זייער אומגעדולדיק באַצויגן צו מיין גבית־עדות, ער האָט מיך שנעל איבערגעריסן און אויסגעשאָסן מיט אַ עפעקטפולער טיראַדע, וועלכע וואָלט פון דער אָראַטאָרישער טריבונע, פאַר אַ צאָלרייכער אוידיטאָריע, מסתמא געקלונגען פּרעכטיק, אָבער אין קליינינקן צימערל, אין דער געזעלשאַפט פון אַ דריי־פיר מענטשן, האָט זי אויסגעזען מאָדנע נישט אויפן אָרט און אפשר אויך טעאַטראַליש־פאַלש...

— וואָס גייט אונז אָן מיט וועלכע מאָטיוון אַ מענטש באַמיט זיך באַרעכטיקן זיין אַפּאָליטיזם, בעת ביי היינטיקע באַדינגונגען באַדייט עס אומפאַרמיידלעך דאָס אָפּרוקן אויפן הינטערשטן פּלאַן דעם קאַמף מיט דער זעלבסטהערשאַפט? פּראַקטיש איז דאָס אַ שטרעבן צו לעבן פרידלעך מיטן צאַריזם, און נישט מער ווי דאָס. וויכטיק איז נישט דאָס, וואָס דער מענטש אַליין טראַכט וועגן די מאָטיוון פון זיין אויפפירונג, נאָר דידאָזיקע אויפפירונג גופא, אַלס אָביעקטיווער פאַקט. דורך דערדאָזיקער פאַקטישער אָביעקטיווקייט אירער קומט זי אַריין אין דער געשיכטע, און נישט דורך איר סוב־

*) טשוכנא—אַזוי רופן אָן די רוסן די פעלקערשאַפטן פון פינישער אָפּשטאַמונג.

יעקטיוון אונטערשלאַק. וואָס שייך דעם סוביעקטיוון אונטערשלאַק גופא, איז ער וויכטיק נאָר אויף אַזויפיל, אויף וויפל ער גייט אַריין אין באַוווסטזיין פון די מאַסן. ווי צו דעם, ווער עס וועט פאַרפירן איינעם פון דידאָזיקע קליינע! וואָס גיט דידאָזיקע גאַנצע פלאַטאָניש-אַנאַרכיסטישע צוקונפטמוזיק, וואָס רעקט צו די שענדלעכע גלייכגילטיקייט צום קאַמף קעגן מאָנאַרכיזם? בלויז פאַרפלאָנטערער, וועלכע שלאָגן אַראָפּ פון ריכטיקן וועג דעם פּראָלעטאַריאַט, וועלכע פאַרטונקלען זיין קלאַסן-אָריענטאַציע. איר זאָגט, אַז זיי זענען נישט קיין אַפּאָלאָגעטן פון מאנאַרכיזם? און איך זאָג אייך, אַז זיי זענען נאָך ערגער פאַר אַזעלכע אַפּאָלאָגעטן. קיין אָפענעם אַדוואָקאַט פון מאָנאַרכיזם וועט דער אַרבעטער נישט דינען. אָבער אָט אַזאַ אַנאַרכיזירנדיקן פאָלקסליבהאָבער יאָ — דאָס באַדייט, אַז אַזאַ איז געפערלעכער. אַזעלכע מענטשן הענגט מען, זאָג איך אייך, — יאָ, אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע הענגט מען זיי!

די לעצטע ווערטער האָט ער נישט אַרויסגעזאָגט, נאָר כמעט ווי אַרויסגעשריגן, מיט עפעקט אונטערטופּעננדיק מיט דער פוס. אָבער דער זשעסט איז מיר פאָרגעקומען אַן איינגעחזרטער, דער טאָן — אָנגעסטראָיעט. אגב האָב איך נאָך דאַן נישט געקענט דעם פראַנצויזישן אַרט שיינרעדעריי, תמיד אַ ביסל אַן אויפגעשרויפטן, שטאָלצן-עסטראַדיש, וואָס איז פרעמד דער רוסישער פשטות, — און דעריבער האָב איך די „קאָנווענציאָנעלקייט" פון דאָזיקן זשאַנר אָנגענומען אַלס נישט-אויפריכטיקייט, אַלס אינערלעכע פאַלשקייט. פלעכאַנאָוו איז מיר לגמרי נישט געפעלן געוואָרן. אַוועקגייענדיק האָב איך זיך פאַרזאָמט אין האַלב-פינסטערן קאָרידאָר, זוכנדיק מיין הוט, און ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען האָב איך אומווילנדיק דערהערט די הויפּע ווענדונג פון מיין מיטשמועסער צו אַקסעלראָדן:

— נו, וואָס טוט זיך מיט דיר, פּאַוול, כ'באַוווּנדער דיך ממש! און דו האָסט געקענט מיינען, אַז מיט אַזאַ מענטשן קענען מיר זיך צונויפרעדן? ער האָט אַ גלייכן וועג — קיין בערן, צו זשיטלאָווסקין, צו זיינע סאָציאַליסטן די „פוילענצער"!



אויפן וועג אַהיים האָט מיך די גאַנצע צייט צענומען אַ אי־בערלעכער געלעכטער. אַזוי גאָר, דער ליבער פּאַוועל באָריסאָוויטש האָט מיר געוואָלט אַזוי צו זאָגן „משדך זיין" מיט פּלעכאַנאָוון. און פּלעכאַנאָוו שיקט מיך צו זשיטלאָווסקין... נו, מסתמא דאַרף דאָס זיין אַזוי ! וואָס איז דאָס פאַר אַ זשיטלאָווסקי ? משפּטנדיק לויט דעם, ווי אַזוי פּלעכאַנאָוו „מאַכט אים מיט דער ערד צוגלייך" דאַרף מען אָננעמען, אַז אויך ער האָט געאַרג וואַלענטינאָוויטשן נישט איינמאָל אַרויפגעטראָטן אויף די „געליבטסטע הינעראויגן".

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך שוין באַוויזן אויספרעגן עט־לעכע מענטשן וועגן זשיטלאָווסקין — און די בערנער סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. איינער אַ סטודענט — ישראל בערלין — איז מיט אים געווען פערזענלעך באַקאַנט, און האָט געפילט צו זיין גרופּע — צום „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" מיטן צענטר אין בערן, — אַ געוויסע סימפּאַטיע. ער האָט מיך באַקענט מיט זייער אַ יונגן עמיגראַנט לעווענטיס, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון בערנער „פאַרבאַנד". לסוף האָב איך נאָך דערקענט אַן אַלטן מאָדנעם עמיגראַנט טשערנישאָוו. פון זיי — באַזונדערס פון לעצטן — האָב איך אַ סך געהערט וועגן זשיטלאָווסקין, אין שייכות מיט דער געשיכטע וועגן דער אַזויגערופענער „עפּאָפּייע פון צוויי־און־זיבעציק פאַרזאַמלונגען".



*

זשיטלאָווסקי איז אַריינגעפאַלן קיין ציוריך, אויב איך האָב קיין טעות נישט, אין 1888־טן אָדער 1889־טן יאָר. ער האָט זיך דאַן באַטראַכט אַלס „נאַראָדאָוואָלעץ". אין ציוריך איז ביז זיין קומען געווען אַ צענטער פון אַ גאַנצער גרופּע יונגע נאַראָדאָוואָלצעס ; זי האָט אַנטוויקלט אַ פאַרלעגערישע טעטיקייט, גרינדנדיק צוליב דעם אַ „ליטעראַרישן סאָציאַליסטישן פאָנד", און צוגלייך מיט דעם האָט זי זיך געגרייט צו אַן אַקטיוון קאַמף אין רוסלאַנד. אין דערדאָזי־קער גרופּע זענען, אַגב אורחא, געווען, בען, דעמבאָ, רודעוויטש, גנאַטאָווסקי־בּרעקער, סלעפּצאָוו, שענציס. אָבער דער ענערגישסטער פון דער גאַנצער גרופּע, דעמבאָ־גרינשטיין, איז אומגעקומען ביי זיינע פּרוּוון איבער באָמבעס אין דער סביבה פון ציוריך. און נאָך

דעמדאָזיקן אומגליק האָט זיך די גרופּע געמוזט צעשטויבן. מיט דערדאָזיקער גרופּע איז פריער געשטאַנען אין פאַרבינדונג אויך סאָפיאַ גינצבורג, וועלכע איז געטויט געוואָרן צוליבן באַרימטן „ענין פון 1-טן מערץ 1887-טן יאָר", און י. ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט געגרינדעט אין אויסלאַנד, לויטן אויפטראָג פון אייניקע רוסישע קרייזלעך, אַ זשורנאַל „סאָציאַליסט" מיט אַ פּראָגראַם פון אַ פּאַראייניקנדיקן כאַראַקטער; דורך אייניקע מיטגלידער (רודעוויטש) איז דידאָזיקע גרופּע געווען ירושהדיק פאַרבונדן אויך מיטן טעראָריסטישן קרייז פון אוליאַנאָוון (לענינס עלטערן ברודער). זשיטלאָווסקי האָט נאָך דערוואַרפט דידאָזיקע גרופּע יונגע „נאַראָדאָוואָלצעס", וועלכע איז אינגיכן „ליקווידירט" געוואָרן, אָבער ס'איז געבליבן פון איר אַ גאַנץ באַדייטנדיקע פּעריפעריע.

זשיטלאָווסקי האָט זיך שוין לאַנג אַרומגעטראָגן מיט דער אידייע, אין וועלכער — אויב מען זאָל לאָזן אין אַ זייט דעם זייער אַלטן פּרווו פון 1880-טן יאָר — ער האָט נישט געהאַט קיין פאָרגענגער. דאָס איז געווען דער פּלאַן פון שאַפן אַ פּאָפּולערע ליטעראַטור פאַר די יידישע אַרבעטער אויף זייער שפּראַך. אָבער צווישן דער יונגער „נאַראָדאָוואָלצישער" עמיגראַציע, וועלכע איז כמעט אויסשליסלעך געווען, לויט דער אָפּשטאַמונג, אַ רוסיש-יידישע, האָט ער נישט געפונען קיין הסכמה. דער געדאַנק האָט אויסגעזען ווילד, אומנויטיק און שיר נישט קיין „נאַציאָנאַליסטישער". אָבער זשיטלאָווסקין איז נישט געווען אַזוי לייכט אָפּצוקילן. ער האָט נישט אויפגעהערט עקשנותדיק „צו פירן זיין ליניע", זוכן אָנהענגער, פּראָפּאַגאַנדירן אַלעמען, ביז ער האָט, לסוף, נישט געפונען עמעצן (אַליצקי), וועלכער איז מסכים געווען אים בייהילפיק צו זיין — אגב, גיכער פון פּערזענלעכער פריינטשאַפט, ווי פון אינערלעכער איבערצייגונג. ווען אַליצקי, למשל, האָט אים איבערגעגעבן די ערשטע 100 פראַנק פאַר יידישער ליטעראַטור האָט ער מיט חוזק געזאָגט: „נו, אָט האָט איר, זשיטלאָווסקי, געלט, איר זאָלט זיך באַרואיקן, מיר וועלן צונויפזאַמלען נאָך אַ צוויי-דריי הונדערט, ס'וועט זיין גענוג אויף איין בראָשור: מיר וועלן זי אָפּדרוקן, און אַזויווי ס'וועט נישט זיין ווער עס זאָל זי לייענען, וועלן מיר זי רואיק אוועקלייגן ערגיץ אין אַ קעמערל, — דערפאַר וועט איר האָבן דאָס געפיל פון דערפילטן חוב און איר וועט באַקומען חשק צו עפּעס

אן אַרבעט, וואָס אַנטשפּרעכט מער די באַדערפעניש פון דער צייט."

דאָס איז געווען די צייט, ווען דער יידישער „בונד" האָט נאָך נישט עקזיסטירט. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז זשיטלאָווסקי האָט נאָך געשריבן אין יאָר 1887 אין זיין ערשטן בוך, וואָס איז געווידמעט דעם גורל פון זיין אייגן פאָלק, פּאָלגנדיקס:

„די יידישע אינטעליגענץ (אין רוסלאַנד)... איז געווען טריי דעם פאָלק נאָר ביז דער צייט, ביז עס איז נישט דערלאַנגט געוואָרן קיין שטאַרקער קלאַפּ זיין עם-הארצות, און זי האָט זיך אָפּגעריסן... אָבער צום אומגליק האָט זי זיך אָפּגעריסן צו פרי...

„די השכלה האָט אויסגעמיטן דעם פאָלק: זי האָט אָפּגעטיילט פון אים אַלץ אַ גרעסערע צאָל יוגנט, זי האָט אָבער נישט אַרויסגערופן קיין שום ערנסטע ענדערונגען אין זיינע איבערצייגונגען און אידעאַלן, ווייל — מען האָט זיך געווענדט צו אים נישט אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדט אין טאָגטעגלעכן לעבן, אויף וועלכער עס באַהאַנדלט זיינע ענינים, פרייט זיך מיט זיין גליק און קלאָגט זיך, ווען אים טוט וויי". *)

און נאָך אין פינף יאָר אַרום, אין אַ בראָשור, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורכן לאָנדאָנער פאָנד פון דער פרייער רוסישער פּרעסע, האָט זשיטלאָווסקי איראָניזירט איבער דער וואולגאַרער יודאָפילסטוואָ נישט ווייניקער ווי איבער דער וואולגאַרער יודאָפאָבסטוואָ, — וועלכע באַטראַכטן גלייך דאָס יידנטום אַלס בעיקר אַ האַנדלס-פאַרמיטלערישע עטנישע גרופּע, און וועלכע פאַרגעסן וועגן דער צווייטער טייל יידנטום, פאַר זשיטלאָווסקין דער וויכטיקסטער. „דאָס יידישע פאָלק דאָס זענען — דער שוואַרצאַרבעטער, דער ערד-גרעבער, דער טרעגער, דער מויערער און אַז. וו. און — ווו ס'איז נאָר מעגלעך — דער ערד-אַרבעטער, — דערדאָזיקער גאַנצער יידישער פּראָלעטאַריאַט איז אינגאַנצן פאַרווישט געוואָרן אויפן האָריזאָנט פון דער יידישער פראַגע, און ערשט אין דער סאַמע לעצטער צייט האָט ער געמוזט „אַנטדעקט" ווערן דורך אַ רוסישן פאָרשער, דעם באַרימטן עקאָנאָמיסט סובאָטין. ערשט נאָך דערדאָזיקער „אַנטדעקונג" איז ענדלעך געוואָרן מעגלעך צו ענטפערן קאַטעגאָריש און קלאָר אויף דער פראַגע, וועל-

*) „געדאַנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פון יידנטום" ח. זשיטלאָווסקי. מאָסקווע 1887 י. זייט 118 און וו.

כע מיר האָבן געשטעלט: יאָ, דאָס יידישע פאָלק אין רוסלאַנד איז אַן אַרבעטנדיק פאָלק, ווייל זיין גרעסטע מערהייט פאַרנעמט זיך כמעט מיט אַלע געביטן פון פיזישער אַרבעט". און דער גאַנצער פאַטאָס פון זשיטלאָווסקיס ווענדונגען צו דער יידישער אינטעליגענץ באַשטייט פון פאָרווורפן, וועלכע ער מאַכט איר דערפאַר, וואָס זי שטעלט די יידישע פראַגע אויסשליסלעך אַלס רעכט-פראַגע, ווי אַ פראַגע פון גלייכבאַרעכטיקונג, דערביי ווערט יעדער דערפאָלג אין דאָזיקן לעצטן געביט כמעט אויסשליסלעך רעאַליזירט דורך דער יידישער בורזשואַזיע; פון פאָרווורפן, וועלכע ער מאַכט דער יידישער אינטעליגענץ דערפאַר, וואָס יעדער דערפאָלג פון יידישער גלייכבאַרעכטיקונג גיט איר צו מוט נאָך ענערגישער ווי פריער צו רייסן זיך אין די רייען פון דער אינטעליגענץ פון דער הערשנדיקער נאַציאָנאַליטעט, קאָנקורירנדיק מיט איר אין אַלע ספערעס פון איר טעטיקייט און מיט זייערע טאַלאַנטן „פאַרשאַפן זיי כבוד זייער נאַציע" — אָנשטאָט צו בלייבן אין קאָנטאַקט מיט זייער פאָלק, „און פאַנאַנדערוויקלען די פאָן, אויף וועלכער עס זאָלן זיין אָנגעשריבן די אינטערעסן פון די אַרבעטנדיקע, די אינטערעסן פון די אַרבעטער". און ווייטער איז כאַראַקטעריסטיש זיין קלאָגן זיך, ווו עס הערט זיך אַ בולטער אָפקלאַנג אויך פון זיינע אייגענע ציוריכער דורכפאַלן: „אַז עס באַווייזן זיך עטלעכע יידן-רעוואָלוציאָנערן מיט אַ פרווו צו אָרגאַניזירן אַן ערנסטע סאָציאַליסטישע פראָפּאַגאַנדע צווישן אונזער פאָלק אויף אונזער אייגענער שפּראַך, ווערט דידאָזיקע אומפאַרמיידלעך צעשלאָגן אין דער שטיינערנער גלייכגילטיקייט פון די רעוואָלוציאָנערן-יידן גופא, ווי דאָס איז, למשל, געשען מיט דער גרופּע „פרייע יידישע פרעסע" אין זשענעווע אין 1880-טן יאָר. אין בעסטן פאַל וועלן זיי אַ קוק טאָן אויף אַזאַ פרווו ווי אויף איינער פון די אומשעדלעכע באַשעפטיקונגען פון דער רעוואָלוציע, פאַר וועלכער קיין שום ערנסטער טוער, פאַרשטייט זיך, דאַרף זיך נישט נעמען..."

אָבער זשיטלאָווסקי, וועלכער האָט זיך געשלאָגן ווי אַ פיש אין אייז אין דער קאַלטער גלייכגילטיקייט פון דער מערהייט אינטעליגענטע מענטשן פון זיין רעוואָלוציאָנערן דור צו דער „מאָדנער" אידייע צו מאַכן פון באַרבאַרישן, קאַלעדיקן, האַלב-דייטשן „זשאַרגאָן" אַ מעכטיק געצייג אויף צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן

דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, האָט אויך נישט פאַרגעסן וועגן רוסישן אַרבעטער, וואָס איז אים נישט ווינציקער נאָנט און נישט ווינציקער טייער. נישט אומזיסט האָט ער דאָך אין דיזעלבע „געדאַנקען" פון 1887 געשריבן, אַז „דאָס יידישע פאָלק איז אין תּוך גענומען איינס פון די פּעאיקסטע צו אַסימילאַציע", אַז דאָס איז „די קאָסמאָפּאָליטישסטע ראַסע אויף דער וועלט"; און אויב ער אַליין איז נישט אַוועק אינגאַנצן נישט אין רוסישן סאָציאַליזם, צו וועלכן ער האָט געהערט לויט זיין גייסטיקער דערציאונג, נישט אין דעם דייטשן, וועלכער איז אים שפּעטער געווען נאָנטער פון אַלע לויט דער הויך פון זיין וויסנשאַפטלעך-פילאָזאָפישער קולטור, איז דאָס געטאָן געוואָרן טאַקע דוקא צום טראַץ פון דער גרעסערער לייכטקייט אַזוי צו ריכטן זיין לעבנס-שיף, פון מאַראַלישן באַוווסטזיין, אַז ס'איז נישט דערלאָזבאַר איבערצולאָזן אָן אַ געהעריקער אינטעליגענטער פירונג דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז דער געיאָגטסטער, דער אומגליקלעכסטער, דער גייסטיק-געשמידטסטער פון אַלע פּראָלעטאַריאַטן אויף דער וועלט.

מיט דער „ברייטקייט", וואָס האָט תּמיד אויסגעצייכנט זיין נאַטור, איז זיך זשיטלאָווסקי אין ציוריך תּיכּף צונויפגעקומען מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן פון אַלע ריכטונגען, נישט אויסמיידנדיק אויך די אָנהענגער פון דער „גרופּע צו באַפרייען די אַרבעט". ער איז נישט געווען קיין מאַרקסיסט, זיין סאָציאַליסטישע שולע איז געווען די שולע פון גערצענען און טשערנישעווסקין, פון לאַוראָוון און מיכאַילאָווסקין; ער איז אָבער אויך נישט געווען קיין פאַנאַטיקער פון אַנטי-מאַרקסיזם; ער האָט געהאַלטן, אַז דער פילאָזאָפיש-סאָציאַליסטישער קרעדאָ פון יעדן רעוואָלוציאָנער איז, אין תּוך גענומען, במעט ווי זיינע אַ פּריוואַט-זאַך, ווייל די פאַרבינדונג פון די אַבסטראַקטע פּרינציפּן מיט דער אוממיטלבאַרער רעוואָלוציאָנערער פּראַקטיק איז אַזאַ ווייטע און מיטלבאַרע, אַז עס האָט קיין זין נישט צו דערקלערן אין איר נאָמען איינער דעם צווייטן אַ מלחמה אויף לעבן און טויט; נישט דאָס איז וויכטיק, ווי אַזוי די מענטשן באַגרינדן פילאָזאָפיש פאַר זיך אַליין זייער אייגענע רעוואָלוציאָנערע אויפפירונג, נאָר דידאַזיקע אויפפירונג גופא, וועלכע ווערט גיכער אונטערגעזאָגט דורך דער לאָגיק פון לעבן אַליין, ווי דורך דער לאָגיק פון דער סימעטרישער טעאָריע. אָט פאַרוואָס ער איז זיך לייכט

צונויפגעקומען אויך מיטן דעמאָלטיקן לידער פון די אַרטיקע „פלעכאַנאָווצעס”, קאַלמאַנסאָן (וועלכן איך האָב שוין נישט דערווישט), כדי צו אָרגאַניזירן צוזאַמען מיט אים אַ פּאַראייניקנדיקע, צווישנפראַקציאָנעלע גרופּע אויף אַרויסצוגעבן אַ בראָשור-ליטעראַטור פאַר די רוסישע אַרבעטער. דידאָזיקע דערגעגנטערונג איז זייער נישט געפעלן געוואָרן זשיטלאָווסקיס נאָנטע חברים, וועלכע האָבן אים נישט איינמאָל געוואָרנט, אַז דער פראַקציאָנעלער פאַנאַטיזם פון די יונגע רוסישע מאַרקסיסטן וועט זיכער אים אָפּטאָן אַ וועלכן נישט איז אומלאָיאַלן שפּיצל. „אָבער ער, דער גוטמוטיקסטער פון אַלע מענטשן, האָט פאַר קיין פאַל דאָס נישט געוואָלט גלויבן”, — האָט מיר דערציילט לעווענטיס — ”און וואָס זשע איז געוואָרן? די ערשטע בראָשור, וועלכע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַלגעמיינע אָנשטרענגונגען — דאָס איז געווען „אַ רעדע פון אַרבעטער פּיאָטר אַלעקסעיעוו” — איז פאַרזען געווען מיט אַ הקדמה פון פּלעכאַנאָוון, מיט אַזעלכע אומאַנשטענדיק-שאַרפע און דעמאַגאָגישע אנפאַלן אויף דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער אינטעליגענץ, אַז זשיטלאָווסקי איז שיר נישט אויפגעשפּרונגען ביזן פאַלאַפּ... אַלץ איז אָפּגעטאָן געוואָרן הינטער זיין רוקן, און נאָך גוט, וואָס ער האָט באַוויזן דערוויסן זיך וועגן דעם ביזן „אָוונט צום אָנדענק פון דאָבראָליובאָוון”, — אַן אָוונט לטובת דערזעלבער אַרבעטער-ביבליאָטעק, — אויף וועלכן ער האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן... ער האָט תיכף געמוזט איבעררייסן מיט קאַלמאַנסאָנען, און אָט — אָנשטאָט אַרויסצוטרעטן אויפן דאָבראָליובאָוושן אָוונט, האָט ער געמאָלדן וועגן זיינעם אַ רעפעראַט קעגן דער טאַקטיק פון די פּלעכאַנאָווצעס און קעגן דער באַזע גופא פון דערדאָזיקער טאַקטיק — קעגן רוסישן מאַרקסיזם. איר קענט זיך גאָר נישט משער זיין, סאַראַ שטורמישע דעבאַטן עס האָבן זיך צעפלאַקערט, ווי די ליידנשאַפטן האָבן זיך צעהיצט און ווי אַזוי דער אָביעקט פון די דעבאַטן איז אַלץ ברייטער און ברייטער געוואָרן, אַרומכאַפּנדיק צום סוף אַלע פראַגן פון דער רעוואָלוציאָנערער טעאָריע און פּראַקטיק! אָט, אונטער זיין פאָרזיצערשאַפט — האָט מיר לעווענטיס געזאָגט, און דערביי אָנגעוויזן אויף טשערנישאָוון — זענען אַדורך איינער נאָכן צווייטן צוויי-און-זיבעציק אָוונטן — דאָס רעדט זיך נאָר אַזוי, אַז „אָוונטן”, אָבער אינדערעמתן זענען דאָך דאָס אָפּטמאָל געווען אין פולן זין פון וואָרט ליל-שמורימס!

די סאָציאַל-דעמאָקראַטן האָבן אַראָפּגעבראַכט פּאַוועל באָריסאָוויטשן, קריטשעווסקי באָריס איז אַרויסגעטראָטן אין זייער נאָמען, קאַלמאַנסאָן, אַקסעלראָד ליובאָ („אָרטאָדאָקס". וו. טש.), מיט איין וואָרט — אַלע!"

אין אַ צייט אַרום האָט מיר זשיטלאָווסקי אַליין אויך דערציילט וועגן דער דאָזיקער „העלדישער" עפּאָפּייע פון רעדנער-קונסט... ער האָט זיך מודה געווען, אַז אַליין דער שולדיקער פון דער פּאַרקאָכטער קאַשע איז ער סוף-כל-סוף מיד געוואָרן דורך איר אומענדלעכן דויער און די איבערחזרונגען, וואָס האָבן זיך געלאָזט פילן אין דער כמעט אויסגעשעפּטער אַרגומענטאַציע פון ביידע צדדים. און ער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אָפּצושטיין, אָבער אויך אָן אים האָט זיך דער קנייל כּל נישט אויפגעהערט אָפּצוּוויקלען מיט דעמזעלבן אומענדלעכן פּאָדים. עס פלעגן זיך באַווייזן נייע מענטשן און תּיכּף זיך וואַרפן אין קאַמף פון דער אָדער יענער זייט. אַזוי, למשל, אויף דער ביין-און-פופציקסטער, אָדער זעכציקסטער פאַרזאַמלונג האָט די אויפמערקזאַמקייט פון דער אוידיטאָריע צוגעצויגן דורך זיינע אַרויסטרעטונגען דער נאָר-וואָס געקומענער פון רוסלאַנד ח. ראַפּאָפּאָרט, — לויט דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן צונאָמען „אָסיפּ", ער האָט אָנגענעם געווירקט דורך זיין פּשוטן און רואיקן טאָן, וואָס האָט אָפּגעקלונגען אַזוי אומדערוואַרט אין דער אַטמאָספער פון דער געשטיקטער פּאָלעמישער גערייצטקייט. ער האָט זיך דערקלערט אַלס סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַ מאַרקסיסט, אָבער ער האָט גערן אָנערקענט, אַז אַ סך איז נאָך אין מאַרקסיזם היפּאָטעטיש, אַ סך נישט אויסגעאַרבעט אָדער אָנגעצייכנט בלויז דורך גראָבע שטריכן, און דעריבער וועט ער זיכער פאָדערן אויסבעסערונגען. אין די אַמפּערייען אויפן באָדן פון פּריוואַטע חלוקי-דעות האָט ער אָפּט פּרובירט פאַרנעמען אַ רודף-שלומדיקע פּאָזיציע, און נישט אָן דערפאָלג. זשיטלאָווסקיס „ברייטקייט" האָט תּיכּף זיך גוט אָפּגערופן אויף די נייע נאָטן, וועלכע עס האָט אַריינגעבראַכט דער ניי-געקומענער; וואָרום אפילו זשיטלאָווסקי אַליין, וועלכער האָט געלייענט אין רוסלאַנד „דעם סאָציאַליזם און דער פּאָליטישער קאַמף" און אפילו „אונזערע חלוקי-דעות" פון פּלעכאַנאָוון, האָט זיך נישט באַצויגן צו זיי ווי עפּעס פיינטלעכעס — אדרבה, גיכער ווי צו אַ קריטיק אין דער פּאַרטיי גופא, אַ קריטיק, וואס איז אפשר ערטערווייז אומנויטיק שאַרף און קפּדנות

דיק, אָבער אַזאַ וואָס פאַרדינט איז תּוך געגומען אויפמערקזאַקייט
און איז, טיילווייז, לחלוטין אָננעמבאַר, מיט איין וואָרט, זשיטלאָווו-
סקי האָט זיך ווידער גענומען באַווייזן אויף די פאַרזאַמלונגען, זיך
באַקענט, און דערנאָך זייער נאָנט זיך צונויפגעקומען סיי מיט ראַפּאָ-
פּאָרטן, סיי מיט זיין פרוי פאַני, זייער אַ סימפּאַטישע, האַרציקע און
קלוגע (צום באַדויערן פריצייטיק געשטאָרבענע) פרוי, וואָס האָט גע-
האַט אויפן מאַן אַן ערנסטע און פאַרֿאייִדעלנדיקע ווירקונג. אין רע-
זולטאַט פון דער פאַרבונדענער נייער פריינטשאַפט, ווי דאָס טרעפט
אָפט, האָבן ביידע צדדים געהאַט איינער אויפן צווייטן אַ געוויסע
ווירקונג, זשיטלאָווסקי האָט מיר נישט איינמאָל געזאָגט, אַז ווען נישט
דער צונויפטרעף מיט ראַפּאָפּאָרטן, וואָלט ער אפשר נאָך לאַנג אַזוי
קלאָר נישט באַגריפן די קומענדיקע אַוואַנגאַרד-ראָלע פון רוסישן
אינדוסטריעלן פּראָלעטאַריאַט אין דער רעוואָלוציע. פון זיין זייט
האָט ער אַליין געהאַט אויף ראַפּאָפּאָרטן אַ ווירקונג אין זין פון
אָפּשאַצן די באַדייטונג פון פּאָליטישן טעראָר און דערקענען די
שוואַכע זייטן פון דער אַלגעמיין-פילאָזאָפישער באַזע פון מאַרק-
סיזם.



דערווייל איז אָנגעקומען דער 1891-טער יאָר. אין רוסלאַנד
איז אויסגעבראָכן אַ הונגער.

איצט איז זיך שווער פאָרצושטעלן, סאַראַ רעזאָנאַנס ער האָט
געפונען צווישן דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט סיי אין רוסלאַנד סיי
אין אויסלאַנד.

לויט די דערינערונגען, מיט וועלכע זשיטלאָווסקי האָט זיך
שפּעטער מיט מיר געטיילט, איז באַזונדערס דערשיטערט געוואָרן ראַ-
פּאָפּאָרט; גאַנצע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען „ממש ווי אַ משוגע-
נער". און אַלץ אַרום האָט געברויזט און געשטורעמט... „אַזוי קען
מען ווייטער נישט לעבן, מען דאַרף האַנדלען, האַנדלען פאַר יעדן
פּרייז" — פלעגט ראַפּאָפּאָרט טאָג-טעגלעך טענהן. „מיר מוזן זיך
תּיכּף אָרגאַניזירן, אָנהויבן אַרבעטן, זיך פאַרבינדן מיט רוסלאַנד".

ראַפּאָפּאָרטס עקשנות דאַרף מען צושרייבן דעם פאַקט, וואָס
גאַנץ גיך איז פאָרמירט געוואָרן די אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט באַקו-

מען דעם נאָמען „דער פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן אין אויסלאַנד".

אין דאָזיקן פאַראיין זענען אַריין זשיטלאָווסקי, זיין פרוי ווערא, ח. און פ. ראַפּאָפּאָרט, מ. ראָזענבאַום, פּאָלובאָיאַרינאָווא, לעוועניס און, צום סוף, יודעלעוויסקי. ראַפּאָפּאָרט האָט אָנגעשריבן דעם ערשטן אויפרוף פון דער גרופּע „צו דער געזעלשאַפט", זשיטלאָווסקי — „צו דער אינטעליגענץ", מ. ראָזענבאַום — „צום פּויערטום", וו. ס. זשיטלאָווסקאַיאַ — „צו די אַרבעטער"; די פּראָקלאַמאַציעס האָט ראָזענבאַום בשלום אַריבערגעפירט איבער דער גרעניץ. די גרופּע האָט זיך תיכף געווענדט נאָך אַ „ברכה" און מיטהילף קיין פּאַריז, צום פּאַטריאַרך פון דער רעוואָלוציאָנערער עמיגראַציע — פּ. ל. לאַווראָוו. אָבער נאָך פאַרן גרינדן דעם „פאַראיין" האָט ראַפּאָפּאָרט זיך צונויפגערעדט מיט זשיטלאָווסקין און זיינע פריינט פון איין זייט און מיט די אָרטיקע סאָציאַל-דעמאָקראַטן-פּלעכאַנאָווצעס פון דער צווייטער — וועגן אָרגאַניזירן אַ געמיינזאַמע איבער-פּראַקציאָנעלע געזעלשאַפט „פאַר אַגיטירן לטובת פּאָליטישער פרייהייט, אויסנוצנדיק צו דעם צוועק דעם היינטיקן קריזיס אין רוסלאַנד". די הסכּמדיקע רעזאָלוציע האָט געזאָגט, אַז „די געזעלשאַפט האָט אין אויג צו העלפן שאַפן, אַריבערפירן און פאַרשפּרייטן אין רוסלאַנד אַנטשפּרעכנדיקע ליטעראַטור צווישן אַלע באַפעלקערונגס-שיכטן, ווענדנדיק זיך נאָך הילף צו אַלע אָפּאָזיציאָנעלע עלעמענטן"; כּדי לייכטער מאַכן די מעגלעכקייט (וואָס איז אַזוי שטאַרק פּראָבלעמאַטיש!) פאַר „לעגאַלע" פּערזאָנען אנטיילצונעמען אין דער געזעלשאַפט, האָט מען איר געגעבן אַן אומשולדיקן נאָמען: „געזעלשאַפט צו באַקעמפן דעם הונגער". פאַרשטייט זיך, דאָס האָט געהייסן נייען מיט ווייסן פאָדים...

כּדי צו כאַראַקטעריזירן די שטימונגען פון יענער צייט איז כּדאי צו באַמערקן, אַז אויך די צווישנפּאַרטייאישע געזעלשאַפט, וואָס איר סעקרעטאַר איז געווען דער זעלבער אומפאַרמיידלעכער קאַלמאַנסאָן, האָט זיך קודם כּל געווענדט צו פּ. ל. לאַווראָוון מיט אַ בקשה צונויפצושטעלן אַ בראָשור, וואָס זאָל קלאָר מאַכן „די אויפגאַבן פון אַ רוסישן רעוואָלוציאָנער ביים איצטיקן קריזיס". באַגרינדנדיק די כּוונות פון דער נייער אָרגאַניזאַציע האָט קאַלמאַנסאָן געשריבן לאַווראָוון, אַז אירע גרינדער האָפן, אַז אין רוסלאַנד וואָלטן איצט די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן... אנגענומען אויף אַ סך מער פאַרשטענדעניש, ווי

זען נישט איז פריער"; זיי האלטן, אַז אויך די „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן וואָס וווינען אין אויסלאַנד קענען אַריינטראָגן אין דערדאָזיקער זאַך זייער חלק"; „צוליבן דאָזיקן ציל האָבן די פאָרשטייער פון די פאַרשיידענע גרופּעס פון דער ציוריכער רעוואָלוציאָנערער יוגנט באַשלאָסן לאָזן אויף אַ צייט אין אַ זייט די פּראָגראַמאַטישע פּונקטן, וואָס צעטיילן זיי" און האַנדלען געמיינזאַם.

פון דאָזיקן בריוו קען מען זען, אַז דער נאָמען „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" האָט דאָ נישט געהאַט קיין שום ספּעציפיש-פּראַקציאָנעלע באַפאַרבונג; ער פלעגט באַנוצט ווערן אַלס אַלגעמיינער באַגריף פון אַלץ-אַרומנעמענדיקן כאַראַקטער און דעריבער האָט מען אים געקענט אָנווענדן אויף די פאַרשיידנסטע גרופּעס, אויך אויף די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע. דעריבער איז דער נאָמען „פאַראיין פון סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן" געווען פון אָנהויב אַ „נייטראַלער" סיי פאַרן האַלב-מאַרקסיסט ראַפּאָפּאָרט, סיי פאַרן אַנטי-מאַרקסיסט זשיטלאָווסקי, און ערשט שפּעטער, בהדרגהדיק, האָט ער אָנגעהויבן צו באַקומען אַ פּ ר אַ ק צ י אָ נ ע ל ע באַפאַרבונג.

צוערשט זענען אַלס יסוד פון נייעם „פאַראיין" אָנגענומען געוואָרן אַ זעקס-זיבן פּונקטן. ערשטנס האָט מען אָנערקענט, אַז דער פאַראיין פאַרפליכטעט נישט זיינע מיטגלידער צו האָבן אַ וועלכע-נישט-איז אַלגעמיין-גילטיקע פילאָזאָפישע און סאָציאָלאָגישע דאָקטרין, אַז עס קענען געהערן צו אים סיי נישט-מאַרקסיסטן, סיי מאַרקסיסטן. צווייטנס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז דער ענד-ציל פון פאַראיין איז דער סאָציאַליזם, און דער הויפּט-מיטל פון קאַמף פאַר אים — דער רעוואָלוציאָנערער קלאַסן-קאַמף פון די אַרבעטנדיקע. דריטנס איז די פּאָליטישע פרייהייט אָנערקענט געוואָרן נישט נאָר אַלס די באַקוועמסטע פאָרם פאַר אָרגאַניזירן אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, נאָר אַלס זעלבשטענדיקער קולטורעלער ווערט, אין אַ געוויסן זינען „אַלס ציל פאַר זיך", און נישט נאָר אַלס מיטל לגבי דעם אמתן „ציל", פערטנס איז דער פּאָליטישער טעראָר אָנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די צוועקמעסיקע קאַמפּס-מיטלען, אָבער נישט אַלס אויסשעפּנדיקער מיטל. פינפטנס איז די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג באַטראַכט געוואָרן אַלס טייל פון דער אינטערנאַציאָנאַלער באַוועגונג פון דער אַרבעט קעגן אַלערליי אַרטן עקספּלואַטאַציע. זעקסטנס איז אָנערקענט געוואָרן, אַז די באַוועגונג אין רוסלאַנד קען נישט לויט

אירע פאָרמען און מעטאָדן זיין אַ פשוטע קאָפּיע פון אַ וועלכן-נישט-איז אויסלענדישן מוסטער, נאָר זי דאַרף געבראַכט ווערן אין הסכם מיט די אָריגינעלע, אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פון רוסישן לעבן, און צולעצט, זיבעטנס, איז אָנערקענט געוואָרן, אַז ס'איז אומבאַדינגט נויטיק אויסצואַרבעטן אַן אַגראַר-פּראָגראַם, וואָס אַנטשפּרעכט די אינטערעסן פון פויערטום און וועלכע אָריענטירט זיך אויף דער ערד-נאַציאָנאַליזאַציע.

ביים פאָרמולירן דעמדאָזיקן לעצטן פונקט איז אַנטשטאַנען אַ גאַנץ ערנסטע שטערונג. ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט זיך שוין געהאַט אָפּגעזאָגט פון דער אַלגעמיין-פילאָזאָפישער זייט פון מאַרקסיזם — ער האָט אין יענער צייט געזאָגט, אַז דער מאַרקסיזם איז נישט עפּעס אַנדערש, ווי אַ „ווייכע פערינע פאַרן רעוואָלוציאָנערן געוויסן" — האָט שטאַרק פאַרטיידיקט דעם ריין-פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. ער האָט זיך באַצויגן מיט גרויס סקעפּטיציזם צום פויערטום בכלל, ווי אויך צו זיין ערד-עדה אַלס אַ מעגלעכן אויסגאַנגס-פונקט אין קאַמף פאַר נאַציאָנאַליזירן די ערד. אַלס פאַרביסנסטער קעגנער אין דערדאָזיקער פראַגע איז קעגן אים אַרויסגעטראָטן זשיטלאָווסקיס פרוי, ווערא סעווועריאַנאָוואַ, וועלכע האָט, לסוף, געשטעלט די פראַגע אולטימאַטיוו: אויב די פּראָגראַם פון פאַראיין וועט נישט אָנערקענען, אַז דאָס פויערטום איז דער שטיצפונקט פון סאָציאַליזם אין דאָרף, פונקט ווי דער פּראָלעטאַריאַט — אין שטאָט, גייט זי נישט אַריין אין פאַראיין. נאָך גאַנץ לאַנגע אַמפּערייען האָט זי, לסוף, באַקומען אַ פולע באַפרידיקונג.

אַזוי איז, ענדלעך, אַנטשטאַנען דער „פאַראיין פון סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן", וועלכער האָט דערנאָך אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל „דער רוסישער אַרבעטער". דער פאַרנעם פון דער אַרבעט איז געבליבן קליין, אָבער נישט געקוקט אויף זיין קליינקייט פלעגן די נומערן פון זשורנאַל דערשיינען זעלטן; צו מיין קומען אין 1899-טן יאָר האָבן געהאַט דערשינען אַ וועלכע צענדליק נומערן, אויב נישט נאָך ווייניקער, ד. ה. עס פלעגן דערשיינען פון איינעם ביז דריי נומערן אַ יאָר. אין ציוריך איז געבליבן פון די מיטגלידער פון „פאַראיין" בלויז איין לעווענטיס. ראַפּאָפּאָרט, וועלכער האָט זיך גערעכנט אַלס רעדאַקטאָר פון „רוסישן אַרבעטער" איז אַריבערגעפאָרן קיין פאַריזש, די זשיטלאָווסקיס און פּאָלובאָיאַרינאָ-

וואַ — קיין בערן, ראָזענבאַום האָט געשוועבט אין רוים: אויף אים איז געלעגן די גרעניץ, דער טראַנספּאָרט און בכלל דער גאַנצער „פאַרבינדונגס-דינסט" מיט רוסלאַנד. זיין ערשטע אומגלעגלעגלע נסיעה קיין רוסלאַנד האָט ער געמאַכט קיין ראַסטאָוו אויפן דאָן. ס'איז אינטערעסאַנט דער געגעזיס פון דערדאָזיקער נסיעה... אין איר איז באַשטעטיקט געוואָרן די ריכטיקייט פון אַלטן ווערטל „ווו עס האָבן זיך צונויפגעקומען צוויי אָדער דריי אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע, דאָרט איז אַ שפּיאָן צווישן זיי". ח. ראַפּאָפּאָרט האָט דעם „פאַראיין" רעקאָמענדירט אויפן בעסטן אופן איינעם אַ סטודענט-פּאָליטעכניק, וואָס האָט געלערנט אין דאַרמשטאַט, וועלכער האָט געטראָגן אַ נאָמען, וואָס האָט שפּעטער באַקומען פונקט אַזאַ גרויסע ווי טרויעריקע באַרימטקייט. מען האָט אים גערופן — יעווגעני (יעווּנאָ) אַזעוו.

יאָ, מענדל ראָזענבאַומען האָט געגעבן אַן אַדרעס אין ראָסטאָוו צו איינעם קאָזין (כּדי צוצושטעלן ליטעראַטור און אָנקניפּן די ערשטע באַציאונגען) נישט קיין אַנדערער, ווי אַזעוו. איך קען איצט צוגעבן, אַז כ'האָב אַליין געזען שפּעטער אין 1918-טן יאָר, אין מאָסקווער אַרכיוו פון דער רעוואָלוציע, פאַקטן וועגן דעם, אַז אַזעוו האָט רעכטצייטיק געמסרט ווי מען דאַרף דעמזעלבן קאָזין...

אָבער מיט אַזעוון אַליין איז מיר פערזענלעך אויסגעקומען צו באַקענען זיך אַ סך שפּעטער.

* *
*

אַלץ, וואָס כ'האָב אויבן דערציילט, איז ביז גאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר יענעם פּעריאָד, וואָס זיין סוף אין דער שווייץ האָב איך נאָך דערוויִשט.

די דיפערענצירונג פון די ריכטונגען איז פאַרענדיקט געוואָרן גאָר נישט לאַנג צוריק. מיר האָבן שוין געזען, אַז פּ. אַקסעלראָד האָט פּרובירט מיך צונויפפירן מיט פלעכאַנאָוון, פאַר דעם האָבן זיך זשיטלאָווסקי און ח. ראַפּאָפּאָרט צונויפגערעדט מיט קאַלמאַנסאָנען. „די געזעלשאַפט צו באַקעמפן דעם הונגער" איז געווען אַ פאַראייניקנדיקער פרווו פון זעלבן מין. נאָך פריער האָט געפּרווט דורכפירן אַ פאַראייניקונג אַן אַנדער ראַפּאָפּאָרט, יו. ג., אַ יונגער רע-

דאַקטאָר פון אַ זשורנאַלכל „סאָציאַליסט”, און אויך די גרופּע „יונגע נאַראָדאָוואָלצעס”, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט געוואָרן נאָכן אויפרייס הינטער ציוריך פון דער באָמבע פון דעמבסקין און בערנשטיין-דעמבאָן, און אירע רעשטלעך האָט נאָך זשיטלאָווסקי דערווישט אין ציוריך, האָט אויך געגרינדעט אַ פאַראייניקנדיקן „סאָציאַליסטישן ליטעראַרישן פאָנד”.

ווי ס'איז צו זען פון די דאָקומענטן, וועלכע זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין זאַמלבוך „פון פּ. ב. אַקסעלראָדס אַרכיוו” („מאַטעריאַלן צו דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג”, ב. II), האָט ג. וו. פּלעכאַנאָוו איינמאָל אפילו געשריבן צו זיין פריינט: „ווען די יונגע נאַראָדאָוואָלצעס, וועלכע ווען זיך איצט אָנרופן סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וואָלטן נאָר אָפּגעדרוקט יענע פּראָגראַם, וועלכע עס האָט מיר געוויזן ראַפּאָפּאָרט, וואָלט דאָס שוין אויך געווען אַ גרויסער טריט פאָראויס פאַר דער אַנטוויקלונג פון אונזער באַוועגונג”.

ס'איז אָבער נישט קיין צופאַל, וואָס פון דידאָזיקע פּרוּוון איז קיינמאָל גאָרנישט נישט אַרויסגעקומען. דער „סאָציאַליסטישער ליטעראַרישער פאָנד” האָט אַרויסגעגעבן קאַוטסקיס „מאַרקס עקאָנאָמישע לערע” מיט רוסאַנאָווס פאָרוואָרט און מאַרקס' „קריטיק פון געגעלס רעכטס-פילאָזאָפיע” מיט לאַווראָווס פאָרוואָרט, אָבער ער האָט זיך נישט צונויפגערעדט מיט פּלעכאַנאָווס גרופּע וועגן אַרויסגעבן ווערא זאַסוליטשעס עסקיז פון דער געשיכטע פון אינטערנאַציאָנאַל, און פון סאָפיאַ גינצבורגס בריוו צו לאַווראָוון („גאָלאָס מינוושאַוואָ”, 1917, VII—XIII) איז צו זען, סאַראַ געררייצטקייט און פאַרביטערטקייט עס זענען געבליבן ביים דאָזיקן העראָאישן מיידל פון די באַציאונגען מיט דער גרופּע „די באַפרייאונג פון אַרבעט”. יו. ג. ראַפּאָפּאָרט האָט פאַר זיינע פאַראייניקנדיקע פּרוּוון באַקומען אפילו א פאָרוואורף מצד אַקסעלראָדן דערפאַר, וואָס ער „שטערט די איינהייטלעכקייט פון דער ריכטונג”, און הגם פּלעכאַנאָוו האָט איינגעפונען, אַז די פּראָגראַם פון „סאָציאַליסט” איז כמעט אינגאַנצן אָפּגעשריבן פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער איז ראַפּאָפּאָרטס נעגאַטיווע שטעלונג צום פאָרשלאַג פון די פּלעכאַנאָווצעס „צוזאַמענרעדן זיך און נאָך נענטער זיך צוזאַמענקומען” דורך זיי אויפגענומען געוואָרן ווי אַ „בגידה”, ווי דער איבערגאַנג צו די „נאַראָדאָוואָלצעס”. פּלעכאַנאָוו האָט גע-

ענדיקט מיט אַ „אַנטשלאָסענעם אומווילן מיטצואַרבעטן״ ווייטער אין
זשורנאַל פון דער גרופּע, — וועלכער איז איבערגעריסן געוואָרן
אויפן ערשטן נומער, — די „געזעלשאַפט צו באַקעמפן דעם הונגער״
האָט נישט דערגרייכט אירע פּאַראייניקנדיקע צילן, ווייל די סאָציאַל-
דעמאָקראַטן זענען באַשטאַנען אויף דעם, אַז זי זאָל זיך דער עיקר
פאַרנעמען מיט „אויפהויבן אַ קאָנסטיטוציאָנעל-דעמאָקראַטישע אַגי-
טאַציע אין דער געזעלשאַפט און צווישן די פאָלקס-מאַסן״ (די פאָר-
מול פון פּ. ב. אַקסעלראָדן), אָדער אַ ברייטע פּראָפּאַגאַנדע לטובת
דעם פּאַרלאַמענט (די פאָרמול פון סעקרעטאַר פון דער געזעלשאַפט —
קאַלמאַנסאָן); לאַווראָוו אָבער און די נאַראָדאָוואָלצעס האָבן איינ-
נעזען אין דאָזיקן פאַרלאַנג צו „באַהאַלטן די סאָציאַליסטישע פאָן
אין קעשענע״ און אָנוואַרפן פון אויסלאַנד דער באַוועגונג אַ פּראָ-
גראַם, וואָס שטייט נישט אין הסכם מיט דעם, וואָס עס דיקטירט די
דערפאַרונג פון קאַמף אויפן אָרט גופא. מיט וואָס עס האָט זיך גע-
ענדיקט זשיטלאָווסקיס פּרווו צוזאַמענרעדן זיך מיט קאַלמאַנסאָנען, און
אַקסעלראָדס פּרווון צוזאַמענפירן מיך מיט פלעכאַנאָוון, — האָבן מיר
שוין געזען. עס איז אַלץ קלאָרער געווערן — אַז די קאָנסאָלי-
דאַציע פון די כחות וועט פאָרקומען גלייכצייטיק אין צוויי הויפּט-
ריכטונגען: אין דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער און דער סאָציאַל-
רעוואָלוציאָנערער.

ג. וו. פלעכאַנאָווס קאַמפּס-טעמפּעראַמענט האָט אים אונטערגע-
זאָגט, אַז נאָכן דורכפאַל פון די פּרווון צוזאַמענצורעדן זיך, איז
צייט אויפצונעמען דעם קאַמף מיט דערדאָזיקער נייער ריכטונג, וועלכע
האָט נישט געוואָלט איבעררייסן דעם אידייאישן ירושה-פאָדים נישט
מיט דער רעוואָלוציאָנערער „נאַראָדניטשעסטוואָ״ בכלל, נישט מיט זיין
לעצטן וואָרט — דער „נאַראָדאָוואָלסטוואָ״ בפרט. און יענעם „וויץ״,
וועלכן איך האָב געהערט פון זיין מויל אַוועקגייענדיק פון אַקסעל-
ראָדן, האָט ער תיכּף אַריבערגעטראָגן אין דער ליטעראַטור: אין
זיין זשורנאַל האָבן מיר איינגיכן איבערגעלייענט, אַז די אותיות
„ס.—ר.״ דאַרף מען דעשיפרירן אַלס „סאָציאַליסטן-ראַטאָזשיען״
(גאַפּערס)״.

מיר האָבן אַ סך געלאַכט איבער דעם, אָפּהוזקנדיק איינער
איבערן צווייטן... ווייל מיט פּראַקטישקייט, בין איך מודה, האָבן מיר
נישט געזינדיקט... באַזונדערס האָט אונז דערמאָנט וועגן פלעכאַנאָווס

באַראַקטעריסטיק אויך זשיטלאָווסקים פּרוי, ווערא סעוועריאַנאָווגאַ, ג׳ייך בײַ מײַן ערשטן צוזאַמענטרעף מיט אים, צוליב וועלכן איך בין ספּעציעל אַריבערגעפּאָרן קיין בערן. און ס׳איז געווען פּאַר וואָס צו דערמאָנען!

באמת, גוטע דרײַ שעה בין איך אָפּגעזעסן בײַ אים, און ערשט דאַן האָב איך באַמערקט, אַז מיר זענען נאָך גאָר נישט צוגעטראָטן צום אייגנטלעכן ענין פון אונזער שמועס, ווען אונזער טעט־אַ־טעט איז געשטערט געוואָרן דורך וו. ס. מעלדונג, אַז דער מיטאָק איז גרייט, און אַז ער וועט אונז אפשר צווינגען אַרויפצושווימען פון די טיפסטע תהומות פון פילאָזאָפישן ים, אין וועלכן מיר זענען האָפּ־נונגסלאָז פאַרזונקען געוואָרן גלייך פון ערשטן טריט...

וואס קען מען זיך העלפן! ס׳האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז גלייך־פון אָנהויב בין איך צוגעגאַנגען צו איינער פון די ביכער־פּאָליצעס פון מײַן נײַעם באַקאַנטן, ווו ס׳האָבן זיך מיר גלייך אַ וואָרף געטאָן אין די אויגן די רוקנס פון נײַע ביכער: זימעלס, ריקערטס, ווונדס און שו־בערט־סאָלדערן! אין מײַן טאַמבאָוו האָב איך געקענט זײַן „אָ קוראַן״ פון געוויסע דערשײַנונגען אויפן געביט פון דער נײַסטער דײַטשער פילאָזאָפישער ליטעראַטור בלויז אַ דאַנק דער באַקאַנטשאַפט מיט וו. וו. לעסעוויטשן, וועלכער פלעגט קומען צופאָרן צו אונז; ערשט אין ציוריך, באַקענענדיק זיך מיט איינעם פון די שילער פון דעם נישט לאַנג צוריק געשטאָרבענעם אַווענאַריוס, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט דורכצושטודירן אין אָריגינאַל נישט נאָר זײַן „דער־פאַרונג״ נאָר אויך די איבעריקע ווערק, וואָס זענען אַזוי וויכטיק כדי אים צו פאַרשטיין, ווערק, וואָס זענען צעוואָרפן איבער די ספּע־ציעלע זשורנאַלן, וועלכע ס׳איז נישט אַזוי לײַכט צו געפינען. גראָד אין יענער צײַט האָט זיך בײַ מיר אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פון אַ אַרבעט וועגן „סוביעקטיוון מעטאָד אין דער סאָציאָלאָגיע און זײַנע פילאָזאָפישע הנחות״, איז דען אַ ווונדער, וואָס אַ וואָרט פּאַר אַ וואָרט, זענען מיר מיט זשיטלאָווסקין פאַרקראָכן אין די געדיכ־טענישן פון אַלערליי פּראַגן פון גנאָסעאָלאָגיע און דער פילאָזאָפיע פון געזעלשאַפטסוויסן?

חוצדעם איז מיר אַזוי געפעלן געוואָרן דערדאָזיקער רואיקער, גלייכער, אַביסל פאַרטרוימטער נײַער באַקאַנטער, וועמעס געדאַנק עס האָט געאַרבעט אין דיזעלבע געביטן, וועלכע האָבן מיך באַשעפטיקט,

און וואָס איז מיר געווען אַזוי קרובהש לויט זיינע שטרעבונגען און דעם אופן צוצוגיין צו די פראַגן!

בלויז אין איין פונקט זענען מיר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, — אָבער אַ אידייאישע געמיינשאַפט אָן שום חילוקי־דעות איז אַלץ איינס, ווי קוואַס אָן אַ ראָזשינקע אויפן דעק! איך בין געווען, אָדער מיר האָט זיך געדאַכט, אַז כ׳בין געווען אומברחמנותדיק אין פאַרלייקענען יעדע אַרט מ ע ט אַ פ י ז י ק. זשיטלאָווסקי האָט נישט ווינציקער פאַר מיר אָפּגעוואָרפן יעדן מעטאַפיזישן צוגאַנג ביים לייזן פראַגן פון רעאַלן לעבנס-וויסן. ער האָט אָבער אונטערשיידט די „מעטאַפיזיק אויף יענער זייט פון דער דערפאַרונג״ פון דער „מעטאַפיזיק אויף דער זייט פון דער דערפאַרונג״, און די ערשטע — מיטן באַדינג פון געגנוי אָפּגרעניצן זי פון וויסנשאַפט־געביט — האָט ער צוגעלאָזן אויף צו באַפרידיקן די עסטעטישע און מאָראַלישע באַדערפענישן פון דער מענטשלעכער נשמה, וואָס זענען פאַראייניקט אין איין האַרמאָנישעס גאַנצעס.

— „דאָס איז דאָך נישט קיין וויסן, נאָר שאַפונג״, — האָט ער פאַרטראַכט גערעדט. — „און יעדע שאַפונג איז טיף סוביעקטיוו. אָט, איר דערלאָזט סוביעקטיווע עלעמענטן („גוט, זאָל זיין אַז נאָר רעלאַטיוו-סוביעקטיווע״, האָט ער גלייך אָנגענומען מיין אויסבעסערונג) אין געביט פון סאָציאָלאָגישע אָפּשאַצונגען, אידעאַל-שאַפונגען, און אַז. וו. פאַרוואָס-זשע זאָל מען נישט דערלאָזן קיין אַבסאָלוטן סוביעקטיוויזם אין דעם העכסטן געביט פון די פרווון צו אַ האַרמאָנישער פאַראייניקונג פון דער גאַנצער מענטשלעכער וועלט-אָנשויאונג? ועמען און וואָס שטערט דאָס? איר זאָגט, אַז דאָרט ווו עס הערשט אַז אַבסאָלוטער אינדיווידואַליזם און סוביעקטיוויזם, דאָרט קען מען זיך נישט צוזאַמענריידן, קען מען אייגער דעם צווייטן נישט איבערצייגן? מסכים. אָבער אַ חוץ דעראָבערן די אַנדערע דורך לאָגיק איז נאָך מעגלעך אַן אַנדער מין דעראָבערונג: דורך אַן אייגנאַרטיקער פסיכישער סוגעסטיע, — מען קען אָ נ ש ט ע ק ן די אַנדערע דורך דער גאַנצקייט און דעם גאַנצן מאָראַליש־עסטעטישן טאָנוס פון דער מעטאַפיזישער סיסטעם. אויף די מוזיק איבערצייגט דאָך נישט, נאָר שטעקט אָן — און לאָדט אָן. קוקט אויף דער מעטאַפיזיק, ווי אויף דער העכסטער אידעאָלאָגישער מוזיק פון וועלטאָנשויאונג — און נאָכמער פון וועלטאויפנעם, פון וועלטגעפיל. די וועלט, דורכגע־

פירט דורך דער פריזמע פון אַ ריין-אינדיווידואַליסטישער פסיכיק — וואָס איז דאָ אומגעזעצלעכס, וואָס איז דאָ שעדלעכס? אַלע מעטאַפיזישע סיסטעמען זענען אַ פּראָעקציע אויפן סאמע אויבערשטן שטאָק פון מענטשלעכן אינטעלעקט פון דער מאָראַליש-עסטעטישער פערזענלעכקייט פון זיין שעפער. יאָ, אויפן סאמע אויבערשטן שטאָק — לאָמיר זאָגן: אויפן פאַרגלעזערטן דאַך, וווהין עס קומט נישט צו דער מינדסטער גראָבער אָטעם פון דער אויסערלעכער וועלט, און ווו דער שעפער פון דער מעטאַפיזישער סיסטעם וועבט אַרויס פון זיך ווי אַ שפין, אַ וווּנדערבאַרן, דינעם געוועב פון שפינוועבס, — אַן אמתער וווּנדער פון קונסט, שיינקייט און האַרמאָניע, וואָס מינייעט מיט אַלערליי רעגנבויגן-קאָלירן פון דער זון, וואָס ווערט איבערגעבראָכן דורך גלאָז... פאַרוואָס זענט איר אַזוי פיינטלעך געשטימט דערצו?

איך האָב געענטפערט מיט גלייכווערטלעך, זאָגנדיק, אַז ערשטנס קען איך נישט פאַרליידן קיין שום ספּעקטן מיט דער פאַרשטאַנענער, לאַקריץ-וואַרעמער, אָפּשוואַכנדיקער לופט, כ'קען נישט פאַרטראָגן קיין נישט-דורכגעלופטערטע רוימען, און אַז צווייטנס האָב איך נאָך קיינמאָל אין לעבן נישט געזען אויף די ביידימס אַזאַ שפּינוועבס, אויף וועלכן ס'זאָל זיך נישט אָפּזעצן דאָס לעבנס-שטויב און דריבער ווען איך זע עס פיל איך שטענדיק אַ שטאַרקן פאַרלאַנג כאַפּן אַ גוטן בעזים; און, לסוף, אַז די מענטשלעכע מחות און נשמות דערמאָנען מיר די אומגליקלעכע פליגן, וועלכע פאַרפּלאָנטערן זיך אין דעמדאָזיקן שפינוועבס ביז האָפנונגסלאָזיקייט. זשיטלאָווסקי האָט מיר אויף דעם געענטפערט, אַז מיין אַנטי-מעטאַפיזיק איז פונקט אַזוי דורך-און-דורך סוביעקטיוו און דורכגעדרונגען מיט פערזענלעכע ווילנס-מאָמענטן, ווי יעדע אַנדערע מעטאַפיזיק. און איך האָב געהערט, און די גאַנצע צייט געטראַכט: וועמען דערמאָנט ער מיר? און ענדלעך האָב איך זיך געכאַפּט: איינעם אַ פויער פון דאָרף טשערנאָווקי, טאַמבאָווער קרייז, אַן אייגנאַרטיקן פויערשן דענקער פון די סעקטאַנטן, וועלכער פלעגט זיך אונטערשרייבן אונטער זיינע פאַנטאַסטיש-רעליגיעזע פרעדיקן „פלעבעער טימאפעי גאַווריל אָוו”. אויך אַזאַ נישט-הויכער, בלאָנדער, אויך מיט אַזאַ לייכטער בייגונג צו דיקקייט, מיט פונקט אַזעלכע ווייכע, אַביסל צעשוואָמענע געזיכט-שטריכן, מיט פונקט אַזאַ טרוימערישער פאַרטראַכטקייט, דורכגעשניטן

דורך אויסברוכן פון איראָניע און סקעפּטיציזם אין די רייד... דאַכט זיך, וואָס קען זיין געמיינזאַמעס צווישן אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס האָט אין משך פון דורות געקענט בלויז דעם פּיבער פון שטאָטישן לעבן, און אַ זון פון די שוואַרצערדיקע פעלדער, פון גרויסרוסישן דאָרף, וואָס איז שטאַנדהאַפטיק אין זיין גלייכגעוויכט און מאַיעסטעטישער אומבאַוועגלעכקייט? און פונדעסטוועגן וואָס פאַראַ טראַפן עס שענקט אונז אַלץ דער אַלמעכטיקער לעבנס-צופאַל! און איך האָב געטראַכט: דאָס לעבן איז כמעט תמיד איינזייטיק, און עס שטרעבט כמעט תמיד צו „השלמה"; דערפון נעמט זיך דער מעכטיקער דראַנג צו באַוועגונג אין אייגנאַרטיקן גרויסרוסישן דענקער-סעקטאַנט, און דערפון אויך דער דראַנג צו אַ רואיקער פילאָזאָפישער גלייכגעוויכטיקייט, צו אַ טרוימעריש-פאַרטראַכטער קאָנצענטרירטקייט אין זון פון אַ פאָלק, וואָס איז אָנגעגאָסן מיט קוועקזילבער, וועמעס סימבאָל עס איז — דער אייביקער ייד — אַהאַספער!

און ווען זשיטלאָווסקי האָט גענומען ריידן וועגן די מיטלען צו לייזן די יידן-פראַגע, וועגן יענעם צוגעזאָגטן לאַנד, אין וועלכן אַהאַספער וואָלט ענדלעך געקענט געפינען זיין רו-אָרט און זיין אייגענעם מקום-מקלט; ווען ער האָט, ענדלעך, גענומען ריידן וועגן דעם, אַז די פילקייט פון דער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ פון יידנטום פאָדערט אויך זיין צוריקקער צו ערד-אַרבעט; ווען ער האָט גענומען ריידן וועגן די פאַרשיידענע מעטאָדן צו לייזן די אַגראַר-פראַגע אין רוסלאַנד פון שטאַנדפונקט פון דאָזיקן געגאַרטן צוטריט פון יידנטום צו ערד — סאַרא באַשטעטיקונג פאַר מיינע געדאַנקען עס איז געווען דערדאָזיקער נייער שטריך אין זשיטלאָווסקיס זוכענישן!

אין דער בראָשור „אַ ייד צו יידן", אַרויסגעגעבן דורכן טרייצן פאָנד פון דער רוסישער פרעסע, אונטערגעשריבן דורכן פּסעוודאָנים „יע. כאַסין" האָט ער געשריבן וועגן „נאַטירלעכן אויסוועג פון דער שווערער לאַגע, אַן אויסוועג, וואָס קען איינמאָל פאַר אַלעמאָל מאַכן אַ סוף צו די ליידן און פאַרפאָלגונגען, וואָס אונזער פאָלק לעבט איבער אין משך פון כמעט צוויי טויזנט יאָר":

„דערדאָזיקער אויסוועג דאָס איז די אויפלעבונג פון יידישן פאָלקס-לעבן אויף די יסודות פון ערדאַרבעט אין רוסלאַנד גופא!

און באמת! פאַרבינדנדיק זיך מיט דער רוסישער ערד דורך

די אומצערייסבאַרע באַנדן פון ערד-אַרבעט, וועלן די יידן, ענדלעך, אויפהערן צו באַטראַכטן זיך אַלס פרעמדע צו רוסלאַנד, און די רוסישע פויערשע פעלקער וועלן אויפהערן צו קוקן אויף אונז, ווי אויף נע-ונדניקעס, וואָס האָבן נישט געשלאָגן קיין וואָרצלען אין היימישן באָדן, ווי אויף בראָדיאַגעס אָן אַ יחוס-שטאַם, אָן א ײ ג ע-נ ער ע ר ד.

„ אַ געזונטעס, צאָלרייכעס יידישעס פויערטום וועט דורך זיין אימפּאָנירנדיקער דערשיינונג אונטערשניידן אין וואָרצל דידאָ-זיקע רכילותן וועגן שנאה צו פיזישער אַרבעט, וועגן פּאַראַזיטישן לעבן פון אונזער גאַנצן פאָלק, און עס וועט אַרויסרופן צו זיך די וואַרעמסטע סימפּאַטיעס פון אַלע בעסטע עלעמענטן אין לאַנד.

„די געזונטע פיזישע אַרבעט פון אַ פויער וועט זיך גוט אָפּ-רופן אויף דעם פיזישן און זיטלעכן טיפּ פון יידן, וואָס איז אַזוי פאַרקריפּלט געוואָרן דורך דער שטאָטישער אַטמאָספער, וואָס איז אַזוי דענערווירט דורכן כסדרדיקן צוטראַכטן אַלערליי מיטלען כּדי צו פאַר-דינען אַ שטיקל טרוקן ברויט.

„די יידישע אינטעליגענץ וועט זיך אומקערן צו איר פאָלק, אויב זי וועט אין אים געפינען אַ דאַנקבאַרן באָדן אויף צו פאַר-שפּרייטן די אידעאַלן פון סאָציאַליזם, און דער פויערשער סאָציאַ-ליזם, דידאָזיקע ליכטיקע צוקונפט פון פויערשן רוסלאַנד וועט ווערן דער אידעאַל פון די יידישע פויערשע מאַסן“...

אַלטע, אָבער אייביק יונגע מאָטיוון! זייער שפּראָצל געפינט זיך שוין ביי די יידישע משכּילים (אין קעגנזאַץ צו די מאמינים) פון די דרייסיקער יאָרן אין פאַריקן יאָרהונדערט, ביי יצחק בער לעווינ-זאָן, וועלכער האָט פּראָפּאַגאַנדירט (אין בוך „תעודה בישראל“) אַז די יידן זאָלן איבערגיין צו ערדאַרבעט, און וואָס האָט אין זיין „בריוו צו ניקאָלאַי I“ אויפגעפאָדערט די רעגירונג אַנטקעגנצוקומען דעמדאָזיקן איבערגאַנג. זיי קלינגען אויך אין היינטיקע פּאַלעסטינער מושבי-עובדים, וואָס זייער אידייע איז נאָך פאָרמולירט געוואָרן דורך אָפּנ-היימען און אין די היינטיקע פּרווון איינצוואָרדנען יידישע לאַנדווירט-שאַפטלעכע קאָלאָניעס אין קרים, וואָס קומט פאָר אונטער דער אָנ-פירונג פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט. און צי דען האָט שוין דאָס לעבן געזאָגט זיין לעצט וואָרט אין דאָזיקן געביט?

* *

זשיטלאָווסקיס בולטער אָפּנויג אין דער זייט פון זוכן חעגן און פאָרמען פון „פויערשן סאָציאַליזם" האָט מיר זייער פאַרלייכטערט די אויפגאַבע — „זיך צוזאַמענריידן" מיט אים. ווען ווערא סעוועריאַנאָוונאַ האָט אונז אַראָפּגעבראַכט פון די „וואָלקנס אויף דער ערד", האָט אונז געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די קאָהענס, רילעיס און לאַאַסאָווס לטובת דער אייגנטלעכער „טעמע" פון מיין באַזוך, — האָט זיך תיכּף אַרויסגעשטעלט, אַז פלעכאַנאָוו האָט מיר אָנגעוויזן אַ ריכטיקן מאַרשרוט. מיר האָבן נאָך גערעדט אַ גוטע צוויי-דריי שעה, דערביי האָב איך גלייך אויפן אָרט פאָרמולירט: 1) די פּונקטן אין וועלכע מיר זענען איינגאַנצן און ענטגילטיק געקומען צו אַ הסכם און 2) די פּונקטן, אין וועלכע עס זענען געבליבן געוויסע אומקלאָרקייטן, ספקות אָדער חלוקי-דעות. דערדאָזיקער רעזיומע, וואָס איז געבליבן ביי זשיטלאָווסקין און ליגט נאָך אפשר ערגיץ אין זיין נישט-פאַנאַנדערגעקליבענעם אַרכיוו, וואָלט איצט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ געוויסן אינטערעס פאַר דער אידייען-געשיכטע פון יענעם איבערגאַנגס-פּעריאָד.

זשיטלאָווסקי האָט מיר, אגב אורחא, געוויזן אַ מאַנוסקריפּט, וועלכן ער האָט באַקומען פון רוסלאַנד אויף אָפּצודרוקן. דער מאַנוסקריפּט האָט געהייסן: „אונזערע אויפגאַבן" און זשיטלאָווסקי איז פון אים נישט געווען אַנטציקט. דער מאַנוסקריפּט, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, איז מיינער אַן אַלטער באַקאַנטער: איך האָב אים געזען אין זיין ערשטער פאָרם, אַלס פּלאַטפאָרם-פּראָיעקט פון סאַראַטאָווער רעוואָלוציאָנערן קרייז, בראש פון וועלכן עס איז געשטאַנען א. א. אַרגונאָוו. אונז האָט דאַן דערדאָזיקער פּראָיעקט לגמרי נישט באַפרידיקט צוליב זיין אומבאַהאָלפענעם עקלעקטיציזם: מען האָט וועגן אים געזאָגט מיט שפּאַס, אַז ער איז געשריבן געוואָרן דורך אַ „נאַראָדאָוואָלעץ" וואָס איז יעדע ווייל באַהערשט געוואָרן דאָ דורך אַ סאָציאַלדעמאָקראַט, דאָ דורך אַ „נאַראָדאָפּראַוועץ". אין דער נייער ווערסיע האָט ער אויסגעזען אַ ביסל גלאַטיקער. אָבער דער געפיל פון אומבאַפרידיקטקייט איז געבליבן. דער עיקר האָט אין פּראָיעקט געפעלט אפילו די וויטסטע אַנונג וועגן דער באַדייטונג פון דער אַ ג ר אַ ר ע ר ר ע וו אָ ל ו צ י ע אין דער קומענדיקער היסטאָרישער מעטאַמאָרפאָזע. און דעריבער זענען אויך די קעגנזייטיקע באַציאונגען און די אָפּגרעניצונג פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן פון

די סאָציאַל-דעמאָקראַטן געגעבן געוואָרן אומקלאָר און איבערפלעכ־ לעך. ווען מיר האָבן פאַרענדיקט אונזער מיינונגס־אויסטויש וועגן דער בראָשור, האָט זשיטלאָווסקי געזאָגט, אַז ער וועט אומבאַדינגט אָנשרייבן צו דער בראָשור אַ טעאָרעטישן נאָכוואָרט — „די סאָ־ ציאַל-דעמאָקראַטן און די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן" — אַרויסגיי־ ענדיק פון שטאַנדפּונקט, וועלכער איז בולט געוואָרן פון אונזערע שמועסן. זיין „פאַראיין" האָט זשיטלאָווסקי באַטראַכט אַלס אויסלענ־ דישן פאָרשטייער פון „פאַראיין", וועלכער האָט אַרויסגעגעבן „אונ־ זערע אויפגאַבן".

צום ערשטן מאָל האָב איך אין אויסלאַנד געטראָפן אַ מענטשן, וועמען כ'האָב געקענט דערציילן דעם פאַרבאָרגנסטן פון מיינע פּלע־ נער. איך האָב אַרויסגעשלעפּט אַ געשריבענעם „סטאַטוט פון אַ ברייט דערשאַפט אויף צו פאַרטיידיקן די פאָלקס-רעכט" פון אַ פויערשער רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז צוערשט אַנטשטאַנען אין דאָרף פּאַוולאָדאַר, באָריסאָגלעבער קרייז, טאַמבאָווער גובערניע, און וועלכע האָט אָנגעהויבן זיך פאַרשפּרייטן, ביי דער מיטהילף פון אונזער דאָרטיקן קרייז, אויף די שכנותדיקע קרייזן און גובערניעס... *) זשיט־ לאָווסקי האָט גלייך אַריינגערופן זיין ווייב און אין משך פון לאַנגע שעהן האָב איך זיי געמוזט דערציילן וועגן די ערשטע שפּראָצלען פון דער פויערישער אָרגאַניזירטקייט און וועגן די פאַרנעפּלטע ווינטעלעך פון דער אַגראַרער רעוואָלוציע, אויף וועלכע אונזער קרייז האָט זיך אָנ־ געשטויסן ביי זיין אַרבעט אין דאָרף...

מיינע ידיעות האָבן אַרויסגערופן ביי זשיטלאָווסקין נייע האָפ־ נונגען. איך האָב ביי אים געלאָזן דעם „סטאַטוט", וועלכער איז טאַקע אינגיכן דערשינען אין דער אויסגאַבע פון „פאַראיין". דערנאָך האָב איך אָפּגערעדט מיט זשיטלאָווסקין אַז איך וועל אָנשרייבן אַ בראָשור וועגן „אונזערע רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן", — און כ'בין טאַקע צוגעטראָטן זי צו שרייבן; אָבער דער מאַנוסקריפּט איז זיך אַזוי צעוואַקסן, אַז כ'האָב דערנאָך באַשלאָסן צעטיילן אים אויף אַ גאַנצער ריי באַזונדערע אַרטיקלען, וועלכע האָבן זיך געדרוקט אונ־

*) די אַנטשטייאונגס-געשיכטע פון דערדאָזיקער דאָרפישער רעוואָלוציאָנערער אָר־ גאַניזאַציע, וואָס איז געוואָרן דער פּראָטאָטיפּ פון אַ גאַנצער ריי אַנדערע, האָב איך דער־ ציילט אין ערשטן באַנד פון מיינע „מעמואַרן פון אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער".

טער פאַרשיידענע קעפּלעך אין פאַרשיידענע רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבעס („דער ענדציל און די טאָג־טעגלעכע אַרבעט"; „דאָס פויערטום און דער פּראָלעטאַריאַט, אַלס עקאָנאָמישע קאַטעגאָריעס" און ענלעכע); די דאָזיקע ענדערונג פון פּלאַן איז טיילווייז געווען אַ רעזולטאַט אויך דערפון, וואָס די געלט־ענינים פון „פאַראיין" זענען געשטאַנען אויסערגעוויינטלעך שלעכט; די לעצטע רעשטלעך זענען אויסגעגעבן געוואָרן אויף אַרויסצוגעבן „אונזערע אויפגאַבעס" מיט זשיטלאָווסקיס אַ נאָכוואָרט, דעם „סטאַטוט" און דעם לעצטן נומער פון „רוסישן אַרבעטער"; און זשיטלאָווסקי אַליין איז געווען איבער די אויערן איינגעטונקט אין חובות, ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון מאַטעריעלן זאַק-גאַס..

געענדיקט מיט די געשעפטן, האָב איך מיט זשיטלאָווסקין זיך ווידער געקענט פריי אָפּגעבן מיט שמועסן אויף אַלערליי טעמעס. שמועסן מיט אים איז געווען אַן אמתער פאַרגעניגן: ער האָט געבליצט מיט שאַרפזיניקייט, זיינע כאַראַקטעריסטיקעס — בלענדנד, זיינע געדאַנקען — פיין...

כ׳געדענק, מיר האָבן גענומען שמועסן וועגן אויפוואַקסנדיקן יונגן דור.

— אויף דער יוגנט, אויף דעם אויפוואַקסנדיקן יונגן דור ליגט די גאַנצע האָפנונג! — האָט ער געזאָגט. — איך גלויב נישט צופיל אין די מענטשן פון מיין דור, וועלכע האָבן שוין פון לאַנג הינטער זיך די עפּאָכע פון זייער שטורם און דראַנג; באַזונדערס אין דער עמיגראַציע! אָט, איר האָפט דאָ צו געפינען אַ סך מענטשן, וועלכע וועלן זיך מיט זייערע אַלע גייסטיקע כחות אַריינוואַרפן אין דער פויערישער באַוועגונג, וועלכע טראָגט אין זיך די אַגראַרע רעוואָלוציע. כ׳וואָרן אייך — צוימט איין אַ ביסל אייער אָפּטימיזם! איר וועט ביים רוב געפינען אַ מיט גרויס אייפער פאַרשלאָסענעם „איך", וועלכער איז צו שווער געוואָרן דורך ערדישע ליידנשאַפטן, כדי צו דערהויבן זיך אויף דער הויך פון העלדישקייט. ווענדט זיך בעסער אין דער אַנדער זייט: זוכט צווישן דער יוגנט! זאָלן דאָ בעסער זיין ווינציקער דערפאַרענע אנהענגער, וועלכע פאַלן לייכט אַריין אין טעותן, נאָר זאָלן זיי בעסער זיך טועה זיין און זיך לערנען אויף די אייגענע פעלערן, איידער רעזאָנירן און האָבן טענות.

זי דאָס טוען דאָ, אין דער עמיגראַציע, אפילו די בעסטע פון די „אַלטע"...

— ...איר זאָגט, אַז די היגע יוגנט געפעלט אייך נישט צו שטאַרק? אַז די פּריווילעגיע צו באַקומען בילדונג אין אויסלאַנד געהער צו די קינדער פון פאַרמעגלעכע עלטערן און זיי זענען נישט שטאַרק געניגט אויפצונעמען דעם סאָציאַליזם? נו, דאָס איז, ערשטנס נישט אינגאַנצן ריכטיק: אונזערע בחורים און מיידלעך, וועלכע ווערן פאַרפאָלגט דורך דער פּראָצענט-נאָרמע, ווערן אָפט אויסגע-האַלטן אויף די גראָשנס פון די עלטערן. און צווייטנס — זאָגט נישט קיין רבנן-קדיש אויך נאָך די אַנדערע, די גליקס-קינדער פון גורל. די יוגנט איז כמעט קיינמאָל נאָך נישט איבערגעפירט דורכן לעבן, וואָס באַזירט אויף געוואַלט און אומרעכט, זיי זענען נאָך נישט צוגעשמידט צו דער היינטיקער עקאָנאָמישער אָרדנונג נישט דורך דער קייט פון נויט, נישט דורך דער גאָלדענער קייט פון רייכטום; זייער ווילן און געוויסן זענען נאָך נישט צעפעדימט דורכן טאָג-טעגלעכן לעבנס-הו-האַ, ווי דאָס טרעפט צום באַדויערן אַזוי אָפט ביי אונז... ניין, טרויט זיך אָן דער יוגנט און זוכט פריער פאַר אַלץ — יוגנט! די צוקונפט געהערט יענער ריכטונג, וועלכע וועט באַווייזן צו ווערן אַ מאַגניט — פאַר דעם יונגן דור!

איך האָב דערציילט זשיטלאָווסקין וועגן דעם, אַז פון דור, צו וועלכן איך האָב געהערט, זענען נישט קיין סך אַוועק אין דער רעוואָלוציע — אַ סך מער זענען אַוועק אין פאַרשיידענע ריכטונגען: ווער אין פשוטן קאַריעריזם, ווער אין עסטעטיק, ווער אין טאָל-סטאָיאַניזם... אַז אַ סך, וועלכע האָבן זיך צוערשט אַריינגעוואָרפן אין דער רעוואָלוציע, האָבן שנעל געענדיקט מיט אַנטוישונג און פּעסימיזם...

— נישטאָ זיך וואָס צו וווּנדערן, — האָט געענטפערט זשיט-לאָווסקי, — די רעוואָלוציע קען צייטנווייז פאַרכאַפּן כמעט אַלעמען מיט דער קראַפט פון אַ מאַסן-אָנשטעקונג, אָבער דאָס טרעפט דאָך נאָר אין מאָמענטן פון אויסערגעוויינלעכן שוווּנג, ווען זי נעמט אָן אַ כאַראַקטער פון אַ מגפה. גאַנץ אַנדערש איז אָבער אין עפּאָכעס, ווען מען דאַרף זי נאָך צוגרייטן. דאָפאָדערט זי אויסערגעוויינ-לעכע כחות, און צי דען פאַרמאָגן זיי אַ סך מענטשן? און דעריבער דאַרף מען זיך נישט וווּנדערן אויף דעם, וואָס דער פּעסימיזם איז אַזוי

שטאַרק פאַרשפּרייט. ער איז אַ לעבעדיקער עדות פון דעם, אַז די היינטיקע פאַרקריפּלטע לעבנס־אָרדנונג פאָדערט, כּדי מען זאָל זי צעשטערן, אַ סומע פון לעבן, וואָס שטייגט ווייט אַריבער זיין גע־ווינלעכע שטופע ביי איינדרוקספולע מענטשן...

— ...אַך, די רעוואָלוציע איז דאָך באמת עפּעס ענלעכס צום סיזיפוס־שטיין... איר קענט זיין זיכער, אַז אויך איר, און ס׳קען זיין אַז אַ גאַנצע ריי פון אייערע אָפּשטאַמיקע, וועלן זיך מקריב זיין; נישט איינמאָל זיך וואַרפן אין די אָרעמס פון טויט נאָר צוליב דעם, כּדי צו האָבן דאָס רעכט צו זאָגן: אָט, מיר האָבן צו עפּעס גע־שטרעבט, און דאָסדאָזיקע עפּעס איז אַ שטאַפּל, וואָס פירט — אי־בער אַ גאַנצער ריי אַנדערע — צום הייליקן ציל, צום סאָציאַליזם. אָבער אויך דאָס, וואָס איר רופט אָן סאָציאַליזם, — אויך דידאָזיקע פאָרם פון געזעלשאַפטלעכן לעבן וועט פון איר זייט ווערן אָפּגע־לעבט, איבעריק, קאָנסערוואַטיוו, און אַלע בעסערע מענטשן — וועלן קעמפן קעגן איר פונקט אַזוי, ווי מיר קעמפן איצט קעגן דעם, וואָס איז שוין פאַר אונדז אָפּגעלעבט און פאַרעלטערט. אייערע אָפּשטאַ־מיקע וועלן אַזוי אַרום ווידער נאָכיאָגן דעם שאָטן פון גליק, זיי וועלן זיך מיט דער גאַנצער נשמה זיך רייסן פאָראויס... איר זאָגט — האָט ער אונטערגעכאַפּט די באַמערקונג, מיט וועלכער איך האָב אים איבערגעריסן זיינע רייד, — אַז אין דערדאָזיקער אייביקער אָפּוועקס־לונג באַשטייט טאַקע דאָס גליק, איר דערמאָנט מיר וועגן לעסינגן, וואָס וויל בעסער תּמיד זיך דערנענטערן צום אַבסאָלוטן אמת, נישט דערגייענדיק קיינמאָל צום ציל ביזן סוף, איידער אומבאַוועגלעך אים צו באַזיצן? דאָס איז שוין אַ זאַך פון אָפּשאַצונג. אָפּטימיזם און פּעסימיזם זענען נישט קיין אייגנשאַפטן, וואָס ליגן אין וועזן פון די זאַכן גופא, נאָר אין אונזער סוביעקטיוון אויפנאַם־אופן. דאָס אַלץ איז רעלאַטיוו. קעגן לעסינגס אָפּטימיזם וועט מיט אַ גלייכן רעכט שטיין דער פּעסימיזם, וואָס זעט אין דערזעלבער געשיכטע פון דער מענטשהייט דעם סימבאָל פון סיזיפוס׳ אַרבעט: דאָס אַרויפקייקלען אויפן באַרג אַ שטיין. און פון דאָזיקן שטאַנדפּונקט איז דער אָפּטי־מיזם אַ מיטל זיך צו פאַרשכּורן, און צו לעבן מיט דערדאָזיקער פאַרשכּורטקייט, און בלויז אין מאָמענטן פון אויסניכטערונג זען פאַר זיך דעם אמתן „לעצטן ציל" און דעם אַלוועלטלעכן סך־הכּל" — דעם שוואַרצן, אָפּענעם תּהום פון טויט.

— ...נו, גוט כ׳בין גרייט מסכים צו זיין מיט אייך: דעם טויט קען מען אויך אויפנעמען אָפּטימיסטיש, ווי די אָפּריכיקונג פון באַדן פאַרן נייעם, פרישן לעבן. אָבער, יעדנפאַלס, מוזט איר מודה זיין, אַז די געטין פון רעוואָלוציע איז אַ שטרענגע געטין, אַז זי האָט ליב אַרויפצולייגן אַ שווער-צו-טראָגנדיקע לאַסט אויף די מענטשן... טאָ ווונדערט זיך נישט, וואָס אַ סך לויפן איבער פון איר צו אַנדערע מזבחות — ווונדערט זיך נישט אויף דעם, וואָס אַ סך פון אייער דור האָט אָפּגעריסן פון ווירטשאַפטלעכן לעבן די עסטעטיק. די געטין פון שיינקייט גיט נישט אַרויס קיין לאַנג-טערמיניקע וועקסלען; „דער מאָמענט פון פאַרלאַנג איז ביי איר דער מאָמענט פון פאַרווירקלעכונג". איר זאָגט, אַז דאָס איז עגאָאיזם? נו, דער עכטער עגאָאיזם איז נאָך פשוטער: לאָמיר טרינקען קיפּר-ווייַן און קושן שיינע פרויען, וואָרום מאָרגן וועט סיי ווי אויף אונז וואַקסן גראָז, — אָט דאָס איז זיין פשוטע פאָרמול. איר זאָגט, אַז אין קעגנזאַץ צום גראָב-זינלעכן עגאָאיזם איז דאָס אַ פאַרפיינערטער עגאָאיזם? גוט, מסכים. דאָס איז דער עגאָאיזם פון נשמות, וואָס זענען געמאַכט פון אַ מער עפּירנעם שטאָף. דאָ וועט איר אין „מאָמענט פון פאַרווירקלעכונג" נישט געפינען קיין איין חיהשן צומיש, קיין איין נידעריקן דראַנג. אָבער אויך דאָ — און דאָס איז פאַר מיר וויכטיק — ווערט די פאַרווירקלעכונג נישט דערגרייכט דורך קרבנות, שטורעמס, קאַטאַסטראָפעס, דורך „דעם גערעכטן בלוט" פון די אומגעקומענע קעמפער", און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער... איז דען אַ ווונדער, וואָס אַ סך נעמען בעסער דעמדאָזיקן וועג?...

...איר רעדט וועגן דער באַגייסטערונג מיטן טאָלסטאָיאַניזם. נו, זעט איר, אויך ער פאַרמאָגט אַזאַ אַנאַלאָגישע מעלה לגבי דער רעוואָלוציע. אויך ער נויטיקט זיך נישט אין אָפּשאַצונגען פון שטאַנד-פּונקט פון די פּערספּעקטיוון פון פּראָגרעס אין דער צוקונפט, פּערס-פּעקטיוון, וואָס זענען אַזוי אומזיכער און ספקדיק. פאַרן טאָלסטאָיאַ-ניזם איז דער שווערפּונקט די פרייד פון ליבע אין דעם הוה, דער גענוס פון דערדאָזיקער נישט-אויסקלייבערישער ליבע סיי צום באַ-דריקער, סיי צום געדריקטן. ווייל עס גייט דאָ נישט וועגן די רע-זולטאַטן פון שטאַנדפּונקט פון לעבנס-גליק, נאָר וועגן גענוס פון ליבע-מאָמענט גופא, פון מאָמענט גופא פון דער זעלבסט-אָפּפערונג.

אַזאַ ליבע גיט אויך נישט אַרויס קיין וועקסלען און אין דעם קען זי קאָנקורירן מיט דער עסטעטיק...

— ...איך געהער נאָך מער פאַר אייך צום דור פון די אַכציקער יאָרן, איר זענט געקומען צום סוף פון אַכציקער־דור, אָבער מיין גאַנצע יוגנט איז אַדורך אונטער זיין צייכן. פעסימיסטן, עסטעטן, טאָלסטאָיאַנער — ווי גוט איך קען דאָס אַלץ! אָט, איר רעכנט צו די אַכציקער יאָרן אפילו דעם רוסישן מאַרקסיזם. איר זענט גערעכט און נישט גערעכט. אויפן גורל פון מאַרקסיזם איז פונדעסטוועגן אויסגעפאַלן דער כבוד אומצוקערן די בעסטע טייל יוגנט אויפן וועג פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. יאָ, ריכטיק. דער ענגער „עקאָנאָמיזם”, דאָס אָפּרוקן אין אַ זייט די ברייטע אויפגאַבעס, דאָס אַלץ פאַרמאָגט ער, און אין דעם באַמערקט זיך דער אָפּגרעפּץ פון די אַכציקער יאָרן. דאָס אַלץ איז אָבער פאַרבייגייענדיק און איך בין איבערצייגט, אַז אין דער נאָטסטער צוקונפט וועט דער מאַרקסיזם אָננעמען סיי ברייטערע, סיי פּאָליטיש־אַקטיווערע פאָרמען. ווייל עס גייט דאָ נישט וועגן מאַרקסן, און אפילו נישט וועגן דעם גראַד פון פאַרשטיין און פאַרטיפן זיך אין זיין לערע. אין געגעבענעם מאָמענט שטעלט זיך די פראַגע: וואָס קען די געגעבענע געזעלשאַפטלעכע גרופּע ביי דעם געגעבענעם צושטאַנד פון איר קאָלעקטיווער פסיכאָלאָגיע אויפנעמען פון אַזאַ און אַזאַ לערע — אין אונזער פאַל פון מאַרקסיזם — אַלס אמתדיקס? אָט דיזעלבע פראַגע קען מען דאָך שטעלן אויך וועגן דער „נאַראָדאָוואָלטשעסטוואָ”. יעדער רעוואָלוציאָנערער דור מאַכט אים איבער לויט זיין שטייגער. דער עקאָנאָמיזם, ווי שטרענג איר זאָלט אים נישט פאַרמשפטן, האָט פאַרט אויפגעוועקט צום באַוווסטזיניקן לעבן טויזנטער אַרבעטער. דידאָזיקע טויזנטער זענען שוין אַליין דערוואַקסן צו פאַרשטיין יענע אויפגאַבע, אונטער וועמעס לאַסט עס איז געפאַלן דער דור פון די אַכציקער יאָרן. מיטן אָנקום פון דאָזיקן מאָמענט נעמט אַ סוף אויך צו דער פסיכאָלאָגיע פון די אַכציקער יאָרן, עס וואַקסט אויס אַ באָדן אונטער די פיס. און ווען די טויזנטער דערוואַכטע אַרבעטער וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין צענדליקער און הונדערטער טויזנטער, און דערנאָך וועלן אין דיזעלביקע שפּורן נעמען גיין טויזנטער, צענדליקער, הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען פּויערים — דאַן וועט איר זען, ווי אַזוי פון מאַרקסיזם וועט אַראָפּפאַלן

די שאָלעכטס פון עקאָנאָמיזם, און פון דער נאַראָדניטשעסטוואָ — די שאָלעכטס פון דער ענגער, אַפּאָליטישער קולטורטרעגעריי.

...— אָט, דאָס אַלץ, וואָס איר דערציילט וועגן היינטיקן דאָרף — דאָס אַלץ באַפליגלט מיך מיט די ליכטיקסטע האָפנונגען, אויב דאָס איז אמת, אויב עס וועט באמת אויסברעכן די אַגראַרע רעוואָלוציע — און איך פיל, אַז עס האָט זיך באמת איינגעגעבן אָנצוטאַפּן דעם לעבעדיקן דופק פון לעבן, — דאַן וועט אויך דער אַרבעטער, — אָנשטאָט צו טראַכטן בלויז וועגן טאָג-טעגלעכן קאַמף פאַרן גראָשן, — איבערבייטן זיין פנים און וועט אָנגעפילט ווערן מיט וואגעניש. און וועגן דער אינטעליגענץ איז דאָך שוין אָפּגערעדט. פון דער רעוואָלוציע האָט זיי אָפּגעריסן די דורך ביטערער דערפאַרונג באַגריפענע אומפּראָפּאָרציאָנעלקייט צווישן די גרויסע אויפגאַבעס מיט דער נישטיקייט פון די אייגענע כחות. די פאָלקס-מאַסן — אָט דאָס איז דער שטיצפּונקט פאַר אַרכימעדס הויבשטאַנג, מיט וועלכן מען קען איבערקערן די וועלט. אַך, ווען אונז וואָלט זיך אויף אַן אמת איינגעגעבן אויפצוטרייסלען דעמדאָזיקן מאָגערן מאָנאָאידייאיזם פונם כמעט קאַסטע-ארטיקן, אינדוסטריעל-פּראָלעטאַרישן סאָציאַליזם! ווען אונז וואָלט כאָטש געלונגען אויספּועלן, אַז די גייסטיקע און פיזישע אַרבעטער אין די שטעט און דערפער זאָלן זיך ענג גרופּירן אַרום איין פאָן!

...— דאָס וואָלט באַדייט אַזוי גוט ווי אַ זיכערן נצחון. אַך, מיטן אָנקום פון דאָזיקן מאָמענט וועלן פאַרשווינדן די לעצטע רעשטלעך פון דער פּסיכאָלאָגיע פון די אַכציקער יאָרן. שפּירנדיק אַ באָדן אונטער די פיס, פילנדיק, אַז צוזאַמען מיט איר גייט דער שרעקלעכער חייל פון די אַרבעטער און פּויערים, — וועט אונזער אינטעליגענץ ווידער געפינען דעם פאַרלאָרענעם גלויבן אין דער קראַפט פון דער רעוואָלוציע. און איר וועט זען, אויך ער וועט קומען, יענער נייער רעוואָלוציאָנער, — טיילווייז שפּיר איך אים פאָראויס, טיילווייז באַאָבאַכט איך אים שוין, ווייל ער וואַקסט שוין, אויף, ער אַרבעט זיך שוין אויס אין דער לאַבאָראַטאָריע פון לעבן, — און דערדאָזיקער טיפּ לעבט אויף פאַר מיר סיי דורך זיין פּסיכאָלאָגיע, סיי דורך דעם שווונג פון זיינע קאַמפס-מיטלען דעם טוער פון די זיבעציקער יאָרן. און עס וועט ווידער געשען עפּעס ענלעכס צו דעם, ווי אַמאָל, ווען דעם גענעראַלס טאָכטער סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ צוזאַ-

מען מיטן אַרבעטער כאַלטורין, מיטן פֿויער זשעליאַבאָוו און דער יידיש־קינד געסיאַ העלפֿמאַן האָבן אַרייַנגעשריבן אויף אייביק אין דער געשיכטע זייערע נעמען...

אַזוי, אומגעפּער, האָט זשיטלאָווסקי אויסגעלייגט פֿאַר מיר זיין אני־מאמין. ער איז געווען אין דער שטימונג, און אינאָוונט, ווען מיר זענען אַוועק שפּאַצירן, האָט ער נישט אויפגעהערט צו רעדן, שפּאַסן, ציטירן זיינע ליבע דיכטער.

— אָט, גיט נאָר אַ קוק אויפן דאָזיקן הימל, מיטן דאָזיקן קאָקעטישן וואַל פֿון וואָלקנס איבער דער שעמעוודיקער פֿאַררויטלטקייט פֿון זון־פֿאַרגאַנג, — וואָס טוט דען נישט אַלץ דידאָזיקע בעסטיע — די נאַטור, וועלכע איז „אי באַפּוצט מיט בריליאַנטן פֿון די שטערנס, אי פֿאַררויטלט דורך דעם זון־אויפגאַנג, כדי מיך אָפּצונאַרן, מיך צו פֿאַרלאָקן!" און אָט דידאָזיקע בלייך זיך אָנמערקנדיקע שטערן, וועלכע ווען זיך אָנצינדן אַלץ העלער און העלער? איר געדענקט ווי היינע רייסט אויס אין זיין פֿאַנטאַזיע אַ שטיק בלויע זיידנס פֿון הימל, מיט די נאַכט־בריליאַנטן, וואָס בלאָנקען אין אים, כדי אים אַרויפֿצוואַרפֿן אויף די קיניגלעכע אַקסלען פֿון זיין געליבטער? ס'איז גוט, צו אַלדי רוחות, וואָס ער האָט דאָס געקענט מאַכן בלויז אין פֿערזן. אַנישט, ווען היינעס פֿאַנטאַזיע וואָלט געווען מעגלעך, וואָלט שוין דער גאַנצער הימל פֿון לאַנג געווען צעטיילט אויף פּיץ־פּיצלעך דורך די שטאַרקע פֿון דער וועלט, און אַ סך פֿון זיי וואָלטן שוין געלעגן אַלס משכנות ביי די אינטערנאַציאָנאַלע באַנקירן!

...— אָט, ווען מען קוקט זיך צו אָט אַהין, אין דאָזיקן איבערגעקערטן אָפּגרונט איבער אונז, דאַן הויבסטו ווידער און ווידער אָן צו פֿילן דיזעלבע אומפּראָפּאָרציאָנעלקייט, דיזעלבע נישטיקייט פֿון דעם מענטשלעכן פֿליגלפֿלאָזן פֿליגעלע לגבי דעמדאָזיקן תהום, ווי אויך לגבי דעם אַנדערן תהום — דעם תהום פֿון רעוואָלוציע. פֿון דער לאַסט פֿון הילפֿלאָזיקייט איז מציל—ס'קען זיין אַז גענאַרעריש — דער ווילן, דער ווילדער דראַנג צו מעשים פֿון כחות־איבערפֿלוס. די אָנהענגער פֿון לאַאָ־טסע אין כינע זענען זיכער געווען אַז אָט־אָט, נאָך איין אָנשטרענגונג, און זיי וועלן באַזיצן דעם סוד ווי אַזוי דורכצושניידן, ווי די פֿויגל, די כוואַליעס פֿון בלויען לופֿטים. צי דען האָפֿן מיר נישט אויפֿן זעלבן אופֿן צו שוועבן איבער

די שטורעמס פון דער רעוואָלוציע ! אַך, אונזערע אבות זענען אין דאָזיקן פּרט געווען גליקלעכער פאַר אונז. האָט זיך, למשל, מאהאַמעטן פאַרוואָלט, אַז די לבנה זאָל זיך שפּאַלטן אויף צוויי טיילן און זי זאָל אַרומגיין מיט אַ פייערלעכן מאַרש אַרום דעם קאַאַבאַ — און ס׳איז געשען לויט זיין פאַרלאַנג. און מיר האָבן זיך פאַרסמט דורך סקעפּטיציזם — און אָנשטאָט דעם שפּאַלטן מיר זיך אַליין און ווערן צעשמעטערט אויף פּיץ-פּיצלעך.

— איר וואַרפט מיר פאָר מיין מעטאַפיזישן אָפּנויג, אָבער די מעטאַפיזיק איז דאָך אויך אַ ווילנס-מעטאָד צו ראַטעווען זיך פון דערזעלבער אומפּראָפּאָרציאָנעלקייט צווישן די צוויי תהומען, וואָס רינגלען אונז אַרום — דעם תהום פון אויבן און דעם תהום פון אונטן — און די שוואַכינקע כחות פונם מענטשן, וועלכער האָט זיך איינגעקלאַמערט מיט זיינע ענדגלידער אין איינעם פון די קייקלעך, וועלכע זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג ווי די דריידלעך און וועלכע טראָגן זיך לויט זייער קונציקער טראַיעקטאָריע צווישן אַנדערע ענלעכע צו אים אין דערדאָזיקער ווונדערלעכער ספערע, וואָס איר צענטר איז — אומעטום, און דער פאַרנעם — אין קיין אָרט נישט! און איר, אַך איר, מיין פּאָזיטיוויסט, וווּנדערט זיך נאָך, וואָס צווישן אייך שטייט אויף אַ דיכטער און זאָגט, אַז אויב אים וועט זיך נישט איינגעבן אַראָפּצורייסן פון די „אייביקע סודות די פּאַטאַלע שלייערן", דאַן — אָ, דאַן „וועט ער אָן שרעק, אָן חרטה איבעררייסן די קייט פון די בלייכע טעג, ווי אַ פאַרפּלאָנטערטן פאָדים!"



דאָס אויבנגעזאָגטע איז, דאַכט זיך, גענוג, כּדי צו דערקלערן, פאַרוואָס אין דער שווייץ, וואָס האָט אין יענע יאָרן געווימלט מיט ניי-געבאַקענע רוסישע דענקער, גלייכגעוויכטיקע, זעלבסט-זיכערע, וועלכע קענען אויף אויסנווייניק זייער פּאַרטייאישן קעשענע-קאַטעכיזיס, איז זשיטלאָווסקי געווען — „ווי אַן אומגעזעצלעכער קאָמעט צווישן געענוי אָפּגעציילטע שטערנס". און דאָס האָט מיך טאַקע געצויגן צו אים, — און מיר זענען אויף אַזוי ווייט געוואָרן פריינט, אַז איך האָב ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיך אַריבערבעקליבן

וווינען אין בערן, כּדי נעגטער זיך אָנצושליסן צו אים און צו זיין „פאַראיין".

אין אַ צווייטן אָרט — אין מיינע דערינערונגען וועגן פאַרשטאָרבענעם ס. אַ. ראַפּאָפּאָרט (ס. אַנ—סקי) — האָב איך געגוּרי דערציילט, ווי אַזוי מיט זיין קומען פון פאַריזש האָבן מיר צוזאַמען מיט אים און זשיטלאָווסקין באַשלאָסן אַרויפצופירן דעם גאַנצן ענין פון העלפן פון אויסלאַנד די קומענדיקע, אין רוסלאַנד רייפנדיקע אַגראַרע רעוואָלוציע אויף גאַנץ אַנדערע אָרגאַניזאַציאָנעלע רעלסן — דורך שאַפן אַ ספּעציעלע „אַגראַר-סאָציאַליסטישע ליגע". כּדי צו פאַרברייטערן דעם באַזיס פון דער אַרבעט האָב איך געדאַרפט פאָרן קיין פאַריזש, דער הויפּט-צענטר פון דער דאַמאָלטיקער עמיגראַציע. גלייכצייטיק בין איך צוזאַמען מיט מיין ווייב אַריינגעטראָטן אין „פאַראיין".

נאָכדעם ווי כ'האָב איינגעאָרדנט די ענינים פון דער ליגע, וואָס האָט פאַראייניקט אין זיך די יונגע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, אַלע פראַקציעס פון די „נאַראָדאָוואָלצעס", די אַרבעטער פון לאָנדאָנער „פאָנד פון דער פרייער רוסישער פּרעסע", די נישט פראַקציאָנעלע סאָציאַליסטן, און אפילו איינצלנע סאָציאַל-דעמאָקראַטן (פון ד. סאָסקינס טיפּ) און אַנאַרכיסטן (פון נ. טשאַיקאָווסקיס טיפּ), האָב איך זיך אומגעקערט קיין בערן, וווּ איך האָב געוווינט אין ענגער אידייאישער נאָענטקייט מיט זשיטלאָווסקין ביז אָנהויב 1902-טן יאָר.

זשיטלאָווסקי איז אין יענער צייט געווען פאַרנומען מיט אַן אַרבעט אין געביט פון דער גייסטיקער געשיכטע פון מאַרקסיזם. ווי תּמיד איז אויך איצט געווען אַרום אים אַ סך יוגנט, וועלכע פלעגט קומען זיך דורכרעדן מיט אים וועגן די פראַגן, וואָס האָבן זי אינטערעסירט, בעטן אָנווייזונגען, זיך נאָכפרעגן וועגן דער געשיכטע פון דער אָדער אַן אַנדער פּראָבלעם, נעמען עצהס ביי צונויפשטעלן אַן אוניווערסיטעט-דיסערטאַציע און אַזוי ווי. כ'געדענק, למשל, ד. קאָיגענען, וועלכער האָט דאַן צונויפגעשטעלט זיין „צור פאָרגעשיכטע דעס ווּיסענשאַפטליכען סאָציאַליזמוס..." אָבער זשיטלאָווסקיס אייגענע אַרבעט איז געגאַנגען פאָראויס מיט פאַמעלעכע טריט. פאַרטראַכט איז זי געווען זייער ברייט, אַ מאַטעריאַל איז צונויפגעקליבן געוואָרן אַ גרויסער — אַזאַ גרויסער, אַז אפילו היינט

האָט אַ גרויסער טייל פון אים געווען אַ נייס פאַרן עולם. דערזעלבער קאָיגען אָדער אפילו שאַרל אַנדלער אין פראַנקרייך האָבן באַוויזן צו מאַכן זיך אַ סאָלידן נאָמען, באַאַרבעטנדיק יעדערער בלויז אַ טייל פון יענע מאַטעריאַלן, וועלכע אויך זשיטלאָווסקי האָט פאַרמאָגט. די צרה איז געווען אין דעם, וואָס זשיטלאָווסקי האָט זיך נישט געקענק אָפּגעבן אינגאַנצן זיין אַרבעט: מען האָט געדאַרפט פאַרדינען אויף חיונה. ער האָט געוואָלט פאַראייניקן ביידעס צוזאַמען, אָנהויבנדיק צו דרוקן די קאַפּיטלען פון זיין אַרבעט (לויט דעם ווי זיי פלעגן פאַרטיק ווערן) אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ"; אָבער די פאָרזיכטיקע רעדאַקציע האָט געפאָדערט מען זאָל איר צושיקן פאַראַמאָל אַ גרויסע טייל פון דער אַרבעט, און אַנדערש האָט זי זיך אָפּגעזאָגט אָנהויבן דרוקן; כ'דערמאַן זיך, אַז איינמאָל האָט זשיטלאָווסקי איר געהאַט פאָרגעלייגט אַן אַנדער גרויסע אַרבעט, ער איז אָבער שטיין געבליבן ביי דעם ערשטן אַרטיקל — עס האָבן ווידער געשטערט די זאָרגן און אַקטואַליען פון לעבן; און די רעדאַקציע, אָנגעלערנט דורך דערפאַרונג, איז איצט געווען אומבויגזאַם. און זשיטלאָווסקי האָט געשריבן דאָ איינצלנע איבערזיכטן פון דער פילאָזאָפישער ליטעראַטור אין ספּעציעלע זשורנאַלן, דאָ קליינע אַרטיקלען אין די אָרגאַנען פון דייטשן סאָציאַליזם, און די גרויסע אַרבעט האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, און עס זענען געוואַקסן אויף איר גאַנצע געאָלאָגישע שיכטן פון נייעם מאַטעריאַל. און די צייט איז געגאַנגען און געטאָן איר אַרבעט. א טייל אמתע אַ נ ט ד ע ק ו נ ג ע ן אויפן געביט פון דער געשיכטע פון מאַרקסיזם, וועלכע זשיטלאָווסקי האָט געמאַכט (מיר האָט ער געוויזן, סאַראַ רייכטימער עס ליגן ביי אים אין די ערשטע עסקיזן און נאָטיצן) זענען שוין געמאַכט געוואָרן דורך אַנדערע, די ספּעציעלע זשורנאַלן ווי, למשל, „דאקומענטא דעס סאָציאַליזמוס" פון בערנשטיין אָדער „אַרכיוו" פון גריונבערגן פלעגן יאָר-יערלעך אַרויסרייסן ביי זשיטלאָווסקין די פרוכט פון זיינע יאָרן-לאַנגע אַרבעטן. און ער פלעגט האָפנונגסלאָז אַוועקמאַכן מיט דער האַנט: אַלץ איינס, זאָל זיין, מען קען גאָרנישט טאָן קעגן דעם!

איך פלעג זיך אָפּט קריגן מיט אים צוליב דעם, כ'פלעג זאָגן, אַז ער איז אַליין שולדיק, אַז ער באַרויבט זיך אַליין. און ער פלעגט צעפירן מיט די הענט: נו, וואָס-זשע קען איך דא טאָן? ער

פלעגט, פאַרשטייט זיך, מודה זיין, אַז דאָ האָט אַ סך צו זאָגן זיין נישט־פּראַקטישקייט, די אומפעאיקייט אויסצונוצן זיין אַרבעטס־צייט, קאָאָרדינירן די כחות־פאַרשווענדונג מיט די פּראַקטישע מעגלעכקייטן, אָבער ער פלעגט תמיד ענדיקן מיט דעם, וואָס ער פלעגט זיך באַציען צו זיך אַליין, ווי צו אַן אומצוימבאַרער סטיכיע. ער פלעגט שפּאַסן איבער זיך אַליין: „ווייסט וואָס, וויקטאָר, לויט מיין פאַמיליע האָב איך דאָך געדאַרפט „זיין אַ פלינקער ייד, *) אָבער צום באַדויערן: דער נאָמען איז גאָרנישט לויט דער פעל!"

ער האָט געהאַט נאָך אַן אַרבעט, וועלכע איז נאָך פאַרטיק געוואָרן אין איר ערשטער פאָרם אין רוסלאַנד: די, וועלכע ער האָט נאָך פאַרעפנטלעכט אין רוסלאַנד אונטערן נאָמען „געדאַנקען וועגן גורל פון יידישן פאָלק" (מאָסקווע 1887־טן יאָר). אין דערדאָזיקער אַרבעט האָט ער אַוועקגעשטעלט די עיקרדיקע וועג־צייכנס פאַר דער קומענדיקער, אַזויצוזאָגן, „געשיכטס־פילאָזאָפיע פון דער גייסטיקער קולטור פון יידנטום", אָדער קאָנקרעטער, פון דער געשיכטע פון יידישער פריידענקעריי. ער האָט געטרוימט צו מאַכן פון דאָזיקן איילקן עסקיז — אַ קאַפּיטאַלע היסטאָרישע אַרבעט. אָבער פאַרקלעמט אין די צוואַנגען פון דער מאַטעריעלער „לעבנס־פּראָזע", האָט ער נישט געקענט גיין ווייטער פון „לויפן אויפן אָרט" אין געדאַנק...

בלויז איינמאָל, האָט זיך געדאַכט, האָט דער גורל אַ שמייכל געטאָן צו אים. ביי זיין מיטהילף, מיטאַרבעט און, מ'קען אפילו זאָגן, אָנפירונג איז געגרינדעט געוואָרן זייער אַ גרויסער פאַרלאַג. פינאַנסירט האָט אים אַ גרויסער אָנהענגער פון זשיטלאָווסקין, איינער עדעלהיים, אַ זון פון זייער רייכע עלטערן, פאַר וועלכע ס'איז געווען זייער לייכט אַריינצולייגן עטלעכע הונדערט טויזנט מאַרק אין אַ אונטערנעמונג, וואָס זאָל שאַפן זייער זון אַ געוויסע לאַגע אין דער ליטעראַרישער און געזעלשאַפטלעכער וועלט. עדעלהיים אַליין אָבער, אַ מענטש אַן אידייאישער, איז פול געווען מיט די בעסטע כוונות. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרויסער „אַקאַדעמישער פאַרלאַג" איבער סאָציאַלע פראַגן („אַקאַדעמישער פערלאַג פיר סאָציאַלע

*) אַ וואָרט־שפּיל: זשיד—לאָווקי (פלינקער אויף רוסיש) קלינגט ווי זיין פאַמיליע — זשיטלאָווסקי. (איב.)

וויסענשאַפטען״). דער פאַרלאַג האָט שנעל אַרויסגעלאָזן אויפן ביכער־
מאַרק אַ גאַנצע ריי קאַפּיטאַלע אַרבעטן. דערזעלבער פאַרלאַג האָט
איבערגענומען אויף זיך צו פינאַנסירן אַזעלכע נוצלעכע אויסגאַבן,
ווי בערנשטיינס „דאָקומענטאַ דעס סאָציאַליזמוס״ און די „סאָציאַליס־
טישע מאָנאַטסהעפטע״, אַ זשורנאַל, וואָס איז דאַן מיט אַ קורצער
צייט צוריק רעאָרגאַניזירט געוואָרן פון „דער סאָציאַליסטישער אַקאַ־
דעמיקער״, און וועלכער האָט שוין באַוויזן צו גרופּירן אַרום זיך די
יוגנט, וואָס איז פאַרכאַפּט געווען דורך נייע „זוכענישן״. זשיט־
לאָווסקי, דער אידייאישער פאָטער פון גאַנצן פאַרלאַג, איז אַרומגע־
פאָרן איבער די הויפּט־שטעט פון אייראָפּע, וועלבירט מיטאַרבעטער,
דערעיקר אין דער סאָציאַליסטישער וועלט. ער האָט געקענט זיך
רימען מיט גרויסע דערפאָלגן: כמעט אַלע קאָריפייען פון סאָציאַ־
ליסטישן געדאַנק זאָגן אים צו פולע מיטהילף; אַ באַזונדערס טיפן
איינדרוק טראָגט ער אַרויס פון די שמועסן און דעם הסכם מיט
זשאָרעסן. זשיטלאָווסקי לייגט די גרעסטע האָפנונגען אויף דער רע־
פאָרם פון די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע״. לויט זיין געדאַנק
דאַרף דערדאָזיקער זשורנאַל ווערן דער צענטער פאַר אַלע נייע זו־
כענישן אין געביט פון סאָציאַליסטישן געדאַנק; ער דאַרף זיין אָפן
פאַר אַלע ריכטונגען, ער דאַרף זיין אַ „פרייע טריבונע״, וואָס איז
אָפן פאַר אַלע, פאַר אָרטאָדאָקסן און קריטיקער און צווישן די קרי־
טיקער — גלייך פאַרן רעוויזיאָניזם פון רעכטס און פון לינקס. פאַר
דייטשלאַנד איז דידאָזיקע אידייע ניי: די דייטשע סאָציאַל־דעמאָ־
קראַטיע האָט אין יענע צייטן געהאַט אַזאַ שטרענג־אָפיציעלע דאָק־
טרין און אַ האַרמאָנישע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אַזוי שטאַרק געווען
דורכגעדרונגען מיט איר, אַז זי קוקט אויס ווי עפּעס אַ נייע וועלט־
לעכע קירכע מיט אירע „סאָבאָרן״, דאָגמעס, מיט איר קאַטעכיזיס,
מיטן אָפּהיטן פון אפּיקורסות און מיטן תיכּפדיקן אַריינלייגן אין
חרם די אפּיקורסים. אמת, בערנשטיין האָט שוין געמאַכט די ער־
שטע אַטאַקע אויף דער אומבאַוועגלעכער מאַיעסטעט פון דער אָפּי־
ציעלער סיסטעם, ער האָט אָבער געצוווּנגען די רייען פון די „גלוי־
ביקע״ זיך נאָך פעסטער צוזאַמענצושליסן, זיך אָנכאַפּן פאַר די גע־
טרייסלטע יסודות נאָך פאַרביסענער און אַרויסטרעטן געשלאָסענער
און אויפגעבראַכטער קעגן די „אָפּטריניקע״. דער בערנשטייניאַניזם
וואַקסט ווייטער אינדערשטיל און דעראָבערט פּראַקטיש די מוחות און

די הערצער פון די טוער אין די קאָאָפּעראַטיוון, פּראָפּאַראײנען און מוניציפּאַליטעטן, אָבער אויף דער פּאַרטײאישער ליניע און אין דער פּאַרטײ־פּרעסע איז זײן אָנגריף אָפּגעשלאָגן, אָפּגעקלאַפּט אין אומאָרדנונג, דער אויסגאַנג פון קאַמף זעט אויס צו זײן נישט נאָר אַ מפּלה פאַר אים, נאָר ממש פאַרניכטנדיק. וואָס שײך דעם רעוויזיאָניזם פון לינקס עקזיסטירט ער שוין נישט כמעט: אין קאַמף קעגן בערנשטײניאַניזם נעמט די אָרטאָדאָקסיע אויסערלעך אָן (אין הסכם מיטן געזעץ פון גלײכהײט צווישן ווינקל פון פאַלן און דעם ווינקל פון אָפּשלאָג) אַזאַ לינקע באַפאַרבונג, אַז די צוקונפטיקע לינקע, די צוקונפטיקע באָלשעוויקעס — ראָזאַ לוקסעמבורג, מערינג — זענען אָדער זעען אויס צו זײן פולשטענדיק אײנשטימיק מיט קאַוטסקין אין דעם נצחונדיקן קאַמף פאַר דער אײנציק־אויסלײזנדיקער דאָגמע.

אין דידאָזיקע באַדינגונגען טרעט זשיטלאָווסקי אַרויס מיט זײן פּלאַן — שאַפן אַן אָרגאַן פאַר אַ ברײטער און פרײער אינטערנאַציאָנאַלער טעאָרעטישער דיסקוסיע, פאַר אַן אַלגעמײנער רעוויזיע פון די אָנגענומענע סאָציאַליסטישע דאָקטרינעס. ראָזאַ לוקסעמבורג ווערט דערציטערט פון דאָזיקן העזהדיקן פּרוּוו, זי זעט אײן אין אים אַ געפערלעכסטע אונטערגראָבונג, אַ באַוווּסטזיניקן אונטערמינירן די פּאָזיציעס פון דײטשן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן מאַרקסיזם מיטן ציל פון אַ אויפרײס: דאָס איז אַ שטרעבונג צו פאַרבײטן די זיכערע אײנהײטלעכע אָנפירונג מיט דער גאַנצער באַוועגונג דורך אַ פולשטענדיקער גײסטיקער אַנאַרכיע!

זי שלאָגט אויף אַלאַרם, זי רופט אַרויס אַן אמתע פּאַניק... ס'איז פונדעסטוועגן כאַראַקטעריסטיש דער פאַקט, וואָס ווײט נישט אַלע פאַלן אַרונטער אונטער איר ווירקונג. דער אַלטער אויגוסט בעבעל, למשל, האָט נישט מורא פאַר דער פרײהײט פון דער קריטיק. ער זעט נישט קײן שאָדן פון אַ ליטעראַרישער לאָקאַליזאַציע פון אינטערנאַציאָנאַלע סאָציאַליסטישע דיסקוסיעס אין אײן ספּעציעלן אָרגאַן, ער איז מסכּים מיטצואַרבעטן אין אים און גיט זײן נאָמען פאַר דער רשימה פון די מיטאַרבעטער.

זשיטלאָווסקי איז אַרײנגעטאָן ביז איבערן קאָפּ אין דער אָרגאַניזאַטאָרישער אַרבעט. ער איז זײער צופרידן אויך מיט דער פּערזאָן פון הויפּט־רעדאַקטאָר פון זשורנאַל: דאָס איז — בלאָך, אין וועמען זשיטלאָווסקי דערקענט אויסערגעווײנלעכע רעדאַקטאָרשע

פעאיקייטן און ער וואַקלט זיך נישט אים אַרויסצוזוקן אויבנאָן. עס דאַכט זיך, אַז אין זשיטלאָווסקיס גורל קומט פּאָר אַ פולער איבער־ברוך. אַ סוף צו דער האַלב־קבצנישער עמיגראַנטישער עקזיסטענץ, אַ סוף צו דער „קוסטאַרנער" אַרבעט, עס עפענען זיך אויף אַלע מעג־לעכקייטן צו פאַרווירקלעכן די ברייטסטע אַלגעמיינע און פערזענלעכע ליטעראַרישע פּלענער, — ער איז אַראָפּ פון דער זאַמד־באַנק און אַרויסגעשוואומען אין אָפענעם ים אַריין מיט זיינע אין־סופיק־ברייטע האָריזאָנטן!

אָבער צום באַדויערן האָט זשיטלאָווסקין דערוואַרט די שווערסטע אַנטוישונג. פון דער ליטעראַרישער זייט זענען דידאָזיקע אַלע פּלע־נער געווען גלענצנדיק דורכגעטראַכט, אָבער פון דער קאָמערציעלער זייט האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן אַלס קאָרטן-שטיבעלעך. אין געשעפטס־וואַכן האָבן די אַנטיילנעמער פון דער אונטערנעמונג אַרויסגעוויזן אַ גרויסע נאַאיוויטעט און אומפּראַקטישקייט. גרויסע געלט-סומעס זע־נען תיכּף אַריינגעלייגט געוואָרן אין מאַסיווע ביכער-„ציגל", וואָס האָבן זיך זייער שווער באַוועגט אויפן ביכער-מאַרק. מען האָט גע־דאַרפט רואיק אויסוואַרטן, ביז דער אַריינגעלייגטער קאַפּיטאַל וועט זיך אָנהויבן רעאַליזירן, מען האָט געדאַרפט ווייטער אַנטוויקלען דעם געשעפט דורך נייע געלט-אינוועסטיציעס. אָבער עדעלהיימס ער־טערן, וועלכע זענען געווינט געווען צו מער ריוהדיקע געביטן פון נעלט-לאָקאַטעס, האָבן באַשלאָסן צו באַגרעניצן די נישט-ריוהדיקע אונטערנעמונג און האָבן געשטעלט אַן אולטימאַטום: רעאָרגאַניזירן דעם געשעפט אויף פּראַקטישערע יסודות, זען רעכענען זיך מיט דער „גאַנגבאַרקייט" פון דער סחורה... מען האָט זיך אינפאָרמירט און ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אַ גאַנצע ריי קולטורעלע פאַר־לאַגן, וואָס לאָזן אַרויס שווערע בענדער פילאָזאָפישע און סאָציאָ־לאָגישע פאָרשונגען, פאַרדינען אויף זיי, אין בעסטן פאַל, נישט גאָר קיין סך, און כּדי נישט צו דערלייגן, און ווער רעדט כּדי צו פאַר־דינען מוזן זיי צוגלייך מיט דעם אַרויסגעבן ביכער, צוגעפּאַסטע צום געשמאַק פון דער גאַס, און אַמאָל נישט בראַקירנדיק אַפילו מיט שמאַטעס... מיט אַ שווער האַרץ האָט מען באַשלאָסן צו גיין אין ווייערע שפּורן. כּדי נישט צו ברענגען שאָדן דער פירמע פון אַ ערנסטן און פונדאַמענטאַלן „אַקאַדעמישן פאַרלאַג" דורך עפּעס לייכט־וויניקס, האָט מען באַשלאָסן, אַז דער פאַרלאַג דאַרף זיך צעצווייען,

און צוגלייך מיט דעם הויפּט-צווייג אויך פאַרמאָגן אַ צווייטן, יורי-
דיש אַ לחלוטין-אומאָפּהענגיקן. אַזוי איז נעבן „אַקאַדעמישער פּער-
לאַג" אַנטשטאַנען אַ פּשוטער „פאַרלאַג עדעלהיים ענד קאָ". אַלס אַ
„גאַנגבאַרע" סחורה האָט מען צום אומגליק אויסגעקליבן דעם קאַ-
פּיטאַן דרייפוסעס בריוו און טאָג-ביכער פון טייוולס-אינזל, וועלכע
מען האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן אויף דייטש. אין פראַנקרייך, וואָס
איז אין פּשוטן זינען פון וואָרט געשפּרונגען פון דער הויט פון
ליידנשאַפט-צעהיצטקייט, ווו דער באַרימטער „ענין" האָט אַריינגע-
טראָגן אַ צעשפּאַלטונג כמעט אין יעדער פאַמיליע און האָט פאַר-
גיפטעט דורך שטורמישע צוזאַמענשטויסן די פריער רואיקסטע היי-
מישע פרישטיקן און מיטאָקן האָט מען דאָס בוך געריסן פון די
הענט. אָבער אויפן קילן באָדן פון ניכטערן דייטשלאַנד האָט זיין
סענטימענטאַליטעט און די מאַנאַטאַן-פּראַקטישע רעטאָריק געטאָן אַ
בערישע טובה. דאָס בוך איז געבליבן „ליגן", און געדרוקט האָט
מען עס — אויסרעכענענדיק אויף דער סענסאַציע — אין אַ אומ-
גלויבלעך גרויסער צאָל עקזעמפּלאַרן. דערדאָזיקער נייער קראַך האָט
געחתמעט דעם גורל פון דער אונטערנעמונג. עדעלהיימס עלטערן
האָבן אַרויסגעזאָגט זייער וואָגיקן „וועטא", און דער געשעפט האָט
זיך גענומען ליקווידירן.

אַזוי ווי ביי יעדן שיפבראָך האָט אויך דאָ געהערשט דער
לאָזונג — „זאָל זיך ראַטעווען ווער עס קען". דעם געפערלעכן באַ-
לאַסט האָט מען פּשוט אַרויסגעוואָרפן איבערן באָרט. באַזונדערס האָט
בלאָך אַרויסגעוואָרפן איבערן באָרט די ברייטע פּלענער פון אַ אַל-
זייטיקן און אלפראַקציאָנעלן אָרגאַן פאַר אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַ-
ליסטישער דיסקוסיע און גאַנץ פּשוט, אָן קונצן פאַרוואַנדלט די „סאָ-
ציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטע" אין אַ אָרגאַן פון רעכטן בערנשטיי-
ניאַניזם. איבערן באָרט האָט מען אַרויסגעוואָרפן אויך זשיטלאָווסקין,
און ער איז נוידער געבליבן ביי דער „צעבראָכענער קאָריטע"...
מען האָט געדאַרפט זיין אַ זשיטלאָווסקי, כדי, סוף-כל-סוף, קומען
צום רואיקן אויספיר, אַז בלאָך אפילו איז פון זיין שטאַנדפּונקט
געווען גערעכט, אַזוי אַז דער טרויעריקער עפּילאָג פון עסק פאַר
זשיטלאָווסקין גופא, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן אַלץ אויף דער וועלט,
און האָט פאַרשווענדט אַלע כחות, די גאַנצע צייט זיינע אויף דער

ליטעראַריש-פּאָליטישער אָרגאַניזאַציע פון פּאַרלאַג, — איז פּולשטענ-
דיק אין אָרדנונג...

„די וואָלסטן געדאַרפט זיין אַ פאַנטעאַיסט״ — האָב איך אים
אַמאָל געזאָגט: „די פּאַרמאָגסט אַזוי פיל פעאיקייטן אַלעמען און
יעדן צו רעכטפאַרטיקן און צו מאַכן שלום מיט אַלץ. די האָסט אַזוי
שטאַרק מורא צו בלייבן אומגערעכט לגבי עמעצן, אַז מיט דער גע-
רעכטיקייט אַליין באַגייסטו זיך, נו, ממש, ווי אַ קעכין מיט טויג!״

* *
*

אגב, דער גלויבן אין מענטשן, עקסצעסן פון צוטרוי, וואָס
גרעניצט מיט נאַאיוויטעט, זענען דאַן געווען אייגן נישט נאָר זשיט-
לאָווסקין. כמעט אַלע האָבן מיר געזינדיקט דערמיט. ס'איז קיין וווּנ-
דער נישט דעריבער, וואָס דאָס לעבן האָט מיט אונז פון צייט צו
צייט געמאַכט רויע שפּאַסן...

איינמאָל, אַריינלויפנדיק אָוונטצייט צו זשיטלאָווסקין, האָב איך
אים און זיין ווייב געפונען אין דער געזעלשאַפט פון אַ גאַנץ יונגן,
אָבער ווי מיר האָט זיך געדאַכט, קרענקלעך-פּוכקן מענטשן, וואָס האָט
אומפאַרשטענדלעך אַרויסגעבורטשעט זיין נאָמען. כ'האָב אים געזען
צום ערשטן מאָל, — ווייזט אויס אַז דאָס איז געווען אַ פריש-גע-
קומענער. פון שמועס האָט מען געקענט פאַרשטיין, אַז ער פאָרט
איבער בערן דירעקט קיין רוסלאַנד, און איך האָב פאַרשטאַנען, וואָ-
סער קאַשע אין מויל עס האָט אים געשטערט בולט אַרויסצוריידן
זיין נאָמען; איך אַליין, כל זמן כ'בין געווען אין אויסלאַנד אַ
לעגאַלער מענטש, פלעג אָפט, ביי צופעליקע באַגעגענישן ביי באַ-
קאַנטע מיט אומבאַקאַנטע פּערזאָנען, זיך פאָרשטעלן אַזוי, אַז מען
האָט געקענט הערן יעדע פאַמיליע אָדער קיינע נישט. כ'בין צוגע-
שטאַנען צום אַלגעמיינעם שמועס. דער אומבאַקאַנטער יונגער בוץ,
וואָס האָט געליטן, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אויף אַסטמע, האָט וויב-
ציק גערעדט, אָפט פלעגט ער גיכער עפּעס ברומען, איידער ריידן,
אלס ענטפער אויף די פראַגעס, וועלכע מען פלעגט אים שטעלן, ער
האָט לייכט געסאַפּעט, און בכלל האָט ער געהאַט אַן אויסזען, וואָס
איז געווען זעלטן אין אונזערע קרייזן, דאָסזעלבע איז אויך געווען
מיט זיין מאַניער צו ריידן. דידאַזיקע מאַניער האָט געהאַט אין זיך

עפּעס געצוווּנגענעס, ריכטיק ווי מען וואָלט אַ מענטשן געצוווּנגען צו רעדן וועגן עפּעס, וואָס איז אים אויפן העכסטן גראַד נישט אינ־טערעסאַנט. כ׳געדענק, אין עפּעס אַ צוזאַמענהאַנג איז דערמאָנט גע־וואָרן בורצעווס נאָמען, און איך האָב זיך דערלויבט לייכט צו שפּאַסן איבער זיין „מאַניאַ טעראָריסטיקאַ״. און פּלוצלונג איז דער אומ־באַקאַנטער באַלעבאַט געוואָרן, ער האָט גענומען פּאַרטיידיקן בורצעוון און בכלל מאַניפּולירן מיט דער פראַגע וועגן טעראָר, צווינגענדיק אונדז אַרויסצוזאָגן זיך וועגן איר אויף אַן אויסשעפּנדיקן אופן. דער נייער באַקאַנטער איז מיר בכלל נישט געפעלן געוואָרן, און דידאָזיקע ענ־דערונג אין זיין שטימונג, דידאָזיקע אויספאָרשנדיקע מאַניער האָט מיך עפּעס אומווילנדיק געצוווּנגען זיך צוזאַמענצושרומפּן און פילן זיך נישט באַקוועם...

דער גאַסט האָט זיך גענומען געזעגענען; זשיטלאָווסקי איז אַרויס אים באַגלייטן אין קאָרידאָר און ביז צו דער טיר. ווען זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון צימער, האָב איך געפרעגט ווערע סעווער־יאַנאָוונאַן:

— זאָגט, כ׳בעט אייך, וואָס איז דאָס פאַר אַ סאָרט מענטש?

ווי ס׳ווייזט אויס האָט אין מיין קול עפּעס אַזוינס אָפּגעקלונ־גען, וואָס האָט תיכף אויפגעוועקט איר אויפמערקזאַמקייט און זי אפילו באַאומרואיקט. זי איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, און קוקנדיק אויף מיר מיט אַ פאָרשנדיקן בליק, אויג אין אויג, האָט זי אויף דער פראַגע געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— וואָס? פאַרוואָס פרעגט איר דאָס? וואָס ווילט איר זאָגן דערמיט?

איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן; מיר אַליין איז שווער געווען צו באַשטימען דעם אמתן כאַראַקטער פון יענעם טונ־קעלן אומאַנגענעמען געפיל, וואָס איז ביי מיר געבליבן פון אומבאַ־קאַנטן.

— ניין, זאָגט, זאָגט אָפן! וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָ? פאַר־וואָס באַהאַלט איר אויס?

— כ׳באַהאַלט נישט אויס... וואָס קען מען דען זאָגן אויפן סמך פון אַ שנעלן איינדרוק? אָבער פונדעסטוועגן... כ׳וואָלט אייך געוואָלט פרעגן: איר זענט זיכער מיטן דאָזיקן מענטשן?

— נו, אָט איז דאָס! כ׳האָב דאָס געוווּסט! שטעלט זיך פאַר,

אַז ווען איך זע דעמדאָזיקן מענטשן און כ'רעד מיט אים, איז דאָס האַרץ ביי מיר קיינמאָל נישט אויפן אָרט!

זשיטלאָווסקי איז אַריינגעקומען, און ווערא סעווערינאָווגאַ איז תּיכּף איבערגעגאַנגען צום אָנגריף:

— חיים, הער נאר! אויך וויקטאָר מיכאַילאָוויטש זאָגט וועגן אים דאָסזעלבע, וואָס איך. אויך אים איז ער תּיכּף פאַרגעקומען חשוד. רעדט אָבער אַליין — האָט זי זיך געווענדט צו מיר — וואָסזשע שווייגט איר? ווי אַזוי געפינט איר אים? וואָס האָט איר אין אים באַמערקט?

איך האָב זיך אַ ביסל פאַרלאָרן.

— קיין שום קאָנקרעטס... פשוט עפּעס אַן אַלגעמיינער איינדרוק — ווי דאָס וואָלט געווען נישט אונזערס אַ מענטש. עפּעס נישט-צו-כאַפּנדיק פרעמדס, וואָס צווינגט אַכטונג געבן...

— נו, זעסטו? זעסט, חיים? איך זאָג דאָך דיר די גאַנצע צייט דאָסזעלבע... אָבער מיך הערט ער נישט, — האָט זי זיך ווידער געווענדט צו מיר. — איך האָב געמיינט, אַז איר וועט זיין איבערצייגנדיקער — צום סוף בורטשעט איר עפּעס! איר זאָגט זיכער נישט אַלץ, וואָס איר טראַכט!

זשיטלאָווסקי האָט צעפירט מיט די הענט.

— אָבער אויף וואָסער סמך זאָל איך אים נישט געטרויען? דאָס איז, לויט די רעקאָמענדאַציעס, זייער אַ טיכטיקער בחור. ער רעדט נישט קיין סך, אָבער אַ גוטער פּראַקטיקער. ער קומט פון דאַרמשטאַט. דאָרט איז בכלל אַ גאַנץ גרויסער און גוטער סטודענטישער קרייז, אַן ערנסטע יוגנט, וואָס שטיצט אונז אונטער סיסטעמאַטיש. אויך אָסיפּ רעקאָמענדירט אים על צד היותר טוב...

— מען רעקאָמענדירט! מען רופט זיך אָפּ וועגן אים! אָבער ווער קען אים? ווער קען אים אויף אַן אמת?

— אָסיפּ קען אים...

— נו, אָט האָסטו דיר דיין אָסיפּ!

דער שמועס איז אַריבערגעגאַנגען אויף אַ צווייטער טעמע, און דער עפּיזאָד וואָלט זיכער אינגאַנצן אויסגעמעקט געוואָרן פון זכרון ווען אין אַ יאָר אַרום, און אפשר אַ ביסל שפּעטער, וואָלט דערזעלבער „בוץ" נישט אַרויפגעשווומען אויף אונזער האָריזאָנט און וואָלט נישט פאַרנומען אויף אים תּיכּף אַ גאַנץ אָנזעעוודיקן,

און דערנאָך אַלץ אַ מער און מער חשובֿן אָרט. איך האָב אים דערבאָך געקענט אונטער פֿאַרשיידענע צונעמען — „איוואַן ניקאָלאַיעוויטש", „דער גראַבער", „וואַלענטין קוזמיטש"... געטריי די קאָנספּיראַטיווע מנהגים, האָב איך לאַנג נישט געוווּסט און נישט געוואָלט וויסן זיין אמתן נאָמען (וועלכן איך האָב זיך שפּעטער צופֿעליק דערוווּסט), וואָס איז באַשטאַנען פֿון פֿינף פֿאַטאַלע אותיות: אַזעף.

* *
*

די צייט איז געפֿלאָסן. אויף אונזער האָריזאָנט איז פֿאַרביי געשוווּמען פּ. ב. סטרוּווע, נאָך דאַן אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, וועלכער איז געקומען צופֿאָרן כדי אַרויסצוגעבן די „אָסוואָבאָזשדעניע" (באַפֿרייאונג) און האָט מיך איינגעלאַדן צוצושטיין נאָנט צום „פֿאַראיין", וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַרום דער נייער אונטערנעמונג; ער האָט זיך פֿאַררופֿן אויף דעם, וואָס „אָט אין פּיטער זענען אַלע איי ע ר ע אַריינגעטראָטן: מיאַקאָטין, פּעשאָכאָנאָוו, און אַ סך אַנדערע". איך האָב זיך אָפּגעזאָגט. אין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן לאַגער איז פֿאָרגעקומען אַ גרויסער שטורעם: עס איז דערשינען Vademecum פֿון פּלעכאַנאָוון, וועלכער האָט באַשולדיקט דירעקט — פּראָקאָפּאָוויטשן, קוסקאָוואַן און די איבעריקע „צוקונפֿטיקע בעזזאַגלאַווניקעס" און אומדירעקט — די עקאָנאָמיסטן, די „ראַבאָטשעדעלצעס" און „ראַבאָטשעמיסלעווצעס" אין אונטערשטיצן בערנשטיינס און בכלל די רעוויזיאָניסטישע אפּיקורסות. מען האָט דערוואַרט דעם קומען פֿון לענינען, מאַרטאָוון און פּאָטרעסאָוון און זיי זענען טאַקע געקומען. וואָס שייך אונז, איז צו זשיטלאָווסקין צוערשט געקומען פֿון קיעוו איינער דיזשור, מיט פֿרישע ידיעות וועגן דעם, אַז אין אַ גאַנצער ריי דרום-שטעט האָבן זיך די דאָרטיקע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן גרופּירט. דיזשור איז געקומען צופֿאָרן אויך קיין פּאַריז, ווו איך האָב זיך דאַן געפֿונען, ער האָט באַזוכט מיינע פֿאָרלעזונגען, ווו עס האָבן געקעמפֿט קעגן מיר באָריס קריטשעווסקי, גאָלדענדאַך (ריאַזאַנאָוו), נאַכאַמקיס (דער שפּעטערדיקער סטעקלאָוו), גורעוויטש (סמירנאָוו) און אַ סך אַנדערע. דיזשור האָט מיר פֿייערלעך געדאַנקט פֿאַר דער „גלענצנדער פֿאַרטיידיקונג פֿון זיינע אייגענע טיפֿסטע איבערצייגונגען" און האָט אונז בכלל גאָר אַ סך מבֿטיח געווען אין

פרס פון פעסטע פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד. אָבער דידאָזיקע זיינע „אייגענע" איבערצייגונגען זענען געווען זייער אומקלאָר. עכטע עסערן, ווי קאַרפּאָוויטש, למשל, וועלכע האָבן זיך אין אַ צייט אַרום געווענדט צו אים אין פּאַרטיי-ענינים, האָבן זיך שטאַרק געקלאָגט אויף אים: ער פּלאָנטערט אַ סך, ער יאָגט אַפּ אַ סך; אים האָט מען באַשולדיקט, אַז אין טעקסט פון „מאַניפעסט" פון די דרומדיקע עסערן האָט ער אַריינגעפירט אַ גאַנצע ריי ריין-מאַרקסיסטישע הנחות, וועלכע זענען פרעמד זיין גייסט; מען האָט פאַרזיכערט, אַז ער האָט זיך באַנוצט אומזיסט-אומנישט מיט אונזערע נעמען, און ער האָט מיסברויכט מיט אונזער אויטאָריטעט; און סוף-כל-סוף איז ער פּשוט איבערגעגאַנגען אין סאָציאַל-דעמאָקראַטישן לאַגער. דיזשור איז געקומען צו פאָרן צו אונז און ער האָט זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד אַלס לעגאַלער מענטש. אין יענער צייט האָט נאָר וואָס זיך געהאַט פאַרענדיקט דרייפוסעס עפּאָפּייע, מיטן באַרימטן פאַלשן „באָרדעראָ", וווּ עס איז כלומרשט מיט דער האַנט פון אימפּעראַטאָר ווילהעלם אָנגעשריבן געווען די פּראַזע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט די ווערטער „דערדאָזיקער אויסוווּרף ד". אויב עס וועט ווען נישט איז פאַרפּנטלעכט ווערן די קאָרעספּאָנדענץ פון יענע יאָרן צווישן זשיטלאָווסקין, ראַפּאָפּאָרטן, מיר און די אַנדערע מיטגלידער פון „פּאַראַיין", וועט זיך דער לייענער נישט זעלטן אָנשטויסן אין איר אויף דערזעלבער סאַקראַמענטאַלער פּראַזע אין אַ מאָדנער און אומנאַטירלעכער פאַרבינדונג מיט ריין-רוסישע ענינים. די דערקלערונג איז אַ פּשוטע: מיר האָבן מיט איר באַצייכנט דיזשורן, וועלכער האָט אָפּגענאַרט אונזערע האָפנונגען און אונזער צוטרוי...

דערנאָך איז פאַרבייגעשוווּמען ביי אונז אַ בחור פּעטרוּכאַ קאַרפּאָוויטש, אַ דרייסטער, אונטערנעמונגסלוסטיקער, אַ ליידנשאַפטלעכער. ער האָט אַלע פּראַגעס געלייזט דרייסט, אָן וואַקלענישן, נישט פאַרטראַכטנדיק זיך אויף קיין איין זאַך און זוכנדיק אומעטום בלויז אומברחמנותדיקע אויסגעהאַלטנקייט. ער האָט געטרוימט וועגן אַ נסיעה קיין רוסלאַנד, וועגן אַן אָרגאַניזאַציאָנעלער פאַראייניקונג פון די אַלטע נאַראָדאָוואָלצעס, די יונגע עסערן און די לינקע דעמאָקראַטן אין איין „פּאַרטיי פון מעשים", ער האָט זיך געפונען אונטער דער קענטיקער השפּעה פון בערלינער אַלטן נאַראָדאָוואָלעץ יעפים לעוויטאַ, וואָס האָט אין יענער צייט געלעבט אין ענגער אי-

דעאישער פאַרבינדונג מיטן לינקן מאַרקסיסט געלפאַנד, וועלכן עס איז דערנאָך באַשערט געווען דאָ אויף דער דייטשער, דאָ אויף דער רוסישער אַרענע פון פּאָליטישער אַרבעט אַ גאַנץ גרויסע, נישט קיין גלייכמעסיקע, און צייטנווייז אפילו אַ סקאַנדאַליעזע באַרימטקייט אונטערן נאָמען „פּאַרווּס”. פון בערלינער קרייזל איז שוין געהאַט געפאָרן קיין רוסלאַנד מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע צילן דער וואָראָנעזשער אָגאַרקאָוו. קאַרפּאָוויטש האָט געדאַרפט זיכערן רוסישע פאַרבינדונגען דער דעמאָלט פאַרטראַכטער, אָבער ערשט שפּעטער מיט מ. גאָצס הילף פאַרווירקלעכטער ליטעראַריש-רעוואָלוציאָנערער אונטערנעמונג: „וועסטניק רוססקאָי רעוואָלוציאי”. ווען קאַרפּאָוויטש האָט פאַרלאָזן די שווייץ איז ער מיט אונז געשטאַנען אין זייער נאָנטע באַציאונגען, אָבער זיינע ווייטערדיקע באַציאונגען מיט רוסלאַנד האָבן אים געצוווּנגען אין אַ סך הינזיכטן פאַרקלענערן סיי זיינע שטימונגען, סיי זיינע פּלענער. מיר האָבן פון אים באַקומען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין טיפסטע אַנטוישונג צוליבן „מאַניפעסט” פון די דרומדיקע, וועלכער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין רוסלאַנד, און ער האָט מיט פאַרדראָס געשריבן אומגעפער אַזוי: „אַלע אַזעלכע עסערן וואָלט איך צוזאַמען מיט די עסדעקעס אויפגעהאָנגען אויף איין בוים; סיי די סיי יענע פאַרשטייען נישט דעם מאָמענט, סיי די סיי יענע לעשן דעם רעוואָלוציאָנערן גייסט דורך זייער דומפּער מעסיקייט און פּינקטלעכקייט; כ'וויל אויף זיי אַלע אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט; איצט זענען רוסלאַנד נויטיק יחידים, וואָס שטעקן אָן מיטן אייגענעם ביישפּיל און שטויסן צום אָפענעם קאַמף; עס זענען נויטיק באַוואָפנטע ווידערשטאַנדן ביי אַרעסטן, מען דאַרף ענטפערן מיט שאָסן, און נישט מיט אַנטלויפן, ביים פאַנאַנדערטרייבן דעמאָנסטראַציעס, מען דאַרף האָבן ווערא זאַסוליטשס און זשעליאַבאָווס”. ער איז אַוועקגעפאָרן, אַדורכגעמיניעט ווי אַ העלער אויפבליץ פון אַ „פאַר-שטורעם-בליץ”, כדי דערנאָך זיך לאָזן הערן אין גאַנץ רוסלאַנד דורכן שאָס אין באָגאָלעפּאָווס קאָרידאָר.

נאָך פריער האָט אונז באַזוכט אַ יונג מיידל סעליוק (די ייִנגערע), וועלכע האָט מודיע געווען וועגן פּלאַן אַרויסצוגעבן אין רוסלאַנד אַ גרויסע אומלעגאַלע צייטונג, אין וועלכער עס האָבן צוגעזאָגט מיטצואַרבעטן עטלעכע גרויסע פּעטערבורגער ליטעראַטן פון אונזער ריכטונג (ס'איז געווען קלאָר, אַז דאַ איז די רייד וועגן

מענטשן, וואָס גרופּירן זיך אַרום ב. ק. מיכאַילאָווסקין). זי האָט דערציילט, אַז די אומלעגאַלע טיפּאָגראַפיע פאַר דער צייטונג ווערט שוין איינגעאָרדנט, אָדער זי איז שוין איינגעאָרדנט, און זי האָט געבעטן ביי אונז וואָס שנעלער — כדי נישט צו פאַרשפּעטיקן — אַרטיקלען. זשיטלאָווסקי האָט זיך אַנידערגעזעצט און אָנגעשריבן „עפּעס וועגן די היסטאָרישע בריוו פון פּ. ל. לאַווראָוו", און איך — אַן איבערזיכט: „די סאָציאַליסטישע באַוועגונג אין אונגאַרן און איטאַליען", און אונזער חבר סעליוק האָט זיי אָפּגעפירט קיין רוסלאַנד. אינגיכן האָבן מיר באַקומען דעם ערשטן נומער פון נייעם זשורנאַל. ער האָט געהייסן „רעוואָלוציאָנאַיאַ ראָססיאַ"; צום סוף נומער איז געווען אַ נאָטיץ וועגן אונזערע ביידנס באַקומענע אַרטיקלען און וועגן דעם, אַז זיי בלייבן פאַרן קומענדיקן נומער; אָבער די ליכטיקע שיין האָבן זיי נישט דערזען, ווייל די מאַנוסקריפּטן זענען פאַרפאַלן געוואָרן ביי איינעם פון די „דורכפאַלן". דער זשורנאַל איז געווען דער אָרגאַן פון „פאַראיין פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן".

אַזויאַרום זענען מיר געווען שטאַרק הינטערשטעליק לגבי די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין הינזיכט פון אַנטוויקלען די פּאַרטיי. זשיטלאָווסקי האָט דאָס צוגעשריבן אונזער אייגענער אומפּראַקטישקייט. „ווער עס פאַרמאָגט וואָס", האָט ער הומאָריזירט, „און מיר האָבן בלויז איינס: דעם אמת... אומגליקלעכער! אין וואָסערע הענט ער איז דאָס אַריינגעפאַלן!" איראָניזירן איבער זיך אַליין איז געווען אַ געוווינהייט סיי ביי אים סיי ביי אַנ—סקין. אפילו אונזערע דערפאָלגן אויף די רעפעראַטן און דאָס, וואָס אַרום אונז איז געשאַפן געוואָרן אַ געוויסע „סביבה", האָט אויך געדינט אַלס אָביעקט פון אומצאָליקע גלייכווערטלעך און זעלבסטאָפּשפּאָטעריי. איינמאָל, למשל, האָבן אונז אַרומגערינגלט מיט באַגריסונגען לכבוד עפּעס אַ גלענצנדן אַרויסטריט אין די דיסקוסיעס מיט די ס. ד. עטלעכע שטענדיקע באַזוכער פון דידאָזיקע דיסקוסיעס, וועלכע פלעגן געוויינלעך גיין נאָך די ס. ד. און לויט דעם טשערעדע געפיל, וואָס האָט ביי זיי געהערשט איבער אַלץ, זענען זיי געווען גוטע ווייזערס, וווהין עס בלאָזט דער ווינט און אויף וועמעס זייט עס וועט זיין דער נצחון; זיך אומקערנדיק אַהיים האָט זשיטלאָווסקי מיט קאָמישער חשיבות מודיע געווען דעם ווייב: „ווערא, גראַטוליר. מיר זיגן אָן שום ספק. מיר

האָבן באַקומען דאָס, וואָס מיר האָבן נאָך קיינמאָל נישט געהאַט, אייגענע נאַראָנים!״



דער קומען פון דידאַזיקע אַלע פּערזאָנען — פון טשעפּיקן (אַ סיבירער ס. ר.), וועלכער האָט געבראַכט „אונזערע אויפגאַבן״, סעליוקן, וואָס האָט אונז פאַרבונדן מיט דער „רעוו. ראָססיאַ״, די־וושורן פון צוזאַמענפאָר פון די דרומדיקע ס. ר., קאַרפּאָוויטשן, — איז בלויז געווען אַ „פּראָלאָג צום פּראָלאָג״ פון דער אמתער פאַר־בינדונג מיט רוסלאַנד. אויך אויף דעם איז געקומען די צייט.

זשיטלאָווסקי האָט זיך אין די ענינים פון „אַקאַדעמישן פאַר־לאַג״ געפונען אין בערלין, ווען דער אויבנדערמאַנטער אַלטער „נאַ־ראָדאָוואָלעץ״ מיט די האַלב־מאַקסימאַליסטישע און האַלב־מאַרקסיס־טישע טענדענצן — יעפים לעוויט, האָט אים איינגעלאַדן צו זיך און מודיע געווען, אַז עמיצער, וואָס איז געקומען צו פאָרן פון רוסלאַנד, וויל אים זען.

דערדאָזיקער „עמיצער״ איז געווען גריגאָרי אַנדרעעוויטש גערשוני, וועלכן מיר האָבן פריער כמעט לחלוטין נישט געקענט. צוזאַמען מיט יע. ק. ברעשקאָווסקאַיאַן איז ער געווען אַ פאַרמיטלער ביים פאַראייניקן די דרומדיקע „סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן״, וועלכע האָבן זיך פאַראייניקט אין אַ „פּאַרטיי״ אין דעם צפונדיקן (אָרגוי־נאָווּשן) „פאַראיין פון די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן״. די פאַראיי־ניקונג איז כמעט אַראָפּגעריסן געוואָרן צוליב די אַרעסטן אין טאָמסק, ווו מען האָט פאַרכאַפּט אויף אַ פאַרשיקונגס־אָרט אַ געהיימע טיפּאָגראַפיע, וואָס האָט געדרוקט (ביי דער מיטאַרבעט פון דער יוגנט פון „רוסס. באָגאַטסטוואָ״) דעם נייעם זשורנאַל „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ״, און דערנאָך אין מאָסקווע, ווו עס איז צעקלאַפּט געוואָרן דער צענטראַלער קרייזל פון „פאַראיין״. פון קרייזל איז גאַנץ גע־בליבן בלויז מאַריאַ סעליוק און דער ניי־צוגעקומענער יעוונאָ אַזעוו, וועמען אַרגונאָוו האָט איבערגעגעבן, פאָראויסזעענדיק זיין אומפאַר־מיידלעכן אַרעסט, אַלע אייגעשטעלטע פאַרבינדונגען און די מאַטע־ריאַלן. אַזעוו און סעליוק זענען אַוועק קיין אויסלאַנד, כדי, לויט ווי מען האָט אָפּגערעדט, זיך טרעפן דאָרט מיט גערשונין און ענטגיל־

טיק זיך צוזאַמענרעדן וועגן פאַראייניקן ביידע אָרגאַניזאַציעס און איבערגעבן אין די הענט פון אַ פאַראייניקטער קערפערשאַפט דעם זשורנאַל פון „פאַראיין".

גערשוני האָט אָפּגעוואַרט אין בערלין דעם קומען פון די דעלעגאַטן פון „פאַראיין". ער האָט קורץ און קלאָר רעזיומירט דעם ציל פון זיין און זייער קומען: די פאַראייניקונג פון פאַרשיידענע פראַקציעס און צעוואָרפענע קרייזלעך עסערן אין רוסלאַנד קען מען באַטראַכטן אין פרינציפ פאַר פאַרענדיקט. איצט איז געקומען די ריי פאַר דער עמיגראַציע. אויך דאָ דאַרפן זיך אַלע פאַראייניקן און אומצערייסלעך זיך פאַרבינדן מיט דער רוסישער פאַרטיי, דאָס איז ערשטנס. און צווייטנס: די דורכפאַלן אין רוסלאַנד פאָדערן, אַז מען זאָל אַריבערטראָגן, כאָטש אויף אַ געוויסע צייט, דעם צענטראַלן אָרגאַן פון דער פאַרטיי — וואָס דאָס וועט זיין די „רעוואָלוציאָננאַיאַ ראָססיאַ" — קיין רוסלאַנד. און דעריבער איז ער שטאַרק באַזאָרגט מיט דער פראַגע: וועמען בעט מען איבערצונעמען אויף זיך די פליכטן פון הויפט־רעדאַקטאָר?

זשיטלאָווסקי האָט געענטפערט: ווי אַזוי איך וועט זיך איינגעבן די פאַראייניקנדיקע אַרבעט צווישן דער עמיגראַציע איז שווער צו זאָגן. פאָרט אַליין אַריבער אין דער שווייץ און קיין פאַריזש — וועט איר זען. גובר זיין די טראַדיציעס און פסיכאָלאָגישע איבערבלייבענישן פון אַלע שפאַלטונגען און רייבונגען וועט דאָ, אפשר, זיין נישט אַזוי לייכט, ווי איר מיינט. דערפאַר אָבער דאַרפט איר נישט דאגהן וועגן דער צווייטער פראַגע. אייך איז שווער זיך אָפּצושטעלן אויף עמיצן פון דער אַלטער עמיגראַציע דערפאַר, ווייל הגם וי פאַרמאָגט גרויסע נעמען, זענען דאָס אָבער אַלץ מענטשן, וואָס זענען שוין לאַנג אָפּגעריסן פון לעבן און זיי רעדן נישט אינגאַנצן אויף דער שפּראַך, אויף וועלכער עס רעדן די רוסישע חברים. איך פאַרשטיי אייך זייער גוט. אָבער דאָס וואָס איר דאַרפט, האָבן מיר. ספקט נישט דערין. אַ רעדאַקטאָר, וועלכער וועט אייך אַלץ איינאָרדנען וועלן מיר אייך געבן. מיר האָבן אַ גרייטן...

און ער האָט אָנגערופן מיין נאָמען. באַקאַנט מיט אים לויט די סעריעס פון מיינע אַרטיקלען וועגן דער פילאָזאָפיע פון געזעלשאַפטס־וועזן און וועגן דער אַגראַר־פראַגע, וואָס האָבן זיך נאָר וואָס געהאַט באַוויזן אין „רוססקאָיע באָגאַטסטוואָ", האָט גערשוני תיכף

מסכים געווען, אַז די קאַנדידאַטור איז אַ פּאַסיקע. איך האָב דאַן געלעבט אין זשענעווע, קלייבנדיק זיך אינגיכן צו פאָרן לעגאַל קיין רוסלאַנד און כ'האָב נישט געהאַט קיין שום באַגריף וועגן דעם, אַז אין בערלין האָט מען „מיך חתונה געמאַכט אָן מיר" און מען האָט מיר איבערגעגעבן אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ דויערהאַפטער לאַגע פון אַ עמיגראַנט...

* *
*

אַזוי־אַרום האָט מיין פּערזענלעך לעבן באַקומען אַ נייע ריכ־טונג. כדי צו רעדאַגירן די „רעוו. ראָססיאַ" האָב איך זיך געמוזט אַריבערקלייבן אין שטאָט, וו׳ זי האָט זיך געדאַרפט דרוקן — אין זשענעווע; און אַזוי־אַרום זיך צעשיידן מיט זשיטלאָווסקין. אונזערע טרעפונגען זענען געוואָרן אַ סך זעלטענער און ספּאָראַדיש.

די לענגסטע צוזאַמענטרעפונג פון דידאָזיקע אַלע איז געווען אונזער געמיינזאַמער אָנטייל אין ערשטן צוזאַמענפאָר פון דער אַג־ראַר־סאָציאַליסטישער ליגע, וואָס האָט אַ געוויסע צייט נאָך געפירט אַ זעלבשטענדיקע עקזיסטענץ, דערנאָך האָט זי געשלאָסן מיט דער פּאַרטיי ס. ר. אַ פעדעראַטיוון פאַרבאַנד און, לסוף, אומבאַמערקט זיך אינגאַנצן צוזאַמענגעגאָסן מיט איר, אַ דאַנק דעם כּסדרדיקן אַריינטריט פון אַלע ליגע־מיטגלידער אין דער פּאַרטיי. ביי געוויסע מיטגלידער פון דער ליגע איז נאָך לאַנג פאַרבליבן אַן אייגנפּאַרטיי־קער פּאַטריאָטיזם פון זייער סעפּאַראַטן אָרגאַניזאַציאָנעלן שילדל; די אַנדערע, פאַרקערט, האָבן די גאַנצע צייט געאַרבעט אין זין פון אַ ענגסטן צוזאַמענגוס. צווישן דידאָזיקע לעצטע האָט זיך געפונען אויך זשיטלאָווסקי.

נישט לאַנג צוריק האָט זיך מיר איינגעגעבן אויפצוזוכן אין אונזער פּאַרטיי־אַרכיוו אייליקע, קורצע נאָטיצן פון פאַרשטאָרבענעם מ. פּ. גאָץ פון די זיצונגען פון ערשטן צוזאַמענפאָר פון די ליגע־מיטגלידער. זיי זענען אינטערעסאַנט און אין אַ סך פּרטים דערגאַנצן זיי יענעם קאָנדענסירטן באַריכט וועגן צוזאַמענפאָר, וועלכן איך האָב לויט דעם אויפטראָג פון די חברים, צונויפגעשטעלט און פאַרעפנט־לעכט אין „רעוו. ראָססיאַ" (№ 12 פון 1902 יאָר).

דער צוזאַמענפאָר איז געווען קליין אין צאָל (16 פּערזאָן,

פון זיי דריי געסט). עס איז געווען וואַלכאָווסקי, לאַזאַרעוו, שישקאָ, רובאַנאָוויטש, ס. ראַפּאָפּאָרט, — אַנ—סקי, מ. גאָץ, זיין פרוי וו. גאָץ, זשיטלאָווסקי, ד. סאָסקיס, כ. נעטשאָטני-סלעטאָוו, כילקאָוו, טשערנאָוו, אַנ. טשערנאָוואַ. צווישן די געסט זענען געווען ד. קלעמענץ, ע. לעוויט, און דער נאָר וואָס געקומענער פון רוסלאַנד אָ. ס. מינאָר. אַלס רעפערענט וועגן דער עקאָנאָמישער פּלאַטפאָרם פון דער ליגע איז אַרויסגעטראָטן ל. ע. שישקאָ, וועלכער האָט, אגב, איבערגעלאָזן אין אַרכיוו אַן אייגנהענטיקן רעזיומע פון זיין רעפעראַט. זיין הויפּט-געדאַנק איז באַשטאַנען אין דעם, אַז די פּלאַטפאָרם פון דער ליגע דאַרף אינגאַנצן באַשטימט ווערן דורך די „באַדערפעניש פון אַקטיוון קאַמף", און דעריבער דאַרף זי זיך נישט צעבייטן אויף קליינע פּראַקטיש-פּאַרווירקלעכבאַרע מיטלען (ענלעך צו די דעמאָלטיקע מערב-אייראָפּעאישע אַגראַרע פּראָגראַם-מינימומס, וועלכע זענען צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון דער וואַל-אַגיטאַציע). נאָר אַרויסשטעלן „יענע רעוואָלוציאָנערע פּאָדערונגען, וועלכע קענען אַרויסרופן אין די דאָרפישע מאַסן דעם גרעסטן שוווּנג פון דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג".

וואָס-זשע האָט שישקאָ געלייגט אין יסוד פון דידאַקטיקע „רעוואָלוציאָנערע פּאָדערונגען"? דער טעקסט פון זיין רעזיומע זאָגט קורץ און נישט גאָר קלאָר: „די פּאָדערונג צו נאַציאָנאַליזירן די ערד אין דעם זין, אַז זי זאָל איבערגיין אין די הענט פון דער פויערשער באַפעלקערונג", אָדער אין אַ צווייטן אָרט — „די פּאָדערונג איבערצוגעבן די גאַנצע ערד אין די הענט פון דער אַרבעטנדיקער פויערשער באַפעלקערונג"; דערנאָך קומט צו דערצו „די פּאָדערונג פון אויסגלייכנדיקע פּאַרטיילונגען און פון אַ באַשטימטער מאַקסימאַלער ביליקער ערד-פּאַרטיילונג פּאַר יעדער געגנט." דאָס שטייט פולשטענדיק אין הסכם מיט דער פּאָזיציע פון וו. וו. (וואָראָנצאָוו), וועלכער האָט פּאַרענדיקט איינעם פון זיינע אַרטיקלען מיט פאָלגנדיקער פּאָזיטיווער פּראָגראַם: „די גאַנצע ערד געהערט דער מלוכה און זי געפינט זיך אין רשות פון די פויערשע געמיינדעס".

אַלס קאָררעפערענט וועגן דערזעלבער פּראַגע איז אַרויסגעטראָטן ד. סאָסקין, וועלכער איז דאַן געווען אַ אָנהענגער פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע אָנשויאונגען. ער האָט פּאָרגעוואָרפן דעם רעפערענט אַ צו גרויסן רעוואָלוציאָנערן אָפּטימיזם, וואָס דיקטירט

אַן אוטאָפּישע, לויט איר גראַנדיעזקייט, פאָדערונג: ער האָט פאַרטיידיקט די פּראָגראַם-מינימום פון אוממיטלבאַר-פאַרווירקלעכבאַרע רעפאָרמען, וועלכע שטעלן זיך נישט קיין צו ברייטע אויפגאַבן; זייער ציל דאַרף זיין — פּשוט אַרויספירן דאָס דאָרפישע רוסלאַנד פון צושטאַנד פון כראָנישן הונגער. די קאָנקרעטע לאָזונגען פון דער באַוועגונג דאַרפן זיך ענדערן אין הסכם מיט די אָרטיקע באַזונדערקייטן; מער פאַר אַלץ איז וויכטיק — אַנטוויקלען די אַלגעמיינע קולטור און די אָרטיקע זעלבסטפאַרוואַלטונגען.

לויט גאָצס נאָטיצן טרעט אַרויס אַלס ערשטער אין די דעבאַטן גאַרדענין (אַ פּסעוודאָנים, אונטער וועלכן עס האָט זיך אויסבאַהאַלטן דער שרייבער פון דידאָזיקע שורות). אין דער פראַגע וועגן דאָרפישער זעלבסטפאַרוואַלטונג שטעלט ער דעם טראָפּ אויף דעם, אַז אויף די יסודות פון זעלבסטפאַרוואַלטונג האָט דאָס פאָלק צו שאַפן אויך איבער דער ערד, אַלס אַלגעמיינע גוטס. „די ערד דאַרף אָנערקענט ווערן אַלס קיינעמס נישט, אַלס אייגנטום פון דער געזעלשאַפט". „מיר פאָדערן צו ליקווידירן דאָס פּריוואַט-אייגנטום אויף ערד און באַשטימען, אַז דער כלל נוצט זי אויס". „מיר רוקן אַרויס אויפן ערשטן פּלאַן די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד, ווייל דאָס פאָלק איז צו דעם שוין מער אָדער ווייניקער צוגעגרייט". אין זיין צווייטן רעפעראַט אויף דעמזעלבן צוזאַמענפאָר האָט „גאַרדענין" דעפינירט די „סאָציאַליזאַציע" אַלס באַפרייאונג פון דער ערד פון דער מאַכט פון די ערד-אייגנטימער, כדי זי איבערצוגעבן אין רשות פון גאַנצן אַרבעטנדיקן פאָלק, וואָס וועט זי אויסנוצן פאַר אַלעמען גלייך, און ער האָט אויפגעוויזן, אַז מען קען דידאָזיקע סאָציאַליזאַציע דערנענטערן צו דער זייער פאַרשפּרייטער פויערשער אָנשויאונג „אויף דער ערד, ווי אויף אַ אַלגעמיינעם באַזיץ פון אַלע אַרבעטנדיקע". קעגן סאָסקינען האָט ער פאַרטיידיקט יענעם שטאַנדפּונקט, אַז דער ווידערשטאַנד, וועלכן מען וועט שטעלן אַזאַ פאָדערונג, וועט נישט זיין גאָר גרויס, בפרט, אַז „עס זענען דאָ אפילו בורזשואַזע פּאַרטייען, וועלכע טרעטן אַרויס פאַר נאַציאָנאַליזירן די ערד". פּונקט אַזוי האָט „גאַרדענין" אויפגעוויזן, אַז דאָ איז קיין אָרט נישטאָ נישט פאַר קיין פּעסימיזם און נישט פאַר קיין אָפּטימיזם, ווייל „אַרויסרוקנדיק אויפן ערשטן פּלאַן די סאָציאַליזאַציע פון דער ערד, פאַרפליכטן מיר זיך נישט צו פאַרווירקלעכן זי תיכּף;" דאָס איז אונזער

פרינציפיעלע פּאָזיציע; אָבער צי טיילווייז אָדער אינגאַנצן, און אין וועלכע טערמינען עס וועט זיך איינגעבן צו פּאַרווירקלעכן זי, — דאָס הענגט אָפּ פון דער היסטאָרישער קאָניונקטור.

אַלס צווייטער רעדנער איז אַרויסגעטרעטן זשיטלאָווסקי, און זיין רעדע פאַרצייכנט גאָץ אייליק אַזויצוזאָגן: „אַרויסשטעלן אַ פולשטענדיקע פּראָגראַם איז אי נישט רעכטצייטיק און אי נישט צוועקמעסיק. דאָס וועט נישט דערפירן צו קיין שום פּראַקטישעס. די הויפּט-פראַגע איז — פעסטשטעלן אונזער באַציאונג צו דער נאַ- ציאָנאַליזאַציע פון דער ערד, ווייל דער טערמין „נאַציאָנאַליזאַציע" האָט אין אייראָפּא אַ באַשטימטע באַדייטונג, וואָס פאַלט נישט צונויף מיט אונזער באַגריף. אין איצטיקן מאָמענט באַשעפטיקן מיר זיך נישט מיט קיין רעכטלעכער פראַגע, נאָר מיט אַן אַגראַרער. אונזער אויפגאַבע איז צו דערקלערן די פויערים, אַז דער איבערגאַנג פון די ערד- שטחים צו דער מלוכה איז אַ רואין פאַר די פויערים, כּל זמן די מלוכה גופא געפינט זיך נישט אין די הענט פון די פויערים גופא. ביז דאַן, אַפילו ביי מער פרייע פּאָליטישע אָרדנונגען, וועט די „מלוכה" אָפּגעבן די ערד נישט די מער-נויטבאַדערפטיקע, נאָר די מער-פאַר- מעגלעכע. דעריבער דאַרפן מיר אויפקלערן די פויערים דעם אונ- טערשייד צווישן דער נאַציאָנאַליזאַציע און דער סאָציאַליזאַציע פון דער ערד. נאַציאָנאַליזאַציע באַדייט דעם איבערגאַנג פון דער ערד צו דער מלוכה; סאָציאַליזאַציע באַדייט דעם איבערגאַנג פון דער ערד אין דעם אוממיטלבאַרן רשות פון כּלל".

אָדער, — ווי דאָס איז געשטאַנען ביי מיר אין באַריכט — עס איז פאָרגעלייגט געוואָרן פעסטצושטעלן אויך טערמינאָלאָ- גיש דעם „אונטערשייד צווישן אונזערע פאָדערונגען און די פאָדע- רונגען פון בורזשואַז-רעפאָרמאַטאָרישן כאַראַקטער". אין קעגנזאַץ צו דער „נאַציאָנאַליזאַציע" פון דער ערד, אונטער וואָס מען פאַרשטייט אָפּט דעם איבערגאַנג פון דער ערד אין די הענט פון דער היינטיקער ביוראָקראַטישער שטאַנד- און קלאַסן-מלוכה, וועלכע פאַרנעמט אַזוי אַרום דעם אָרט פון די היינטיקע ערד-אייגנטימער און נעמט צו פאַר זיך זייער רענטע" — האָט מען פאָרגעלייגט צו „רעדן, כדי אויס- צומיידן יעדע מיספאַרשטענדעניש און פאַרבייטונג, וועגן דער סאָציאַ- ליזאַציע פון דער ערד, אין זין פון כסדרדיקער פאַרגעזעלשאַפט- לעכונג פון דער ערד פון אונטן, פון אַרויסנעמען זי פון די הענט

פון פריוואַטע אייגנטימער און זי איבערגעבן צו דער געזעלשאַפטלעכער, חברישער, גלייכער באַנוצונג פון די אַרבעטנדיקע״.

איך שטעל זיך אָפּ אַזוי לאַנג אויפן דאָזיקן פונקט דערפאַר, ווייל אין דער געשיכטע פון די אַגראַרע אידייען פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָט ער אַ אַנטשיידנדיקע באַדייטונג. די טענדענץ צו אַ שאַרפער אָפּגרעניצונג פון די בורזשואַזע נאַציאָנאַליזאַטאָרן, די שטרעבונג אַנטקעגנצושטעלן די „אַגראַרע פאַרגעזעלשאַפטלעכונג״ און איר אָרגאַניזאַציע, דעם מלוכהש־ביוראָקראַטישן צענטראַליזם טרעט דאָ אַרויס צום ערשטן מאָל מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט. און אומגעפער אין דערזעלבער צייט ווערט ענטגילטיק פאַרביטן דער טערמין סאָציאַליזאַציע, נאָך אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט דער רעדאַקציע פון „רעוו. ראָס.״ (גאָץ־טשערנאָוו), אויך אין פראָגראַמאַטישן מאַניפעסט פון „פויערשן פאַראיין פון דער פּ. ס. ר.״, וועלכער איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין רוסלאַנד דורך אַ גרופּע פערזאָנען (בולאַנאָוו, קאַטשאַראָווסקי, ראַקיטניקאָוו און אַנד.). ווי מיר האָבן געזען, דאַרף זשיטלאָווסקיס נאָמען נישט פאַרגעסן ווערן אין דער געשיכטע פון דאָזיקן אידייאישן ווענד־פונקט: צוזאַמען מיטן שרייבער פון דידאָזיקע שורות איז ער געווען צווישן די ע ר ש ט ע, וועלכע זענען אַרויסגעטראָטן אַלס זיינע אידייאישע פּיאָנירן.

זשיטלאָווסקיס נאָמען ווערט בכלל אָפּט אָנגעטראָפן אין די פּראָטאָקאָלן פון צוזאַמענפאָר. ער פירט דעם פאָרזיץ אין זעקסטן און לעצטן טאָג פון צוזאַמענפאָר. ער טרעט אַרויס מיט אַ פאָרשלאַג צו רעדן אין די אויסגאַבן פון דער ליגע נישט נאָר וועגן צענטראַלן פאַרלאַמענט אָדער וועגן דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג, נאָר אויך וועגן זעלבסטפאַרוואַלטונג און פעדעראַליזם. אין די פראַגן פון דער טאַקטיק באַגרינדעט ער געגנוי דעם געדאַנק, אַז דער „עקאָנאָמישער, סטיכישער טעראָר קען נישט אַרויסגערופן ווערן דורך דער פאַרטיי, זי קען אים בלויז אויסנוצן״, בעת דער „פּאָליטישער טעראָר איז נישט נאָר וואָס ער קען, נאָר ער דאַרף אַרויסגערופן ווערן״. ער לייגט פאָר אָפּוואַרפן אַלע ספקות און וואַקלענישן, לאָזנדיק זיי פאַר די קליינגלויביקע, און קלאָר אויסדריקן, אַז אין דער טאַקטישער פּערספּעקטיוו „איז אונזער ציל אַן אַלזייטיקער פאָלקס־אויפשטאַנד״. און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער.

* * *

אין 1904 האָט די פּאַרטיי געשיקט אין אַמעריקע אַ ספּעציעלע עקספּעדיציע אין זוכעניש נאָך דעם „נערוו פון מלחמה." אין דער־דאָזיקער עקספּעדיציע זענען אַריין: זשיטלאָווסקי און ברעשקאָווסקאַיאַ („די באָבע"). פון דאָזיקן מאָמענט פּאַרליר איך אויף לאַנג זשיטלאָווסקין פון אויג. בלויז לויט די בריוו פון דער „באָבען" האָב איך געקענט נאָכפאָלגן אַלע פּעריפּעטיעס פון דער עקספּעדיציע פון אונזערע צוויי אַרגאָנויטן נאָך דעם „גאָלדענעם וואל"...

די עקספּעדיציע האָט געהאַט דערפאָלג און די „באָבע" האָט שוין געגומען טראַכטן וועגן אומקערן זיך צוריק קיין אייראָפּע. איר איז דאָס געווען גרינגער שוין צוליב דעם אַליין, וואָס זשיטלאָווסקי האָט באַקומען אַ מעגלעכקייט דאָרט לאַנג צו בלייבן. שוין אין סאַמע אָנהויב פון דער קאַמפּאַניע האָט זי געשריבן: „זשיטלאָווסקי טרעט אַרויס מיט גרויס טאַקט און מאַכט אַ גוטן איינדרוק. מען לייגט אים דאָ פאָר צו בלייבן ביי דער אויסגאַבע פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג, וועלכע מען וויל אָרגאַניזירן פאַר אים". זי אַליין איז אי צופרידן אי זי האָט מורא, ער זאָל „אַמאָל נישט אַריינפאַלן אין ציוניזם".

זשיטלאָווסקי איז טאַקע געבליבן אין אַמעריקע אַ לאַנגע צייט. אָבער נישט אָן הפסקות... נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905־טן יאָר איז ער תּיכּף געקומען קיין רוסלאַנד. מיר האָבן זייער שטאַרק אויס־גערעכנט אויף אים, ווי אויפן צוקונפטיקן לידער פון אונזער פראַק־ציע אין דער פינפטער מלוכה־דומע; אָבער דאָס שאַרפע אויג פון אָרטיקן גובערנאַטאָר האָט נישט דערלאָזן צו יענעם פעלער, וואָס האָט געגעבן דער באָלשעוויסטישער פראַקציע — אַלעקסינסקין, און דער מענשעוויסטישער — צערעטעלין. זשיטלאָווסקי איז „אויפגע־קלערט" געוואָרן. ער האט אנטיילגענומען, אַלס פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי, אין דער קאָנפערענץ פון די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע פּאַר־טייען, וואָס איז פאָרגעקומען אין פינלאַנד, און אויף וועלכער „אומ־אָפּהענגיקע סיבות" האָבן מיר, צו מיין גרעסטן באַדויערן, געשטערט צו זיין. אָן אים וואָלט דער צוזאַמענשטעל פון דער פּאַרטיי־דע־לעגאַציע לחלוטין געווען נישט אָנגעמבאַר צוליב דער צופעליקער אויבערהאַנט אין איר פון די עלעמענטן מיט אַ בולטן מלוכהש־צענטראַליסטישן אָפּנויג. די באַדינגונגען לייגן זיך די גאַנצע צייט אַזוי צונויף, אַז אונז קומט זיך נישט אויס צו טרעפן... בלויז צום

סוף פון מיין צווייטער עמיגראַציע, בעת דער וועלט-מלחמה, איז מיר אויסגעקומען צו זען זיך מיט אים אויף איין פוס און זיך איבערצייגן, אַז ביי אונז ביידע איז דער סאָציאַליסטישער געוויסן נישט גורס די וועלט-מלחמה און עס רייסט זיך צו אירע אַומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן.

כ'איז געקומען און דורכגעגאַנגען די קאַטאַסטראָפע פון 1917-טן יאָר, עס איז פאָריבער דער בירגער-קריג און די דריטע עמיגראַציע האָט מיך פאַרכאַפּט אויף לאַנגע-לאַנגע יאָרן, ווען מיר איז ווידער אויסגעקומען זיך טרעפן מיט זשיטלאָווסקין, וועלכער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט „אַמעריקאַניזירן", און ער האָט זיך ווידער אומגעקערט אין דער אַלטער וועלט, מיט אַ דראַנג, — וואָס איז דורך קיין שום זאַך נישט פאַרטיליקט געוואָרן,—צו יענער „זעקסטער טייל וועלט", וועלכע איז געוואָרן דאָס היימלאַנד פון די רעוואָלוציעס פון אונזער צייט. אָבער דאָ הערן אויף די דערינערונגען און דער עבר לאָזט דעם אָרט פאַרן הוה. אויך איך ווער אַנטשוויגן, איבערלאָזנדיק דאָס וואָרט פאַרן דאָזיקן הוה.

מ. זילבערפארב.

# מיין ערשטע באַגעגעניש מיט חבר זשיטלאָווסקי

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט חבר זשיטלאָווסקי איז פאָרגע־קומען אין פריילינג יאָר 1904. אָבער גרייטן זיך צו דערדאָזיקער באַגעגעניש האָב איך אָנגעהויבן מיט היפשע עטלעכע חדשים פרי־ער. דעם אמת געזאָגט האָב איך זי אייגנטלעך געוואָלט אויסמיידן. איך האָב געהאַט אַביסל פּחד זיך שטעלן פאַר ד״ר זשיטלאָווסקין, מיט וועלכן איך האָב געהאַט צו פירן אַן ערנסטן געשפּרעך. און ווער ווייסט, צי איך וואָלט גובר געווען ביי זיך דעם פּחד־געפיל און געקומען צו ח. זשיטלאָווסקי, ווען אַ צופאַל וואָלט מיך נישט געטריבן דערצו.

געשעען איז עס אַזוי:

דעם ווינטער פון 1903—1904 האָב איך געוווינט אין בערלין. איך האָב דאָרט שטודירט אויף דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. אָבער מיין אוניווערזיטעט־שטודיום איז שוין ביי מיר דאַן געווען, אַזוי צו זאָגן, אַ „נעבן־באַשעפטיקונג״, אַ זייטיקער ענין. דער קאָפּ איז מיר דאַן געלעגן אין אַנדערע זאַכן, און דער עיקר אין דער טעטיקייט פון דער יידישער סאָציאַליסטיש־רעוואָלוציאָנערער גרופּע „וואָזראָזש־דעניע״. וועגן דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון דער גרופּע „וואזראזשדעניע״, וועגן איר באַשטאַנד און אידעאָלאָגישן פּרצוף

האָב איך אויספירלעך דערציילט אין אַן אַנדער אָרט. 1) און איך קאָן נאַטירלעך דאָס אַלץ נישט איבערחזרן. פאַרן ווייטערדיקן סיפּור־המעשה איז אָבער וויכטיק צו וויסן, אַז די גרופּע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צו פאַרבינדן — אידעאָלאָגיש און פּאָליטיש — דעם ציוניסטישן ענד־ציל, די טעריטאָריאַליסטישע לייזונג פונעם יידישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם, מיטן רעוואָלוציאָנערן קאַמף פון די יידישע מאַסן פאַר זייערע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן אין די לענדער, ווו זיי קאָנען בילדן אַ פּאָליטישן כוח. די גרופּע איז אַרויסגעטרעטן מיט איר לא זו הדרך סיי קעגן דער קאָנצעפּציע פון ציוניזם, וועלכער האָט זיך באַצויגן מיטן גרעסטן ביטול צום פּאָליטישן קאַמף פון די יידישע מאַסן אין „גלות", סיי קעגן דער קאָנצעפּציע פון „בונד", וועלכער האָט צוזאַמען מיט דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אין יענער צייט, פּאַלש אויפגעפאַסט די נאַציאָנאַלע פראַגע בכלל און דאָס פאַרפלאָנטערטע יידישע נאַציאָנאַלע פּראָבלעם האָט ער געמיינט צו פאַרענטפערן מיט דער פאָדערונג פון אַ שול־אויטאָנאָמיע.

פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע" האָט זיך שפּעטער אויסגעבילדעט די יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי (באַקאַנט אונטערן נאָמען „סיימאָווצעס"), אין יאָר 1903 אָבער איז די גרופּע באַשטאַנען סך־הכל פון אַ צענדליק סטודענטן, וועלכע האָבן געשטאַמט טיילווייז פון ראַדיקאַל־ציוניסטישע קרייזן, טיילווייז פון קרייזן פון יידישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

די גרופּע האָט זיך געהאַט געגרינדעט אין האַרבסט 1903 און געהאַט איר זיץ־אָרט אין קיעוו. איך בין געווען איר אויסלענדישער פאַרטרעטער. אין יענעם ווינטער האָב איך זיך גענרייט אַרויסצולאָזן דעם ערשטן נומער פון אונזער זשורנאַל, און די גאַנצע צייט האָט מיך געפייניקט דאָס געפיל פון פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון אימתא דציבורא, וואָס מיר, יונגע לייט, האָבן זיך פאַרמאָסטן קעגן די שטאַרקסטע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען — קעגן „בונד" און ציוניזם. מיר האָבן אַלץ געציטערט, אַז מיר — אַלע כמעט פּובליציסטן — אָנפאַנגער — זענען גאָר נישט באַרופן צו געפינען דעם ריכטיקן

---

1) ז. מיין אַרטיקל „די גרופּע „וואָזראָזשדעניע" אין ערשטן זאַמלבוך „רויטער פּנקס", פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע 1921 .

אויסדרוק פאַר אונזערע שטימונגען און שטרעבונגען, אַז מיר וועלן נישט זיין בכוח צו דערטראָגן זיי צו יענע קרייזן, צו וועלכע זיי וואָלטן באַדאַרפט, לויט אונזער פאָרשטעלונג, דערגרייכן. אַך! ווען מיר וואָלטן געקאָנט געפינען אַן אויטאָריטעטן וואָרט-פירער, מיט וואָס פאַראַ געפיל פון באַפרייאונג וואָלטן מיר אַריבערגעלייגט דעם שווערן עול פון אונזערע שוואַכע פּלייצעס אויף זיינע!.. לכתחילה האָט זיך געשטעלט אין דער שפּיץ פון אונזער גרופּע דער פּאָפּו-לערער אין יענער צייט געזעלשאַפטלעכער טוער און פּובליציסט מאַרק באָריסאָוויטש ראַטנער 1), אָבער צוליב פאַרשיידענע טעמים האָט ער זיך אויף אַ געוויסער צייט צוריקגעצויגן פון אונז, און מיר זענען ווידער געבליבן אויסגעשטעלט אויסשליסלעך אויף אונזערע אייגענע כוחות.

אָט גראָד אין יענער צייט טרעף איך זיך מיט אַ קאָלעגע, וואָס האָט שטודירט אין ציוריך, און דערוויס זיך פון אים, אַז ד״ר זשיטלאָווסקי איז נישט לאַנג אַרויסגעטרעטן אין ציוריך מיט אַ פאָרטראָג וועגן יידישן נאַציאָנאַלן פּראָבלעם.

דער נאָמען פון ד״ר זשיטלאָווסקי איז שוין דאַן געווען גוט באַקאַנט אין די סאָציאַליסטישע קרייזן פון מערב-אייראָפּע און רוס-לאַנד. ער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיינע אַרטיקלען וועגן מאַרקסיזם, וועלכע האָבן געצויגן די אויפמערקזאַמקייט נישט פון קיין קלענערן, ווי פרידריך ענגעלס. זיין אַרבעט „דער קאַפּיטאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע" האָט אַרויסגערופן אַ לעבעדיקן אינטע-רעס אין די רייען פון דער דאַמאָלסטיקער פּילשפּראַכיקער עסטריי-כישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. באַזונדערס באַוווסט איז געווען זשיט-לאָווסקי, אַלס איינער פון די גרינדער פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וועלכע איז שוין דאַן באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ באַדייטנדע רעוואָלוציאָנערע קראַפט. נאָענטערע צו זשיטלאָווסקין מענטשן האָבן געוווסט צו דערציילן, אַז ער איז נאָך ועל כולם אַן אויסגעצייכנטער רעדנער אויף יידיש, אָבער אַז ער איז אַ גרויסער בקי אין פראַגן פון יידישער געשיכטע און פילאָזאָפיע — דאָס האָבן מיר אַלע געוווסט פון זיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן.

---

1) וועגן דער באַציאונג פון מ. ב. ראַטנער צו דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע" זע דעם זאַמלבוך „צו אָנדענק פון מ. ב. ראַטנער" קיעוו 1919.

קען מען זיך דעריבער לייכט פאָרשטעלן, וואָס פאַראַ בשורה ס'איז פאַר מיר געווען, ווען איך בין דערגאַנגען ביי מיין ציוריכער קאָלעגע, אַז דער געדאַנקען-גאַנג, וועלכן עס האָט אַנטוויקלט זשיטלאָווסקי אין זיין דערמאָנטן פאָרטראָג, ליגט זייער נאָנט צו דער קאָנצעפּציע פון אונזער גרופּע. כּונתי לדעת גדולים — טראַכט איך מיר, און אין קאָפּ לויפט דורך, ווי אַ בליץ, אַ געדאַנק — אפשר אַמאָל איז זשיטלאָווסקי אונזער באַשערטער.

איך זעץ מיך אַוועק און שרייב באַלד אַוועק צו די קיעווער חברים אַלץ, וואָס איך האָב מיך דערוווּסט וועגן זשיטלאָווסקיס פאָרטראָג. איך מאַך אָבער בכיוון קיין שום אויספירונגען, איך שטעל מיר נישט איין אַרויסצוזאָגן מיין אומגעלומפּערטע סברה וועגן דעם, אַז אפשר וואָלט זשיטלאָווסקי געוואָרן אונזער וואָרט-פירער. איך האַלט עס פאַר אַ הונדערט-פּראָצענטיקע אוטאָפּיע. אָבער די קיעווער חברים זענען אַליין געפאַלן אויפן שכל און זענען אַוועק נאָך ווייטער. מיין מיטטיילונג וועגן זשיטלאָווסקין האַלטן זיי אויך פאַר אויסערסט וויכטיק און טאַקע דעריבער לייגן זיי מיר פאָר, אַז איך זאָל באַלד זיך אַראָפּכאַפּן קיין בערן (זשיטלאָווסקי האָט דאַן געוווינט אין בערן) און זען צוציען זשיטלאָווסקין צו אונזער גרופּע.

באַטל איך צו זיי אויס אַלע חלומות:

— משוגע צי חסר-דעה? וואָס רעדט איר וואָס? איך זאָל אַריינציען זשיטלאָווסקין אין אונזער גרופּע? ס'איז פאָלג מיך אַ גאַנג! וואָס קלעק איך לגבי זשיטלאָווסקין, אַז איך זאָל מיך אונטערנעמען אים „אויפצוקלערן"!? און מ'דאַרף דאָך האָבן נישט ווייניק חוצפּה קומען צו אַ מענטשן, וואָס איז אַ פירער פון אַ גרויסער פּאָליטישער פּאַרטיי, און אים פאָרלייגן, אַז ער זאָל אַריבער צו אַ קלייניקער, כּמעט אַנאָנימער גרופּע, וואָס האָט אים לחלוטין נישט געקאָנט אימפּאָנירן נישט מיט איר רעוואָלוציאָנערן אַקטיוו און נישט מיט איר פּערזענלעכן באַשטאַנד. מיט וועמען וועט ער ביי אונז גיין צום טיש? בקיצור, טענה איך מיט זיי איין, פאַרגיט מיר עפּעס אַ גרינגערע אַרבעט!

פוילן זיי זיך דווקא נישט, מיינע קיעווער חברים, און ענטפערן מיר אָפּ מיט אַ צווייטן בריוו, אַ קורצן און אַ קאַטעגאָרישן:

— מיר זענען אויף דיר גוזר! ס'הייסט — ס'איז אַ באַשלוס פון דער גרופּע, און אויף דיר איז געפאַלן דער גורל.

איך בין געשטעלט געוואָרן פאַרן נסיון עובר צו זיין אויפן געבאָט פון דיסציפּלין, און איך קאָן איצט נישט זאָגן, ווי איך וואָלט פאַרטיק געוואָרן מיט דערדאָזיקער קאָליזיע, ווען אינצווישן מאַכט זיך נישט אַ מעשה, און פאַר אַ רעדע, מיט וועלכער איך בין אַרויסגעטרעטן אויף אַ מיטינג אין בערלין קעגן דעם מעכטיקן אין יענער צייט דייטשן רייכס-קאַנצלער ביולאָוו, נעמט מען און מ'שליסט מיך אויס פון בערלינער אוניווערזיטעט, און אינאיינוועגס שיקט מען מיך אַרויס פון דייטשלאַנד. האָב איך שוין קיין ברירה נישט, און באַזעץ זיך אין בערן מיט דער בפירושער כוונה צו פירן אַ לאַנגזאַמע אָבער איינגעשפּאַרטע אַטאַקע אויף זשיטלאָווסקין.

איך פרעג זיך אויף אים נאָך ביי באַקאַנטע, זאָגן זיי מיר — אַ ליבער מענטש, אָבער אַ דורכגעטריבענער, ער נעמט דורך אַ מענטשן דורך און דורך, און ווילט איר פאַרפירן מיט אים אַ וויכוח, וועט ער אייך אַרומנעמען מיט אייזערנע רייפן פון לאָגישע און סאָציאָלאָגישע אַרגומענטן, אַזוי אַז איר וועט נישט קאָנען זיך אַ ריר טאָן.

פון דידאָזיקע „גרוסן" ווערט מיר עפּעס קאַלעמוטנע אויפן האַרצן, און איך באַשליס פעסט און ענדגילטיק — ניין! איך וועל זיך נישט מאַכן צום נאַר, איך וועל נישט גיין אַגיטירן זשיטלאָווסקין, האַלטן פאַר אים אַ „פּאַרטראָג" וועגן אונזער פּראָגראַם און טאַקטיק. איך פיל פאָראויס, אַז די ווערטער וועלן מיר בלייבן שטעקן ערגעץ אין גאָרגל. איך לאָז מיך דעריבער אויף אַן אַנדערן וועג. איך וועל אים ברענגען דעם ערשטן נומער פון אונזער זשורנאַל, וועלכער איז איינצייטיק שוין דערשינען, לאָז ער אים דורכלייענען און אַליין באַשטימען, צי האָט ער מיט מיר וואָס צו רעדן, צי נישט.

כך הווה. אין איינער אַ נאָכמיטאָג-שעה בין איך אַריבערגעטרעטן די שוועל פון ד"ר זשיטלאָווסקיס אויפנאַם-צימער. איך שטעל מיך פאָר. מיין נאָמען, וועלכער איז אין יענער צייט אָפט דערמאָנט געוואָרן דורך דער פּרעסע אין צוזאַמענהאַנג מיט מיין אַרויסשיקונג פון דייטשלאַנד, איז אים באַקאַנט. גם זו לטובה. ס'ווייזט זיך אַרויס, אַז מיר זענען מיט אים „קאָלעגן". אויך ער איז צוריק מיט יאָרן אַרויסגעשיקט געוואָרן פון דייטשלאַנד, און אויך „אַלס לעסטיקער אויסלענדער". איך גיי איבער צום צוועק פון מיין באַזוך און דערצייל אים, אַז איך בין געקומען אין שליחות פון אַ גרופּע און,

דערלאַנגענדיק אים דעם זשורנאַל, גיב איך צו, אַז דאָס איז די „וויזיט־קאַרטע" פון דער גרופּע.

זשיטלאָווסקי וועגט דעם זשורנאַל אויף דער האַנט. — אַ שווערע וויזיט־קאַרטע, — זאָגט ער, — איך וועל זי מיט אינטערעס דורכלייענען. איך וועל זי אויך געבן צו לייענען סעמיאָנען (געמיינט — סעמיאָן אַקימאָוויטש אַנ—סקי), און דערנאָך וועלן מיר זיך דורכשמועסן.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך ווידער ביי זשיטלאָווסקין אין צימער. ער האָט מיך דאָס מאָל אויפגענומען זייער פריינדלעך, כּמעט ווי אַן אַלטן באַקאַנטן. ניכּר, אַז דער זשורנאַל האָט געמאַכט אויף אים אַ גוטן איינדרוק. אַזוי בין איך מיר משער. אָבער זשיטלאָווסקי וויל נאָך לעת עתּה נישט רעדן וועגן תּוך פון זשורנאַל, ער וויל פריער וויסן, ווער זענען די מחברים, פון וועמען באַשטייט די רעדאַקציע.

דער זשורנאַל איז געווען אַן אומלעגאַלער, און אַלע מחברים האָבן זיך אונטערגעשריבן מיט פּסיידאָנימען. אָבער אויך די אמתע נעמען פון די מחברים זאָגן אים גאָרנישט, ער האָט פון זיי קיינמאָל נישט געהערט, אַחוץ דעם נאָמען פון מ. ב. ראַטנערן, וועלכער אימפּאָנירט אים. וויל ער לכל הפּחות וויסן די פּאָליטישע פאַרגאַנגענהייט פון די מיטגלידער פון דער גרופּע, זייער רעוואָלוציאָנערן יחוס און באַזונדערס זייער שטעלונג צום מאַרקסיזם. איך דערצייל אים אַלץ, וואָס איך וייס. פּלוצים שטעלט ער אָן אויף מיר אַ בליק פון אונטער די ברעמען, און גיט אַ פרעג:

— וויפל מיטגלידער ציילט אייער גרופּע?

ווען אַ גרוב וואָלט זיך געעפנט ביי מיר אונטער די פיס, וואָלט מיר ניחה׳ער געווען אַריין אין גרוב, איידער געבן אַן ענטפער אויף דער געשטעלטער פראַגע. וואָס זאָל איך אים זאָגן? דער אמת, האָב איך מורא, וועט אים אויף שטענדיק אָפּשטויסן פון אונז. זאָל איך אָפּטאָקן אַ ליגן? אָבער ווי זאָגט מען עס אַ ליגן אין אַזאַ ערנסטן ענין און אַזאַ מענטשן? איך רעכן צונויף אַלע אַקטיווע און פּאַסיווע מיטגלידער פון דער גרופּע און ענטפער אָפּ אַנטשלאָסן (וואָס וועט זיין, זאָל זיין):

— אַ צענדליק.

— דאָס איז אַ סך, — באַמערקט זשיטלאָווסקי, האַלב ערנסט, האַלב איראָניש.

איך וויל מיך אָפּפּטרן מיט אַ וויץ אויף אַ וויץ און באַמערק, אַז ס'איז שווער צו זאָגן, אַז דאָס זאָל זיין אַ געוואַלטיק גרויסע מתּנה. אָבער ניין, זשיטלאָווסקי מיינט עס ערנסט, אַז פֿאַרן אָנהויב איז די גרופּע נישט צו קליין. אָט ווען ער און זיינע חברים זע־נען צוגעטרעטן צו גרינדן די פּאַרטיי פֿון די סאָציאַליסטן־רעוואָלו־ציאָנערן, זענען זיי געווען אַ קלענערע גרופּע. און הלוואי אויף אונזער גרופּע געזאָגט געוואָרן אַזאַ שנעלע אַנטוויקלונג, ווי ס'האָט דורכ־געמאַכט די פּאַרטיי ס. ר...

מיר איז אַ שטיין אַראָפּ פֿון האַרצן, וואָס איך בין בשלום איבערגעקומען אָט די האַרבע פֿראַגע, פֿאַר וועלכער איך האָב זיך אַזוי געשראָקן. אָבער דער געשפּרעך שלענגלט זיך ווייטער און פֿאַר־קלייבט זיך ענדלעך צום אינהאַלט פֿון זשורנאַל. איך הער זיך צו געשפּאַנט צו די ווערטער, וואָס זשיטלאָווסקי ציילט לאַנגזאַם און געלאַסן. אונזער זשורנאַל געפֿעלט אים. אייניקע גרונט־הנחות פֿון אונזער קאָנצעפּציע האָט ער אַליין נאָך פֿריער אַנטוויקלט, אַנדערע הנחות זענען פֿאַר אים ניי, אָבער ער קאָן מיט זיי מושווה ווערן. ער נעמט אָן אַלץ, וואָס ס'איז געזאָגט געוואָרן אין לייט־אַרטיקל, אָבער איין גרונט־זאַך קאָן ער בשום אופֿן נישט אַקצעפּטירן, און נעמלעך דעם טעריטאָריאַליזם. דער טעריטאָריאַליזם איז אַ שעדלעכע אוטאָפּיע. כּל זמן ס'עקזיסטירט די קאַפּיטאַליסטישע אָרדנונג וועט ער נישט מקוים ווערן, ער קאָן געשטעלט ווערן אויפֿן סדר־היום ערשט נאָכן זיג פֿון אַרבעטער־קלאַס, וועלכער וועט זיכער שטרעבן צו אַ ראַדיקאַלער לייזונג פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע. ביז דאַן אָבער טאָר מען זיך נישט פֿאַרדרייען דעם קאָפּ מיט טערי־טאָריאַליסטישע חלומות, וועלכע זענען נאָר מסוגל אָפּצוּווענדן די ענערגיע און די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די יידישע אַרבעטער־מאַסן פֿון זייערע רעוואָלוציאָנערע אויפֿגאַבן און צילן. איך האָב אָפּאָנירט, פֿאַרזיכטיק אָבער איינגעשפּאַרט, איך האָב קעגנגעשטעלט אונזער באַגרינדונג פֿון טעריטאָריאַליזם, וועלכער מוז אדרבה לויט אונזער אויפֿפֿאַסונג סטימולירן דעם רעוואָלוציאָנערן ווילן פֿון די יידישע מאַסן. אָבער נישט געקוקט אויף די חילוקי־דעות, וואָס האָבן זיך אַרויסגעוויזן צווישן אונדז אין איינער פֿון די עיקר־פֿראַגן, האָב איך

דערפילט בעת אונזער וויכוח, אַז צווישן אונז שטעלט זיך איין אַן אידעאישע התקרבות, און איך בין אַוועקגעגאַנגען פון זשיטלאָווסקין מיט אַ פעסטן בטחון אין האַרצן, אַז מיר וועלן זיך מיט אים צוזאַמענרעדן. דאָס זעלבע האָט, ווייזט אויס, דערפילט אויך זשיטלאָווסקי פון זיין זייט. יעדנפאַלס, ביים געזעגענען זיך האָט ער מיך אויפריכטיק און האַרציק פאַרבעטן, איך זאָל עפטערס אים באַזוכן, כדי מיר זאָלן זיך נאָך אומקערן צום איבערגעריסענעם וויכוח.

דאָס נעכסטע מאָל בין איך געקומען צו זשיטלאָווסקין נישט אַליין, נאָר מיט מיין חבר וו. פאַבריקאַנט (באַקאַנט אונטערן ליטעראַרישן פסיידאָנים דאַלמאַן), וועלכער איז גראָד אָנגעפאָרן פון קיעוו קיין בערן. מיט ה. פאַבריקאַנט האָט זיך זשיטלאָווסקי באַפריינדעט נאָך שנעלער און האַרציקער, ווי מיט מיר, און אונזערע ווייטערע שמועסן האָבן זיך שוין געפירט אין דרייען. געפירט דעם שמועס האָט נאַטירלעך מערסטנטייל זשיטלאָווסקי, און מיר האָבן געשלונגען זיינע ווערטער. מיר ליגט נאָך עד היום אין טעם דער גייסטיקער—בעסער געזאָגט, דער גייסטיק-עסטעטישער תענוג, וועלכן מיר האָבן געשעפּט פון זיין געדאַנקען-שווינג, פונם גלאַנץ פון זיינע פאָרמולירונגען, פון זיין חריפות און בקיאות. זשיטלאָווסקי איז דאַן טראָגעדיק געווען מיט נייע געדאַנקען, וועלכע ער האָט געבראַכט צום אויסדרוק אין זיינע אַרבעטן און אַרטיקלען, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די נעכסטע 10 יאָר (1904—1914).

מערערע מאָל האָבן מיר — פאַבריקאַנט און איך — געזען צו פאַרקערעווען דעם געשפּרעך אויף דער פראַגע פון טעריטאָריאַליזם, אָבער זשיטלאָווסקי איז געבליבן פאַרעקשנט שטיין אויף זיין פּאָזיציע. ער האָט אונזער אַרגומענטאַציע צעריבן, ווי אַש. ער האָט, ווי מיט אַ מעסער צעשניטן דאָס אָנגעווייטיקטע אָרט פון אונזער קאָנצעפּציע, און אומקערנדיק זיך אַהיים נאָך אַזעלכע געשפּרעכן, פלעגן מיר זיך פילן דערשלאָגן. וואָס האָבן מיר געפועלט? זשיטלאָווסקין האָבן מיר צו זיך נישט צוגעצויגן, נאָר, פאַרקערט, ער האָט גאַנץ גרונטלעך פונאַנדערגעטרייסלט איינעם פון די גרונטזיילן פון אונזער קאָנצעפּציע. „וויר דענקען צו שיבען און ווערדען געשאָבען"...

אינמיטן זומער איז זשיטלאָווסקי אָפּגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס, און איז שוין

דאָרט פאַרבליבן אַ לאַנגע צייט. אין האַרבסט 1904 זענען מיר גע-
קומען צו אים אין אַמסטערדאַם אין דרייען (אויסער פאַבריקאַנטן און
מיך נאָך אונזער חבר בן-אדיר), כדי ענטגילטיק איינצושטעלן די
באַציאונגען צווישן זשיטלאָווסקין און אונזער גרופּע. קיין גרויסע
פּעולה האָט אונזער נסיעה נישט געהאַט. זשיטלאָווסקי האָט זיך
נישט געלאָזט איבעררעדן און זיך אָפּגעזאָגט אַריינצוטרעטן אין
אונזער גרופּע אויסשליסלעך צוליב דעם טעריטאָריאַליזם. מיר, ליי-
דער, האָבן נישט געקאָנט מוותּר זיין אויפן טעריטאָריאַליזם אַפילו צו-
ליב אַ זשיטלאָווסקי. איז מען מושווה געוואָרן אויף אַ פּשרה. זשיט-
לאָווסקי ווערט אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון אונזער זשורנאַל,
אָבער ער בלייבט שטיין אויסער דער גרופּע.

צום טעריטאָריאַליזם איז זשיטלאָווסקי געקומען מיט אַ פּאָר
יאָר שפּעטער, און דאַן איז ער צוגעשטאַנען צו דער יידישער סאָ-
ציאַליסטישער אַרבעטער-פּאַרטיי, וועלכע האָט זיך אויסגעבילדעט,
ווי שוין אויבן דערמאָנט, פון דער גרופּע „וואָזראָזשדעניע".

איך בין אָבער לעת עתּה פאַרלאָפן פּאָראויס, און איך מוז זיך
נאָך אומקערן צוריק צו אונזערע בערנער געשפּרעכן. בעת איינעם
פון דידאָזיקע געשפּרעכן האָט זשיטלאָווסקי געלאָזט פאַלן אַ וואָרט
וועגן זיך אַליין, וועלכעס איז ביי מיר פאַרבליבן אויף אייביק אין
זכּרון. איך דערמאָן זיך אין דעם אַלע מאָל, ווען איך קלער וועגן
זשיטלאָווסקין, איבער זיין טאָן און שאַפן, ווייל זשיטלאָווסקי האָט
מיט איין בולטן אויסדרוק געגעבן די טרעפלעכסטע לויט מיין מיי-
נונג כאַראַקטעריסטיק פון זיין אייגענער פּערזענלעכקייט.

דידאָזיקע זעלבסט-כאַראַקטעריסטיק האַלט איך פאַר פּאַסיק דאָ
צו ברענגען וואָרט ביי וואָרט.

מיר שפּאַצירן איינמאָל אין בערנער אַבערהאַפן און פירן אַ
שמועס. מיר אַנטוויקלען פאַר זשיטלאָווסקין די פּלענער פון אונזער
גרופּע מיט דער באַהאַלטענער כּוונה אים צוצוגעבן חשק וואָס גיכער
צוּשטיין צו אונז. זשיטלאָווסקי שטעלט זיך אָפּ אין מיטן וועג, נעמט
אונז דורך מיט אַ דורכדרינגנדיקן בליק און רופט זיך אָפּ בזה הלשון:

— איר, מיינע פריינט, זוכט אַ פירער, און איר מיינט אַוודאי,
אַז איך זאָל ווערן אייער פירער, מוז איך אייך זאָגן, אַז איר האָט
אין מיר אַ טעות.

דאָס זאָל הייסן — „איך קאָן זיין אַ יוחנן-המטביל, אָבער איך קאָן נישט ווערן קיין כריסטוס", אָדער — „איך קאָן זיין אַ פאַרגענגער, אָבער נישט קיין פירער".

טראַכט זיך אַריין אין דער פערציק-יעריקער געשיכטע פון זשיטלאָווסקיס געזעלשאַפטלעכער און פּאָליטישער טעטיקייט, וועט איר זיך איבערצייגן, וואָס פאַראַ טיפער אמת ס'שטעקט אין דעם ציטירטן זאַץ. זשיטלאָווסקי האָט פאָרמולירט געדאַנקען און אידייען מיט יאָרן פריער, איידער זיי האָבן באַקומען זייער באַשטימטן געזעלשאַפטלעכן אָדער פּאָליטישן לבוש. די שיטות פון יידישיזם, אויטאָנאָמיזם, בונדיזם, סיימיזם, סאָציאַל-רעוואָלוציאָניזם, האָבן ביי אים געפונען זייער אויסדרוק אַ סך פריער, איידער זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אידעאָלאָגיעס פון געוויסע פּאָליטישע באַוועגונגען און פּאַרטייען, אָבער זשיטלאָווסקי איז נישט געוואָרן דער פירער פון איינער פון זיי. אין אייניקע פאַלן איז ער געווען ממש דער פאָרגענגער פון דער באַוועגונג, ער איז געווען פון די ראשונים, פונם ערשטן מנין אָדער גאָר פון ערשטן מזומן. אָבער ווען די באַוועגונג האָט זיך צעוואַקסן, האָט ער זיך אָפּגערוקט אין אַ זייט און געלאָזט אַנדערע טרייסלען די פירות פונם בוים, וועלכן ער האָט פאַרפלאַנצט.

זיין קריטישער אַרט דענקען האָט אַ פּנים נישט געקאָנט פאַרטראָגן, ווען אַ קאָמפּלעקס אידייען, — און זאָלן דאָס זיין אַפילו זיינע אייגענע — זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ קאַטעכיזם, וואָס איז אומפאַרמיידלעך ביי יעדער מאַסן-באַוועגונג. אים פאַרכאַפּט מער די ליידנשאַפט פון זוכן, ווי דאָס גליק פון געפינען. זשיטלאָווסקי איז אויך צופיל טעאָרעטיקער, אַז ער זאָל קאָנען אַריינלייגן זיך ראשו ורובו אין די קליינינקע — און אַמאָל אויך קליינלעכע — פּראַקטישע פראַגן, אויף וועלכע ס'מוז זיך אָנשטויסן יעדע באַוועגונג ביים צופּאַסן זיך צו די פאָדערונגען פון דעם אָדער יענעם מאָמענט. אים אינטערעסירט מער דער „נשמע", ווי דער „נעשה".

די קראַפט פון זשיטלאָווסקיס פערזענלעכקייט ליגט נישט אין זיין טאָן, נאָר אין זיין דענקען.

1 Я могу быть предтечей, но не могу стать Христом

מ. ריינוס.

# פון די זכרונות וועגן ח. זשיטלאָווסקי

ציוריך. די 90־יקער יאָרן. די רוסישע קאָלאָניע — אַ גאַנץ באַדייטנדיקע — לעבט אונטערן צייכן פון רעווידירן די אַלטע און פון זוכן נייע וועגן פון דער רעוואָלוציע. ציוריך איז פון לאַנג געוועזן אַ צוציאונגס־פונקט פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַריסטאָקראַטיע סיי פון רוסלאַנד סיי פון אייראָפּע, און אין הסכם מיט דער רעוואָלוציאָנערער קאָניונקטור פלעגט זיך אויך ענדערן דאָס פּנים פון דער רוסישער און בכלל פון דער אויסלענדישער קאָלאָניע אין ציוריך. נאָך דער צעקלאַפּונג פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און דער ירידה פון די רעוואָלוציאָנערע זיטן איז צו די ליכטיקע ברעגעס פון דער ציוריכער אָזערע פאַרטראָגן געוואָרן נישט ווייניק רעוואָלוציאָנערער שלאַם, וועלכער האָט אויף אַ צייט פאַרטונקלט דעם האָריזאָנט פון די ריינע ציוריכער טראַדיציעס. און אויב די פרידלעכע בירגער, וועלכע זענען געוווינט געווען אַרויסצוגיין זומערצייט פרי צו דער אַרבעט און באַגינען אַרויספירן זייערע שולעס אויף אויספלוגן, און צען אַ זייגער אינאָוונט אָפּהיטן הייליק די פּאָליציישע — אויב דידאָזיקע בירגער פלעגן ביינאַכט אויפגעוועקט ווערן דורך הויכע קולות און אויסרופן פון פאָלגנדן מין: „N. N לאָמיר גיין אויפן ציוריך־באַרג!" — „צוואָס?" — „לאָמיר גיין פאַרברענען די קאָרסעטן!" — איז זיך נישט געווען וואָס צו וווּנדערן.

אָבער דידאָזיקע טריבע צייט האָט נישט לאַנג געדויערט. די ערשטע שטאַרקע אויפטרייסלונג, וועלכע האָט געצוווּנגען די קאָלאָניע זיך אויפכאַפּן איז געווען דער צרהדיקער אויפרייס אויפן ציו־

ריך־באַרג. אין דאָזיקן פאל גאָט די נשמה שודריק, נישט האָבנדיק קיין שום שייכות צום דאָזיקן אינצידענט, אַליין איבערראַשט דורך אים און אינגאַנצן — אָן אַ אויסנאַם — ליידנדיק צוליב אים — האָט די ציוריכער קאָלאָניע מיט אַ וווּנדערבאַרער חברישער גאַייגיגטקייט, מיט אַ גרויסער בירגערלעכער חשיבות באַגעגנט און איבערגעטראָגן אויף אירע אַקסלען דעמדאָזיקן טרויעריקן אינצידענט, וואָס האָט דאַן געטראָגן אין זיך אַלערליי מעגלעכע פאָלגן. און נאָך דערדאָזיקער אויפטרייסלונג האָט זי זיך ווי אויפגעוועקט. דער גייסטיקער פּרצוף איז ריינער געוואָרן און עס האָבן אַפּסניי אויפגעלעבט די אַלטע הויכע טראַדיציעס פון ציוריך. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ כוואַליע פון אַזאַ מין נייעם שטורעם־ און־דראַנג־פּעריאָד. די יוגנט האָט זיך מיט פריש־אָנגעזאַמלטער ענערגיע געריסן צו מעשים, און די אַלטע פאַרדינסטפולע קעמפער פון טאַט און געדאַנק האָבן געהאַלטן אין איבערשאַצן די אַלטע ווערטן און זיך צעטיילט אויף צוויי מיט היץ זיך באַקעמפנדיקע לאַגערן און האָבן געפּירט צווישן זיך אַ ליידנשאַפטלעכן, פאַרביטערטן קאַמף. נעכטיקע חברים זענען היינט געשטאַנען איינער קעגן צווייטן ווי פאַרביסענע קעגנער, פּנים אל פּנים פאַרטיידיקנדיק — איינע: די פּראָלעטאַרישע וועלטאָנשויאונג, וואָס האָט זיך אַריינגערוקט פון מערב מיט פעסטע אומאָפּווענדבאַרע טריט; די צווייטע: די העלדישע טראַדיציעס און די וועלטאָנשויאונג פון די אַלטע „נאַראָדניקעס". ביי איינע איז אַלץ קלאָר, פּשוט, לאָגיש. דער עיקרדיקער און איינציקער סטימול פון דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג איז די עקאָנאָמיק; אַלדאָס איבעריקע זענען נאָר אויבערבויען, אין וועלכע עס איז זיך נישט שווער פאַנאַנדערצוקלייבן מיט דער הילף פון דיאַלעקטישן מעטאָד; דער היינטיקער טרעגער פון קאַמף און דער הערשער פון דער מענטשהייטס צוקונפטיקן גורל איז דער אָרגאַניזירטער פּראָלעטאַריאַט און נאָר דער פּראָלעטאַריאַט; זיין וועג, זיין קאַמף זענען פון פאָראויס באַשטימט דורך דעם אָביעקטיוון גאַנג פון די געשעענישן, וואָס איז דערזעלבער פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט, און במילא אויך פאַר רוסלאַנד. הייסט עס, אַז מיטן דאָזיקן איינציק־ריכטיקן וועג דאַרף מען גיין פעסט, נישט אָפּווייכנדיק, גראַדליניק.

די מאַטעריאַליסטישע וועלטאַנשויאונג האָט שוין דאַן געהאַט

נישט ווינציק הייסע אָנהענגער און באַשיצער, זי איז ענערגיש פּראָ־פּאַגאַנדירט און דערקלערט געוואָרן אויף צאָלרייכע פאַרזאַמלונגען, אין קרייזלעך, שמועסן און זי האָט נישט ווינציק אויפגערודערט די יונגע מוחות און הערצער. עס איז נישט אָפּגעגאַנגען אויך אָן קוי־ריאָזן: אַ יונגער קאַסטראַמעץ, וואָס איז געקומען שטודירן מעדיצין און האָט געקענט בלויז זיין קאַסטראַמער לשון האָט זיך אָנגעהערט קלוגע דיסקוסיעס, ער האָט אָבער געוואָלט אַליין זיך פאַנאַנדערקלייבן אין אַלץ, איז אָט קלאַפּט ער אָן צו העלפאַנטן (פאַרוווסן) און אָנ־שטאָט אַ „גאָט־העלף" — שטעלט ער גלייך די פראַגע: „כעלפאַנט, וויפל שעה דענקט איר?" דער קלוגער העלפאַנט שמייכלט און קלערט אַ ווײַלע, דאַן ענטפערט ער: „אַ שעה 8". „אַ דאַנק!" און דער־נאָך האָט מען אומעטום געקענט זען דעם קאַסטראָמעץ מיט אַן אָנגעשטרענגטן געדאַנקען־קנייטש אויפן שטערן, ווי ער שפּאַנט אי־בערן קאָרידאָר און „דענקט". — „ניין, מער ווי דריי שעה גייט נישט" — האָט ער זיך דערנאָך געקלאָגט. אָדער — אַ יונגער סערב לויפט אַריין צו אַ חבר, קלאַפּט מיט דער דלאָניע איבערן טיש: „דאָס איז לויט אייער מיינונג וואָס? אַ טיש?, ניין, ברודערל, נישט קיין טיש, נאָר אַ פּראָצעס; יאָ, און אָט איז דער ביין, וועלכן איר שטודירט און אָט איז דער פענסטער, ביי וועלכן איר זיצט, און אָט אפילו אייער אַלטער קאַלאָש איז גאָרנישט קיין קאַלאָש, נאָר אַ פּראָצעס; יאָ, ברודערל מיינער, — אַלץ איז אַ פּראָצעס" — און אויפגערעגט באַצויבערט מיטן היסטאָרישן פּראָצעס — לויפט ער ווייטער.

פון דער צווייטער זייט האָבן נאָך די אַלטגעזעסענע עמיגראַנטן אָנגעוויזן נעבן אוניווערזיטעט אויף אַ הויז, וועלכעס האָט געהערט צו רוסן, אין וועלכן עס האָט בשעתו געוווינט פּ. ל. לאַווראָוו, מיט זיינע היסטאָרישע באַקאַנט־געוואָרענע אָנהענגערינס. און פּ. ל. לאַווראָוו — האָט מען געוווסט — איז געווען איינער פון די געבילדעטסטע דענקער פון אייראָפּע און דער דערציער פון דעם בעסטן רעוואָלוציאָנערן דור אין רוסלאַנד. און פּ. ל. לאַווראָוו מיט זיינע שילער האָבן געלערנט, אַז דעם היסטאָרישן אַנטוויקלונגס־גע־זעץ טאָר מען נישט פאַרשטיין איינזייטיק, מען קען אים נישט דער־קלערן מיט בלויזער עקאָנאָמיק, אַז ער איז שוין אין זיין וואָרצל קאָמפּליצירטער און די ווייטערדיקע וועגן זענען דעריבער פאַרשיידנ־

אַרטיקער. אַז נישט נאָר דער אָביעקטיווער גאַנג פון די געשעענישן, נאָר אויך די סוביעקטיווע השפּעה פון דער פּערזענלעכקייט שפּילט אַ ראָל אין דער געשיכטע. אַז דער פאַבריק-פּראָלעטאַריאַט איז, באַטירלעך, אַ מעכטיקער פאַקטאָר און דער טרעגער פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, אָבער דעם באַגריף — פּראָלעטאַריאַט — דאַרף מען אויסטייטשן ברייטער; אַז אויב אין אייראָפּע האָט די קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג אויסגעשליפן דעם פּראָלעטאַריאַט אַלס דעם איינציקן קעמפער פאַרן סאָציאַליזם, איז אָבער אין רוסלאַנד — דעם אַגראַר-לאַנד — די פּראָפּאָרץ פון די געזעלשאַפטלעכע כּחות אַן אַנדערע און דאָס איז דער עיקר — עס פאַרמאָגט עפּעס אַזוינס, וואָס פעלט דער איבעריקער אייראָפּע, — אַן עדה, וואָס בילדעט לויט איר מהות אַ קעמערל פון סאָציאַליסטישן אויפבוי.

אַן אַנדער וועלטאָנשויאונג. אַן אַנדער געשיכטס-פילאָזאָפיע. אַן אַנדער אַנאַליז פון די באַדינגונגען פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף און אַנדערע וועגן. און עס פאַרטיידיקן זיי און עס קעמפן פאַר זיי פאַרדינסטפולע קעמפער. מיט אַ צויבער פון אַלטן אידעאַליזם, פון נישט-אויסצושעפּנדיקן העראָאיזם און מיט נישט קיין קלענערער ווי סנשאַפטלעכער ערודיציע און מיט נישט קיין קלענערער רעדנער-קונסט. ס'איז געווען פון וואָס עס זאָל זיך ביי דער יוגנט פאַרדרייען דער קאָפּ.

און אין די פאַרצויבערנדיקע זומערדיקע ציוריכער אָוונטן פלעגט מען פאַרגעסן די יוגנט, פלעגט מען פאַרגעסן דעם רויש פון די רודערס אויף דער פּרעכטיקער אָזערע, פלעגט פאַרגעסן ווערן די אידיליע פון ציוריכער באַרג אין די לבנה-נעכט, און מען פלעגט פאַרברענגען שעהן נאָך שעהן אין שטיקנדיקע, מיט מענטשן אָנגעפּראַפּטע, אָנגערויכערטע רעסטאָראַנען, אינערלעך אויפגערעגט און אָנגעשטרענגט נאָכפאָלגנדיק דעם קאַמף פון דידאָזיקע צוויי וועלט-אָנשויאונגען. און נישט קיין אַנדערער ווי פּלעכאַנאָוו פלעגט זיך אָפּט באַווייזן אין די איבערפולטע פאַרזאַמלונגען, און אין ענגע שמועסן פלעגט ער דערקלערן, לערנען, פירן און מיטרייסן מיט זיין איבערצייגנדיקייט, מיט זיין רעדנערקונסט. און קעגן אים פלעגט זיך באַווייזן פון בערן ח. זשיטלאָווסקי מיט נישט קיין קלענערער ערודיציע, אויך מיט אַ פּרעכטיקער רעדנער-קונסט, מיט אַן אַלזייטיקער קריטיק פון היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. און די פאַרזאַמלונגען

פלעגן זיין פונקט אַזוי איבערפולט, דער עולם פלעגט זיך פונקט אַזוי דענערווירן, פונקט אַזוי פלעגן זיך היצן די אָנהענגער פון דער און פון יענער ריכטונג.

צווישן די מילשטיינער פון דידאָזיקע צוויי שטרעמונגען, נאָך דעם טאָגיקן אַרומלויפן צו די לעקציעס און איבער די לאַבאָראַטאָ־ריעס, פלעגט נישט בלייבן נישט קיין צייט, נישט קיין אָרט פאַר וועלכע נישט איז אַנדערע פראַגעס. און וועגן וועלכע פראַגעס וואָלט דען געקענט זיין די רייד? וועגן דער פוילישער? דער פיני־שער? דער אַרמענישער? דער יידישער? און וועגן נאָך ענלעכע פראַגעס? זיי פלעגן זיך, אמת, באַווייזן אַמאָל, ווי זייטיקע פראַגעס; אָבער דאָס זענען דאָך געווען פרטים, פרטים פון אָרגאַניזאַציע, פרטים פון דער קומענדיקער בויאונג, וועלכע זענען אַלע געווען אָפּהענגיק בלויז פון איינער, פון דער עיקרדיקער פראַגע, דעריבער דאַרף זיין די רייד בלויז וועגן דער עיקרדיקער פראַגע, נישט אָפּ־ווייכנדיק אין קיין איין זייט נישט. און דער עיקר איז קלאָר:

די פראָגראַם־מאַקסימום: באַפרייען די מענטשהייט פאַר דער ממשלה פון סאָציאַליזם; די פראָגראַם־מינימום: באַפרייען דעם 150־מיליאָניקן ריז — רוסלאַנד פון יאָרהונדערט־לאַנגן יאָך און אונטער־דריקט־זיין. און דורכדעם וועלן שוין במילא פון אַליין געלייזט ווערן די אַנדערע זייטיקע פראַגעס.

און אָט, סוף זומער־סעמעסטער, ווען דער עולם איז שוין גע־ווען פאַרמאַטערט פון היץ און לויפעניש צו די לעקציעס, אויף פאַרזאַמלונגען, דיסקוסיעס — באַווייזט זיך פלוצלונג אין לייען־זאַל אַ מעלדונג וועגן דעם, אַז מאָרגן וועט פאָרקומען אַן אָוונט וועגן... „זשאַרגאָן”... ס'איז שווער איבערצוגעבן דעם איינדרוק, וואָס עס האָט געמאַכט דידאָזיקע קליינע מעלדונג. קיין איין אָרגאַניזאַציע נעמט דאָך אין אים, פאַרשטייט זיך, קיין אָנטייל נישט! טאָ ווער־זשע רופט צונויף? צוואָס? וואָס איז דאָס פאַר אַ טעמע? וועמען אינטערעסירט זי דען?! דאָס וועלן דאָך אויסנוצן בלויז די נאַציאָ־נאַליסטן, און די נאַציאָנאַליסטישע טענדענצן דאַרף מען, פאַרקערט, ענערגיש באַקעמפן; זיי פירן צו שאָוויניזם, זיי זייען פירוד, זיי ווענדן אָפּ פון עיקר. מיט איין וואָרט, אַן אומנויטיקער, שעדלעכער קאַפּריז. פאַרשטייט זיך, דאָס ריכטיקסטע וואָלט געווען פשוט איג־נאָרירן, פשוט געבן דעם לאָזונג — נישט גיין. אָבער... אָבער דאָס

איז נישט אַזוי פשוט. די זאַך איז די, וואָס דער רעפערענט איז ח. זשיטלאָווסקי, ער קומט דעריבער צופאָרן פון בערן; הייסט עס, אַז ויינע אָנהענגער וועלן זיין, עס וועט אויך גיין אַ טייל פון ווינציק „באַוווסטזיניקן" עולם, פשוט פון נייגעריקייט וועגן, אַ סענסאַציע! דער באָיקאָט וואָלט נאָך צוגעגעבן אַ גרעסערע באַדייטונג דעמדאָזיקן אָוונט. גיין און זיך אַריינלאָזן אין דעבאַטן? איז ווידער דיזעלבע געשיכטע. מיט איין וואָרט, אַ נאַרישע, אומבאַקוועמע און אומנויטיקע אומאָנגענעמלעכקייט.

נישט קיין סך בעסער איז געווען די שטימונג פון די איניציאַטאָרן פון דאָזיקן אָוונט. אַז דער עולם איז דאַן געווען ווייט און פרעמד פון אַזעלכע פראַגעס, וועגן דעם איז קיין ספק נישט געווען. אַז דערדאָזיקער אָוונט וועט באַקומען אַ גרויסן ווידערשטאַנד — איז געווען קלאָר, ווינציקע מער נאָנטע האָבן געוווסט, אַז זשיטלאָווסקי איז א „גלענצנדער זשאַרגאָניסט", אַז אים איז אינטערעסאַנט אויסצוהערן, ווען ער לייענט אויף „זשאַרגאָן", ווען ער רעדט וועגן דערדאָזיקער שפראַך, וועגן זיין באַדייטונג, וועגן דעם, ווי מען דאַרף זיך באַציען צו אים. די מערהייט אָבער האָט אים געקענט נישט פון דערדאָזיקער זייט, זי האָט אים געקענט, דער עיקר, אַלס טעאָרעטיקער פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. די נאַציאָנאַלע פראַגע, און צוזאַמען מיט איר אויך די באַדייטונג פון דער שפראַך האָבן נאָך דאַן געוואַרט אויף זייער לייזונג הינטער די קוליסן פון דער רעוואָלוציע און צום ברייטן עולם זענען נאָך די דיסקוסיעס וועגן דעם כמעט ווי נישט דערגאַנגען. און אויב מען זאָל נאָך נעמען אין אַכט, אַז לגבי די אינטערעסן פון יידישן פאָלק איז דער רוב רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ נאָך געשטאַנען אויפן אַסימילאַטאָרישן שטאַנדפונקט, וועט מען קענען פאַרשטיין, אַז די איניציאַטאָרן פון דאָזיקן אָוונט האָבן נישט אָן אומרואיקייט אויסגעהאָנגען זייער מעלדונג. און אויב אַחוץ די גאָר נאָנטע וועט קיינער נישט קומען? דאַן איז אַ דורכפאַל! —

אָבער די יוגנט, די אונטערנעמערישקייט און אַ אַנטשפּרעכנדיקע דאָזע לייכטזיניקייט האָבן גובר געווען די ספקות. מען האָט באַקומען זשיטלאָווסקיס הסכמה, כ'געדענק נישט פון וועלכע מיטלען מען האָט צונויפגעקלאַפּט דעם אָפּצאָל פאַר אַ גאַנץ גרויסן, נאָר גענוג גרויען, נישט געמיטלעכן. אָבער דערפאַר ביליקן „לאָקאַל", און

אויפמונטערנדיק איינער דעם צווייטן, באַהאַלטנדיק זייער אויפרעגונג, האָבן זיי אַרויסגעהאָנגען די מעלדונג.

זשיטלאָווסקי איז געקומען צופאָרן צו דער סאַמע פאַרזאַמלונג. ער האָט מיטגענומען מיט זיך צו גאַסט צו דער קוזינע — אַ סטו־דענטקע — זיין 8־יאָריקן זון מישע.

ס'איז געווען אַ פּרעכטיקער זומער־אָוונט. ס'איז נאָך געווען פרי. איבערלאָזן מישען איז נישט געווען מיט וועמען. האָט מען באַשלאָסן אים מיטצונעמען אויף דער פאַרזאַמלונג.

מען איז געקומען אין „לאָקאַל": גרוי, טריב, נישט־געמיטלעך, פּוסט. ס'איז דאָ אַ קלייניקע עסטראַדע; אָבער ניין, בעסער פּשוטער, געמיטלעכער. מען האָט אַוועקגעשטעלט אַ קליינעם טיש מיט אַ טונקל־רויטער סאַלפעטקע אין קלעטקעס אינמיטן זאַל, נענטער צום עולם, פשוטער, פאַמיליער. און וואָס איז מיט אַ פאָרזיצער? זאָל די פאַרזאַמלונג אויסוויילן? ווער ווייס — מען קען זיך ריכטן אויף סיורפּריזן; אָבער דאָס איז דאָך אינדערזאַמתן נישט קיין פאַרזאַמ־לונג, נאָר אַ געמיטלעכע פּלוידעריי וועגן זשאַרגאָן. זשיטלאָווסקי וועט קומען, וועט רעדן, און דאַן וועט מען זען. האָט מען גענומען וואַרטן.

וועט מען קומען? נישט? און ווי אַזוי וועט דאָס אַלץ צוגיין? און מיטאַמאָל — מען קומט. און מ'קומט נאָך... און נאָך... און נאָך. דער זאַל ווערט פול אַלץ מער און מער. און נישט נאָר די שטאַם־געסט פון דער רוסישער קאָלאָניע. אָט איז אַ גרופּע פּאָליאַקן, אָט איז אַ גרופּע אַרמענער, אוקראַינער, גרוזינער און אַנד. די שטימונג ווערט געהויבענער. אָבער אויך די אומרואיקייט וואַקסט צוזאַמען מיט איר.

שוין צייט אָנצוהויבן. מיר זעצן זיך אַרום טיש. זשיטלאָווסקי מיט די פאַרטראַכטע בלויע אויגן, צופּנדיק אַביסל זיין קליין בלאָנד בערדל; דאַנעבן אַ קליינע, נישט־אָנזעעוודיקע סטודענטקע; צווישן זיי — דער קליינער מישע.

און זשיטלאָווסקי הויבט אָן. ער האָט גענומען ריידן. דאָס איז אָבער נישט יענער זשיטלאָווסקי דער דועליאַנט, וועלכער פּלעגט זיך שטעלן פּנים אל פּנים מיטן קעגנער, כּדי אָנצופּאַלן און אָפּצו־שלאָגן די קלעפּ, קענענדיק דעם קעגנערס שוואַכע און שטאַרקע זייטן, און האַרט צוטרעטנדיק צו זיי. ניין, דא האָט זשיטלאָווסקי

נישט געקעמפט, ער האָט נישט גערעדט מיט דער פאַרזאַמלונג, ער האָט זיך נישט געווענדט צו די צוהערער. מיט עפּעס אַ טאָן פון פיינעם טרויער האָט ער דערציילט וועגן ווערט, וועגן דער באַדייטונג פון „מאַמע-לשון" פאַר דער קולטור פון אַ פאָלק, פאַר זיין שאַפן, וועגן זיין באַדייטונג פאַר דעם מענטשנס נשמה. די שפּראַך. וואָס אַזוינס איז די שפּראַך? פונוואַנעט דערנעמט זי זיך? אין וואָסער שייכות, אין וואָסער קעגנזייטיקער ווירקונג געפינט זי זיך מיטן פאָלק, מיט זיין טאָג-טעגלעכן און נישט-טאָג-טעגלעכן לעבן, מיט זיין קולטור, מיט זיין שאַפן? צי קען דען אַ שפּראַך האָבן אָדער נישט האָבן רעכט אויף עקזיסטענץ, און דורך וואָס ווערט באַשטימט דאָסדאָזיקע רעכט? צי קען דען אַ שפּראַך זיין קולטורעל און נישט קולטורעל? וואָס אַזוינס איז אַ שפּראַך און וואָס אַזוינס אַ „זשאַרגאָן"? צי קען מען אָנרופן און באַטראַכטן אַלס „זשאַרגאָן" אַזאַ שפּראַך אויף וועלכער עס ריידן די פאָלקס-מאַסן?

פון אָנהויב אייִנגעהאַלטן, דערנאָך אַלץ מער לעבעדיק, מיטגעריסן האָט זשיטלאָווסקי פאַרענדיקט די ערשטע טייל פון זיין רעדע מיט אַ גלענצנדיקן אַנאַליז פון דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך,—פון „זשאַרגאָן",—ווי אַן אָפּשפּיגלונג, ווי אַן אויסדרוק פון שטייגער און קולטור פון יידישן פאָלק, פון די יידישע פאָלקס-מאַסן.

ער האָט געענדיקט. אַן אויפלעבונגס-כוואַליע איז דורכגעלאָפן איבערן זאַל. זשיטלאָווסקין האָט מען אַרומגערינגלט. אומעטום האָט מען גענומען ריידן; דערווייל נאָך אייִנגעהאַלטן; מען האָט אָפּגעוואַרט דאָס ווייטערדיקע. די איניציאַטאָרן איז גרינגער געוואָרן אויפן האַרצן. אָבער דער דופק האָט געקלאַפּט שנעלער. די צווייטע טייל האָט געדאַרפט אילוסטרירן די ערשטע דורך ליטעראַטור-מוסטערן, און אין דעם, האָבן זיי געוווסט, האָט זשיטלאָווסקי געהאַט נישט קיין סך קאָנקורענטן.

אַ גלענצנדער קענער פון דער יידישער ליטעראַטור, זי ליב האָבנדיק פון זיין גאַנצער יידישער נשמה און מיט זיין גאַנצן קינסטלערישן חוש; אַליין מיטגעריסן דורך זיין אינהאַלטסרייכן אַריינפיר, האָט זשיטלאָווסקי געפּרעסט כאַראַקטעריזירט די אָנהויב-סטאַדיע פון דער יידישער ליטעראַטור מיט אירע פאָרשטייער פון שמר'ס שניט, דערנאָך איר באַפרייאונג פון בולוואַר-פּאַיאַצנטום און פון נאָכקומען די בולוואַר-געשמאַקן, ער איז איבערגעגאַנגען צו אַ מער גענויעם

אַנאַליז פון איר וויטערדיקער אַנטוויקלונג, פון איר פּאַנאַנדערבלי־ און אירע פּאַרשטייער. און אין דערדאָזיקער טייל פון זיין רעדע האָט ער קינסטלעריש אָנגעצייכנט די ליטעראַרישע געשטאַלט פון מענדעלע-מוכר-ספרים, באַלעבנדיק זי מיט קורצע, אָבער טרעפלעכע אילוסטראַציעס. ער האָט כאַראַקטעריזירט דעם טאַלאַנט און די לי־טעראַרישע באַדייטונג פון פרצן, אילוסטרירנדיק מיט איין חסידישן און איין שטייגער-בילד; ער האָט גערעדט וועגן שלום-עליכמס אייגנ־אַרטיקן טאַלאַנט און וועגן אינטערעס, וועלכן עס ווייזט אים אַרויס דער ברייטער לייענער-עולם, און קורץ, אָבער בולט האָט ער כאַ־ראַקטעריזירט די אָנוואַקסנדיקע נייע שולע פון דאַן נאָך יונגע, ערנ־סטע-ליטעראַרישע טאַלאַנטן. אָבער נישט נאָר דאָס יידישע לעבן גע־פינט זיין קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג אין דער ליטעראַטור אויף יידיש, נאָר אויך אַלע געשטאַלטן פון די פרעמדע ליטעראַטורן קע־נען קינסטלעריש איבערגעגעבן ווערן אויף דערדאָזיקער שפּראַך. און זשיטלאָווסקי אילוסטרירט דאָס מיט ווינטשעווסקיס פּרעכטיקער איבער־זעצונג פון טאָמאַס הודס „ליד וועגן דעם העמדל" און מיט זיין אייגענער נישט ווינציקער שיינער איבערזעצונג פון היינעס „קנעכט־שיף", פון וועלכער עס קלינגט נאָך אויך איצט אין די אויערן דער רעפריין:

„הלולה וחנגה, עס קערט זיך די וועלט,
עס טאַנצן די שוואַרצע מורינען".



דער אינהאַלטסרייכער איבערזיכט פון דער יידישער ליטעראַ־טור, די טאַלאַנטירט-אָנגעוואָרפענע פּאָרטרעטן פון די שרייבער, די קינסטלערישע, געלונגען-צוגעקליבענע, גוט-דורכגעלייענטע, מיט דעם רעפערענטס ליבע באַהויכטע מוסטערן — דאָס אַלץ האָט אינגאַנצן פאַרכאַפּט די אויפמערקזאַמקייט פון די שרייבערס. פאַר איינע איז אַלץ, וואָס זיי האָבן געהערט, געווען לחלוטין ניי, אומגעריכט. ביי די אַנדערע האָט זיך אויפגעוועקט עפּעס היימישעס, באַהויכט מיט די דערינערונגען פון דער קינדהייט, פאַמיליע, היימישער סביבה... מאַמע-לשון...

ס'איז ערגעץ-ווו פאַררוקט געוואָרן אין יענעם אָוונט אי די

ראָל פֿון שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט אי די ראָל פֿון דער דאָרף-עדה; ס'איז געווען עפּעס אַ מין אייגנאַרטיקער, זייער אַ אינטערעסאַנטער אויספֿלוג פֿון די לאַסטן פֿון דער רעוואָלוציאָנערער פּאָליטיק אין אַ גרינעם, כּמעט ראָמאַנטישן ווינקל פֿון רעאַלן לעבן, אַ באַהויכטס מיט ידכטונג און אַ פּולס מיט קינסטלערישע בילדער:

זשיטלאָווסקי האָט געענדיקט רעדן. הויכע הסכּמה-אויסרופֿן. אַן אויפֿגעלעבטער רעש, און פּלוצלונג הויבט אָן צו קלינגען אין ווינקל פֿון די ציוניסטן האַרמאָניש און טעמפּעראַמענטפֿול „התּקוה". עס האָבן נאָך נישט אָפּגעקלונגען די לעצטע ווערטער, און אין צווייטן עק האָט אַ דונער געטאָן: „און דו אַרבעטסט און דו זייסט" — איבערזעצט דורך זשיטלאָווסקין. קיינער איז נישט אַוועקגעגאַנגען; מען פֿלוידערט, מען וויצלט זיך, מען טיילט זיך מיט די דערינערונגען. אונטער דעם אָנגריף פֿון די פּאַרערערס און פּאַרערערינס פּאַרטיידיקט זיך זשיטלאָווסקי מיט וויצן, ער וואַרפֿט גלייכווערטלעך, ער קלאַפּט אָפּ אַ קלאַפּ מיט אַ אַנעקדאָט, מיט אַ משל.

און פּלוצלונג: „איך בעט מיך אויסהערן!" אַלע ווערן שטיל. אַן אוקראַאינער „פּאַרשטייט זשיטלאָווסקין" און ער שפּירט אַליין אַ באַדערפֿעניש צו דערציילן אויף זיין אייגענעם לשון, ווי אַזוי ער איז אים און זיין גאַנצן פֿאָלק טייער, ווי שיין ער איז, סאַראַ גרויסער דיכטער שעווטשענקאָ איז, סאַראַ גרויסע דיכטונג עס פֿאַרמאָגט דאָסדאָזיקע פֿאָלק, דידאָזיקע שפּראַך, און ווי אַזוי מען אונטערדריקט דאָסדאָזיקע פֿאָלק און דידאָזיקע שפּראַך. פֿאַרשטייט זיך, אַ פֿולשטענדיקער מיטגעפֿיל, אַ צושטימונג.

און דער ליבער, קליינינקער קאַראַ מורזאַ, מיט זיין פּרעכטיק געשניצטן קאַווקאַזער קאָפּ, הויבט אָן צו זינגען מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאַמערטאָן פֿאַרן שנעל-צונויפֿגעקליבענעם כאָר:

„ווייווט וויטרי, וויטרי בויני". —

און כּדי נישט דערלאָזן אַז די „בויני וויטרי" זאָלן פֿאַנאַנדערווייען די גוטע שטימונג, גיט קאַראַ מורזאַ, אַ צופֿרידענער, אַ שמייכלענדיקער, אַ צייכן צו דער „וואַרשאַוויאַנקע". מען דאַרף נישט מיינען, אַז אונזער ליבער קאַראַ מורזאַ איז תּמיד אַזוי פֿריינטלעך און צוגעלאָזן. מיט עטלעכע טעג צוריק, קומענדיק אויף דער געזאַנג-שעה מיט אַ בינדע פֿון וואַטע אויפֿן קאָפּ און שטאַרק אומצופֿרידן מיט דער ווינציק-ערנסטער באַציאונג פֿון כאָר צו דער אַרבעט, פֿאַרשליסט ער פּראָסט-פּשוט דעם כאָר אויף אַ שליסל און נישט אויסרעדנדיק קיין וואָרט גייט ער זיך אַוועק. אַלע צוזאַמען

האָבן געמוזט אין מיטן העלן טאָג אַנטלויפן דורכן פענסטער.

און ווידער — „כ'בעט מיך אויסהערן!" אַ ספק גרוזינער, אַ ספק אַרמענער וויל אויך „אויף זיין היימישן לשון", — הגם נישט אַלע וועלן פאַרשטיין, — דערציילן וועגן די ליידן און דער ליבע פון זיין פאָלק צו זיין אייגענער, אָבער אויך אונטערדריקטער שפּראַך.

ווידער צושטימונג, און קאַראַ מורזאַ גיט שוין ווידער דעם פּאָרזינגער דעם טאָן פּאַר אַ קאָמפּליצירטן מזרח־מאָטיוו, און דער כאָר כאַפּט אונטער אויף פאַרשיידענע אופנים: „גינגאַלאַ! גינגאַלאַ! גינגאַלאַ!".

אָט אַזוי בייטן זיך אָפּ אין אַ געהויבענער שטימונג האַרציקע רעדעס „אויף דער אייגענער" שפּראַך, געזאַנג און כאָר־לידער, און אימפּראָוויזירטע, דאַ אַ „האָפּקע" און דאָרט „אויפן פּריפּעטשיק", גלייכווערטלעך, אַנעקדאָטן אין פאַרשיידענע ווינקלען.

אַ ציוניסט מיט אַ „זשאַרגאָניסט", שטייענדיק איינער קעגן צווייטן — ביי דער וואַנט — אויף אַ „נייטראַלן" באָדן, ציען דאָס יידישע פאָלק אויפן מזרח און אויפן מערב. און אַלע זענען צוזאַ־מען און יעדער איינער איז פאַר זיך. און די נשמה פון דעם אַלע־מען איז ח. זשיטלאָווסקי, — צו אים ציען זיך דידאָזיקע אַלע „מיעוטימדיקע" פעדים, פון אים שטראָמען אויס באַלייכטנדיקע, דער־וואַרעמדיקע שטראַלן.

ס'איז געווען ווייט נאָך חצות, ווען די רויטע פאַרזאַמלונג האָט זיך אַ שאָט געטאָן פון פאַרשטיקטן רעסטאָראַן אויף דער פרישער לופט פון דער ציוריכער זומער־נאַכט און אין אַ געהויבענער שטי־מונג זיך צעשפּרייט גרופּעסווייז, ווער צו די שיפלעך, ווער אויפן ציוריך־באַרג, ווער צו זיך אַהיים.

זייט דאַן זענען פאַרביי צענדליקער יאָרן. יאָרן פון אַ גרויסן היסטאָרישן עטאַפּ; יאָרן פון ריזיקער לעבנס־אָנשטרענגונג. אַ גאַנץ אַנדער דיאַפּאַזאָן פון שאַפן. אַן אַנדער קאַמערטאָן איז נויטיק, כדי אַריינצופאַלן אין טאָן פון דעם וויכערדיק־זיך־טראָגנדיקן לעבן. אַ סך שאַפונגען זענען אומגעקומען, אַ סך וועגן האָבן זיך איבערגע־פלאָכטן־פאַרפּלאָנטערט, אַ סך האָבן זיך אַראָפּגעשלאָגן פון וועג. ח. זשיטלאָווסקי איז דורך פאַרשיידענע שעפערישע וועגן דאָס גאַנצע לעבן זיינס גראַדליניק געגאַנגען און האָט געפירט צו איינס — צו אַן אַלזייטיקער, היסטאָריש־פּראָגרעסיווער קולטור פון יידישן פאָלק,

פון די יידישע פאָלקס-מאַסן. אויף יידיש. אויף דער שפּראַך פון די יידישע מאַסן.

ווען זשיטלאָווסקי האָט מיט 30 יאָר צוריק גערעדט, קוקנדיק מיט פאַרטראַכטע אויגן איבער די קעפּ פון די צוהערער, האָט ער, ווי ס׳שיינט, אָנגעצייכנט פאַר זיין גאַנצן צוקונפטיקן לעבן זיינע גרויסע אויפגאַבעס.

צו זיין 60-יאָריקן יובילײ פלעכט מען איצט פאַר חיים זשיטלאָווסקין אַ כשר-פאַרדינטן — דורך זיין רייכן שעפערישן לעבן — יובילײ-קראַנץ. איין צווייג פון דאָזיקן קראַנץ האָט זיך צובליט און צוגרינט נאָך אין גרויען לאָקאַל פון יענעם ציוריכער אָוונט.

# דר. זשיטלאָווסקיס טעטיקייט אין אַמעריקע

(אַ קורצער איבערבליק)

מיט גרויס פאַרגעניגן האָב איך אָנגענומען די איינלאַדונג צו שרייבן איבער דר. ח. זשיטלאָווסקיס טעטיקייט אין אַמעריקע, הגם איך ווייס פאָרויס, אַז די אויפגאַבע איז נישט קיין לייכטע און דער ענין איז צו ערנסט און צו וויכטיק, ער זאָל באַהאַנדלט ווערן אין איין קליין אַרטיקל. איך ווייס, אַז כדי ריכטיק איבערצוגעבן און געניי אָפּצושאַצן אים וואָלט מען געדאַרפט, לויט מיין מיינונג נאָך, פאַרנעמען מער ווי איין באַנד.

אָבער ווי שווער עס זאָל נישט זיין מיין אויפגאַבע, בין איך דאָך מסכים מיט דער רעדאַקציע, אַז דאָס טאָר נישט אָפּגעלייגט ווערן מחמת כמה טעמים: ערשטנס, אונזער יונגער דור הייבט אָן זיך צו פאַראינטערעסירן מיט די יידישע פּראָבלעמען אין אַמעריקע און עס איז כדאי ער זאָל אויך באַקאַנט ווערן מיט אָט דעם וויכטיקן פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום. צווייטנס, איז זייער וויכטיק, אַז דער אַלגעמיינער עולם זאָל באַקאַנט ווערן מיט דעם גרויסן קאַמף, וואָס עס איז אויסגעקומען דר. זשיטלאָווסקין צו פירן פאַר זיינע אידעען דאָ אין לאַנד. מען דאַרף דאָ אויך דערמאַנען יענע, וואָס זענען יאָ באַקאַנט מיט דער זאַך, אַז זיי זאָלן נישט פאַרגעסן, ווייל פיל פון די, וואָס פּראָפּאַגאַנדירן זיינע אידעען, פאַרגעסן, פונוואַנען זיי שטאַמען און באַטראַכטן זיי פאַר זייער אייגנטום. אייניקע זאָגאַר גייען אַזוי ווייט און דענקען, אַז דר. זשיטלאָווסקי האָט איבערגענומען יענע אידעען פון זיי.

דריטנס, איז גראָד באַם איצטיקן מאָמענט וויכטיק זיך אָפּצושטעלן אויף דעם פּעריאָד, ווייל גראָד איצטער, ווען עס קומען פאָר שפּאַלטונגען אין אַלע ריכטונגען, האַלט די זשיטלאָווסקי-באַוועגונג אין איין וואַקסן

און זיך פאַרשפּרייטן, אַ דאַנק דעם גרויסן איינפלוס, וואָס זשיטלאָווסקיס אידעען געווינען איבער די יידישע קולטורעלע מאַסן. לייכט איז עס אים נישט אָנגעקומען.

שווער איז געווען זיין אויפגאַבע די ערשטע צייט נאָך זיין אַריבער־קומען קיין אַמעריקע. עס איז אים אויסגעקומען צו פירן אַ קאַמף אויף פיל פראָנטן און מיט מעכטיקע און ערנסטע קעגנער. און כמעט איינער אַליין איז ער געשטאַנען מיט אַ קליינער צאָל סימפּאַטיקער אָן אָן איי־גענער פּרעסע און אָן אַ יידישער פּאַרטיי הינטער זיך. זיין פעסטער און ערנסטער גלויבן אין זיין מיסיע האָט אים געהאַלטן אויף זיינע פיס.

באַלד ווי ער איז אַריבערגעקומען, האָט זיך גענומען פילן זיין ווירקונג. וויכטיקע פּראָגרעסיווע עלעמענטן אין אונזער נאַציאָנאַלן לעבן האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך צוצוהערן צו זיינע רייד און באַם איצטיקן מאָמענט האָט זיין איינפלוס דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז אין די סאַמע ערנסטע פּראָבלעמען פון דעם יידישן לעבן זענען כמעט אַלע ריכטונגען און שאַטירונגען, אפילו פון די ענגליש־שפּרעכנדע יאַהודים, שטאַרק פאַראינטערעסירט מימ דער פראַגע, וואָס איז דר. זשיטלאָווסקיס מיינונג וועגן זיי. און די פראַגע ווערט אַוועקגעשטעלט מיט אַזאַ דרך־ארץ און מיט אַזאַ נייגיריקייט צו וויסן דעם ענטפער, אַז עס גלייבט זיך פשוט נישט, אַז ערשט נישט לאַנג צוריק האָבן זיי אים באַטראַכט פאַר זייער גרעסטן שונא.

גרויסע אָפּפער האָט דר. זשיטלאָווסקי געבראַכט דער באַוועגונג. עס האָט אים געקאָסט נישט ווייניק געזונט און ער האָט אָפט געליטן מאַטעריעלע נויט. אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעשטעלט. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, אויף ווי ווייט זיין געזונט האָט דאָס איס דערלויבט, און מיט זיינע באַלערנטע לעקציעס און שריפטן האָט ער געוואונען די סאַמע בעסטע קרעפטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

אָבער נישט נאָר עגמת־נפש און ליידן האָט אים אַמעריקע געגעבן, נאָר אויך פיל פאַרגעניגן פון זיין אַרבעט. אין דער לעצטער צייט זעט ער ווי זיין תורה לעבט און וואַקסט און פאַרשפּרייט זיך. ער האָט שוין אפילו דערלעבט צו זען, ווי קינדער פון זיינע תלמידים און אפילו קינדער פון זיינע קעגנער גייען אין זיין דרך און פאַרשפּרייטן זיינע אידעען.

עס קאָן קלינגען לעגענדאַריש. קיינער ווייסט נישט ווער עס איז געווען דער ערשטער אָדער ווו עס האָט זיך צוערשט אָנגעפאַנגען, אָבער

עס איז אַ פאַקט, אַז דער טיטול „רבי", איז געוואָרן אַ סינאָנים פאַר דר. זשיטלאָווסקי איבערן גאַנצן לאַנד און ווערט באַנוצט פון אונזערע בעסטע מענטשן אפילו פון אַזעלכע, וואָס האָבן אים ערשט נישט לאַנג צוריק באַקעמפט. עס דאַכט זיך מיר אָפט, אַז אפילו דר. זשיטלאָווסקי אַליין פאַרגעסט דעם גרויסן ווידערשטאַנד, וואָס ער האָט געפונען אין אַמעריקע. און עס איז פאַר מיר קיין ווונדער נישט, זייענדיק באַקאַנט מיט די דעמאָלטיקע אומשטענדן, פאַרוואָס אַזאַ ווידערשטאַנד האָט געדאַרפט פאָרקומען מצד די פירער פון די אַלטע אידעען.

זיין נייע תורה, וועלכע קלינגט שוין איצט אַזוי נאַטירלעך און מענטשלעך, האָט דאַן אויסגעזעען אַזוי מאָדנע, אַזוי פרעמד, אַזוי אַנטאַגאָניסטיש צו אַלץ, אין וואָס מען האָט פריער געגלייבט.

דר. זשיטלאָווסקי קומט קיין אַמעריקע קלויבן געלט פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע. ער קומט ווי אַ פאַרטרעטער פון דער פאַרטיי ס. ר. ער געפינט דאָ דעם „בונד", וואָס איז אַ טייל פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי, און אַטאַקירט אים פאַר זיינע חטאים, וואָס ער באַגייט אַנטקעגן דעם יידישן פאָלק סיי דאָ אין אַמעריקע סיי אין רוסלאַנד. דאָס האָט נאַטירלעך שטאַרק אויפגערעגט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי. נאָך מער ווערט זי אויפגערעגט פאַר זיין טעאָרעטישן אָנפאַל אויף דעם מאַרקסיזם.

די ציוניסטישע באַוועגונג איז דאַן נאָך געווען זייער קליין און איז געווען פאַרהאַסט פון דעם ראַדיקאַלן עלעמענט צוליב דעם נאַציאָנאַליזם. דר. זשיטלאָווסקי, דאַן אַליין אַ קעגנער פון ציוניזם, האַלט אָבער אין פאַרטיידיקן דעם ציוניזם פאַר זיין קאַמף אַנטקעגן דער אַסימילאַציע. אַליין אַ ביטערער שונא פון אַנטיסעמיטיזם, שרעקט ער זיך נישט אָפּ און וואַרפט די שולד פאַר אים אויף די יידישע פאַרטייען און אויף די יידישע מאַסן; ער ציינט אָן, אַז דאָס אַנאָרמאַלע לעבן פון יידישן פאָלק האָט געמוזט פירן צו דעם יידנהאַס און אַז ער וועט נישט אָפּגעשוואַכט ווערן ביז וואַנען די יידישע מאַסן וועלן זיך נישט נעמען צו ערד-אַרבעט און ביז וואַנען די יידישע איטעליגענץ וועט זיך נישט אומקערן צום יידישן פאָלק.

ער באַטראַכט דעם „פאָרווערטס" פאַר דער איינאיינציקער יידישער סאָציאַליסטישער צייטונג אין אַמעריקע און אַטאַקירט אים, אין דער זעלבער צייט, מיט זיין שטאַרקער קראַפט פאַר דער אַסימילאַטאָרישער פראָפּאַגאַנדע און פאַר דער עם-הארצות. ער לייגט זייער גרויס געוויכט אויף

דעם „אַרבעטער־רונג“, ווי אַ יידיש־קולטורעלע קערפערשאַפט, האַלט אָבער אין איין אָנווייזן אויף זיינע חסרונות. ער טרעט אַליין אַריין אין אָרדן, אָבער דאָס שטערט אים נישט צו פאַרטיידיקן דעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד“, אַ קאָנקורענט דעם „אַרבעטער־רינג“. ער האַסט פון גאַנצן האַרץ דעם העברעיזם און ליבט אָבער שטאַרק די העברעישע שפראַך, באַנוצט זיך מיט איר אויף ווי ווייט מעגלעך אין זיינע שריפטן.

ער טרעט שפעטער אַריין אין דער פועלי־ציוניסטישער פאַרטיי, אָבער זאָגט זיך קיינמאָל נישט אָפ פון דער אידעע פון אויטאָנאָם־קולטורעלע צענטרען ווו נאָר מעגלעך. אומפאַרשטענדלעכער פאַר אַלץ איז אָבער געווען זיין געדאַנק, אַז יידיש מוז ווערן די נאַציאָנאַלע שפראַך פון יידישן פאָלק אין אַלע לענדער, און אַז דערפאַר איז נייטיק צו גרינדן יידישע שולן פאַר יידישע קינדער אין דער יידישער שפראַך דאָ אין אַמעריקע.

אַריבערגעקומען איז ער אין אַ צייט, ווען די רוסישע אימיגראַנטן האָבן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פאַרגעסן אָן זייער שווער לעבן, וואָס זיי איז אויסגעקומען דורכצומאַכן די ערשטע צייט אין אַמעריקע, און האָבן אָנגעפאַנגען זיך איינצואָרדנען, סיי עקאָנאָמיש, סיי קולטורעל. פיל פון זיי זענען זאָגאַר געוואָרן רייך. אויך די פאָליטישע אַטמאָספערע איז צו יענער צייט געוואָרן אַ פיל רויקערע.

גראַד אין יענעם יאָר האָט זיך איינגעשטילט דער ביטערער קאַמף, וואָס האָט געהערשט פריער צווישן די אַנאַרכיסטן און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. די אַנאַרכיסטן האָבן פאַרלוירן זייער קורס און די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן געהאַלטן אין איין שטייגן מיט דער אַמעריקאַנער פאַרטיי, וואָס האָט גענומען ווערן אַ מאַכט דאָ אין לאַנד. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז איז מען אידעיש איינגעשלאָפן און עס האָט זיך געחלומט דער זיסער חלום פון סאָציאַליזם: אויס פעלקער־האַס, אויס קלאַסן־קאַמף. אַ סוף צו אַלע צרות. מען האָט מער נישט, ווי געוואַרט אויף דעם סאָציאַליסטישן משיח.

די יאַהודים פון זייער זייט האָבן געשטרעבט צו אַסימילירן די אַריבערגעקומענע אימיגראַנטן, מאַכן פון זיי עכט־אַמעריקאַנער און דורך דעם אַריינצוקריגן זיי פאָליטיש אין זייערע הענט.

דער מיטל־קלאַס האָט זיך געהאַלטן אין איין אַסימילירן, ער איז געווען זיכער, אַז זיינע קינדער וועלן ווערן ריכטיקע אַמעריקאַנער און אַז קיינער וועט זיי קיינמאָל נישט שטערן אין דעם. אדרבא, דער ריכטיקער אַמעריקאַנער וועט זיי אַרומנעמען מיט ביידע הענט. אַלץ וואָס מען דאַרף —

**איז בלויז אָפּהיטן די יידישע רעליגיע, — איז אויך דער מיטל-קלאַס גע-**
**זעסן אַ צופרידענער און געוואַרט אויף דעם אַמעריקאַנער משיח. די אָר-**
**גאַניזירטע יידישע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן. איר**
**עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרבעסערן. די אַרבע-**
**טער-יוניאָנס זענען צוגעשטאַנען צו די גרויסע אַמעריקאַנער קערפּער-**
**שאַפטן, ווי די „אַמעריקאַן פעדערייּשאַן אָוו לייבאָר", און צו דער סאָציאַ-**
**ליסטישער פּאַרטיי, און האָבן געהאָפט אויף זייער משיחן. אָבער אָנשטאָט**
**אַלע אָט די משיחים איז גאָר געקומען קיין אַמעריקע דר. חיים זשיטלאָוו-**
**סקי, וואָס האָט מיט זיין תורה גענומען אַלעמען וועקן פון זייערע חלומות**
**און האָפנונגען, און מיט זיין שטענדיקער אַגיטאַציע, וואָס האָט נישט גע-**
**לאָזט איינדרימלען די דערוואַכטע. און ער האַלט זיי אין איין וועקן.**

**ווייל ווי גרויס עס זאָל נישט זיין זיין דערפאָלג, שטייט נאָך פאַר-**
**לייפיק בלויז אַ קליינער טייל פון אַמעריקאַנער יידנטום אינגאַנצן מיט**
**אים. די אַסימילאַטאָרישע געפאַר איז, אמת, אַפּגעשוואַכט געוואָרן, אָבער**
**זי איז נאָך נישט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון לעבן. ער האָט נאָך אויך**
**גענוג קעגנער צו באַקעמפן און נישט ווייניק אַגיטאַציע אָנצופירן אפילו**
**אין זיינע נאָענטע קרייזן. אָבער די לאַגע איז שוין איצט פיל לייכטער**
**ווי געווען, מחמת ער שטייט שוין איצט נישט אַליין. הינטער אים שטייען**
**איצט באַפעסטיקטע אינסטיטוציעס, ווי אויך טויזנטער יחידים, וואָס זענען**
**באַרייט אים שטענדיק צו שטיצן אין זיין טעטיקייט. זענען אָבער אויך**
**צוגעקומען נייע שוועריקייטן, ווי די באַשרענקונג פון אימיגראַציע, דער**
**וווּקס פון דער העברעיסטישן ציוניזם און וואָס איז נאָך וויכטיקער, דער**
**איצטיקער אַנאָרמאַלער צושטאַנד אין רוסלאַנד מיט זיין ווירקונג אויף אַ**
**אַ גרויסן טייל פון דער יידישער אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפט.**
**נאָר טראָץ די אַלע שוועריקייטן קומען צו אָפט נייע נאָכפאָלגער**
**מיט נייע מיטלען און מעטאָדן, ווי אַזוי די שוועריקייטן צו באַזייטיקן.**
**און אויך דער וועג, אויף וועלכן ער גייט, זעט שוין אויך נישט אויס אַזוי**
**זיגזאַגיש, ווי עס האָט זיך אויסגעדאַכט בײַ זיין אַריבערקומען. נאַטירלעך**
**זענען נאָך פאַראַן פיל אַזעלכע, וואָס מיינען עד היום, אַז זיין ליניע פון**
**טעטיקייט, איז פול מיט ווידערשפּרוכן. זיי באַמערקן, אַז אָט טרעט ער**
**אַרויס און פאַרטיידיקט געוויסע באַוועגונגען, און תיכף אַטאַקירט ער זיי**
**בײַ אַן אַנדערער געלעגנהייט. עס דאַכט זיך זיי אויס, אַז ער בייט אָפט זיי-**
**נע פּאָזיציעס אָן אַ סיסטעם. די, וואָס מיינען אַזוי, שטייען פון דער זייט**
**און זעען בלויז אייניקע טיילן פון דער גלייכער ליניע פון וועלכע, ער**

גייט נישט אַראָפּ. אָבער אָט די אילוזיע האַלט אין איין פאַרשווינדן בײַ דעם אינטעלעגענטערן עולם, וואָס הערט זיך צו צו זיינע רייד. און אפילו די, וואָס זענען נישט איינפאַרשטאַנען מיט אים, זעען שוין אויך דעם גלייכן וועג, אויף וועלכן ער גייט און זעען די קאַרדינאַלע פּרינציפּן, וועלכע ער שטעלט אַרויס און פון וועלכע ער טרעט נישט אָפּ אויף אַ האָר.

און עס ווערן דעריבער קלאָר פאַר זיי די זאָגענאַנטע ווידער־שפּרוכן:

1) אַלס נאַציאָנאַליסט און אַנטישאָוויניסט, פאָדערט ער אינטערנאַ־ציאָנאַלע ברידערלעכקייט און גלייכע נאַציאָנאַלע לעבנס־מעגלעכקייטן פאַר אַלע פעלקער, ווי אויך פאַר זיין פאָלק. און ער פאָדערט צוערשט פון זיין פאָלק, עס זאָל ווערן אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך, סיי עקאָנאָמיש און קולטורעל. ער פאָדערט, אַז דאָס פאָלק זאָל ווערן פּראָדוקטיוו גלייך ווי אַלע פעלקער; אַז עס זאָל זיך נעמען פאַר ערד־אַרבעט און מלאכה אין אַלע לענדער וווּ עס געפינט זיך און זיך אָפּזאָגן אויף ווי ווייט מעגלעך פון דעם קרעמערישן לעבן.

2) אַלס סאָציאַליסט, פאָדערט ער גלייכע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן פאַר דער מענטשהייט אויף אַלע געביטן און ער פאָדערט דעריבער, אַז דאָס יידישע פאָלק זאָל איבערבויען זיין לעבן אויף סאָציאַליסטישע יסודות.

3) אַלס ייד איז ער ספּעציעל פאַראינטערעסירט אין דער שפּראַך, אויף וועלכער דער גרעסטער טייל פון יידישן פאָלק רעדט. ער שטרעבט דעריבער צו דערהייבן די יידישע שפּראַך און די יידישע קולטור ביז צו דער העכסטער מדרגה, ווי אויך דורך דער שפּראַך צו פאַרייניקן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. אָט די אַלע דריי עלעמענטן פון זיין פּראָגראַם זע־נען בײַ אים אינעווייניקסט פאַרייניקט; און נאָר אין זייער פאַרייניקונג קאָנען זיי פירן צו דער פולער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער ווידערבאַלע־בונג פון אונזער פאָלק. און דעריבער שטיצט ער, אויף ווי ווייט מעגלעך, אַלע אַזעלכע באַוועגונגען, אויף וויפיל זיי העלפן דער נאָרמאַלער אַנטוויק־לונג פון יידישן פאָלק, און ער אַטאַקירט זי דאָרטן וווּ זיי ברענגען שאָדן.

צוואַנציק בעסטע יאָר פון זיין לעבן האָט ער אַוועקגעגעבן דעם אַמעריקאַנער יידנטום, האַלטנדיק אין איין אַגיטירן אין דער יידישער שפּראַך זיין נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט. אויסרעכענען אַלע

אונטערנעמונגען, אין וועלכע ער האָט אָנטייל גענומען פאַר דער צייט איז דאָ פאַר אונז אוממעגלעך. איך וועל זיך בלויז באַגנוגענען מיט די וויכטיקסטע אַרבעטן, אין וועלכע ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל, און וועל זיך אָפּשטעלן, מער אָדער ווייניקער, באריכות, אויף זיינע אָריגינעלע פּלענער.

אַריבערגעקומען איז דר. חיים זשיטלאָווסקי קיין אַמעריקע אין 1904 אַלס פאַרטרעטער פון דער פאַרטיי „סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן". די ערשטע צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט דעם קאַמף אַנטקעגן דעם רוסישן צאַריזם, צוזאַמען מיט דער באַבושקע האָט ער באַזוכט פיל שטעט, איז אַרויסגעטרעטן אויף קליינע און גרויסע פאַרזאַמלונגען. אַ דאַנק זיין מינדלעכער און שריפטלעכער אַגיטאַציע, סיי אין יידיש סיי אין רוסיש, איז דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער געדאַנק געוואָרן פּאָפּולער אין אַמע-ריקע. דאָס האָט אויך אַריינגעבראַכט גרויסע סומען געלט פאַר דער רעוואָלוציע. ספּעציעל האָט ער אויסגענומען מיט זיין לאָגיק און גלענצנ-דער רעדנער-קראַפט. אין זיין רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע, האָט ער אימער שטאַרק באַטאָנט די ספּעציפיש יידישע לאַגע אין רוסלאַנד און די נאַציאָנאַלע פאָדערונג, וואָס דאָס יידישע פאָלק דאַרף אַוועקשטעלן דער רעוואָלוציע. ער האָט אימער אויך אַגיטירט פאַר דער באַשאַפונג פון אַ באַזונדערער יידישער סאָציאַליסטישער פאַרטיי מיט אַן אייגענעם נאַציאָנאַלן פּראָגראַם.

בלייבנדיק געטריי דעם ס. ר.-פּראָגראַם, פון וועלכן ער האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט, איז ער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער יידיש-אַמעריקאַנער אַטמאָספערע, פון וועלכער ער איז געוואָרן אַ טייל, און פאַר וועלכער ער גיט איצט אַוועק זיין גאַנצע ענערגיע, העלפנדיק אַנדערע און באַשאַפנדיק אייגענע אונ-טערנעמונגען.

ער האָט פיל געהאָלפן מיט זיין טעטיקייט דער פאַרטיי „פּועלי-ציון", דער פאַרטיי „סאָציאַליסטן-טעריטאָריאַליסטן". דער „סערפּיסטישער" באַוועגונג, דעם „נאַציאָנאַלן אַרבעטער-פאַרבאַנד", דעם „אַרבעטער-רינג". ער האָט גענומען אָנטייל אין די אַרבעטער-קאָנפערענצן פאַר יידישע ענינים אין דער צייט פון דער מלחמה, געהאָלפן גרינדן דעם יידיש-אַמעריקאַנישן קאָנגרעס, איז געווען זייער אַקטיוו אין די אַרבעטער-צו-זאַמענפאָרן פאַר דעם צוועק, האָט זיך באַטייליקט אין דעם אַמעריקאַניש-יידישן פאַרטיידיקונגס-קאָמיטעט אין דער צייט פון פּאָגראָמען אין רוס-

לאַנד; האָט אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „דאָס נייע לעבן", האָט באַשאַפן די באַוועגונג פאַר יידיש-וועלטלעכע שולן דאָ אין אַמעריקע; האָט אַרויסגעגעבן צען בענד געקליבענע שריפטן, צוויי בענד פילאָזאָפיע, ווי אויך בראָשורן און איבערזעצונגען, וואָס זענען פאַרשפּרייט געוואָרן אין די טויזנטער עקזעמפּלאַרן. ער האָט זיך באַטייליקט אין דער יידישער פּרעסע און האָט פאַרעפנטלעכט הונדערטער אַרטיקלען אין די פאָלגנדע צייטונגען און זשורנאַלן: דער „פאָרווערטס", די „וואָרהייט", דער „טאָג", די „צייט", די „צוקונפט", דאָס „פאָלק" ווי אויך אין אַנדערע קלענערע אויסגאַבן. ער האָט אויך געהאַלטן אומגעפער אַ צוויי טויזנט רעפעראַטן איבער גאַנץ אַמעריקע וועגן פאַרשידענע ענינים. אין צייט פון וואַלן האָט ער געשטיצט די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטישע פּאַרטיי און איז אָפט אַרויסגעטרעטן אויף זייערע פאַרזאַמלונגען א. א. וו. און א. וו.

פאַר אַ שטיק צייט האָט ער אָפּגעגעבן כמעט זיין גאַנצע ענערגיע דער פּאַרטיי „פּועלי-ציון". בּאַ זיין אַריינקומען האָט די פּאַרטיי געשפּילט אַ גאַנץ קליינע ראָלע אין אַמעריקע; די ס. ט. באַוועגונג איז געווען עטוואָס גרעסער און פּאָפּולערער, אָבער ביידע האָבן שטאַרק געליטן פון מאַנגל אין אינטעליגענטע קרעפטן. דער שווערסטער פּונקט אין ביידע באַוועגונגען איז דאַן געווען דער שידוך צווישן סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם. די אַרבעטער האָבן אויף דעם געקוקט ווי אויף אַ רעאַקציאָנערן געדאַנק און האָבן בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזאַ שידוך איז גאָר מעגלעך. עס האָט דאַן געפעלט דער אויטאָריטעט צו כשרן די „אפּיקורסים", און זייער באַוועגונג האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, ביז דר. זשיטלאָווסקיס אַריבערקומען. אויף דער טעמע „נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם" האָט דר. זשיטלאָווסקי פיל מי אָפּגעגעבן, כדי צו דערקלערן די באַרעכטיקונג פון אַזאַ צוזאַמענבונד. ער האָט געהאַלטן פיל לעקציעס, געשריבן אַרטיקלען איבער דער טעמע, געפירט פּריוואַטע געשפּרעכן מיט איינפלוסרייכע טוער און אַזוי אַרום איז דער געדאַנק געוואָרן צוגענגלעכער. דאָס האָט צוגעגעבן פיל מוט די פירער פון ביידע פּאַרטייען אָנצוגיין מיט זייער אַרבעט. אַ חוץ דעם האָט דר. זשיטלאָווסקי געהאָלפן דער פּאַרטיי ס. ט. אין זייערע אַרויסטרעטונגען און האָט זיי זאָגאָר אָפּגעגעבן אַ בכבודיקן פּלאַץ אין זיין זשורנאַל „דאָס נייע לעבן" פאַר זייער אַגיטאַציע, נאָכדעם ווי זייער שריפט „דאָס יידישע פאָלק" איז אונטערגעגאַנגען.

אין ווינטער 1908—1909 איז אויף דער איניציאַטיוו פון דר. זשיט-

לאַווסקי, פאַרגעקומען אַ קאָנפערענץ פון פאַרטרעטער פון די „פועלי־ציון", סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן און סערפּיסטן, מיט דעם צוועק אויסצואַרבעטן אַ פּראָגראַם, אויף וועלכן זיי אַלע וואָלטן זיך געקאָנט פאַראייניקן אין איין פּאַרטיי. אויף אָט די קאָנפערענץ האָבן די „פועלי־ציון" האַרטנעקיק געקעמפט אַנטקעגן דער סערפּיסטישער פאָדערונג, אַריינצונעמען די גאַנצע נאַציאָנאַלע גלות־אַרבעט אין דעם פּראָגראַם. אויך די סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטיי האָט נישט געוואָלט וויסן דערפון און איז דערצו געווען קעגן אָנערקענען ארץ ישראל ווי אַ יידישע טעריטאָריע. אָבער עס איז דאָך געלונגען, נאָך לאַנגע אונטערהאַנדלונגען אַרויסצוברענגען אַ פאַראייניקונגס־פּראָגראַם. די רעזולטאַטן פון דער פאַראייניקונג זענען נישט געווען זייער גרויס, אָבער האָבן דאָך געבראַכט נוצן. די פּאַרטיי ס. ט. האָט סיי ווי געהאַלטן באַם פונאַנדערפאַלן, דער „סערפּ" האָט ווייניק וואָס פונקציאָנירט אין אַמעריקע. אייגנטלעך איז דורכדעם באַשאַפן געוואָרן אַ נייע פועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי מיט אַ באַדייטנד געענדערטן פּראָגראַם, וואָס האָט אָנערקענט די וויכטיקייט פון דער נאַציאָנאַלער אַרבעט אין גלות. פיל פון די ס. ט. און סערפּיסטן זענען אַריין אין דער פּאַרטיי; אייניקע האָבן זיך איינגעלעבט אין איר, אַנדערע ווידער האָבן פאַרלאָזט די פּאַרטיי אין אַ קורצער צייט אַרום. די איבערגעבליבענע ס. ט. און סערפּיסטן האָבן שטענדיק געשטיצט און שטיצן נאָך עד היום דר. זשיטלאָווסקיס פאַרגעשלאָגענע פּראָיעקטן אין דער פּאַרטיי.

אָפיציעל איז דר. זשיטלאָווסקי אַריינגעטרעטן אין איר אין יאָר 1916 אָדער 1917, הגם ער איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל אַריינצוטרעטן אין איר אַ לענגערע צייט פריער, איז די שפּראַך־פראַגע אין ארץ ישראל אים שטענדיק געשטאַנען אין וועג. אַריינטרעטנדיק איז ער געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע טעאָרעטישע פירער פון דער פּאַרטיי. נאָך אים זענען צוגעשטאַנען צו דער פּאַרטיי אַ גרויסע צאָל פון זיינע נאָכפאָלגער און דאָס האָט פיל געהאָלפן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער אַרבעט.

דר. זשיטלאָווסקי איז געוואָרן נאָך מער ענערגיש אין דער פּאַרטיי נאָך דעם אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן אין דער שפּראַך־פראַגע צווישן אַ גרופּע אַמעריקאַנער חברים, מיט דעם באַפולמעכטיקטן פאַרטרעטער פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, דר. שמריהו לעווין. דער דאָקומענט איז אונטערגעשריבן געוואָרן פון דר. שמריהו לעווין, דר. נחמן

סירקין, פ. רוטענבערג, בן גוריון, בן צבי, ברוך צוקערמאַן, דר. חיים זשיטלאָווסקי און פון מיר.

דער דאָקומענט האָט זיך געלעזן אומגעפער אַזוי: מיר שטרעבן דערצו, אַז אין ארץ ישראל זאָלן העברעיש, יידיש און שפּאַניאָליש זיין גלייכבאַרעכטיקט. די פּאַרטיי, אַלס אַזעלכע, איז נישט געווען אָפיציעל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אונטערשרייבער און די מיינסטע מיטגלידער זענען שטענדיק געווען העבּרעיסטיש געשטימט, ספּעציעל פאַר ארץ ישראל. און דעריבער איז טאַקע געבליבן דער דערמאַנטער דאָקומענט אַ טויטער בוכשטאַב. דר. זשיטלאָווסקי האָט שטענדיק באַקעמפט דעם העברעיזם אויף אַלע פאַרטיי-צוזאַמענפאָרן אַלס אַ רעאַקציאָנערע באַוועגונג, אָבוואָל ער האָט קיינמאָל גאָרנישט געהאַט אויסצוזעצן אַנטקעגן דער העברעישער שפּראַך אַלס אַזעלכער. ער האָט אויך געשריבן אַ רייע אַרטיקלען אין „צייט”, דעם אָפיציעלן פאַרטיי-אָרגאַן, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט מיט אַזוי פיל מי געהאָלפן שאַפן. די פאַרטיי „פועלי-ציון” האָט געשפּילט אַן אומגעהייער גרויסע ראָלע אין דעם אַמעריקאַנער יידישן לעבן ביז דער לעצטער צייט, און מיר קאָנען מיט רעכט זאָגן, אַז אַ דאַנק דער טעטיקייט פון דער פאַרטיי, איז צושטאַנד געקומען דער אַמעריקאַניש-יידישער קאָנגרעס, אויף וועלכן דר. זשיטלאָווסקי האָט געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע, סיי אין פּראָצעס פון צוזאַמענרופן דעם קאָנגרעס און סיי אויף דער ערשטער סעסיע פון אים.

דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס איז געווען איינער פון די שענסטע דערשיינונגען אין דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, ווען דאָס יידישע פאָלק האָט געהאַט די מעגלעכקייט דורך זיינע פאַרטרעטער ארויסצוזאָגן פאַר דער וועלט זיינע פאָדערונגען. די קאָנגרעס-לייט זענען געווען געוויילט אויף אַלגעמיינע דעמאָקראַטישע יסודות. די וואַלן האָבן געדויערט צוויי טעג. אומגעפער אַ מיליאָן יידן האָבן זיך באַטייליקט אין די וואַלן. דער קאַמפּיין האָט געטראָגן אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַ פּאָליטישן קאַמף.

עס איז, פאַרשטייט זיך, נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט ווי עס רעדט זיך; די שווערסטע זאַך איז געווען געווינען פאַר אים די יידישע אַרבעטערשאַפט און די יאַהודימשע אַסימילאַטאָרישע פאַרשטייער. עס האָט זיך דעריבער געפאָדערט פון אונזער זייט פיל אַגיטאַציע צווישן דער אַרבעטערשאַפט, און עס האָט זיך אונז איינגעגעבן צונויפצורופן צוויי צו-

זאַמענפאָרן פון די אָרגאַניזירטע אַרבעטער-קרייזן. אין ביידע האָט דר. זשיטלאָווסקי געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָלע. די באַוועגונג פאַר אַ יידישן קאָנגרעס האָט זיך געצויגן ווי פון פעך, אַריבער אַ פּאָר יאָר, ביז וואַנען פּנחס רוטענבערג איז געקומען קיין אַמעריקע און די ערשטע ערנסטע פאַרהאַנדלונג מיט אַ פּאָר וויכטיקע יידישע אַרבעטער-פירער איז פאָרגעקומען בּאַ מיר אין הויז אין יאָר 1915. מיט רוטענבערגס אַריבערקומען איז אונזער גאַנצע פּאָזיציע פיל פאַרבעסערט געוואָרן.

די ערשטע אַרבעטער-קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין סעפּטעמבער 1915 און האָט זיך געענדיקט מיט אַ שפּאַלטונג. די פּאַרטיי פּועלי-ציון האָט פאַרלאָזט די קאָנפערענץ און האָט באַשלאָסן צו פירן אַ זעלבסטשטענדיקע אַגיטאַציע צווישן דער אַרבעטערשאַפט. אין יענער צייט איז דר. זשיטלאָווסקי אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און האָט שטאַרק אַגיטירט פאַר דער אידעע, אַז די אַרבעטער זאָלן זיך באַטייליקן אין דעם קאָנגרעס. נאָך דער שפּאַלטונג האָט זיך געגרינדעט דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער בלאָק פון פּועלי-ציון, ס. ס. און עס-ערן, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פאַר אַ קורצער צייט אַ וואָכנשריפט „דער יידישער קאָנגרעס", וואָס האָט עקזיסטירט ביז דער ערשטער סעסיע אין פילאַדעלפיע. דר. זשיטלאָווסקי האָט געשריבן אַ רייע אַרטיקלען אין דער דערמאָנטער וואָכנשריפט און איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געטענהט, אַז אָן דער אָרגאַניזירטער אַרבעטערשאַפט גייען מיר נישט צום קאָנגרעס.

די צווייטע אַרבעטער-קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין דעם יאָר 1915 אָדער 1916 און איז שוין דורכגעגאַנגען מער דערפאָלגרייך ווי די ערשטע, אָבער אויך זי האָט זיך געענדיקט מיט אַ קאָמפּראָמיס-רעזאָלוציע, אַז ארץ ישראל ווערט באַטראַכט ווי איינע פון די יידישע צענטערן. אויך די קאָנפערענץ וואָלט זיך געענדיקט מיט אַ שפּאַלטונג, ווען נישט דר. זשיטלאָווסקיס טאַקטישע האַנדלונג און שאַרפע אַרויסטרעטונגען אויף די זיצונגען. אַ קורצע צייט פאַר די וואַלן האָבן אָבער די אַרבעטער-פירער אַרויסגעלאָזט דעם לאָזונג, נישט צו באַטייליקן זיך אין דעם קאָנגרעס. די אָרגאַניזירטע אַרבעטערשאַפט האָט דעריבער נישט גענומען קיין אָנטייל אין די וואַלן, אָבער אייניקע פירער זייערע זענען געקומען צו דער ערשטער סעסיע פון קאָנגרעס אויף דער איינלאַדונג פון אונזער עקזעקוטיווע און האָבן זיך גערעכנט פאַר אַ טייל פון אונזער

בלאָק. אַזוי אַרום האָט אונזער בלאָק געציילט אַן ערך איין זעקסטל פון די קאָנגרעס-לייט, און האָט דעריבער געהאַט אַ גרויסע ווירקונג.

די ערשטע סעסיע פון קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין דעם יאָר 1917 און עס איז נישט מיין אויפגאַבע צו כאַראַקטעריזירן דעם גאַנג פון דער סעסיע. איך וויל זיך בלויז אָפּשטעלן אויף צוויי וויכטיקע מאָמענטן אין וועלכע דר. זשיטלאָווסקי האָט געשפּילט אַ זייער געלונגענע ראָלע. איין מאָמענט איז געווען ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן מינאָריטעטן רעכט פאַר יידן, דער צווייטער — וועגן דער שייכות צווישן „רעליגיע" און „נאַציע".

אין דעם רעוואָלוציאָנס-קאָמיטעט, ווו די מינאָריטעטן-פראַגע איז פאַרהאַנדלט געוואָרן, זענען געווען פאַרטרעטן צוויי ריכטונגען, די אַסימילאַטאָרישע, אויף דער שפּיץ פון וועלכער עס איז געשטאַנען מר. לואיס מאַרשאַל, און דער נאַציאָנאַלער פליגל, וואָס איז געווען אָנגעפירט פון דר. זשיטלאָווסקי.

דר. זשיטלאָווסקי האָט נאָך אין דער צייט פון דער מלחמה פאָראויסגעזעען נייע מלוכה-איינטיילונגען, וועלכע וועלן באַשאַפן ווערן נאָך דער מלחמה, און די ראָלע, וואָס וועט אויסקומען צו שפּילן די יידן אין איינעם מיט די אַנדערע מינאָריטעטן אַנטקעגן די הערשנדע נאַציעס אין די ניי-באַשאַפענע מלוכות. ער האָט דעריבער געפאָדערט נאַציאָנאַלע, פּאָליטישע, קולטורעלע און עקאָנאָמישע גלייכבאַרעכטיקונג מיט אַלע אַנדערע מינאָריטעטן. מר. מאַרשאַל אָבער האָט זיך באַנוגנט מיט פאָדערן פון די הערשנדע רעגירונגען בלויז רעליגיעזע, בירגערלעכע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע גלייכבאַרעכטיקונג. דער קאַמף צווישן ביידע פירער האָט געדויערט שעהן לאַנג און נאָר אַ דאַנק דער עקשנות פון דר. זשיטלאָווסקי און זיינע שטאַרקע אַרגומענטן פאַר זיין פּאָזיציע איז זיין רעזאָלוציע דורכגעגאַנגען מיט אַ מאַיאָריטעט.

דער צווייטער כאַראַקטעריסטישער אינצידענט איז אויך געווען אַ וויכטיקער. ווען אפילו נישט פון אַ פּראַקטיש פּאָליטישן שטאַנדפּונקט ווי דער ערשטער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פונאַנדערשיידונג פון „רעליגיע" און „נאַציע". דער נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער בלאָק, האָט באַשלאָסן צוצושטעלן צום קאָנגרעס אונזער ספּעציפישע פאָדערונג פון קאָנגרעס, ווי אויך דערקלערן אונזער בליק אויפן יידישן נאַציאָנאַלן לעבן, דאָס לעצטע האָט פאַרלאַנגט דר. זשיטלאָווסקי, וואָס האָט געפאָדערט, מיר זאָלן זיך קלאָר אַרויסזאָגן פאַר דעם פּרינציפּ פון וועלטלעכקייט.

יהואש און דר. זשיטלאָווסקי זענען אויסגעקליבן געוואָרן אויסצואַרבעטן אונזער דעקלאַראַציע, און זשיטלאָווסקי האָט זי געדאַרפט פאָרברענגען פאַר דער סעסיע. די דעקלאַראַציע, פאָרמולירט פון דר. זשיטלאָווסקי, איז געווען רייך אין אינהאַלט און שיין אין פאָרם.

ווען דר. זשיטלאָווסקי האָט זיך באַוויזן אויף דער פּלאַטפאָרם, איז זר זייער וואַרעם אויפגענומען געוואָרן פון די מערסטע קאָנגרעס־לייט. אין זאַל איז געוואָרן שטיל און רויק, דער עולם האָט זיך צוגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אָבער די רויקייט האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. ווי נאָר עס איז געקומען צום פּונקט פון „וועלטלעכקייט", איז מיטאַמאָל געוואָרן אַ ליאַרם און דער זאַל האָט גענומען גיין כאָדאָראָם. יידן מיט יאַרמולקעס אויף די קעפּ האָבן אָנגעהויבן אַרומלויפן איבערן זאַל, אונטער דער פירערשאַפט פון הרב מאיר בערלין, און האָבן געשריגן און געפילדערט. עס האָבן זיך געהערט קלאַנגען פון צייט־צו־צייט: „דער אפּיקורס פאַרסמט אונזער יוגנט!" די אָרטאָדאָקסן האָבן געפאָדערט, ער זאָל פאַרלאָזן די פּלאַטפאָרמע, יעדער איינער האָט געפרווט איבערשרייען דעם אַנדערן. אונזער צד האָט אויך נישט געשוויגן, יואל ענטין האָט זיך שטאַרק געקאָכט, ברוך צוקערמאַן האָט בלויז געמאַכט מיט די הענט, מחמת ער איז שוין געווען הייזעריק פון די פריערדיקע פאַרזאַמלונגען. אין מיטן איז געשטאַנען די שיינע אימפּאָזאַנטע פיגור פון פּראָפעסאָר יצחק אייזיק הורוויץ, מיט אַ קאָפּ העכער פון אַלעמען. ער האָט די גאַנצע צייט געפאָדערט דאָס וואָרט און נישט באַקומען. פּנחס רוטענבערג האָט געטענהט, אַז „מען דאַרף קעמפן". דער פאָרזיצנדער, דזשאָרזש מעק, איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און געקלאַפּט מיטן האַמער, דערקלערנדיק דערביי, אַז ער פאַרשטייט נישט קיין יידיש און ווייסט בכלל נישט, וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך.

דר. זשיטלאָווסקי איז די גאַנצע צייט פון דעם ליאַרם געזעסן רויק אויף דער פּלאַטפאָרמע, ווי דאָס וואָלט נישט געהאַט צו טון מיט אים. אָבער אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז אויפגעבן זיין רעכט וועט ער נישט אַזוי רויק. די טראַגי־קאָמעדיע האָט אָנגעהאַלטן איבער אַ שעה.

ערשט, ווען גדליה בובליק, דער רעדאַקטאָר פון „טאָגע־בלאַט", האָט אין דעם נאָמען פון די אָרטאָדאָקסן דערקלערט, אַז זיי פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג פאַר דער צייט, וואָס דר. זשיטלאָווסקי וועט רעדן, האָט ער פאַרענדיקט די דעקלאַראַציע, וועלכע איז פּראָטאָקאָלירט געוואָרן. אַזאַ דערפאָלג איז נאָר מעגלעך געווען מיט דר. זשיטלאָווסקי אויף דער פּלאַט־

פאָרם. נאַטירלעך, האָט ער זיך אויך באַטייליקט אין אַנדערע אַרבעטן פון קאָנגרעס. ער איז שטאַרק געווען פאַראינטערעסירט אין די ענינים, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו ארץ־ישראל.

דער ענטוזיאַזם פאַר ארץ־ישראל האָט אויף דער יידישער גאַס געהאַלטן אין איין שטייגן אין דער ערשטער צייט פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. מיר האָבן דעריבער אָרגאַניזירט אַ יידישן לעגיאָן אונטער דער ענגלישער פאָן. די אָרגאַניזאַציע פון דעם לעגיאָן איז געלעגן אין די הענט פון אַ קאָמיסיע, פון וועלכער איך בין געווען פרעזידענט און דר. זשיטלאָווסקי און דר. סירקין — די טעטיקסטע מיטגלידער.

מיר האָבן אַריבערגעשיקט איבערן ים אַן ערך פון זעקס טויזנט יונגעלייט, ביז אַמעריקע איז אַריין אין קריג.

דר. זשיטלאָווסקי האָט שטענדיק געשטרעבט צו פאַראינטערעסירן די יידישע אַרבעטערשאַפט מיט ארץ־ישראל און האָט געפירט צוליב דעם אַן ענערגישע מינדלעכע און שריפטלעכע פּראָפּאַגאַנדע. מיט דער הילף פון פנחס רוטענבערג איז אונז געלונגען צוזאַמענצורופן אַ לאַנדס־קאָנפערענץ פון אַלע אַרבעטער־גרופּן. די קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן זאַל אין ניו־יאָרק און איז געווען גוט באַזוכט.

די דעבאַטן האבן זיך געצויגן אומגעפער אַנדערהאַלבן מעת־לעת. אויף דער קאָנפערענץ האָט דר. זשיטלאָווסקי געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָלע. צווישן אַנדערע רעזאָלוציעס האָט ער אויך אַריינגעבראַנגט אַ רעזאָלוציע, אַז מיר פאָדערן נישט ווייניקער, ווי מען זאָל דעם יידישן פאָלק געבן די מעגלעכקייט צו גרינדן אין ארץ־ישראל אַ יידישע אומאָפּהענגיקע רעפּובליק, קודם־כל דורך אַ דערברייטעסטער עמיגראַציע. דר. זשיטלאָווסקי האָט שטאַרק פאַרטיידיקט דעם פּונקט.

אַ קאָמיטעט איז אויסדערוויילט געוואָרן פאַר דעם צוועק צו שטודירן די אַרבעט אין ארץ־ישראל, אָבער בײַ דעם איז עס געבליבן. פּונדעסטוועגן איז די אַרבעט נישט פאַרלוירן געגאַנגען אינגאַנצן. מען קאָן מיט רעכט זאָגן, אַז דער איצטיקער אַרבעטער־ווערקשאַפטן־קאַמפּיין פאַר ארץ ישראל איז אַ רעזולטאַט פון אונזער דעמאָלטיקער פּראָפּאַגאַנדע.

פאַרגלייכן מיר די אומגעהייערע גרויסע אַגיטאַציע און די כחות, וואָס זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן פון אונזערע בעסטע קרעפטן פאַר דער נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווער באַוועגונג, — דערצו נאָך אין אַ צייט ווען מען האָט זיך געטרונקען אין בלוט און יסורים, — מיט די מאָגערע רעזולטאַטן, וואָס מיר האָבן דערגרייכט, קאָן מען זיך לייכט פאָרשטעלן, אין אַ

וועלכן יידיש-נאַציאָנאַלן מעמד עס האָט זיך געפונען דאָס יידישע פאָלק אין אַמעריקע, איידער זשיטלאָווסקיס קומען.

די וועלט-מלחמה מיט די קאַטאַסטראָפאַלע פאָלגן אין יידישן לעבן פון מזרח-אייראָפּע און דער פאַרשאַרפטער אַנטיסעמיטיזם דאָ אין לאַנד האָבן אָן צווייפל עטוואָס אויפגעוועקט די נאַציאָנאַלע געפילן אפילו בּאַ די פאַרביסנסטע אַסימילאַטאָרן. אָדער נאָר אַ דאַנק די צען יאָר פאַר-בּאַרייטונגס-אַרבּעט פון דר. זשיטלאָווסקי, האָבּן געקאָנט דערגרייכט ווערן אָט די רעזולטאַטן.

איינע פון די וויכטיקסטע אַרבעטן אין דר. זשיטלאָווסקיס טעטיקייט, וואָס האָט געהאַט אַ ווירקונג נישט נאָר אויף אַמעריקע, איז באַשטאַנען אין זיין אַרויסגעבן דעם זשורנאַל „דאָס נייע לעבן. (1909—1912)

דר. זשיטלאָווסקי האָט זיך פאַר אַ לאַנגער צייט אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק, אַז מיר דאַרפן האָבּן אַן אייגענעם זשורנאַל. נאָך אייניקע בּאַראַטונגען מיט איינציקע חברים איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופן אַ גרעסערע פאַרזאַמלונג פון פּראָמינענטע טוער און שריפטשטעלער. די פאַרזאַמלונג איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן בּאַ מיר אין הויז. די מיינסטע אָנוועזנדע האָבן געאַכטעט דר. זשיטלאָווסקין פאַר זיין רעוואָ-לוציאָנערער טעטיקייט, אָבּער זיי זענען געווען קעגנער פון זיין סאָציאַלן פּראָגראַם. עס האָט זיך פּשוט נישט געגלייבּט, אַז עס וועט עפּעס אַרויסקומען פון אָט דער פאַרזאַמלונג. נאָך אַ קורצער דערקלערונג פון פאַרזיצער האָט דר. זשיטלאָווסקי פאָרגעלעזן זיין דעקלאַראַציע, וואָס האָט געמאַכט אויף אַלע אָנוועזנדע אַן אומגעהייער שטאַרקן איינדרוק, און עס איז נאָך אַ קורצער דיסקוסיע בּאַשלאָסן געוואָרן, אַרויסצוגעבּן אַ מאָנאַט-לעכן זשורנאַל אונטער דער רעדאַקציע פון דר. זשיטלאָווסקי. אויף דער פאַרזאַמלונג איז אויך אויסגעקליבּן געוואָרן אַ קליינער קאָמיטעט אין וועלכן עס זענען אַריין זיינע נאָענטסטע פריינט ווי דר. י. מינץ. דר. י. א. מע-ריסאָן און י. קאָפּעלאָוו. עס איז בּאַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן אַ פאָנד פון צוויי טויזנט דאָלאַר. אין יענער צייט איז עס געווען אַ זייער בּאַדייטנדע סומע. קיין גרויסע גבירים האָבּן זיך צווישן אונז נישט געפונען. יעדע-רער האָט בּייגעטראָגן אַ קליינע סומע און עס איז בּאַשלאָסן געוואָרן, ווי געוויינלעך, צו „גיין איבּער די הייזער". אויך די מיסיע פון געלט קלויבּן, איז געפאַלן, צום מיינסטן אויף אונזער רעדאַקטאָר מיט זיינע נאָענטסטע פריינט. אַ טייל פון דער סומע איז געשאַפן געוואָרן מיט גרויס מי, און אין דעצעמבּער 1908 איז אַרויס דער ערשטער נומער.

דער אויסגעקליבענער קאָמיטעט איז באַשטאַנען דאָס רוב פון פּאַר־נומענע און נישט דערפאַרענע מענטשן אין דעם פאַך און דערצו נאָך האָט שטענדיק געפעלט געלט אין קאַסע. מיר זענען שטענדיק געווען איינגעטונקען אין חובות, טראָץ דעם, וואָס סיי דער רעדאַקטאָר, סיי די מיטאַרבעטער האָבן כמעט די גאַנצע צייט נישט באַקומען קיין האָנאָראַר.

דער זשורנאַל, רייך אין אינהאַלט, אויסגעהאַלטן און טריי צו זיי־נע אידעען, איז געוואָרן אַ מוסטער פון אַ קאַמף־און פּראָפּאַגאַנדע־אָרגאַן. עס האָבן זיך באַטייליקט אין אים אַרום 80 פון די בעסטע אַמעריקאַנער און אייראָפּעישע שריפטשטעלער. אומגעפער 3 טויזנט לעזע־זייטלעך זע־נען געדרוקט געווען פאַר דער צייט, פון וועלכע אַן ערך 5 הונדערט זע־נען געווען געשריבן פון דר. זשיטלאָווסקין. דער זשורנאַל איז לויט דעם אינהאַלט נישט געווען צוגענגלעך צו די גרויסע מאַסן, איז אָבער געווען אַ קוואַל פון תורה פאַר דעם אינטעליגענטערן עולם, וואָס האָט זי פאַר־שפּרייט אומעטום, — ווו נאָר מעגלעך, אפילו צווישן ענגליש־שפּרעכנדע.

נאָך פינף יאָר אַרבעט זענען מיר געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן „דאָס נייע לעבן", נאָכדעם ווי דר. זשיטלאָווסקי האָט אין 1913 פאַרלאָזט אַמעריקע. צוריקגעקומען איז ער אין 1914, אָבער ערשט אין 1922 האָבן מיר ווידער געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצוגעבן דעם זשורנאַל אונטער דער רעדאַקציע פון ש. ניגער און דר. זשיטלאָווסקי. ליידער, האָבן מיר זיך אַ ביסעלע צוגעאיילט מיט דעם עקספּערימענט אַרויסצוגעבן אַ זשורנאַל אָן געזיכערטע געלט־מיטלען און נאָך מיט אַלטע חובות, אין אַ צייט ווען די קאָסטן פון פּאַפּיר און דרוק האָבן געשטיגן פון טאָג צו טאָג. דער זשורנאַל האָט עקזיסטירט בלויז אַ יאָר.

דר. זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן" האָט אויפגעטאָן פאַר אַמע־ריקע דאָס, וואָס די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ האָט אויפגעטאָן פאַר דער גאַנצער וועלט. ער האָט פּראָקלאַמירט, אַז יידיש איז אַ שפּראַך מיט שפּראַכן גלייך און האָט דאָס אויך באַוויזן מיט אַ רייע פילאָזאָפישע פּובליציסטישע אַרטיקלען, פּאָעזיע, קריטיק, אָריגינעלע דערציילונגען פון באַוווּסטע שרייבער. דאָס וויכטיקסטע אָבער איז, וואָס ער האָט באַ־שאַפן אין אַמעריקע דעם באָדן פאַר דער מאָדערנער וועלטלעך־יידישער קולטור־באַוועגונג. אַ דאַנק דר. זשיטלאָווסקיס פּראָפּאַגאַנדע פאַר זיין ריכ־טונג אין דעם נאַציאָנאַלן סאָציאַליזם און די אַגיטאַציע אין זיין זשור־נאַל, איז אַוועקגעלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר די מאָדערנע וועלט־

עכע יידישע שולן אין אמעריקע, מיט וועלכע עס שטאַלצירן איצט אַזוי ענע פּראָגרעסיווע קערפּערשאַפטן, וואָס האָבן פריער גאָרנישט געוואָלט ויסן פון זיי.

ווען דר. זשיטלאָווסקי האָט מיר פאַרגעלייגט דאָס ערשטע מאָל זיין לאַן צו גרינדן יידישע שולן אין אַמעריקע פאַר קינדער, האָט זיך פאַר מיר באַוויזן די לאַגע, וואָס ער אַליין האָט באַשריבן שפּעטער אין „דאָס ייע לעבן". ער שרייבט אין „דאָס נייע לעבן", 1909, זייט 55.

גיי, גרינד אַ יידישע שול, אַז ס'איז נישטאָ קיין יידישע שול-ביכער, נישט קיין יידישע שול-לערער און נישט קיין לערן-פּראָגראַם. מיט וואָס הייבט מען אָן? — „אָבער", האָבן מיר געטענהט, „דערפאַרונג פאַלט נישט אַראָפּ פון הימל. לאָמיר אָנהייבן מיט וואָס עס איז. לאָמיר אָנהייבן פאַלש... מען דאַרף קודם גיין אין וואַסער, כדי צו לערנען זיך שווימען". „אָט דאָ שטעקט דאָך די גאַנצע צרה", ענטפערט מען, „וואָס ס'איז נישטאָ קיין וואַסער. ס'איז נישט מער ווי אַ „גלות-בלאָטע"... ניין, וואַסער איז דאָ", טענהט אַן אַנדערער קעגנער: „ס'איז דווקא אַ רייסנדיקער שטראָם פון אַסימילאַציע. איר וועט נישט קאָנען שווימען אַקעגן שטראָם". לאָמיר פּרווון, וועלן מיר זען!" — בעטן מיר זיך רחמים. „וואָס טויגן די חכמות?" שניידט מען אונז אָפּ די רייד: „איין זאַך וועט אויך אייער אויטאָפּיסטישער מוח צוגעבן: אַז צו אַ יידישער שול דאַרף מען האָבן יידישע קינדער. נו — און דער מין איז נישטאָ... זיי ווילן נישט קיין יידיש און וועלן קיינמאָל נישט וועלן". אָט די אַלע שוועריקייטן זענען ווי אַ רויך פאַרשוונדן, ווי נאָר מען איז ערנסט צוגעטרעטן צו דער אַרבעט". (ז. 55—56).

באַטראַכט איך אָבער דעם איצטיקן פאַרנעם פון דער מאָדערנער יידישער שול-באַוועגונג אין אַמעריקע און זע, אַז עס געפינט זיך כמעט אין יעדן קליינעם שטעטל אַ שול און אַז אין די גרעסערע שטעט איז דאָ צו עטלעכע, ווו אַמעריקאַנער געבוירענע קינדער קריגן אַ מאָדערנע דערציונג אין דער יידישער שפּראַך, און אַז עס זענען דאָ אומגעפער 10 טויזנט קינדער, וואָס באַזוכן די שולן, מיט געניט דערפאַרענע לערער און לערנביכלעך, מיט אַ לערער-סעמינאַר, פון וועלכן עס גראַדויִרן ערלעך צענדליקע גוט-דערפאַרענע פּעדאַגאָגן; און אַז מיר פאַרמאָגן שוין איצט עטלעכע גאַנצע נאָרמאַלע שולן, ווו קינדער באַקומען אַ יידישע און ענגלישע דערציונג, גלייבט זיך פּשוט נישט, אַז אייערנעכטן, ראַכט זיך, איז עס געווען, ווען דר. זשיטלאָווסקי, דער פאַטער פון דעם

שול־געדאַנק, האָט אָנגעפאַנגען זיין אידעע צו פונאַנדערוויקלען דאָ אין אַמעריקע. און נישט בלויז מיט „טעאָריעס" האָט דר. זשיטלאָווסקי גע־האָלפן דער באַוועגונג, נאָר אויך אין דער פּראַקטיק. ער פלעגט אָפּגעבן אַ טאָג אין דער וואָך דער פאַר געלט־זאַמלונגען. ער איז פּשוט אַרומגעגאַנ־גען, פון הויז צו הויז געקליבן נדבות, כדי צו דעקן די דעפיציטן פון דער ערשטער „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלער" שול, וואָס האָט אָנגעהויבן צו פונקציאָנירן אין יאָר 1911 מיט אַן ערך 40 קינדער.

איך וואָלט געקאָנט אויסרעכנען נאָך אַ סך און אַ סך מאָמענטן פון דעם „זשיטלאָווסקי־פּעריאָד", וואָס וואָלטן געווען זייער אינטערעסאַנט פאַרן לעזער: זיין אָנטייל אין פאַרשידענע באַראַטונגען, וואָס זענען גע־ווען זייער וויכטיק פאַר דער באַוועגונג, זיינע פאַרשידענע עפּנטלעכע דעבאַטן, וועלכע זענען געווען זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט; ביאָגראַפישע עפּיזאָדן פון זיין לעבן אין אַמעריקע, אויף וויפיל זיי האָבן געהאַט אַ שייכות צו דעם, וואָס ער האָט אויפגעטון, און צו דעם, וואָס ער האָט געוואָלט אויפטון, נאָר די באַדינגונגען האָבן עס נישט דערלאָזט. ליידער מוז איך מיך איצטער באַגנוגענען מיט אָט דעם קורצן איבערבליק.

**ש. עלסבערג**

## זשיטלאָווסקיס אַווטאָנאָמיזם

**אין** מיינע „בריוו וועגן אַלטן און נייעם יידנטום" (1907—1897) און שפּעטער אין לעצטן באַנד פון מיין „נייעסטער געשיכטע" (געשריבן אין דער מלחמה־צייט) האָב איך נישט דערמאַנט זשיטלאָווסקיס נאָמען צווישן די ערשטע, וואָס האָבן פאַרבונדן די סאָציאַליסטישע אידעאָלאָגיע מיט דעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק. די סיבה איז געווען גאָר אַ פּשוטע: אין רוסלאַנד זענען אונז אין יענער צייט כמעט נישט געווען באַקאַנט זשיטלאָווסקיס פּובליציסטישע ווערק, וואָס האָבן זיך געדרוקט מיינסטנס אין אויסלאַנד אין אומלעגאַלע רוסישע אויסגאַבן און ערשט אין דער מלחמה־און רעוואָלוציע־צייט זענען זיי אַרויס אין ניו־יאָרק אין זיינע „געזאַמלטע שריפטן" (באַנד 5, 6 און 7, געדרוקט 1917).

פון יונגע יאָרן געדענק איך דאָס ערשטע רוסישע ביכל זשיטלאָווסקיס: „געדאַנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פונם יידנטום" (1887). איך בין דעמאָלט געווען „קריטיקוס" אין דער מאָנאַטשריפט „וואָסכאָד" און האָב דאָס ביכל רעצענזירט. די רעצענזיע איז געווען נישט גינסטיק: פונם ביכל האָט אַרויסגעקוקט אַ גאָר „גרינער" שרייבער מיט נישט קלאָרע געדאַנקען וועגן די גרויסע פראַגן, וואָס ער האָט געוואָלט פאַרענטפערן: געשיכטס־פילאָזאָפיע, עקאָנאָמישע רעפאָרמען אינם יידישן לעבן. עפּעס איז דאָרטן געווען וועגן דער אַלטער סעקטע איסיים — דער שטרענג־קאָנסערוואַטיווער רעליגיעזער קאָמונע, וואָס דער יונגער סאָציאַליסט האָט אַרויסגעשטעלט אַלס רעוואָלוציאָנערן מוסטער פאַרן יידישן „העדלער־פאָלק". ס'איז קענטיק געווען, אַז דער יונגערמאַן זוכט אַ וועג פאַר זיינע רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און האָט אים נאָך ניש טגעפונען.

שפּעטער האָט מען אין אונזערע ליטעראַרישע קרייזן פון זשיטלאָווסקין אַ לאַנגע צייט נישט געהערט. ער האָט אָבער געאַרבעט אין די אויסלענדישע סטודענטישע קרייזלעך און עפּעס דאָרטן אויפגעטון אין דער סאָציאַליסטיש־נאַציאָנאַלער ריכטונג. אין דער צייט פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע (1905—1906) האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן זשיטלאָווסקיס „יידישיזם״, טעריטאָריאַליזם און „סיימיזם״: עטלעכע אַרטיקלען פון אים זענען געווען געדרוקט אין די זאַמלביכער „סערפּ״. אָבער נישט ווייסנדיק פון זיינע אַנדערע שריפטן האָט מען נישט געקאָנט באַקומען קיין קלאָרן באַגריף וועגן זיין גאַנצער אידעאָלאָגיע, בפרט אין דער פראַגע פון אווטאָנאָמיע.

ערשט איצט, זיצנדיק אין די טהירינגישע וועלדער אויף אַ קורצן זומער־אָפּרו, לייען איך די דריי פּובליציסטישע בענד פון זשיטלאָווסקיס „געזאַמלטע שריפטן״, וואָס זענען אַרויס אין אַמעריקע אין דער צייט, ווען די באָלשעוויקעס האָבן אונז אין פּעטערבורג אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט. ערשט איצט הויב איך אָן צו פאַרשטיין זיין אייגנאַרטיקע נאַציאָנאַלע אידעאָלאָגיע אין איר דרייסיקיעריקער אַנטוויקלונג און קאָן זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן איר באַציונג צו אונזער אַווטאָנאָמיזם.

איך לייען איצט אויפמערקזאַם די ערשטע אויסלענדישע בראָשור זשיטלאָווסקיס „אַ ייד צו יידן״, וואָס איז אין יאָר 1892 אַרויסגעגעבן אין רוסיש דורך דער לאָנדאָנער „פאָנד פון דער פרייער רוסישע פרעסע״ (יידיש אין „פאַרזאַמלטע שריפטן״ באַנד VI, זייט 13-55). איך זוך דאָרטן סימנים פון דעם מאָדערנעם באַגריף „אַווטאָנאָמיזם״ און געפין זיי נישט: די צייט איז נאָך געווען צו פרי פאַר אַזאַ באַגריף. אָבער מיט פרייד דעק איך אויף דעם ערשטן סאָציאַליסטישן פּראָטעסט קעגן אַסימילאַציע, קעגן דעם אַריינדרינגען פון דער עמאַנסיפּירטער אָדער פאַר עמאַנסיפּאַציע קעמפנדער יידישער אינטעליגענץ אין פרעמדע נאַציעס. רעדנדיק וועגן די מיליאָנען רוסישע יידן, זאָגט דער מחבר, אַז זיי זענען נישט פיר פּראָצענט פון דעם אַרומיקן פאָלק, נאָר „הונדערט פּראָצענט פון זיך אַליין״ (VI. 48), ד. ה. אַ פאָלק פאַר זיך. ער מוסרט די יידישע רעוואָלוציאָנערן פאַר זייער אינדיפערענטיזם צום אייגענעם פאָלק און רופט זיי צום „ווידערבאַלעבונג פון דעם יידישן פאָלק אויף די יסודות פון ערדאַרבעט אין רוסלאַנד״ (ז. 53). די סינטעזע פון זיינע רוסישע סאָציאַלרעוואָלוציאָנישע אידעאַלן מיט דעם יידישן נאַציאָנאַלן געדאַנק דריקט זשיטלאָווסקי אויס אין דער האָפנונג, אַז די „יידישע אינטעליגענץ וועט

זיך אומקערן צו איר פאָלק, ווי נאָר זי וועט געפינען אין אים אַ דאַנקבאַרן באָדן פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון סאָציאַליסטישע אידעאַלן, און דער אַגראַרישער סאָציאַליזם, די ליכטיקע צוקונפט פון דעם ערד-אַרבעטנדן רוסלאַנד, וועט ווערן דער אידעאַל אויך פון יידישע פויערים-מאַסן". פאַר „דעמדאָזיקן אידעאַל פון דער יידישער דאָרף-קאָמונע" מוזן יידן קעמפן צוזאַמען מיט די רוסישע רעוואָלוציאָנערן (דאָרטן ז. 54).

דאָס איז אַ פּאַרטייאיש סאָציאַל-עקאָנאָמישער פּראָגראַם, אָבער נאָך נישט אַ פּאָזיטיווער ריין-נאַציאָנאַלער פּראָגראַם פאַרן גאַנצן פאָלק. עס פעלן נאָך דאָ די קאָנקרעטע פאָרמען פון דער יידישער „נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג". צו דעם לעצטן פּרינציפּ איז זשיטלאָווסקי ערשט צוגעגאַנגען נאָך דעם קריטישן יאָר 1897, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין אונזער נאַציאָנאַלער באַוועגונג בכלל (פּאָליטישער ציוניזם, קולטור-נאַציאָנאַליזם, „בונד"). אין דעם זעלבן יאָר גיט ער די ערשטע, נאָך נישט דייטלעכע, באַגרינדונג פון זיין שפּראַך-נאַציאָנאַליזם, שפּעטער „יידישיזם" („פאַרוואָס דווקא יידיש?" — געדרוקט אין „פאָרווערטס" אין יאָר 1900; „געז. שריפט.", באַנד V. 31—43). אין אַ יאָר אַרום שטעלט ער די נאַציאָנאַלע פראַגע ברייטער: ער פאָדערט פאַר דעם יידישן פאָלק נישט נאָר בירגערלעכע, נאָר אויך „נאַציאָנאַלע גלייכע רעכט מיט אַלע פעלקער". דידאָזיקע וויכטיקע פאָרמול איז אַרויסגעשטעלט אין זשיטלאָווסקיס אַרטיקל „ציוניזם אָדער סאָציאַליזם?", וואָס איז געדרוקט אין דעם בונדיסטישן „אידישען אַרבייטער" פונם יאָר 1868 (נומער 6) אינטערן פּסעוודאָנים בן-אהוד און אין אַ באַזונדערער בראָשור („געזאַם. שריפטן" באַנד V, 47—76). דער „בונד" האָט, ווי באַקאַנט, אין יענער צייט נאָך נישט געשאַפן זיין נאַציאָנאַלן פּראָגראַם (ער האָט ערשט אויף זיין פערטן צוזאַמענפאָר 1901 אָנגענומען די פאַרקירצטע „נאַציאָנאַל-קולטורעלע אַווטאָנאָמיע"), און דעריבער איז כראָנאָלאָגיש נישט ריכטיק זשיטלאָווסקיס פראַזע (דאָרטן, ז. 51): „אָנשטאָט נאָר בירגערלעכע גלייכע רעכט, וואָס די בורזשואַזיע האָט אויך געפאָדערט, האָבן די יידישע סאָציאַליסטן אויפגעשריבן אויף זייער פאָן „נאַציאָנאַלע גלייכע רעכט מיט אַלע פעלקער". נאָר איין איינציקער יידישער סאָציאַליסט האָט דאָס אויפגעשריבן אויף זיין פאָן — זשיטלאָווסקי אַליין. און געמאַכט האָט ער דאָס נישט צום אונטערשיד פון דער „בורזשואַזיע", נאָר אין איין צייט מיט איר. נאָך אין יאַנואַר-בוך 1898 פון „וואָסכאָד" איז געווען געדרוקט מיין צווייטער בריוו וועגן „אַלטן און נייעם יידנטום" (כאָטש איך פערזענלעך

האָב קיינמאָל נישט גערעדט אין נאָמען פון דער „בורזשואַזיע"), ווי די פּאָדערונג: „חוץ בירגערלעכע און פּאָליטישע אויך נאַציאָנאַלע רעכט" — איז קלאָר אַרויסגעשטעלט געוואָרן און שפּעטער קאָנקרעטיזירט אין דעם פּראָגראַם פון „אווטאָנאָמיזם". ווי די זאַך איז געווען, אָבער פעסטשטעלן מוזן מיר: אַז אין דער ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ר פּאַרטיי איז זשיטלאָווסקי געווען דער ערשטער. וואָס האָט אָנגעהויבן קעמפן קעגן אַסימילאַציע און פאַר „נאַציאָנאַלער רעכט".

די קאָנפערענץ פון עסטרייכישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין יאָר 1899 האָט אַרויסגעגעבן אַ היתר אויף אַזאַ קאַמף בכלל און געבראַכט צו שפּרינגערס פערסאָנאַלע אווטאָנאָמיע". דאָס האָט מסתמא צוגעגעבן מוט זשיטלאָווסקין. אין זיין ביכל „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע" (1904 אָדער 1905) און אַ ביסל שפּעטער אין זיינע אַרטיקלען אין „סערפּ" (געז. שריפט. VI) האָט ער אויספירלעך באַגרינדעט זיין סאָציאַליסטיש-נאַציאָנאַלע סינטעזע און האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה אין געוויסע קרייזן. אין יענער צייט איז ער שוין געווען פאַרכאַפּט פון אַ נייער ריכטונג: טעריטאָריאַליזם, ווי ער איז זיך אַליין מודה אין פאָרוואָרט צום באַנד V „געזאַמלטע שריפטן" („אין יאָר 1903, נאָך „קישיניעוו", האָב איך איינגעזען די ריכטיקייט פון דעם טעריטאָריאַליסטישן פּרינציפּ"). אָבער צום אונטערשיד פון אַלערליי טעריטאָריאַלע גרופּעס, וואָס זענען געווען „כופרים בעיקר" פון דער גלות-אווטאָנאָמיע, האָט זשיטלאָווסקי אָנגעהויבן קאָנקרעטיזירן די פאָרמול „נאַציאָנאַלע רעכט" און איז געוואָרן איינער פון די פירער פון דער פּאַרטיי „סערפּ" אָדער „סיימאָווצעס" (1906 - 1908), וואָס האָט געפאָדערט מאַקסימאַלע אווטאָנאָמיע אין די „גלות-לענדער".

פון אָט די אַלע פאַרשידנאַרטיקע ריכטונגען איז אָבער נישט אַלץ איבערגעבליבן אין דעם פּראָגראַם פון זשיטלאָווסקיס אַמעריקאַנער צייטשריפט „דאָס נייע לעבן". אין אַ סעריע אַרטיקלען דאָרטן (1911—1912), וואָס ער האָט שפּעטער פאַראייניקט אונטער דעם נאָמען: „דער ביטערער אמת" (געז. שריפט. VI, 163—251) מאַכט ער אַ סך-הכל פון אַלע זיינע זוכענישן און דערגרייכונגען אין דריי קורצע פּראָגראַמאַטישע פּונקטן: 1) „די ווידערבאַלעבונג פון דעם יידישן פאָלק אין די גלות-לענדער אויף די יסודות פון ע ר ד - אַ ר ב ע ט. י י ד י ש ע ש פּ ר אַ ך און אייראָפּעישע קולטור; 2) „די יידישע אינטעליגענץ דעם יידישן פאָלק!"; 3) „אַן אייגן לאַנד!!" (דאָרטן, ז. 251). די זעלבע פאָרמול

חזרט זשיטלאָווסקי איבער אין פאַרוואָרט צום פינפטן באַנד „געזאַמלטע שריפטן", וואָס איז אונטערגעשריבן: יאַנואַר 1917. דאָס איז דער לעצטער פּראָגראַם זשיטלאָווסקיס, וואָס מיר איז באַקאַנט.

דער אַווטאָנאָמיסטישער עלעמענט איז דאָ פאַרקירצט ביז צום לעצטן גראַד. ס'ווערט נישט דערמאָנט קהילות־שול־און בכלל קולטור־אַווטאָנאָמיע, און אפילו דאָס וואָרט „אַווטאָנאָמיע" קומט נישט פאָר. די „יידישע שפּראַך" איז דאָ דאָס איינציקע נאַציאָנאַלע קולטור־ווערט, וואָס אונ־זער פאָלק האָט אַרויסגעטראָגן פון זיין געשיכטע און וואָס קאָן אים פאַר־היטן אויף להבא. אָבער דאָס איז דאָך נאָר אַ ירושה פון עטלעכע הונ־דערט יאָר. און וואָס מאַכט מען מיט אונזער ירושה פון טויזנטער יאָרן? לערך אַ דריטל פונם יידישן פאָלק רעדט נישט יידיש באַם היינטיקן טאָג און אין אַ פּאָר דורות אַרום קאָן נאָך אַ דריטל אָפּפאַלן פון דער פאָלקס־שפּראַך (באַזונדערס אין אַמעריקע) — דאַרפן מיר זיי מפקיר זיין אויף פולשטענדיקער אַסימילאַציע? די געשיכטע באַווייזט אונז, אַז ווען דאָס יידישע פאָלק וואָלט זיך געהאַלטן נאָר אויף דעם שפּראַך־פונדאַ־מענט, וואָלט פון אים שוין לאַנג קיין זכר נישט געבליבן, וואָרים אפילו אינם אַלטן ארץ־ישראל און אין די מזרח־לענדער האָט דאָס פאָלק נישט אויסגעהאַלטן קעגן דער שפּראַך־אַסימילאַציע נישט נאָר אין לעבן, נאָר אפילו אין אַ גרויסן טייל פון ליטעראַטור. די צוקונפט פון אַ פאָלק קאָן מען בויען אויף אַלע יסודות פון זיין קולטור־אַווטאָנאָמיע און נישט נאָר אויף איינעם, וואָס האָט אויסגעהאַלטן עטלעכע הונדערט יאָר און אין אַ פּאָר הונדערט יאָר אַרום קאָן ער פאַרלירן זיין אויפהאַלטענדע קראַפט. יידיש איז אונז טייער און מיר מוזן דאָס באַנוצן ווי אַ פאַרייניגענדע קראַפט פאַר די גרעסערע העלפט פון אונזער פאָלק אין די נאָענטסטע דורות, אָבער בויען אויפן „יידישיזם" די גאַנצע נאַציאָנאַלע קולטור — הייסט דאָס מפקיר זיין תיכף מיליאָנען יידן, וואָס רעדן נישט אין דער שפּראַך און גרייטן צום באַנקראָט שפּעטער נאָך מיליאָנען.

אינם לעצטן פּראָגראַם זשיטלאָווסקיס איז „העיקר חסר מן הספר": עס פעלט דער אַווטאָנאָמיזם אין זיין גאַנצן אומפאַנג: די מלוכה־אַרטיקע אָרגאַניזאַציע פון די נאַציאָנאַלע יידישע קהילות אויף דער גאַנצער וועלט און די וועלט־אָרגאַניזאַציע פון דעם היסטאָריש־אינטערנאַ־ציאָנאַלן פאָלק. עס ווילט זיך נישט גלייבן, אַז זשיטלאָווסקי האָט זיך מיאש געווען פון דעם גאַנצן אַווטאָנאָמיזם און אַז דאָ שטעקט זיין „בי־

טערער אמת", וואָס גייט אים פאַרענדיקן זיין לעצטן פּראָגראַם מיט דעם פּונקט: „אַן אייגן לאַנד! ?" (מיט צוויי אויסרופצייכן)!..

מיר וואַרטן אויף אַן ענטפער. מיר ווילן גלייבן, אַז דער, וואָס האָט אין די פינצטערסטע יאָרן פון אַסימילאַציע אַרויסגעשטעלט אונזער נאַציאָנאַלע פאָן, וועט זי ברייטער פאַנאַנדערוויקלען נאָך דעם זיג פון דעם גרויסן וועלט-פּרינציפּ: „רעכט פאַר נאַציאָנאַלע מינדערהייטן!" *)

**שמעון דובנאָוו.**

אויבערהאָף, יולי 1927

---

*) מיר איז נישט באַקאַנט ושיטלאָווסקיס נייע פּראָגראַם אין דער דאָזיקער אַלגעמיינער פראַגע; ס'איז אָבער מעגלעך, אַז ער האָט זיך וועגן דעם אַרויסגעזאָגט נאָך די פרידנס-קאָנפערענצן און איך האָב דאָס נישט געלייענט אין יענער מהומה-צייט, ווען דער באָלשעוויזם האָט אונז אין רוסלאַנד אויף עטלעכע יאָר אָפּגעשניטן פון דער גאַנצער וועלט.

ש. ניגער

# דר. חיים זשיטלאָווסקי

צו זיין זעכציק-יאָריקן יובילעאום.

עס איז מיר אוממעגלעך צו מאַכן אַפילו נאָר אַ פּרווו צו שרייבן וועגן דר. חיים זשיטלאָווסקי און זיינע אויפטואונגען אָן — אַ התנצלות.

דער פאַרנעם פון זיין טעטיקייט איז אַזאַ ברייטער. זיינע ליטעראַרישע, וויסנשאַפטלעכע, געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן נעמען אַרום אַזוי פיל און אַזוינע פאַרשיידענע געביטן פונם מאָדערנעם לעבן, פון דער היינטיקער קולטור, זיין פאָרשונגס-אַרבעט, זיין פּראָפּאַגאַנדע. זיין אינטעלעקטועלע פירערשאַפט רירט אָן אַזויפיל פונקטן, אַז ווען אַפילו מען זאָל וועלן נישט אויסשעפּן, נאָר בלויז אָנרירן די טעמע פון אַלע זייטן, וואָלט מען געמוזט זיך פאַרטיפן אין די וויכטיקסטע פילאָזאָפישע, עטישע, סאָציאַלע, נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען פון דער איצטיקער עפּאָכע. דאָס וואָלט פאַרשטייט זיך געווען פעאיק צו טאָן נאָר אַ מענטש, וועלכער האָט אַזעלכע אַלזייטיקע קענטענישן, אַזוינע ברייטע השגחס, ווי דר. זשיטלאָווסקי אַליין. און אַזאַ איינער וואָלט געמוזט אָנשרייבן אַ גאַנץ בוך; ער וואָלט בשום אופן נישט געקאָנט אַריינשפּאַרן דעם גאַנצן רייכן מאַטעריאַל אין אַ קורצן עסיי.

גיט נאָר אַ קוק אויף דעם שטח, אויף דער ריין-געאָגראַפישער

אויסשפרייטונג פון זשיטלאָווסקיס טעטיקייט: רוסלאַנד, די שווייץ, דייטשלאַנד, עסטרייך, אַמעריקע — כל תפוצות ישראל!

אין רוסלאַנד איז ער געווען איינער פון די גרינדער און אַ וויכטיקער אידעאָלאָג פון דער גרויסער און איינפלוסרייכער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן.

אין די דייטש-שפּראַכיקע לענדער האָט ער געהאָלפן אויפקומען און פאַרשטאַרקן זיך דעם „רעוויזיאָניסטישן", פילאָזאָפיש-אידעאַליסטישן פליגל אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין אַמעריקע איז מיט זיין נאָמען און מיט זיין השפּעה פאַרבונדן די טיפסטע ענדערונג אין דער פסיכאָלאָגיע און דערהויפּט אין דעם דענקען פון דער ראַדיקאַל-יידישער אינטעליגענץ.

נאָך איידער ער איז געקומען קיין אַמעריקע, האָט ער אין מזרח-אייראָפּע, ספּעציעל אין רוסלאַנד, און אין די „אויסלענדישע קאָלאָניעס" געהאַט אַ טיפע ווירקונג אויף דער פּראָגראַם און דער אידעאָלאָגיע פון אַזעלכע וויכטיקע יידישע פּאַרטייען, ווי דער „בונד" און — שפּעטער — די „סיימיסטן".

ער האָט באַאיינפלוסט נישט נאָר דעם פּאָליטישן געדאַנקען-גאַנג פון יידישע און אַלגעמיינע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. זיין הויפּט-ראָלע איז גאָר געווען די ראָלע פון אַ קולטור-קעמפער. די נייע יידישע (אָדער, אויב איר ווילט יידישיסטישע) קולטור-באַוועגונג האָט פון אָנהויב אָן אים געזען אין אירע פירנדיקע רייען. ער האָט דער ערשטער אויפגעהויבן איר פאָן מיט זיכערקייט און שטאָלץ. ער האָט פאָרמולירט אירע פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע פאָדערונגען, ער האָט אויסגעאַרבעט איר פּראָגראַם...

כדי אויסצומאָלן און אָפּצושאַצן, ווי געהעריק איז, אָט די אַלע אויפטוען פון דר. זשיטלאָווסקי, וואָלט מען געדאַרפט געבן אַ בילד פונם פּאָליטיש-געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן מצב אין סוף נייַנצענטן און אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין רוסלאַנד, אין דייטשלאַנד, עסטרייך, אין גאַנץ מערב-אייראָפּא ווי אויך אין אַמעריקע.

אָבער נישט נאָר דער דרויסנדיקער פאַרנעם פון דר. זשיטלאָווסקיס מער ווי פערציקיאָריקן געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן שאַפן איז אויסערגעוויינטלעך ברייט. אויך זיין אינהאַלט, אויך זיינע אויסדרוקס-מיטלען זענען זייער רייך, זייער פאַרשיידנאַרטיק.

געשיכטע, פילאָזאָפיע, סאָציאָלאָגיע, פעלקער-פסיכאָלאָגיע, פּאָ-

ליטיק, ליטעראַרישע קריטיק, זשורנאַליזם, איבערזעצונגען, ערינערונ־גען, רעדאַקטאָרשאַפט, אַרויסגעבעריי, פּראָפּאַגאַנדע און אויפקלערונג, שריפטלעכע פּאָלעמיק און מינדלעכע דעבאַטן, רעדנער־קונסט, פּאַר־טיי־קאַמף, געזעלשאַפטלעכע פירערשאַפט — אויף די אַלע און נאָך אַ סך אַנדערע געביטן איז דר. זשיטלאָווסקי פון די ייִנגערע יאָרן אָן געווען פּראָדוקטיוו, שעפעריש...

גיי און נעם דאָס אַלץ אַרום אין איין אַרטיקל! דאָס וואָלט נישט געקאָנט טאָן אפילו איינער, וואָס פילט זיך גענוג צוגעגרייט און פעאיק צו אַזאַ גרויסער אויפגאַבע. איך וועל דאָס אודאי און אודאי נישט קאָנען טאָן.

וועל איך די אַלגעמיינע, סאָציאָלאָגישע, היסטאָריש־פילאָזאָפישע און אַנדערע אַרבעטן פון דר. זשיטלאָווסקי נישט אָנרירן; בלויז דערמאָנען. און נאָר אויף יענעם טייל פון זיין וויסנשאַפטלעך־ליטע־ראַרישער, פּובליציסטישער און געזעלשאַפטלעכער אַקטיוויטעט, וועל־כער איז שייך צום יידישן לעבן און צו דער יידישער קולטור, וועל איך זיך אָפּשטעלן אויספירלעכער.

איך וועל נישט אָפּשאַצן — איך וועל פּרוּוון נאָר אויסמאָלן אַט דעם טייל פון זיין לעבנס־אַרבעט.

אָבער פריער וויל איך אַריינפירן די לעזער אין דער געשיכטע פון זיין לעבן.

עס איז נאָך נישט געקומען די צייט — און עס איז נאָך נישט אויפגעזאַמלט געוואָרן דער מאַטעריאַל — פאַר אַ פולער און אמתער ביאָגראַפיע פון אָט דעם פירער פון דער מאָדערנער יידישער קול־טור־באַוועגונג. אָבער אַ קורצע סקיצע פון זיין לעבנס־געשיכטע מעג און קאָן שוין איצט געגעבן ווערן.

באַזונדער וויכטיק איז פאַר אונז די געשיכטע פון זיין יוגנט. זי קאָן אונז געבן אַ בילד פון דער סביבה, ווו ער איז אויפגע־צויגן געוואָרן. זי קאָן אונז אפשר ווייזן אויך אַ טייל פון די קוואַלן, וועלכע האָבן גענערט און נערן נאָך עד היום זיין גייסטיקן לעבן.

---

חיים זשיטלאָווסקי איז געבוירן געוואָרן אסרו חג פסח, 1865, אין דעם קליינשטעטל אושאַטשי, וויטעבסקער גובערניע (רוסלאַנד).

פון דער מוטערס צד שטאַמט ער פון אַ משפּחה בעלי־מלאכות און סוחרים. זיין מוטערס פאָטער, משה וויינשטיין, איז אין דער יוגנט, ווי מ'זאָגט, געווען אַ בלעכער און ערשט שפּעטער איז ער געוואָרן אַ רייכער סוחר, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פלאַקס און ליין[1].

פון דעם פאָטערס צד איז ער „איינגעטונקט אין יחוס". זיין פאָטער האָט, אגב, געהאַט יחוס עצמו, נישט נאָר יחוס אבות. ער האָט יונגערהייט געלערנט אין דער באַרימטער וואָלאָזשינער ישיבה, באַקומען סמיכה אויף הוראה און געשמט פאַר אַן עלוי. פון געבורט איז ער געווען אַ מתנגד, אבער אין דער סביבה פון זיין פרויס פאַמיליע, די וויינשטיינס, וועלכע זענען געווען דעם ליובאַוויטשער רבּיס מקורבים, איז ער געוואָרן אַ ליובאַוויטשער חסיד.

עס וואָלט געווען אָבער אַ גרויסער טעות צו רעכענען, אַז חיים זשיטלאָווסקי איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן אין אַ אַטמאָס־פערע, וווּ עס איז מער גאָרנישט געווען ווי פאַרצייטיקע חסידישע פרומקייט און חבדישע דבקות. ניין, אין דער וואַנט פון חסידות איז שוין, אין דער ליטע, געווען פאַנאַנדערגעעפנט אַ פענסטער צו יענער זייט, פונוואַנען עס האָבן גענומען בלאָזן די ווינטן פון השכלה, עס איז שוין נישט געווען אַזאַ תחום, ווי פריער, צווישן די פיינדלעכע מחנות. עס האָבן זיך גענומען שוין ציען בריקן איבערן אָפּגרונט פון איין ברעג צום אַנדערן. די „חסידישע יסודות", שרייבט דר. זשיטלאָווסקי אַליין אין זיינעם אַ „בלעטל זכרונות[2]" — „די חסידישע יסודות פון דעם יידישן לעבן האָבן, וויינקסטנס ביי אונז אין דער ליטע, זיך גענומען איבערבויען לויט די גרונד־פּרינציפּן פון די משכילים. פון דער שטורמישער רעוואָלוציע פון געדאַנק איז גע־וואָרן די שטילע רעוואָלוציע: „השכלה", וועלטלעכקייט זענען געוואָרן וואָכעדיקע זאַכן, אַנצוטרעפן כמעט אין יעדן יידישן, אפילו זייער פרומען הויז: „הלבנון", „הצפירה" און אפילו „המליץ", — „בלע־

---

1) די און אַלע ווייטערדיקע ידיעות זענען גענומען מייסטנס פון דר. זשיטלאָווסקיס (האַנטשריפטלעכע) אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן. אַ גרויסער דאַנק קומט פון מיר ד"ר. זשיטלאָווסקין פאַר זיין דערלויבן מיר צו באַנוצן אָט די מאַטעריאַלן.

2) „ווי אזוי איך בין געוואָרן אַ „אידישיסט", — „די יידישע וועלט", ווילנע, יאַנואַר, 1914.

טער״, וואָס מען לייענט אין דער חסידישער קלויז. אַ געפּלעטע העמד מיט אַ שניפּס און קירצער געשוירענע פּאות — שוין גאָרנישט קיין סתירה צו דעם ברייטן זיידענעם גאַרטל אום שבת און יום־טוב; אַ קערטל און אפילו אַן אָוונט אין טעאַטער שוין אויס עבירה און אַ ברעקל נישט קיין שטער צו דאַווגען שחרית, מנחה און מעריב; אַ ברעקל נישט קיין שטער צו דעם תענית, ערנסט און פרום אָפּ־געפּאַסט... וואָס פאַר אַ ווונדערלעכע צונויפפּאָרונג פון קולטורעלע ערשיינונגען, וואָס מיט אַ דור פריער וואָלטן זיי בשום אופן נישט געקאָנט הויזן איינע מיט דער אַנדערער! וואָס פאַר אַ זיס־זויערע אידיליע פון „אמונה״ און „השכלה״, וואָס גייען „שלובי זרוע״ (האַנט אין האַנט), ווי וועגן דעם האָבן פאַנטאַזירט די מיטלמעסיקסטע פון אונזערע משכילים״...

זשיטלאָווסקיס פאָטער איז אַליין, ווי עס ווייזט, געווען אַ פאַר־קערפּערונג פון אָט דער „ווונדערלעכער צונויפפּאָרונג״ פון חסידות און השכלה. פון איין זייט איז ער געווען אַ חסיד און פון דער צווייטער זייט — אַ היינטוועלטיקער סוחר, וואָס לייענט השכלה־ביכ־לעך. „פון איין זייט״, דערציילט זשיטלאָווסקי אַליין אין זיינע „זכרונות פון אַ יידישן סאָציאַליסט״ (אין ניו־יאָרקער „טאָג״) — „פון איין זייט איז ער (זיין פאָטער) געווען אַ פ אַ נ אַ ט י ש־פרומער חסיד, וואָס פאָרט צום רבין קיין ליובאַוויטש אַלע חול המועד סופות און פירט אים אַ מתנה, אַ „יאַנאָווער״ אתרוג „מיט אבים״. פון דער אַנדער זייט איז ער געווען אַ היינטוועלטיקער סוחר, וואָס זיצט חדשים־ווייז אין ריגע, מעמעל אָדער קעניגסבערג, באַזוכט דאָרטן די אָפּערע־הייזער, דערציילט אונז, קומענדיק אַהיים פון די „אַפריקאַ־נערין״, די „הוגענאָטן״ א. אַז. וו. און זינגט אונז איבער די שיינע אַריעס״. אין דער לופט שוועבט נאָך דער ניגון פון „אתקינו סעודתא״ שבת ביים טיש — און אָט הערן זיך שוין טענער פון אַן אָפּערן־מעלאָדיע, די וועלטלעכע און כלל נישט פרומע מעלאָדיע באַמקעט־אונטער דער זעלביקער ר׳ יוסף, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס גע־דבקהט אין די חסידישע זמירות... 1)

1) אגב, נישט נאָר אין דער ליטע, אויך אין דרום־רוסלאַנד זענען דאַמאָלס געווען שוין יידן, וועלכע האָבן פאַראייניקט אין זייער פּערזאָן חסידות און השכלה. אזוי, צום ביישפּיל, דערציילט שלום עליכם וועגן זיין פאָטער, אַז ער איז געווען „אַ בעל הבית אַ ייד און אַ בעל־תפלה, אַ למדן און אַ בעל תנכי, אַ פרומער און אַ בעל לשון קודש, אַ חסיד פון טאַלנער רבין און אַ ליבהאָבער פון מאפו, סמאָלענסקין און צעדערבוים, אַ חקרן, אַ בורר און אַ בעל עצה און אַ שפּילער אין שאָך און אַ מבין אויף פּערל און בריליאַנטן״ („פונם יאַריד״)

אין זשיטלאָווסקיס פאָטער, אין זיין הויז־געזינד און אין זיין גאַנצן דור האָט שוין געלעבט, ווי מיר זעען, די פעאיקייט צונויפ־צופּאָרן אידייען, וועלכע זעען אויס צו זיין פרעמד צווישן זיך, — יענע סינטעטיזירנדיקע פעאיקייט, וואָס שפּעטער האָט זי זיך מיט אַזאַ גלאַנץ אַנטפּלעקט אין דעם דענקען און אין דער גאַנצער שיטה פון דר. זשיטלאָווסקי.

די חסידישקייט האָט דעם פאָטער פון חיים זשיטלאָווסקי נישט געשטערט פאַרצולייענען פאַר די קינדער י. ל. גאָרדאָנס „עולם במנהגו", סמאָלענסקיס „התועה בדרכי החיים", די העבּרעאישע צייטונגען „הצפירה", „הקול", „הלבנון", דעם יידישן „קול לעם" אָדער יצחק יואל לינעצקיס „משולחת", אין דעם גרויסן אַלמער ספרים, וואָס איז געשטאַנען אין הויז, האָט מען געקענט געפינען אַ היבּש ביסל „טריף־פּסולען." אין דעם זעלביקן אַלמער האָט זיך געוואַלגערט אַ פּעקל אַלטע כתבים: דאָס זענען געווען די העבּרעאישע שירים, וואָס ר' יוסף, זשיטלאָווסקיס פאָטער, האָט אַליין פאַרפאַסט, ווען ער האָט געלערנט אין וואָלאָזשין. ווי עס פּאַסט פאַר אַ יונגן מאַן אַ משכּיל און אַן עלוי, האָט ער זיך געשניטן אויף אַ מחבר. אָבער ער איז קיין מחבר נישט געוואָרן, ער איז געוואָרן אַ סוחר.

דעם שפּעטערדיקן סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער, חיים זשיטלאָווסקין, איז באַשערט געווען אויפצוהאָדעווען זיך אין אַ באַלעבאַטישן חסידיש־נגידישן הויז. „אונזער הויז, שרייבּט דר. זשיטלאָווסקי אין דעם פריער ציטירטן „בלעטל זכרונות" — „אונזער הויז איז נישט געווען קיין גביריש הויז. מיין פאָטער, אַ יונגער וואַלד־סוחר, ווען עס איז געגאַנגען נישט שלעכט — איז געווען נישט מער ווי אַ פאַרמעגלעכער בעל־הבית, וואָס האָט ערשט אָנגעהויבּן אַרויפצואַרבּעטן זיך אויף אַ נגיד. אָבער אויך מיר האָבּן געלעבּט אין יענער האַלב־נאַטורעלער שפע, אין וועלכער עס לעבּט אַ מיטעלער פּריץ אין שטאָט, ווען זיין „הויף" שטעלט צו מכּל טוב. אויך בּיי אונז אין הויף איז געשטאַנען אַ גרויסער שפּייכלער, אָנגעלאָדן מיט כּל המיני עסנוואַרג, אפילו אַ פערטל אנקער פּאָרטווייַן פון ריגע האָט נישט געפעלט, און אַ גערויכערטער לאַקס (אויך פון ריגע) איז געהאָנגען אין ברעטלעך פון באַלקן. און ווינטער־צייט פלעגט אַלע מאָל אַרויפפאָרן אַ שליטן אויפן הויף און ברענגען זעק מיט געפרוירענע פיש, פון די קלענסטע סניטקעס ביז די קלאָפּטערלאַנגע

קאַרפּן און הערינג — — — און אַן אַנדערש מאָל, אין אַנהויב ווינ-טער, פלעגט דער זאַל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ וואַרשטאַט פון רויכ-וואַרג, ווו דער „סקאָרניאַק“ פלעגט פון אַ בלאַמען וועלף און טכויר און פוקס און סויבעל און פיי צושניידן אַ וועג-פוטער און אַ שטאָט-פוטער פאַרן טאַטן, און אַ „סאַלעפּ“ מיט אַ סויבעלנעם קאָלנער פאַר דער מאַמען און פיינע פוטערלעך פאַר דאָס קליינוואַרג“.

אין אָט דעם באַלעבאַטישן, שיר נישט פריצישן, שפע, ווו עס האָבן זיך אָפּט אָבער געהערט קרעכצן, בקשות און תחנונים פון אָרעמע קרובים און סתם אָרעמע-לייט — האָט זשיטלאָווסקי געקראָגן זיינע ערשטע איינדרוקן פונם יידישן לעבן, פון זיינע סאָציאַלע סתירות און סאָציאַלע נויטן.

אין זיין פאָטערס הויז האָט ער נישט איינמאָל געהאַט אויך אַ געלעגנהייט צוקוקן זיך צו קהלשע אסיפה און באַקענען זיך מיט די קה״שע „פאַראַנדקעס“ פון יענער צייט. ביי זיי אין הויז זענען פאָרגעקומען אָפּט סעודות פון אַ „סיום התורה“ און אסיפהס פון דער חברה „גמילת חסדים“, וואָס זיין פאָטער האָט זי מיסד געווען און איז געווען איר נאמן.

אַז זיין פאָטער פלעגט זיין אין דער היים (ער איז אָפּט צוליב געשעפטן געווען אין וועג — אין ריגע, אין קעניגסבערג), פלעגן פאָרקומען ביי זיי אין הויז גרויסע מאָלצייטן מיט אַ סך אורחים — קרובים, מחותנים, אַן אַנדערש מאָל, געשעפטס-פריינט. ביי אָט די פרייטיקבע און טומלדיקע מאָלצייטן פלעגט מען זינגען חזנישע און חסידישע נגונים, דערציילן נייעס פון דער וועלט, רעדן דברי תורה...

האָט דאָס מיט פעסטע פעדים איינגעוועבט דעם שפּעטערדיקן יידישן דענקער און טוער אין יענער „מאַטעריע, וועלכע טראָגט זיך איבער דער וועלט אונטער דעם נאָמען ייד“.

אָבער נישט נאָר די הויז-סביבה האָט מיטגעהאָלפן דער יידישער ערציאונג פון חיים זשיטלאָווסקי: ער איז געגאַנגען אין חדר. (זיי האָבן דאַן שוין געוועזן זיך איבערגעקליבן קיין וויטעבסק.)

פון חדר האָט ער קיין נחת נישט געקליבן. אין זיינע אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן שרייבט ער וועגן חדר אין אַ טאָן פון ביטער-קייט. דער חדר האָט נישט איבערגעלאָזן אין אים יענעם גוטן איינ-

ירוק, ווען ער האָט פון זיין קינדערשן לעבנס־פּעריאָד אין הויז פון זיינע עלטערן. „איך האָב נישט", שרייבט ער, „מיט וואָס צו דערמאָנען זיי (די חדר־יאָרן — 1871—1878) צו גוטן. שמוציקע חדרים, פאַנאַטיש־טרוקענע רביים, טרוקענע גמרא מיט רש"י און תוספות אָן א ברעקל פּאָעזיע"... 1)

ער האָט געלערנט אָן חשק. איז געזעסן ביי דער גמרא — און די געדאַנקען זענען געווען ערגעץ־אַנדערש ווו.

האָבן, מער ווי די רביים, געווירקט אויף אים די עלטערן. זיין מוטער איז געווען אויך, אַזוי ווי זיין פאָטער, א געמיש פון פרומ־קייט און היינטוועלטיקייט. דערהויפּט אָבער האָט ער, ווי עס ווייזט, איבערגענומען און געירשנט א סך פון זיין פאָטער. ער איז געווען נישט סתּם אַזוי א פּעאיקער און פיל־זייטיקער מענטש. ער איז, ווי דר. זשיטלאָווסקי דערציילט, געווען א „זעלבשטענדיק דענקנדער קאָפּ מיט א שאַרפער לאָגיק און קלאָרן שכל. אַ מערקווירדיקער מסביר מיט א פאַרליבע פאַר אילוסטרירנדיקע משלים, מוזיקאַליש און פּאָעטיש באַגאַבט". ער האָט געהאַט, אַלזאָ, א סך פון די מעלות, וועלכע האָבן שפּעטער זיך אַזוי פּאַנאַנדערגעבליט אין זיין באַרימטן זון.

ער האָט זיך נישט באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט געשיקט זיין חיים'ן אין חדר. ער האָט געדונגען א גויישן לערער, וועלכער האָט געלערנט מיט זיין זון „רוס". אין דער זעלביקער צייט האָט דער יונגער זשיטלאָווסקי צוגעקראָגן נייע חברים, און נייע ווירקונ־גען זענען צוגעקומען אין זיין לעבן... זיי האָבן זיך דאַן אַריבערגע־קליבן אין דער „אַריסטאָקראַטישער" גאַס („שלאָס גאַס"), און דאָרט זענען געווען שוין יידישע ייִנגלעך, וואָס זענען געגאַנגען אין גימנאַזיע. די גימנאַזיסטן האָבן אויסגעלערנט אונזער חדר־ייִנגל נייע גויישע שפּילן.

צו יענער צייט געהערט דער ערשטער פּרוּוו, וואָס זשיטלאָווסקי האָט געמאַכט, צו שרייבן (ער איז אַלט געווען דאַן אַן ערך 11—12 יאָר). אין חדר האָט מען יעדן טאָג אָפּגעגעבן אַ שעה אויף „שרייבן". האָט זשיטלאָווסקי אויסגענוצט די שעה אויף איבערצוגעבן מיט זיינע אייגענע ווערטער אויף לשון־קודש דעם אינהאַלט פון אָנקעל טאָמס

1) זע אויך זיינע „עראינערונגען וועגן ש. אַנ—סקי" אין „די צייט", ניו־יאָרק פון 19־טן נאָוועמבער, 1920.

קליין הייזל". דערביי האָט ער באַנוצט (אַ רמז אויף זיין שפּעטער־דיקן יידישיזם ?) די יידישע באַאַרבעטונג פון ביטשער סטאָוס ווערק, וועלכע עס האָט געמאַכט א. מ. דיק.

ער דערנענטערט זיך אָבער מער און מער צו דער רוסישער שפּראַך און רוסישער ליטעראַטור. ער לייענט דערהויפּט „פּראָגרע־סיווע" ראָמאַנען פון די דאַמאָלט פּאָפּולערע רוסישע שריפטשטעלער: שעלער-מיכיילאָוו, אמיולעווסקי, מארדאָווצעוו — ראָמאַנען, ווו עס ווערט געשילדערט דער קאַמף צווישן „די טאַטעס מיט די קינדער". ער הויבט אַליין אָן שרייבן לידער אויף רוסיש און לייענט מיט גרויס חשק די רוסישע פּאָעטן.

צו יענער צייט געהערט אויך זיין באַקענען זיך מיט שלמה זאַנוועל ראַפּאָפּאָרט (שפּעטער „ש. אַנ-סקי"). עס ווערט צווישן זיי אַ ברידערלעכע פריינטשאַפט אויפן גאַנצן לעבן, אַ פריינטשאַפט, וועלכע פאַרנעמט אין דער געשיכטע פון דעם יידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן און דער יידישער ליטעראַטור אַזאַ אָרט, ווי די באַרימטע חברשאַפט פון י. ל. פרץ און יעקב דינעזאָן. אַנ—סקי האָט זיינע ווערק שפּעטער געווידמעט זשיטלאָווסקין און זשיטלאָווסקי האָט פון זיין זייט אינם פאָרוואָרט צום ערשטן באַנד פון זיינע „שריפטן" געשריבן: „די געזאַמלטע שריפטן ווידמע איך דעם טרייען פריינט, ברודער און חבר פון מיין גאַנצן לעבן, ש. ז. ראַפּאָפּאָרט (ש. אַנ—סקי)". אָט די טרייע ברודערשאַפט און חברשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן אין דעם טאָג, ווען זשיטלאָווסקי איז בר מצוה געוואָרן. אינאיינעם מיט זיין בייעם פריינט און אַנדערע חברים מאַכט ער דאַן אַ פּרווו אַרויסצוגעבן אַ געשריבענע צייטונג אויף יידיש מיטן נאָמען „וויטעבסקער גלעקלאַך". אין די „גלעקלאַך" איז, אַגב, אַנ—סקי געווען דער פּובליציסט און זשיטלאָווסקי — דער בעלעטריסט. (אַזוי דערציילט ער אין זיינע פריער-ציטירטע ערינערונגען וועגן אַנ—סקין).

אין יאָר 1879 קומט ער אָן אין דריטן קלאַס גימנאַזיע. זיין שפּראַך ווערט אַלץ מער און מער רוסיש, זיינע אינטערעסן ווערן אַלץ מער און מער די אינטערעסן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָ־נערער יוגנט.

ער ווערט, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּגעריסן פונם יידישן לעבן, אָבער אָנשטאָט די העברעאישע און די יידישע פעריאָדישע אויסגאַבן

לייענט ער שוין מער דעם רוסיש-יידישן „ראזסוועט", דעם „רוסקי יעווריי".

צווישן זיינע עלטערע חברים אין גימנאַזיע געפינען זיך אַזויגע, וואָס זוכן צו פאַרמיאוסן אין זיינע אויגן דעם „פינסטערן", „רעאַק-ציאָנערן" און „עקספּלואַטאַטאָרישן" יידישן קיבוץ און אויפצווועקן אין אים אינטערעס און ליבע צום ערלעכן האָרעפּאַשנעם לעבן פונם רוסישן פויער און אַרבעטער. צו זעכצן יאָר איז ער, אַזוי ווי זיין חבר ראַפּאָפּאָרט — אַנ—סקי, שוין אַ פולשטענדיקער סאָציאַליסט און רעוואָלוציאָנער. זיי שטודירן ביידע מיט גרויס חשק די ראַדי-קאַלע און סאָציאַליסטישע ליטעראַטור. זיי גיבן זיך אָפּ מיט פּראָב-לעמען פון סאָציאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם. יידישקייט הערט אויף צו עקזיסטירן פאַר זיי. דער יונגער זשיטלאָווסקי לעבט איבער יע-נעם — זייער קורצן — פּעריאָד, ווען ער האָט זיך אויף אַ ווײַלע אונטערגעגעבן דער אַלגעמיינער שטימונג פון דער דאַמאָלסטיקער ראַדיקאַלער יידישער יוגנט און נישט געוואָלט מער וויסן פון זיין אייגענעם פאָלק. ער האָט אונז אַליין שפּעטער (אין זיינע „צוויי פאָרלעזונגען: ייד און מענטש") איבערגעגעבן די מיינונגען, פון וועלכע ער איז געווען דאַן פאַרכאַפּט. „איך מוז זיך מודה זיין, האָט ער געשריבן, אַז אין מיין גאָר גרינער יוגנט, ווען איך בין מיטן גאַנצן האַרצן צוגעשטאַנען צו דעם ראַדיקאַלן לאַגער, האָב איך אויך, ווי אַלע, געגלויבט, אַז צווישן „ייד" און „מענטש" ליגט אַ טיפער, מיט קיין בריק נישט צו פאַרבויענדער תהום; אַז מען מוז אויסקלויבן „אהין אָדער אַהער" און אַז דער „ייד" דאַרף געבראַכט ווערן פאַר אַ קרבן צו דעם „מענטשן". ווייניקסטנס איז איין זאַך קלאָר געווען פאַר מיין יונגן מח און האַרץ, אַז וואָס מער מענטש איינער איז, אַלץ ווייניקער ייד איז ער, אַלץ ווייניקער האָט ער זיך צו קימערן וועגן דעם שיקזאַל פון זיין פאָלק, אַלץ ווייניקער האָט ער צו טראַכטן וועגן דער יידישער לאַגע און דער יידישער צו-קונפט. און צוריק, וואָס ווייניקער ייד איך בין, וואָס פרייער איך בין פון יידישע טראַדיציעס, וואָס ווייטער פונם יידישן לעבן, וואָס גלייכגילטיקער צו די נויטן און די אינטערעסן פון מיין פאָלק, וואָס איבערגעגעבענער צו דעם אַלגעמיין-מענטשלעכן פּראָגרעס, — אַלץ העכער שטייגט מיין „איך" אויף דער לייטער פון דער מענטש-לעכקייט".(1.

1) געזאמלטע שריפטן, 2, 104—105.

און ווייטער (אין דער צווייטער פאַרלעזונג „וועגן ייד און מענטש") שרייבט ער: „...אין דער צייט פון מיין יונגן קאָסמאָפּאָליטיזם האָב איך מיך אויך נישט בעסער באַגאַנגען מיט דעם גאַנצן גייסטיקן עבר פון אונזער פאָלק, איידער דאָס טוען די איצטיקע ראַדיקאַלע קאָסמאָפּאָליטן. די פּיצלאַך און ברעקלאַך פון דער אַלטער קולטור, וואָס האָבן זיך נאָך געבאָמבלט אין מיין מח, זענען געווען פאַר מיר, ווי פאַר דעם רוב פון מיין דור און מיין ריכטונג, נישט מער ווי אַ מאַטעריאַל פאַר שאַרפזיניקע אַפּיקורסישע און אַטעאיסטישע וויצן, אויך אין דער אַפּיקורסישער העברעאישער ליטעראַטור, מיט וועלכער איך בין אויך געווען אַביסל — גאַנץ אויבערפלעכלעך — באַקאַנט, — אונזער ליבלינגס-העלד איז געווען דער ווירקלעך פרייער גייסט, משה לייב ליליענבלום — האָבן מיר אויך נישט געקאָנט זען אַ שטיק אייגענע, ריין מענטשלעכע און פרייע קולטור, נאָר אַ טייל פון יענער קראַפט, וואָס איז באַרופן געוואָרן אויסצוּוואָרצלען אינגאַנצן די עקזיסטענץ פון יידן און יידישקייט. די זעלביקע קראַפט האָבן מיר געשפּירט און וואַרעם באַגריסט אין דער יונגער סאַטירע, וואָס האָט זיך נאָך פון די זעכציקער יאָרן אָן גענומען וועבן אין דער יידישער שפּראַך: אין לינעצקיס „פּוילישן ייִנגל", אין מענדעלעס „קליין מענטשעלע" און „מסעות בנימין השלישי".[1]

אָבער לאַנג האָט נישט געדויערט דידאַקטיקע פאַרבלענדעניש פון דער השכלה. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אויסניכטערונגס-פּעריאָד. דער פּעריאָד פון די שווידערלעכע פּאָגראָמען אין אָנהויב אַכציקער יאָרן. זשיטלאָווסקי איז נישט אַוועק אויפן וועג פון די בעלי תשובהניקעס, פון די „השיבנו נאַזאַד"-זינגער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן דאַן זיך צו מערן און צו פּרוכפּערן אין דער יידישער אינטעליגענץ, דאָך האָבן די בלוטיקע פּאַסירונגען אינאיינעם מיט די תשובה-שטימונגען פון די משכילים געווירקט אויף אים און עס האָט אים ווידער גענומען קימערן דער גורל פון יידן און יידישקייט.

ער איז דאַן שוין געווען אַוועק פון זיינע עלטערן אין וויטעבסק און האָט געלעבט אין דער ריין-רוסישער שטאָט טולע, ער

1) געז. שריפטן, 2, 147—148.

האָט דאָרט אָנטייל גענומען אין דער פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט, וואָס די „נאַראָדאָוואָלצי" האָבן געפירט צווישן דער יוגנט. ער האָט אָבער בשום אופן נישט געקאָנט שלום מאַכן מיט דעם „נאַראָדאָוואָלישן" געדאַנק, אַז יידן זענען נאָר „אַ קלאַס פון עקספּלואַטאַטאָרס" און אַז די פּאָגראָמען זענען אייגנטלעך אַן אויסברוך פון דער אָנקומענ־דיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער האָט געפילט דעם שקר און די געפאַר פון דעמדאָזיקן „רעוואָלוציאָנערן" קוק אויף יידן. עס האָבן אָנגעהויבן אויפצוואַכן אין אים די איינגעדרימלטע נאַציאָנאַלע גע־פילן. עס האָבן אים פאַראינטערעסירט די יידישע סטודענטן, וועלכע האָבן געוואָרפן די אוניווערזיטעטן און געפאָרן קיין ארץ־ישראל ווערן ערד־אַרבעטער. עס האָט אים געצויגן צו זיי.

ער פאַרלאָזט טולע און קערט זיך אום צוריק אַהיים. ער איז ווידער אין אַ יידישער סביבה. ער לייענט דעם „המליץ". הערט זיך צו און קוקט זיך צו צו אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער וועלט פון די חובבי ציון. אין זיין צימער הענגט אויפן וואַנט אַ לאַנד־קאַרטע פון ארץ־ישראל. אַלע אַרום זענען פאַרכאַפּט פון דער חבת־ציון־באַוועגונג. אַ ברודער טרוימט וועגן די „קאָלאָניעס". דער זיידע רעדט אים צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און „זען". דער פאָטער ברענגט צופירן פון ריגע די פּראָטאָקאָלן פון דעם צוזאַמענפאָר אין קאַטאָוויץ. אין די פּראָטאָקאָלן געפעלן אים דערהויפּט יענע שטעלן ווו עס רעדט זיך וועגן די סאָציאַלע סבהס פון דעם אַנטיסעמיטיזם: וועגן אונזער שטאָטישן קרעמערשן לעבן, וועגן אונזערע לופט־פּרנסהס, אים איז באַזונדערס סימפּאַטיש די אידייע פון אומקערן זיך צוריק צו דער נאַטור, די אידייע פון יידישער ערד־אַרבעט.

אים איז אָבער פרעמד געבליבן די גייסטיק־קולטורעלע זייט פון דער חבת־ציון־באַוועגונג. אים איז נישט געפעלן געווען איר רעליגיעז־רעאַקציאָנערער כאַראַקטער. ער האָט צווישן אירע פירער געזען צופיל רבנים.

ער איז שוין, אמת, מער נישט נתפּעל געווען „פון יענער קראַפט, וואָס איז באַרופן געוואָרן אויסצוואָרצלען אין גאַנצן די עקזיסטענץ פון יידן און יידישקייט". אָבער ער האָט נאָך נישט געוווּסט ווי צו שיצן די אָנגעזאַמלטע קולטור־אוצרות פון יידן און יידישקייט. ער האָט זיך נאָך נישט געהאַט פאַרטיפט אין דער יידישער געשיכטע, פאַר אים האָט עקזיסטירט נאָר די צוקונפט פון

דער יידישער קולטור. בלויז די צוקונפט האָט געהאַט אַ ווערט אין זיינע אויגן. אין זיינע — פריער שוין דערמאָנטע — „צוויי פאָר-לעזונגען" האָט ער אַזוי פאָרמולירט זיין דאַמאָלסדיקע גרונד-שטימונג בנוגע צום אַלטן יידנטום: „... מיר, די יונגע און די פרייע, מיר וועלן אויפבויען אַן אייגענע יידישע קולטור, אַ ריין מענטשלעכע, אַן אייראָפּעאישע. איך האָב געטרוימט וועגן אַ גאַנצער מחנה איבער-זעצער, וואָס זאָלן אַוועקלייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער נייער יידישער קולטור אין דער פאָרם פון איבערזעצונגען אין יידיש פון אַלע וויכטיקע מאָדערנע אייראָפּעאישע ווערק. און דערנאָך ערשט זאָלן קומען די נייע בויער און שאַפער, וואָס וועלן אַרויפברענגען דעם לעבעדיקן יידישן גייסט אָן אַ ברעקל שייכות צו זיין שוין לאַנג געשטאָרבענער און אויף אייביק באַגראָבענער פרייהייט (דאָס מוז זיין אַ דרוק-פעלער; עס דאַרף שטיין מסתמא „פאַרגאַנגענהייט"). 1)

אָט דער רעוואָלוציאָנער-נאַציאָנאַלער, משכּיליש-ראַציאָנאַליסטי-שער געדאַנקען-גאַנג האָט אים נישט געלאָזט ווערן קיין חובב-ציון. און קיין אַנדער פּראָגראַם פון נאַציאָנאַל-יידישער טעטיקייט האָט דאַן נישט עקזיסטירט. עס זענען געווען, פון איין זייט, ראַדיקאַלע קאָסמאָפּאָליטן און אַסימילאַטאָרן, פון דער אַנדער זייט — קאָנסער-וואַטיווע נאַציאָנאַליסטן און חובבי ציון. קיין דריטער וועג איז נישט געווען (די נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע אידייען פון מאָזעס העס זענען דער יידישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד נאָך נישט געווען באַקאַנט). דער דריטער וועג — דער סינטעז — האָט ערשט געדאַרפט אנטדעקט ווערן.

זשיטלאָווסקי האָט אים נאָך נישט אינגאַנצן אַנטדעקט, אָבער ער האָט זיך שוין ביסלעכוויז אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו אים. ער האָט אָנגעהויבן צו זען אין סאָציאַליזם נישט דער וועלטס באַפרייאונג פון יידנטום (לויט דעם אויסדרוק פון קאַרל מאַרקס), נאָר דעם יידנטומס באַפרייאונג — און נישט נאָר זיין בירגערלעכע, אויך זיין נאַציאָנאַלע באַפרייאונג. יידן, — איז געווען דאַן זשיטלאָווס-קיס פאָרגעפיל און פאָראויסזאָגונג — יידן דאַרפן וואַרטן פון דער רעוואָלוציע, וועלכע דאַרף דורכגעפירט ווערן אין רוסלאַנד פון דער פאַרטיי „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", נישט סתם אַזוי גלייכבאַרעכטיקונג, נאָר

1) געז. שריפטן 2, ז. 148.

„רעכט אויף אַרבעט און דערציאונג״ און אויך רעכט אויף אַן איי־
גענער נאַציאָנאַלער קולטור־אַנטוויקלונג. יידן דאַרפן נישט אויפלעבן
צוריק זייער פאַרגאַנגענהייט אין דעם לאַנד פון פאַרגאַנגענהייט, ווי עס
חלומען די פּאַלעסטינאָפילן; יידן דאַרפן אויך נישט שטאַרבן אין
איינעם מיט זייער עבר; זיי דאַרפן לעבן פאַר דער צוקונפט. דורך
דעם איבערגאַנג צו אַרבעט און צו מאָדערנער וועלטלעכער קולטור
דאַרפן זיי אויפלעבן.

די נאַציאָנאַלע אויפלעבונג און סאָציאַלע ווידערגעבורט אין
גלות, די נאַציאָנאַלע אויפלעבונג אויפן באָדן פון אַלגעמיין־מענטש־
לעכער קולטור, די סאָציאַלע ווידערגעבורט דורך אַרבעט און ערד־
אַרבעט — אָט דער אידעאַל איז נאָך דאַן אפשר נישט קלאָר
פאָרמולירט געווען, אָבער ער האָט שוין געוואַכט אין זשיטלאָווסקיס
געדאַנקען, ער האָט זיי שוין באַפרוכפּערט.

זשיטלאָווסקי האָט דערפילט אַ באַדערפעניש צו פּרעדיקן און
צו פאַרשפּרייטן אָט דעם נאָך נישט קלאָרן, אָבער באַגייסטערנדיקן
נאַציאָנאַל־סאָציאַלן אידעאַל. ער האָט דערפילט, אַז ער האָט עפּעס
וויכטיקס צו זאָגן דער יידישער אינטעליגענץ און דער יידישער
פאָלקס־מאַסע.

ער האָט שוין דאַן, אין 1884—1885, אַרומגעטראָגן זיך מיט
פּלענער פון אַ יידישן פאַרלאַג און אַ יידישן זשורנאַל, וואָס זאָל
פאַרשפּרייטן צווישן דעם עולם די נייע — באמת רעוואָלוציאָנערע
אידייען.

מיטלען אויף דער פאַרלעגערישער טעטיקייט האָט ער געהאָפט
צו קריגן ביי זיין פאָטער, וועלכער איז דאַן שוין, ווי עס ווייזט,
געווען אַ קנאַפּער חסיד. דער פאָטער האָט אים נישט אָפּגעזאָגט
גלייך אויפן אָרט. ער איז געפאָרן מיישב זיין זיך וועגן דעם ענין
מיט זיינעם אַ פריינט אין סמאָלענסק, אַ רייכן יידישן אַדוואָקאַט,
וועלכער איז נאָר וואָס געקומען צוריק פון אַ רייזע איבער מערב־
אייראָפּע. דערדאָזיקער, זייער טיפישער פאָרשטייער פון דער דאַמאָלס־
טיקער אַנטוישטער יידישער אינטעליגענץ, האָט זשיטלאָווסקין און
זיין פאָטער געזאָגט, אַז אויפן „פּראָגרעס״ און אויף אייראָפּע בכלל
האָבן יידן נישט וואָס צו האָפן. עס איז דאָ נאָר איין האָפנונג:
אַזיע, פּאַלעסטינע.

זשיטלאָווסקי האָט איינגעזען, אַז פון זיין פאָטער וועט ער

קיין שטיצע פאַר זײַנע פּלענער נישט קריגן, האָט ער אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַן אומלעגאַלער, אַן „אונטערערדישער" ײדישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע זאָל נעמען אויף זיך די פּראָפּאַגאַנדע פון די נײַע אידייען.

אין מיטן יאָר 1885 זענען די הכנות צו דער שאַפונג פון אַזאַ מין אָרגאַניזאַציע געווען אין פולן גאַנג. עס איז צוגעגרייט געוואָרן אַ העקטאָגראַף, עס איז פאַרטיק געווען אַ פּאַסיקער ליטעראַרישער מאַטעריאַל, און זשיטלאָווסקי האָט שוין צוגעטראַכט אַפילו אַ נאָמען פאַר דער אָרגאַניזאַציע — „תשועת ישראל" האָט זי געזאָלט הייסן. עס האָט געפעלט נאָר די הסכּמה פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" (זשיטלאָווסקי האָט געוואָלט, אַז די נײַע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע ײדישע אָרגאַניזאַציע זאָל זײַן אַ טייל פון דער סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי צו וועלכער ער האָט געהערט). צום באַדויערן זענען אין דעם אויספיר-קאָמיטעט פון דער פּאַרטיי געווען... צופיל ײדן. די סאָציאַליסטן-ײדן האָבן זיך דערשראָקן פאַרן ײדישן „סעפּעראַטיזם", און מיט דער מערהייט פון זייערע שטימען איז זשיטלאָווסקיס פּראָיעקט פון אַ באַזונדער ײדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע מיט אַ באַזונדער ײדישער פּראָגראַם אָפּגעוואָרפן געוואָרן.

זשיטלאָווסקין איז קלאָר געוואָרן, אַז די אַסימילאַטאָריש-קאָסמאָפּאָליטישע אידייען פון דער רעוואָלוציאָנערער ײדישער אינטעליגענץ זענען דער גרעסטער שטער פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון זײַן פּראָגראַם, האָט ער זיך געמאַכט פאַר אַן אויפגאַבע די באַקעמפונג פון אָט דער אַסימילאַטאָריש-קאָסמאָפּאָליטישער אידעאָלאָגיע. כּדי אויסצופירן די דאָזיקע אויפגאַבע, האָט מען געדאַרפט האָבן אַ גרעסערע און טיפערע באַקאַנטשאַפט מיט דער ײדישער געשיכטע און מיט דער ײדישער קולטור בכלל. נעמט זיך זשיטלאָווסקי פאַר אַן ערנסטן שטודיום פון דער ײדישער געשיכטע. זײַן זיידע האָט אים גראָד אין יענער צייט אין אַ געשפּרעך אויפגעוויזן, אַז ס'איז אַ טעות צו טראַכטן, דאָס צווישן ײדישקייט און דעם רעיון פון סאָציאַלן יושר איז דאָ עפּעס אַ אינעווייניקסטע סתירה. ער האָט אים דערמאָנט אָן די נביאים, וועלכע האָבן געפּרעדיקט סאָציאַלע גערעכטיקייט, אָן די אסיים, וועלכע האָבן אײַנגעפירט אין לעבן דעם יסוד פון עקאָנאָמישער גלייכהייט און גוזעלשאַפטלעכער סאָלידאַרי-

טעט. דאָס האָט נאָך טיפער געמאַכט זשיטלאָווקיס אינטערעס צו דער יידישער פאַרגאַנגענהייט.

און (מיט דעם הסכם און דער מאַטעריעלער שטיצע פון זיין פאָטער) איז ער אַוועקגעפאָרן קיין פעטערבורג צו שטודירן אין דער רייכער „קייזערלעכער ביבליאָטעק" יידישע געשיכטע און די אַלגע-מיינע נאַציאָנאַלע פראַגע אין פאַרבינדונג מיט די אידעאַלן פון סאָציאַלן פראָגרעס. דאָס איז געווען אין יאָר 1886.

ער איז געקומען קיין פעטערבורג מיט „אדרעסן", פון איין זייט צו די פאָרשטייער פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און פון דער אַנדער זייט, צו די קרייזן פון די יידישע געלערנטע. ער האָט ביידע סאָרטן פאַרבינדונגען אויסגענוצט אויף אַ פרוכטבאַרן אופן, און ער האָט זייענדיק אין פעטערבורג געלעבט אין צוויי וועלטן: אין דער אונטערערדישער וועלט פון רוסישער רעוואָלוציע און אין די איבערערדישע ספערן פון דער יידישער געשיכטע...

„איך האָב אָפּגעפרישט אין זכרון, האָט ער געשריבן שפּעטער, מיין חדר-לומדות, האָב מיך אַריינגעוואָרפן מיט דעם גאַנצן וויסנס-דורשט פון יוגנט אין דעם גרויסן ים פון אונזער גייסטיקן עבר, און — אין דעם ליכט פון מיין סאָציאַליסטיש-יידישער וועלט-אָנשוי-אונג — איז ביסלעכווייז אַרויסגעוואָקסן פון דעם טונקל אַ וועלט, וואָס האָט מיך באַצויבערט דורך איר אינעווייניקסטער רייכקייט, קראַפט און אומגעהויערער ראָלע, וועלכע זי האָט געשפּילט אין דעם לעבן פון אונזער פאָלק"...

„און וואָס מער איך האָב גענומען שטודירן אונזער אַלטע געשיכטע, וואָס מער איך האָב מיך פאַרטיפט אין די אומשטענדן און דעם לעבן פון די, וואָס האָבן זי געשאַפן אָדער אויסגעליטן — אין זייערע געדאַנקען, געפילן, חלומות און שטרעבונגען — איז פאַר מיר געוואָרן אַלץ מער קלאָר, אַז מיר האָבן אין די פאַרגאַנגענע דורות אַ סך מער אייביק-לעבנדיקע מענטשלעכקייט, איידער פאַר-שימלטן שטויב". 1)

דער רעזולטאַט פון דידאָזיקע אויספירונגען און אויספאָרשונגען איז געווען זשיטלאָווסקיס ערשט ליטעראַריש ווערק (אויף רוסיש)

---

1) געז. שריפטן 2, ז. 150.

מיטן נאָמען „מיסלי אָב איסטאָריטשעסקיך סודבאך יעווריעיסטוואַ" („געדאַנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פֿונם יידנטום"). דער מאַניפֿעסט איז פֿאַרטיק געווען אין אַפּריל, 1887. זיינע גרונד-געדאַנקען זענען (אין זשיטלאָווסקיס אייגענער פֿאָרמולירונג) געווען: 1) די דערהאַלטונג פֿון דעם יידישן פֿאָלק קאָן נישט דערקלערט ווערן דורך פֿאַרפֿאָלגונגען און אויסנאַם-געזעצן ווי דאָס טוט די אַסימילאַטאָרישע טעאָריע. 2) דער קיום פֿון דעם יידישן פֿאָלק איז אַ פּראָדוקט פֿון דעם נאַציאָנאַלן ווילן צו לעבן און דעם קאַמף פֿאַר עקזיסטענץ. דאָס יידישע פֿאָלק האָט געהאַט אַ רעכט זיך צו דערהאַלטן, ווי דער טרעגער פֿון אַ סאָציאַלן צוקונפֿט-אידעאַל, וועלכער איז געווען אויסגעדריקט צוערשט פֿון די נביאים און דערנאָך ווייטער אַנטוויקלט דורך די אסיים, וואָס זיי האָבן געמאַכט אַ פּרווו אים צו פֿאַרווירקלעכן און וואָס זייער וועלט-אָנשויאונג לאָזט זיך דערקלערן דורך די קלאַסנקאָנפֿליקטן פֿון יענער צייט. 3) דאָס מיטל פֿון דעם יידישן פֿאָלק צו דערהאַלטן זיך איז געווען — די תּלמודישע און רבנישע געזעצגעבונג, וואָס האָט אויפֿגעשטעלט אַ מויער און אַ צאַם אַרום דעם פֿאָלק. 4) דעם עול פֿון אָט דער שטרענגער געזעצגעבונג נעמט אויף זיך דער יחיד, כאָטש ער איז פֿריי און דענקט זעלבשטענדיק, ווייל ער גלויבט, אַז ער וועט אים דאַרפֿן טראָגן נאָר ביז משיח וועט קומען. 5) דער גלויבן אין משיחן האָט פֿריער נישט געהאַט אין זיך קיין חוץ-לדרך-הטבעדיקס און ערשט דערנאָך ווערט ער מיסטיש און פֿאָדערט דעם גלויבן אין ווונדער. 6) די משיח-באַוועגונגען, וועלכע זענען פֿול מיט גלויבן אין ווונדער, וואַרפֿן כמעט אַלע אַראָפּ פֿון זיך דעם יאָך פֿון דעם תּלמודיש-רבנישן שולחן-ערוך. 7) דער פֿרייער פֿילאָזאָפֿישער געדאַנק איז די גרעסטע סכּנה פֿאַר אַ נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ, וועלכע האַלט זיך אויף אַזאַ מין יסוד, און די גאַנצע יידישע רעליגיעזע פֿילאָזאָפֿיע זוכט בייצוקומען אָדער נישט צוצולאָזן דידאָזיקע געפֿאַר. ספּינאָזאַס און אקאָסטאַס מוזן אַרויסגעשטויסן ווערן. 8) עס ווערט אויסגעאַרבעט אַ „היסטאָרישע אידייען-פֿאַרבינדונג (געברויכנדיק אַ שפּעטערדיקן טערמין זשיטלאָווסקיס), אַז דער יידיש-נאַציאָנאַלער קיום איז מעגלעך נאָר אויפֿן יסוד פֿון אַ רעליגיעזן ווונדערגלויבן און אַז דער, וואָס ווערט אָן אָט דעם גלויבן, מוז פֿאַרלייקענען אויך דעם זין און די מעגלעכקייט פֿון אַ יידיש-נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ.

9) אין סוף 18-טן יאָרהונדערט קומט פאַר אָט דער פאַל — און עס הויבט זיך אָן די עפּאָכע פון אַסימילאַציע. 10) אין אונזער צייט (ד. ה. אין די 80-קער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט) לעבט נאָך און ווירקט אָט די „היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונג", און אונטער איר השפּעה איז די חבת-ציון געוואָרן רעאַקציאָנער. 11) אין דעם פּראָצעס פון אונזער קאַמף פאַר עקזיסטענץ איז פאַרלוירן געגאַנגען דער באַוווסטזיין פון די אידעאַלן, און דאָס וואָס איז פריער געווען נאָר אַ מיטל, איז געוואָרן אַ ציל פאַר זיך אַליין: דאָס פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט די אַרבעטאָרישע אידעאַלן פון די אסיים איז געוואָרן אַ פּאַראַזיטיש-לעבנדיק האַנדלס-פאָלק. 12) ווערט די פּראָבלעם צי איז אָן אייגענע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ און אַ פּראָגרעסיוו לעבן היפּוכים אָדער עס לאָזט זיך פאַראייניקן ביידע זאַכן אינאיינעם?

זשיטלאָווסקי האָט שוין געהאַט דאַן אַן ענטפער (אַ פּאָזיטיוון ענטפער) אויף דער פראַגע. אָבער ער האָט דאָך אויסגעלאָזט דעם בוך מיט אַ פראַגע. ער איז נאָך נישט אינגאַנצן פאַרטיק געווען מיט דער אַלגעמיינער פּראָבלעם פון פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם. ער האָט נאָך געדאַרפט פאַנאַנדערפלאָנטערן די „היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונג", לויט וועלכער יעדע נאַציאָנאַלע עקזיסטענץ איז געווען דער היפּוך פון פּראָגרעס...

דאָס ווערק איז אין דעם זעלביקן יאָר 1887 אָפּגעדרוקט געוואָרן אין מאָסקווע, ווהין זשיטלאָווסקי האָט זיך איבערגעקליבן נאָכדעם ווי פּאָליציי האָט אים אַרויסגעשיקט פון פּעטערבורג.1)

דאָס ווערק פון דעם יונגן פאַרפאַסער (ער איז דאַן אינגאַנצן אַלט געווען 22 יאָר) — האָט שטאַרק פאַראינטערעסירט די קריטיק — די העברעאישע, די רוסיש-יידישע און די רוסישע. די העברעאישע צייטונג „היום" האָט דעם יונגן ראַדיקאַלן שריפטשטעלער אָנגערופן „עוכר ישראל", „יידישער אַנטיסעמיט". א. ד. גל. דער רוסיש-יידישער ליטעראַטור-קריטיקער און היסטאָריקער ש. דובנאָוו איז אויך געווען שטאַרק נישט צופרידן מיט זשיטלאָווסקיס אַנאַליז פון דער יידישער געשיכטע, דערפאַר אָבער האָט די ראַדיקאַלע רוסישע פּרעסע זיך

1) נאָך איידער „מיסלי" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן זענען געדרוקט געווען זשיטלאָווסקיס רוסישע לידער אין דער צייטונג „סוויעט". זע ז. רייזענס „לעקסיקאָן פון דער ייד. ליט. און שפּראַך".

זייער ווארעם אָפּגערופן אויף דעם ערשטן בוך פון דעם נייעם פאָרשטייער פון פּראָגרעסיוון געדאַנק אין רוסלאַנד. איינער פון די ראַדיקאַלע רוסישע קריטיקער האָט אָנגעוויזן אויף דעם, וואָס די יידישע אַרבעטער ווערן נישט דערמאָנט אין זשיטלאָווסקיס אויספּי־רונגען. אָבער דער יידישער אַרבעטער־קלאַס איז דאַן נאָך געווען זייער קליין, און ער האָט אין דעם יידישן לעבן נאָך כמעט גאָר קיין ראָלע נישט געשפּילט.

אַגב, איז די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע שיטה נאָך נישט אינ־גאַנצן פאַרטיק געווען. זשיטלאָווסקי האָט נאָך געהאַלטן אין אַרבעטן אויף איר. אין סוף יאָר 1887 האָט ער זיך אומגעקערט צוריק קיין וויטעבסק, ווו ער האָט זיך אָפּגעגעבן, פון איין זייט, מיט העקטאָ־גראַפירן און פאַרשפּרייטן אומלעגאַלע „נאַראָדאוואָלישע" אויסגאַבן, און פון דער צווייטער זייט, מיט שטודירן די נאַציאָנאַלע פראַגע און דעם מאַרקסיזם.

אים האָט די אַרבעט אָבער נישט צופרידנגעשטעלט. ער האָט געדורשט נאָך אַ ברייטערער טעטיקייט. האָט ער געפּלאַנט צו באַ־זעצן זיך אין גאַליציע, ווו עס זענען דאָ יידישע מאַסן און אַ מעגלעכקייט צו פירן אַ ברייטע און אָן אָפענע אַרבעט. גראָד איז אָנגעקומען אַ ידיעה, אַז אין פאַרבינדונג מיט דער פּוילישע פּאַרטיי „פּראָלעטאַריאַט", האָט זיך אין ציוריך (שווייץ) געגרינדעט אַ יידישע רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע, וועלכע גיט אַרויס סאָציאַליסטישע שריפטן אויף יידיש, און מען לייגט אים פאָר צו ווערן אַ טוער אין דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע. האָט ער אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, און אין זומער 1888 פאַרלאָזט ער רוסלאַנד און קומט קיין בערלין, ווו ער האָט זיך געזאָלט טרעפן מיט דעם פאָרשטייער פון דער „ציוריכער גרופּע".

יענער איז נישט געקומען. האָט זיך זשיטלאָווסקי דערווייל אָפּגעגעבן מיט זיינע וויסנשאַפטלעכע שטודיעס: געהערט לעקציעס וועגן משנה פון פּראָפעסאָר שטראַק, וועמען עס זענען, אַגב, שטאַרק געפעלן געווען זשיטלאָווסקיס געדאַנקען וועגן דעם גורל פון יידנ־טום; געהערט אַנדערע לעקציעס (וועגן עטנאָלאָגיע, וועגן עסטעטיק) אין בערלינער אוניווערזיטעט; זיך פאַרטיפט ווידער אין דער יידישער געשיכטע און — אין דער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור.

צום סוף זומער איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּרייסן

ודאָרט האָט נאָך געהערשט דער אַנטי־סאָציאַליסטן־געזעץ) — און ער איז אַריבערגעפאָרן קיין ציוריך.

קיין יידיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָט ער דאָרט נישט געפונען. ווי נאָר איר פירער ראַבינאָוויטש (אַ זון פון דעם העברע־אישן שריפטשטעלער שפ״ר) איז אַוועקגעפאָרן, איז פון דער אָרגאַ־ניזאַציע גאָרנישט נישט געוואָרן. עס איז געבליבן פון איר אַן אָרעמע ירושה: אַ פּאָר נישט־פאַרטיקע מאַנוסקריפּטן. און „מען האָט״, ווי זשיטלאָווסקי אַליין דערציילט, „געדאַרפט אָנהויבן ווידער פון אָנהויב און דער עיקר — געפינען מענטשן, וואָס זאָלן איינזען די נויט־ווענדיקייט פון פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל צווישן די יידישע אַרבעטער. אַזעלכע זענען אָבער דאַמאָלט געווען נישט בנמצא״. 1) זיי זענען געווען אפשר אין אַנדערע ערטער, ווי צום ביישפּיל, אין לאָנדאָן, וווּ עס איז נאָך אין יאָר 1876 געגרינדעט געוואָרן אַ יידישער סאָציאַליסטישער פאַראיין, וועלכער האָט געפירט זיין אַרבעט אויף העברעאיש און אויף יידיש, אָבער די יידישע סאָציאַליסטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שווייץ, זענען אַלע געווען אַסימילאַטאָריש־קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט. אויף אַלע טענהס און טעאָרעטישע אַרגומענטן האָט זשיטלאָווסקי געקריגן פון זיי איין ענטפער: „נישטאָ קיין יידיש פאָלק, נישטאָ קיין יידישע שפּראַך, נישטאָ קיין יידישע אַרבעטער״. 2)

האָט מען, די ערשטע זאַך, געמוזט אויפוועקן אין דער יידישער סאָציאַליסטישער אינטעליגענץ אַן אינטערעס צום יידישן פאָלק, צום יידישן לעבן. און זשיטלאָווסקי האָט איינאיינעם מיט די סטודענטן־חובבי־ציון, וואָס זענען געווען אין ציוריך, געגרינדעט אַן אומפּאַר־טייאישע יידיש־סטודענטישע אָרגאַניזאַציע מיטן דייטשן נאָמען „פעראיין פיר וויסענשאַפט אונד לעבען דעס יידישען פאָלקעס״. דורך אָט דעם פאַראיין האָט ער געהאָפט „פאַנאַנדערצוּוויקלען זיין יידיש־נאַציאָנאַלע פּראָפּאַגאַנדע און געווינען די נויטיקע קרעפטן פאַר דער סאָציאַליס־טישער טעטיקייט צווישן די יידישע מאַסן. 3)

---

1) זע זשיטלאָווסקיס אַריינפיר צו מ. מ. ראָזענבוימס „ערינערונגען פון אַ סאָ־ציאַליסט־רעוואָלוציאָנער״, ניו־יאָרק, 1921, באַנד 1, ז. 23.

2) דאָרט, ז. 25.

3) דאָרט, ז. 25.

צו גלייכער צייט האָט ער אַקטיוו אָנטייל גענומען אין די הייסע דיסקוסיעס און אין דעם פאַרביטערטן אידייען-קאַמף צווישן די „נאַראָדאָוואָלצי" (די שפּעטערדיקע „עס-ערן") און די מאַרקסיסטן פון פּלעכאַנאָווס חדר — די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. איינע פון די דיסקוסיעס, אין וועלכע זשיטלאָווסקי איז געווען דער הויפּט-רעדנער, האָט זיך פאַרצויגן אויף גאַנצע צוויי און זיבעציק נעכט. (מען פלעגט דעבאַטירן ביז דריי-פיר אַזייגער אינדערפרי). זשיטלאָווסקי איז נישט אינגאַנצן איינשטימיק געווען נישט מיט איין צד און נישט מיט דעם אַנדערן. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע מיינונגען וועגן די אַלגעמיינע סאָציאַלע און פילאָזאָפישע פּראָבלעמען, אַזוי ווי ער האָט געהאַט זיין אייגענעם קוק אויף דער „יידישער פראַגע".

אין זיין — פריער ציטירטער — אַרבעט „די אַנטשטייאונג פון דעם „סאָיוז רוסקיך סאָציאַליסטאָוו רעוואָלוציאָנעראָוו" (אָפּגעדרוקט ווי אַן אַריינפיר צו מ. מ. ראָזענבוימס „ערינערונגען פון אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער", ניו-יאָרק, 1921), האָט זשיטלאָווסקי איבערגעגעבן די הויפּטגעדאַנקען, וועלכע ער האָט צום ערשטן מאָל פאָרמולירט בעת די בערנער דיסקוסיעס און וועלכע האָבן געהאַט אַזאַ גרויסע באַדייטונג פאַר דער טעאָרעטישער אַנטוויקלונג פון דעם רוסישן (און שפּעטער אויך יידישן) סאָציאַליזם. די וואָס ווילן זיך באַקענען מיט אָט די געדאַנקען, קאָנען זיי געפינען אין דער דערמאָנטער אַרבעט. „אַ באַריכט וועגן מיין שטאַנדפּונקט און די פאַקטן, אויף וועלכע איך שטיץ זיך, שרייבט דאָרט זשיטלאָווסקי, האָב איך אַוועקגעשיקט מיכאַילאָווסקין (דעם באַרימטן רוסישן פּובליציסט און ליטעראַטור-קריטיקער — ש. נ.) און שפּעטער פאַרעפנטלעכט אין דייטש אין פערנעסטאָרפערס „דייטשע וואָרטע". אין דער דייטשער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור האָט נאָר עדוואַרד בערנשטיין אויפגענומען ערנסט מיין אַרבעט. קאַוטסקי האָט זי אָפּגעפּטרט מיט אַן אויסרייד, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז אַ קאַמף-פּאַרטיי און האָט נישט קיין פיל צייט אויף טעאָרעטיש-וויסנשאַפטלעכע אונטערזוכונגען. נאָר אין רוסלאַנד איז די פּאָלעמיק געוואָרן אַ היציקע און אַ שאַרפע. מיכאַילאָווסקי האָט דעם גאַנצן פּאַקטישן מאַטעריאַל און אַ טייל פון מיין אַרגומענטאַציע אַריינגעבראַכט אין זיין פּאָלעמיק קעגן דעם מאַרקסיזם. דאָס האָט אַרויסגערופן פּלעכאַנאָווס ענטפער אין זיין באַרימטן בעלטאָוו-בוך, וואָס האָט דעם מאַרקסיזם

באַגרינדעט אויף וואָס ער איז געווען באַגרינדעט ביי מאַרקסן גופא: אויף דער מאַטעריאַליסטיש-מאַניסטישער פילאָזאָפיע; דער קאַמף פאַר און קעגן מאַרקסיזם האָט זיך פאַנאַנדערגעקאָכט און האָט גע- פירט צו אַ קלאָרערער און ריינערער פאַנאַנדערשיידונג אין די ליניעס פון דעם סאָציאַליסטישן געדאַנק". 1)

אינאיינעם מיטן קאַמף פאַר זיינע אידייען האָט זשיטלאָווסקי דאַמאָלט שוין געמוזט פירן אויך אַ קאַמף פאַר זיין מאַטעריעלער עקזיסטענץ. איז ער איינמאָל אַוועק זיך אַן עצה האַלטן מיט דעם באַוווסטן לודוויג שטיין, וועלכער איז דאַן נאָך נישט געווען קיין פּראָפעסאָר, נאָר אַ פּריוואַט דאָצענט אין דער ציוריכער אוניווערזי- טעט, וועלכער האָט אָבער געהאַט שוין אין זיין רשות אַ פאָנד אויף צו העלפן אָרעמע יידישע סטודענטן. זשיטלאָווסקי האָט געוויזן שטיינען די האַנטשריפטלעכע דייטשע איבערזעצונג פון זיינע „מיסלי", וועלכע האָבן אים אַליין שוין דאַן, אַגב, נישט אינגאַנצן צופרידנ- געשטעלט, — און לודוויג שטיין האָט אים באַשטימט אַ קליינע פּענסיע פון דעם סטודענטן-פאָנד און געראָטן זיך ספּעציאַליזירן אין פילאָזאָפיע.

אין יענער צייט האָט זיך זשיטלאָווסקי נאָענט באַפריינדעט מיט חנן (שאַרל) ראַפּאָפּאָרט, דעם באַקאַנטן סאָציאַליסטישן (שפּעטער קאָמוניסטישן) טוער, און זיי האָבן אינאיינעם געגרינדעט „אַ געזעל- שאַפט צו קעמפן מיטן הונגער", פון וועלכן עס האָבן געליטן דאַן די רוסישע פויערים.

ווינטער 1890—91, ווען לודוויג שטיין ווערט פּראָפעסאָר אין דער בערנער אוניווערזיטעט, קלייבט זיך זשיטלאָווסקי אויך אַריבער קיין בערן און פירט דאָרט זיין אַלגעמיין-סאָציאַליסטישע און רע- וואָלוציאָנער-יידישע פּראָפּאַגאַנדע. ער ווערט אַ פאַרטרעטער פון דעם לאָנדאָנער רעוואָלוציאָנערן פאַרלאַג „פאָנד וואָלנאַי פּרעססי" („אַ פאָנד פאַר פרייער רוסישער פּרעסע") און שרייבט אויף פאַר אָט דעם פאַרלאַג זיין באַרימטע רוסישע בראָשור „יעווריעי ק יעווריעיאַם" („אַ ייד צו יידן").

די בראָשור איז פאַרטיק געוואָרן אין דרוק (אונטער דעם פּסעוודאָנים י. כאַסין) אין יאָר 1892, די אַרויסגעבער, וואָס אייניקע

---

1) געזאַמלטע שריפטן, 59.

פון זיי זענען געוואָרן שפּעטער אָנגעזעענע פירערס פון דער „פּאַרטיי סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן", האָבן אין זייער פאָרוואָרט צו דער בראָשור דערקלערט, אַז זיי דרוקן, זי צוליב אירע און איר פאַרפאַסערס מעלות, אָבער זיי זענען נישט מסכּים מיט די מיינונגען, וואָס ווערן אין איר אַרויסגעזאָגט.

און עס איז גאָר קיין חידוש נישט, וואָס זיי האָבן מיט די דאָזיקע מיינונגען נישט געקענט איינשטימען. זשיטלאָווסקיס געדאַנקען־גאַנג איז אין יענער צייט געווען ניי און אומגעריכט פאַר יידישע סאָציאַליסטן, בפרט נאָך — פאַר גויישע. די הויפּט־געדאַנקען פון דער דאָזיקער בראָשור האָט זשיטלאָווסקי אַליין שפּעטער פאָרמולירט אין די פאָלגנדיקע צען פּונקטן (ער האָט דאָס געטאָן אין דעם פאָרוואָרט צום זעקסטן באַנד פון זיינע געזאַמלטע שריפטן (ניו־יאָרק, 1917), ווו עס איז אָפּגעדרוקט די יידישע איבערזעצונג פון „יעווריי־ק' יעוורעאים").

„1. די פּראָקלאַמירונג פון דער זעלבשטענדיקייט פון דעם יידישן פאָלק („מיר זענען נישט קיין 4 פּראָצענט פון ווענען עס איז אַן אַנדערן, נאָר 100 פּראָצענט פון זיך אַליין).

2. סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם זענען נישט קיין היפּוכים.

3. די אינטערעסן פון די אַרבעטער און די פּויערים זענען סאָלידאַריש, און אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאַרף פאַרטיידיקן ביידע: דער ערשטער אַרויסטריט פון די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

4. די פּראָקלאַמירונג, אַז עס איז דאָ אַ יידישער אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד, ממילא אַ פּלאַץ פאַר אַ יידישער אַרבעטער־פראַגע, אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און אַ יידישן סאָציאַליזם.

5. דער אונטערשייד פון דעם מערב־אייראָפּעאישן און דעם רוסישן יידנטום, און די קריטיק פון דער מערב־אייראָפּעאישער עמאַנסיפּאַציע.

6. דער צונויפבונד פון רוסישער רעוואָלוציע און יידישער באַפרייאונג: די נויטיקייט זיך צו באַטייליקן אין דעם רוסישן רעוואָלוציאָנערן קאַמף, ווי אַ יידישע נאַציע, און אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי אַ יידישער אַרבעטער־קלאַס.

7. די סאָציאַליסטישע קריטיק פון דעם יידישן עקאָנאָמישן

לעבן און זיין פּאַראַזיטישן כאַראַקטער. די נויטיקייט פון אַ יידישן
אַ גראַר־סאָציאַליזם.

8. די נויטיקייט אַוועקצושטעלן דעם יידישן לעבן אויף די יסודות פון אַרבעט און וויסנשאַפט.

9. די יידישע אינטעליגענץ דאַרף געהערן דעם יידישן פאָלק. קאַמף אַנטקעגן אַסימילאַציע.

10. מיר דאַרפן קעמפן פאַר נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג, נישט נאָר פאַר בירגערלעכע".

די בראָשור „אַ ייד צו יידן" איז, ווי געזאָגט, געשריבן געווען אויף רוסיש. אָבער זשיטלאָווסקי האָט שוין דאַן זיך אָפּגעגעבן אויך מיט יידיש שרייבן. אין יאָר 1891 (אין דעם אויגוסט־סעפּטעמבער־העפט פון דעם סאָציאַליסטישן זשורנאַל „די פרייע וועלט", וועלכער איז אַרויסגעגאַנגען אין לאָנדאָן אונטער דער רעדאַקציע פון אַ קאָ־לעגיע מיט מאָריס ווינטשעווסקי בראש) איז געדרוקט געוואָרן זשיט־לאָווסקיס אַ פרייע יידישע איבערזעצונג פון ס. פריודאמס רעוואָלו־ציאָנערער פּאָעמע „דער חלום פון אַ ליידיקגייער". די איבערזעצונג האָט אויף מאָריס ווינטשעווסקין, דעם זיידן פון דער יידישער רעוואָלו־ציאָנערער פּאָעזיע, געמאַכט זייער אַ שטאַרקן רושם. „איך בין גע־ווען איבערראַשט", האָט ער געשריבן אין זיין אַרטיקל צום 25־יאָ־ריקן יובילֵיי פון דר. זשיטלאָווסקיס ליטעראַרישער טעטיקייט. „מיין איבעראַשונג איז ביים לעזן געוואַקסן פון שורה צו שורה. הערסטו! אין דער שווייץ איז דאָ אַ מענטש, וואָס שרייבט גלאַט און גראַמאַ־טיקאַליש יידיש און איז דערצו נאָך אַ סאָציאַליסט". 1) אין יענער צייט איז עס געווען אַ זעלטנהייט.

זשיטלאָווסקי האָט שוין דאַן אָבער געשריבן יידיש, נישט בלויז „גלאַט און גראַמאַטיקאַליש", נאָר מיט אַ גרויסער אָפּגעהיט־קייט און אַ טרייסאַפט צום ריינעם און געלייטערטן פאָלקסטאָן.

אָבער נישט נאָר אין שרייבן פון צייט צו צייט יידיש און נישט נאָר אין דער אַרבעט פון דעם יידיש־וויסנשאַפטלעכן פּאַראיין און אין דער בראָשור „יעווריעי ק יעווריעיאַם" האָט זיך אויסגעדריקט זשיטלאָווסקיס אַקטיווער אינטערעס צום יידישן לעבן, ער האָט זיך נעמישט שוין אויך אין פּראַקטישע יידישע געזעלשאַפטלעכע אָנגע־

---

1) „דאָס נייע לעבן", ניו־יאָרק, דעצעמבער, 1912.

לעגנהייטן, אַזוי, אַ שטייגער, האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין קאַמף קעגן דעם פאַרבאָט פון יידישער שחיטה, וועלכער האָט געהאַלטן דאַן ביי דורכגעפירט ווערן אין דער שווייץ. ער האָט געהאָלפן די שווייצאַרישע יידן און דער ראַדיקאַלער געזעלשאַפט, וועלכע איז געווען אויף זייער זייט, מיט וואָס נאָר ער האָט געקענט.

אין יענער צייט (1892) האָט ער פאַר זיין דיסערטאַציע „אבראהאם איבן דאוד (ראב״ד הראשון) אונד דער אנפאַנג דער אַריסטאָטעלישען פעריאָדע אין דער יידישען רעליגיאָנס פילאָזאָפי״ — געקריגן פון דעם בערנער אוניווערזיטעט דעם טיטל דאָקטאָר.

אין א יאָר (אָדער אין צוויי יאָר) אַרום האָט ער, אינאיינעם מיט ח. ראַפּאָפּאָרט, מענדל ראָזענבוים, זיין פרוי ווערא סעווערי־אַנאָווגאַ און אַנדער, געגרינדעט דעם „סאָיוז רוססקיך סאָציאַליסטאָוו־רעוואָלוציאָנעראָוו״ (פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן). די גרונד־יסודות פון דעם „פאַרבאַנד״ זענען (אין זשיטלאָווסקיס אייגענער פאָרמולירונג) געווען: 1) „מאַרקסיזם — אַ פריוואַט זאַך״; 2) פרייהייט איז אַ ציל פאַר זיך אַליין; 3) רוסלאַנד מוז נישט דוקא אויסקאָכן זיך אין דעם קעסל פון קאַפּיטאַליזם; 4) אַרבעטערקלאַס=לוין־אַרבעטער + אַרבעטאָרישער פויער + גייסטיקער אַרבעטער; 5) פעדעראַליזם און זעלבסט־פאַרוואַלטונג, אַנשטאָט צענטראַליזם.

פון דער צייט אָן איז דר. זשיטלאָווסקי געווען איינער פון די הויפּט־פירער פון דער רוסישער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי. אין רעפעראַטן און דיסקוסיעס האָט ער באַגרינדעט און פּראָפּאַגאַנדירט איר פּראָגראַם. אויף פאַרשיידענע אופנים האָט ער אַנטייל גענומען אין איר אָרגאַניזיר־אַרבעט. צו גלייכער צייט איז ער געווען מיט־רעדאַקטאָר פון איר אָרגאַן „רוסקי ראַבאָטשי״, איז געווען אַ מיטאַרבעטער פון „נאַקאַנוניע״ און האָט געשריבן פאַר איר טעאָרעטישע אַרבעטן אונטער דעם פסעוודאָנים ס. גריגאָראָוויטש.

אין דעם זעלביקן פעריאָד האָט ער פאַרעפנטלעכט פאַרשיידענע אַרבעטן (דערהויפּט וועגן מאַרקסיזם און דער נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע) אויף דייטש. די וויכטיקסטע פון דידאָזיקע אַרבעטן זענען:

1). „בייטרעגע צור געשיכטע אונד קריטיק דעס מאַרקסיזמוס״ (אין פערנעסטאַרפערס „דייטשע וואָרטע״). דידאָזיקע אַרבעט איז נישט אינגאַנצן פאַרעפנטלעכט געוואָרן.

2. „די קריזיס איננערהאַלב דעס מאַרקסיזמוס" (אין די „סאָציאַ־ליסטישע מאָנאַטס־העפטע").

3. „די געשעפטס־פילאָזאָפיע און דאָס ענדציעל" (געשריבן פריער אין רוסיש).

4. „דער סאָציאַליזמוס אונד די נאַציאָנאַליטעטן־פראַגע" („דייטשע וואַרטע").

בנוגע צום ספּעציעל־יידישן לעבן האָט זיך זשיטלאָווסקיס געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע טעטיקייט אין דעמדאָזיקן בערנער פּעריאָד (ביזן סוף ניינציקער יאָרן) אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקס (אַחוץ די פריער דערמאָנטע אַרבעטן):

1. די גרינדונג פון „אַ גרופּע יידישע סאָציאַליסטן אין אויס־לאַנד" (אין יאָר 1 96). דער הויפּט־צוועק פון דער גרופּע איז געווען — שאַפן סאָציאַליסטישע ליטעראַטור אויף יידיש. אירע אויפ־טוען: די איבערזעצונג פון דעם „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי" (דער ערשטער פּרווו אויסצואַרבעטן אויף יידיש אַ מאַרק־סיסטישע טערמינאָלאָגיע); די איבעראַרבעטונג פון „מעשה מד׳ אחים" און פּראָפ. גיזשיצקיס „פאָרלעזונגען איבער סאָציאַלע עטיק".

„דער מאַפינעסט" און „די מעשה מד׳ אחים" זענען אַרויסגע־געבן געוואָרן פון „בונד". זשיטלאָווסקי האָט געווען געשריבן אַ פאָרוואָרט צו די אויסגאַבן — „פאַרוואָס דוקא יידיש?" (1897), אָבער זיי זענען אַרויס אָן דעם „פאָרוואָרט", און דאָס איז פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן ערשט שפּעטער, אין יאָר 1900, אונטער דעם פּסעוודאָנים בן אהוד, אין „פאָרווערטס", און איבערגעדרוקט געוואָרן אין פינפטן באַנד פון ד״ר. זשיטלאָווסקיס „געזאַמלטע שריפטן". (ניו־יאָרק, 1917). ווען מען לייענט עס איבער, פאַרשטייט מען, פאַרוואָס דער „בונד" האָט עס דאַן (אין יאָר 1897) נישט געוואָלט דרוקן. פאַרן דאַמאָלסטיקן „בונד" איז עס געווען צו נאַציאָנאַל־יידיש, צו יידישיסטיש. עס איז נאָך נישט געווען קיין קלאָר פאָרמולירטער און קיין פולבאַגרינדע־טער יידישיזם. אָבער עס איז צום ערשטן מאָל אין דעמדאָזיקן אַרטיקל פון דר. זשיטלאָווסקי אויסגעדריקט געוואָרן דער געדאַנק, אַז די אויפלעבונג פון דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור איז דער וועג, וואָס פירט צו דער סאָציאַלער אויפוואַכונג און נאַציאָ־נאַלער רענעסאַנס פון די יידישע מאַסן און דעם גאַנצן יידישן פאָלק.

2. אין דעמזעלביקן יאָר, ווען דר. זשיטלאָווסקי האָט געשריבן „פאַרוואָס דוקא יידיש?“ — אין דעם יאָר 1897 איז, ווי ס'איז באַוווסט, פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל, און חיים זשיטלאָווסקי איז גרייט געווען אַנטייל צו נעמען אין דעם קאָנגרעס, אָבער ער האָט געמוזט אָפּזאָגן זיך פון אָט דעם געדאַנק און ער איז געבליבן אויפן קאָנגרעס נאָר ווי אַ פאָרשטייער פון דער פּרעסע. זיין ווונטש איז געווען, אַז די ציוניסטן זאָלן נישט שאַפן קיין פּאַרטיי, נאָר אַ ל י ג ע, צו וועלכער עס זאָלן קענען צושטיין מענטשן פון פאַרשיידענע פּאָליטישע ריכטונגען. די פירער פון ציוניזם האָבן געוואָלט אָרגאַניזירן דוקא אַ פּאַרטיי. דער איינדרוק, וואָס דר. זשיטלאָווסקי האָט אַרויסגעטראָגן פון דעם ערשטן באַזעלער קאָנגרעס, איז געווען, — אַז „פאַר דעם מערב-אייראָפּעאישן יידנטום איז דער ציוניזם אפשר אַ פּראָגרעסיווע דערשיינונג, אָבער דורך און דורך בורזשואז; פאַר מזרח-אייראָפּע איז ער אַבסאָלוט רעאַקציאָנער און שעדלעך“. אויף מאָרגן נאָכן קאָנגרעס איז אין באַזעל פאָרגעקומען אַ גרויסע פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער דר. זשיטלאָווסקי האָט געהאַלטן זיין ערשטע יידישיסטישע פּראָגראַם-רעדע. די פאַרזאַמלונג איז צונויפגערופן געוואָרן מיטן צוועק צו באַקענען דעם יידישן עולם, וואָס איז זיך פון אַלע עקן וועלט צונויפגעפאָרן קיין באַזעל, מיט דער פּראָגראַם און די צילן פון דעם יידישן פאַרלאַג „צייט גייסט“, וועלכער איז מיט אַ יאָר פריער געגרינדעט געוואָרן אין בערלין פון אַ גרופּע ראַדיקאַלע יידישע סטודענטן מיט דוד פּינסקי בראש. צו דער פאַרזאַמלונג זענען געקומען אַ סך קעגנער פון יידיש, און זייערע רעדנערס האָבן געוואָרנט דעם עולם ער זאָל חלילה נישט פאַרפירט ווערן פון דער „גלות-שפּראַך“. דר. זשיטלאָווסקי איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע, אין וועלכער ער האָט זיי אַלעמען געענטפערט, און די רעדע, האָט געשריבן שפּעטער דוד פּינסקי, — די רעדע „איז געווען די קווינטעסענץ פון זיינע ווייטערדיקע יידישיסטישע רעדעס און שריפטן, דער גרונדשטיין פון זיין שפּעטערדיקער יידישיסטישער טעטיקייט. זי איז געווען אַ פּראָגראַם און אַן אויפרוף פון אַן אמתן פּאָלקסמאַן. ווער איז קעגן יידיש, דער איז פאַר אַסימילאַציע. אַן אייגן לאַנד וואָלט אונז געקענט אָפּראַטעווען פון די כאַפּפינגער און נעצן פון דער אַסימילאַציע, אָבער קיין לאַנד האָבן מיר נישט, מוז די שפּראַך אונז פאַרטרעטן דאָס לאַנד. האַלטנדיק זיך אָן איר, ווי אָן אַ רעטונגס-ברעט, קענען מיר ווייטער שווימען אָן מורא, אַז

די אַרומיקע כוואַליעס וועלן אונז פאַרשלינגען. און אונזער שפּראַך איז יידיש. דאָס פאָלק ליבט און אַנערקענט זי. נאָר די קינדער פון דער השכלה-צייט זענען אויפגעשטאַנען קעגן איר, די אָנגעוואַקסענע אינטעליגענץ איז אָפּגעשטאַנען פון איר. אָבער דאָס איז די טויטזינד פון אונזער אינטעליגענץ. זי איז אָפּגעשטאַנען פון דער שפּראַך, אָבער דערמיט אויך פון דעם פאָלק, פון דער מאַסע. און די מאַסע איז פאַריתומט געוואָרן, געבליבן אָן פירער, אָן אַ קאָפּ... קערט זיך אום צו יידיש, דאָס הייסט פאַראייניקט זיך ווידער מיט דער מאַסע, פאַראייניקט די צעפאַלענע גלידער פון דעם פאָלק, זעצט אויף אים ווידער אַרויף דעם קאָפּ"... 1)

3. דר. זשיטלאָווסקי דערנענטערט זיך צום „בונד" און ווערט אַ מיטאַרבעטער פון דעם „יידישן אַרבעטער". ער פאַרעפנטלעכט דאָרט, אונטער דעם פסעוודאָנים בן אחוד, אַן אַרטיקל מיטן נאָמען „ציוניזמוס אָדער סאָציאַליזמוס?" (1898), 2) וועלכן דער „בונד" האָט דערנאָך אַרויסגעגעבן אין אַ באַזונדער בראָשור (אָן דעם לעצטן — „צו" נאַציאָנאַל-יידישיסטישן — קאַפּיטל). אַ טייל אַרגומענטן קעגן ציוניזם, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן אין דערדאָזיקער אַרבעט, האָט דר. זשיטלאָווסקי שפּעטער אַליין אָפּגעפרעגט און צוריקגעצויגן, אָבער אייניקע גרונד-געדאַנקען, וואָס זענען דאָ אַרויסגעזאָגט געוואָרן צום ערשטן מאָל אויף יידיש וועגן די יידישע נאַציאָנאַלע רעכט און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג אין גלות — זענען געוואָרן דער יסוד פון אַ סך שפּעטערדיקע אַרבעטן זשיטלאָווסקיס.

צום ערשטן מאָל אין דער יידישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור איז דאָ דערקלערט געוואָרן, אַז „דער סאָציאַליזם איז גאָרנישט אויסן אָפּצושאַפן אַלע פעלקער, צונויפקנעטן זיי אין איין טייג און מאַכן פון דעם טייג איין גרויסן לאַבן — „מענטשהייט". אדרבה! דער סאָציאַליזם וויל, אַז יעדעס פאָלק זאָל האָבן ביכלת אַרויסצוווייזן זיינע השלמהס, א. אַז. וו." 3)

„דערצו נאָך" לייענען מיר אין לעצטן קאַפּיטל (און דאָס איז

1) דוד פינסקי. א „זשארגאָן"-פאַרזאַמלונג „דאָס נייע לעבן", דעצעמבער, 1912.

2) איבערגעדרוקט מיט אַ סך אָנמערקונגען אין פינפטן באַנד פון די „געזאַמלטע שריפטן".

3) געזאַמלטע שריפטן, 5, ז. 50.

דאַן געווען כּמעט אַ נבואה) — „דערצו נאָך האָפן מיר, אַלס יידן: ערשטנס, אַז די יידישע פאָלקס-ליטעראַטור, וואָס דער יונגער יידישער דור האָט אין דער לעצטער צייט באַשאַפן פאַרן יידישן פאָלק, וועט אַלץ וואַקסן און וואַקסן, וועט אַלץ צוציען מער טאַלאַנטן צו זיך און וועט זיך דערשלאָגן צו אַזאַ מדרגה, אויף וועלכער עס שטייען די שענסטע אייראָפּעאישע ליטעראַטורן. מיר האָפן, אַז די יידישע שפּראַך, וואָס איז אונז אַזוי טייער און הייליק, ווי דעם דייטש די דייטשע, דעם רוס די רוסישע און ווי דעם אַלטן יידן זיין לשון-קודש, וועט אַלץ רייכער ווערן אין ווערטער און אין אויסדרוקן. זי איז נאָך איצטער אָרעם, האַרט און ברעקלדיק, ווייל די יידישע געלערנטע, די געבילדעטע, די פּאָעטן און בעלעטריסטן שרייבן גאָרנישט אויף יידיש; אָבער ווי נאָר די קינסטלער פון דער שפּראַך וועלן אין דעם פלאַם פון טאַלאַנט פאַנאַנדערוואַרעמען דאָס מאַטעריאַל פון דעם יידישן לשון, אַריינגיסן עס אין אַנדערע פאָרמעס, מאַכן פון אַלטן וואָרט דריי נייע, צוטרעפן דעם פאָלקס געשמאַק אין דעם, ווי ער דריקט זיך אויס, — וועט דער יידישער לשון ווערן רייך און ווייך, פליסנדיק, און אין אים וועט מען קענען אויסדריקן אַלץ, וואָס מען וויל.

און ווי נאָר די יידישע ליטעראַטור וועט ווערן רייך אין ביכער פון אַלערליי וויסנשאַפטן, וועט דער יונגער דור נישט דאַרפן זוכן די ערשטע נויטיקע קענטעניש ביי די פרעמדע פעלקער. זיינע מענטשלעכע געפילן און זיינע פרייע געדאַנקען וועט ער קענען אויסבילדן אין דער היים, אין דער אייגענער שפּראַך. דאָס וועט אים נאָך מער צובינדן צו זיין פאָלק. אַלץ, וואָס ער וועט אויפטאָן אין וויסנשאַפט און קונסט, וועט ער פאַרעפנטלעכן אויף יידיש, און די יידישע קולטור, די יידישע בילדונג וועט אַלץ וואַקסן אָן אָן אויפהער און וועט ווערן אַ מוראדיקע קראַפט, וואָס וועט צונויפבינדן אין איינעם נישט נאָר די געבילדעטע מיט דעם פאָלק, נאָר אויך אַלע יידן פון אַלע לענדער.

ווייטער האָפן מיר, אַז די יידישע פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער וועלן מאַכן איין האַנט און וועלן גרינדן איין זעלבשטענדיקן אַלגעמיינעם יידישן אַרבעטער-בונד, וועט אומעטום העלפן די פעלקער, צווישן וועלכע די יידן לעבן, גיכער דערשלאָגן זיך צו אונזער סאָציאַליזם און פרייהייט; און אין דער פרייער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט דאָס יידישע פאָלק פירן זיין לעבן אַזוי, ווי ס'וועט אים

בעסער געפעלן. מיר, יידן, וועלן האָבן אונזערע שולן און קלוב אייגנעפירטע חדרים, אונזערע גימנאַזיעס און רעאַל-שולן, אפילו אונזערע אייגענע אוניווערזיטעטן. אויב דריי מיליאָנען שווייצער קענען אויסהאַלטן 10 אוניווערזיטעטן, וועלן די זיבן ביז אַכט מיליאָנען יידן, וואָס רעדן יידיש, אודאי קענען אויסהאַלטן פינף און צוואַנציק. און אויף אַזאַ אופן וועט דאָס יידישע פאָלק ווערן איינס פון די געבילדעטסטע צווישן די פעלקער" 1).

דערווייל, אָבער, האָט זשיטלאָווסקי געלעבט נאָך אַלץ אין „אויסלאַנד", אָפּגעטיילט, אויב נישט אָפּגעריסן אינגאַנצן, פונם יידישן פאָלקס-לעבן, פון די יידישע פאָלקס-מאַסן — און די בעסטע כחות זיינע האָט ער אָפּגעגעבן דער רוסישער און דער אַלגעמיין-אייראָפּעאישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג.

אין יאָר 1900 גרינדעט ער אינאיינעם מיט דר. זשאַן עדעלהיים אַ דייטשן פאַרלאַג — „אַקאַדעמישער פערלאַג פיר סאָציאַלעוויסענשאַפטען", בערלין-בערן. דער צוועק פון דעם פאַרלאַג איז געווען — שאַפן אַ פּלאַץ פאַר אַן אומפּאַרטייאישער פאָרשונג אויפן געביט פון סאָציאַלן און סאָציאַליסטישן וויסן. דער פאַרלאַג האָט איבערגענומען דעם באַקאַנטן דייטשן זשורנאַל „סאָציאַליסטישע מאָנאַטס-העפטע" און דעם פאַרלאַג, וואָס האָט עקזיסטירט ביי דעמדאָזיקן זשורנאַל. עס איז געווען אַ גרויסע און פאַרצווייגטע אונטערנעמונג. דר. זשיטלאָווסקי האָט געמאַכט אַ רייזע איבער אייראָפּע, און עס איז אים תחלת געלונגען צוציען צום פאַרלאַג אַלע פירערס פון סאָציאַליסטישן געדאַנק אין ענגלאַנד, פראַנקרייך און דייטשלאַנד, אפילו דעם שטרענג-„אָרטאָדאָקסישן קאַאוטסקין. שפּעטער איז ראָזאַ לוקסעמבורג אין „איסקראַ", דער אָרגאַן פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, אַרויס קעגן פאַרלאַג דערפאַר, וואָס ער איז מקרב די „בערנשטייניאַנער" און לאָזט צו קריטיק פון מאַרקסיזם. זענען געבליבן פון דעם לינקן פליגל נאָר קורט אייזנער, בעבעל און אַ פּאָר ווייניקער-וויכטיקע סאָציאַליסטישע שריפטשטעלער. אָבער דער פאַרלאַג האָט דאָך באַוויזן פיל אויפצוטאָן אין משך פון די פּאָר יאָר וואָס ער האָט עקזיסטירט. עס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך אים אַ סך גרינדלעכע ווערק, וועלכע האָבן געהאַט אַ

---

1) געז. שריפטן ז. 72-73.

ווירקונג אויף דער טעאָרעטישער אַנטוויקלונג פונם סאָציאַליזם אין אייראָפּע.

אין דעמזעלביקן 1900 איז, לויט דער איניציאַטיוו פון דר. זשיטלאָווסקי, געגרינדעט געוואָרן אַן „אגראַר-סאָציאַליסטישע ליגע״ 1), איר ציל איז געווען צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן די רוסישע פויערים און צו פאַראייניקן די אַלע רוסישע „פאָלקיסטן״ („נאַראָדניקי״), וועלכע האָבן נישט געקענט צושטיין צום „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן״. איינער פון די הויפּט-טוער אין דער „ליגע״ איז געווען זשיטלאָווסקי, און אַזוי ווי ער איז צוגלייך געווען נאָך אויך רעדאַקציאָנעל פאַרבונדן מיט די אויסגאַבן פון די ס. ר. און האָט אינטענסיוו מיטגעאַרבעט אין די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטס-העפטע״, איז פשוט צו באַוווּנדערן זיין ענערגיע און פּראָדוקטיוויטעט אין דידאָזיקע יאָרן. מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז אַ חוץ דער פאַרלעגערישער, רעדאַקציאָנעלער, שריפטשטעלערישער און קאָנספּיראַטיוו-פּאַרטייאישער טעטיקייט, האָט ער נאָך געהאַלטן אין איין אַרומפאָרן און לייענען לעקציעס. (די וויכטיקסטע פון זיי איז געווען — וועגן „סינטעטישן מאָניזם״, — אַ לעקציע, וועלכע איז געוואָרן דער יסוד פאַר דער „פילאָזאָפישער וועלט-אָנשויאונג״ פון דער רוסישער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי) און אין די יאָרן 1902-1903 האָט ער נאָך געפונען צייט צו דרוקן אין דעם רוסיש-יידישן „וואָסכאָד״ וועגן אַריסטאָטעליזם אין דער יידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע, וועגן הייערמאַנס „גהעטאָ״, א. ד. גל.

אין יאָר 1903, דעם יאָר פון „קישינעוו״, קומט פאָר אַ וויכטיקע ענדערונג אין זשיטלאָווסקיס יידיש-נאַציאָנאַלן פּראָגראַם: ער ווערט אַ טעריטאָריאַליסט. צי איז עס געווען נאָר אַ רעזולטאַט פון דעם רושם, וואָס עס האָט געמאַכט אויף אים דער קישינעווער פּאָגראָם און די אַלגעמיינע לאַגע פון יידן אין פּלעוועס רוסלאַנד, צי האָבן דאָ געווירקט אויך יענע ריין-פּערזענלעכע איבערלעבענישן, וועלכע האָבן דאַן אים „אַרויסגעשליידערט פון זיין פּסיכישן גלייכגעוויכט און אַוועקגעשטעלט פאַר אַ פינסטערן אָפּגרונט״, ווי ער האָט זיך שפּעטער אויסגעדריקט אין זיינעם אַ קאַפּיטל זכרונות 2) —

1) זע מ. מ. ראָזענבוימס „ערינערונגען פון אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער„, ז. 143.

2) „איניקע שעה מיט דר. הערצל״, אין באַנד 9, ז. 8, פון די „געזאַמלטע שריפטן.״

דאָס ווייסן מיר נישט, אָבער ס׳איז אַ פֿאַקט, אַז עס איז צוגעקומען אַ נייער רינג אין זשיטלאָווסקיס יידיש-נאַציאָנאַלן געדאַנקען-גאַנג — דער טעריטאָריאַליזם.

זיין אַלגעמיינעם פּסיכישן צושטאַנד אין יענעם איבערגאַנגס-פּעריאָד האָט זשיטלאָווסקי באַשריבן אין דעם נאָר וואָס דערמאָנטן — אַגב, זייער ווערטפולן און אינטערעסאַנטן בלעטל זכרונות, און מיר האַלטן פאַר וויכטיק צו ברענגען פון דאָרט אַ פּאָר פון יענע שטעלן, וועלכע האָבן אַ דירעקט-ביאָגראַפישע באַדייטונג: „פאַר מיר" שרייבט דאָרט דר. זשיטלאָווסקי, — „פאַר מיר איז יענער זומער געווען דער שווערסטער אין מיין לעבן. אַ פּאָר גוט געצילטע קלעפּ פון דער מוטער-נאַטור, — זי קען אַמאָל גוט צילן, די מוטער-נאַטור, — האָט מיך פּלוצלונג אַרויסגעשליידערט פון מיין פּסיכישן גלייכגעוויכט און אַוועקגעשטעלט פאַר אַ פינסטערן אָפּגרונט. ווען נישט די צוגעהערי-קייט צו דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָט גראַד דאַמאָלט פאַנאַנדערגעוויקלט איר גראַנדיעזן קאַמף מיט דער רוסישער רעגירונג; ווען נישט דער קישינעווער פּאָגראָם, וואָס האָט מיך געצוווּנגען צו רעווידירן מיין יידישן פּראָגראַם, און ווען נישט די באמת ברידערלעכע, ליבעפולע הילף פון מיין פריינט און חבר ש. ראַפּאָפּאָרט (אַנ—סקי,) וואָס איז אַרומגעגאַנגען אַרום מיר, ווי אַרום אַ קראַנקן קינד, וואָלט איך מיך אסור אַרויסגעדרייט פון דער מאַכט פון דעם שוואַרצן תהום.

אַ גוטער פּסיכאָלאָג, אינסטינקטיוו אַ פּסיכיאַטאָר, האָט אַנ—סקי זיין גאַנצע טאַקטיק אָנגעווענדעט דאַרויף, איך זאָל נישט בלייבן אַליין, און איך זאָל לאַנג נישט בלייבן אויף איין פּלאַץ. פלעגן מיר זיך אַרומטראָגן איבער די ווונדערשיינע ערטער אַרום בערן, אין דער שווייץ.

אין יענע שווערע טעג, ווען איך האָב שוין אָבער מיט מיין גאַנצן עצם דערשפּירט, אַז דאָס שרעקלעכסטע איז אַריבער, אַז די קאַטאַסטראָפע אין מיין פּערזענלעכן לעבן וועט מיך נישט צעברעכן און אַז מיין צוגעבונדנקייט צו די אויפגאַבן, וואָס איך האָב מיר געשטעלט, איז נאָך געוואָרן שטאַרקער, איידער ווען עס איז פריער, האָב איך באַקומען אַ בריוו פון מיין פריינט. דר. דוד פּאַרבשטיין,

פון ציוריך, — אַ בריוו, אויף וועלכן איך האָב מיך קיינמאָל אין מיין לעבן נישט גערעכנט". 1)

אין בריוו איז געווען אַן איינלאַדונג פון דר. הערצל צו קומען זעען זיך מיט אים אין באַזעל (דאָס איז געווען די צייט פון דעם „אוגאַנדא"־קאָנגרעס).

„דר. פאַרבשטיין, דערציילט ווייטער חיים זשיטלאָווסקי, האָט נוט געוווסט, אַז איך בין אַ פאַרביטערטער קעגנער פון ציוניזם, דער עיקר דערפאַר, וואָס ער לייקנט די נאַציאָנאַלע אַרבעט אין גלות, און וואָס ער קעמפט אַנטקעגן אונזער אַנטיילנעמען אין דער רוסישער רעוואָלוציע. זיין בריוו האָט מיר דעריבער נאָך מער פאַרחדושט. אין דעם בריוו האָט מיר דר. פאַרבשטיין געלאָזט וויסן, אַז דר. הערצל האָט אים געבעטן, ער זאָל ביי מיר אָנפרעגן, צי קען איך נישט קומען צו אים, דר. הערצלען, קיין באַזעל: ער דאַרף זיך מיט מיר זען אין זייער אַ נויטיקן און וויכטיקן ענין. (וועגן דעם ענין גופא איז א וואָרט נישט געווען אין בריוו). ערשט לייענענדיק דעם בריוו, האָב איך מיר דערמאָנט, אַז אין באַזעל דאַרף די טעג פאָרקומען דער יערלעכער ציוניסטישער קאָנגרעס. אָבער — אויף וואָסער פייער קען מיך דאַרפן דר. הערצל? וואָס פאַר אַ עסקים קען ער האָבן צו מיר? אמת, איך בין נאָך דעם קישינעווער פאָגראָם געוואָרן אַ טעריטאָריאַליסט. איך האָב מער דערשפירט מיטן האַרצן, איידער איינגעזען מיטן שכל די נויטיקייט פון אַן אייגן לאַנד פאַר אונזער פאָלק, נישט אויפגעבנדיק אַ ברעקל פון מיינע פריערדיקע אידעאַלן און פאָדערונגען". — — — 2)

זשיטלאָווסקי איז געבליבן אַן אויטאָנאָמיסט און אַ „גלות-נאַציאָנאַליסט", אָבער ער האָט נישט געפילט קיין שום סתירה צווישן דעם גלות־נאַציאָנאַליזם אָדער אויטאָנאָמיזם, וועלכן ער האָט שוין לאַנג געפרעדיקט, און דער שטרעבונג צו שאַפן ערגעץ-ווו אַ קאָנצענטרירטן יידישן ישוב אויף די יסודות פון ערד-אַרבעט און טעריטאָריאַלער אויטאָנאָמיע. און ווען ער האָט אין אַ יאָר אַרום געהאַט אַ פריוואַטע באַראַטונג מיט אַ גרופע ראַדיקאַלע ציוניסטן, וועלכע זענען געווען אומצופרידן מיט דער אַלגעמיין-ציוניסטישער אָרגאַני-

1) באַנד9, ז. 9.

2) דאָרט ז. 10.

ואַציע, האָט ער זיי אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, אַז עס איז נויטיק צו גרינדן אַן אייגענע פּאַרטיי מיט דער הויפּט-פאָדערונג פון אַ יידישן סיים. אָט די קליינע באַראַטונג איז געווען דער אָנהויב פון די שפּעטערדיקע „סיימיסטן".

דאָס איז געווען אין יאָר 1904. דר. זשיטלאָווסקי האָט גע-וווינט דאַן אין אַמסטערדאַם. דאָרט האָט זיך געהאַלטן ביים גרינדן אַ פרייהייטלעכער אוניווערזיטעט, און זשיטלאָווסקי האָט געזאָלט זיין איינער פון די פּראָפעסאָרן.

אין דעמזעלביקן יאָר איז אין אַמסטערדאַם פאָרגעקומען אַן אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער קאָנגרעס. דר. זשיטלאָווסקי פירט אויפן קאָנגרעס אַ קאַמף פאַר דער אָנערקענונג פון דער פּאַר-טיי ס. ר., ווי פון אַ באַזונדער ריכטונג אין דעם רוסישן סאָציאַ-ליזם — און ער פירט אויס: די ס. ר. ווערן אָנערקענט און קריגן אַ פאָרשטייערשאַפט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן ביוראָ.

ס'פאַרשטאַרקט זיך אָבער אין יענער צייט אויך די יידישע און די יידישיסטישע טעטיקייט פון דר. זשיטלאָווסקי. אין פּעטער-בורגער „פריינד" דרוקן זיך — און מאַכן אַ שטאַרקן רושם — זיינע אַרטיקלען אונטערן נאָמען „דאָס יידישע פאָלק און די יידישע שפּראַך" (1904) 1). די פּאַרטיי ס. ר. דעלעגירט אים (אינאיינעם מיט דער „באַבושקאַ" ברעשקאָווסקאַיאַ) קיין אַמעריקע צו פירן דאָרט פּראָפּאַגאַנדע און זאַמלען אַ פאָנד פאַר דער פּאַרטיי, און ער נעמט אויס אַ תנאי צו מעגן אַגיטירן אין אַמעריקע אויך פאַר זיין נאַ-ציאָנאַל-יידישער פּראָגראַם.

ער קומט קיין אַמעריקע, דערזעט פאַר זיך ווידער אַ יידישן פאָלקס-לעבן, — דאָס וואָס ער האָט נישט געזען, נאָר געהאַט אין זינען, זינט ער האָט (אין יאָר 1888) פאַרלאָזן רוסלאַנד — ער באַ-קענט זיך מיט די יידישע פאָלקס-מאַסן — און עס הויבט זיך אָן אַ נייער פּעריאָד אין זיין געזעלשאַפטלעכן און ליטעראַרישן לעבן: דער פּעריאָד פון אַרבעט צווישן יידן. „אָנגעהויבן צו אַרבעטן", האָט דר. זשיטלאָווסקי געזאָגט דאָ נישט לאַנג אין אַ רעדע פאַר

1) איבערגעדרוקט אין באַנד 5 פון די „געזאַמלטע שריפטן". אין „פריינד" זיינען די אַרטיקלען געחתמעט געווען נ. גאַידאַראָוו.

די מיטגלידער פון דעם ווארשעווער יידישן ליטעראטן-פאראיין – „אנגעהויבן צו ארבעטן פון 1885 פאר יידן, בין איך אריבער צו ארבעטן צווישן יידן אין 1904, ווען איך בין געקומען צום גרויסן יידישן קיבוץ אין אמעריקע". 1)

אין אמעריקע האט געווארט אויף אים א נייע גרויסע אויפגאבע. ער האט געפונען דארט ברייטע יידישע מאסן און א אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען פארבונדן מיט זיי. אבער דאס פארבונדן זיין פון דער אינטעליגענץ מיטן פאלק אין אמעריקע האט אין זיך געהאט חסרונות, וועלכע זענען געווען נישט ווינציקער ערנסט, ווי דעם אייראפעאישן יידישן אינטעליגענטס אפגעריסן זיין פונם יידישן לעבן. יענער איז געווען אפגעריסן — איז די מאסע נישט געווען אזוי שטארק אונטער דער ווירקונג פון זיינע אסימילאטארישע אידייען. דער יידישער אסימילאטאר אין אמעריקע האט געווירקט אין און אויף די יידישע מאסן. האט די מורא פאר דער יידישער נאציאנאלער קולטור, די מורא טאמער איז נישטא אויף איר קיין הכשר פון דעם „ראדיקאלן" געדאנק, פון דעם „פראגרעס" אנגעפילט די הערצער פון א סך פשוטע יידישע ארבעטער און פאלקסמענטשן. מ'האט געדארפט אויסהיילן פון אט דער מורא אי די פירער, אי די מאסן. עס זענען, אמת, געווען יחידים, וועלכע האבן נישט געליטן פון דער „ראדיקאלעכץ", ווי זשיטלאווסקי האט עס שפעטער אנגערופן, כאטש (אדער ווייל) זיי זענען געווען עכטע ראדיקאלן. אבער דאס זענען געווען יחידים, אויסנאמען, בכלל האבן אין די ראדיקאלע יידישע קרייזן געוועלטיקט נישט קיין טיף- און זעלבשטענדיק-דורכגעטראכטע אידייען, נאר אויבנאויפיקע און האלב-פארגליווערטע אני מאמינס, צו וועלכע עס האט געהערט אויף די דאגמע פון קאסמאפאליטיזם און די איינרעדעניש, אז די יידישע שפראך, די יידישע ליטעראטור און דאס גאנצע יידישע קולטור-לעבן אין אמעריקע, ווי אויך אין אנדערע לענדער, איז א פאריבערגייענדיקע זאך. אט דעם דאגמאטיזם איז באזונדערס דעם אסימילאטארישן, כלומרשט קאסמאפאליטישן קוק אויף דער צוקונפט און דעם ווערט פון דער נייער יידישער קולטור האט זשיטלאווסקי, ווען ער

---

1) „דר. זשיטלאווסקי וועגן זיך אליין" אין די „ליטערארישע בלעטער", נומ. 4, 1925, ווארשע.

איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין אַמעריקע, אָנגעהויבן צו באַקעמפן מיט אַזאַ דרייסטקייט, מיט אַזאַ איבערצייגונגס-קראַפט, מיט אַזאַ ברען, מיט אַזויפיל טאַלאַנט און ערודיציע, אַז עס איז גאָר נישט קיין וווּנדער, וואָס דידאָזיקע גלענצנדע פּראָפּאַגאַנדע האָט געבראַכט באַלדיקע רעזולטאַטן.

די פּראָפּאַגאַנדע און די גאַנצע אויפקלערונגס-טעטיקייט פון דר. זשיטלאָווסקי אין אַמעריקע, ווי פריער אויף יענער זייט ים, איז געווען אַ מינדלעכע און אַ שריפטלעכע.

די וויכטיקסטע מאָמענטן אין זיין מינדלעכער פּראָפּאַגאַנדע אין די יאָרן 1904—1906 זענען געווען די פּאָרלעזונגען „וועגן ייד און מענטש" און די „צוקונפט פון די פעלקער אין אַמעריקע" (געלייענט צום ערשטן מאָל אין שיקאַגאָ, אויף ענגליש [1]), די דעבאַטן מיט יעקב גאָרדין וועגן נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם און — מיט דר. מעריסאָן וועגן טעריטאָריאַליזם.

אין זיינע לעקציעס און דעבאַטן האָט דר. זשיטלאָווסקי אַרויסגעזאָגט געדאַנקען און פּראָפּאַגאַנדירט אידייען, וואָס זענען איצט שוין זייער פּאָפּולער, אָבער דאַן איז דאָס אַלץ געווען אַ נייעס — דערהויפּט פאַר דעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער יידישן ראַדיקאַל. עס איז געווען פאַר אים אַ נייעס, אַז נישט נאָר ס'איז נישטאָ קיין סתירה צווישן „ייד" און „מענטש", נאָר אַז, פאַרקערט, „וואָס מער מענטש, אַלץ מער ייד". צום ערשטן מאָל האָבן פיל פון די יידישע פריידענקער אין אַמעריקע געהערט, אַז דער פּראָגרעס פון דער מענטשהייט, נישט די רעאַקציע, פאַרלאַנגט די פרייע אַנטוויקלונג פון אַלע נאַציאָנאַלע קולטורן און אויך פון דער יידישער קולטור — און עס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די „היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונג" פון דער יידישער נאַציע מיט דער יידישער רעליגיע. צום ערשטן מאָל איז אין דר. זשיטלאָווסקיס לעקציעס וועגן דער צוקונפט פון די פעלקער אין אַמעריקע אויסגעדריקט געוואָרן די דרייסטע מיינונג, אַז דער אידעאַל פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע דאַרף זיין נישט דער „שמעלץ-טאָפּ", נאָר — „די פאַראייניקטע פעלקער אין די פאַראייניקטע שטאַטן".

אָבער נישט נאָר אין די נייע אידייען, נישט נאָר אין דעם

---

[1]) פאַרעפנטלעכט אין באַנד 2 פון די געזאַמלטע שריפטן.

פּינטעז פון סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם, נישט נאָר אין דער פאַר־אייניקונג פון יידישן אויטאָנאָמיזם אין גלות און טעריטאָריאַליזם — איז געלעגן דער אויפטו פון דר. זשיטלאָווסקיס ערשטע אַרויסטרע־טונגען אין אַמעריקע. זיי האָבן געהאַט אויך די אַלגעמיינע באַדיי־טונג, וואָס זיי זענען געווען אַ קריגס־ערקלערונג פון איין זייט, דער עם הארצות, דער פּאַקטישער און „פּרינציפּיעלער" עם הארצות פון דער ראַדיקאַלער יידישער גאַס און, פון דער אַנדער זייט, דער דאָגמאַטישקייט פון דעם יידישן ראַדיקאַליזם. זשיטלאָווסקי האָט אין און מיט זיינע לעקציעס געוויזן, אַז עס איז נויטיק און מעגלעך אויף יידיש אויפקלערונג, נישט נאָר „אויפקלערעכץ", קול־טור, נישט נאָר אויבנאויפיקע און פאַרוואַסערטע „בילדונג פאַר די מאַסן", אמתע פרייהייט פון געדאַנק, נישט נאָר פריידענ־קערישקייט.

דאָס זענען געווען זיינע לעקציעס — און אין דעם גייסט איז געווען אויך זיין ליטעראַרישע טעטיקייט. ער האָט געדרוקט אַרטיק־לען אין „פאָרווערטס", שפּעטער אין די „ווארהייט" און „צוקונפט", אינאיינעם מיט דעם פאַרשטאָרבענעם דר. זאָלאָטאַרעוו און מ. קאַץ האָט ער רעדאַגירט „דאָס פאָלק", דעם וועכנטלעכן אָרגאַן פון די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן. ער האָט אויך איבערגעזעצט אויף יידיש און אויף רוסיש זיין דייטשע אַרבעט „דער סאָציאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע" און מיטגעאַרבעט אין דעם אומלעגאַלן רוסישן אָרגאַן פון די „סיימיסטן" — „וואזראזשדעניע".

אָפּגעווען אַ פּאָר יאָר אין אַמעריקע, האָט ער זיך אין יאָר 1906 אומגעקערט צוריק קיין אייראָפּע. אַ געוויסע צייט האָט ער פאַרבראַכט אין לעמבערג, וווּ ער האָט געאַרבעט פאַר די ס. ר. און די „סיימיסטן". דאָרט האָט ער אָנגעשריבן „אַ בריוו פון אַ יידישן סאָציאַליסט" (אויף יידיש), „דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע", „נאַציאָנאַליזם און די קלאַסן־פּאָליטיק פון פּראָ־לעטאַריאַט" (אויף רוסיש).

פון גאַליציע איז ער אַוועקגעפאָרן קיין רוסלאַנד, וווּ עס איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן זיין קאַנדידאַטור פאַר אַ דעפּוטאַט פון ווי־טעבסקער גובערניע אין דער רוסישער „גאָסודאַרסטווענאיא דומא". אין רוסלאַנד האָט ער זיך נישט געטאָרט ווייזן צוליב זיין רעוואָ־לוציאָנערער טעטיקייט, האָט ער געוווינט אין פינלאַנד אָדער אויס־

באַהאַלטן זיך אין פּעטערבורג און אין מאָסקווע ביז ער וועט אויסגעקליבן ווערן פאַר אַ דעפּוטאַט און זיין פּערזאָן וועט ווערן „אומבאַרירלעך". ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר אַ וואַל-מאַן („ווי-באָרשטשיק") און מען האָט געהאָפט, אַז ער וועט ווערן אַ דעפּוטאַט. אָבער די רעגירונג האָט געפּסלט זיין קאַנדידאַטור, און ווען דער סענאַט האָט זי שפּעטער געכשרט, איז שוין די צווייטע דומע געווען פאַנאַנדערגעטריבן.

ער באַזעצט זיך דאַן אין פינלאַנד, וו ער אַרבעט אינאיינעם מיט גערשונין פאַר די ס. ר. און פירט דורך זיינע אייגענע אידייען. לויט זיין איניציאַטיוו ווערט צונויפגערופן אין פינלאַנד אַ קאָנגרעס פון אַלע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פאַרטייען אין רוסלאַנד, וועלכע שטייען נאָענט צו די ס. ר. אויפן קאָנגרעס העלפט ער דורכפירן באַשלוסן וואָס זענען גינסטיק פאַר דעם עקסטעריטאָריאַלן סיימיזם.

אין דעם זעלביקן יאָר 1907, באַטייליקט ער זיך ווי אַ פאָרשטייער פון די ס. ר. און די סיימיסטן, אין דעם שטוטגאַרטער אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס און העלפט די יידישע נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישע פאַרטייען („סערפּ" און ס. ר.) אויסצוקעמפן פאַר זיך דאָס רעכט צו האָבן אַ פאָרשטייערשאַפט אויפן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס.

אין יאָר 1908 קומט ער צוריק קיין אַמעריקע: ער קומט ווי אַ דעלעגאַט פון די ס. ר. און „סערפּ" (סיימיסטן), אָבער ער בלייבט דאָרט וווינען און גרינדעט, מיט דער הילף פון אַ גרופּע אינטעליגענץ און ראַדיקאַלע טוער, וועלכע זענען געוואָרן אָנהענגער פון זיינע אידייען און זיך איבערגעגעבן דער יידישער קולטור-אַרבעט, — דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל „דאָס נייע לעבן".

דער זשורנאַל ווערט, מיט קליינע הפסקות, אַרויסגעגעבן פון 1908 ביז 1913, און זשיטלאָווסקי איז כמעט די גאַנצע צייט דער פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר און דער הויפּט-מיטאַרבעטער. ער פאַרעפנטלעכט אין „דאָס נייע לעבן" פילאָזאָפישע, סאָציאָלאָגישע, ליטעראַריש-קריטישע און פּובליציסטישע אַרבעטן. אין דעם גרעסטן טייל פון זיי ווערט שאַרף און גרינדלעך רעוווידירט דער ביז-אַהעריקער יידישער ראַדיקאַליזם אין אַמעריקע, עס ווערן פאַרטיפט און געלייטערט די פּראָבלעמען פון דער אַלגעמיינער און דער יידישער

אַרבעטער-באַוועגונג און דער יידישער קולטור. עס ווערט אויפגע-
וועקט אַ אינטערעס צו נייע פראַגן („דער צלם", „אינטעליגענץ און
עם הארצות"), אַלטע פראַגן ווערן באַלויכטן פון גאָר אַ נייער זייט
(„די נאַציאָנאַל-פּאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע",
„היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונגען"). עס ווערט געשאַפן אַ טעאָרע-
טישער באַזיס פאַר דער יידישער קולטור-באַוועגונג און דער נאַציאָ-
נאַל-ראַדיקאַלער יידישער אינטעליגענץ אין אַמעריקע...

„קולטור-פילאָזאָפישער אידעאַליזם אין אַלע פראַגן פון וועלט-
און לעבנס-אָנשויאונג; רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליזם אין אַלע פראַגן
פון דעם געזעלשאַפטלעכן לעבן; יידיש-נאַציאָנאַלע ווידער-באַלע-
בונג אין גלות אויף די יסודות פון דעם פרייען קולטור-מענטשן —
אין אַלע פראַגן, וואָס זענען נוגע דאָס יידישע פאָלק" — דאָס זע-
נען, בקיצור, געווען די וויכטיקסטע פרינציפּן, וועלכע דר. זשיט-
לאָווסקי האָט פאָרמולירט אין דער פּראָגראַם פון „דאָס נייע לעבן"[1]
און וועלכע ער האָט באַגרינדעט און פּראָפּאַגאַנדירט אין די אַר-
טיקלען, וואָס ער האָט געדרוקט אין זשורנאַל.

„דאָס נייע לעבן" האָט געהאַט אַ דירעקטע ווירקונג אויף
דער יידישער אינטעליגענץ און אַ אומדירעקטע — אויף דער אי-
דעאָלאָגיע פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער-באַוועגונג אין
אַמעריקע.

אָבער נישט נאָר אין אַמעריקע אַליין האָט זיך געפילט זשיט-
לאָווסקיס השפעה. ער איז נאָך אַלץ פאַרבונדן מיט אייראָפּע. אין
דעם זעלביקן יאָר 1908, ווען ער גרינדעט אין אַמעריקע דעם זשור-
נאַל מיטן סימבאָלישן נאָמען „דאָס נייע לעבן", מאַכט ער אַ רייזע
קיין אייראָפּא אנטייל צו נעמען: א) אין דעם לאָנדאָנער קאָנגרעס
פון די ס. ר.; ב) אין דער זיצונג פון דער אינטערנאַציאָנאַלער
סאָציאַליסטישער ביוראָ, ווי אַ פאָרשטייער פון „סערפּ" און ג) אין
דער היסטאָרישער קאָנפערענץ פאַר דער יידישער שפּראַך אין טשער-
נאָוויץ, וווּ ער איז געווען דער פאַקטישער פאָרזיצער.

ער קערט זיך אום צוריק קיין אַמעריקע, וווּ ער בלייבט ביזן
יאָר 1913. ער פאָרט אַרום איבערן לאַנד און ווערט באַרימט און באַ-
ליבט, ווי דער בעסטער יידישער לעקטאָר. אַ טייל פון זיינע לעק-

1) איבערגעדרוקט אין דריטן באַנד פון די „געזאַמלטע שריפטן."

ציעס אין יענער צייט, ווי צום ביישפיל, די לעקציעס וועגן דער נעשיכטלעכער אַנטוויקלונג פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק, ווערן פאַר־עפנטלעכט („די פילאָזאָפיע, וואָס זי איז און ווי זי האָט זיך אַנט־וויקלט", אין צוויי בענדער, פאַרלאַג מאַקס נ. מייזעל, ניו־יאָרק, 1910; צווייטע אויסגאַבע, 1920).

אין דעם פאָרוואָרט צו דער „פילאָזאָפיע" דריקט ער אויס די האָפנונג און דעם ווונש, „אַז דאָס ערשטע פילאָזאָפישע ווערק אין יידיש, וואָס ווערט איצט אַרויסגעגעבן, זאָל העלפן באַשאַפן אַ יידיש שרייבנדיקע און יידיש דענקנדע אינטעליגענץ, וואָס באַשעפ־טיקט זיך ערנסט מיט פילאָזאָפישע פראָבלעמען". אָבער נישט גאָר מיט זיין „פילאָזאָפיע" — מיט זיין גאַנצער ליטעראַרישער, פראָ־פאַגאַנדיסטישער און לעקטאָרישער טעטיקייט האָט ער געהאָלפן שאַפן אַ „יידיש דענקנדיקע און יידיש שרייבנדיקע אינטעליגענץ" אין אַמעריקע.

דערמיט האָט ער צוגעגרייט דעם באָדן אויך פאַר דער יידישער שול־באַוועגונג. (ער האָט, ווי מיר ווייסן, נאָך אין יאָר 1898, נביאות געזאָגט, אַז מיר וועלן האָבן פאָלקס־שולן, גימנאַזיעס און אפילו אוניווערזיטעטן אויף יידיש).

אין 1912 ווערט אין אַמעריקע ווי אויך אויף יענער זייט ים אָפּגעריכט דער 25־יאָריקער יובילעאום פון זיין ליטעראַרישער טע־טיקייט, און עס ווערן אַרויסגעגעבן פון דעם יובילײ־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק די ערשטע פיר בענדער פון זיינע „געזאַמלטע שריפטן". (שפּעטער זענען אַרויס נאָך זעקס בענדער).

אין יאָר 1913 פאַרלאָזט ער ווידער אַמעריקע און מאַכט אַ טור איבער די יידישע „סטודענטישע קאָלאָניעס" אין פראַנקרייך, בעלגיען, דייטשלאַנד, עסטרייך, שווייץ.

אין 1914 נעמט ער אונטער אַ רייזע קיין ארץ־ישראל. ער שטודירט דאָרט דעם יידישן לעבן, פאָרשט אויס די מעגלעכקייטן און דעם כאַראַקטער פון דער ציוניסטישער אַרבעט, אָבער ער בלייבט דאָרטן נישט לאַנג. מען לאָזט אים נישט האַלטן קיין עפנטלעכע פאָרטראַגן אויף יידיש, און ער פאַרלאָזט דאָס לאַנד.

ווען דער קריג ברעכט אויס, איז ער צוריק אין אַמעריקע. ער ווערט אַ מיטאַרבעטער פון „טאָג", וווּ ער נעמט זיך אָן פאַרן ניי־טראַליזם קעגן דעם פראָ־גערמאַניזם, וואָס האָט דאַן געהערשט אין

דער יידישער גאַס. אין 1915 שטייט ער צו צו דער באַוועגונג פאַר אַ יידישן קאָנגרעס און איז זייער אַקטיוו אין דערדאָזיקער באַוועגונג. אַרום יענער צייט שליסט ער זיך אָן אָן די „פועלי־ציון". הויבט אָן שרייבן אָפּט אין דער „צוקונפט" („איוב און פאַוסט", „די נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע באַדייטונג פון דער יידישער ליטעראַטור", „דער קינסטלער און דער הדיוט", „איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט", „די אַנטשטייאונג פון דעם אתה בחרתנו געדאַנק" און פיל אַנדערע). זעצט איבער אויף יידיש ניטשעס „אַלזא שפּראַך זאַראַטוסטראַ", אַרבעט אויף דעם בוך „דער גייסטיקער קאַמף פון דעם יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ".

אין יאָר 1922 באַנייט ער (אינאיינעם מיט דעם שרייבער פון די שורות) „דאָס נייע לעבען", פאַרעפנטלעכט דאָרט אַ גרויסע אַרבעט וועגן „סאָציאַליזם און קאָמוניזם" און אַ ריי פּובליציסטישע, קריטישע און פּאָלעמישע אַרטיקלען.

אין 1923, ווען „דאָס נייע לעבען" הערט אויף אַרויסצוגיין, מאַכט ער ווידער אַ רייזע קיין אייראָפּע. דער ציל פון זיין נייער רייזע איז געווען: פאַרענדיקן דעם בוך „דער גייסטיקער קאַמף פון דעם יידישן פאָלק פאַר זיין עקזיסטענץ"; באַקענען זיך מיט די נאָך־מלחמה־פּראָבלעמען פון דעם סאָציאַליזם און דעם ציוניזם; שטודירן די יידישע לאַגע אין מזרח־אייראָפּע.

דעם סוף יאָר 1924 און אָנהויב 1925 גיט ער אָפּ אויף אַ טור איבער פּוילן, ליטע, לעטלאַנד. ער טרעט אַרויס אין די גרעסערע שטעט מיט עפנטלעכע פאָרטראַגן און ווערט אומעטום אויפגענומען מיט אמתער באַוווּנדערונג און ענטוזיאַזם. אַלע ריכטונגען פון יידישן סאָציאַליסטישן און פאָלקיסטישן געדאַנק פאַראייניקן זיך אַרום זיינע פאָרלעזונגען. אַלע ווילן זיך באַקענען מיט זיינע קלאָרע און סיסטעמאַטישע געדאַנקען. אַלע ווילן הערן זיין וואָרט. אפילו די, וואָס זענען נישט מסכים מיט אים, ווייסן, אַז אין אַ סך זייער וויכטיקע פּרטים איז ער זייער לערער.

ער באַקענט זיך מיט דער עקאָנאָמישער שפלות פון דעם יידישן לעבן אין מזרח־אייראָפּע און עס ווערט נאָך שטאַרקער אין אים זיין לאַנגגנאָגנדיקע שטרעבונג איבערצובויען דעם יידישן לעבן אויף די יסודות פון אַרבעט און ערד־אַרבעט (ער ווערט אַן אַקטיווער טוער און פירער פון „אָרט"). צו גלייכער צייט זעט ער, ווי עס הויבט

אָן מקוים צו ווערן זיין אַלטער חלום — דער חלום וועגן אַ נייער וועלטלעכער יידישער קולטור. ער זעט אומעטום אין מזרח-אייראָפּע דעם וווקס און די אויסשפּרייטונג פון דער נייער יידישער שול; ער זעט דעם נייעם יידישן לעזער און די יונגע אויפקומענדיקע יידישע פאָלקס-אינטעליגענץ. ער זעט פאַר זיך טויזנטער באַגייסטערטע צוהערער, ער פילט, אַז זיין פּערציק-יאָריקע אַרבעט איז נישט גע-ווען אומזיסט...

אין וואָס איז באַשטאַנען אָט די אַרבעט?

אין קורצן, מאַכנדיק אַ סך-הכל, קען מען זאָגן, אַז זי האָט זיך אויסגעדריקט אין די פאָלגנדע אויפטואונגען:

א. אין דער וועלט פון אַלגעמיינע אידייען:

קאַמף קעגן דאָגמאַטיזם אין פילאָזאָפיע בכלל און אין דער דיאַלעקטיש - מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע בפרט. קאַמף פאַר אמתער, אינעווייניקסטער פרייהייט פון געדאַנק.

שטרעבונג צו פאַראייניקן אַלע אַרבעטס-עלעמענטן: פאַבריק-אַרבעטער, פּויערים, אינטעלעקטועלע אַרבעטער.

קאַמף קעגן צענטראַליזאַציע אין דער מלוכה. פאַר אויטאָנאָמיזם און פעדעראַליזם.

טעאָרעטישע און פּראַקטישע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַ-גאַנדע.

ב. אין דער יידישער וועלט:

קאַמף פאַר וועלטלעכקייט און פאַר אָפּטיילן נאַציאָנאַליטעט פון רעליגיע.

קאַמף פאַר פּראָגרעסיווער נאַציאָנאַלער קולטור קעגן אַסימי-לאַציע און ענגן נאַציאָנאַליזם.

טעאָרעטישע באַגרינדונג פון „גלות-נאַציאָנאַליזם” בכלל און יידישן בפרט.

סינטעז פון נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם, פון גלות-נאַציאָנא-ליזם און טעריטאָריאַליזם.

השפּעה אויף די פּראָגראַמען פון די יידישע נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען.

צוציאונג פון דער ראַדיקאַלער יידישער אינטעליגענץ צום יידישן קולטור-לעבן און צו דער יידישער קולטור-אַרבעט.

קריטיק, לייטערונג און פאַרטיפונג פון יידישן ראַדיקאַליזם אין אַמעריקע.

באַרייכערונג פון דער יידישער שפּראַך און הויכע אַנטוויקלונג פון דער יידישער רעדנער-קונסט.

פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער אידייע פון דער נייער וועלטלעכער יידישער שול.

פּיאָנערן-אַרבעט אויפן געביט פון וויסנשאַפטלעכער און פילאָזאָפישער ליטעראַטור אויף יידיש.

ערנסטע און פאַרטיפטע אויפקלערונגס-אַרבעט אויף דער יידישער גאַס.

וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג, ליטעראַרישע, זשורנאַליסטישע, פאַרלעגערישע, לעקטאָרישע טעטיקייט אין גייסט פון סאָציאַליזם און פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַליזם — *אין משך פון מער ווי פערציק יאָר* — אין אייראָפּע און אין אַמעריקע...

---

וועגן יעדן פון די דערמאָנטע פונקטן פון זשיטלאָווסקיס פרוכטבאַרער טעטיקייט איז דאָ אַ סך וואָס צו זאָגן. איך וויל דאָ אָבער אויסטיילן נאָר איין פונקט, יענעם, וואָס האָט צו טאָן מיט דער גרויסער ווירקונג, וועלכע זשיטלאָווסקי האָט געהאַט אויף דער יידישער אינטעליגענץ.

אין מיטן די אַכציקער יאָרן, אין דער צייט, ווען זשיטלאָווסקי האָט אָנגעהויבן צו פאַרטיפן זיך אין דער פראַגע וועגן דעם היסטאָרישן גורל און דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק, זענען ביי אונז געווען יידישע *אינטעליגענטן*, עס איז נישט געווען נאָך קיין יידישע *אינטעליגענץ* (אין דעם הייַנטיקן זינען פון דעמדאָזיקן וואָרט).

די יידישע *אינטעליגענטן* פון יענער צייט זענען נישט געווען און האָבן נישט געקאָנט זיין די יידישע *אינטעליגענץ*. די אינטעליגענץ פון אַ פאָלק מוז זיך אויסלעבן אינעווייניק אין פאָלק, מוז זיין ביין פון זיין ביין און גייסט פון זיין גייסט. זי מעג זיך זיין מיט אַ קאָפּ העכער פון די מאַסן, אָבער זי מוז זיין מיט זיי צונויפגעוואַקסן, טאַקע אַזוי ווי דער קאָפּ איז צונויפגעוואַקסן מיט די איבעריקע טיילן פונם קערפּער. זי קאָן זיך שטיין אויף אַ העכערער קולטור-מדרגה, ווי די, אויף וועלכער עס געפינען זיך

אַנדערע טיילן פון פאָלק, אָבער דער אונטערשייד צווישן אי און זיי קאָן זיין נאָר אין דער מדרגה, נישט אין דעם טיפ און אודאי נישט אין דער שפּראַך פון דער קולטור.

עס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז אַ נאָרמאַלע פאָלקס-אינטעליגענץ זאָל קוקן אויף איר אַרבעט נאָר ווי אויף אַ מיטל צו העלפן דעם פאָלק, נישט ווי אויף איר נאַטירלעכן גייסטיקן אָטעמען. אַן אמתע אינטעליגענץ לעבט זיך אַליין אויס גייסטיק, אַנטפּלעקט אירע שאַפונגס-כּחות, און אין אָט דעם גייסטיקן זעלבסטאויסדרוק אירן, אין אָט דעם שאַפונג אירן, זעען מיר דעם פאָלקס העכערן באַוווּסטזיין, דעם פאָלקס וווּקס, דעם פאָלקס גענימאַליטעט. אַן אמתע אינטעליגענץ „העלפט" דעם פאָלק דערמיט, וואָס זי העלפט זיך אַליין. זי מאַכט אים רייכער, ווען זי ווערט אַליין רייכער אין גייסט. און פאַרקערט, מיט דעם וווּקס פון דעם פאָלקס גייסטיקן פאַרמעגן, וואַקסט זי אַליין. זי מאַכט פולער די פאָלקס-קוואַלן, טרינקנדיק פון זיי. זי האָט מיטן פאָלק איין גייסטיקע ווירטשאַפט, איין חשבון. זי פירט נישט קיין טאָפּעלע בוכהאַלטעריע. זי האָט נישט קיין צוויי באַזונדערע לשונות — איינעם פאַר זיך, אַן אַנדערן פאַרן פאָלק. זי לעבט זיין לעבן און נוצט זיין שפּראַך, זיין אינסטרומענט פון שאַפן, נאָר אויף אַ מער-געלייטערטן, מער אינטענסיוון, מער באַוווּסטזיניקן אופן. זי איז איינס מיטן פאָלק.

די יידישע אינטעליגענטן אין יענער צייט, וועגן וועלכער מיר ריידן, זענען נישט געווען איינס מיטן פאָלק. זיין שפּראַך איז נישט געווען זייער שפּראַך, זיין קולטור איז נישט געווען זייער קולטור. זיי זענען נישט געווען מיט אים אַפילו דאַן, ווען זיי זענען געווען ביי אים. זיי זענען געשטאַנען ביי אים צוקאָפּנס, ווי אַ דאָקטאָר ביים בעט פון אַ חולה. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז דאָס פאָלק איז געזינטער, פרישער און טיפער איינגעוואָרצלט אין לעבן, ווי זיי זענען. זיי האָבן אים געהאַלטן אין איין „היילן", אין איין „ראַטעווען".

אַפילו די, וואָס האָבן זיך אינסטינקטיוו געצויגן צום פאָלקס קוואַלן, ווי, צום ביישפּיל, די יידישע שרייבער, האָבן עס געטאָן מער מיטן כּח פון זייער קינסטלערישן חוש, ווי מיט זייער שכל און באַוווּסטזיין. אַפילו די יידישע שרייבער האָבן נאָך נישט אויסגעלערנט זיך צו קוקן אויף זיך פּשוט, ווי אויף יידישע שרייבער.

ייִ זענען געווען אויפקלערער. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי טאָרן זיך נישט פאַרגינען צו שאַפן סתּם אַזוי גײַסטיקע ווערטן. זיי האָבן געזען זייער באַרעכטיקונג און זייער מיסיע נאָר אין דעם, וואָס זיי האָבן „פאַרשפּרייט בילדונג".

פּאַקטיש האָבן זיי געשאַפן קולטור; זייער באַוווּסטזיניקע פּראָגראַם איז געווען קולטור-טרעגערייִ. יידיש איז אין דער אמתן געווען זייער, נישט נאָר דעם פאָלקס לשון. זיי האָבן געשריבן יידיש, מחמת נאָר אויף אָט דער שפּראַך, אויף דער שפּראַך פון זייער האַרצן, האָבן זיי געקענט אויסדריקן אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען, געטראַכט, געטרוימט, געפילט, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט דעם מוט זיך מודה צו זיין אין דעם. זיי האָבן זיך אַליין און אַנדערע געזאָגט, אַז זיי שרייבן יידיש פון דעם פאָלקס וועגן, ווייל דאָס פאָלק פאַרשטייט נאָך נישט דערווייל קיין אַנדער שפּראַך, קיין „אמתע" שפּראַך.

„מיר ווילן בילדן דאָס פאָלק און שרייבן זשאַרגאָן, ווייל מיר האָבן אַן ערך פון דריי מיליאָן נפשות, וואָס פאַרשטייט נאָר זשאַרגאָן. נאָר מיר האַלטן נישט דעם זשאַרגאָן פאַר הייליק. מיר סימפּאַטיזירן גאַנץ אָפן מיט די, וואָס ווילן דעם זשאַרגאָן אויף אַ לעבעדיקער לאַנדס-שפּראַך פאַרטוישן" — אַזוי האָט געשריבן נישט קיין קלענערער ווי י. ל. פּרץ אין זיינעם אַ פּראָגראַם-אַרטיקל אין יאָר 1890! פּרץ האָט שפּעטער, אין איינעם מיט דר. זשיטלאָווסקין און אַנדערע, אנטייל גענומען אין דער טשערנאָוויצער שפּראַך-קאָנפערענץ. דאָרט איז פּראָקלאַמירט געוואָרן גאָר אַן אַנדער קוק אויף יידיש. אָבער אַמאָל איז פאַר פּרצן די יידישע שפּראַך און די גאַנצע יידישע ליטעראַטור געווען נאָר אַ „ניאַנקע", וואָס מען דאַרף זי האָבן כּל-זמן דאָס קינד קאָן נישט שטיין אויף די אייגענע פיסלאַך. און פּרץ איז נישט געווען דער איינציקער יידישער אינטעליגענט, וואָס האָט זיך פאַרהאַלטן אַזוי צו זיין אייגענער שפּראַך. אַלע האָבן זיך אַזוי פאַרהאַלטן צו איר. און דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ווי ווייט זיי זענען געווען באַוווּסטזיניק, האָבן זיי געהאַלטן פון דער פאַרגאַנגענהייט און דער צוקונפט פון דער יידישער קולטור, אָבער נישט פון איר קעגנוואַרט. אין דער קעגנוואַרט איז נישט דאָס שאַפן און נישט די קולטור, נאָר, פאַרקערט, די „אומוויסנהייט", די „פינ-

סטערביש״ פון פאָלק געווען דאָס, וואָס האָט צוגעצויגן צו אים די אויפמערקזאַמקייט פון דעם יידישן אינטעליגענט.

חיים זשיטלאָווסקי האָט פאַרשטאַנען, נישט נאָר, ווי אַנדערע, געפילט, די נישט-נאָרמאַלקייט און די געפערלעכקייט פון אַזאַ לאַגע. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז איינער פון די שווערסטע און די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אין דעם יידישן פאָלקס-לעבן איז די פּראָבלעם פון דער אינטעליגענץ. ביי לייטן האָט ער געזען, קומען-צו פּחות און עס מערן זיך מעגלעכקייטן פון גייסטיקן וווקס, וואָס גרעסער עס ווערט די צאָל פון מענטשן מיט בילדונג. ביי אונז איז פאַרקערט. ווי נאָר אַ ייד איז געוואָרן אַ געבילדעטער און אַ מאָדערנער מענטש, איז ער געוואָרן אויס ייד. דאָס יידישע פאָלקסלעבן איז אָרעמער און עלנטער געוואָרן דערפון, וואָס עס האָט זיך געמערט די צאָל פון די אינטעליגענטן. האָט חיים זשיטלאָווסקי געמאַכט דעם אויספיר, אַז עס איז ווינציק פאַר אונז צו האָבן אינטעליגענטן מיט מאָדערנע, פּראָגרעסיווע השגות, מיר מוזן האָבן אַ מאָדערנע פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ. אַן אינטעליגענץ, וואָס זאָל זיין יידיש-נאַציאָנאַל, כאָטש זי איז פּראָגרעסיוו און וועלטלעך. אַן אינטעליגענץ, וואָס זאָל נישט פילן קיין סתירה צווישן איר טריי זיין דעם יידישן פאָלק, ד. ה. זיך אַליין און איר טריישאַפט צו די באַפרייאונגס-אידעאַלן פון דער מענטשהייט. אַן אינטעליגענץ, וואָס זאָל לעבן מיטן פאָלק, נישט נאָר פאַרן פאָלק. אַן אינטעליגענץ, וואָס דורך איר פאָלק און מיט אים אינאיינעם זאָל זי אַרבעטן און קעמפן פאַר דער אויסבעסערונג פון דעם מענטשלעכן לעבן.

די חובבי ציון האָבן אויך גערעדט וועגן אומקערן זיך צוריק צום יידישן פאָלק. אָבער ביי זיי האָט אומקערן זיך צו די יידן געהייסן אָפּקערן זיך פון דעם וועג, אויף וועלכן עס איז געגאַנגען די ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. זיי האָבן געזונגען „השיבנו נאַזאַד״. זיי האָבן זיך געפילט, נאָך די פּאָגראָמען, אָפּגענאַרט פון דער מאָדערנער קולטור, פון די אידייען פון פּראָגרעס. זיי האָבן שוין מער נישט געגלויבט אין סאָציאַליזם, אין רעוואָלוציע, אין רעפאָרמעס; נאָך ווינציקער גלויבן האָבן זיי געהאַט אין דער צוקונפט און אין די אַנטוויקלונגס-מעגלעכקייטן פון דעם יידישן פאָלק „אין גלות״. זיי האָבן זיך אומגעקערט נישט אַזוי צו יידן, ווי צו יידישקייט. דעם יידישן פאָלקס-לעבן, די יידישע פאָלקס-שפּראַך, די אַלע גרויסע פאַרבאָרגענע

מעגלעכקייטן פון די יידישע פאָלקס-מאַסן, וועלכע האָבן דאַן גענומען אויפוואַכן, האָבן זיי אַוועקגעמאַכט אונטער דער האַנט, מבטל געווען און אָפּט פאַראַכטעט פונקט אַזוי ווי זייערע לייבלעכע ברידער— די אַסימילאַטאָרן.

דער אונטערשייד צווישן דער חובב-ציונישער און דער אַסימילאַטאָריש-קאָסמאָפּאָליטישער אינטעליגענץ איז באַשטאַנען נאָר אין דעם, וואָס די לעצטע האָט נישט געוואָלט וויסן נישט פון דער קעגנוואַרט און נישט פון דער צוקונפט פון דעם יידישן פאָלק, בעת די ערשטע האָט געטרוימט וועגן אַ צוקונפט פאַר אים. די קעגנוואַרט, דאָס לעבעדיקע לעבן פון דעם יידישן פאָלק, איז אויך איר געווען פרעמד.

זשיטלאָווסקי האָט געוואָלט אַזאַ יידישע אינטעליגענץ, וואָס זאָל אָנהויבן פון דער קעגנוואַרט, ד. ה. פון דעם ל ע ב ן פון דעם יידישן פאָלק. אויך ער איז נישט צופרידן געווען מיט דעם דאָזיקן לעבן, אויך ער האָט עס געוואָלט איבעראַנדערשן, איבערבויען אויף נייע יסודות, אויך ער האָט געהאַט אַ צוקונפט-אידעאַל, אָבער דער וועג צו דער צוקונפט איז פאַר אים געלעגן נישט ערגעץ ווייט, אין דעם לאַנד פון דער פאַרגאַנגענהייט, ווו עס האָבן אים געזוכט די פּאַלעסטינאָפילן, און נישט אָן אַ זייט פון דעם יידישן לעבן, אין דעם רוסישן דאָרף, ווו עס האָבן געפירט זייער אַרבעט די יידן-רעוואָלוציאָנערן, נאָר אין דער יידישער סביבה, אין דעם יידישן פאָלקס-לעבן.

קיינער האָט אַזוי שאַרף ווי זשיטלאָווסקי נישט פּראָטעסטירט קעגן דער אומפּרוכטבאַרקייט פון דער „יידישער עקאָנאָמיק” און קעגן דער אָפּגעשטאַנענקייט פון דער יידישער קולטור, אָבער ער האָט צו גלייכער צייט געגלויבט אין די סאָציאַלע אויפלעבונגסטענדענצן, וואָס ליגן באַהאַלטן אין די יידישע אַרבעטער-מאַסן, און אין די גרויסע שאַפונגס- און באַנייאונגס-מעגלעכקייטן פון דער יידישער פאָלקס-קולטור.

האָט ער נישט געזאָגט צו דער אינטעליגענטער יוגנט: „וואַרפט אַוועק די פאָן פון דער רעוואָלוציע, פאַרלאָזט די רייען פון קאַמף און גייט זוכן רו און רעטונג פאַר אייערע נשמות אין דעם לאַנד פון די אבות!” ער האָט געזאָגט:

— אַנטלויפט נישט מיט אייערע פענער פון דער יידישער גאַס, הויבט אָן אייער קאַמף דאַ, זייט יידישע רעוואָלוציאָנערן, י י ד י ש ע

סאָציאַליסטן! איר טאָרט נישט פאַרראַטן אייערע ברידער, אויב איר ווילט זיין טריי צו דער רעוואָלוציע. איר מוזט זיין טריי צו אייער פאָלק, אויב איר ווילט דינען דער מענטשהייט. נאָר דורך אייער פאָלק קאָנט איר זיך באַהעפטן מיט דער מענטשהייט אויף דעם נאַטירלעכסטן און פרוכטבאַרסטן אופן.

ער האָט געזאָגט:

— קומט נישט קיין לײדיקע צום פאָלק צוריק פון דער גרויסער וועלט. נעמט מיט זיך די קולטור, וואָס איז דאָרט פאַראַן. ברענגט מיט זיך די וויסנשאַפט, די קונסט, די ליטעראַטור, — אַלע גייסטיקע אוצרות, וואָס די מענטשהייט פאַרמאָגט. אין דער ייִדישער גאַס איז דאָ פּלאַץ פאַר דעם אַלעמען, עס מוז זיין פּלאַץ, עס מוז ווערן פּלאַץ! די ייִדישע שפּראַך קאָן דאָס אַלץ אויפנעמען, מוז דאָס אויפנעמען, וועט דאָס אויפנעמען, וואָרים דאָס איז די שפּראַך פון אונזער אויפקומענדיקער, פון אונזער וואַקסנדיקער נאַציאָנאַלער קולטור!

אַזוי האָט ער געטענהט, געהאַלטן אין איין טענהן צו די ייִדישע פּראָגרעסיווע אינטעליגענטן. דערמיט האָט ער געהאָלפן שאַפן אַ ייִדישע פּראָגרעסיווע אינטעליגענץ.

אַליין איז ער אַ לאַנגע צייט געווען אָפּגעריסן פון דעם ייִדישן פאָלקס-לעבן, פון דער ייִדישער פאָלקס-קולטור, ער האָט געלעבט אין אייראָפּע, ווו עס איז פאַר זיין ייִדישער אַרבעט, פאַר זיין אַרבעט אויף ייִדיש, געווען ווינציק פּלאַץ. האָט ער זיך באַנוגנט, געמוזט באַנוגענען מיט פּראָפּאַגאַנדע און ער האָט געשריבן מער פאַר, ווי אויף ייִדיש. אָבער ווי נאָר ער האָט געקריגן אַ מעגלעכקייט צו אַרבעטן „צווישן ייִדן", נישט נאָר „פאַר ייִדן" (און דאָס איז געווען דאַן, ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע), איז ער געוואָרן אַ לעבעדיקער כּח אין דער ייִדישער קולטור, און אַלע זיינע גרויסע אינטעלעקטועלע כּחות, נישט נאָר זיינע „אויפקלערונגס"-פעאיקייטן, האָט ער אָפּגעגעבן דער ייִדישער ליטעראַטור און דעם ייִדישן וואָרט.

ער איז נישט געווען, ווי די, וואָס קומען פון דער וועלט פאַראומערטע, אויסגעלײדיקטע און אָפּגענאַרטע: ער איז נישט געווען, ווי די אַמאָליקע און די הייַנטיקע אינטעליגענטן בעלי-תשובה-ניקעס, און ער איז אויך נישט געווען גלייך צו די, וואָס ברענגען

מיט זיך נאָר שטיקלאַך און ברעקלאַך, נאָר שיריים פון דעם רייכן וועלט־טיש, ווי עס האָבן געטאָן און עס טוען די פאָרשטייער פון „אויפקלערעכץ״. ער האָט געבראַכט מיט זיך פון דער „פרעמד״ זיינע בעסטע יונגט־אידעאַלן און זיין גאַנצן קולטורעלן פאַרמעגן.

ער האָט נישט נאָר געהאָלפן געבוירן ווערן דער נייער, צו־גלייכער צייַט אי וועלטלעכער אי נאַציאָנאַלער יידישער אינטעליגענץ; ער איז אַליין איינער פון אירע פולסטע פאַרקערפערונגען, איינער פון אירע שענסטע פאָרשטייער. ער איז איר פאָטער, איר פירער.

י. נ. ש.

# חיים זשיטלאָווסקי — דער טרייבנדיקער גייסט [1]

„רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען (און מענטשן) זענען סאָלאַ־מאַנדערס־געשעפּפן. זיי ווערן געבוירן אין פייער און קאָנען לעבן נאָר אין פייער״.

ח. זשיטלאָווסקי (באַנד 4, ז. 85)

## א.

מיר פייערן היינט דעם זעכציק־יאָריקן יובילײ פון חיים זשיטלאָווסקיס לעבן נישט דערפאַר אַליין, וואָס ער האָט געהאַט אַ טיפן איינפלוס אין דער פאַרגאַנגענהייט פון יידישן און אַלמענטשלעכן רעוואָלוציאָנערן געדאַנק. חיים זשיטלאָווסקי שטייט היינט אינמיטן פון דעם ברויזנדיקן ים פון לעבן נישט נאָר ווי אַ בכבודיקער זכרון פון אַ אַמאָליקער צייט־תקופה, אין וועלכער ער איז אַרויסגעטראָטן ווי אַ שעפערישער פּיאָנער. געוויס איז ער געווען איינער פון די גליקלעכסטע פּיאָנערן אין דער וויגציקער מחנה, וואָס האָט געשטרעבט צו דער מענטשהייטס־באַפרייאונג. אָבער ער גילט היינט פאַר אונז, פאַר דעם לעבעדיקן, יידיש־סאָציאַליסטישן דור, נישט נאָר ווי אַ היסטאָריש־וויכטיקער גליד אין דער אַנטוויקלונג פון דעם רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין, וואָס איז דורכגעגאַנגען דורך אים און איבער אים, נאָר ער שטייט היינט פאַר אונזערע אויגן ווי

[1] איבערגעדרוקט פון טשיקאַגער צייטשריפט „קולטור״ 12,13 № יאַנואַר 1926

אַ מענטש, וואָס האַלט אין זיינע אייגענע הענט די לעבעדיקע קייט פון דערדאָזיקער אַנטוויקלונג, וואָס טרייבט פאָראויס און סטימולירט די ביי-אויפגעקומענע גלידער פון דער קייט. דערפאַר ווילן מיר נישט באַטראַכטן דעם געדאַנקען-אוצר פון זשיטלאָווסקין ווי שוין אַ פאַרטיקע ירושה, וואָס די דאַנקבאַרע און פּיעטעטפולע פריינט קאָנען נאָר אויפהיטן און רואיק באַטראַכטן, נאָר מיר קוקן אויף דעמדאָזיקן אוצר ווי אויף אַ לעבעדיקן קוואַל, וועלכער גיסט פאַנאַנדער זיינע פרישע וואַסערן אויף די גרינע טאָלן און מישט אויס זיינע וואַסערן מיט די כוואַליעס פון די אַרומיקע אַלמענטשלעכע און יידישע קאַמפן. זשיטלאָווסקי איז נישט נאָר אַ טייער בילד פון אונזער גייסטיקן עבר; ער איז אַ קאָפּ און אַ האַרץ און אַ האַנט, וואָס קוקן אין דער צוקונפט.

חיים זשיטלאָווסקי איז געווען אַ העלד פון צוויי ראָמאַנען. ער האָט געהאָלפן בויען דאָס גרויסאַרטיקע הויז פון די רוסישע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, און ער האָט צו דער זעלביקער צייט געלייגט פעסטע פונדאַמענטן פאַר דער יידיש-רעוואָלוציאָנערער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. ער האָט זוכה געווען צו דעם זעלטענעם מזל צו זען, ווי די רוסישע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פאַרטיי איז געווען אַ פירערין אין די העראָאישע קאַמפן פאַר פרייהייט און סאָציאַליזם, און ער האָט דערזען ווי די אידייען פון נאַציאָנאַל-סאָציאַליסטישער אויפלעבונג פון יידישן פאָלק האָבן אַרומגעכאַפּט דעם בעסטן און דעם איידלסטן טייל פון זיין פאָלק. מ׳קאָן זאָגן, אַז כמעט אין די זעלביקע יאָרן זענען אַרויס צום ליכטיקן שיין פון דער וועלט צוויי ווערק פון זשיטלאָווסקין. דאָס איז געווען אין יאָר 1892 זיין בראָשור: „אַ ייד צו אַ יידן״, אין וועלכער ער האָט פאָרמולירט די גרונט-יסודות פון זיין נאַציאָנאַלן אני מאמין; און דאָס איז געווען אין יאָר 1893 די גרינדונג פון „פאַרבאַנד פון רוסישע סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן״, אין וועלכן עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די הויפּט-געדאַנקען פון דער רוסישער „נאַראָדניטשעסטוואָ״. קיין איין געדאַנק פון די, וואָס זענען אַריינגעלייגט געוואָרן פון זשיטלאָווסקין אין די ביידע זיינע גייסטיקע מעשים האָט ער נישט באַדאַרפט שפּעטער צוריקנעמען. דאָס לעבן האָט זיך שפּעטער פאַרטיפט, איז קאָמפּליצירט געוואָרן, האָט נייע שוועריקייטן אַרויס-

נעבראַכט; די הויפּט־געדאַנקען זיינע זענען אָבער געבליבן שטיין פעלזן־פעסט.

אויף דעם געביט פון אַלמענטשלעכער סאָציאַלער טעטיקייט האָט זשיטלאָווסקי מיט אַ גרויסן דערפאָלג געפירט אַ קאַמף קעגן יענער לערע, וואָס האָט — דורך איר אויסערלעכער וויסנשאַפטלעכקייט, דורך אירע גלענצנדיקע פאַרטרעטער, דורך אירע פּסיכאָלאָגישע זייטיקע ווירקונגען — דעמאָלט געבלענדט די מוחות פון דעם רעוואָלוציאָנערן דור. דאָס איז געווען די מאַרקסיסטישע שיטה פון סאָציאַליזם, וואָס האָט כּלומרשט אַרויסגעפונען די „אייזערנע געזעצן פון דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג", וואָס האָט מיט אַ זעלבסט־צופרידענער זיכערקייט פאַנאַנדערגעשטעלט די צדיקים און די מזיקים אין דעם קלאַסן־קאַמף, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַר באַרופן אָנצופירן דעם פון איר אַרויסגעפונענעם געשיכטלעכן פּראָצעס. די פריערדיקע עטיש־רעוואָלוציאָנערע שיטה פון סאָציאַליזם, וואָס האָט גייסטיק אָנגעפירט מיט דער העראָאישער געגעראַציע פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", איז געווען אין יענע יאָרן פאַרוואָגלט. די פּיזישע טרעגער פון דער באַוועגונג זענען געווען פאַרניכטעט, פאַרשפּאַרט אין געפענגענישן, פאַרוואָרפן אין גלות. זייער לערע, דאָס רעוואָלוציאָנערע נאַראָדניטשעסטווא, האָט זיך אויך געפונען אין גלות. דער מאַרקסיזם האָט געזאָלט ווערן די אַליינהערשנדיקע טעאָריע פון סאָציאַליסטישן קאַמף. האָט טאַקע דעמאָלט, אין אַ יידישן וויטעבסק, פּלוצים אויפגעלויכטן אַ נייער גייסטיקער פייערל, וואָס איז איז באַשערט געוואָרן העלפן אויפצוריכטן און ברענגען צו אַ נייער צוקונפט די אָפּגעזאָגטע פון לעבן נאַראָדניטשעסטוואָ. מיט דעם גאַנצן גלאַנץ און מיט דער גאַנצער שאַרפזיניקייט פון זיין טאַלענט, איז זשיטלאָווסקי אַרויסגעטראָטן קעגן די איבערמענטשלעכע פּרעטענזיעס פונם מאַרקסיזם, קעגן זיינע „סאָציאָלאָגישע נביאות", קעגן זיין רוח הבטול בנוגע צום מענטשלעכן ווילן. דער „וויסנשאַפטלעכער" סאָציאַליזם פון מאַרקס און ענגעלס — האָט געשריבן זשיטלאָווסקי — איז „אייגנטלעך אַ ריינע אוטאָפּיע, וואָס פּאַטשט אין פּנים אַלע פּאָדערונגען פון דער וויסנשאַפט". ס'איז נישט באַוויזן, אַז מ'קאָן אַרויסגעפינען אייזערנע געזעצן פון סטיכישן היסטאָרישן פּראָצעס, וואָס אונטער זייער שליטה שטייט אומבאַהאָלפן און שקלאַפיש דער מענטש. יעדע געשיכטס־פילאָזאָפיע, וואָס פאַרמעסט זיך צו

פראָקלאַמירן אַזאַ היסטאָרישן חוק ולא יעבור פאַר דער מענטשהייט, איז נישט מער ווי אַ „אייביקע פאַנטאַזיאָרין". באַזונדערס אָבער איז פאַנטאַסטיש און שעדלעך די מאַרקסיסטישע געשיכטס-פילאָזאָפיע, וואָס „איר הויפּט-שטריך באַשטייט אין דעם פולשטענדיקן אָפּלייקע־נען פון יענע סוביעקטיווע פּסיכאָלאָגישע מאָמענטן, וואָס הערשן אין די נשמות פון די מענטשלעכע יחידים. ביי דער באַטראַכטונג פון די גרויסע פּראָבלעמען פון דער צייט, לאָזט מען אַרויס פון זין דעם מענטשן, מיט זיינע ליידן און פריידן. דער שטאַנדפּונקט פון אַ מאָראַלישן „זאָל", פון אַ עטישן גוט און שלעכט ווערט אינגאַנצן געלאָזן אָן אַ זייט" 1). אין וואָס פאַרוואַנדלט זיך דעמאָלט דאָס מענטשלעכע רעוואָלוציאָנערע שטרעבן צו די הויכע בערג? אין אַן אומבאַוווסט אויטאָמאַטישע באַוועגונג! „דער סאָציאַליסטישער ענד־ציל דאַרף, לויט מאַרקס, נישט אָנגעזען ווערן, ווי אַ וועלכער עס איז אידעאַלער צושטאַנד, צו וועלכן די מענטשן אָדער בלויז די אַרבעטער זאָלן שטרעבן דערפאַר, ווייל דער צושטאַנד איז זייער נויטיק פאַר זייערע אַרבעטער-אינטערעסן. דער ענדציל דאַרף פאַר אונז זיין יענע פאַזע פון אַנטוויקלונג, צו וועלכער די געזעלשאַפט שטרעבט מיט אייזערנער נויטווענדיקייט, אַלץ איינס צי די אידעאַלן פון די איינצל-מענטשן זענען צופרידן מיט אים אָדער נישט... מ'דאַרף נאָר פעסטשטעלן די וויכטיקסטע סטאַנציע, צו וועלכער עס ווערט געטריבן דער היסטאָרישער שטראָם, און יענע סטאַנציע דאַרף זיין דאָס אידעאַל פאַר אונזער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט".

ס'איז אָבער ווייניק נאָך וואָס מען האָט דעם פרייען אידע־אַליסטישן „זאָל" פאַרביטן אויף דעם אומברחמנות'דיקן, היסטאָרישן „מוז", וואָס ווירקט ווי אַ געטלעכע קראַפט אין דעם מענטשנס מזל. דער מאַרקסיזם, וואָס האָט זיך באַזירט אין זיין פילאָזאָפישער וועלטאָנשויאונג אויף דעם נאַאיוון מאַטעריאַליזם, האָט אויסגעאַרבעט אַ באַזונדער אַרט געשיכטס-פילאָזאָפיע: דעם עקאָנאָמישן מאַ־טעריאַליזם. איבער דעם געשיכטלעכן פּראָצעס שוועבט ווי אַ רוח אלהים נישט אַ וועלכער עס איז מוז, נאָר טאַקע דער עקאָנאָמישער „מוז" אַליין. די מאָראַל, דאָס זוכן נאָך שיינקייט, דער רעליגיעזער דורשט, נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע זוכענישן — שיידן זיך אויס פון

1) דר. ח. זשיטלאָווסקי, 3, 168, געז. שריפטן.

דער ריי פון היסטאָרישע פאַקטן. אָט קעגן דערדאָזיקער פאַרקריפּ-לונג פון לעבנס-פּראָצעס, האָט זשיטלאָווסקי געקעמפט. „די אויס-פאָרשונג פון די נישט עקאָנאָמישע פאַקטאָרן איז אין דער מאַרק-סיסטישער וויסנשאַפט באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ שטיף-קינד... פאַר וואָס קאָן נישט געמאָלט זיין, אַז אַ גרויסע קראַפט זאָל אַרויסוואַקסן, צום ביישפּיל, פון דעם מאָראַלישן פאַקטאָר? די מאָ-ראַל איז איצטער זייער אַ שוואַכע קראַפט, ווייניקסטנס אין דעם טאָג-טעגלעכן לעבן. אָבער די אָנמאַכט פון דער מאָראַל, קאָן זיין, שטאַמט נישט פון דער שוואַכקייט, וואָס ליגט אין דער טבע פון אָט דער דערשיינונג, נאָר אפשר דערפון וואָס... די עטישע ענערגיע פון די מאַסן ווערט צערונען און איינגעזויגט אין דעם זאַמד און אין דעם שטויב פון די טאָג-טעגלעכע קלייניקייטן. עס קאָן גרייליך זיין, אַז אויב מען וואָלט געפונען אַ מיטל, ווי אַזוי אָנצוזאַמלען די עטי-שע ענערגיע אין איין באַסיין און ווי אַזוי אָנצווווענדן זי אויף איין איינציקן סאָציאַל-עטישן ציל, וואָלט זי געוואָרן אַ גרויסע מאַכט". און ער האָט אַרויסגעפירט דעם פועל יוצא: „דער שטאַנד-פונקט פון דעם אידעאַל איז דעריבער נישט נאָר נישט פיינטלעך צו דעם וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם; אדרבה, ער מאַכט אים ערשט מעגלעך".

זאָל מען נישט מיינען, אַז דערדאָזיקער סכסוך איז אַ ריין-אַבסטראַקטער און פאַרעלטערטער. ער איז היינט פונקט אַזוי לע-בעדיק ווי דעמאָלט. נישט איין קעמפער, נישט איין פאַרטיי, נישט איין סאָציאַליסטישע רעגירונג האָט געבראָכן האַלז און נאַקן, זיך אויסגליטשנדיק אויף דעמדאָזיקן פּראָבלעם.

נאָר אָפּלייקענענדיק די מאַרקסיסטישע דאָגמאַטיק האָט זשיט-לאָווסקי געקאָנט פריי זיין פון דער ריין פּראָלעטאַרישער שיטה, וואָס האָט צוליב דעם איינציק-אַריסטאָקראַטישן קלאַס פון אַרבעטער נישט געוואָלט זען די אַנדערע ברייטע וועלט פון אונטערדריקטע, און האָט נאָר געוואַרט די ישועה פון קאַפּיטאַליזם. ער האָט זיך געהאַלטן אָן די אַגראַר-סאָציאַליסטישע אידייען, ער האָט אין דעם פויערטום געזען דעם קאַמף-ברודער פון אַרבעטער, און ער האָט גע-ווּסט אָפּצושאַצן די היסטאָרישע מיסיע פון דער אינטעליגענץ. אָט אַזוי האָט זשיטלאָווסקי געפירט זיין „רעוויזיאָניסטישן" קאַמף קעגן די געפאַנצערטע מויערן פון דער מאַרקסיסטישער וויסנשאַפט. ער איז

נעווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן אין דער דייטשער שפּראַך נענומען איבערקוקן דעם געשיכטס-פילאָזאָפישן קאַפּיטל פון מאַרק-סיזם. אָבער בעת די דייטשע רעוויזיאָניסטן, מיט עדואַרד בערנשטיין בראש, האָבן רעווידירט דעם מאַרקסיזם אום צו פאַרקריכן אויף די וועגן, וואָס פירן צום סאָציאַליסטישן שמד, — האָט זשיטלאָווסקי פאַרקערט געשטאַרקט די רעוואָלוציאָנערע נאַטור פון סאָציאַליזם. שוין מיט אַ סך יאָרן שפּעטער, בשעת ער איז געשטאַנען פאַר דעם אָנבליק פון דער רוסישער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, האָט ער דערמאָנט צו גוטן די פאַרדינסטן פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן און האָט געשריבן: „דעם הויפּט-פאַרדינסט פון דער פאַרטיי זע איך אין דעם, וואָס זי האָט אין איר פּראָפּאַגאַנדע אַראָפּגעטראָגן יענע אינעווייניקסטע וואַנט, וועלכע איז געשטאַנען צווישן דעם סאָ-ציאַליזם און דער רעוואָלוציע — יענע איבערצייגונג, אַז אין רוס-לאַנד קאָן נישט געמאָלט זיין קיין סאָציאַליסטישער איבערקער, ביז דאָס לאַנד וועט זיך נישט איבערקאָכן אין דעם קעסל פון קאַפּיטאַ-ליזם" 1). אין דעם פלאַמענדיקן אָפּשיין פון דער רעוואָלוציע האָט מען דערקאָנט דעם ווערט פון אַ סך מענטשלעכע אידייען. און ווייל זשיטלאָווסקי האָט מיט אָפענע אויגן געקוקט אויף דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג, האָט ער מיטן גאַנצן מהות זיינעם אריינגענומען אין זיך דעם גרויסן סאָציאַליסטישן איבערקער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין רוסישן חודש אָקטאָבער. דערפאַר האָט ער געהאַלטן פאַר אַן „אומגעהויערן ווערט, וואָס דער גאַנצער לינקער פליגל פון דער פאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן האָט זיך דירעקט באַטייליקט אין דעם סאָוועטישן איבערקער און האָט געוווּנען דעם צוטרוי פון דעם פּויערטום פאַר דער רעוואָלוציע פון אָקטאָבער 1917".

זשיטלאָווסקי האָט מיטגעהאָלפן צו שאַפן דעם רוסישן פריי-הייטלעכן סאָציאַליסטישן קעמפער. אַראָפּוואַרפנדיק פון כסא המלכות די „אומעטיקע וויסנשאַפט" פון מאַרקסיזם, האָט ער צו גלייכער צייט דערהויבן אין די רוסישע סאָציאַליסטן דעם עכטן גייסט פון וויסנ-שאַפטלעכקייט, דעם גליענדיקן פּאַטאָס פון אידעאַל און דעם ברייטן סאָציאַלן פאַרנעם פאַר אַלע אַרבעטנדיקע מאַסן. זשיטלאָווסקי קאָן היינט מיט רעכט זאָגן, אַז דורך זיין מאַרך און זיינע נערוון האָבן

1) איינלייטונג צו די דערינערונגען פון מ. ראָזענבוים.

ויך — דורך זיינע תּלמידים — אויסגעווירקט די סאָציאַליסטישע אידעאַלן אין דער נייער וועלטגעשיכטלעכער תּקופה.

## ב.

זשיטלאָווסקי איז אָבער געווען אַ העלד פון נאָך איינער, פון דער יידישער היסטאָרישער עפּאָפּייע. ער איז געוואָרן נישט נאָר אַ פרייהייטלעכער, נאָר אויך אַ יידישער סאָציאַליסט. ער איז געקומען אין דער צייט ווען די „יידישע נאַציע" האָט געגאָלטן ווי אַ קעגנ־זאַץ צום סאָציאַליזם, און ער האָט דערקלערט, אַז „סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם זענען נישט קיין היפּוכים". אָט דידאָזיקע פאָרמעל איז אָבער געוואָרן אַזוי באַדייטנדיק־וויכטיק נישט דערמיט, וואָס זי האָט איבערגעטראָגן דעם סאָציאַליזם אויף אַלע נאַציעס און יידן בתוכם, וואָס זי האָט, אַזוי צו זאָגן, אוטיליטאַריש „געפונען פאַר נויטיק" צו פאַרקניפּן דעם סאָציאַליסטישן קאַמף מיט דעם טעגלעכן לעבנס־קאַמף פון די פעלקער. אַזאַ מין „פאַרקניפּונג" איז זינט יענער צייט פאָרגעקומען צענדליקער מאָל אין פּאָליטישן לעבן: פון איין זייט האָבן סאָציאַליסטן (צ. ב. די באָלשעוויקעס היינט), איינגעזען אין דערדאָזיקער פאַרבינדונג אַ פרישע שטויס־קראַפט פאַר זייער אַרבעט; פון דער אַנדער זייט, האָבן נאַציאָנאַליסטן פון פאַרשיידענע פעלקער געזוכט דורך סאָציאַליסטישע פאַרבן צו שטאַרקן זייער באַוועגונג. זשיטלאָווסקי האָט גאָר אַנדערש געקוקט אויף דער שייכות פון די ביידע געביטן. פאַר אים זענען זיי געווען אינערלעך, אינטים און בלוטיק פאַרבונדן. אַ סך פריער פאַר אַנדערע טעאָרעטיקער האָט ער אין דעם נאַציאָנאַלן מלבוש פון מענטשן, אין דער נאַציאָנאַלער איינפּאַסונג פון קולטור דערזען דעם נויטווענדיקן און ווינשענסווערטן מלבוש און איינפּאַסונג. אמת, דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז גרויסאַרטיק און דערהויבנדיק ביזן הימל, אָבער ער וועט בלייבן טאַקע אַבסטראַקט און הענגנדיק אין הימל, אויב ער וועט זיך נישט פאַרוואָרצלען אין די טיפסטע טיפענישן פון דעם נאַציאָנאַלן מאַסן־לעבן פון אַ פאָלק. יעדעס פאָלק ברענגט מיט זיך מיט אין נדן אויף דער פעלקער־חתונה זיין אייגענעם גייסטיקן טיפּ, זיין כאַראַקטער, זיין אינדיווידועלע סביבה און זיין באַזונדערן אַראָמאַט. די פילפאַרביקייט פון מענטשן און קולטורן איז די גאַ־

דאַנטיע פון פּראָגרעס. און אויב דער סאָציאַליזם טראָגט אין זיך דעם אידעאַל פון פּראָגרעס, איז נויטווענדיק, אַז ער זאָל מאַרשירן צו דער נייער וועלט טאַקע אונטער דער איין-איינציקער רויטער פאָן, אָבער אַז זי זאָל פלאַטערן אין הונדערט- און טויזנט-פאַן פאַרשיידענע הענט. דער סאָציאַליזם ווערט דורך דעם אָרגאַניש, פולבלוטיק, בליענדיק, מענטשלעך-וואַרעם. אום צו געבראויכן זשיט-לאָווסקיס ווערטער: ער האָט אויפגעוויזן, אַז צווישן סאָציאַליזם און נאַציע באַשטייט נישט נאָר אַ צייטווייליקע „היסטאָרישע אידייען-פאַרבינדונג", וואָס איז נאָר אַ גאַסט אין אונזער היינטיקער וועלט. ער האָט באַוויזן, אַז די פאַרבינדונג איז אַ „לאָגישע אידייען-פאַר-בינדונג", אַן אומצעררייסלעכער סינטעז. אודאי הייסט דאָס נישט, אַז יעדער היסטאָרישער אינהאַלט פון נאַציאָנאַלן שאַפן איז אויף איי-ביק, usque ad mortem פאַרשריבן צום סאָציאַליסטישן עתיד, אַז דער רעוואָלוציאָנערער רענעסאַנס-שטורעם מוז מיט אָפּשיי אָפּשטעלן זיך פאַר יעדן נאַציאָנאַלן פּראָדוקט. דאָס הייסט אָבער, אַז דער פּרינציפּ פון נאַציאָנאַל-אינדיווידועלן שאַפן איז אויף אייביק, לאָגיש פאַרבונדן מיט יענער וועלט פון פרייקייט און שאַפן, וואָס רופט זיך סאָציאַליזם.

און וואָס איז ריכטיק פאַר אַלע פעלקער, איז אודאי ריכטיק פאַרן יידישן פאָלק. דערפאַר האָט זשיטלאָווסקי נישט באַגנוגנט זיך מיטן אַריבערטראָגן דאָס רוסישע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם אויף יידן, דאָס הייסט אויף יענע מיליאָניקע „גרופּע מענטשן", וואָס זענען פאַררעכנט פאַר יידן. ער האָט געוואָלט און האָט זיך דער-שלאָגן צו מער: אַז דאָס אַלגעמיין-סאָציאַליסטישע פּראָגראַם זאָל זיך צ ו נ ו י פ ג י ס ן מיט דער יידישער נאַציע. עס זאָל נישט נאָר איי-בערגעזעצט ווערן אין יידיש, נאָר אַריינזאַפּן אין זיך דאָס אינדיווידו-עלע — די יידישקייט; עס זאָל ווערן אַ גייסטיק אייגנטום פון דעם יידישן פאָלקס-מענטש. „מיר זענען נישט קיין פיר פּראָצענט פון וועמען עס איז אַנדערן, נאָר הונדערט פּראָצענט פון זיך אַליין",— האָט ער געזאָגט מיט דרייסיק יאָר צוריק. אַריבערנעמענ-דיק דאָס אַגראַר-פּראָגראַם פון דער רוסישער פּאַרטיי, האָט ער גע-טרוימט נישט פשוט וועגן יידן-פּויערים, נאָר טאַקע וועגן אַ יידישן פּויערטום, וועגן אַ „יידישער דאָרף-קאָמונע". „די גאַנצע פיזישע אַרבעט פון דעם אַקערמאַן וועט זיך ווילווירקנדיק אָפּרופן אויף

דעם פיזישן און עטישן טיפּ פון דעם יידן, וואָס איז אַזוי שטאַרק פאַרהויקערט געוואָרן אין דער שטאָטישער אַטמאָספערע" 1). אַריבער־נעמענדיק די אידעאַליסטישע וועלטאָנשויאונג פון רוסישן סאָציאַליזם, האָט ער געוואָלט זי פאַרקניפּן מיט די גייסטיקע טראַדיציעס פון דער אוניווערסאַלער יידישער געשיכטע. ער האָט געזען אין איר די איבערצייגנדיקסטע באַווייזן פאַר דער ווירקונג פון אידעאָלאָגישע (רעליגיעזע, עטישע, גייסטיקע) פאַקטאָרן אין אַ פאָלקס־לעבן. ער האָט געזען ווי דורך אַן אינערן דראַנג צום אייגענעם קיום, האָט זיך דאָס יידישע פאָלק אין משך פון דורות — קעגן אַלע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ווידערשטאַנדן — אויסגעהיט פון טויט און געבליבן שעפעריש. נאָך אין דער יוגנט 2) איז אין דעם גייסטיקן עבר פון פאָלק פאַר אים אַרויסגעוואָקסן אַ וועלט, וואָס האָט אים „באַצויבערט דורך איר אינעווייניקסטער רייכקייט און קראַפט". עס איז פאַר אים געוואָרן אַלץ מער קלאָר, „אַז מיר האָבן אין די פאַרגאַנגענע דורות אַ סך מער אייביק לעבנדיקע מענטשלעכקייט, איידער פאַרשימלטן שטויב" 3). אויב דער סאָציאַליזם דאַרף זיין אָרגאַניש, איז ער דורך דערדאָזיקער פאַרקניפּונג מיט דעם יידישן עבר געוואָרן דאָפּלט אָרגאַניש. סיי דורך דעם שטאָלענעם פאָלקס־כאַראַקטער, סיי דורך די עטיש־סאָציאַלע אינהאַלטן ווערט דער יידישער אַרבעטס־מענטש באַזונדער מסוגל צום רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם.

איצט שטעלט זיך שוין אַרויס נישט נאָר אַז „סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם זענען נישט קיין היפּוכים". זיי זענען אינערלעכע שותּפים ביי דערזעלביקער זאַך. דער סאָציאַליזם ווערט פאַרוואָרצלט אין דער יידישער, היינטיקער און עברדיקער געדאַנקען־און געמיט־וועלט. און דאָס יידישע לעבן, וואָס דערקאָנט זיך אַליין און פאַרטיפט זיך אַלס אַזעלכעס, ווערט אַ באַשטאַנד־טייל און אַ נייע קראַפט אין דעם אַלגעמיין־מענטשלעכן סאָציאַליזם גופא. „וואָס מער מענטש אַ ייד איז, אַלץ מער נאַציאָנאַלער ייד איז ער!"

שטייענדיק אויף דעמדאָזיקן דאָפּלט־שטאַרקן סאָציאַליסטישן

---

1) געז. שר. VI, 54.

2) זיין רוסיש ווערק „געדאַנקען וועגן דעם היסטאָרישן גורל פון יידנטום" איז אַרויס אין יאָר 1887.

3) II, 150.

באַדן, האָט זשיטלאָווסקי שוין אַנטוויקלט אַן אומגעהויערע אַרבעט לטובת דער יידישער נאַציאָנאַלער קולטור. ער האָט נישט נאָר גע־זוכט וואָס מעגלעך צו איבערזעצן פון דער אַלוועלטלעכער קולטור אין דער יידישער שפּראַך, נאָר ער האָט זיך אָפּגעגעבן צו וועקן און שטאַרקן די נאַציאָנאַלע פאָרמען פון יידישן אַרבעטס־לעבן. ער האָט געפירט אַ דערפאָלגרייכן קאַמף, פול באַגייסטערונג און שאַרפן הומאָר, קעגן דער אַסימילאַציע און די קאָסמאָפּאָליטישע אידייען פון סאָציאַליסטישע קרייזן. ער האָט געוועקט אַ נייע יידישע פאָלקס־אינטעליגענץ. ער האָט אַליין אַנטוויקלט און מעורר געווען אַנדערע צו אַנטוויקלען די יידישע פאָלקס־שפּראַך. ער האָט געהאָלפן שטעלן אויף די פיס דאָס יידישע בוך און די קונסט. ער האָט באַוויזן ווי מען טראַכט ערנסטע געדאַנקען אין יידיש. ער האָט געשריבן פילאָ־זאָפישע ווערק אין דער שפּראַך פון די מאַסן. ער האָט אויסגעבויט דעם געדאַנק פון נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע און ער האָט אויפגע־נומען אין זיך דעם רצון צו אַ טעריטאָריאַלער זעלבשטענדיקייט פון פאָלק.

זשיטלאָווסקי האָט געהאָלפן שאַפן דעם טיפּ פון אַ יידישן סאָ־ציאַליסט, וואָס איז טיף איינגעפונדעוועט אין דער נאַציאָנאַלער קול־טור־היים פון זיינע פאָלקס־מאַסן און איז טיף פאַרוואַקסן מיט דער אַלמענטשלעכער באַפרייאונגס־באַוועגונג. דער יידישער סאָציאַליסט איז דער זעלבסט־באַוווסטער קעמפער, וואָס טראָגט אַריין אין דעם סאָציאַליזם די אָרגאַנישקייט און פאָלקסטימלעכקייט פון זיינע מאַסן, און וואָס פירט אַריין אין דער יידישער וועלט דעם שטורעם און דעם מאָראַלישן פּאַטאָס פון דער סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער אידייע.

## ג

די צייטן שטייען נישט אויף איין אָרט. בשעת עס פאַלט אַראָפּ אין דעם היסטאָרישן אָפּגרונט די נעכטיקע קאָכעדיקע כוואַליע, שטייגט שוין פון הינטער איר אַרויף אַ נייע ברויזנדיקע כוואַליע. צוזאַמען מיט די כוואַליעס ענדערט זיך, מוז זיך ענדערן דער פּנים פון די גייסטיקע פאָרמולן, וואָס ווילן זיי אויסטייטשן און הייזן אַ וועג. און דער פריינט אונזערער און דער לערער, חיים זשיטלאָווסקי, וועט זיך וועלן צוהערן צו אונזערע, פון נייעם סאָציאַליסטישן

דור קומענדיקע שטימען. עס דאַכט זיך אונז היינט — אין דעם שיין פון דער נייער וועלט-תקופה — אַז די באַרימט-געוואָרענע פאַר-מעל „סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם", איז נישט מער אינגאַנצן גע-נוגנד. עס האָט זיך אַנטפּלעקט שוין פאַר אונזערע אויגן דער פאַר-באָרגענער אינהאַלט פון די אַלגעמיינע באַגריפן פון „סאָציאַליזם". בעת עס איז געקומען צום שעת הכּשר פון דער רעוואָלוציע און אַלע פּראָגראַמען האָבן געקאָנט זיך אויסווירקן אין לעבן, האָבן זיך פון זיי אַרויסגעשיילט אַזעלכע סאָציאַליסטישע וועלט-בילדער, אַז די אַרבעטנדיקע מאַסן האָבן געקאָנט נאָר פאַרציטערט ווערן פון צער און יאוש... עס האָט זיך אַרויסגעשיילט דער סאָציאַל-דעמאָקראַטי-שער מלוכה-פּיר, וואָס האָט אין זיך געטראָגן דעם אומצעשטערבאַרן „פּחד בורזשואַזיע", וואָס האָט מורא געהאַט אָנצורירן מיט אַ פינ-גער די יסודות פון דער היינטיקער וועלט. סיי אין רוסלאַנד, סיי אין דייטשלאַנד, סיי אין פאָרם פון מאַרקסיזם, סיי אין דער פאָרם פון סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, האָט זיך דערדאָזיקער אָפּהענטיקער פליגללאָזער „סאָציאַליזם" אַרויסגעוויזן פאַר אַ קאָנסערוואַטיווער קראַפט. און עס האָט זיך ווייטער אַרויסגעשיילט פון דעם געהיימ-נישפולן באַגריף אַ באַלשעוויסטישער מלוכה-פּיר, וואָס האָט פלומרשט אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם צעשטערונגס-אימפּעט און דעם העראָאישן ברען פון די דורות-לאַנג געקנעכטעטע קלאַסן. אָבער ער האָט באַ-נוצט דידאָזיקע קלאַסן און זייערע עטישע ליידנשאַפטן אום אויסצו-בויען פאַר זיך אַ סאָציאַלן פּאָסטאַמענט פון דיקטאַטאָרישער הער-שאַפט, און ער האָט דעם אַרבעטער דורך אַן אַנדער טיר ווידער אַריינגעפירט אין דער אַלטער וועלט פון שקלאַפעריי. דידאָזיקע ביידע פאַרקריפּלונגען פון סאָציאַליזם האָבן באַוויזן, וואָס פאַר אַ טיפער תהום פון שוועריקייטן עס שפּרייט זיך פאַנאַנדער אונטער די אַבסטראַקטע סאָציאַלע אידעאַלן, מיט וואָס פאַר אַ גיכקייט זיי גייען אויף דעם וועג ווו — אין משך פון דער וועלט-געשיכטע — ס'האָבן אויסגעהויכט זייער אָטעם די אַלע אַנדערע מענטשלעכע אידע-אַלן. יעדן ערלעכן רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין איז היינט קלאָר, אַז גאַנץ אַנדערע אידעאָלאָגישע מ ע ט אָ ד ן מוזן אָנגעווענדט ווערן פאַר דער דערציאונג פון אַרבעטנדיקן מענטשן צום ענד-קאַמף, אַז די סאָציאַליסטישע דערציאונג מוז קודם כּל אַרומנעמען דעם אוי-סערלעך און אינערלעך-פאַרשקלאַפטן מ ע נ ט ש ן, אַז צוזאַמען דער-

מיט טאָר מען נישט אויף איין רגע לאָזן ווייטער עקזיסטירן און פאַרשטאַרקן זיך די בירגערלעכע *געזעלשאַפט*.

אָבער אויך דער געדאַנק פון „נאַציאָנאַליזם" האָט זיך שטאַרק קאָמפּליצירט און פאַרוויקלט אין די לעצטע שיקזאַל-שווערע יאָרן. ער איז היינט שוין נישט מער דער בלויער פויגל פון די ווייטע הימלען, וועלכן זשיטלאָווסקי האָט מיט אַזאַ פייער געהאָלפן דער-נענטערן צו די מענטשן. מ'קאָן שוין היינט זאָגן, אַז כמעט אין אַלע שיכטן און אַלע קולטור-ספערן פון יידישן פאָלק, איז די נאַ-ציאָנאַלע אידייע געוואָרן אַ היימישע. דאָס פאָלק איז היינט, אין נאַציאָנאַלן זין, אין גרעסטן מאָס אָרגאַניזירט. מער נאָך: דער נאַציאָנאַלער פּאַטאָס האָט אין די דעמאָקראַטישע פאָלקס-שיכטן אָפּטמאָל אָפּגעשטופּט אין אַ זייט, האָט פאַרבויגן, האָט פאַרשמעלערט די גייסטיקע ווירקונגען פון סאָציאַל-מאָראַלישע און סאָציאַל-רעוואָ-לוציאָנערע אידייען. דאָס „פאָלק" פאַרנעמט דעם אָרט פון אַרבעט-קלאַסן, די שפּראַך (סיי יידיש, סיי העברעאיש) ווערט אַ הויפּט-צוועק, די געווינונג פון אַ טעריטאָריע (פון אַ מלוכה), ווערט דאָס הויפּט-ציל. מיר האָבן געזען ביישפּילן אין דער וועלט, ווי נאַציאָ-נאַלע ווונשן און אידעאַלן, נאַציאָנאַלע קאַמף-מיטלען און זעלבסט-דערהאַלטונג-אינסטרומענטן ווערן פאַרוואַנדלט אין זעלבסט-צוועקן. און עס מוזן דעמאָלט פאַרגיין יאָרן ביז פון אונטער דעם טריאומ-פירנדיקן נאַציאָנאַלן טורעם הויבן אָן ווידער צו שפּראָצן די באַ-שיידענע גרעזלעך פון אַ סאָציאַלער וועלט-אָנשויאונג. די יידישע מאַסן שטרעבן אָבער צו אַזעלכע אומפאַסנדיקע וועלט-אָנשויאונגען. דערפאַר האָט היינט אַ גרויסע אָנציענדיקע קראַפט אויף זיי דאָס רעליגיעזע, בית-מדרש און גביריש-פּאַטריאַרכאַלישע פּראָגראַם, ווייל דאָס איז פאַר זיי, גוט צי שלעכט, אַ לעבנס-פּראָגראַם, נישט נאָר אַ תשובה אויף נאַציאָנאַלע ווייטאָקן. אַזאַ מין עטיש-רעליגיעזע פּראָ-גראַם האָט דאָך אויך אין עבר צוזאַמענגעהאַלטן דאָס פאָלק אונטער די קלעפּ פון דער געשיכטע. צי קאָנען אים געבן דאָס זעלביקע אין דערדאָזיקער הינזיכט נאָר — נאַציאָנאַלע פּראָגראַמען פון אויטאָנאָמיזם, פון פּאַלעסטיניזם, פון יידישיזם? אין דער רחבות פון נאַציאָנאַלער זעלבסט-באַהויפּטונג גייען אָפּטמאָל פאַרלאָרן די הויכקייט און די טיפקייט פון אונזערע פשוט-מענטשלעכע אידעאַלן. דידאָזיקע אידעאַלן זענען דאָך אָבער אין תוך דער זין פון דער

געשיכטלעכער מענטשהייט. „מען מוז זיך דערשלאָגן — האָט זשיט־לאָווסקי געשריבן אין יאָר 1908 — צו אַ זעלבשטענדיקן נאַציאָנאַל־קולטורעלן לעבן, און זען צו פאַרווירקלעכן אין אים די גרונט־פּרינ־ציפּן פון יענעם נייעם לעבן, וואָס זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרן פון דער נייער צייט, און אויף וועלכע עס אַרבעט נאָך עד היום אָן אויפהער דער פּראָגרעסיווער געדאַנק פון דער געבילדעטער מענטשהייט". און ער האָט געזאָגט אויך אין וואָס עס באַשטייט דער־דאָזיקער געדאַנק: דאָס איז די אידייע פון דעם פרייען מענטשן, פון דעם אמת, פון יושר, פון שיינקייט, פון מענטשלעכער חשיבות. צי טראָגט זיך היינט איבער די יידישע מאַסן דער רוח הקודש פון די־דאָזיקע אידייען, צי שוועבט היינט אַ גרויסע אידייע אַרום יידישע נאַציאָנאַלע אינסטיטוטן? ווער קאָן דאָס באַהויפּטן? צי קאָן מען נישט אַנדערש באַהויפּטן: אויב די היינט פאַרפעסטיקטע נאַציאָנאַלע פּאָזיציעס וועלן זיך ווייטער אַזוי „אימאַנענט", פאַר זיך אַליין אַנט־וויקלען, דעמאָלט וועט זיך די סאָציאַלע נשמה פון די מאַסן צעבייטן אויף קליינינקייטן, אויף קטנות־המוחים, אָדער זי וועט פאַרנומען ווערן פון סאָציאַל־דעמאָקראַטישן און באָלשעוויסטישן געדאַנק. דער אויף זיך אַליין באַשרענקטער נאַציאָנאַלער אימפּעט וועט ווערן אַ קרבן פון די סאָציאַל־באַנקראָטירטע לעבנס־וועגן.

אום נישט פאַרגליווערט צו ווערן אין „נאַציאָנאַליזם", אום נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון סתם „סאָציאַליזם", מוז ווידער אַמאָל אַרויסגערוקט ווערן ביי אונז דער ווערט פון די גרויסע לעבנס־אינהאַלטן, פון די זוכענישן נאָך זיי, פון פאַרווירקלעכן זיי. מען דאַרף אַריינבלאָזן אַ מאָראַליש־רעוואָלוציאָנערן גייסט אין דעם צעשויבערטן פּאָליטישן לעבן פון אַרבעט־פּאָלק, נישט וואַרטנדיק שטענדיק, אַז זיי, די אומות העולם, זאָלן פריער אָנהויבן. מען דאַרף אַריינטראָגן דעמדאָזיקן גייסט אין דעם אינערלעכן לעבן פון די מאַסן, אין זייער עקאָנאָמישער אַרבעט (אָדער אַרבעטלאָזיקייט), אין זייער טעגלעכן לעבנס־פיר. די זוכעניש פון נייע גייסטיקע ווערטן (יושר, חשיבות, שיינקייט), אין לעבן פון פרט און פון כלל, וועט ממילא שוין זיין אַ פאַרטיפונג פון אונזער נאַציאָנאַלן קיום, אַ סך מער איידער די פּראָפּאַגאַנדע אָדער אויפבויאונג פון ריין־נאַציאָנאַלע אינסטיטוטן. אַ קבוצה אין פּאַלעסטינע, אַ יידישער אַרבעטער־קאָ־לעקטיוו אין רוסלאַנד איז היינט דער אמתער טרעגער פון נאַציאָנאַ־

לער און מענטשלעכער אויפלעבונג. מען דאַרף אַריינציען אין דער נייער תקופה די ברייטסטע יידישע סאָציאַלע שיכטן. מען דאַרף מיט דעם גאַנצן פייער פון דער יידישער נשמה מיטהעלפן דעם אינטערנאַציאָנאַלן קאַמף פאַר דער רעוואָלוציע, נישט נאָר מיטהעלפן, נאָר אים אויך טרייבן פאָראויס.

נישט קיין אַנדערער ווי זשיטלאָווסקי האָט אונז דאָס אַמאָל געזאָגט. „דאָס יידישע פאָלק דאַרף אָנהויבן איבערבויען זיין אַלט לעבן אויף די יסודות פון דעם נייעם געדאַנק נישט ערשט דעמאָלט ווען די סאָציאַלע רעוואָלוציע אָדער אַ ניי-אויפגעשטאַנענער, דר. הערצל וועט איר פאַרשאַפן אַן אייגענע היים, נאָר שוין איצטער אין גלות גופא, אין יעדער צייט און אין יעדן לאַנד, אויף וויפל דאָס איז מעגלעך" 1). און אין יאָר 1923 האָט ער געזאָגט: „דער נייער סאָציאַליזם מוז איינזען, אַז דאָס, וואָס מען האָט פריער געמעגט באַטראַכטן פאַר אַ ווייטער צוקונפט (די סאָציאַלע רעוואָלוציע), האָט זיך שטאַרק צוגערוקט צו אונז, אויב דאָס קלאַפט שוין נישט העפ-טיק אין אונזערע טירן" 2).

דער גייסט פון דער נייער וועלט-תקופה וויל זשיטלאָווסקין זען אַזוי פריש און מוטיק ווי מיט פערציק יאָר צוריק. דעמאָלט האָט ער פון דעם ברייטן אַלגעמיין-מענטשלעכן שליאַך אַריבערגעטראָגן זיין געדאַנק צו דער אייגענער נאַציע. ער איז — לויט די בעסטע מוס-טערן פון די אַלטע נאַראָדניקעס — „אוועקגעגאַנגען אין פאָלק". וייל ער האָט דעמאָלט געפילט, אַז „שווער איז די לאַגע פון אַ פאָלק, אָן פירער און דענקער, אוועקגעשטעלט פון דער געשיכטע אויף דעם ברעג פון אַ אָפּגרונט" 3). עס איז היינט אַן אַנדער עפּאָכע, דאָס אַרבעט-פאָלק שטייט ווידער אויף דעם ברעג פון אַ אָפּגרונט, — סאָציאַלן און מאָראַלישן אַפּגרונט. עס וויל ווידעראַמאָל האָבן זיינע פירער און דענקער.

חיים זשיטלאָווסקי האָט אַמאָל אָנגעהויבן ווי אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער סתם. ער האָט מיט זיין לעבן באַקרוינט דעם טיפּ פון אַ י י ד י ש ן סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער. עס איז די צייט גע-קומען פאַר יידישע ס אָ צ י אַ ל י ס ט ן - ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ן.

בערלין, 1925.

1) .III .17 .1908
2) „דאָס נייע לעבן". 1923
3) .III .8

ה. ד. נאָמבערג

# ד"ר זשיטלאָווסקיס יובילעאום [1]

גערענקט איר נאָך דעם אַלטן צונזערס לידל:

וואָס זע איך דורך די שויבן
זיי פליען ווי די טויבן
זיי קומען צוריק צו מיר? —

פאַר אַ יאָר צען—פופצן האָבן מיר געהאַט אַזאַ צייט. ביי אונז אין דער היים, אין סאַמע געדיכטע פון געטאָ און פון גלות, האָט זיך געוועקט דאָס נאַציאָנאַלע באַוווסטזיין, און פון דרויסן זענען געקומען איינער נאָכן אַנדערן די צוריקגעקערטע. הערצל, נאָרדוי, זאַנגוויל, פּראָפעסאָר $X$, ד"ר ז. און גאַנצע, גאַנצע לעגיאָנען.

אַ פריילעכע צייט געווען. כמעט יעדער טאָג האָט געבראַכט אַ געווינס. אויך דער איז אונזערער! אויך דער איז מיט אונז!

און דאָס האַרץ איז געוואַקסן פאַר פרייד, און די האָפענונג, און די זיכערקייט.

ווייל זיכערקייט האָט אונז געפעלט, זיכערקייט אָן אונז אַליין! זיכערקייט, אַז וואָס מיר רעדן איז טאַקע ממש גערעדט, האָט אַ ממשות, דער ביטול צום יידישן לעבן, וואָס אַ גאַנץ פריערדיקער דור

---

1) דער ארטיקל איז דערשינען אין „הײנט" סוף 1912. די דאַטע פון № „הײנט" איז ליידער נישט מעגלעך געווען פעסטצושטעלן. דער ארטיקל איז צוגעשטעלט פאַרן זאַמלבוך דורך פ. קורסקי (בערלין).

פון „משכּילים״ האָט עס געפּלאַנצט און אַנטוויקלט, האָט געשמעקט אין אונזער גאַנצן וועזן; אין אונזערע פּײערדיקסטע רעדעס האָט דער ביטול דורכגעקוקט.

ביז „זײ״ זענען געקומען. זײ — די ריכטיקע, די פּראָפעסאָרן, דאָקטוירים און שריפטשטעלער און באַדײטנדיקע מענער פון דער סאַמעראָדנער אײראָפּע. דעמאָלט ערשט האָבן מיר אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז „מען מײנט עס טאַקע ערנסט״.

צו יענער צײט, און אפשר נאָך אַ ביסל פריער, איז געזעסן אין בערן אַ יונגער דאָקטאָר, אַ רוסישער רעוואָלוציאָנער, פון די באַדײטנדיקע טעאָרעטיקער, אַ מענטש מיט אַ צײכן פון טיפן ערנסט אויף זײן גאַנצער פּערזענלעכקײט און פון גרויסן רום צווישן זײנע חברים — סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. און ער האָט אָנגעשריבן אַ קלײן ביכל אויף דײטש — איך געדענק נישט דעם נאָמען פון דעם ביכל — דער אינהאַלט איז געווען: אַז יידן זענען אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער, האָבן אַ שפּראַך און האָבן דאָס רעכט אויף אַן אײגענער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ.

אויך אַ צוריקגעקומענער? אויך אַ גר? — נײן. זײן שעה האָט דעמאָלט נאָך נישט געהאַט געשלאָגן. ער האָט נאָך נישט געהאַט צו ווערן צוריקצוקומען. דער באָדן איז נאָך נישט געווען גרײט.

אַ יידישע אַרבעטער-פּאַרטײ האָבן אויפגעבויט אַנדערע, פון אַן אַנדער חדר; מענטשן, וואָס קוקן אויף דער מענטשלעכער היסטאָריע ווי אויף אַ געאָמעטרישע פיגור, אַ מאַטעמאַטישע פאָרמול צו לײזן. אָן יענעם ערהאַבענעם אידעאַליזם און דער וועלט-אָנשויאונג פון אַ גלעב אוספּענסקי, מיכאַילאָווסקי און אַנדערע, וואָס צו זײער חדר האָט זשיטלאָווסקי געהערט. נאַציאָנאַליזם איז נישט געווען גלאַט-כּשר (און איז עס נישט ביז הײנט) אין דעם לאַגער פון די עקאָנאָמישע מאַטעריאַליסטן.

שפּעטער אַ ביסל האָט אויך ד ע ר לאַגער זײנע גרים און צוריקגעקומענע. דער ע ר ש ט ע *)-פאַרשטאָרבענער, אַזוי יונגער און אַזוי טאַלענטירטער ג ר אָ ס ע ר איז אײנער פון זײ. אָבער דאָס יידישקײט פון זײ מוז שטענדיק זוכן „הכשרים״, מאַכן אָנמערקונגען

---

*) 1912 6/XII.

און אויסרעדענישן, און ביז היינטיקן טאָג מוז עס צוגעגייט ווערן צום פּראָגראַם, טיילמאָל מיט גראָבע פּאַדים.

זשיטלאָווסקי אָבער איז אַ ראָמאַנטיקער, אַ תּושב און אַן אַלט-געזעסענער אין דער וועלט פון געפילן און זעלבשטענדיקע חערטן, און ווען ער זאָגט נאַציאָנאַליזם, און ווען ער זאָגט יידישקייט, זאָגט ער עס מיטן פולן מויל, און פּראַקטיקט זיך נישט דערביי. און האָט קיין שום פּחד נישט צו פאַרלעצן דעם עקאָנאָמישן פּרינציפּ, דעם אַלמעכטיקן גאָט פון 4-טן שטאַנד.

ער איז געבליבן כּמעט אומבאַקאַנט אין דער יידישער וועלט און כּמעט אָן השפּעה, אַ רבי אָן תּלמידים, אַ צוריקגעקומענער, וואָס האָט קיין היים נישט געפונען.

ערשט דאָס רוישיקע קאָכיקע יידישע לעבן אין אַמעריקע, די איסט-סייד פון ניו-יאָרק האָט אים די היים געגעבן.

אָנשטאָט צו גרינדן אַ קלייזל, האָט ער גענומען רעדן צום פאָלק, צו די הונדערטער טויזנטער יידישע אַרבעטער, און אין אַ קורצער צייט האָט ער אויפגעטאָן פאַר דער נאַציאָנאַליזירונג פון דער גרויסער ברייטער אַרבעטער-באַוועגונג אין אַמעריקע מער אפשר ווי ער אליין האָט זיך געקענט פאָרשטעלן.

זשיטלאָווסקי האָט געמאַכט אַן איבערקערעניש אין ניו-יאָרק. ער איז דער פאָטער פון דער ראַדיקאַלער יידישער יוגנט אין אַמע-ריקע. נישט איר פירער, נאָר טאַקע איר פאָטער.

ווייל אַ פירער איז זשיטלאָווסקי אַ שלעכטער. דאָס רעדל פירן די „פּאָליטישענס". די פאַרדאָרבנקייט זיצט אויבן-אָן און פירט פולומרשט די ממשלה. ס'איז אַ מין דיקטאַטור פון געוויסנלאָזיקייט, וואָס הערשט איבער דעם ראַדיקאַלן לאַגער פון דער איסט-סייד, און די דיקטאַטור האָט שוין לאַנג פאַראורטיילט זשיטלאָווסקין צו פאַר-ניכטן, נאָר דער ביסן איז געווען צו האַרט, און זשיטלאָווסקי איז געבליבן זשיטלאָווסקי, און דער עיקר — זיין השפּעה איז געבליבן נישט אויסגעראָטן, און דאָס לעבעדיקע וואָרט, וואָס ער האָט גע-רעדט — לעבט.

* *
*

אין אַמעריקע האָט דער צוריקגעקומענער געפונען זיין היים, אַ פעלד פאַר אַרבעט, אַ יידישע אַטמאָספערע, און דאָ האָט ער

דערפילט אַ גלענצנדיקע אויפגאַבע: ער האָט איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַראָפּגענומען דאָס צעטעלע „רעאַקציע" פון דעם נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין, און ער האָט דעם „גענאָסע" גאַנץ איינפאַך אויסגעלערנט ז'ענקען, אַז ער איז אַ ייד.

די אַלטע „אינטעליגענטן" און די „פּאָליטישענס" אויף די פּעטע ערטער, האָבן זיך געכאַפּט פאַר די האָר, דערהערנדיק אַזאַ מין אַפּיקורסות, און זיי קאָנען נאָך ביז היינט דערמיט נישט שלום מאַכן און לאָזן אויס זייער כּעס אויף דעם שטענדיק גוטמוטיקן און שטענדיק אַזוי פרידלעך געשטימטן זשיטלאָווסקי. ער איז פון די געיאָגטע אין ניו-יאָרק, זיינע אַקציעס שטייען זייער, זייער נישט הויך, זיין זשורנאַל שלעפּט זיך און פאַלט, און נאָך דעם אַלעם לעבט דער מענטש אין ניו-יאָרק, און זיין נאָמען לעבט, און זיין לעבנס-ווערק לעבט, ווייל זשיטלאָווסקי איז פון די זאַכן, וואָס איז אַזוי שווער בייצוקומען, וואָס פאַלן הונדערט מאָל און שטייען ווידער אויף. ער איז נעמלעך — אַ פּערזענלעכקייט.

פון די זעלטענע עקזעמפּלאַרן ביי אונז.

און אַ באַצויבערנדיקע פּערזענלעכקייט דערצו. עס פעלט אים אינגאַנצן די זויערקייט, וואָס הערט זיך אַזוי אָפט ביי מענטשן פון אַזאַ פאַרגאַנגענהייט ווי ער; יענער גערייצטער פּאָלעמיסטישער טאָן פון פאַראַכטונג צום קעגנער, וואָס כאַראַקטעריזירט זיינסגלייכן.

איך האָב אים צום ערשטן מאָל געהערט רעדן אין טשערנאָוויץ, און מיר אַלע האָבן געפילט, אַז דאָס איז געווען די בעסטע דעמאָנסטראַציע פאַר דער יידישער שפּראַך. לויט איר ערנסטן אינהאַלט נאָך, לויט דער שיינער פאָרם נאָך. מיר האָבן זיך אין יענער צייט נישט פאָרגעשטעלט, אַז מען קאָן אַזוי שיין, אַז'י אייראָפּעאיש, אַזוי לאָגיש און זאַכלעך רעדן יידיש, אָן חכמות און קונצן, אָן שיינע מעשהלעך און וויצן, ווי דער שטייגער איז. אַ פּראָפעסאָרישע רעדע: רואיק, געלאַסן, געשלאָסן און גאַנץ ווי אַ קונסטווערק, האָב איך צום ערשטן מאָל געהערט דעמאָלט אויף יידיש.

אָט איז אַ גר! אָט איז אַ צוריקגעקומענער!

נאָך עד היום באַשטייט דער צויבער און די קראַפט פון זשיטלאָווסקיס פּערזענלעכקייט אין זיינע אמת מייסטערהאַפטע רעדעס.

דאָס גאַנצע מין זשיטלאָווסקי איז אייגנטלעך מער פּראָפעסאָריש ווי עפּעס אַנדערש. ווען עס וואָלט געווען אַ יידישע אוניווער-

זיטעט, וואָלט זשיטלאָווסקי געווען אויפן ריכטיקן אָרט, דער זאַל, װוּ ער וואָלט גערעדט, וואָלט שטענדיק געווען געפּאַקט. די סטו- דענטן וואָלטן געמאַכט פּאַקל-צוגן פאַר אים און פּריינטלעכע דעמאָנ- סטראַציעס.

איצט באַשטייט זיין אודיטאָריע פון דעם קלינגטאָן-האָל אויף איסט-סייד, פול געפּאַקט מיט פאַבריק-מיידלעך און יונגע אַרבעטער, וואָס זענען שטענדיק גרייט אים צו הערן און עפּעס צו לערנען ביי אים.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער יידישער „מאַסע" אין ניו- יאָרק (וואָס מען רעכנט געוויינלעך פאַר אַ זייער גראָבע), וואָס זשיט- לאָווסקי האָט שטענדיק צוהערער, טראָץ דעם ערנסטן אינהאַלט פון זיינע „לעקטשורס"; וואָס ער איז נאָך עד היום אַזוי באַליבט, כאָטש ער איז שוין כמעט צען יאָר אין ניו-יאָרק, און אַמעריקע האָט דאָך אַזוי ליב נייאיקייטן, און וואַרפט אַזוי שנעל אַרונטער אַלערליי גדולים און אָפּגעטער.

זשיטלאָווסקיס יובילעאום איצט איז אַ דעמאָנסטראַציע פון דעם נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין אין ראַדיקאַלן לאַגער פון יידישן אַמעריקע, און דער יום-טוב, וואָס דער יידישער שרייבער-קלוב אין ניו-יאָרק וועט איצט פּראַווען, איז אַן אמתער, וואָרהאַפטער, און פאַרדינטער, ווי זעלטן אַ יום-טוב.



# ד"ר חיים זשיטלאָווסקי [1]

### (צום יום-טוב פון זיין זעכציקיאָריקן געבורטסטאָג)

### פון דוד פינסקי

דר. חיים זשיטלאָווסקי, דער מיטבאַגרינדער פון דער רוסישער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן און איינער פון די עלטסטע יידישע סאָציאַליסטן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1865, אין דעם קליינעם שטעטל אושאַטשי, וויטעבסקער גובערניע, ביי באַלעבאַטישע עלטערן, וועלכע האָבן מיט פרייד אויפגענומען די ווינשעוואַניעס, אַז זיי זאָלן אים אויפדערציען צו תורה און חופּה און מעשים טובים.

און עס האָט טאַקע אויסגעזען, אַז דער יינגל חיימל וועט אויסוואַקסן אַ בן-תורה. ביז צו זיין בר-מצוה האָט ער אריינגענומען אין זיך אַ סך גמרא מיט תוספות. מיט אַ דור אָדער צוויי צוריק וואָלט מען זיך געקאָנט ריכטן, אַז ער וועט ווערן אַ רב און אַ גאון. אָבער אין 1879 האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן אַנדערע ווינטן אין דעם לעבן פון די רוסישע יידן, און דער געראָטענער יינגל טרעט אריין אין דריטן קלאַס פון דער וויטעבסקער גימנאַזיע.

אין גימנאַזיע לערנט ער נישט בלויז די פּראָגראַם-למודים, ער ווערט אויך באַקאַנט מיט למודים, פון וועלכע די לערער טאָרן נישט וויסן. מיט פאַרבאָטענע אונטער-ערדישע למודים, וועלכע עפענען

---

1) איבערגעדרוקט פון „פאָרווערטס" (ניו-יאָרק), נאָוועמבער 1925.

אים אויף די אויגן אויף דער ראָליע פון דעם אַרבעטער־קלאַס, פירן אים אַריין אין די אידייען פון סאָציאַליזם. מיט זעכצן יאָר איז ער שוין אַ פאַרברענטער סאָציאַליסט, גרייט מקריב צו זיין זיך פאַר דעם רוסישן אַרבעטער־קלאַס און פאַר די האָרעפּאַשנע רוסישע פּויערים.

אין יענער צייט פאַרלאָזט ער די עלטערן און באַזעצט זיך אין דער גרויס־רוסישער שטאָט טולע. דאָרטן טרעט ער אַריין אַקטיוו אין דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און באַטייליקט זיך אין דער אונטערערדישער אַרבעט פון די „נאַראָדאָוואָלצעס". ער פילט זיך אַלס רוס מיט זיינע רוסישע חברים צוגלייך, אָדער פּרוּווט זיך און זיי איינצורעדן, אַז נישט ער און נישט זיי זענען רוסן אָדער יידן, נאָר וועלט־בירגער, קאָסמאָפּאָליטן, וועלכע קענען נאָר איין נאַציע — דעם אַרבעטער־קלאַס, און איין קאַמף — דעם קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. אין דעם קרייז פון די נאַראָדאָוואָלצעס באַקומט ער צו הערן, אַז די יידן זענען עקספּלואַטאַטאָרס, אַ פאָלק פון קרעמער און הענדלער, פּיאַווקעס אויף דעם קערפּער פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. די פּאָגראָמען, וועלכע האָבן אויסגעבראָכן אין יענע יאָרן און חרוב געמאַכט אַ סך יידישע קהלות, זענען, נאָך דער טעאָריע פון די נאַראָדאָוואָלצעס, געווען די אָנזאָגער פון דער באַלדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן אָנגעהויבן אויפצושטיין קעגן זייערע עקספּלואַטאַטאָרס.

דער בחור'ל חיים זשיטלאָווסקי האָט זיך פאַרטראַכט. זענען טאַקע אַלע יידן עקספּלואַטאַטאָרס? זענען טאַקע די יידן בלויז אַ פאָלק פון קרעמער און הענדלער? פאַרדינען זיי די פּאָגראָמען? זענען טאַקע די פּאָגראָמען די אורזאַך פון דער אָנקומענדער סאָציאַלער רעוואָלוציע?

ער האָט אָנגעהויבן צו שטודירן די פראַגע, צוצוקוקן זיך צום יידישן לעבן און באַלד אַנטדעקט ער יידישע בעל מלאכות: שניידער, שוסטער, שמידן, זייגערמאַכער, סטאָליאַרעס, מוליאַרעס, ערדגרעבער, טרעגער, שטיינהאַקער און ווו מעגלעך אויך ערדאַרבעטער. בקיצור, ער אַנטדעקט אַ יידישן פּראָלעטאַריאַט. ער רעכנט אפילו אויס, אַז „אַ ריזיקע מאַיאָריטעט פון אים (פון דעם יידישן פאָלק) איז באַשעפטיקט כמעט אין אַלע צווייגן פון דער פיזישער אַרבייט" און אַז „דאָס יידישע פאָלק אין רוסלאַנד איז אַן אַרבעטערפאָלק".

ווען ער האָט געמאַכט דידאָזיקע אַנטדעקונג, איז ער שוין געגאַנגען ווייטער. אויב עס איז דאָ אַ יידישער פּראָלעטאַריאַט, מוז שוין „ממילא זיין אַ יידישע אַרבעטער־פּראַגע, אַ יידישע אַרבעטער־באַוועגונג און אַ יידישער סאָציאַליזם".

ווער־זשע וועט זיך אָפּגעבן מיט דער יידישער אַרבעטער־פּראַגע? ווער וועט פּראָפּאַגאַנדירן דעם סאָציאַליזם צווישן די יידישע אַרבעטער? נאַטירלעך נישט די רוסן, וועלכע זענען איבערצייגט, אַז אַלע יידן זענען עקספּלואַטאַטאָרס און וועלכע קאָנען זיך נישט צונויפרעדן מיט די יידישע אַרבעטער, ווייל זיי קאָנען נישט זייער שפּראַך. מוזן עס טאָן יידישע סאָציאַליסטן, מוז עס איבערנעמען אויף זיך די יידישע רעוואָלוציאָנערע אינטעליגענץ.

געטראַכט און געטאָן. אין יאָר 1885, אַלס צוואַנציקיאָריקער מענטש, גרינדעט ער זיין „תשועת ישראל", אַן אָרגאַניזאַציע פון יידישע סאָציאַליסטן אויף צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן די יידישע אַרבעטער. אָבער די יידישע מיטגלידער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" האָבן געקוקט אויף דער נייער אָרגאַניזאַציע, ווי אויף יידישער אָפּגעזונדערטקייט און נישט געלאָזן זי אויפקומען.

איז עס אים געוועזן שפּייז פאַר נייע געדאַנקען, פאַר נייע אונטערזוכונגען. ווי קומט עס, וואָס יידישע סאָציאַליסטן ווילן נישט וויסן פון די נויטן פון די יידישע אַרבעטער־מאַסן? פאַרוואָס האָבן זיי זיך דערשראָקן פאַר אן אייגענער יידישער אָרגאַניזאַציע? פון וואַנען דידאָזיקע נאַציאָנאַלע זעלבסטפאַרלייקענונג?

ער אונטערזוכט און געפינט, אַז דידאָזיקע אַסימילאַציע־באַשטרעבונגען האָבן די יידישע רעוואָלוציאָנערן איבערגענומען בירושה פון דער יידישער בורזשואַזיע. איבערגענומען זיי און פאַרשטאַרקט זיי מיט אַ כלומרשטן קאָסמאָפּאָליטיזם.

באַווייזט ער זיי, אַז זייער קאָסמאָפּאָליטיזם איז גאָרנישט ווערט. „בעת זיי הערן אויף צו זיין „יודייער" ווערן זיי נישט פשוט — מענטשן, נאָר אָנהענגער פון דער גרויס־רוסישער נאַציאָנאַליטעט"... זיי ווערן נישט וועלט־בירגער, נאָר רוסן! זיי בייטן אויס איין נאַציאָנאַליטעט אויף אַן אַנדערער.

אויף אַזאַ אופן קומט ער צום שלוס, אַז סאָציאַליזם און נאַציאָנאַליזם זענען נישט קיין קעגנזאַצן. אויב מיר מעגן זיין רוסן, מעגן מיר אויך זיין יידן. אויב עס איז פאַראַן אַ רוסישע זעלב־

שטענדיקייט, מעג זיין אויך אַ יידישע זעלבשטענדיקייט. אויב מיר דאַרפן פילן די ווייטאָקן פון די רוסישע אַרבעטער און פויערים, דאַרפן מיר אויך פילן די ווייטאָקן פון די יידישע אַרבעטער.

„און דעריבער מוז די יידישע אינטעליגענץ... קאָנצענטרירן איר גאַנצע ענערגיע... אויף דער פּראָפּאַגאַנדע פון איר (פון דער רעוואָלוציע) צווישן דעם יידישן פאָלק אין נאָמען פון זיינע אייגענע פאָלקסאינטערעסן".

נאַטירלעך מוז די אַרבעט געטאָן ווערן אין יידיש, ווייל יידיש...

דאָ הויבט זיך אָן דער צווייטער גרויסער טייל פון זיין טעטיקייט — דער אומדערמידלעכער קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך.

ווייל עס איז פאַראַן אַ יידיש פאָלק, מוז אויך זיין אַ יידישע זעלבשטענדיקייט, די זעלבשטענדיקייט פון דעם יידישן פאָלק. אָבער דידאָזיקע זעלבשטענדיקייט איז מעגלעך דער עיקר אויף דעם יסוד פון דער יידישער שפּראַך. מוזן מיר זיך שטאַרק אָנהאַלטן אָן איר. און נאָר אויף איר יסוד איז מעגלעך די אייביקע פאַראייניקונג פון דער אינטעליגענץ מיט דעם פאָלק. מוז זי ווערן די שפּראַך פון דער אינטעליגענץ, ווי די שפּראַך פון פאָלק. מוז זי זיין אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַך.

דאָס צו פּרעדיקן, צו ערקלערן און צו פאַרשפּרייטן הערט ער נישט אויף פון זיין פריער יוגנט אָן.

אָבער אין דער אייגענער צייט לאָזט ער נישט אָפּ זיין האַנט פון זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. ער ווערט איינער פון די גרינדער פון דער פּאַרטיי סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן. „די אינטערעסן פון די אַרבעטער און פויערים זענען סאָלידאַריש און אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי דאַרף פאַרטיידיקן ביידע". אין יאָר 1898 פאָרמולירט ער צום ערשטן מאָל די פּראָגראַם פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן.

און ווי אין יידישער טעטיקייט איז ער דער אויסגעהאַלטנסטער יידישיסט, וועלכער ווייסט נישט פון קאָמפּראָמיסן און טרעט נישט אַראָפּ פון זיין וועג אויף אַ האָר, אַזוי איז ער אויך אין זיין רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט דער אויסגעהאַלטנסטער סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער...

אין 1905 קומט ער צום ערשטן מאָל נאָך אַמעריקע.

פּאָרט אָבער באַלד צוריק אַוועק אין רוסלאַנד, ווו דער מאַניפעסט פון 17 אָקטאָבער האָט געמאַכט אַ ווײַלע מעגלעך אַ פּאָליטיש לעבן. ער גרינדעט דאָרט אַ סאָציאַליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי „סיימיסטן“, מוז אָבער באַלד ווידער פֿאַרלאָזן דאָס אומטרײַע לאַנד און קומט ווידער נאָך אַמעריקע. דאָ ווערט ער זייער שנעל באַרימט און באַליבט אַלס גלענצנדער רעדנער און רעפערענט. דאָ האָט ער אויך אויפגעשריבן דעם גרעסטן טייל פון זיינע שריפטן.

אין נאָוועמבער 1912 האָט מען דאָ געפייערט דעם 25-יאָריקן יובילעאום פון זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. לכבוד דעם יובילעאום האָט מען אַרויסגעגעבן פיר בענד פון זיינע שריפטן. פון דעמאָלט אָן זענען אַרויסגעקומען נאָך דריי בענד. אָבער נאָך זייער אַ סך פון זיינע שריפטן וואַרטן אויף אַרויסגעגעבן צו ווערן אין בוך-פאָרם. ער איז זייער פּרוכטבאַר געווען. און זיינע שריפטן זענען פול מיט חכמה און וויסן און שאַרפזין, און זענען געשריבן אין אַ רייכער זאַפטיקער שפּראַך, אַז עס איז אַ תענוג צו לייענען. ווער עס פאַרטיפט זיך אין זיי, מוז אַרויסקומען שטאַרק באַרייכערט אין זיין נשמה.

מיט יאַרן און יאָרן צוריק, גלייך אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט, האָט ער פּראָקלאַמירט „די ווידערבאַלעבונג פון דעם יידישן פאָלק אין די גלות-לענדער אויף די יסודות פון ערד-אַרבעט, יידישער שפּראַך און אייראָפּעאישער קולטור“. דאָס וויל איצטער מקוים ווערן אין סאָוועט-רוסלאַנד !..

שפּעטער האָט ער אויך פּראָקלאַמירט „אַן אייגן לאַנד“.

אויך דאָס ווערט מקוים — אין ארץ-ישראל!

די ביידע דערגרייכונגען זענען די שענסטע מתנה, וועלכע ער האָט געקאָנט קריגן צו זיין זעכציקסטן געבורטסטאָג.



דר. א. קאָראַלניק

# „דער אידעאַליסט“[1]

ניטשע האָט אַמאָל — אין דער „פרײליכער וויסנשאַפט“ — אַוועקגעשטעלט די פראַגע: „פאַרוואָס זענען מיר נישט קיין אידעאַליסטן?“ און האָט געענטפערט אויף זיין שטייגער: „יעדער פילאָזאָפישער אידעאַליזם איז געווען ביז אַהער ווי אַ מין קראַנקהייט, אַ חוץ אפשר אין דעם פאַל פלאַטאָן, וו עס איז געווען בלויז די פאָרזיכטיקייט פון אַ צו רייכער, צו געפערלעכער געזונטקייט, די קלוגקייט פון אַ קלוגן איראָניקער. און זענען מיר, מאָדערנע, נאָר דערפאַר נישט קיין אידעאַליסטן, ווייל מיר זענען נישט גענוג געזונט, כדי נויטיק צו האָבן אַזאַ פלאַטאָנישן אידעאַליזם?“

ווייל געוויינלעך איז די וועלט אַזוי — אין קאָנטראַסטן. די שוואַכע זענען געוויינלעך די בייזע, די פאַרביסענע; די שטאַרקע, די בערן-מענטשן, זענען גוטמוטיק ווי קינדער. און טאַקע דערפאַר, וואָס איינער איז אַזוי שוואַך, שעמט ער זיך מיט זיין שוואַכקייט און טרוימט פון מאַכט. דער שטאַרקער האָט נישט פון וואָס צו טרוימען — ער האָט די קראַפט, ער קאָן האָבן די מאַכט — ער דאַרף נאָר וועלן. און ווייל ער קאָן — וויל ער גאָר נישט.

יעדער וויל זיין דער היפוך פון דעם וואָס ער איז, וואָס ער מוז זיין. און אָט אין דעם קאַמף צווישן דעם מוזן און דעם וועלן — איז פערזענלעכקייט, און וואָס דער קאַמף איז גרעסער, דאָס הייסט,

---

1) איבערגעדרוקט פון „טאָג“, 28 נאָוועמבער 1925.

וואָס גרעסער די סתּירה, אַלץ גרעסער און שטאַרקער די פּערזענ־לעכקייט.

עס איז בלויז געווענדעט אין דעם, צי מען איז וואָס מען איז — שטאַרק — און מען וויל וואָס מען וויל — אויך מיט אַלע כּחות. און ווי אין דער נאַטור, אַזוי אין דער מענטשלעכער פּסי־כיק: די נעגאַטיווע עלעקטריציטעט, דער נעגאַטיווער עלעמענט, דאָס נישט אַזוי ווי עס איז, נאָר אַזוי ווי עס זאָל — איז דער שעפע־רישער, דער טעטיקער פאַקטאָר.

דערפאַר זענען אין דער היינטיקער געזעלשאַפט פאַראַן אַזוי ווייניק פּערזענלעכקייטן און אַזוי ווייניק אידעאַליסטן. מען וויל נישט קיין סך, ווייניקסטנס נישט זייער פיל מער פון דעם, וואָס מען איז. מען זאָגט יאָ צו דערווירקלעכקייט — צו די חושים, צו דער וועלט פון ממשות. מען וויל נישט העכער — דערפאַר איז מען צופרידן מיט דעם פלאַך.

עס זענען דאָך כּמעט נישטאָ קיין פאַנאַטיקער, ווייל פאַנאַטיזם מיינט — אַ שוצוואַנט קעגן ספק, מיינט — אַ פּראָטעסט קעגן דער צוריסנקייט, איז אַ ווילן — צו גאַנצקייט.

אָבער ווו צוריסנקייט און ספק און אומצענטרישקייט שטערן גאָר קיינעם נישט? ווער פון היינטיקע מאָדערנע מענטשן בענקט נאָך גלויבן? ווער זוכט נאָך אַן אייביקייטס־ווערט?

עס איז אַ וועלט פון געמעסיקטקייט — און מעסיקייט — מיטל־מעסיקייט. אַ וועלט, ווו דער מין „אידעאַליסט" איז שוין כּמעט אויס־געשטאָרבן — אָדער האַלט ביים אויסשטאַרבן — ווייל מיר האָבן זיך אונטערגעגעבן אונטער דער מאַכט פון די חושים, פון דער ווירקלעכקייט.

נאָך קיינמאָל האָט דאָס וואָרט: „אַלצדינג וואָס איז — איז פאַרנינפטיק", נישט געווען אַזוי לייטמאָטיוויש, ווי היינט. בלויז באַ־טייט היינט „פאַרנינפטיק" עפּעס אַנדערש. עס מיינט „באַרעכטיקט", עס מיינט „עקזיסטירנד", עס מיינט: „אָט אַזוי איז דאָס און גיי טו עפּעס"!

און דער אידעאַליסט איז פאַרבליבן שוין בלויז אין בוך.

* *
*

איך קוק זיך איין אין דער געזעלשאַפט אַרום מיר, און די בלויז פלאַכקייט, מיטלמעסיקייט און זעלבסטצופרידנקייט. איך קוק זיך איין אין דער גרופּע, וואָס איז מיר די נאָענטסטע, און זע ווי דער אַמאָליקער אידעאַליזם איז אינגאַנצן אויסגעוועפּט געוואָרן. איך מיין די יידישע גרופּע. אַמאָל — אַ קוואַל פון אידעאַליזם, ווייל פול מיט היפּוכים, מיט פאַרשטילטע, פאַרגראָבענע, פאַרקלאַפּטע ליידנשאַפטן.

אַמאָל. דער ייד האָט תמיד געלעבט אַ לעבן אַנטקעגן זיך, אין ווידערשפּרוך מיט זיך אַליין. בטבע — ווען מען לאָזט אים אָפּ פריי, וואָלט דער ייד געווען, געזאָלט זיין מיט ברענענדיקע, מזרח-זונענדיקע תאוות. זיי פלאַקערן אין די אויגן, זיי ציטערן אין די נאָזלעכער. האָט ער אָבער געהאַט אַ פאָרשטעלונג פון אַ „עם קדושים”, אַ הייליק לעבן. און האָט זיך אונטערדריקט. און פון דער ברענענדיקער תאוה איז געוואָרן אַ הייסער, סיגופינדיקער מאַ-ראַליזם.

בטבע איז דער ייד אַ נייגעריקער. האָט ליב צו פרעגן קשיות און גריבלען זיך אין נישט-גלויבן, און שמייכלען איראָניש. האָט ער אָבער זיך געבילדעט דעם אידעאַל פון „אמונה טהורה” — און צו-ליב דערדאָזיקער אמונה איז ער געגאַנגען אין פייער.

בטבע איז דער ייד אַן אַסימילאַנט. האָט ליב נאָכצוטאָן, אי-בערנעמען מדות און מאָדעס, זיך אַריינלעבן אין אַלע מעגלעכע סביבות און אַטמאָספערעס. האָט ער אָבער געוואָלט זיין אַן אָפּגע-שלאָסענער, אַן איינציקער — און ער האָט טויזנטער יאָרן זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער גאַנצער ערד — ער, דער פאָרויסבאַשטימ-טער קאָסמאָפּאָליט, מיט זיין ביז צו עקסטאַז דערפירטן נאַציאָנאַלן פאַרלאַנג.

בטבע איז דער ייד אַ גרופּן-מענטש, ווי יעדער אַנדערער. „אייגענע צו אייגענע”. שבט, משפחה, שטאָט, געמיינדע, פאָלק. האָט ער געוואָלט ברעכן זיך אַליין — און איז געוואָרן דער טרעגער פון דער אומנאַציאָנאַלער, דער אַלמענטשלעכער אידייע, דעם אינ-טערנאַציאָנאַל.

און בטבע איז דער ייד אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט. ווייל סאָציאַל-דעמאָקראַטיע איז די קווינטעסענץ פון דעם קאַפּיטאַליזם. זיין פאַר-ענדיקונג, זיין תכלית. האָט ער אויך דאָ געבראָכן זיין אייגענע נאַ-

טור, און איז געוואָרן אַ ס. . — די אומיידישיסטע שיטה, וואָס איז פאַראַן, ווייל אַ שיטה, וואָס לייקנט אין תוך די גאַנצע שטאָט-קולטור, אַ שיטה פון דער ערד-מאַכט.

בטבע... אָבער איך פאַרגיי שוין צו ווייט. דאָס איז דאָך אַלץ געווען אמאָל. היינט האָט זיך אין דער יידישער נשמה אַלצדינג אַזוי פאַרגלייכט, פאַרפלאַכט. עס איז שוין גאָר נישטאָ קיין קאָנטראַסט.

און טאַקע דערפאַר האָב איך אַזאַ רעספעקט פאַר אַ מענטשן, וואָס איז איינער פון די לעצטע, איינער פון די שוין אַזוי דין-געזייטע כאַראַקטער-פיגורן אין דעם יידנטום. אַ בילד פון אמאָל — און אַ וועלט, וואָס איז שוין פרעמד.

דערפאַר האָב איך רעספעקט פאַר דר. חיים זשיטלאָווסקי.

מיר זענען געוויינלעך אָפּאָנענטן, כמעט תמיד, כמעט אין אַלעמען. אין יידישע פראַגן און אין אַלגעמיינע. אפילו אין ריין טעאָרעטישע, פילאָזאָפישע. אַלע זיינע קאַטעגאָרישע „יאָס" זענען פאַר מיר נישט „ניינס" — ניין — זיי זענען פאַר מיר בלויז אָפענע פראַגן. און ווו ער זאָגט ניין, זאָג איך געוויינלעך: פאַרוואָס? פון וואַנען איז עס געדרונגען?

אָבער דוקא דערפאַר, גראָד ווייל ער איז אַן אידייען-קעגנער, האָב איך צו אים אַ שייכות. און גראָד דערפאַר, וואָס ער איז — אפשר דער איינציקער פאַרבליבענער יידישער אידעאַליסט.

אַן אידעאַליסט אין דעם פלאַטאָנישן זין פון דעם וואָרט, ד.ה. אַ דענקער, וואָס גלויבט אין דער מאַכט פון דער א י ד י י ע, פון דעם געדאַנקלעכן פורעם, ווו דאָס לעבן ווערט געבילדעט און וואָס גיט אים געשטאַלט.

אָבער אויך אַן אידעאַליסט אין דער געוויינלעכער אויסטייטשונג, ד. ה. אַ מענטש, וואָס ד י נ ט זיין אידייע.

פון אַלע יידישע היינטיקע כלל-טוער און כלל-דענקער איז ער, דאַכט זיך מיר, דער איינציקער, וואָס האָט זיין לעבן אָריענטירט לויט זיין געדאַנקלעכן ציל. דר. זשיטלאָווסקי האָט געהאַט אַלע מעגלעכקייטן צו זיין אַ פירנדיקע קראַפט אין דער אַלגעמיינער, ברייטער וועלט. ער האָט זיכער געהאַט די גרעסטע באַרעכטיקונג צו ווערן דער פירער פון דער ס. ר. פּאַרטיי — אויב ער האָט שוין געמוזט זיין בכלל אַ ס. ר. — ווי אַן אַנדערער. מער וויסן, מער

קלאָרקייט, אַ שטאַרקערער דענק-אַפּאַראַט און געוויס אַ גרעסערע אָראַטאָרישע קראַפט.

ער און נישט גריגאָרי אילאיטש שריידער אָדער נאַטאַנסאָן וואָלט געווען דער פּאַסנדער, דער באַרופענער מענטש צו שפּילן אַן אַנטשיידענע ראָל אין רוסלאַנד פון דער קערענסקי-צייט, ווען די ס.ר.ן האָבן געשאַפן רוסישע געשיכטע.

אָבער דר. זשיטלאָווסקי האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער צייט-געשיכטע — צוליב וועלט-געשיכטע. ווייל ער האָט געגלויבט אין דעם „עם-עולם”, אין זיין איינציקאַרטיקער היסטאָרישער באַשטימונג. איך ווייס נישט צי דאָס איז געווען ביי אים אַ צום-באַוווסטזיין-געקומענער מאָטיוו, צי נישט. אָבער יעדנפאַלס דעם רעזולטאַט האָט יעדער געקענט פאַראויסזען.

דאָס רעאַלע יידישע לעבן האָט זיך אַרויסגעוויזן צו ענג פאַר זשיטלאָווסקיס פאָדערונג, צו רעאַליסטיש פאַר זיין אידעאַליזם. איך גלויב, אַז דאָס איז אויך דער טעם פון זיין גאַנצן, מיר אָפט גאַנץ אומפאַרשטענדלעכן קאַמף קעגן די יידיש-היסטאָרישע ממשותן, ווי צום ביישפּיל, דעם ציוניזם, ווען ער האָט אים נאָך באַקעמפט, אָדער דער העברעאישער שפּראַך, וואָס ער באַקעמפט היינט.

אָדער ריכטיקער — דר. זשיטלאָווסקי קעמפט נישט קעגן, ער קעמפט פאַר. און דאָס איז אויך כאַראַקטעריסטיש פאַר אַן אידעאַליסט. דער קריטישער דענקער — אין קאָנטישן זין — קעמפט תמיד אַנטקעגן. זיין גאַנצע קראַפט גייט אויף צו צעברעכן געוויסע ווערטן, צו צעשטערן די אָנגענומענע באַגריפן.

דער אידעאַליסטישער דענקער קעמפט תמיד פאַר זיין אידייע, פאַר זיין „ציל”, און קוקט זיך נישט אַרום, און זעט גאָר אָפט נישט דעם קעגנער.

דאָס שענסטע און דאָס טראַגישסטע פון דעם גרעסטן אידעאַליסט פון אַלע צייטן — דאָן קיכאָט — איז געווען נישט זיין קאַמף קעגן ווינטמילן — דאָס וואָלט יעדער בלינדער געקאָנט — נאָר פאַר דער געהיימנישפולער, רעטענישדיקער דולצינעא פון טאָבאָזאָ, וואָס האָט זיך אים אויסגעוויזן פאַר דער פּערל אין דער וועלט-קרוין און אַנדערע פאַר אַ פשוטער דינסט.

אָבער דאָך, דער אידעאַליסט זעט אויך, פונקט ווי מיר אַלע, ועט אַלע אומשיינקייטן פון דער ממשותדיקער וועלט, אָבער ער דער-

הויבט די וועלט צו זיך. עס איז אין אים אַזאַ קוואַל פון געזונט־קייט, פון קראַפט, אַז ער קאָן מוחל זיין דערווירקלעכקייט, און אין זיין פאַרצייען פאַראיידעלן זי. און ווייל ער זעט, ווי יעדער פון אונז, דעם ברוטאַלן אמת, מיידט ער, פון סאָקראַטישער פאָרזיכטיקייט, זי אויס און ראַטעוועט זיין נשמה אין אַ העכערער ספערע, אין דעם עולם האצילות.

וואָס פאַר אַ וווּנדער? ער קאָן זיך עס פאַרגינען. ער איז דער נשמהדיק געזונטסטער אין דער איצטיקער יידישער סביבה. ער קאָן זיך דערלויבן דעם לוקסוס צו זיין אַ גלויביקער, אַן אָפּטימיס־טישער אידעאַליסט, אפילו דאָרט, וווּ דאָס אויג — מיקראָסקאָפּיש אָדער מאַקראָסקאָפּיש — זעט שוין בלויז רואינען אָדער דעם אָנ־הויב פון צעפאַלן. „איר גלויבט דעם אויג — איך גלויב מיין אי־דייע", זאָגט דער אידעאַליסט. און אַמאָל איז ער אויך גערעכט. און אָפט איז דר. זשיטלאָווסקי — אין זיין צוגאַנג צו די יידישע פראַגן — אויך גערעכט. אָבער איז עס דען אַזוי וויכטיק גערעכט צו זיין? וויכטיק איז גערעכט צו וועלן; וועלן, אַז אַלצדינג זאָל זיין נאָך דער גערעכטער מאָס פון דעם אידעאַל.

און אַזאַ פאָדערער איז דר. זשיטלאָווסקי. בלויז אַ שאָד, וואָס ער פאָדערט נישט מער, נישט שטאַרקער; וואָס ער האָט זיך אין די לעצטע פאָר יאָר אַ ביסל דערווייטערט פון דער יידיש־עפנטלע־כער אַרענע. דאָס יידישע עפנטלעכע לעבן נויטיקט זיך אין אים.

בן-אדיר

# דר. ח. זשיטלאָווסקי

(אייניקע שטריכן צו כאַראַקטעריסטיק און אָפּשאַצונג)

פאַראַן טראַגישע נאַטורן, וואָס ווערן געבוירן אָדער פאַר דער צייט, אָדער נאָך דער צייט. אָדער זיי זענען דורך און דורך אָנגעזאַפּט מיטן ראָמאַנטיזם פון פאַרגאַנגענהייט, חלומען וועגן אַ פאַרשווונדענער וועלט, וואָס וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן, אָדער זיי טראָגן אין זיך דעם אָנזאָג פון אַ ווייטער תּקופה, דעם ציטער און צאַפּל פון אַ גאַנץ אַנדער וועלט, וואָס וועט קומען ווען נישט איז, באחרית הימים. די ערשטע ווערן אויפגעגעסן פון אויס-זיכטלאָזן פּעסימיזם, פון יאוש אָן א סוף, די צווייטע זענען פול מיט מאָדנער בענקשאַפט צו אוממעגלעכן שאַפן, מיט פּלאַטאָנישער ליבע צום ווייטן. דער הצד השוה שבהם, וואָס זיי ביידע זענען פאַרמשפּט צו שרעקלעכער איינזאַמקייט, און ווי אוברים מדולדלים, אָפּגעריסענע פון באָדן, פון אַרומיקן לעבן און אַרומיקער סביבה, בלאָנדזשען זיי אַרום אין אַ פרעמדער וועלט, ווי שאָטנס אין עולם התוהו.

פאַראַן, פאַרקערט, גליקלעכע מענטשן, וואָס ווערן געבוירן אין סאַמע צייט, אין אָנהויב פון אַ תּקופה, וואָס זיי זענען באַרופן צו פאַרקערפּערן אין זיך. זיי געפינען זיך תּמיד אין פולן איינקלאַנג מיט די נייע כּוחות, וואָס רייסן זיך צום לעבן, ווירקן אויף זיי און באַקומען פון זיי די השפּעה, זיי לעבן אין דער תּקופה און די תּקופה אין זיי. בטבע גאַנצע, האַרמאָנישע נאַטורן, וואָס ווייסן נישט פון

איינזאַמקייט און אָפּגעריסנקייט, זענען זיי אָפּט פרעמד יענע לעבנס־אָפּגרונטן, וווהין עס פירט דער וועג פון גרויסן צער און גרויסע לײדן, יענער „וועלט־שמערץ״, וואָס דרינגט דורך דאָס צעריסענע און אויסגעווייטאָקטע האַרץ. זיי שוועבן דאָס איבערן גלייכן און גלאַטן דרך־המלך, נישט אָפּגענויגט אויף די זייטיקע פאַרפּלאָנטערטע שטעגן, וואָס ציען זיך אין די געדיכטע וועלדער אָדער וויסטע מדבריות פון סודותפולן מיסטישן זיין און באַנעמען. דערפאַר אָבער זענען זיי שטענדיק פול מיט ברויזנדיקער ענערגיע, מיט לעבנסלוסט, מיט אַק־טיוון שטרעבן צו בויען און שאַפן, צו פאַרווירקלעכן די נאָענטע, ממשותדיקע אידעאַלן, וואָס טראָגן זיך פאַר זייערע אויגן.

איינער פון אָט די גליקלעכע גאַנצע און האַרמאָנישע נאַטורן איז ח. זשיטלאָווסקי. געבוירן ערב דער תקופה, וואָס דאַרף באַצייכנט ווערן אַלס דאָס אויפקומען און די אַנטוויקלונג פון מאָדערנער יידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט, איז ער געוואָרן איינער פון אירע אָנגע־זעענסטע טרעגער און שעפער. אין צוויי הויפּט־שטרעמונגען האָט זיך אויסגעגאָסן די אַנטוויקלונג פון אָט דער נייער יידישער געזעל־שאַפטלעכקייט — אין נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר און ס אָ צ י אַ ל ע ר ריכ־טונג. פון איין זייט ח ב ת ־ צ י ו ן און דערנאָך צ י ו נ י ז ם, און פון דער אַנדער זייט — די ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע א ר ב ע ט ע ר־ב אַ ו ו ע ג ו נ ג אין אירע פאַרשיידענע שאַטירונגען. פון אָנהויב זענען אָט די צוויי הויפּט־שטרעמונגען אַרויסגעטראָטן ווי די שאַרפ־סטע קעגנזאַצן, וואָס שליסן לגמרי אויס איינע די צווייטע. ביסלעכ־ווייז אָבער איז דער תהום צווישן זיי קלענער געוואָרן, ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן פעדים, וואָס פאַראייניקן זיי, ס׳האָט זיך געשאַפן אַ געוויסער סינטעז. און אָטאָ דאָ, אין אָט דעם פונקט, אין צוגרייטן דעם טעאָרעטישן, דעם אידעאָלאָגישן באָדן פאַר דעם סינטעז צווישן נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן מאָמענט האָבן זיך באַזונדערס אַרויסגעוויזן די גרויסע פאַרדינסטן פון דר. ח. זשיטלאָווסקי.

נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן איז זשיטלאָווסקי פאַרכאַפּט גע־וואָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנער־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכער ער איז אידייאיש טריי געבליבן דאָס גאַנצע לעבן. אָבער אין טיפן אונטערשייד פון כמעט אַלע יידישע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן זיך געוואָרפן אין אַלגעמיינעם רעוואָלוציאָנערן שטראָם, איז ער אויף קיין איין מאָמענט נישט אַוועק פון זיין פאָלק און פון דער

ייִדישער געזעלשאַפטלעכקייט. נאָך בײַ די סאַמע ערשטע טריט פֿון זײַן געזעלשאַפטלעכן לעבן איז האַנט בײַ האַנט מיט די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע און סאָציאַליסטישע פּראָבלעמען הערן נישט אויף צו עגבערן זײַן מוח און לאָזן אים נישט רוען די נאַציאָנאַל־ייִדישע פּראָבלעמען. אין דער פּריסטער יוגנט זײַנער, נאָך כּמעט אַ ייִנגל, שרײַבט ער שוין זײַן בוך „דער היסטאָרישער גורל פֿון ייִדנטום”, וווּ עס ווערן פֿאַרזייט קערנער פֿון זײַנע קינפֿטיקע נאַציאָנאַלע אָנשויאונגען. און פֿון דעמאָלט אָן פֿאַרטיפֿט ער זיך אַלץ מער און מער אין דער נאַציאָנאַלער פֿראַגע, קאָנצענטרירט זײַן געדאַנק אויפֿן סינטעז צווישן נאַציאָנאַליזם און סאָציאַליזם. און ווען אין דעמאָלטיקן עסטרײַך, אין אָט דער קלאַסישער נאַציאָנאַליטעטן־מדינה, ווערן זייער פֿאַרשאַרפֿט די צווישן־נאַציאָנאַלע באַציאונגען, עס פֿאַרשטאַרקט זיך דער „ויתרוצצו” צווישן די פֿאַרשיידענע פֿעלקער, וואָס בילדן אָט דעם מלוכה־קאָנגלאָמעראַט, און די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קען שוין נישט אויסמײַדן די נאַציאָנאַלע פּראָבלעם, זי מוז געבן אויף איר אַן ענטפֿער אין הסכּם מיט איר אַלגעמיינער סאָציאַליסטישער וועלט־אָנשויאונג, עס גרייט זיך דער בריונער פּאַרטייטאָג, וווּ ס'זענען פֿאַקטיש געלייגט געוואָרן די גרונד־שטיינער פֿאַר דער נאַציאָנאַל־פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע, וואָס שפּרינגער און באַוער האָבן אויף זיי שפּעטער אויפֿגעשטעלט אַ פּראַכטפֿולן בנין, — גרייט דאַן זשיטלאָווסקי צום פּאַרטייטאָג די טעאָרעטישע באַגרינדונג פֿאַר דער פּראַקטישער פּראָגראַם. ער שרײַבט זײַן בראָשור „די נאַציאָנאַלע פֿראַגע און סאָציאַליזם”, וואָס איז עד היום פֿאַרבליבן איינע פֿון די גרינדלעכסטע טעאָרעטישע אַרבעטן אויף דעם געביט.

זשיטלאָווסקי זעט נישט אין נאַציאָנאַלן מאָמענט, אין דער אייגנאַרטיקער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פֿון די פֿעלקער קיין שום סתּירה צום סאָציאַליזם, צום אינטערנאַציאָנאַליזם, פֿאַרקערט, פֿאַר זיך גענומען, איז עס גאָר אַ פּאָזיטיווער פֿאַקטאָר, וואָס באַרײַכערט און באַפֿרוכפּערט די אַלגעמיין־מענטשלעכע קולטור. די נאַציאָנאַלע באַפֿרייאונג פֿון די אונטערדריקטע פֿעלקער און די סאָציאַלע באַפֿרייאונג פֿון די פֿאַרשקלאַפֿטע קלאַסן זענען כּלל וכלל נישט סותר איינע די אַנדערע, פֿאַרקערט, דאָס זענען צוויי זײַטן פֿון איינער און דערזעלבער מטבע, צוויי שטראָמען פֿון איין גרויסער אַלגעמיינער באַפֿרייאונגס־באַוועגונג.

דעמאָלט איז זשיטלאָווסקי נאָך נישט גוטה צו באַטראַכטן די טעריטאָריאַלע קאָנצענטרירונג פון יידישן פאָלק אַלס די איינציקע ראַדיקאַלע לייזונג פון דער יידישער נאַציאָנאַלער פראָבלעם. ער איז נאָך נישט געגוג דורכגעדרונגען מיט דער טראַגעדיע פון אַ פאָלק אָן אַן אייגענעם ערד-באָדן אונטער די פיס און ער זוכט אַנדערע וועגן און מעגלעכקייטן פאַר דער פרייער נאַציאָנאַלער אַנטוויקלונג פון יידנטום אין די ראַמען פון צעזייטקייט און צעשפּרייטקייט אי- בער דער גאַנצער וועלט. אין זיין באַוווסטן „בריוו פון אַ יידן צו אַ יידן" טרעט ער דאַן שאַרף אַרויס אַלס פּרינציפּיעלער קעגנער פון דער ציוניסטישער לייזונג פון דער יידן פראַגע. ער שטייט דאַן נאָ- ענט צום „בונד", אונטער זיין רעדאַקציע גייט אַרויס איינער פון די נומערן „אַרבעטער-שטימע", ווו אונטערן פּסעוודאָנים „בן-אהוד" פאַרעפנטלעכט ער אַ שאַרפן אַרטיקל קעגן ציוניזם. זיין צוזאַמענ- אַרבעט מיטן „בונד" איז אָבער געווען נאָר אַ צופעליקער עפּיזאָד אין זיין לעבן. פאַרן „בונד" איז זשיטלאָווסקי געווען צו נאַציאָנאַ- ליסטיש, און פאַר אים איז דער „בונד", איבערהויפּט זענען די אָנ- פירער פון „בונד" אין יענער צייט געווען צו אַסימילאַטאָריש.

ס'איז אָבער אוממעגלעך געווען, זשיטלאָווסקי זאָל אַ לענגערע צייט בלייבן שטיין אויפן מיטן וועג. בטבע אַ ראַדיקאַלער און רע- וואָלוציאָנערער דענקער, האָט ער זיך נישט געקענט באַנוגענען מיט האַלבע מיטלען און באַרויקן זיך אויף אַ קאָמפּראָמיס-לייזונג פון דער יידן-פראַגע, און ער קומט צום טעריטאָריאַליזם.

אין 1904 יאָר, ווען די סאָציאַליסטיש-טעריטאָריאַליסטישע גרו- פּע „וואָזראָזשדעניע" הויבט אָן אַרויסגעבן דעם אומלעגאַלן אָרגאַן אונטער דעם זעלבן נאָמען, זאָגט צו זשיטלאָווסקי זיין מיטאַרבעט אין זשורנאַל, זייענדיק אין די הויפּט-פּונקטן איינשטימיק מיט די גרונט-אידייען פון דער גרופּע. אין № 2—3 פון „וואָזראָזשדעניע" הויבט זיך אָן דרוקן זיין מאמר „די נאַציאָנאַלע פראַגע און סאָ- ציאַליזם". שפּעטער, אין 1906 יאָר, ווען די גרופּע אויפן וועג פון איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג האָט געגרינדעט די „יידישע סאָציאַ- ליסטישע אַרבעטער-פּאַרטיי" (באַקאַנט אונטערן נאָמען י. ס., סיימיסטן) טרעט זשיטלאָווסקי אַריין אין דער פּאַרטיי, ווערט פון איר אַרויס- געשטעלט אין זיין געבורטסשטאָט וויטעבסק אַלס קאַנדידאַט אין דער צווייטער דומע. דער סענאַט פּסלט זיין קאַנדידאַטור אין אַ ספּע-

ציעלער דערקלערונג, און זשיטלאָווסקי פאַרלאָזט ווידער רוסלאַנד אין אָנהויב פון דער שווערער פינסטערער רעאַקציע, וואָס איז געקומען נאָך די רעוואָלוציאָנערע יאָרן.

זשיטלאָווסקי באַזעצט זיך אין אַמעריקע, ווו ער געפינט אַ ברייטן פלאַץ פאַר זיין קולטורעל-סאָציאַליסטישער אַרבעט, גיט אַרויס דעם חודש-זשורנאַל „דאָס נייע לעבן", לאָזט אין גיכן אַרויס 4 בענדער פון זיינע ווערק, געווידמעט פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע, פּאָליטישע און קולטורעלע פּראָבלעמען, דערצו נאָך 2 בענדער „געשיכטע פון פילאָזאָפיע". האַנט בײַ האַנט מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט אַנטוויקלט ער אַ גרויסע מונדלעכע קולטורטרעגערישע אַרבעט. אַ זעלטענער לעקטאָר, אַ פּאָפּולאַריזאַטאָר פון גאָטס גענאָד, וואָס קאָן דעם טיפסטן און פאַרפּלאָנטערטסטן געדאַנק איבערגעבן אַזוי קלאָר, פשוט און פאַרשטענדלעך אפילו פאַר דעם וויניק אַנטוויקלטן אַרבעטער, — איז דען אַ וווּנדער, וואָס ער ווערט באַליבט ביי דער אַמעריקאַנער יידישער אַרבעטער-אַאודיטאָריע, ווו ער זייט מיט פולע הויפנס קולטור און וויסן. זיין גרויסער באַטייט פאַר דער קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אַרבעטערשאַפט אין אַמעריקע וואַרט נאָך אויף דער געהעריקער אָפּשאַצונג.

אין אַמעריקע דערנענטערט זיך זשיטלאָווסקי צו דער פּועלי-ציוניסטישער באַוועגונג, און אין „נייע לעבן" הערט ער נישט אויף צו רופן צו פאַראייניקונג פון די סאָציאַליסטיש-טעריטאָריאַליסטישע פּאַרטייען (ס. ס. און י. ס.) מיט דער פּועלי-ציוניסטישער, אין וועלכער ער זעלבסט טרעט אַריין.

אָבער נישט די פּ אָ ל י ט י ש ע טעטיקייט איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זשיטלאָווסקין. נישט אויף ד ע ם געביט דאַרף מען זוכן זיין גרויס. אויב איר ווילט — איז ער בכלל קיין פּאָליטיקער נישט, נישט געקוקט דערויף, וואָס אַ געוויסן טייל פון זיין לעבן און כּוחות האָט ער געווידמעט פּאָליטישע פּאַרטייען. אין עצם איז ער פון גאַנץ אַנדער טייג געקנאָטן. אים פעלט די איינגעשפּאַרטקייט, די איינזייטיקייט פון פּאַרטיי-טוער און אויך דער אַנטשפּרעכנדיקער טעמפּעראַמענט. פון איין זייט איז ער אַ מענטש פון פעסטע פּרינציפּן, וואָס בלייבט תּמיד געטריי זיך זעלבסט, וואָס ווייסט נישט פון קיינע קאָמפּראָמיסן, פון דער אַנדערער זייט — איז ער צו ברייט,

ער זאָל זיך קאָנען אײַנגאַנצן אײַנשליסן אין די סוף־סוף ענגע ראַ־מען פון אַ פּאָליטישער פּאַרטיי.

לויט זײַן גײַסטיקן מהות, לויט די נשמה־וואָרצלען, איז ער אַ קולטור־טרעגער, איבערהויפּט — אַ מענטש פון דורכ־אויס פרײַען רעוואָלוציאָנערן דענקען, וואָס אָנערקענט נישט קיינע איינמאָל פאַר אַלעמאָל געגעבענע אמתן, קיינע פאַרשטיינערטע דאָג־מעס, קיין שום אויטאָריטעט, קיין רבי און גדול, וועמענס תּורה עס ווערט פאַרהייליקט און קאַנאָניזירט. ער האָט קיין מורא נישט צו דערגיין אין זײַן געדאַנק ביזן לעצטן סוף, צו מאַכן אַלע לאָגיש־נויטווענדיקע קאָנסעקווענצן. אמת, זשיטלאָווסקי דענקט תּמיד בײַם וועג, לויטן שכל הישר, לויט דער גלייכער סברה. און אַז דו ליי־ענסט זײַנע ווערק אָדער דו הערסט זײַנע פּאָרטראַגן, וואָס צייכענען זיך שטענדיק אויס, ווי געזאָגט, מיט זעלטענער קלאָרקייט און פּשטות, דוכט זיך דיר, אַז אַלץ, דאָס לעבן און די וועלט, איז אויך אַזוי גלאַט און פּשוט, פאַרבאָרגן אין זיך נישט קיינע סודות, קיינע רע־טענישן, קיינע תּהומות. נאָר, בכל אופן, פאַרן יידישן פאַרשפּיצטן און אויסגעקרימטן מוח קאָן אַזאַ גלייכקייט און פּשטות דינען ווי אַ מין „קולטורעלע סאַנאַטאָריע", וואָס איז פאַר אים אַזוי נויטיק און אַזוי נוצלעך...

זשיטלאָווסקי האָט נישט געשאַפן קיין באַזונדער שיטה, נישט אויפגעשטעלט קיין שול און תּלמידים. אויך פאַר דעם, ווי פאַר דער פּאַרטיי, איז ער צו „ברייט", נישט גענוג גראַדליניק און צו ווייניק קאָנצענטרירט. דערפאַר אָבער זענען פיל פון זײַנע געדאַנקען און אידייען, אַזוי ווי בלא יודעים, אַרײַנגעדרונגען צו אונז אַלעמען, פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טוער און סתּם־יידן, זענען געוואָרן אַן אָרגאַנישער טייל פון אונזער גײַסטיקן אייגנס, און מיר ווייסן שוין גאָרנישט זייער ריכטיקן מקור. אין דעם זין איז דער גורל פון זשיטלאָווסקין זייער ענלעך צום גורל פון די פאָלקסדיכטער, וואָס זייערע לידער ווערן אַ קנין־הרוב, צעגייען אין אַלגעמיינעם קוואַל פון פאָלקס־שאַפן.

די הויפּט־באַדייטונג פון זשיטלאָווסקין ליגט אין דער גרויסער ראָל, וואָס ער האָט געשפּילט און שפּילט עד היום אין דער אַנט־וויקלונג פון מאָדערנער קולטור אין יידיש. אין יענער צייט, ווען אין די ברייטע אינטעליגענטישע קרייזן, סיי נאַציאָנאַלע, סיי ראַדי־

זאַלע, האָט מען זיך נאָך באַצויגן צו יידיש אָדער מיט פאַראַכטונג אָדער מיט ביטול, אין בעסטן פאַל — ווי צו אַ צייטווייליקן מיטל פאַר אויפקלערונגס-אַרבעט, אָבער אין קיין פאַל נישט, ווי צו אַ ציל פאַר זיך, ווי צו אַ גרויסן זעלבשטענדיקן קולטורעלן וואָרט, איז געקומען זשיטלאָווסקי, דער אינטעליגענט פון גרויסן אייראָפּעאישן שניט, געקומען פון דער פרעמדער רייכער קולטורעלער וועלט, און מיט איינמאָל איבערגעריסן די טראַדיציאָנעלע פאָרשטעלונג און טראַדיציאָנעלע באַציאונג. אַראָפּלאָזנדיק זיך צו די נידעריקע שיכטן, וואָס יידיש איז פאַר זיי דער איינציקער קוואַל, פון וועלכן זיי שעפּן זייער גייסטיקע חיונה, האָט ער די אויפגאַבע פון זיין לעבן געמאַכט: וועבן די גרויסע וועבונג פון מאָדערנער קולטור אויף אָט דער שרעקלעך אָרעמער און פאַראַכטער עם-האַרצישער שפּראַך, זי שלייפן און אַנטוויקלען, און מיט איר גורל האָט ער באַהעפט דעם גורל פון זיין גאַנצן ווייטערדיקן גייסטיקן שאַפן. און מיט קענטעניש און טאַלאַנט, און דערצו מיט אמתער ליבע און איבערגעגעבנקייט האָט ער זיך גענומען פאַר אָט דער אַרבעט, וואָס די רעזולטאַטן אירע זענען אַצונד ביי אונז אַלעמען פאַר די אויגן. די פיל בענדער פון זיינע ווערק שטעלן מיט זיךווירקלעך פאָר אַ מין ענציקלאָפּעדיע פאַר געזעלשאַפטלעכן וויסן און גייסטיקער קולטור, וואָרום אויף וואָס פאַראַ געזעלשאַפטלעכע טעמעס האָט ער זיך נישט אָפּגערופן און וואָס פאַראַ קולטורעלע פּראָבלעמען האָבן נישט געפונען קיין אָפּקלאַנג ביי אים? דערצו נאָך אַ זעלטענער סטיליסט, וואָס פאַרמאָגט דעם עכט-קלאַסישן סטיל — האָט ער דורך זיין וויסנשאַפטלעכער פּובליציסטיק, וואָס איז געשריבן אין אַזאַ שיינער, לייכטער, פשוטער, אין עצם דורכאויס פאָלקסטימלעכער שפּראַך, זייער פיל מיטגעהאָלפן צו דערהויבן יידיש צו דער מדרגה פון אַ מאָדערנער קולטור-שפּראַך.

און שוין דערפאַר אַליין, פאַר אָט די גרויסע קולטורעלע אויפטוען זיינע, איך וואָלט געזאָגט — איבערהויפּט דערפאַר, איז ער ווערט די פולע אָנערקענונג און האַרצלעכן יישר-כח פון פאָלק.

## צום אַרטיקל פון ל. כאַזאַנאָוויטש

אָנמערקונג פון רעדאַקציע:

וואָלט דער מחבר פונם אַרטיקל געווען איצט צווישן די לעבעדיקע, וואָלט ער געוויס געווען איינער פון די עשרה הראשונים, וואָס טראָגן מיט שמחה זייער גייסטיקע מתנה צום יובל פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. זייט זייער באַגעגעניש אויף דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ און דורך זייער גאַנצער צוזאַמענדיקער אַרבעט, סיי אין דער פּועלי-ציון-פּאַרטיי אין אַמעריקע, סיי אין דער דאַרטיקער קאָנגרעס-באַוועגונג, ביז צו דער אַר-בעט פאַרן „אָרט" איז לעאָן כאַזאַנאָוויטש (כתריאל) געווען דער באַ-גייסטערטסטער פאַרערער פון זיין חבר און פירער זשיטלאָווסקי. דער טראַגישער גורל האָט אָבער געמאַכט אַ צו גיכן סוף צו זיין קורצן און שטורם-רייכן לעבן. אין יאָר 1925, דעם 17-טן סעפּטעמבער, זייענדיק אויף אַ נסיעה אין ענינים פון דער יידישער ערד-אַרבעט אין קאַרפּאַטן-רוסלאַנד, איז כאַזאַנאָוויטש, אין עלטער פון 43 יאָר, אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף, וואָלכאָוועצ, ווייט פון פאַמיליע און פריינט, פּלוצלינג אַרויסגע-געריסן געוואָרן פון דער וועלט. און די יידישע סאָציאַליסטישע עפנט-לעכקייט האָט — מחוץ פון זיין פּאַרטיי-קרייז — נאָך ביז היינט נישט געפונען די געלעגנהייט אים אפילו ווי געהעריק מספּיד צו זיין.

דאָס אַרטיקל „די וועלט-ווירטשאַפטלעכע גרונדזאַצן פון ציוניזם", אין וועלכן ס'ווערט געוויזן די בויטיקייט און די פּראָגרעסיווע באַדייטונג פונם יידישן איבערגאַנג צו קאָנצענטרירטער לאַנדווירטשאַפט, איז געווען געדרוקט אין יאָר 1908 אין אַ פּועלי-ציוניסטישן זאַמלבוך „יוגנט", וואָס איז שוין היינט אַ יקר המציאות. דעמאָלט איז נאָך פון דער נייער יידישער באַוועגונג צו לאַנדאַרבעט אין די לענדער פון מזרח-אייראָפּע קיין סימן נישט געווען. די אַלטע יידישע קאָלאָניזאַציע אין אַרגענטינע

און בראַזיליע האָט דורכגעמאַכט שוין איר שווערע צייט, און ווער נאָך האָט אַזוי גוט געקענט אַלע פּאַטאַלע חסרונות אירע, ווי ער, וואָס האָט זיך קונה שם געווען דורך זיין טעטיקייט צווישן די קאָלאָניסטן אין אַר־גענטינע און דורך דעם קריג, וואָס ער האָט בשעתו דערקלערט קעגן די יק״א־קאָלאָניזאַטאָרן. און די נייע יידישע אַרבעטער־קאָלאָניזאַציע אין ארץ ישראל, פאַר וועלכער ער און זיינע חברים האָבן געקעמפט, האָט דעמאָלט ערשט פאַרמאָסטן זיך צו שטעלן די ערשטע טריט. דערפאַר איז אַזוי וואָגיק און באַמערקנסווערט די אינסטיטוציע און די ליידנשאַפט, מיט וועלכער כאַזאַנאָוויטש פירט דאָ דעם טעאָרעטישן קאַמף פאַר דער צו־קונפט פון דער קאָנצענטרירטער יידישער לאַנדווירטשאַפט, אין וועלכער ער זעט די הויפּט־פּראָגרעסיווע ראָל פונם ציוניזם. דאָס, וואָס ס׳איז גע־שען אין דער וועלט און בא יידן אין משך פון די צוואָנציק יאָר זייט דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן, האָט אַ סך פון די דאָ אַרויסגע־זאָגטע געדאַנקען באַדייטנד אַקטועלער געמאַכט.

עס איז דעריבער אַן ערן־חוב מצרף זיין צום היינטיקן יובל אויך אָט דאָס בלאַט פון כאַזאַנאָוויטשעס גייסטיקער ירושה, ווי אַ נאָך־לעבעדיקע מתנה פון אַ פאַרשטאָרבענעם פריינט.

## די וועלט-ווירטשאַפטלעכע גרונטזעצן פון ציוניזם

### 1.

דער ציוניזם שטיצט זיך אויף צוויי יסודות. ער אַנערקענט, דאָס די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פירט, ערשטנס צו דער אַנטשטייונג פון אַ יידישן פויערים-קלאַס, און צווייטנס, צו דער אַנטשטייונג פון אַן עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיקער יידישער געזעלשאַפט. די דאָזיקע צוויי פּראָצעסן זענען צווישן זיך ענג פאַרקניפּט און איינער שטאַמט פון צווייטן. די אַנטשטייונג פון אַ יידישן פויערים-קלאַס וועט ממילא ברענגען מיט זיך די נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט פונם יידישן פאָלק.

קעגן אָט די צוויי גרונטפּרינציפּן פונם ציוניזם ריכטן זיך הויפּט-זעכלעך די אַרגומענטן און טענות פון זיינע קעגנער. זיי סטאַרען זיך אויפצוווייזן, אַז דער ציוניזם געפינט זיך אין אַ סתירה מיט די אַלגעמיינע אַנטוויקלונגס-טענדענצן פון דער מענטשהייט. בנוגע דעם ערשטן פּונקט, טענהן זיי, אַז נישט די שטעטישע איינוווינער ווערן פויערים, נאָר פאַרקערט, גרויסע פויערים-מאַסן וואַרפן אוועק זייער אַלטע באַשעפטיקונגען, עמיגרירן אין די שטעט און נעמען זיך דאָרט צו נייע פּרנסות. און בנוגע, ווידער, דעם צווייטן פּונקט, ווייזן זיי אָן, אַז די נאַציעס ווערן נישט וואָס ווייטער מער עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיק, נאָר גאָר דער היפּוך דערפון: די פעלקער ווערן אַלץ מער אַריינגעצויגן אין דער וועלט-ווירטשאַפט און פאַרלירן אַלץ מער זייער אומאָפּהענגיקייט.

קודם כּל ווילן מיר באַמערקן, אַז בכלל און באַזונדערס נאָך אין די סאָציאַלע וויסנשאַפטן, זענען נישט פאַראַן קיין אַבסאָלוטע אמתן. וואָס ס'איז ריכטיק אין אַלגעמיין, קאָן זיך באַ געוויסע אומשטענדן אַרויס-

ווייזן דווקא פאַר פאַלש. הייסט עס, ווען מען זאָל אפילו אַ רגע מסכּים זיין' אַז די עמיגראַציע פון דאָרף אין שטאָט און די פאַרניכטונג פון דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיקייט איז אַן אַלגעמיינע טענדענץ, איז נאָך פונדעסטוועגן דערפון ווייט נישט געדרונגען, אַז בּאַ דעם יידישן פאָלק ווירקן נישט קיין אַנדערע, קעגנזעצלעכע טענדענצן. אויב מיר ווילן קומען צו אַ ריכטיקן שלוס וועגן דער צוקונפט פון די יידן, טאָרן מיר זיך נישט בּאַנוגענען מיט אַלגעמיינע געזעצן, נאָר מיר דאַרפן אויספאָרשן די י י ד י ש ע ווירקלעכקייט און זען, אויב בּאַ אונז איז נישט פאַראַן עטוואָס אַזוינס, וואָס ווירקט קעגן די אַלגעמיינע רעגעלן, פון דער אַנדערער זייט, ווידער, מיינען מיר נישט מיט דעם צו זאָגן, אַז די יידן זענען אין דער אמתן אַן אויסנאַם פון דעם אַלגעמיינעם געזעץ, אַז פאַר זיי, אַלס פאַר אַ „עם־הנבחר" האָט די היסטאָריע משנה טבע געווען און אַלע סאָציאַלע געזעצן אַוועקגעשטעלט מיטן קאָפּ אַראָפּ. אַזאַ קוק איז פאַלש און פון אים שטאַמען אַרויס אַ סך טעותים און פּלאָנטערנישן. פּאַקטיש ווירקן נישט בּאַם יידישן פאָלק קיין אַנדערע אַנטוויקלונגס־געזעצן, ווי בּאַ אַנדערע פעלקער. און דעריבּער קאָנען מיר די יידן־פראַגע פאַרשטיין ריכטיק נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זי בּאַטראַכטן נישט אַלס עטוואָס בּאַזונדערס און אָפּגעזונדערטס, נאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג.

* *
*

קיינער וועט געוויס נישט לייקענען דעם פאַקט, אַז די הייניטיקע ווירטשאַפט טראָגט אַן אַלוועלטלעכן כאַראַקטער. די געוואַלטיקע אויסברייטונג פונם וועלט־האַנדל, די איבּעררעשנדע אַנטוויקלונג פון די פאַרקער־מיטלען, די אומגעהייערע מאַסן־סחורות, וואָס ווערן געוואָרפן פון לאַנד צו לאַנד, די מאַסן־עמיגראַציע — דאָס אַלץ איז אַ גענוגנדער בּאַווייז פאַר אָט דער בּאַהויפּטונג. דעסגלייכן מוז מען אָנערקענען די הערשנדע שטעלונג פון דער אינדוסטריע צו דער לאַנדווירטשאַפט. אַלס עדות זענען די ריזן־שטעט מיט זייער מיליאָנען־קעפּיקער בּאַפעלקערונג, די אומגעהייערע אינדוסטריע־צענטרען מיט זייערע געוואַלטיקע אַרבּעטער־אַרמייען, די גרויסע אָנציונגס־קראַפט פון דער אינדוסטריע אויף דער דאָרפישער בּאַפעלקערונג, וועלכע דריקט זיך אויס אין דער צאָלרייכער עמיגראַציע

און דאַרף אין שטאַט. נאָר צי באַשטעטיקן די אַלע דערשיינונגען די מיינונגען פון אונזערע קעגנער, באַ וועמען די היינטיקע ווירטשאַפט איז עפּעס אַ מין ריזן-טאָפּ, אין וועלכן דער ריזן-קאָכלעפל קאַפּיטאַליזם מישט צוזאַמען אַלע נאַציעס אין איין אַלגעמיינער קאַשע, וואָס רופט זיך אָן „מענטשהייט" ? צי שטויסט זיך אָן אין דער אמתן די שטרעבונג פון אונזער פאָלק צו זעלבסטשטענדיקייט און צוריקצוקערן צו דער מוטער-נאַטור אויף אַן אייזערנע וואַנט פון סאָציאַלע געזעצן ? דאָס צו אונטערזוכן איז די אויפגאַבע פון אונזער אַרטיקל.

---

דער אויסערער האַנדל איז, ווי קאַוטסקי דריקט זיך אויס*), דער האַנדל צווישן פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע קאָלעקטיוון. ווײַבאַלד אָבער מיר רעדן וועגן די פעלקער, אַלס וועגן געזעלשאַפטלעכע קאָלעקטיוון, קאָנען מיר דאָך זיי שוין נישט פאַרשטעלן אַלס אַ סומע פון איינצלנע פערזאָנען, נאָר אַלס עטוואָס עקאָנאָמיש גאַנצעס, זעלבסטשטענדיקס. הייסט עס, אַז דער וועלט-כאַראַקטער פון דער מאָדערנער ווירטשאַפט האָט נישט אָפּגעווישט איר נאַציאָנאַלן כאַראַקטער. אַזוי איז עס אין דער קעגנוואַרט. אָבער אין דער צוקונפט ?

דער יסוד פון דעם וועלט-האַנדל איז די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס-טיילונג, ד. ה., אַז נישט אין אַלע לענדער ווערן אויסגעאַרבעט איינע און די זעלבע פּראָדוקטן און ס'קומט דערביי פאָר אַן אויסבייט פון פּראָדוקטן צווישן פאַרשידענע לענדער. אָט די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס-טיילונג האָט צוויי קוועלן : 1) די נאַטוראַלע אַרבעטס-טיילונג און 2) די סאָציאַלע אַרבעטס-טיילונג. די ערשטע אַרט אַרבעטס-טיילונג שטאַמט פון די נאַטור-פאַרשידנהייטן פון די פאַרשידענע ערטער ; די קלימאַטישע און געאָגראַפישע פאַרשידנהייטן פון די לענדער רופן אַרויס פאַרשידנהייטן אין דער פּראָדוקציע. די קאַלטע לענדער, למשל, גיבן אַרויס אַנדערע פּראָדוקטן ווי די וואַרעמע, אין די ים-געגנטן האָט די פּראָדוקציע אַן אַנדערן כאַראַקטער ווי אין די געגנטן, וועלכע ליגן ווייט פון ים.

---

*) סאָציאַל-דעמאָקראַטיע און האַנדלס-פּאָליטיק.

רעסגלייכן שטאַמען אַרויס פאַרשידנהייטן אין דער פּראָדוקציע צוליב די פאַרשידנהייטן פון די אינעווייניקסטע ערד-אוצרות. און אַזוי ווי די סיבות, וואָס רופן אַרויס דידאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס-טיילונג, האָבן אַ שטענדיקן כאַראַקטער, האָט דעריבער די אַרבעטס-טיילונג זעלבסט אויך אַ שטענדיקן כאַראַקטער. עס קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין, אַז דער האַנדל, וואָס שטאַמט פון דערדאָזיקער קוועלע, זאָל פאַרשווינדן. פאַרקערט, ער האָט נאָך די טענדענץ צו וואַקסן. מיט דעם פּראָגרעס פון דער מאַטער-יעלער קולטור וואַקסן די מענטשלעכע באַדערפענישן און עס פאַרמערן זיך די מעגלעכקייטן זיי צו באַפרידיקן. וואָס פּראָדוקטיווער עס ווערט די אַרבעט אין אַ געגעבענער געגנט, באַקומט זי די מעגלעכקייט אַ אַלץ גרעסערן טייל פון די פּראָדוקטן, וועלכע זי קאָן נישט פאַרנוצן, אויסצו-בייטן אויף פּראָדוקטן פון אַנדערע געגנטן. דערדאָזיקער אויסבייט האָט אַ גרויסע קולטורעלע באַדייטונג און איז נויטווענדיק פאַר דער מענטש-לעכער אַנטוויקלונג. ווען דער מאָדערנער פּויער, למשל, באַנוגנט זיך נישט, ווי זיין טאַטע אָדער זיידע, מיט דעם ברויט פון זיין פעלד און מילך פון זיין קו, און באַלייכט נישט מער די וווינונג אין די ווינטער-נעכט מיט קינעלעך, נאָר זיינע שטענדיקע געברויכס-פּראָדוקטן, אָן וועל-כע ער קאָן נישט אויסקומען זענען געוואָרן אַזעלכע פּראָדוקטן פון פאַר-שידענע לענדער, ווי קאַווע, טיי, רייז, נאַפט א. א. וו. — באַווייזט עס אַ העכערע קולטור-מדרגה. און דאָס האָט ער צו פאַרדאַנקען דעם פּראָג-רעס פון דער לאַנדווירטשאַפט, וואָס גיט אים אַ איבערפלוס פון פּראָ-דוקטן, וועלכע ער פאַרקויפט אויפן מאַרק און קויפט פאַר זייער געלט זיך אַנדערע אַרטיקלען.

די נאַטוראַלע אַרבעטס-טיילונג איז אָבער נישט דער איינציקער מקור פון וועלט-האַנדל. דער צווייטער מקור איז די סאָציאַלע אַרבעטס-טיילונג, ד. ה. די אַרבעטס-טיילונג, וואָס שטאַמט פון סאָציאַלע סיבות. אַזוי ווי נישט אַלע פעלקער געפינען זיך אויף דער זעלבער שטופע פון קולטור, קומט דעריבער פאָר אַן אויסבייט פון פּראָדוקטן צווישן העכער און נידעריקער אַנטוויקלטע פעלקער. ווען ענגלאַנד, למשל, שטעלט צו אויפן וועלט-מאַרק גרויסע מאַסן פון מאַשינען און טעקסטיל-סחורה, איז עס נישט דערפאַר, וואָס ענגלאַנד איז אַ בעסערער באָדן פאַר דידאָזיקע פּראָדוקציעס, נאָר דערפאַר וואָס דאָס ענגלישע פאָלק איז טעכניש הע-כער אַנטוויקלט פאַר אַנדערע פעלקער. אָבער אַזוי ווי די נידעריק-אַנט-וויקלטע פעלקער שטרעבן צו דערגרייכן די קולטור-מדרגה פון די הויך-

אַנטוויקלטע, מוז דערדאָזיקער סאָציאַלער אונטערשיד מיט דער צייט פֿאַרשווינדן. בײַ אַ געוויסער שטופֿע פֿון אַנטוויקלונג פּראָדוצירן די פֿעלקער זעלבסט יענע פּראָדוקטן, וועלכע זיי פֿלעגן אַמאָל אַרײַנפֿירן צו זיך פֿון דער פֿרעמד. רוסלאַנד קויפֿט שוין כמעט נישט מער קיין ענגלישע טעקסטיל־סחורה, ווייל די טעקסטיל־אינדוסטריע האָט זיך אין רוסלאַנד גופֿא אַנטוויקלט. דער וועלט־האַנדל, וואָס האָט אַ סאָציאַלן מקור איז, אַלזאָ, נאָר אַ פֿאַריבערגייענדע דערשיינונג.

אויף אַזאַ אופֿן זעען מיר אין דער היינטיקער ווירטשאַפֿט צוויי טענדענצן. פֿון איין זייט — די שטרעבונג צו פֿאַרגרעסערן דעם אויסבייט פֿון סחורה און, הייסט עס, צו פֿאַרקלענערן די עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט פֿון די פֿעלקער, פֿון דער אַנדערער זייט זעען מיר, די שטרעבונג צו פֿאַרקלענערן דעם אויסבייט פֿון פּראָדוקטן און, הייסט עס, צו מאַכן די פֿעלקער וואָס מער אומאָפּהענגיק איינס פֿון אַנדערן. דאָס לעצטע וועט אונז נאָך מער קלאָר ווערן, ווען מיר וועלן נעמען אין באַטראַכט פֿאָלגנדעס.

געוויינלעך מאַכט מען אַן אונטערשיד צווישן אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער. נישט ענדערנדיק וואָס אין דער זאַך, וואָלט מען אַזוי גוט אויך קאָנען רעדן וועגן אינדוסטריע־און אַגראַר־פֿעלקער. ווייל פּאַקטיש, לעבן טאַקע אין די אינדוסטריע־לענדער — אינדוסטריע־פֿעלקער און אין די אַגראַר־לענדער — אַגראַר־פֿעלקער. אינדוסטריע לענדער רופֿט מען נישט אַזעלכע לענדער, ווו די באַפֿעלקערונג באַשעפֿטיקט זיך אויסשליסלעך מיט אינדוסטריע, נאָר ווו די אינדוסטריע איז די פֿאַרהערשנדע. ענגלאַנד אפֿילו, דאָס אינדוסטריעלסטע לאַנד פֿון דער וועלט, האָט אויך אַ לאַנדווירטשאַפֿטלעכע באַפֿעלקערונג, הגם זי איז, פֿאַרהעלטנישמעסיק, זייער קליין: נאָר 11 פּראָצענט פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג.

צווישן אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער קומט פֿאָר אַ גרויסער אויסבייט פֿון פּראָדוקטן. די לעצטע שטעלן צו פֿאַר די ערשטע נאַרונגסמיטלען און רויע מאַטעריאַלן. אין די אינדוסטריע־לענדער ווערן די רויע מאַטעריאַלן פֿאַראַרבעט און קערן זיך טיילווייז צוריק אום, אין פֿאַרטיקן צושטאַנד, אין די אַגראַר־לענדער. דערדאָזיקער האַנדלס־פֿאַרקער האָט הויפּטזאַכלעך אַ סאָציאַלן מקור. ווען עס ווערן אַהין און צוריק טראַנספּאָרטירט דיזעלבע פּראָדוקטן פֿון לאַנד צו לאַנד און ס'ווערט געצאָלט פֿאַר טאָפּלטע פּראַכט, איז עס נאָר דאַך דערפֿאַר,

ווייל די אַגראַר-לענדער האָבן נישט בכּוח זייערע אייגענע רויע מאַטעריאַלן אינגאַנצן צו פאַרבייטן. און ווען מיר זעען איבעראַל די שטרעבונג פון די אַגראַר-לענדער צו אַנטוויקלען בײַ זיך אַליין אינדוסטריע, איז עס נישט אַנדערש, ווי די שטרעבונג צו פאַרניכטן דעמדאָזיקן סאָציאַלן אונטערשיד מיט אַלע זיינע פאָלגן.

אין דעם, וואָס די אַגראַר-לענדער שטרעבן אַריבערצוגיין צו דער אינדוסטריע, זעט קאַוטסקי איין אַ שטרעבונג, צו באַפרייען זיך פון דער עקספּלואַטאַציע דורך די אינדוסטריע-לענדער. נאָך אָט דער מיינונג קומט אַלזאָ אויס, אַז ווען די אַגראַר-לענדער ווענדן אָן אַלע מיטלען, אויסצושליסן די פרעמדע פּראָדוקטן פון זייער מאַרק, פירן זיי דערמיט אַ מין קלאַסנקאַמף קעגן די אינדוסטריעלע לענדער. אַזאַ פּשט קאָן די פראַגע נישט קלאָר מאַכן, נאָר פאַרטונקלען.

עס קאָן, נאַטירלעך, פאָרקומען, און ס'קומט טאַקע אָפט פאָר, אַז אינדוסטריע-לענדער זאָלן עקספּלואַטירן אַגראַר-לענדער. אָבער חוץ די פּראָצענטן פאַר הלוואות און דעם פּראָפיט פון די קאַפּיטאַלן, וואָס ווערן אַריינגעלייגט אין אויסלענדישע אונטערנעמונגען, איז דאָך די עקספּלואַטאַציע פון די אַגראַר-לענדער נישט קיין שטענדיקע דערשיינונג. עס טרעפט, אַז די אינדוסטריע-לענדער פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן העכער ווי זייער ווערט, און אַז פאַר אַ געוויסער סומע פון אויפגעווענדעטע אַרבעט, באַקומען זיי צוריק אַ גרעסערע סומע אַרבעט. אָבער דאָס איז דאָך נישט בויטוועגדיק פאַרבונדן מיטן אינטערנאַציאָנאַלן האַנדלס-פאַרקער. מיר קאָנען זיך פאָרשטעלן אויך אַנדערע פאַלן, ווען עס טרעפט פאַרקערט, — די אינדוסטריעלע לענדער פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן נידעריקער פון זייער ווערט, וואָס ס'קומט נאַטירלעך פאָר זעלטענער. אַזעלכע פאַלן, זעען מיר, למשל, בײַ די עקספּאָרט-פּרעמיעס, וועלכע גיבן די מעגלעכקייט די קאַפּיטאַליסטן צו פאַרקויפן די פּראָדוקטן פון דער היימישער אינדוסטריע נידעריקער פון זייער פּראָדוקציאָנס-פּרייז, כּדי בעסער הויסצוהאַלטן די קאָנקורענץ אויפן וועלט-מאַרק. דער הויפּטגרונד, פאַרוואָס די אַגראַר-לענדער שטרעבן צו אַנטוויקלען אַן אייגענע אינדוסטריע, איז נישט דאָס, וואָס זיי ווערן עקספּלואַטירט דורך די אינדוסטריע-לענדער. די עקספּלואַטאַציע קומט פאָר אין די אינדוסטריע-לענדער גופא, וווּ די קאַפּיטאַליסטן זויגן אויס זייערע אַרבעטער. נישט קיין קלאַסן-קאַמף פירן, למשל, די אונגאַרישע פאַבריקאַנטן קעגן דער עסטרייכישער בורזשואַזיע, ווען זיי סטאַרען זיך מיט אַלע כּוחות אַרויס-

צושטופן די עסטרייכישע סחורה פון דעם אונגאַרישן מאַרק, און נישט פון רחמנות-וועגן צו דעם אונגאַרישן קויף-עולם, וואָס ווערט דורך די עסטרייכער „עקספּלואַטירט“, שטרעבן זיי דעם אונגאַרישן מאַרק פאַר זיך מאָנאָפּאָליזירן.

די אַגראַר-לענדער באַציען זיך צו די אינדוסטריע-לענדער ווי אַ ר ב ע ט ס ג ע ב ע ר צו אַ ר ב ע ט ס נ ע מ ע ר. נישט זייענדיק אַליין אימשטאַנד צו פאַראַרבעטן זייערע אייגענע רויע מאַטעריאַלן, גיבן די אַגראַר-לענדער אָפּ אַ באַדייטנדן טייל פון זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן די אינדוסטריע-לענדער, אַלס באַצאָלונג פאַר די אַרבעטן, וואָס יענע האָבן געשאַפן. ס'איז דעריבער גאַנץ נאַטירלעך, וואָס די אַגראַר-לענדער שטרעבן צו זיין אַליין פעיק צו אָט די אַרבעטן, כדי וואָס ווייניקער פּראָדוקטן אָפּצוגעבן די אַנדערע לענדער. באַזונדערס צווינגט זיי דערצו דער צוווּקס פון דער באַפעלקערונג, וועלכער געפינט נישט גענוג פאַרווענדונג פאַר זיין אַרבעטס-קראַפט אין דער לאַנדווירטשאַפט. אין דער שטרעבונג פון די אַגראַר-לענדער צו אַנטוויקלען אַן אייגענע אינדוסטריע, דריקט זיך אויס נישט די שטרעבונג צו פאַרניכטן די עקספּלואַטאַציע, נאָר אָפּצושאַפן די עקאָנאָמישע אומאָפּהענגיקייט און די טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט. די אַגראַר-לענדער ווילן נישט געבן די אינדוסטריע-לענדער נישט נאָר קיין מ ע ר-ווערט און מ ע ר-אַרבעט, נאָר אויך און דער עיקר, קיין ווערט און אַרבעט. די עקאָנאָמישע קאָנפליקטן צווישן ביידע סאָרטן לענדער זענען נישט קיין קלאַסנקאָנפליקטן, נאָר נאַציאָנאַלע קאָנפליקטן.

דערמיט ווילן מיר נישט, נאַטירלעך, להלוטין נישט אָפּלייקענען דעם קלאַסן-כאַראַקטער פון דידאָזיקע קאָנפליקטן. אָבער אָט דער כאַראַקטער טרעט אַרויס מער אינעווייניק, ווי אַנטקעגן דרויסן. אין דער באַציונג צו די אינדוסטריע-פעלקער קאָנען די אַגראַר-פעלקער באַטראַכט ווערן אַלס נאַציעס. ווען מיר נעמען זיי אָבער באַזונדער, צעפאַלן זיך די ערשטע ווי די לעצטע אויף באַזונדערע קלאַסן, וועמענס אינטערעסן קאָנען זיך צוזאַמענטרעפן, וועלכע זענען אָבער קיינמאָל נישט די זעלבע. די בורזשואַזיע, די אָרגאַניזאַטאָרין פון דער פּראָדוקציע אין דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט, סטאַרעט זיך צו אַנטוויקלען אַן אינדוסטריע אין די אַגראַר-לענדער, נישט מחמת זי זאָרגט פאַר די צרכי-צבור, נישט מחמת זי איז אויסן וועלכע עס איז נאַציאָנאַלע אינטערעסן, נאָר האָבנדיק אין זינען אירע אייגענע קלאַסן-אינטערעסן. צוליב געוויסע סיבות, וואָס דאָ איז נישט דאָס אָרט זיי צו אונטערזוכן — איז דער קאַפּיטאַל-פּראָפיט אין

דער אינדוסטריע אין דורכשניט גרעסער, ווי אין דער לאַנדווירטשאַפט. דאָס איז שוין פאַר דער בורזשואַזיע גענוג, זי זאָל זיך מיט גרויס „אימ־פעט" און הייסן „פּאַטריאָטיזם" אַ וואָרף געבן צו דער אינדוסטריעלער פּראָדוקציע. אָבער ווען די בורזשואַזיע געפינט אין אירע שטרעבונגען די אונטערשטיצונג פון די אַנדערע קלאַסן, איז עס, ווידער, נאָר דערפאַר, ווייל זייערע אינטערעסן געפינען זיך אויף דער זעלבער ליניע.

אַז די אַרבעטס־טיילונג צווישן אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער האָט די טענדענץ פון פאַרשווינדן — דאָס באַווייזט אונז קלאָר די סטאַטיסטיק. די וויכטיקסטע ראָלע אין דעם היינטיקן עקספּאָרט פון אינדוסטריע־סחורה שפּילן נישט מער די געברויכס־מיטלען, נאָר די פּראָדוקציע־מיטלען. אַזוי האָט זיך פון יאָר 1880 ביז 1897 דער עקספּאָרט פון ענגלישע טעקסטיל־סחורה פאַרקלענערט אויף 243,4 מיליאָן מאַרק. ווען אין אַלגעמיין האָט זיך דאָך דער ענגלישער עקספּאָרט פאַרגרעסערט, איז עס נאָר אַ דאַנק דעם עקספּאָרט פון מעטאַל־סחורה און שטיינקוילן, ס'הייסט פון פּראָדוק־ציע־מיטלען, וועלכע איז געשטיגן באַ די ערשטע אויף 111 מיליאָן מאַרק און באַ די לעצטע אויף 165 מיליאָן מאַרק. ענלעך צו דעם זענען אויך די פאַרהעלטנישן אין דייטשלאַנד. דאָס דערקלערט זיך דערמיט, וואָס די ניי־קאַפּיטאַליסטישע לענדער זענען שוין גענוג אַנטוויקלט, צו קענען אַליין פּראָדוצירן דעם גרעסטן טייל פון זייערע געברויכס־אַרטיקלען, זיי האָבן אָבער נאָך נישט דערגרייכט די קולטור־מדרגה, אַליין צו פּראָדו־צירן די אינסטרומענטן פון דער פּראָדוקציע. די פּראָדוקציע־מיטלען קויפן זיי אין די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און זאָגאַר פאַר דעם געלט פון די לעצטע, וועלכע האָבן אַן איבערפלוס אין קאַפּיטאַלן און לייגן זיי אַריין אין אויסלענדישע מלוכה־הלוואות און אַקציע־געזעלשאַפטן. די אי־ראָניע פון דער געשיכטע פאַרלאַנגט, אַלזאָ, אַז די לענדער מיט הויכער אינדוסטריע זאָלן פאַר זייער אייגן געלט אַליין צושטעלן פאַר זייערע קאָנקורענטן כלי־זיין, מיט וועלכע די לעצטע פירן קעגן זיי דעם עקאָנאָ־מישן קאַמף. וואָס ווייטער עס אַנטוויקלען זיך די אַגראַר־לענדער, וועלן זיי אַלץ מער באַקומען די מעגלעכקייט אַליין צו פאַרפעסטיקן אויך זייערע פּראָדוקציע־מיטלען.

די שטרעבונג פון די אַגראַר־לענדער צו עקאָנאָמישער זעלבסשטענ־דיקייט, ווערט אונטערשטיצט דורך פאַרשידענע מיטלען. דאָרט, ווו עס געפינט זיך אויף דער זייט פון אָט דער שטרעבונג די רעגירונגס־מאַשין, ווערן אַרויפגעלייגט אויף די פרעמדע סחורות גרויסע אָפּצאָלונגען, כדי

זיי קינסטלעך צו פּאַרטייערן און אויף אַזאַ אופן, מאַכן די אָרטיקע אינדוסטריע קאָנקורענצפעיקער. אָבער אויך אין דער מלוכה גופא געפינען די יונגע אינדוסטריע-פעלקער מיטלען, ווי אויסצושליסן די פרעמדע סחורה פון זייער מאַרק. די ראָלע פון די אימפּאָרט-אָפּצאָלונגען שפּילן דאָרט די שפּראַך און דער געזעלשאַפטלעכער באָיקאָט. די אַלע נאַציאָנאַליטעטן-קאַמפן אין עסטרייך-אונגאַרן, האָבן, על פי רוב, איין מקור: אַגראַר-פעלקער, וועלכע האָבן אַ לאַנגע צייט געדינט אַלס מאַרק פאַר דער עסטרייך-דייטשער אינדוסטריע און אַלס אירע שפּייזער מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, קולטורעל אומאַנטוויקלט, עקאָנאָמיש אָפּהענגיק, פּאָליטיש אונטערדריקט, האָבן זיך איצט אויפגעהויבן צו דער קולטור-מדרגה פון אינדוסטריע-פעלקער, דערגרייכט די מעגלעכקייט צו פירן אַ פאַרהעלטנישמעסיק זעלבסטשטענדיקע עקאָנאָמישע עקזיסטענץ, מאַכן זיך, מיט די שטאַרקע אָרעמס פון אָקאָרשט-ציוויליזירטע פויערים-פעלקער, פּלאַץ אויפן מאַרק און קעמפן פאַר פּאָליטישן און קולטורעלן איינפלוס. נאָר גרויסע פּאָליטישע קינדער, ווי די בונדיסטישע דובנאָוויסטן, קאָנען גלייבן, אַז אין דער אמתן זענען די סיבות פון דעם עסטרייך-אונגאַרישן קאָנפליקט, למשל, „קולטור-שטרייטיקייטן”, ווי אַ שטייגער, דער שטרייט וועגן דער שפּראַך אין דער אונגאַרישער אַרמיי. ווי עס איז באַוווסט, איז דער אידעאַל פון די גענעראַלן, אַז די סאָלדאַטן זאָלן איבערהויפּט ווייניק רעדן, נאָר וואָס מער שווייגן. אויף אַזאַ אופן וואָלט אויסקומען, אַז די אונגאַרן פירן אַ העפטיקן קאַמף דערפאַר, אַז זייער חיל זאָל ש ו ו י י ג ן נישט אויף דייטש, נאָר דווקא אויף אונגאַריש. זייער אידעאַליסטיש, נישט אמת? צום באַדויערן, זענען, אָבער, די אונגאַרישע קאַפּיטאַליסטן אין דער הינזיכט בעסערע מאַרקסיסטן, ווי אונזערע סאָציאַליסטישע מאָנאָפּאָליסטן פונם מאַרקסיזם, און דאָ נישט לאַנג, האָבן זיי אויפן צוזאַמענפאָר פון אינדוסטריעלן און האַנדלס-פאַרבאַנד, גאַנץ גענוי אויסגערעכנט וויפיל מיליאָנען עס וואָלט זיי אַריינטראָגן די אַרויסשטופּונג פון דער עסטרייכישער אינדוסטריע פון דעם אונגאַרישן מאַרק. איבעריקנס, ווייסט יעדערער, אַז די אונגאַרישע הויפּטפאָדערונג איז, די באַגרענעצונגען פון דעם עסטרייכישן אימפּאָרט דורך הויכע אָפּצאָלונגען. אויב דער נאַציאָנאַלער קאַמף נעמט אָן די פאָרם פון אַ קולטור-קאַמף, איז עס נאָר דערפאַר, וואָס ערשטנס, לאָזן זיך די נאַקעטע עקאָנאָמישע אינטערעסן זייער לייכט באַהאַלטן אונטער דעם קולטור-מאַנטל און, צווייטנס, וואָס איז דער עיקר, דינט די קולטור זעלבסט פאַר אַ מעכטיקן פאַקטאָר אין דעם עקאָנאָמישן

קאַמף. שטעלט דאָך אויך דער פּראָלעטאַריאַט אַרויס אין זיין סאָציאַ־
ליסטישן פּראָגראַם קולטור־פאָדערונגען, ווי אַלגעמיינע אומזיסטע צוואַנגס־
אונטערריכט א. א. וו.

ס'איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט געגלייבט באמונה שלמה, אַז וואָס מער די פעלקער וועלן זיך דערנענטערן איינער צום אַנדערן אין דער קולטור, אַלץ ברידערלעכער וועלן זיי צווישן זיך לעבן. דער קאַפּיטאַליזם האָט אָבער צווישן זיינע פיל סתירות אַרויסגעוויזן אויך די סתירה, אַז וואָס מער די פעלקער דערנענטערן זיך קולטורעל, דערווייטערן זיי זיך אַלץ מער עקאָנאָמיש. אַ געוויסע אינטערעסן־האַרמאָניע עקזיסטירט דווקא צווישן פעלקער פון פאַרשידענע קולטור־מדרגות; אַ הויך אַנטוויקלט אינדוסטריע־פאָלק האָט אַ געוויסן אינטערעס אין דעם וווּל־גיין פון זיין קונד, דעם נידעריקער אַנטוויקלטן אַגראַר־פאָלק, ווייל ווען דער לעצטער געפינט זיך אין אַ געדריקטער לאַגע, איז זיין קויפ־פעיקייט שוואַכער. אָבער וויבאַלד דאָס אַגראַר־פאָלק הייבט זיך אויף צו דער קולטור־מדרגה פונם אינדוסטריע־פאָלק און הערט אויף צו זיין דער קונה פון לעצטן, הייבט זיך גלייך אָן די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ, און צוזאַמען מיט דער אינטערעסן־סאָלידאַריטעט פאַרשווינדט אויך דער אידעאַל פון דער פעלקער־פאַרבינדונג, ווי אַ רויך. אין אָנפאַנג פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען ענגלאַנד איז געווען דאָס איינציקע אינדוסטריעלע לאַנד אין דער וועלט, איז די ענגלישע בורזשואַזיע געווען קאָסמאָפּאָליטיש געשטימט; היינט, אָבער, ווען עס זענען שוין אינדוסטריאַליזירט מערערע לענדער, איז די אידעאָלאָגיע פון דער ענגלישער בורזשואַזיע געוואָרן דער נאַציאָנאַלער שאָוויניזם און אימפּעריאַליזם.

ווען די אַגראַר־לענדער עמאַנסיפּירן זיך פון די אינדוסטריע־לענדער און באַקומען די מעגלעכקייט צו באַפרידיקן זייערע באַדערפעניש אין אינדוסטריעלע פּראָדוקטן דורך זייער אייגענער פּראָדוקציע, מוז די־דאָזיקע דערשיינונג האָבן אַן ענלעכע ווירקונג אויף די אינדוסטריעלע לענדער, נאָר אין דער קעגנגעזעצטער ריכטונג. די אינדוסטריעלע לענדער פאַרלירן נישט נאָר זייערע קונדן, נאָר אויך זייערע ליפעראַנטן פון רויע מאַטעריאַלן און נאַרונגס־מיטלען, וועלכע זענען נייטיק אין די אַגראַר־לענדער פאַר דער אַנטשטייענדיקער אייגענער פּראָדוקציע און פאַר דער אייגענער אינדוסטריע־באַפעלקערונג. נישט זייענדיק מער אימשטאַנד צו מפרנס־זיין די גרויסע באַפעלקערונגס־מאַסע, שטייט אויף פאַר די אַלטע אינדוסטריע־לענדער אַן ערנסטע לעבנס־פראַגע, וועלכע קאָן ענד־

נילטיק געלייזט ווערן נישט אַנדערש, ווי דורך זייער צוריקקערן צו דער לאַנדווירטשאַפט. ווען אין די אַלטע אַגראַר-לענדער קומט פאָר אַן עמיגראַציע פון דאָרף אין שטאָט, מוז פריער אָדער שפּעטער פאָרקומען אין די אַלטע אינדוסטריע-לענדער אַן עמיגראַציע פון שטאָט אין דאָרף. ווערן די אַגראַר-לענדער זעלבסטשטענדיקער דורך דער אַנטוויקלונג פון אַן אייגענער אינדוסטריע, וועלן די אינדוסטריע-לענדער דערגרייכן אַ גרעסערע זעלבסטשטענדיקייט דורך דער פאַרברייטערונג פון דער אייגענער לאַנדווירטשאַפט. אויב דאָס צוריקקערן צו דער ערד-אַרבעט איז אַ „רעאַקציע“, דאַן זענען אַלע קולטור-פעלקער פאַרמשפּט צו דערדאָזיקער „רעאַקציע“.

די פאַרקלענערונג פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג, וועלכע קומט פאָר פאַקטיש אין געוויסע הויך-אַנטוויקלטע לענדער — אין דייטשלאַנד, למשל, האָט זיך די לאַנווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג פאַרקלענערט זייט 1882—1895 אויף אַ מיליאָן — פירט צו דער פאַלשער מיינונג, אַז די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג האָט די טענדענץ זיך לחלוטין צו פאַרקלענערן. צו דערדאָזיקער מיינונג קאָן מען קומען, ווען מען נעמט אין באַטראַכט די איינצלנע לענדער. ווען מיר באַטראַטן, אָבער, די וועלטווירטשאַפט אַלס גאַנצעס, קומען מיר צו דעם שלוס, אַז די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג, וועלכע פאַרקלענערט זיך פאַרהעלטנישמעסיק, וואַקסט אַבסאָלוט*). צווישן דער אינדוסטריעלער און לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג עקזיסטירט אַ געוויסע צאָל-פאַרהעלטניש, וועלכע ענדערט זיך נאָר מיט דעם פאָרשריט פון דער קולטור. וואָס גרעסער עס איז, פון איין זייט, דער פּראָגרעס פון דער לאַנדווירטשאַפט, דאַרף זיך אַ אַלץ קלענערער פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג באַשעפטיקן מיט דער פּראָדוקציע פון נאַרונגס-מיטלען און רויע מאַטעריאַלן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט. וואָס גרעסער עס איז פון דער אַנדערער זייט, דער וווּקס פון דער באַפעלקערונג, מוז זיך אַ אַלץ גרעסערע צאָל מענטשן אָפּגעבן מיט דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע. אויף אַזאַ אופן, פאַרקלענערט זיך די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג רעלאַטיוו, בעת אַבסאָלוט — וואַקסט זי. אין דער הייַנטיקער געזעלשאַפט זענען אָבער די פּראָדוקטיווע קרעפטן פון דער מענטשהייט נישט גלייך פונאַנדערגעטיילט; און דידאָזיקע אומגלייכע פאַרטיילונג פון די פּראָדוק-

*) מאַסלאָוו. נאָכוואָרט צום „אַגראַר-פּראָגראַם“ פון קאַוטסקי.

טיווע קרעפטן אַנטשפּרעכט אויך דעם אומגלייכן וווּקס פון דער אינדוסטריעלער און לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג אין פאַרשידענע לענדער. די לאַנדווירטשאַפטלעכע באַפעלקערונג קאָן זיך אין איניקע לענדער פאַרקלענערן נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס אין אַנדערע לענדער וואַקסט זי דערפאַר מער. אָבער, וואָס מער די אַגראַר-לענדער אינדוסטראַליזירן זיך, ווערן אַלץ מער די אינדוסטריע-לענדער געצוווּנגען זיך צו אָרגאַניזירן. די פונאַנדערטיילונג פון די פּראָדוקטיווע קרעפטן ווערט אויף אַזאַ אופן אַ אַלץ גלייכמעסיקערע און דער אַבסאָלוטער וווּקס פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער באַפעלקערונג וועט איבעראַל פאַרקומען.

דער פּראָצעס פון צוריקקער צו דער לאַנדווירטשאַפט ווערט אָפּגעלייגט, אָבער נישט אָפּגעשאַפט דורך דעם, וואָס די קאַפּיטאַליסטישע לענדער סטאַרען זיך מיט אַלע כוחות צו געפינען אַלץ נייע מערק פאַר זייער סחורה און ליפעראַנטן פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. אין די נייע לענדער, וואָס ווערן געעפנט פאַר דער קאַפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, באַגעגענען זיי אָפט אַן עקשנותדיקן ווידערשטאַנד פון דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג און טרעפן זיך מיט מלוכות, וועלכע האָבן די זעלבע כוונות, ווי זיי. דערפון נעמען זיך אַלע בלוטיקע קאָלאָניאַל-און האַנדלס-מלחמות, וואָס באַטייליקן די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע עפּאָכע. ס'איז שוין אָבער נישט הרי-חושך די צייט, ווען אויך די נייע מערק וועלן פאַרלוירן גיין פאַר די אַלטע אינדוסטריע-לענדער. זאָגאַר, בריטיש-אינדיען האָט שוין באַדייטנד פאַרקלענערט דעם אימפּאָרט פון טעקסטיל-סחורה, ווייל זי באַפרידיקט אַלץ מער אירע באַדערפענישן דורך דער אייגענער פּראָדוקציע. די אַרבעטס-טיילונג צווישן אינדוסטריע-און אַגראַר-לענדער וועט, פריער אָדער שפּעטער, אינגאַנצן פאַרשווינדן. און דאַן וועט פאַר די אַלטע אינדוסטריע-לענדער זיין נאָר צוויי מעגלעכקייטן: אָדער אונטערגאַנג אָדער צוריקקער צו לאַנדווירטשאַפט.

שוין איצט זעען מיר סימנים פון צוריקקער צו לאַנדווירטשאַפט אין הויך-אַנטוויקלטע לענדער. די סטאַטיסטיק שטעלט פעסט אַ לאַנגזאַמען וואַקסן פון די גרויסע שטעט*). אין איניקע שטעט זאָגאַר איז די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל איינוווינער קלענער ווי דער נאַטירלעכער צו-

---

*) וואַנדערוועלדע. דער דאָרפישער אַפּגאַנג און דער צוריקקער אין דעם שויס פון דער נאַטור.

װוּקס פוּן דער באַפעלקערונג. ד. ה., אַז די צאָל איינוווינער פאַרגרע־סערט זיך נישט אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל די צאָל געבוירענע שטייגט אַריבער די צאָל שטאַרבנדיקע. דאָס דערקלערט זיך טיילווייז דערמיט, וואָס צוליב דער הויכקייט פוּן דער ערד־רענטע אין די שטעט, ווערן פיל פאַבריק־אַנשטאַלטן אַריבערגעטראָגן אין די פאָרשטעט אָדער אין די דערפער; טיילווייז, ווידער, דערקלערט זיך עס דערמיט, וואָס פיל אַר־בעטער־משפחות, מחמת דעם יקרות אויף דירות אין די שטעט, קלייבן זיך אַריבער צוּ וווינען אין די דערפער, הגם זייער באַשעפטיקונג האָבן זיי אין די שטעט; טיילווייז, דערקלערט זיך עס אָבער אויך מיט דעם פשוטן צוּריקקער צוּ ערד־אַרבעט. אויך אין די ערשטע צוויי פאַלן איז דער צוּריקקער אין די דערפער, אין דער זעלבער צייט אַ טיילווייזער צוריק־קער צוּ לאַנדווירטשאַפט, ווייל די פאַמיליעס פוּן די אַרבעטער, וואָס וווינען אין די דערפער, פאַרנעמען זיך מערסטנס מיט נעבן־באַשעפטי־קונג, מיט לאַנדווירטשאַפט. ווען די פאַבריקן געפינען זיך אין די דער־פער, קומט אָפטמאָל פאָר, אַז אין דעם לאַנדווירטשאַפטלעכן סעזאָן באַ־שעפטיקן זיך די אַרבעטער אויף די פעלדער אָדער אין די גערטנער, אוּן נאָר אין דער איבעריקער צייט פוּן יאָר, אַרבעטן זיי אין די פאַבריקן.

דער קעגנזאַץ פוּן אַרבעטסלאָזיקייט אין דער אינדוסטריע אוּן מאַנגל אין אַרבעטער־הענט אין דער לאַנדווירטשאַפט, וואָלט געקאָנט זייער לייכט אויסגעגליכן ווערן דורך דעם צוּריקקער פוּן די איבערפלי־סיקע אַרבעטער־הענט אין די דערפער. דאָס וואָלט אָבער געווען מעגלעך נאָר דאַן, ווען די קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוקציע וואָלט נישט געווען קיין אַנאַרכישע פּראָדוקציע. בעת דאָס געשעפט גייט זייער גוט ציט די אינ־דוסטריע מאַסנווייז דאָרפסלייט. אוּן ווען די קאָניונקטור פאַלט אוּן פיל אַרבעטער ווערן אַרויסגעוואָרפן אויפן גאַס, זענען זיי שוין אָפּגעוווינט פוּן דער ערדאַרבעט אוּן זיי איז שווער זיך צוצופאַסן צוּ דער דאָרפי־שער סביבה. די לאַנדווירטשאַפט פוּן איר זייט, בעת דער גוטער קאָניונקטור אין דער אינדוסטריע, איז געצווונגען, צוליב מאַנגל אין אַר־בעטער־הענט, צוּ פאַרענדערן איר כאַראַקטער. צי דורך דער איינפירונג פוּן מאַשינען, צי דורך דער פאַרוואַלטונג פוּן פעלדער אוּן לאָנקעס אוּן אויף אַזאַ אופן צוּ פאַרקלענערן די נאָכפראַגע אויף אַרבעטער. נישט קוקנ־דיק אָבער אויף דעם, קומען ערטערווייז אין דער צייט פוּן אינדוסטר־

יעלע קריזיסן מאַסן אַרבעטער צו זוכן באַשעפטיקונג אין די דערפער. און זיי געפינען טיילווייז.

אַלס סימן פון דער צייט קאָנען אויך דינען די פולע פּראָיעקטן וועגן אינערער קאָלאָניזאַציע, וועלכע טראָגן זיך אין דער לופט, און וועלכע באַווייזן, אַז דער צוריקקער צו לאַנדווירטשאַפט הייבט זיך אַליין מער אָן צו פילן אַלס אַ געזעלשאַפטלעכע נויטווענדיקייט. אָבער דער אינערער קאָלאָניזאַציע שטייט, אויסער אַנדערע מניעות, אין וועג די הויכע ערד־רענטע אין די אַלט־קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע מאַכט שווער אָדער אוממעגלעך צו דערווערבן ערד־שטיקער פאַר מענטשן מיט אַ קליינעם קאַפּיטאַל. די מענטשן, וואָס טראַכטן זיך ענדגילטיק צו באַזעצן אַלס לאַנדווירטן, ווענדן זיך דעריבער, דאָס רוב, אין ווייניק באַזעצטע לענדער, ווו זיי באַקומען ביליק אָדער אומזיסט שטיקער ערד און אַלערליי אַנדערע אונטערשטיצונג פון די דאָרטיקע רעגירונגען. די קאָלאָניאַלע לענדער שטעלן פאַר אין אָנפאַנג אַ מאַרק פאַר די אַלטע אינדוסטריע־לענדער און דערמיט פאַרלענגערן זיי די עקזיסטענץ פון דער אַרבעטס־טיילונג צווישן אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער. פריער אָדער שפּעטער וועלן זיי אויך אַנטוויקלען זייער אייגענע אינדוסטריע. סוף כל סוף וועט מוזן קומען אויף דעם אָרט פון אויסערער קאָלאָניזאַציע די אינערע קאָלאָניזאַציע.

ווען מיר וואַרפן אַ בליק אויף דעם גאַנצן אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער מאָדערנער ווירטשאַפט, קאָנען מיר אין איר אונטערשיידן דריי הויפּט־פאַזן. אין אָנפאַנג זעען מיר די פעלקער גאַנץ אָפּגעזונדערט איינער פונם אַנדערן, אומאָפּהענגיק. ווען עס קומט פאַר אַ האַנדל צווישן די פאַרשידענע לענדער, איז עס נאָר פון לוקסוס־אַרטיקלען פאַר די הערשנדע קלאַסן. די גרויסע מאַסן פון דער באַפעלקערונג בלייבן פון דעם האַנדלס־פאַרקער אומבאַרירט. יעדעס לאַנד פירט פאַר זיך אַ געשלאָסענע ווירטשאַפט. דערדאָזיקער צושטאַנד אַנטשפּרעכט אַ נידעריקער שטופע פון אַנטוויקלונג. דעם קאַמף קעגן דער נאַטור פירן די פעלקער נישט בשותפות, נאָר אָפּגעזונדערט, און זיי באַזיצן נאָך נישט קיין קאָמבינירנדע קראַפט אין דער נאַטור־באַהערשונג, וועלכע שטאַמט פון אינטערנאַציאָנאַלער מיטאַרבעט און אַרבעטס־טיילונג. די אַרבעט איז נאָך אַזוי ווייניק פּראָדוקטיוו, אַז אַלץ וואָס ווערט פּראָדוצירט, מוז אויפן אָרט פאַרברויכט ווערן. אָבער אָן אַן איבערפלוס פון פּראָדוקטן, קאָן נישט פאַרקומען קיין פּראָ־

דוקטן-אויסבייט. די מענטשהייט איז אימשטאַנד צו באַפרידיקן נאָר אירע נויטווענדיקסטע באַדערפעניש.

אין דער צווייטער אַנטוויקלונגס-פּאַזע טרעט אַרויס די טענדענץ צו פאַרניכטן די עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט פון די פעלקער; ס׳איז אַנטשטאַנען די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטס-טיילונג: די נאַטוראַלע און סאָציאַלע. די סאָציאַלע אַרבעטס-טיילונג טיילט איין די פעלקער די ראָלע פון אינדוסטריע-פּראָדוצענטן און יענע פעלקער די ראָלע פון לאַנדווירטן. סיי אין דער אינדוסטריע און סיי אין די אַגראַר-לענדער ווערט אַ אַלץ גרע-סערער טייל פון די באַדערפענישן געדעקט מיט פרעמדע פּראָדוקטן. ענגלאַנד, דאָס ערשטע אינדוסטריעלע לאַנד אין דער וועלט, איז נאָענט דערצו, זי זאָל זיך אינגאַנצן פאַרוואַנדלען אין אַן אומגעהייערער פאַבריק פאַר דער גאַנ-צער וועלט. דאָס פאַלן פון דער לאַנדווירטשאַפט אין ענגלאַנד מאַכט קיי-נעם קיין זאָרג נישט, ווייל מען קוקט אויף דער גאַנצער וועלט ווי אויף קונדן פון דער ענגלישער אינדוסטריע און ווי אויף ליפעראַנטן פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן פאַר ענגלאַנד. פון איין זייט — לאַנד-ווירטשאַפט אָן אינדוסטריע; פון דער אַנדערער זייט אינדוסטריע אָן לאַנדווירטשאַפט. אַלזאָ, ס׳קומט אויס, אַז דער ציל, וווהין עס שטרעבט די מענטשלעכע אַנטוויקלונג — איז די אַבסאָלוטע אָפּהענגיקייט פון די פעלקער.

דאָס דאַכט זיך אָבער נאָר אַזוי. אין דער אמתן טראָגט די סאָ-ציאַלע אַרבעטס-טיילונג צווישן די פעלקער נאָר אַ ציי‍טווייליקן כאַראַקטער און אַנטהאַלט אין זיך גופא דעם שורש צו איר אייגענעם פאַרשווינדן. היסטאָריש-נויטווענדיק דערפילט זי איר אויפגאַבע אין דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, מאַכט זיך אַליין פאַר איבעריק און אוממעגלעך און דאַן — פאַרשווינדט זי.

די אַרבעטס-טיילונג צווישן אינדוסטריע-און אַגראַר-פעלקער קאָן באַטראַכט ווערן ווי די אַרבעטס-טיילונג צווישן קאָפּ-און האַנט-אַרבעטער אין ברייטן זין פון וואָרט. אין דער אינדוסטריע ווערט אָנגעווענדט אַן אומפאַרגלייכלעך גרעסערע סומע מוח-אַרבעט, ווי אין דער לאַנדווירט-שאַפט. די מאָדערנע אינדוסטריע איז גאָר נישט דענקבאַר אָן אַ העכערער אַנטוויקלונג פון די נאַטור-וויסנשאַפטן, די געוואַלטיקע נאַטור-באַהערשונג, וועלכע די מענטשהייט האָט דערגרייכט דורך דער מאָדערנער אינדוסטריע איז דער שטאָלצער נצחון פונם מענטשלעכן פאַרשטאַנד. כדי די סאָציאַלע ענערגיע פון איין טייל פון דער מענטשהייט זאָל זיך קאָנען קאָנצענטרירן

אויף דערדאָזיקער מער גייסטיקער אַרבעט, האָט ער געמוזט באַפריי־ווערן פון יענער אַרבעט, וואָס טראָגט אַ מער פיזישן כאַראַקטער. כדי די אינדוסטריע זאָל קאָנען דערגרייכן איר הויכע אַנטוויקלונגס־שטופע, האָבן די אינדוסטריע־לענדער געמוזט באַקומען אַ גרויסן טייל פון זייערע רויע מאַטעריאַלן און נאַרונגס־מיטלען פון אַנדערע לענדער. אַזוי ווי אין אַל־טערטום האָט, לויט דעם באַרימטן אויסדרוק פון ע נ ג ע ל ס , נישט גע־קאָנט אַנטשטיין קיין קולטור אָן שקלאַפעריי, אַזוי האָט די מאָדערנע קולטור צו פאַרדאַנקען איר אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג דער אַרבעטס־טיילונג צווישן גייסטיקע און פיזישע אַרבעטער ווי אין דעם זעלבן לאַנד, אַזוי אויך צווישן פאַרשידענע לענדער.

אַזוי ווי די סאָציאַלע אַרבעטס־טיילונג צווישן מער קאָפּ־אַרבעטנדע אינדוסטריע־לענדער און מער האַנט־אַרבעטנדע אַגראַר־לענדער, איז געווען נויטווענדיק צוליב דער אַנטשטייונג פון דער מאָדערנער קולטור, אַזוי קאָן די לעצטע אין איר ווייטערדיקער עקזיסטענץ נישט נאָר אויסקומען אָן דערדאָזיקער אַרבעטס־טיילונג, נאָר זי פאַרלאַנגט זאָגאַר לטובה פון איר ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און אויסברייטונג, אַז די אַרבעטס־טיילונג זאָל פאַרשווינדן. די מאָדערנע קולטור איז אַן איינזייטיקע, זי זאַמלט אָן אין איין זייט די וויסנשאַפטן, די טעכנישע פערטיקייטן, די הערשאַפטס־מיטלען איבער דער נאַטור, בעת זי לאָזט אויף דער אַנדערער זייט גאַנצע פעלקער אין אַ צושטאַנד פון אומוויסנהייט, אומבאַהאָלפנקייט און שוואַכקייט קעגן די נאַטור־קרעפטן. כדי זיך אויסצוברייטן און ווערן דאָס אייגנטום פון דער גאַנצער מענטשהייט, מוז זי פאַרניכטן די אַרבעטס־טיילונג צווישן אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער. דער וווּקס און די אויסברייטונג פון דער מאָדערנער קולטור, באַזייטיקן, אַלזאָ, דעם יסוד, אויף וועלכן זי איז אַנטשטאַנען: די סאָציאַלע אַרבעטס־טיילונג. דאָס קאָן געשעען נישט ברענגענדיק די גאַנצע עקזיסטענץ פון דער קולטור אין אַ סכנה, ווייל די לאַנדווירטשאַפט זעלבסט האָט אונטער דעם איינפלוס פון אינדוסטריע אָנ־גענומען העכערע פאָרמען און זי טראָגט נישט מער דעם פריערדיקן כאַ־ראַקטער פון ריין פיזישער טעטיקייט. די אַלטע אינדוסטריע־פעלקער, צוריקקערנדיק צו לאַנדווירטשאַפט, דאַרפן, אַלזאָ, דערמיט נישט אָפּציען זייער סאָציאַלע ענערגיע פון דער גייסטיקער טעטיקייט, וואָס עס וואָלט נעווען אַ צוריקקער צו באַרבאַריי. די אַרבעטס־טיילונג צווישן אינדוסטריע־און אַגראַר־לענדער האָט פאַרלאָזן איר זכות־הקיום.

און אַזוי שפּרייזט די מאָדערנע קולטור מיט ריזנשריט פאָרווערטס.

עס זענען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער ריי פון אינדוסטריע־לענדער נאָך ענגלאַנד אויך דייטשלאַנד און פראַנקרייך; עס אינדוסטריאַליזירן זיך רוסלאַנד און עסטרייך־אונגאַרן, עס הייבן זיך אָן צו אינדוסטריאַליזירן בריטיש־אינדיען, דרום־אַפריקע, די קאָלאָניאַל־לענדער. וואָס מער די אַגראַר־לענדער אינדוסטריאַליזירן זיך, אַלץ מער ווערן זיי עקאָנאָמיש זעלבסטשטענדיקער און אַלץ מער ווערן די אַלטע אינדוסטריע־לענדער געצוווּנגען צו פאַרברייטערן די אייגענע לאַנדווירטשאַפט. די שטרעבונג צו זעלבסטשטענדיקייט פון איין זייט מוז פירן צו זעלבסטשטענדיקייט אין דער אַנדערער זייט. די דאָזיקע דריטע אַנטוויקלונגס־פאַזע האָט זיך ערשט איצט נאָר אָנגעפאַנגען. זי מוז אָבער קומען מיט אַן אויסערגעוויינלעכער בויטוועגדיקייט.

אויב ס'איז, אַלזאָ, אין אָנפאַנג געווען אַ שטרעבונג צו פאַרניכטן די נאַציאָנאַל־עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיקייט, ווערט די לעצטע צום סוף ווידער אויפגעשטעלט, אָבער אין אַ נייער פאָרם. ווען די סאָציאַלע אַרבעטס־טיילונג צווישן די פעלקער פאַרשווינדט, בלייבט אָבער די נאַטוראַלע אַרבעטס־טיילונג, וועלכע האָט נאָך די טענדענץ צו וואַקסן. אין דער צוקונפט וועלן די פעלקער נישט לעבן אָפּגעזונדערט, — לויט די נאַטור־פאַרשידנהייטן וועט די אַרבעט זיין געטיילט צווישן די פעלקער. בשותּפות וועט געפירט ווערן דער קאַמף פון דער מענטשהייט קעגן דער נאַטור, און אין דאָזיקן בשותּפותדיקן קאַמף וועט די שליטה פונם מענטש איבער דער נאַטור דערגרייכן אַ אַלץ העכערע מדרגה. עס וועט אָבער נישט זיין קיין קרעפטן־פאַרייניקונג פון אומגלייכע טיילן. די קולטור־אָפּגעשטאַנענקייט פון איין טייל פון דער מענטשהייט וועט נישט זיין מער דער תּנאי־הקיום פון דער אַלגעמיינער קולטור. אָבער, הגם, קולטורעל גלייך אַנטוויקלט, וועלן דאָך די נאַציעס אין דער וועלט־ווירטשאַפט פון דער צוקונפט נישט צונויפגעמישט ווערן אין אַן אייגנאַרטיקער מאַסע. די מענטשהייט וועט מיט זיך אין דער צוקונפט נישט פאָרשטעלן קיין אומענדלעכע סומע פון עקאָנאָמישע נולן, נאָר אַ העכערע ווירטשאַפטלעכע איינהייט, וועלכע באַשטייט פון אַ סומע ווירטשאַפטלעכע איינהייטן פון נידעריקער אָרדנונג. די פאַרייניקונג פון מערערע ווירטשאַפטלעכע קאָלעקטיוון. דער וועלט־כאַראַקטער פון דער ווירטשאַפט אין דער צוקונפט וועט איר נאַציאָנאַלן כאַראַקטער נישט פאַרווישן, נאָר אים שטאַרקער אויסדריקן. ווייל אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן האַנדלס־פאַרקער דריקט זיך נישט אויס קיין גלייכאַרטיקייט. נאָר די פאַרשידנאַרטיקייט פון דער פּראָדוקציע בּאַ

די פאַרש־דענע לענדער. די צוקונפטיקע וועלטווירטשאַפט וועט מיט זיך פאָרשטעלן אן אומענדלעכן לאַבאָראַטאָריום, וווּ יעדע נאַציע וועט האָבן אַ באַשטימטן פּלאַץ אין דער אַרבעט פאַר דעם אייגענעם נוצן פון דער גאַנצער מענטשייט.

איצט וועלן מיר איבערגיין צו די יידן און צום ציוניזם.

2.

דאָס, וואָס ס'איז בײַ אַנדערע פעלקער מער אָדער ווייניקער אַ פראַגע דאָך נאָר פון דער צוקונפט, ווערט בײַ דעם יידישן פאָלק, אַ דאַנק גאַנץ באַזונדערע היסטאָרישע פאַקטאָרן, אַ ברענענדע פראַגע פון דער קעגנוואַרט. נישט אין דעם עצם־פּראָבלעם אונטערשיידן מיר זיך פון אַנ־דערע פעלקער, נאָר אין זיין ברייטקייט און טיפקייט און אין דער צייט פון זיין בולטן אַרויסטרעטן. די אַלגעמיינע אַנטוויקלונגס־טענדענצן גיסן זיך אויס בײַ דעם יידישן פאָלק אין באַזונדערע פאָרמען.

מיר האָבן זיך איבערצייגט, אַז די סאָציאַלע אַרבעטס־טיילונג צווישן די פעלקער האָט די טענדענץ צו פאַרשווינדן. די יידן פאַרדאַנקען אָבער זייער גאַנצע עקזיסטענץ נאָר דערדאָזיקער אַרבעטס־טיילונג. דאָס יידישע פאָלק איז עקסטעריטאָריאַל, האָט נישט קיין אייגענעם פויערים־קלאַס און ציט נישט די יניקה פון זיין עקזיסטענץ פון זיין אייגענער טעריטאָריע און פון זיין אייגענער לאַנדווירטשאַפט. אין דער צייט, ווען זאָגאַר די העכסט־אַנטוויקלטע אינדוסטריע־פעלקער דעקן נאָר אַ טייל פון זייערע באַדערפעננישן מיט פרעמדע פּראָדוקטן, מוזן די יידן אַלע זייערע באַ־דערפענישן באַפרידיקן מיט פרעמדער פּראָדוקציע. בעת די היינטיקע אינ־דוסטריע־פעלקער געפינען זיך אין דער ראָלע פון דעם מאָדערנעם פויער, וועלכער פאַרקויפט אַ טייל פון זיינע פּראָדוקטן, כדי צו באַפרידיקן אַ טייל פון זיינע באַדערפענישן מיט געקויפטער סחורה, זענען די יידן ענ־לעך צו דעם באַלמעלאָכע, וועלכער מוז אַלץ פאַרקויפן, כדי אַלץ צו קויפן. כדי צו עקזיסטירן צווישן אַנדערע פעלקער מוזן די יידן דערפילן ספּע־

ציעלע פונקציעס. וואָס יענע קאָנען נישט אָדער ווילן נישט איבער־
נעמען.

וואָס זענען דאָס פאַר פונקציעס?

אין משך פון פילע יאָרהונדערטן איז עס געווען דער מסחר, מיט וועלכן די יידן האָבן דערפילט אין דער וועלט־געשיכטע אַן עקאָנאָמישע מיסיע: זיי האָבן מיטגעהאָלפן און פאַרגיכערט די אַנטוויקלונג פון פּראָדוקטיווע קרעפטן אין די אייראָפּעישע לענדער. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דעם פעאָדאַליזם, ווען די אונטערדריקטע קלאַסן האָבן נישט געקאָנט און די הערשנדע קלאַסן נישט געוואָלט זיך באַשעפטיקן מיטן מסחר. די יידן האָבן דאַן פאַרמיטלט צווישן די פריצים און די פויערים און באַזאָרגט דעם האנדל מיט פּראָדוקטן פון אַנדערע געגנטן אָדער אויך פון אַנדערע לענדער. ווען די יידן האָבן זיך אויך באַשעפטיקט מיט האַנטווערק, איז עס דאָס רוב געווען נאָר פאַר דעם אייגענעם געברויך. דאָס יידישע פאָלק, אַלס גאַנצעס גענומען, האָט, אַלזאָ, געלעבט נאָר אַ דאַנק זיין פאַרמיטלער־ראָלע. די יידן זענען דאַן געווען אַ נויטווענדיקער עלעמענט, אָן וועלכן מען האָט נישט געקאָנט אויסקומען. ווי פאַרהאַסט דאָס יידנטום איז דעמאָלט נישט געווען, זיין ייד האָט דער פּריץ דאָך געליבט, לויט דעם גייסטרייכן אויסדרוק פון י. ל. גאָרדאָן*).

זייער פאַרמיטלונגס־ראָלע האָבן די יידן ביז צו דער באָענטסטער פאַרגאַנגענהייט נישט פאַרלוירן. זיי פלעגן אָפט בייטן דאָס אָרט, אָבער נישט זייער סאָציאַלע פונקציע. דאָרט, וווּ מען האָט זיך אין די יידן גענייטיקט, פלעגט מען זיי רופן צו זיך און זיי געבן געוויסע פּריווילעגיעס. אָבער גלייך, ווי דאָס לאַנד פלעגט זיך, אַ דאַנק די יידן, גענוג אַנטוויקלען, אַז עס האָט געקאָנט אַנטשטיין אַ הענדלער־קלאַס פון דער איינגעבוירענער באַפעלקערונג, פלעגט מען די יידן אַרויסיאָגן. די יידן פלעגן דעריבער עמיגרירן פון הויך־אַנטוויקלטע לענדער אין נידעריק־אַנטוויקלטע, ד. ה. פון לענדער, וווּ מען האָט זיי שוין נישט געדאַרפט, אין אַזוינע לענדער, וווּ מען האָט זיך נאָך אין זיי גענייטיקט.

אויבערפלעכלעך באַטראַכט, זעט אויס די גאַנצע יידישע גלות־

*) דער ייד ליבט דאָס יידנטום און האַסט דעם יידן, דער פּריץ האַסט דאָס יידנטום און ליבט דעם יידן.

היסטאָריע ווי אַ לאַנגע קייט פון צופאַלן, די אָפּט זיך בייטנדע באַציונ-
גען פון די קריסטלעכע פעלקער צו די יידן ווייזן אויס, ווי אַ פּראָדוקט
פון היסטאָרישע קאַפּריזן. נאָר דער אַנטוויקלונגס-צושטאַנד פון די פּראָ-
דוקטיווע קרעפטן אין די לענדער, וווּ די יידן האָבן געלעבט, און די ראָ-
לע, וואָס די יידן האָבן דאָרט געשפּילט, זענען אימשטאַנד אויפצודעקן
די געזעצמעסיקייט פון דער יידישער גלות-געשיכטע.

אין דער לעצטער צייט, טרעט אַרויס אַלץ דייטלעכער די דער-
שיינונג, וואָס די יידן פאַרלירן אַלץ מער זייער אַמאָליקע סאָציאַלע
פונקציע. די קאַפּיטאַליזירונג פון די לענדער, וווּ יידן לעבן אין געדיכטע
מאַסן, באַזונדערס פון רוסלאַנד און פּוילן גראָבט אַלץ מער אונטער דעם
באָדן, אויף וועלכן די יידן שטייען, די פאַרניכטונג פון דער אַלטער
פּריצישער ווירטשאַפטס-פאַרפאַסונג האָט בײַ די יידן אַוועקגענומען זייער
פאַרמיטלער-ראָל צווישן די פּריצים און די פּויערים. דער מסחר הערט
אַלץ מער אויף צו זיין דער מאָנאָפּאָל פון די יידן. דער איינגעבוירענער
עלעמענט, וואָס איז פעיק געוואָרן צום מסחר, האַלט אָפּ אינם קאָנקו-
רענץ-קאַמף מיט די יידן נצחון נאָך נצחון. פּאָזיציע נאָך פּאָזיציע פאַר-
לירן די יידן, נישט האָבנדיק בכּוח צו געבן אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד,
ווייל זיי קאָנען זיך נישט שטיצן, אין היפּוך צו דעם איינגעבוירענעם
עלעמענט, אויף אַ נאַציאָנאַלן קויף-פּובליקום.

די קעגנער פון ציוניזם, סטאַרנדיק זיך פון אים אַוועקצונעמען
זיין וויסנשאַפטלעכע באַגרינדונג, לייקענען מיט גרויס חשק אָפּ די עק-
זיסטענץ פון דער נאַציאָנאַלער קאָנקורענץ. אָנשטאָט אָבער צו נעמען צו
הילף די פאַקטן, שטיצן זיי זיך אויף דער „ריינער לאָגיק". מיר האָבן
שוין אויבן געזען, אויף וועמענס זייט עס זענען די פאַקטן. איצט לאָמיר
אויך איין אויגנבליק אָפּטרעטן פון דער טעמע און זען, וועמען די לאָ-
גיק גיט רעכט. נאָך דער „ריינער לאָגיק" פון אונזערע קעגנער, איז עס
דעם קויפער פון סחורה גאַנץ גלייך, ווער עס איז דער פאַרקויפער, צי
איז עס אַ מיטגליד פון זיין אייגענער נאַציע אָדער נישט. בנוגע דעם
פּראָלעטאַריאַט מיינען אונזערע קעגנער, אַז זיי גיבן דעם פּראָלעטאַרישן
ציוניזם אַ טויט-קלאַפּ, ווען זיי רופן אויס מיט געמאַכטן רעוואָלוציאָנערן
פּאַטאָס: „דעם קאַפּיטאַליסטישן וואַמפּיר איז עס קיין חלוק נישט, אין
וואָס פאַר אַ פאַרב עס איז אָפּגעפאַרבט דאָס בלוט פון זיינע אַרבעטער".
צום באַדויערן רעכנט זיך די ווירקלעכקייט זייער ווייניק מיט דער „לאָגיק"
פון די אַנטי-ציוניסטן און שטעלט אַנטקעגן אים אַוועק איר אייגענע לאָ-

גיק. פּאַקטיש, איז אויסער אַן אומבאַדייטנדער צאָל רייכע לײדיקגייער, יעדער קאָנסומענט (קויפער) אין דער גלייכער צייט אויך אַ פּראָדוצענט, (דעם אויסדרוק „פּראָדוצענט“ גענומען אין אַ ברייטן זין פון וואָרט). ווען אַלס קאָנסומענט איז יעדן דאָס ווילגיין פון דער נאַציאָנאַלער פּראָדוקציע גלייכגילטיק איז ער אין איר שטאַרק פאַראינטערעסירט אַלס פּראָדוצענט, אַלס פאַרקויפער פון סחורה. אויף דעם באָדן פון דיזער פאַראינטערעסירטקייט אַרבעט זיך אויס די נאַציאָנאַלע אינטערעסן־סאָלידאַריטעט צווישן קאָנסומענטן און פּראָדוצענטן, ד. ה. צווישן אַלע מיטגלידער פון דער זעלבער נאַציע — דער מקור פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל, דער יסוד פון זער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע.

פון דעם נאַציאָנאַלן געפיל זענען אויך די אַרבעטער נישט פריי. הגם זיי ווייזן אויס פון אַלע קלאַסן אַממייסטן נאַציאָנאַל אינדיפערענט. די שיינבאַרע נאַציאָנאַלע אינדיפערענץ פון דעם אַרבעטער הייבט זיך גע־ווײנלעך אָן ערשט דאַן, ווען זיין אַרבעטס־פּלאַן איז אים געזיכערט, ד. ה. גראָד אין דער צייט, ווען די אַרבעטער פון אַנדערע נאַציעס זענען פאַר אים נישט מער קיין קאָנקורענטן. קוים אָבער שטייט פאַר אים די קלענסטע געפאַר צו פאַרלירן זיין אַרבעטס־פּלאַץ, טרעט אַרויס זיין נאַציאָנאַליזם קלאָר גענוג. שוין גאָרנישט צו רעדן וועגן די „אומבאַוווסטזיניקע“ רוסישע אַרבעטער אָדער פון די אַמעריקאַנישע טרעד־יוניאָנען*), וועלכע זענען מחמת זייער „אומבאַוווסטזיניקייט“ אויך נישט קאָמפּעטענט אין אַזויגע פראַגן, איז גענוג אָנצווייזן אויף די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, וואָס זענען לכל הדעות כשרע אינטערנאַציאָנאַליסטן. די פראַנקפורטער פרייע (סאָציאַל־דעמאָקראַטישע) געווערקשטאַטן צוזאַמען מיט דער פּאָליטישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע האָבן געשטעלט דער געמיינדע די פאָדערונג, אַז בײַ דער פאַרטיילונג פון שטאָטישע אַרבעטן זאָלן אין ערשטער ליניע צוגענומען ווערן נאָר פראַנקפורטער אַרבעטער, אין צווייטער ליניע אינלענדער און נאָר ווען קיין אינלענדער וועלן זיך נישט געפינען, זאָלן צוגעלאָזט ווערן אויסלענדער, ד. ה. אָפן גערעדט,

---

*) איבעריקנס, האָבן זיך די אַמעריקאַנער סאָציאַליסטן אויך געשטעלט אויפן טרעד־יוניאָניסטישן שטאַנדפּונקט און האָבן פאַרוואָרפן די רעזאָלוציע פונם אַמסטערדאַמער סאָציאַליסטן־קאָנגרעס קעגן דער געזעצלעכער באַשרענקונג פון דער עמיגראַציע פון „אומאָרגאַניזירטע“ עלעמענטן.

אַז אויסלענדישע אַרבעטער זאָלן אינגאַנצן אויסגעשלאָסן ווערן, ווייל אַזוינע פאַלן, ווען עס פעלן אינלענדישע אַרבעטער צו די שטאָטישע אַרבעטן, געהערן אין דייטשלאַנד צו די זעלטנסטע אויסנאַמען. דאָס, וואָס די פראַנקפורטער סאָציאַל-דעמאָקראַטן פאָדערן פון דער געמיינדע, פאָדערט די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פראַקציע אין ווירטעמבורגער לאַנדטאַג (סיים) פון דער מלוכה בנוגע בויען אייזנבאַנען, מיטן צוגאָב, אַז אויסלענדישע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אין פאַל, אַז מען וועט זיך אין זיי נייטיקן, זאָלן נאָר צוגעלאָזט ווערן מיטן הסכם פון דער גענעראַל-קאָמיסיע פון די דייטשע געווערקשאַפטן. די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן, די לערער פון אינטערנאַציאָנאַליזם, שטעלן נישט נאָר שטאָל נאַציאָנאַל-פּראָלעטאַרישע פאָדערונגען, נאָר זיי שטרעבן צו האָבן די קאָנטראָל אויף זייער דורכפירונג, נישט נאָר צום אַלגעמיינעם נאַציאָנאַליזם, נאָר זאָגאַר צום לאָקאַל-פּאַטריאָטיזם האָבן זיי זיך אויפגעהויבן אָדער אַראָפּגעלאָזט. חען אַזוינע שטרעבונגען זינדיקן קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן אידעאַל פונם אַלוועלטלעכן פּראָלעטאַריאַט, דאַן מוז מען מודה זיין, אַז דערדאָזיקער אידעאַל עקזיסטירט איבערהויפּט נאָר באַם „בונד“, וועלכער איז צום גליק אָדער אומגליק גאָרנישט אין דער לאַגע אַרויסצוווייזן אַזוינע רעאַקציאָנערע שטרעבונגען און מוז ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק האַלטן זיין פאַן אין אומבאַפלעקטן צושטאַנד.

האָבנדיק דעם מעכטיקן כלי-זין פון דעם קלאָרן אָדער אומקלאָרן נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין קעגן זיך, קאָנען די יידן נישט אויסהאַלטן דעם אומגלייכן קאַמף מיט זייערע שטאַרקערע קאָנקורענטן. די ערשטע פאָלגע דערפון איז, וואָס די יידן פאַרקלענערן זייערע פאָדערונגען. זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דערדאָזיקער דערשיינונג איז דער שפּריכווערטלעך געוואָרענער יידישער האַנדלס-פּרינציפּ: „וואָס וועל איך פאַרלירן?“ אין היפּוך צום קריסטלעכן האַנדלס-פּרינציפּ: „וואָס וועל איך פאַרדינען?“ פון דער אַנטיסעמיטישער זייט ווערט אָפט אָנגעגעבן אַלס סיבה פון דעם יידנהאַס דאָס, וואָס יידן פאַרקויפן זייער סחורה ביליקער ווי די קריסטלעכע הענדלער. אין דער אמתן איז עס נישט די ערשטע סיבה פון דעם יידנהאַס. נאָר זיין פאָלגע, וועלכע פאַרוואַנדלט זיך פון איר זייט ווידער אין אַ סיבה. האָט מען באַ גלייכע באַדינגונגען די יידן געהאַסט אַלס קאָנקורענטן, ווערן זיי באַ אומגלייכע באַדינגונגען נאָך מער געהאַסט און דערצו פאַראַכטעט אַלס „שמוץ“-קאָנקורענטן.

אַ ווייטערדיקע פאָלגע פון דער נייער זאַכלאַגע איז די שאַרף

אַרויסטרעטנדע שטרעבונג פון די יידן איבערצוגיין צו פראָדוקטיווע אַרבעט. די שרעקלעכע קאָנקורענץ פון דעם יידישן קליין-האַנדל, וועלכער גיט אויף צום לעבן צו ווייניק און צום שטאַרבן צופיל, מאַכט גיך אַ סוף צו דער אַמאָליקער אַריסטאָקראַטישער פאַראַכטונג פון דער פיזישער אַרבעט, וועלכע האָט געשטאַמט פון די גוטע אַלטע צייטן, ווען די יידן זענען געשטאַנען אויף אַ הויכער מדרגה פון דעם סאָציאַלן לייטער. זייער רייף געוואָרענע באַדערפעניש איבערצוגיין צו דער פראָדיקטיווער אַרבעט, ווערט אין אַ גאַנץ אומגעוונגנדער מאָס און אויף אַ גאַנץ אומגעוונגנדן אופן באַפרידיקט אין דער קליינער פראָדוקציע, ווו זיי באַגעגענען, פון איין זייט, די קאָנקורענץ פון דעם איינגעבוירענעם עלעמענט און, פון דער אַנדערער זייט די פאַרניכטנדע טענדענץ פון דעם גרויס-קאַפּיטאַל. אין דער גרויסער פראָדוקציע דאַקעגן האָבן יידן קיין צוטריט נישט. פאַר דעם יידישן אַרבעטנדן פאָלק איז פאַרשלאָסן די גרויס-אינדוסטריע, יענער קוואַל, פון וועלכן עס קוועלט אַרויס אַ שטראָם פון לעבן פאַר אומגעהייערע מאַסן, יענער קאַמף-פלאַץ, ווו עס ווערט אויסגעקעמפט אַ בעסערע קעגנוואַרט, אַ גליקלעכערע צוקונפט.

דער פאַקט פאַר זיך, וואָס יידן געפינען זיך נישט אין דער גרויסער פראָדוקציע, וווּנדערט אונז נישט, ווייל, ווי מיר האָבן געזעען, קענען יידן, וויבאַלד מען בייטיקט זיך נישט אין זיי, נישט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון דעם איינגעבוירענעם עלעמענט. מערקווירדיק איז נאָר די דערשיינונג, וואָס יידן האָבן אָפּגעטרעטן זייער פלאַץ אין דער גרויס-אינדוסטריע, אויסער אייניקע אויסנאַמען, גאַנץ אָן קאַמף, וואָס די מאָדערנע אַנטוויקלונג גייט די יידן גאַנץ פארביי, וואָס די יידן דאַרפן גאָרנישט ערשט אַרויסגעשטופּט צו ווערן פון דער גרויסער פראָדוקציע, נאָר זיי ווערן גאָר לכתחילה נישט צוגעלאָזט. כדי דאָס צו פאַרשטיין מוזן מיר נעמען אין באַטראַכט, אַז די יידן האָבן זיך פריער געפונען הויפּטזעכלעך נישט אין דער פראָדוקציע, נאָר אין דער פאַרטיילונג פון די פראָדוקטן, זיי איז דעריבער אויסגעקומען איבערצוגיין פון פאַרטיילונג צו פראָדוקציע, בעת דער איינגעבוירענער עלעמענט איז נאָר איבערגעגאַנגען פון איין פראָדוקציע-צווייג צו דעם אַנדערן, פון לאַנדווירטשאַפט צו אינדוסטריע. בא די יידן האָט נאָך ערשט געדאַרפט געבוירן ווערן די פיזישע פעיקייט צו נעמען אויף זיך די לאַסט פון דער אינדוסטריעלער פראָדוקציע, אַ פעיקייט, וועלכע ווערט באַשאַפן נאָר אין

דער פּראָדוקציע גופא, אין דער צייט ווען דער איינגעבוירענער עלעמענט, קומענדיק פון דער פּראָדוקציע האָט באַזעסן, דיזע פעיקייט אין פולער מאָס. ווען די יידן זענען געווען אין פיזישער הינזיכט צו ווייניק אַנטוויקלט, זענען זיי להיפּוך אין קולטורעלער הינזיכט געשטאַנען צו הויך און האָבן געהאַט צו גרויסע באַדערפעניש, כדי צו זיין אַ געווינטשטער עקספּלואַטאַציע-אָביעקט פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן פּראָפיט-הונגער. שפּעטער קומען נאָך צו דער פיזישער פעיקייט די טעכנישע פערטיקייטן, וועלכע ווערן דערוואָרבן אין דער פּראָדוקציע גופא און איבערגעבן פון דור צו דור. דאָס ווערט אַ מאָטיוו מער, די יידן נישט צוצולאָזן צו דער גרויס-אינדוסטריע. ווען די יידן זענען געווען פריער צו פיל קולטורעל פאַר די קאַפּיטאַליסטישע עקספּלואַטאַציע-באַדערפענישן זענען זיי איצט צו ווייניק קולטורעל פאַר די באַדערפענישן פון דער פּראָדוקציע. די נישט צולאָזונג פון די יידן צו דער גרויסער פּראָדוקציע איז אויף אַזאַ אופן אַ דירעקטע פאָלגע פון זייער פריערדיקער סאָציאַלער לאַגע. די ווייניקע אויסנאַמען, ווען עס זענען פאָרגעקומען צוזאַמענשטויסן צווישן קריסטלעכע און יידישע אַרבעטער, באַשטעטיקן די דאָזיקע אַלגעמיינע באַהויפּטונג, ווען די צוזאַמענשטויסן זענען נאָר פאָרגעקומען אין אַזוינע פּראָדוקציע-צווייגן, וווּ יידן זענען געווען פריער באַשעפטיקט און דערנאָך האָבן זיי אָנגענומען אַ כאַראַקטער פון גרויס-אינדוסטריע ווי למשל, צווישן די „וועבער" אין ביאַליסטאָק. דאָרט האָבן די יידן נישט ערגער פאַר די קריסטן געהאַט די מעגלעכקייט צו האַלטן די גרויסע פּראָדוקציע אין גאַנג, און עס האָט דעריבער געמוזט צוערשט אַרויסטרעטן דער נאַציאָנאַלער קאַמף פאַרן אַרבעטס-פּלאַץ, כדי די יידן זאָלן ווערן אַרויסגעשטופּט.

אויב די יידישע אַרבעטער זענען ביז אַהער נישט צוגעלאָזט געוואָרן צו דער גרויס-אינדוסטריע, האָבן זיי וואָס ווייטער, דאָס ווייניקער שאַנסן דערצו. ווייל פריער האָבן זיי באַגעגנט נאָר סטיכישע שטערענישן, היינט, פאַרקערט, האָבן זיי קעגן זיך אויך נאָך דעם אָרגאַניזירטן ווילן פון די קריסטלעכע אַרבעטער. ס'איז אַ גרויסע נאַיוויטעט צו גלויבן, אַז די קריסטלעכע אַרבעטער וועלן פון חסד וועגן, אָדער צוליב דעם אינטערנאַציאָנאַליזם צולאָזן אויף זייערע אַרבעטס-פּלעצער יידישע אַרבעטער. די טאַקטיק פון די דייטשע סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין דער פּראַגע, מיט וועלכער מיר האָבן זיך אויבן באַקאַנט, איז גענוג לעררייך. מען מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל געדענקען, אַז דער פּראָלעטאַרישער אידעאַל איז

ווי אָטאָ באַוער זאָגט*), נישט הומאַניטעט, נאָר סאָלידאַריטעט, ד. ה. נישט דער אַבסטראַקטער פלייש־און בלוטלאָזער פּרינציפּ פון מענטשן־ליבע, נאָר דאָס געזונטע געפיל פון שותּפותדיקע אינטערעסן. ווו דיזע פעלן איז נישטאָ וואָס צו רעדן פון אינטערנאַציאָנאַליזם. קאַוטסקי**) זעט די אינטערעסן־סאָלידאַריטעט, למשל, פון דעם דייטשן און פראַנצויזישן פּראָלעטאַריאַט מיט דעם איטאַליענישן אין דעם, וואָס ווען די איטאַליענישע אַרבעטער פאַרבעסערן זייער לאַגע, הערן זיי אויף צו עמיגרירן קיין דייטשלאַנד און פראַנקרייך, ד. ה. אַלזאָ אין דעם, וואָס דורך דער פאַרבעסערונג פון דער לאַגע פון די איטאַליענישע אַרבעטער ווערן זייערע דייטשע חברים פּטור פון אומבאַקוועמע קאָנקורענטן. אַזאַ אויסטייטשונג פונם פּראָלעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם האָט געדאַרפט אויפעפענען די אויגן פון יענע תּמימותדיקע קעגנער פון ציוניזם, וועלכע דערוואַרטן די ליזונג פון דער יידישער אַרבעטער־פראַגע פון דער „באַוווסטזיניקייט“ פונם קריסטלעכן פּראָלעטאַריאַט. מיט דער מאָראַל, קאָן מען אַזוי ווייניק לייזן עקאָנאָמישע פראַגן ווי מיט דער רעליגיאָן וויסנשאַפטלעכע פּראַגן. דער סאָציאַליזם וועט אויך נישט קומען אַלס נייער מאָראַלישער פּרינציפּ, נאָר אַלס נייער עקאָנאָמישער פּרינציפּ. נישט דורך דער נייער מאָראַל צו דער נייער ווירטשאַפטס־אָרדנונג, נאָר דורך דער נייער ווירטשאַפטס־אָרדנונג צו אַ נייער מאָראַל. דאָס זעלבע איז אויך אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. נישט דורך דער פאַרברידערונג פון די פעלקער צו זייער פרידלעכן עקאָנאָמישן צוזאַמענלעבן, נאָר דורך דעם פרידלעכן עקאָנאָמישן צוזאַמענלעבן פון די פעלקער צו זייער פאַרברידערונג.

די גרויס־אינדוסטריע איז און בלייבט פאַר די יידן פאַרשלאָסן. די יידן זענען אַראָפּ פון זייער אַמאָליקער העכער סאָציאַלער מדרגה און געפינען נישט מער קיין פּאַסנדע סאָציאַלע פּאָזיציע בײַ די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. ווערנדיק אַלץ מער עקאָנאָמיש איבעריק, ווערן זיי אָפּגעשטופּט אין די זייטן־געסלעך פון דער מאָדערנער פּראָדוקציע, אין דער האַנטווערק־און מאַנופאַקטור־מעסיקע פּראָדוקציע מיט איר סעזאָנכאַראַקטער, אין דער פּראָדוקציע פון געברויכס־מיטלען פאַר דעם דירעקטן קאָנסום מיט אומאַנטוויקלטע פּראָדוקציע־מיטלען, אין כּמות אומגעניגנד,

*) דאָס נאַציאָנאַליטעטן־פּראָבלעם און די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

**) „נייע צייט“.

און איכות אומבאַפרידיקנד. ווען מיר פאַרגלייכן די יידן מיט אַ הויך־אַנטוויקלטן אינדוסטריע־פאָלק, מיט די ענגלענדער, למשל, וואַרפט זיך אונדז גלייך אין די אויגן אַ געוואַלטיקער אונטערשיד. די ענגלענדער, וואָס פאַרדאַנקען זייער עקזיסטענץ טיילווייז דער סאָציאַלער אַרבעטס־טיילונג צווישן די פעלקער, מוזן אָנשטרענגען אַלע זייערע סאָציאַלע כוחות, צו ברענגען זייער אינדוסטריע אויף אַ אַלץ העכערער מדרגה פון אַנטוויקלונג, כדי די אַנדערע פעלקער זאָלן זיך אַלץ נויטיקן אין זיי, און, כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַרלענגערן די עקזיסטענץ פון דער סאָציאַלער אַרבעטס־טיילונג ; די יידן להפוך, וואָס פאַרדאַנקען זייער גאַנצע עקזיסטענץ דער סאָציאַלער אַרבעטס־טיילונג, זענען גאַרנישט אימשטאַנד מער אויפצובויען די פּראָדוקטיווע קרעפטן פון דער מענטשהייט און זענען נישט בכוח צו געבן זייער ווייטערדיקער עקזיסטענץ צווישן די פעלקער אַ נייע עקאָנאָמישע באַרעכטיקונג. די ענגלענדער פּראָדוצירן אַלץ מער פּראָדוקציאָנס־מיטלען, שטעלן צו דער מענטשהייט אַלץ נייע און נייע הערשאַפטס־מיטלען איבער דער נאַטור און פאַרלייכטערן אַלץ מער איר לעבנס־קאַמף. די יידן אַרבעטן מיט אומאַנטוויקלטע כלי־זין און מאַכן זיך זייער אייגענעם לעבנס־קאַמף שווערער. אין דער ענגלישער פּראָדוקציע שטעקט אַלץ מער קאָפּ־אַרבעט און זי באַטייט אַ אַלץ גרעסערע הערשאַפט פון דעם מענטשלעכן פאַרשטאַנד איבער די נאַטור־קרעפטן און דער רויער מאַטעריע ; אין דער יידישער פּראָדוקציע ליגט מוסקול און שוויץ־אַרבעט און זי באַטייט די הערשאַפט פון דער רויער מאַטעריע איבער דעם מענטש. די ענגלענדער עקזיסטירן אַ דאַנק זייער סאָציאַלער איבערלעגנהייט ; די יידן — אין היפוך צו די אַמאָליקע צייטן, צוליב זייער סאָציאַלער מינדערווערטיקייט. אָט פאַרוואָס ס'איז מעגלעך געווען אַן עמיגראַציע פון די יידן פון נידעריק־אַנטוויקלטע לענדער אין הויך־אַנטוויקלטע. די יידן האָבן אין ענגלאַנד און אַמעריקע אַנטוויקלט זייער אייגענע פּראָדוקציע, נישט דערפאַר, וואָס די ענגלענדער און אַמעריקאַנער האָבן עס אַליין נישט געקאָנט, נאָר ווייל זיי האָבן עס אַליין נישט געוואָלט. נישט באַזיצנדיק קיין אייגענע לאַנדווירטשאַפט, האָבן די יידן אויך נישט געקאָנט אַנטוויקלען קיין אייגענע גרויס־אינדוסטריע און זיך דעריבער נישט געקאָנט שטעלן אין שורה מיט די מאָדערנע קולטור־פעלקער. ווען מיר זעען פונדאַסניי די צעזייונג און צעשפּרייטונג פון די יידן צווישן די פעלקער, ווען דער גרויסער יידישער עמיגראַנטן־שטראָם לאָזט איבער איבעראַל קליינע טייכעלעך, האָט עס נישט מער, ווי אַמאָל

קיין קולטורעלע באַדייטונג, אָנשטאָט פאַרצושטעלן, ווי אַמאָל, אַ העכערע ווירטשאַפטס־פאָרם אין אַ נידעריקער ווירטשאַפטס־פאַרפאַסונג — די געלט־ווירטשאַפט אין דער פעאָדאַליסטישער וועלט — און אויף אַזאַ אופן צו רעוואָלוציאָניזירן די ווירטשאַפט און אויפצובויען די פּראָדוקטיווע קרעפטן פון דער געזעלשאַפט, שטעלן די יידן היינט פאָר אַ נידעריקע ווירטשאַפטס־פאָרם אין אַ העכערער ווירטשאַפטס־פאַרפאַסונג — די קליינע פּראָדוקציע אין דער וועלט פון גרויס־אינדוסטריע און גרויס־קאַפּיטאַל — און אין זייערע עקאָנאָמישע פונקציעס ליגט נישט מער רעוואָלוציאָנערס, שעפערישס.

דערמיט דערקלערט זיך פאַרוואָס עס האָט געקאָנט אַנטשטיין בײַ אַ טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ — די „סיימאָוויצעס" — די אידעאָלאָגיע פון דער יידישער „עקספּלואַטאַציע". דיזע אידעאָלאָגיע איז אַזוי היסטאָריש דערקלערלעך, ווי זי איז וויסנשאַפטלעך פאַלש. הגם די יידן זענען געצוווּנגען צו פאַרווענדן אַ גרעסערע סומע סאָציאַלע ענערגיע אויף אַ גלייכן ציל, איז דער שורש דערפון נישט די נאַציאָנאַלע „עקספּלואַטאַציע" נאָר די נאַציאָנאַלע קאָנקורענץ. נאָר אַלס אַ סימן פון דער צייט איז די „סיימאָוויסקע" טעאָריע כאַראַקטעריסטיש גענוג.

קיין זאַך אין דער וועלט איז נישט אימשטאַנד צו ברענגען אַ וועזנטלעכע ענדערונג אין דער עקאָנאָמישער לאַגע פון די יידן אין די גלות־לענדער. ווען די קעגנער פון ציוניזם בויען גאַנצע לופטשלעסער אויף דער קומענדיקער יידישער גלייכבאַרעכטיקונג אין רוסלאַנד, באַווייזט עס נאָר די גאַנצע נאַיוויטעט, מיט וועלכער זיי קוקן אויף דער געזעצגעבונג. די אויסנאַמס־געזעצן קעגן יידן זענען דאָך נישט בלויז געווען אַ פּראָדוקט פון ריינעם ווילקיר. זיי האָבן פאַרפאָלגט דעם צוועק, צו שטיצן דעם איינגעבוירענעם עלעמענט אין זיין קאָנקורענץ־קאַמף מיט די יידן און האָבן זיך אָנגעפאַסגען גראָד אין דער צייט, ווען די יידן האָבן אויפגעהערט צו זיין עקאָנאָמיש נייטיק. דאָס ווייסן, איבריקנס, אויך די טעאָרעטיקער פון „בונד", וואָס שרייבן צו אַלע יידישע צרות דער זעלבסטהערשונג*). די אויסנאַם־געזעצן קעגן די יידן שפּילן די זעלבע ראָלע ווי די אַזוי גענאַנטע ערציוּנגס־צאָלן אויף פרעמדע פּראָ־

---

*) זע דעם באַריכט פון „בונד" צום אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז אין יאָר 1900.

דוקטן. זיי עקזיסטירן אזוי לאנג ביז די אייגענע אינדוסטריע ווערט אליין גענוג קרעפטיק אויסצוהאלטן די קאנקורענץ קעגן דער פרעמדער סחורה. די אויסנאמס-געזעצן קעגן די יידן וועלן אויך אפגעשאפט ווערן, ווען מען וועט זיי נישט דארפן, ד. ה. דאן, ווען דער איינגעבוירענער עלע-מענט וועט אויך אן זיי זיין שטארק גענוג אין זיין קאנקורענץ-קאמף קעגן די יידן, אלזא דאן, ווען זייער אפשאפונג וועט די יידן ווייניק נוצן. די אויסנאמס-געזעצגעבונג קעגן די יידן האט נאר פארגיכערט דעם אומפארמיידלעכן פראצעס פון דער ארויסשטופונג פון די יידן דורך דעם איינגעבוירענעם עלעמענט.

„דער מאר האט זיינע שולדיקייטן געטון. דער מאר קאן גיין!" די יידן האבן זייער היסטארישע מיסיע צווישן די פעלקער דערפילט. די טענדענץ צו דער פארניכטונג פון דער סאציאלער ארבעטס-טיילונג צווישן די פעלקער ווייזט זיך באזונדערס שארף ארויס אין דער באציונג צווישן די יידן און די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן. די לעצטע בא-קומען אלץ מער די פעיקייט צו דערפילן די יידישע פונקציעס, און זיי ווערן אלץ מער זעלבסטשטענדיק. די זעלבסטשטענדיקייט אויף איין זייט מוז מיט נאטור-נויטווענדיקייט פירן צו דער זעלבסטשטענדיקייט אויף דער אנדערער זייט. נאך איצט ליבן פיל זיך צו שטיצן אויף מארקסן, וועל-כער האט געזעען די לייזונג פון דער יידן-פראגע אין דעם, וואס די קריסטן זענען זעלבסט געווארן יידן*), ד. ה. וואס דער גייסט פון שאַ-כערן און פראפיט איז אריבער צו די קריסטלעכע פעלקער און אויף אזא אופן איז שוין מער נישטא קיין קעגנזאץ צווישן דער יידישער און קריסט-לעכער וועלט-אנשויונג. די אנבעטונג פון דעם עגל-הזהב, איז די רעלי-גיע, וועלכע פארברידערט די יידן מיט די קריסטן. דאס איז אבער גע-ווען איינע פון יענע שטעלן, ווו מארקס האט זיך ארויסגעוויזן פאר אן אומקאנסעקווענטן מארקסיסט. מארקס דיאלעקטישע אנטוויקלונג פארלאנגט פארקערט, אז ווען די קריסטן זענען געווארן „יידן", מוזן די יידן ווערן „קריסטן". פון דער טעאלאגישער שפראך אויף דער עקאנאמישער אי-בערזעצט, הייסט עס, אז ווען די קריסטלעכע פעלקער זענען דערגאנגען אין זייער אנטוויקלונג צו אן אויסבילדונג פון אן אייגענעם סוחרים-עלע-מענט, מוז בא דעם יידישן פאלק אנטשטיין אן אייגענער פויערים-קלאס.

*) „די יידן-פראגע".

די יידן. דאָס ערשטע פון די היינט־לעבנדע האַנדלס־פעלקער, וועלכע פאַרדאַנקען זייער גאַנצע עקזיסטענץ דער סאָציאַלער אַרבעטס־טיילונג מוזן, מיט דער פאַרשרייטנדער פאַרשווינדונג פון דער לעצטער, די ער־שטע איבערגיין צו קאָלאָניזאַציע. די איצטיקע יידישע עמיגראַציע אין הויך־אַנטוויקלטע, באַזעצטע לענדער לייגט נאָר צייטווייליק אָפּ דעם פּראָ־צעס, זי איז אָבער נישט אימשטאַנד אים אָפּצושאַפן. די איבערזעטיקונג מיט דער יידישער עמיגראַציע אין ענגלאַנד און אַמעריקע באַשטעטיקט עס דייטלעך גענוג. די יידישע קאָלאָניזאַציע ווערט אַלץ מער אַ היסטאָ־רישע נויטווענדיקייט. דער צוריקקער צו דער לאַנדווירטשאַפט, וועלכער מוז פריער אָדער שפּעטער אומעטום פאָרקומען, זעט זיך בּאַ דעם יידישן פאָלק, אַ דאַנק באַזונדערע היסטאָרישע אומשטענדן, באַזונדער שאַרף דורך און נעמט אָן די פאָרם פון טעריטאָריאַליזם. די אַלגעמיינע אַנט־וויקלונגס־טענדענצן פון דער מענטשהייט זענען נישט סותר דעם ציוניזם, נאָר זיי באַשטעטיקן אים.

דער איבערגאַנג פון די יידן צו קאָלאָניזאַציע איז אַן אייזערנע היסטאָרישע נויטווענדיקייט, אָבער נישט קיין טרויעריקע נויטווענדיקייט. נאָר עם־הארצים קענען דערקלערן די קאָלאָניזאַציע פאַר אַ רעגרעס (ריקשריט). עס איז איבערהויפּט נישטאָ קיין פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע פּראָדוקציע־צווייגן, נאָר פּראָגרעסיווע און רעגרעסיווע אינסטרומענטן פון דער פּראָדוקציע. באַנוצן אַנטוויקלטע אינסטרומענטן אָנשטאָט אומאַנט־וויקלטע איז פאָרשריט, פאַרקערט — ריקשריט. מיר האָבן אָבער געזעען, ווי „הויך״־אַנטוויקלט עס זענען די אינסטרומענטן אין דער יידישער פּראָדוקציע. דאָרט אָבער וווּ יידן גייען איבער צו ערדאַרבעט, אַרבעטן זיי לויט דעם לעצטן וואָרט פון דער וויסנשאַפט. פון „שוויץ־אַרבעט״ צו מאָדערנער קאָלאָניזאַציע איז אַ געוואַלטיקער שריט פאָרויס.

ווי שווער עס זאָל נישט זיין דער איבערגאַנג, — אין דער קאָלאָ־ניזאַציע ליגט דער יסוד פאַר דער אויפלעבונג פונם יידישן פאָלק, אַ אויפלעבונג אין אַלע הינזיכטן.

ס׳איז אַלעמען באַקאַנט וואָס פאַר אַ פיזיש־מינדערווערטיקן עלע־מענט די יידן שטעלן איצט פאָר. ווען די שטאָטישע באַפעלקערונג בּאַ אַנדערע נאַציעס דעגענערירט נישט, איז עס נאָר אַ דאַנק דעם צו־שטראָם פונם געזונטן פויערים־בלוט אין די שטעט. בּאַ אונז פעלט אָט דער צושטראָם. דערצו קומען נאָך צו די שלעכטערע לעבנסבאַדינגונגען פון די יידן. אין די פייכטע קעלערס, אין די שמוציקע בוידעמס קאָן

נישט געדייען קיין געזונטע ראַסע. די טיפע טראַגעדיע פונם יידישן
לעבן בלייבט נישט אָן ווירקונג אויף דער יידישער קולטור, וועלכע איז
דורך און דורך צעקאַליעטשעט. נאָר צוריקקערנדיק צו דער מוטער-נאַ-
טור, וועט דאָס יידישע פאָלק פיזיש און מאָראַליש אויפלעבן. אויף דעם
געזונטן באָדן פון נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישער זעלבסשטענדיקייט וועט קענען
אויפבליען אַ געזונטע יידישע קולטור. ערשט דעמאָלט וועט דאָס יידישע
פאָלק זיין אין דער פעלקער-פאַמיליע פון דער צוקונפט אַ אמת גלייכבאַ-
רעכטיקטער מיטגליד. דעמאָלט וועלן די יידן נישט מער דאַרפן זוכן
זייער עקזיסטענץ-באַרעכטיקונג אין קיינערליי מיסיעס, נישט אין עקאָנאָ-
מישער, נישט אין רעליגיעזער און נישט אין סאָציאַליסטיש-אַגיטאַטאָרי-
שער. האָבנדיק אין דער וועלט-לאַבאָראַטאָריע זיין באַשטימטן פלאַץ
אין דער שאַפונג פון ברויט און גליק פאַר זיך און פאַר דער גאַנצער
מענטשהייט וועט דאָס יידישע פאָלק קאָנען אויפהייבן שטאָלץ און פריי
דעם קאָפּ און זאָגן: „איך בין, ווייל — איך בין". דער ציוניזם איז איי-
נער פון די מעכטיקסטע פאַקטאָרן פון פראָגרעס.

**כתראיל**

# די ראָלע פון אַנאַרכיסטישן פּרינציפּ אין רעוואָלוציאָנערן פּאָלקיזם*)

„זאָלסט נישט מיינען, אַז דו קענסט
די נשמה און געדאַנקען פון אַ מענטש,
כּל זמן ער האָט נישט פאַרזוכט
דעם טעם פון ממשלה...“

סאָפאָקלס „אַנטיגאָנע“.

1.

זאָל זיך אַזאַ טעמע נישט דאַכטן געקינסטלט. מען וועט פרעגן, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז די אַנאַרכיסטישע לערע זאָל זיין נאָר אַ טייל, אַ באַשטאַנדטייל אין סיסטעם פון רעוואָלוציאָנערן פּאָלקיזם. צי זענען מיר נישט געוווינט צו באַטראַכטן די אַנאַרכיסטישע אידעע פאַר יענעם אידעישן

*) חיים זשיטלאָווסקי האָט מיט אייניקע יאָרן צוריק אין אַ ריי אַרטיקלען („סאָציאַליזם און קאָמוניזם“) באַטראַכט די פּראָבלעמען פון סאָציאַליסטישן אויפבוי פון דער געזעלשאַפט נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. ער זוכט פאַר זיי אַ לייזונג אין גייסט פון דעם רעוואָלוציאָנערן פּאָלקיזם „רעוואָלוציאָנאַיע נאַראָדניטשעסטוואָ“. די דאָזיקע לייזונגען פירן יעדן אויפמערקזאַמען סאָציאַליסט צו צו די גרענעצן, וואָס טיילן אָפּ אָדער פאַרבינדן דעם ראַדיקאַלן פליגל פון סאָציאַליזם מיטן אַנאַרכיזם, וואָס פאַרבינדן צוזאַמען אַ לאַווראָוו מיט אַ קראָפּאָטקין. מיין אַרטיקל, וואָס פּרוּווט באַהאַנדלען די זעלביקע גרענעץ-פּראָבלעמען, ווידמע איך איינעם פון די גייסטיקע פאָטערס פון דער פּאָלקיסטישער וועלט-אַנשויונג.

קאָנטינענט, וואָס נעמט אַרום אָדער פֿאַרענדיקט אַלע פֿריערדיקע, סאָציאַל־גייסטיקע לעבנס־סיסטעמען, ווייל זיי אַלע זענען פֿאַרמשפּט, פֿריער צי שפּעטער, איינגעזונקען צו ווערן אונטער דעם פֿלאַך פֿון היסטאָרישן שטראָם? צי איז דען נישט דער רעוואָלוציאָנערער פֿאָלקיזם נאָר אַ באַזונדערע דערשיינונג פֿון דעם אַלגעמיין־באַקאַנטן מלוכה־סאָציאַליזם? אויב בײדע, סײ דער אַנאַרכיזם, סײ דער פֿאָלקיזם, זענען טאַקע פּאַרטיקע סיסטעמען פֿון אָרגאַניזירטן געזעלשאַפֿט־ און וועלט־אויפֿבוי, סיסטעמען, וואָס זענען זיך סומך אויף פֿאַרשידענע פּרינציפּן, — טאָ קאָן דאָך צווישן זיי זײַן נאָר איין איינציקע באַציִונג: די באַציִונג פֿון קלאָרן און פּרינציפּיעלן קעגנזאַץ און בשום אופֿן נישט אַ באַציִונג פֿון קאָנצענטרישע קרייזן. ווי קאָנען מיר אָבער דאָ פּרוּוון דערקלערן איינס פֿאַר אַ באַשטאַנדטייל פֿון צווייטן? זאָל דאָס הייסן, אַז דער אַנאַרכישער אָדער פֿאָלקיסטישער געדאַנק מוזן ווערן אינערלעך איבערגעאַנדערשט בײַ אַזאַ צוגאַנג?

דאָס זענען זיכערלעך חיכטיקע פֿראַגן. עטלעכע תּשובֿות, אָדער אָנמערקן אויף תּשובֿות, האָט אונדז פֿאַרשאַפֿט די לעצטע עפּאָכע: די רוסישע רעוואָלוציע אין דער פּראַקטיק, די לערע פֿון קראָפּאָטקינען אין טעאָריע. זאָלן מיר זיך צוקוקן צו זיי.

דער גרונט־אינהאַלט פֿון אַנאַרכיזם, דער אינערלעכער ברען פֿון זײַן נשמה — דאָס איז די פֿראַגע וועגן איבערווינדונג פֿון דער הערשאַפֿט פֿון מענטשן איבער מענטשן. דער אַנאַרכיזם זוכט נישט נאָר און נישט אַזוי די מאַטעריעלע באַפֿרייִונג, ווי די באַפֿרייִונג איבערהויפּט פֿון דעם מענטש. און דערין ליגט דאָס יסודותדיק־נײַע, וואָס טיילט אים אָפּ פֿון דעם סאָציאַליזם אין זײַן געוויינלעכן זין פֿון באַגריף. דערפֿאַר וויל ער צעשטערן נישט נאָר דעם קאַפּיטאַליסטישן סדר פֿון דער געזעלשאַפֿט, נאָר אויך יעטוועדן מלוכה־און ממשלה־סדר פֿון איר. דאָסדאָזיקע, ווי דער ים סטיכישע און אָנסופֿיקע שטרעבן צו דער אַבסאָלוטער פֿרייהייט האָט מיט זײַן לערע און לעבן פֿאַרקערפּערט אין זיך באַקונין. אָבער באַקונין האָט נאָך נישט געקאָנט אָנצייכענען פֿאַר דערדאָזיקער פֿרייהייט רעאַלע פֿאָרמען פֿון איר אַנטפּלעקונג; און די פֿאָרמען, וואָס פּרודאָן האָט געבויט, זענען געשטאַנען אָן אַ זייט פֿון דער שטורמישער אַנטוויקלונג פֿון אונדזער ציוויליזאַציע. ערשט אין דער געשטאַלט פֿון קראָפּאָטקינען איז דער אַנאַרכיזם געוואָרן באָדנפֿעסטער, האָט גענומען שטעלן זיך אויף אייגענע פֿיס. זײַנע סאָציאַלע פּלענער זענען גע־

וואָרן רעאַלע פאַרזוכן צו פאַרבינדן די מאַטעריעלע באַפרייונג פון מענטשן מיט ממשלהלאָזע פאָרמען פון אַ מענטשן-געזעלשאַפט. אין היפּך צום מאַרקסיזם, וועלכער האָט אַריבערגענומען פאַר זיך אינגאַנצן די אַרכיטעקטור פון דער בירגערלעכער וועלט און קולטור, אַוועקשטעלנדיק נאָר באַ זיי אַן אַנדערן מאַטעמאַטישן צייכן, — האָט קראָפּאָטקין געזוכט צו פאַרייניקן די ווערטפולסטע דערגרייכענישן פון דער קולטור מיט אַ פעלזן-פעסטער גאַראַנטיע פון דער פרייהייט. און דערפאַר טאַקע ווייסן מיר, אַז קראָפּאָטקין האָט אָפּגעלייקנט, אינגאַנצן און אין אַלע אירע פרטים, די סאָציאַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם באָלשעוויזם.

דער רעוואָלוציאָנערער פאָלקיזם איז דאַקעגן אַריינגעטראָטן אין דער רעוואָלוציע פון די יאָרן 1917-18 אין אַ גרויסער מאָס אָנגעזאַפּט מיט אויטאָריטערע אידעען. דער אָפיציעלער טעאָרעטישער געדאַנק פון זיין עלטערן דור האָט פאַרשלאָסן פאַר אים די לעבעדיקע געזאַנקען-קוואַלן פון אַ לאַווראָוון, וועמען דער היינטיקער יינגער דור אַנטדעקט ווי דעם גרעסטן חדוש פאַר זיך. דער יונגער דור האָט אויף דעם גוואַלטיקן שטח פון רוסלאַנד מיט אימפעט צעשטערט, געבויט און ווידער צעשטערט די מלוכה-אָרגאַנען פון דער רעוואָלוציע, און איז דערביי אַלץ מער אַריינגעכאַפּט געוואָרן פון יאוש-געפילן. וואָס ווייטער אַלץ מער האָט דער יונגער פאָלקיזם אַזוי ווי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך איינס נאָך דעם אַנדערן די טעאָרעטישע בגדים פון עבר. עפעס ווי אויפכאַפנדיק זיך פון אַ לאַנגן געקינסטלטן שלאָף, האָט דער רעוואָלוציאָנערער פאָלקיזם ענדלעך דערשפירט, אַז אין זיינע אָדערן פליסט אויך דאָס בלוט פון באַקונינען.

דריי סיבות זענען געווען, וואָס האָבן געפירט צו אַזאַ זעלבסטדערקענטעניש. נישט אומזיסט איז דאָך, ערשטנס, דאָס פראָבלעם פון פּערזענלעכקייט תמיד געשטאַנען אין צענטער פון דער פאָלקיסטישער וועלט-אָנשויונג. דידאָזיקע צענטראַלע באַדייטונג פון דעם פראָבלעם האָט דאָ שטענדיק מיט אַ גרויסער שאַרפקייט אַוועקגעשטעלט איינעם אַנטקעגן דעם אַנדערן דעם באַגריף פון פערזענלעכקייט און דעם טיראַנישן באַגריף און געצנדינסט פון געזעלשאַפטלעכן גליק, פון דער געזעלשאַפטלעכער אויבערהערשאַפט. די פאָלקיסטישע קולטור-פילאָזאָפיע האָט אויף דעם געביט פון סאָציאַלן שאַפן קיינמאָל נישט פאַרביטן דאָס פטאָלאָמייאישע סיסטעם אויף דעם סיסטעם פון גאַליליייען. אמת טאַקע,

אין דער לאַנגער עפּאָכע פון דער ערשט רייפנדיקער רעוואָלוציע, בשעת דער קעמפנדיקער מענטש האָט געשטורעמט פאָרויס אין דער פאַלאַנגע פון מאַסן, האָט ער לייכט אָפּגעטרעטן זיין בכורה דעם פירנדיקן קאָלעקטיוו. אָבער שוין די ערשטע כוואַליע פון דער צוריק-שטורעמענדיקער רעוואָלוציע האָט ווידער אויפגעפרישט פאַר אים די גאַנצע שאַרפקייט פון דערדאָזיקער פראַגע. און דער מענטש האָט דעמאָלט ווידער שמערצלעך דערפילט, אַז אויפן הינטערגרונט פון דער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפט איז ער אַליין דאָך אַ זעלבשטענדיקער כוח, אַ זעלבסטווערט נישט קלענער פון דער געזעלשאַפט.

אַן ענלעכער און צווייטער מקור פון דערנענטערונג צום אַנאַרכיזם איז פאַר דער פאָלקיסטישער וועלט געוואָרן לאַוורָאָוו. אין זיין נישט לאַנג ווידער אַנטדעקטן בוך*) האָט ער דערקלערט פאַר דעם קאַמף-רוף פון סאָציאַליזם צוויי פאָרמולן: „די אָפּשאַפונג פון עקספּלואַטאַציע פון מענטש דורך מענטש" און „די אָפּשאַפונג פון רעגירן פון מענטש איבער מענטש". ער אונטערשטרייכט, אַז דאָס וואָרט „רעגירן" דאַרף ווערן פאַרשטאַנען נישט אין זינען פון פרייוויליקער הכנעה, נאָר אין זינען פון אַ געצוווּנגענער ממשלה פון איין פּערזאָן איבער דער אַנדערער. און ער איז מוסיף, אַז די „נישט-פאַרווירקלעכונג פון דער צווייטער פאָרמול ציט נאָך זיך די נישט-פאַרווירקלעכונג אויך פון דער ערשטער". און פירנדיק זיין שטרייט מיט דעם דעמאָלטיקן אַנאַרכיסט צעזאַר-דע-פּאַפּ, זוכט ער צו באַווייזן, ווי אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט וועט די שטעל פון אויפגעצוווּנגענער מאַכט אינגאַנצן פאַרנעמען די מאַכט פון דער געזעלשאַפטלעכער מיינונג. און דערפון האָט ער שוין אַרויסגעפירט זיין לעצטע מסקנה: „די ביידע פאָרמולן, וואָס זענען אַנטהאַלטן אינם קאַמף-רוף פון סאָציאַליזם, זענען גלייך דערגרייכבאַר; די געמיינשאַפט, אויפגעבויט אויף די יסודות פון סאָציאַליזם, קאָן אָפּשאַפן דאָס רעגירן פון מענטש איבער מענטש, קאָן אויסקומען אָן אַ ספּעציעלער פּאָליציי, ספּעציעלער יוסטיץ, ספּעציעלער אַדמיניסטראַציע... דער מלוכה-עלעמענט קאָן אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט נישט נאָר דערגיין ביז אַ געוויסן מינימום, נאָר קאָן אויך אינגאַנצן פאַרשווינדן".

---

*) „דער מלוכה-עלעמענט אין דער צוקונפטיקער געזעלשאַפט".

דער פּאָלקיזם האָט אָבער ברבות הימים געקריגן נאָך מער איבערצייגנדיקערע אַרגומענטן, ווי ריין־ליטעראַרישע. דאָס איז געווען דער דריטער מקור: די ביטער־ערנסטע דערפאַרונג פון דער רוסישער רעוואָלוציע. אין די לאַנגע יאָרן פון איר אַנטוויקלונג האָט זיך נישט נאָר אָפּטמאָל געביטן די רעגירונגס־מאַכט אין דעם קאָלעקטיוובאַציאָנאַלן זין פון דעם וואָרט. נישט נאָר די רעגירונגס־מאַכט פלעגט אַזוי אָפט אַריבערגיין פון האַנט צו האַנט, אַז מען האָט אפילו געשאַפן דעם באַקאַנטן אויסדרוק: „די מאַכט וואַלגערט זיך אין שטויב". נאָר די מאַכט איז געלעגן שטענדיק אין שטויב אויך אין אַן אַנדערן זין, אין דעם פּערזענלעך־אינטימען זין פון דעם וואָרט: דעם נסיון פון מאַכט, פון רעגירן, פון ממשלה האָבן פאַר דידאָזיקע יאָרן דורכגעמאַכט אפשר מיליאָנען מענטשן. און זיי האָבן די עכטע נאַטור פון אַ מאַכט איבערגעלעבט אין פאַרשידענע גראַדן פון אירעביידע קעגנגעזעצטע פּאָליוסן: סיי אַלס באַהערשער, סיי אַלס באַהערשטע. אָבער די אַרבעטנדיקע מאַסן, וואָס האָבן זיך נאָענט צוגערירט צו דעם הייליקטום פון מאַכט און מיליאָנענווייז אַריינגעקוקט הינטער דעם פּרגוד פון דער ממשלה, האָבן דורך דעם נאָענט דערקענט איר אינערלעכן מהות. דורך טויזנטער ווייטיקדיקע וועגן האָט די רעוואָלוציע גענומען תּופס זיין דעם כלומרשט־פרייהייטלעכן כאַראַקטער פון דער מלוכה־מאַכט. דער באָלשעוויזם, וואָס איז געקומען מיט דעם צוזאָג צו שאַפן אַמאָל אַ שטאַטסלאָזע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט, האָט אָבער — „פאַר דער איבערגאַנגסצייט" — אויפגעבויט אַ פאַרפונדעוועטע, אַ נעשטייגערטע, אַ שטאַרקערע מלוכה איידער די בירגערלעכע. ער האָט נישט נאָר אויסערלעך געבויט די אינסטיטוציעס פון אַ פעסטער מלוכה, נאָר ער האָט אינערלעך פאַרפעסטיקט די שטאַטס־אידעאָלאָגיע, די אַכטונג פאַרן געזעץ, דעם אונטערטעניקן ציטער פאַר אַ ממשלה. דער באָלשעוויזם, אַלס מלוכה, האָט זיך אַנטפּלעקט ווי דער גרעסטער און מסתּמא לעצטער טראַגישער פאַרזוך פון אַ מענטשן־פריינטלעכן און דאָקטרינער־שטאָלצן דעספּאָטיזם. די הערשאַפט פון אַלעמען איבער ווייניקע האָט זיך דאָ פאַרוואַנדלט אין אַ הערשאַפט פון ווייניקע איבער אַלעמען, און האָט דערפירט צו אַ טיפער גייסטיקער פּראַקטישער פּרוכטלאָזיקייט פון דער סאָציאַלער מהפכה. וואָס מער מען האָט זיך צוגעקוקט צו דער מלוכה־אַרבעט, אַלץ מער איז געוואָרן קלאָר, אַז געפערלעך זענען נישט נאָר די באָלשעוויסטישע מלוכהשע סאָוויעטן, נאָר אויך יעטוועדע מאָנאָפּאָליסטישע מלוכה־אָרגאַנען. אין דער

נאַיוו-עלעמענטאַרער פאָרם פון דער סאָוויעטן-רעפּובליק, ווי זי איז געבוירן געוואָרן אין דער אָקטאָבער-רעוואָלוציע, האָט זיך הייסט עס פאַרבאַהאַלטן אויך אַ סכום פון טראַדיציאָנעל-מ לוכהשע עלעמענטן און אינסטיטוטן.

דאָס איז געווען אַ וויכטיקע דערקענטעניש. און דעמאָלט האָט דער רעוואָלוציאָנערער פּאָלקיזם, וואָס שטייט אויפן באָדן פון די ראַטן, אָנגעהויבן אין זיין פּראָגראַם שטאַרק פאַרקירצן און פאַרשמעלערן דעם פּאַרנעם און די ריכטונג פון דער ראַטן-אַרבעט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז ער פאַרלאַנגט ראשית כל די ברייטסטע דעמאָקראַטיזאַציע פון די ראַטן (סיי בּאַ זייערע וואַלן, סיי בּאַ זייער אַרבעט) און די ברייטסטע דעצענטראַליזאַציע זייערע. דידאַזיקע פאָדערונגען דאַרפן אין דער גרעסטער מאָס דערנענטערן די אַנטפּלעקונג פון דעם מלוכה-ווילן צו די פּיזישע טרעגער פון דעם ווילן. אָבער דאָס איז נאָר איין באַדינג. דער פּאָלקיזם פאַרלאַנגט, ווייטער, מען זאָל באַפרייען די ראַטן פון אַלע ריין-פּאָלקס-ווירטשאַפטלעכע און ספּעציעל-קולטורעלע פונקציעס פון דער געזעלשאַפט. עס ליגט די גרעסטע סכנה פאַר דער פרייהייט פון יחיד, אויב אין איין איינציק סיסטעם פון מלוכה-אָרגאַנען (אויך ווען דאָס זענען אַרבעטס-ראַטן) זענען קאָנצענטרירט אַלע סאָציאַלע פונקציעס פון אַ געזעלשאַפט: די פּאָליטישע, די עקאָנאָמישע, די גייסטיקע, די פּראָדוציר-אַרבעט פון מענטשן (נעמענדיק זי אין דעם ברייטסטן ווירטשאַפטלעכן און גייסטיקן זין), פון איין זייט, און דער פאַרבּרויך, דאָס געניסן פון די גיטער, פון אַנדערער זייט — דאָס זענען די צוויי גרויסע ספערן פון דער טאָגטעגלעכער מענטשלעכער שאַפונג. ס'איז וויכטיק, אַז אַלס אַן אָנטיילנעמער פון דידאָזיקע שאַפונגס-ספערן, זאָל דער מענטש נישט זיין אינגאַנצן אונטערגעוואָרפן דעם ספּעציפיש-מלוכהשן אַפּאַראַט. זאָלן טאַקע דערפאַר, פּאַראַלעל מיט די פּאָליטישע ראַטן, געשאַפן ווערן פּראָדוציר-סינדיקאַטן, פון איין זייט, קאָנסומענטן-קאָאָפּעראַטיוון, פון דער אַנדערער. דער חוט המשלש פון די אַלע פאַרבאַנדן (פון בּירגער, פון פּראָדוצירער, פון פאַרבּרויכער) וועט שאַפן אַ קאָמפּליצירטע אָרגאַניזאַציע פון דער אַרבעטס-געזעלשאַפט, בּאַ וועלכער די מלוכה-אָרגאַנען וועלן אַממייסטן פאַרשמעלערט ווערן אין זייערע פונקציעס. אויך דאָס איז נאָך נישט אַלץ. אום צו שוואַכן דעם כוח פון דער מלוכה, מוז בּאַ איר אָפּגענומען ווערן די מעגלעכקייט צו הערשן איבער דעם לעבן פון אירע בּירגער, ד. ה. די מעגלעכקייט צו באַנוצן זיך

מיט דער טויט־שטראָף. און, אחרון אחרון חביב, דער פּאָלקיזם אָנערקענט די ראָלע און די באַדייטונג פון יענער אַלץ מער וואַקסנדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס בויט זיך אינגאַנצן *דרויסן* פון דעם מלוכה־געביי אויפן יסוד פון אַ פרייען פאָרטראַג. אָט די פיר אַרטן באַגרענעצונגען אפילו פון אַ ראַטן־רעפּובליק דאַרפן דורכברעכן די וועגן צו אַן עכטן, און נישט נאָר ליטעראַרישן, „אָפּשטאַרבן פון דעם שטאַט". ס'איז קלאָר, אַז דורך דידאָזיקע אַלע וועגן טרעט דער רעוו. פּאָלקיזם, אַלס אַ סאָציאַליסטיש סיסטעם, אָפן אַריין אין די ספערן פון *אַנאַרכיזם*. און פונדעסטוועגן ווערט ער *נישט* אַן אַנאַרכיסטיש סיסטעם. ווי איז דאָס צו פאַרשטיין?

דאָ גייען מיר צו צו דעם שורש פון דעם פּראָבלעם. די סיבה באַשטייט אין דעם, וואָס אַלע סאָציאַלע פּלענער, וועלכע מיר האָבן אָנגעמערקט אויבן (פונקט אַזוי, ווי די אַנאַרכיסטישע פּלענער, וואָס שטייען צו זיי נאָענט), בילדן *לחלוטין* *נישט* אַ סיסטעם פון אַנאַרכיזם אין זיין ריינער פונאַנדערגעוויקלטער געשטאַלט. ווייל אין אַלע די פּלענער ליגט, אמת, אַ צעבּרעקלטער אָבער דאָך אַ נישט פונאַנדערגעלאָזטער *קריסטאָל* *פון* *ממשלה*. פונקט אַזוי ווי מען קאָן דעם רעגנוואָרעם שניידן אויף שטיקלעך און דאָך בלייבט ער אין יעדן שטיקל דער זעלביקער וואָרעם, פונקט אַזוי בלייבט די ממשלה — באַ יעטוועדן סיסטעם פון איר אָרגאַניזאַציע — שטענדיק *די* *זעלביקע*, לויט איר סאָציאַלער און אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישער נאַטור. די ממשלה, אפילו ווען זי איז פאַרטיילט אין אומצאָליקע הענט און איר אינהאַלט איז אויף שטיקלעך צעשטיקלט, בלייבט דאָך די זעלבע ממשלה. אפשר נישט גאָר אויבנאויפיק קלאָר, אָבער דאָך איבערצייגנדיק באַווייזן דאָס *צוויי*־רייען פון פאַקטן פון מענטשלעכן לעבן.

2.

די באַפרייונג פון דער מענטשהייט ט,ו. געוויינלעך פאַרגעשטעלט אויפן יסוד פון דער גרעסטער אַרבעטס-פּראָדוקטיוויטעט פון אַ געוואַלטיקן טעכנישן פּראָגרעס, פון דעם וווקס פון דער גרויסער פאַבריק-מאַשינעלער פּראָדוקציע. מיר וועלן דאָ נאָר דערמאָנען וועגן יענער פשוט גייסטיקער שכרות, מיט וועלכער דער מאַרקסיזם האָט אַמאָל אויסגעבויט זיינע פאַרשטעלונגען וועגן דעם מאַשין-סאָציאַליזם. די גרויסע צענטראַליזירטע אינדוסטריע און די אַלץ דורכדרינגענדיקע מאַשינעלע טעכניק — דאָס זענען געווען באמת די צוויי קייטן, אין וועלכע דער מאַרקסיזם האָט פון אָנהייב אָן איינגעשמידט די אַנטוויקלונג פון דער צוקונפטיקער פרייהייטלעכער געזעלשאַפט. „וואָס זענען די קלאַסן-צילן פון פּראָלעטאַריאַט? — האָט לענין געשריבן אין יאָר 1919. — דאָס איז — צו אָרגאַניזירן אַ גרויסע מאַשינעלע פּראָדוקציע אויף די פון דער בורזשואַזיע עקספּראָפּריאירטע פאַבריקן און פּראָדוציר-מיטל איבערהויפּט". קראָפּאָטקין האָט דאָס גרויסע פאַרדינסט, וואָס ער האָט דערקלערט און הויך איינגעשאַצט די באַדייטונג פון דער קליין-ווירטשאַפט אין אַלע אירע פאָרמען. אין זיין בוך „פעלדער, פאַבריקן און וואַרשטאַטן" האָט ער נישט נאָר רעאַביליטירט, נאָר באַזונגען די שעפערישע קראַפט פון דער קליינער פויערים-ווירטשאַפט, פון דעם קוסטאַרישן באַטריב, פון דער פּראָדוציר-קאָאָפּעראַציע, פון אַלע פאָרמען פון דער קליין-אינדוסטריע. אויב אָבער קראָפּאָטקין האָט אָנערקענט די קינסטלערישע קראַפט פון פערזענלעכן שאַפן און די באַדייטונג פון מעכאַנישער קראַפט אין דער קליין-ווירטשאַפט, האָט ער גלייכצייטיק אָנערקענט אויך די גרויסע מאַשינעלע פאַבריק. „אוודאי — האָט ער געשריבן — וואָלט עס געווען אַ פעלער צו מיינען, אַז די אינדוסטריע מוז זיך אומקערן צו דער פּרימיטיווער האַנט-אַרבעט אום צו פאַרבינדן זיך מיט דער לאַנדווירטשאַפט. אומעטום ווו די מאַשין דערלייכטערט די מענטשלעכע אַרבעט, איז זי געווונטשן און נויטווענדיק. ס׳איז כמעט נישטאָ קיין איין צווייג פון דער אינדוסטריע, צו וועלכער מען זאָל נישט קאָנען אָנווענדן מיט נוצן די מאַשין, יעדנפאַלס אין באַשטימטע סטאַדיעס פון דער פּראָדוקציע". „די לאַנד-

ווירטשאַפֿט קאָן זיך נישט אַנטוויקלען אָן דער הילף פֿון דער מאַשין". „בײַ דער באַאַרבעטונג פֿון פֿלאַקס, ווו מען דאַרף פּראָדוצירן מיליאָנען אַרשין טעקסטיל־סחורה און מען דאַרף דערצו האָבן קאָמפּליצירטע מאַשינען, איז, פֿאַרשטייט זיך, די קאָנקורענץ פֿון די האַנט־וואַרשטאַטן מיט די מעכאַנישע אַ פּשוטער אַנאַכראָניזם, וועלכער קאָן זיך נאָך ערגעץ־ווו האַלטן צוליב אָרטיקע באַדינגונגען, אָבער איז אומפֿאַרמיידלעך פֿאַרמשפּט צום אונטערגאַנג". קראָפּאָטקין שטעלט זיך דאָ, הייסט עס, אויף דער פּאָזיציע פֿון דער מאַשינעלער גרויס־פּראָדוקציע. ער זאָגט דאָס אויך בפֿירוש. „אויב מיר וועלן זיך צוקוקן צו דער מאָדערנער אינדוסטריע, וועלן מיר זען, אַז אין געוויסע צווייגן אירע איז די אָרגאַניזירטע געמיינשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿון הונדערט אָדער אפֿילו טויזנט מענטשן אַבסאָלוט נויטווענדיק, ווי צ. ב. אין דער באַרג־און דער רוי־אײַזן־אינדוסטריע. ס'איז אויך קלאָר, אַז מען קאָן נישט בויען אין דאָרף קיין ים־שיפֿן". און אַרויסזאָגנדיק זיך וועגן דער נויטיקייט צו שאַפֿן „פֿאַבריקן אין די פֿעלדער", מאַכט קראָפּאָטקין דעם לעצטן אויספֿיר: „בויט פֿאַבריקן און באַטריבן לעבן אײַערע פֿעלדער און אַרבעט אין זיי. איך רעד נישט וועגן גיגאַנטישע בנינים, ווו עס ווערן איבערגעאַרבעט געוואַלטיקע מאַסן פֿון מעטאַל; איך רעד וועגן אומענדלעך פֿאַרשידענע וואַרשטאַטן... דאָס וועלן נישט זײַן אַזעלכע פֿאַבריקן, וואָס אין זייער טייוולשער לופֿט פֿאַרלירן די קינדער זייער קינדעריש פּנים, אָבער פֿאַבריקן ברייטע, היגיענישע..." קראָפּאָטקין איז אַן אָנהענגער פֿון מאַשינעלער גרויס־פּראָדוקציע אין דער געזעלשאַפֿט, וואָס איז באַפֿרייט פֿון עקספּלואַטאַציע. און דאָרטן ווו אַזאַ פּראָדוקציע פֿונקציאָנירט אפֿילו טיילווייז, לייגט זי אַרויף איר שטעמפּל אויף דעם גאַנצן פּנים פֿון דער געזעלשאַפֿט. עס עקזיסטירט אָבער אַ פֿאַקט, וואָס מען קאָן אים נישט אָפּלייקענען: אין דער פֿאַבריק איז דער אַרבעטס־מענטש געווען און וועט תּמיד זײַן אַן עבֿד פֿון דער טעכניק, אַן אונטערטעניקער פֿון דער מאַשין, אַ טייל־כּל פֿון דעם סיסטעם. דערדאָזיקער פֿאַקט באַשטייט אין זײַן גאַנצער קראַפֿט, נישט קוקנדיק אויף די צוקונפֿטיקע טעכנישע און אַלגעמיין־קולטורעלע אויסבילדונג, פֿון אַרבעטער, בעת ער וועט פֿאַראייניקן אין זיך פֿאַרשידענע מאָמענטן פֿון דער אַרבעט, בעת ער וועט קאָנען אַריבערגיין פֿון איין אַרבעט צו דער אַנדערער, בעת ער וועט אפֿילו אַרײַנגעצויגן ווערן אין די דערפֿינדעריש־שעפֿערישע פּראָצעסן פֿון איר. ווײַל די גרויס־פּראָדוקציע איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ רעגי־

ד ו נ ג ס ־ ס י ס ט ע ם , וואָס איז מעכטיק פאַרצווייגט, וואָס גיט שאַרף אַכטונג, וואָס מעסט אָפּ קאַרג די רעכטן און וואַרפט אַרויף בערג פון פּאַרפליכטונגען, „וויסנשאַפטלעך" לויט טיילאָרן. די גרויס־פּראָדוקציע איז אָדער איין גרויסע מלוכה, אָדער אַ סיסטעם פון קליינע מלוכהלעך־פּאַבריקן, אין וועלכע דער מענטשן־מאַטעריאַל טיילט זיך תּמיד אויף צוויי קאַסטעס: רעגירער און רעגירטע. די מלוכה־פּאַבריק קאָן און וועט זיך מסתּמא באַציִען צו אירע מיטאַרבעטער גוטמוטיק, זאָרגפעלטיק און אפילו פרייהייטלעך, זי וועט אָבער שטרענג און מיט אַ שלאַנגען־בליק נאָכשפּירן יעטוועדן טריט זייערן און אפילו דעם אָטעם. דער אַרבעטס־מענטש איז דאָ פּונקט אַזוי פריי ווי „פריי" ס'איז דער שטיין — אין דעם באַקאַנטן משל פון שפּינאָזען, — וואָס מיינט, אַז ער איז פריי אין זיין פאַלן אויף דער ערד*). „אין דער גרויסער פּראָדוקציע — האָט נישט לאַנג געשריבן קאַוטסקי**) — קאָן דער אַרבעטער זיין נאָר אַ רעדעלע אין דעם גרויסן מעכאַניזם, אָדער, בעסער געזאָגט, נאָר אַן איינצל־אָרגאַן פון אַ גרויסן אָרגאַניזם. עס מוז איינשליסן זיך אין דעם אַלגעמיינעם פּלאַן. די דאָזיקע נויטווענדיקייט ווערט נישט פאַרמיטן דורך דעם, וואָס די גרויס־פּראָדוקציע פאַרוואַנדלט זיך פון אַ קאַפּיטאַליסטישער אין אַ סאָציאַליסטישער". און דאָס קומט דערפון, וואָס דעם אינערלעכן מהות פון אַ פּאַבריק בילדעט דאָס ג ע ז ע ץ און נישט אַ פאַרטראַג, דער באַפעל און נישט אַן אָפּמאַך.

דאָס איז נאָך ווייניק: די גרויס־פּראָדוקציע רופט אַרויס צום לעבן (אָדער האַלט אויף) מיט נויטווענדיקייט דאָס גרויסע מ ל ו כ ה ־ וועזן. ווייל אַזאַ פּראָדוקציע זעצט פאָרויס אַן ענגע פאַרקניפּונג פון די פאַרשידנסטע ווירטשאַפטס־געביטן (געביטן פון רויסטאָפן, פון פּאַבריקאַציע, פון צירקולאַציע). דאָס באַטייט אָבער, אַז אין איר אויסערלעכן וועזן זעצט די פּאַבריק פאָרויס אַ ווייט־פאַרצווייגטן און קאָמפּליצירטסטן סיסטעם פון מ ל ו כ ה ־אָרגאַנען, וועלכע גיבן אַכטונג, באַוועגן, שטופּן,

*) לאַוראַוו זאָגט: „יעדער מיטגליד פון דער געזעלשאַפט קען אין יעדער מינוט פאַרלאָזן די קוילן־גרובן; כּל זמן אָבער ער אַרבעט אין זיי, איז ער מ אָ ר אַ ל י ש פ אַ ר פ ל י כ ט ע ט אומבאַדינגט זיך אונטערצוואַרפן די פריי־געוויילטע אָנפירער פון דער אַרבעט".

**) „Von der Demokratie zur Staatssklaverei, 1921"

פּאַסן אויף, שטראָפן, באַלוינען. אויף אַזאַ אופן שאַפט די פאַבריק אין אירע אייגענע ווענט אַווירטשאַפטס-ביוראָקראַטיע און דרויסן פון זיי פונקט אַזאַ, אָבער נאָך אַ מעכטיקערע ביוראָקראַטיע. אַזאַ מאַשין שאַפט אַ סיסטעם פון „דאָפּלדיקער אונטערטעניקייט": דער פרייער אַרבעטס-מענטש פאַרוואַנדלט זיך אין אַן „אַרבעטער" און דער פרייער בירגער — אין אַן אונטערטאַן. דאָס ליגט אין דער נאַטור פון דער זאַך...

און זאָל זיך נישט דאַכטן, אַז דעם טאָג פון דעם מענטש קאָן מען טיילן אין צ ו ו י י פאַרשידענע חלקים: אויף נאָר — אַרבעט און אויף שאַפונג; און אַז אין דעם ערשטן טייל קאָן הערשן „על פּי נויטווענדי-קייט" אַ צענטראַליזירטע דיסציפּלין, בעת אין דעם צווייטן טייל קאָן דער מענטש זיין פריי אין זיין לעבנס-שאַפן. צו זיין אַ רוימער אין דעם פּראָדוציר-פּראָצעס, און אַ גריך (עללין) אין די איבעריקע פּראָצעסן פון לעבן — אַזאַ מין אידעאַל פון צוקונפטיקן מענטש איז סתירהדיק און אוטאָפּיש. ווייל אַרבעט איז נאָר איין אַרט אַנטפּלעקונג פון מענטשלעכן שאַפן און נאָר גלייכאַרטיקע נאָרמען פון גייסט קאָנען עקזיסטירן פאַר ביידע אַרטן שאַפן. הערשט אין דער ווירטשאַפט אַ פאַבריק, ליגט דע-מאָלט אַ פאַבריק-שטעמפּל א ו י ף אַ ל ע לעבנס-געביטן אָן אויסנאַם.

מיר זעען ווי קאָמפּליצירט עס איז דער איבערגאַנג פון הערשאַפט איבער מענטשן צו דער „הערשאַפט איבער זאַכן" און מיר זעען, אַז — אויף וויפיל דאָס מאַכט-געפּיל שפּייזט זיך אין אַ גרויסער מאָס פון די זאַפטן, וואָס פליסן פון די מאָדערנע גרויס-פּראָדוקציאָנעלע און גרויס-טעריטאָריעלע לעבנס-באַדינגונגען, — שטויסן מיר זיך אָן אָן אַ אַנדער פּראָבלעם: פון געניסן די פרוכטן פון דער צ י ו ו י ל י ז אַ צ י ע. די ציוויליזאַציע גייט האַנט אין האַנט מיט דעם היינטיקן הערשאַפטס-און פּראָ-דוציר-סיסטעם. און ס'איז מעגלעך, אַז אַ ממשותדיקע פאַרדרענגונג פון ממשלה מוז ווערן פאַרבונדן מיט דער גרייטקייט צו אַ געוויסן פּרימיטי-וויזם פון לעבן, צו אַ פרייוויליקן פאַרפּשוטן עס. אַזאַ מין גרייט-קייט פעלט נאָך אין דעם היינטיקן באַוווסטזיין פון רעוואָלוציאָנערן מענטש.

פונקט אַזוי פעלט אים אויך נאָך אַ אַנדער דערקענטעניש: דערין ליגט אויך דער צווייטער מקור פון דעם מאַכט-פּרינציפּ אפילו אין דער צוקונפט. מיר האָבן דאָ אין זינען די אומצאָליקע באַציונגען פון מענטשן צווישן זיך, אין וועלכע זיי זענען פאַרבונדן איינער מיט דעם אַנדערן אין ווערטיקאַלע ליניעס, וו איינער שטייט ה ע כ ע ר, דער צווייטער

נ י ד ע ר י ק ע ר פאַר דעם אַנדערן. אַמאָל האָט אַ רוסישער געלערנטער ב. קיסטיאַקאָווסקי געשריבן:

„אין די באַציונגען פון הערשן און אונטערוואַרפן זיך איז סוף-כּל-סוף פאַרבאַהאַלטן עפּעס אַ סוד, עפּעס אַ מיסטישע סיבה. ס'איז זייער שווער צו דערקלערן ווי דער רצון פון איין מענטש באַצוויגנט אַ פרעמדן מענטשלעכן ווילן". און עס האָט זיך אין די לעצטע יאָרן אויסגעבילדעט די אינדיווידועל-פּסיכאָלאָגישע טעאָריע פון אַלפרעד אַדלער, וואָס זעט די סיבות פון מענטשלעכע אינדיווידועלע און סאָציאַלע קאַמפן הויפּטזעכלעך אין די צוזאַמענשטויסן פון מאַכט-און הכנעה-געפילן. ביאָלאָגיש און סאָציאָלאָגיש זוכט דידאָזיקע טעאָריע אויפצודעקן די עלעמענטן פון דער מענטשלעכער אונטערטעניקייט און אָראָפּגעפאַלנקייט („מינדערווערטיקייטס-געפיל"), און די פאַרשידנסטע קאָמפּענסאַציעס אין לעבן און קולטור, מיט וועלכע דער מענטש באַקעמפט זיי באַוווסט אָדער אומבאַוווסט. ס'איז קיין נפקא מינה נישט, צי דער מהות פון דער מאַכט-דערשיינונג איז אַ מיסטישער אָדער אַ סאָציאַל-ביאָלאָגישער; איינס איז אָבער קלאָר: דער פאַרבאַהאַלטענער סם פון מאַכט טראָגט אַ סך פּנימער און דרינגט אַריין אין אַלע ספערן פון מענטשלעכע באַציונגען. דער מלוכהשער אַדמיניסטראַטאָר, דער מיליטערישער קאָמאַנדיר און דער פּאָליטישער פירער — דאָס זענען נאָר די בולטסטע פאַרטרעטער פון מענטשן — רעגירער איבער מענטשן. אָבער אירע הויפּטזעכלעכע אונטערערדישע שרשים שטעקן אין דעם ל ע ב נ ס - ש ט י י ג ע ר און אין די א י נ ט י מ ע באַציונגען פון מענטשן. אין די אינערלעכע באַציונגען פון אַ ריכטער, פון אַן אַרצט, פון אַ גייסטלעכן, וואָס נעמען געפאַנגען אַ מענטשלעכע נשמה כאָטש אויף אַ קורצע צייט; אין די באַציונגען פון דעם גרויסן טאַלענט, וואָס הערשט סוווערען איבער דער נשמה פון דעם באַגייסטערטן אָדער אויפגערודערטן מענטש. אַ מאַכט, נישט ווי אַ פיזישער אָדער אפילו יורידישער צוואַנג, אָבער נאָר ווי אַ גייסטיקע הערשאַפט, קעניגט מיט דער גאַנצער געוואַלט אין דידאָזיקע פאַרשוויגנסטע קעמערלעך פון דער מענטשלעכער נשמה. און דער לעצטער בונט קעגן יעטוועדער מאַכט — ווען זי מאַסקירט זיך אפילו אין די „עכטע" לבושים פון פריינטשאַפט, גוטסקייט, ליבע, באַגייסטערונג און נשמה-גרויסקייט — מוז פאָרקומען דווקא אין דידאָזיקע ספערן. ווייל דווקא דאָ ליגן די איבער-געזעלשאַפטלעכע אָדער, בעסער געזאָגט, די פאַרגעזעלשאַפטלעכע שרשים פון יעדער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער מאַכט.

עס שיינט אונז, אַז דאָסדאָזיקע פאַרשטענדניש, פונקט אַזוי ווי דאָס פאַרשטענדניש פון דער געפערלעכער נאַטור פון אַ פאַבריק, איז נאָך נישט אַריין ווי אַ קלאָרער באַשטאַנדטייל אין דעם באַוווסטזיין פון די קעמפער פאַר אַ נייער וועלט. דער קאַמף פאַר דער נייער וועלט, די סאָציאַלע רעוואָלוציע אין איר פאַרצווייגטן פאַרנעם, האָט זיך אָבער שוין אָנגעהויבן. ער איז אַריינגעדרונגען אין דער מענטשהייט פריער איידער עס האָט זי דורכגענומען די דערציונג צום ממשלהלאָזן סדר. געוויס לעבט אין דער מענטשהייט אַ מעכטיקע נטיה צו אַזאַ ממשלהלאָזער אָרדנונג, און זי דריקט זיך אויס אין דעם אומאויפהערלעכן קאַמף מיט די מלוכה־און ווירטשאַפטס־אָרגאַנען פון עבר, אין קאַמף פאַר נייע סאָציאַלע רעגירונגס־אָרגאַנען. אָבער ס'איז לגמרי נישטאָ דאָס פולשטענדיקע אַריינטיפן זיך אין דער נאַטור פון דעם ממשלהלאָזן סדר.

דערפון מוז געבוירן ווערן דער באַגריף פון דעם „איבערגאַנגס־פעריאָד", וועלכן דער אַנאַרכיזם וויל לגמרי נישט אָנערקענען און וועלכער ווערט לחלוטין פאַרדאַרבן אין סיסטעם פון קעמפנדיקן באָלשעוויזם. לאַווראָוו האָט דעמדאָזיקן פעריאָד כאַראַקטעריזירט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „עס האַנדלט זיך וועגן יענער זייער שווערער עפּאָכע, וועלכע וועט אָנקומען אויפן צווייטן טאָג נאָך דער געלונגענער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אין אַ גאָר גרויסן לאַנד, בעת לעבן די זיגער וועלן שטיין די באַזיגטע, אָנגעשראָקענע, פאַרלוירענע, אָבער פיינטלעכע עלעמענטן, פאַראַזיטן פון דעם צעשטערטן סדר; בעת דרויסן פון די גרענעצן פון סאָציאַליסטישן לאַנד וועלן עקזיסטירן מלוכות מיט אַ בירגערלעכער אָרדנונג; בעת דאָס רוב פון די קעמפער, וואָס האָבן פראָקלאַמירט די יסודות פון סאָציאַליזם, וועלן אומבאַוווסט טראָגן אין זיך די געוווינהייטן און די נטיות, וואָס זיי האָבן געירשנט פון דעם סאָציאַלן סדר, אין וועלכן דאָס רוב האָט זיך דערצויגן, געוואַקסן און אַנטוויקלט". מיר רעכענען, אַז דערדאָזיקער איבערגאַנגס־פעריאָד. פאַרציט נאָך אויף אַ לענגערע צייט, איידער לאַווראָוו האָט זי אָנגעמערקט: ווייל די סיבות, וואָס שטערן דער פולשטענדיקער באַפרייונג פון מענטשן, זעען מיר נישט נאָר אין בירגער־קריג און אין די זיילישע רעשטלעך פון דעם אייגנטומס־סדר. פאַר אונז הייסט „איבערגאַנגס־פעריאָד" די גאַנצע לאַנגע צייט, וואָס וועט זיך ציען ביז דער אַנאַרכיזם וועט זיך פאַרווירקלעכן אין זיין טיפסטער פולקאָמענהייט. דערפאַר טאַקע מוז דערדאָזיקער צייט־פעריאָד, וואָס אַנטהאַלט אפילו איז זיך עלעמענטן פון ממשלה, גלייכצייטיק אַריינציען אין זיין

הלכה למעשה די מאַקסימאַליסטע צאָל פון אַנאַרכיסטישע עלעמענטן. דאָ ליגט טאַקע דער גרונטזעצלעכער חילוק צווישן דעם רעוו. פאָלקיזם פון איין זייט, באָלשעוויזם און אַנאַרכיזם, פון דער אַנדערער זייט. דער באָלשעוויזם אָנערקענט אמת די נויטווענדיקייט פון אַן איבערגאַנגס־פּעריאָד, אָבער אָנשטאָט צו מאַכן פון אים אַ מעכטיקן מקור פון דערציונג פון אַ נייעם מענטש, פאַרוואַנדלט ער אים אין אַ ברוכשטיק פון דער אַלטער צעבראָכענער וועלט. בעת דער באָלשעוויזם גיסט אַריין אין דעמדאָזיקן פּעריאָד דעם פאַנאַטישן ברען פון דער מלוכהשקייט, מאַכט ער פון איר נישט דעם אַוואַנגאַרד פון אַ נייעם סדר, נאָר מער נישט ווי דעם אַריערגאַרד פון דעם בירגערלעך־ממשלהדיקן סדר. — דער אַנאַרכיזם ווידער, וואָס לייקנט אָפּ אינגאַנצן דעמדאָזיקן פּעריאָד, פאַלט אַריין אין געפאַנגענשאַפט צו אילוזיעס: ווייל דער פּעריאָד איז דאָך דאָ בממשות. ער איז דאָ נישט נאָר אין דער צייט פון בירגער־קריג אַליין, נאָר — ווי מיר האָבן שוין געזען — אויך ווייטער און טיפער: אויף אַזוי פיל ווי ער אַנטהאַלט, כאָטש אין אַ צעברעקלטער פאָרם, די בלי ספקדיקע עלעמענטן פון אַ געזעלשאַפטלעכער מאַכט. דער רעוואָלוציאָנערער פאָלקיזם, פון איין זייט, אַקצעפּטירט דעמדאָזיקן פּעריאָד, שטעלנדיק דערביי נאָר איין באַדינג: ער זאָל נישט אַנטהאַלטן אין זיך אַזוינע עלעמענטן, וואָס זענען פּרינציפּיעל פאַרשידן און פיינטלעך דער עכטער פרייהייט פון מענטשן, אפילו שוין אָנערקענענדיק די עקזיסטענץ פון מאַכט אין דעם פּעריאָד, זוכט דער פאָלקיזם זי צו צעברעקלען, צו פּולווערייזירן, צו אַנאַרכיזירן.

3.

צי הייסט דאָס, אַז דער רעוואָלוציאָנערער פאָלקיזם איז מינימאַליסטיש אין פאַרגלייך מיטן אַנאַרכיזם? אויף דערויף קאָן מען ענטפערן: יאָ און ניין. ניין: ווייל דער אַנאַרכיזם איז לגמרי נישט עפּעס אַ באַשטימט סיסטעם פון געזעלשאַפטס־אָרגאַנען, אַ סיסטעם פון לעבנס־אָרגאַניזאַציע, וועלכע מיר וואָלטן נישט קאָנען אָננעמען. דער פאָלקיזם שטעלט זיך טאַקע נישט אַנטקעגן אים ווי עפּעס אַן אַנדער סיס־

טעם פון געזעלשאַפטס־אָרגאַניזאַציע. אַנאַרכיזם איז די סטיכיע, דער פר הייטלעכער גייסט פון מענטש, וועלכער זוכט צו פאַרווירקלעכן זיך אין אַ סיסטעם, ד. ה. אויך אין פאַרשידענע סיסטעמען (וועלכער איז אָבער אין זיין אייגענעם מהות נישט סיסטעמאַטיש !). אַנאַרכיזם איז נישט אַ סאָציאַל־אָרגאַניזאַטאָרישע אָדער סאָציאַל־טעכנישע קאַטעגאָריע, נאָר אַ סאָציאַל־פסיכאָלאָגישע קאַטעגאָריע : דאָס איז דער פרינציפּ פון דער טיפסטער איבעראַנדערשונג פון מענטשלעכן באַוווסטזיין און רצון, די לעצטע פאַר־וואַנדלונג פון זיין נשמה*). אָט דידאָזיקע סטיכיע טאַקע זאַפּט אין זיך אריין דער רעוו. פאָלקיזם.

אָבער אויך י אָ : דער פאָלקיזם איז מינימאַליסטיש, ווייל ער שאַצט די נשמה און די גייסטיקע רייפקייט פון די מענטשן אַ סך נידעריקער איידער דער אַנאַרכיזם. ווייל ער זעט שווערע הינדערניסן סיי אין דעםווירטשאַפטס־סדר, סיי אין דעם לעבנס־שטייגער פון מענטש, וועלכער רייניקט אָפּ אין דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד נאָר די וועגן פאַרן אַנאַר־כיסטישן גייסט. — אוודאי איז דאָס אַ מינימאַליזם, אָבער גאָר אַן אַנדע־רער ווי דער געוויינלעכער מינימאַליזם פון די אַלטע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען. יענער מינימאַליזם אַנטפּלעקט זיך אין די גרענעצן פון איין סאָציאַל־אָרגאַניזאַציאָנעלער ספערע, פון איין טיפּ געזעלשאַפטס־בוי ; און אין דידאָזיקע גרענעצן אָנערקענט ער נאָר דעם נידעריקסטן שטאַפּל פון דעם טיפּ. אונזער מינימאַליזם נעמט אָן פון דעם טיפּ דווקא זיין העכסטן שטאַפּל ; שטעלט זיך אָבער אָפּ פאַר דעם גאָר נייעם, ממשלה־לאָזן טיפּ פון אַ מענטשלעכער געזעלשאַפט. אַנדערש גערעדט : דער רע־וואָלוציאָנערער פאָלקיזם איז אין סאָציאַלן זין מאַקסימאַליסטיש, ווייל אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער געזעלשאַפט וויל ער אויסנוצן די בעסטע פאָרמען, וואָס זענען אויסגעאַרבעט ביז היינט דורכן מענטשלעכן באַוווסט־זיין. אָבער דער פאָלקיזם איז, פון דער אַנדערער זייט, מינימאַליסטיש, אויף אַ־זוי פיל, ווי ער אָנערקענט, אַז די עלעמענטן פון מאַכט מוזן אין די בעסטע סאָציאַלע פאָרמען ווייטער עקזיסטירן. אַלזאָ, נאָר די פאַרבינדונג פון סאָציאַלן מאַקסימאַליזם און אַנאַרכיסטישן מי־

*) נעווויס איז יעטוועדע סאָציאַלע דערשיינונג — פסיכאָלאָגיש לויט איר נאַטור. אָבער דער אַנאַרכיזם איז, אַזוי צו זאָגן, דער פרינציפּ, וואָס באַלעבט פון אינעווייניק די סאָציאַלע באַציונגען.

נימאַליזם שיינט צו זיין די איינציק־מעגלעכע אידעאָלאָגיע פון דער היינטיקער מענטשהייט. דערפאַר טאַקע קאָן דער רעוואָלוציאָנערער פאָלקיזם נישט אָפּשיידן זיך פּרינציפּיעל פון אַנאַרכיזם. די גרענעץ, וואָס טיילט זיי אָפּ, איז אין אַ גרויסער מאָס נאָר רעלאַטיוו און שוואַנקענדיק. זיי זענען פאַרבונדן צווישן זיך אינערלעך ווי אַ סיסטעם איז פאַרבונדן מיט אַ גייסט. אויף וויפיל גייסט קאָן דורכנעמען אַ סיסטעם, נעמט דער אַנאַרכיזם דורך דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלקיזם. און אויף וויפיל יעדער סיסטעם נעמט אַריין אין זיך דעם גייסט, נעמט אַריין דער פאָלקיזם אין זיך דעם אַנאַרכיזם*). ער נעמט אים אַריין אין זיין אידעישן שטח ווי אַן איגערלעכן, פירנדיקן און באַלעבנדיקן פּרינציפּ. ווייל מען מוז תמיד געדענקען: דער אַנאַרכיזם איז פאַר אונז בשום אופן נישט עפּעס אַ סאָציאָלאָגישע גרענעץ, עפּעס אַן אויסערלעך אָפּגעשלאָסענער ברעג, צו וועלכן מען מוז מיטן גאַנצן גוף צושווימען, אום צו שטעלן זיך אויף אים מיטביידע פיס. דער אַנאַרכיזם איז אַ גייסטיקער ווינט, וואָס בלאָזט אָן די זעגלען פון דעם איבערגאַנגסעפּאָכע, אַ גייסטיקער פּרינציפּ, וואָס זעטיקט אָן די מאַטעריע פון סאָציאַליזם. אין דעמדאָזיקן זין שטייט דער אַנאַרכיזם נישט אַזוי פאָרנט פון פאָלקיזם, ווי אין מיטן פון אים.

עס וואָלט אָבער געווען אַ פעלער צו מיינען, אַז דער אַנאַרכיסטישער גייסט קאָן אַריינדרינגען אין די סאָציאַליסטישע באַציונגען דורך ריין־פּאַסיווע וועגן, אָן דער אַנטשלאָסענער און שטענדיקער איינווירקונג פון מענטשן. די באַרימטע פאָרמול וועגן דעם „אָפּשטאַרבן פון דעם שטאַט“, וועלכע איז דורכגענומען מיט דעם מאַרקסיסטיש־מעכאַניסטישן גייסט, מוז פאַרביטן ווערן אויף אַן אַנדערער פאָרמול: שעפעריש ממיתן דעם שטאַט! מאַרקסיסטן מיינען, אַז דער ממשלהלאָזער צושטאַנד וועט, ווען נישט איז סטיכיש, אין פּראָצעס פון אַנטוויקלונג, אַריינוואַקסן אין די מענטשלעכע באַציונגען, אַז ער וועט באחרית הימים

---

*) דער אַנאַרכיזם ווערט דאָ אומעטום פאַרשטאַנען ווי דער באַגריף פון דער טיפסטער צווישן מענטשן מעגלעכער פרייהייט. אָבער דער אידעאַל פון פאָלקיזם שעפּט זיך לגמרי נישט אויס מיט דעמדאָזיקן, אייגנטלעך נעגאַטיוון באַגריף. ער שליסט אַריין אין זיך אַ ריי פּאָזיטיווע מאָמענטן (אַקטיווע מענטשלעכקייט, גרייטקייט צו קרבנות א. א. וו.). דאָס איז אָבער אַ טעמע פאַר זיך.

ווערן אַ נייע „נאַטור“ פון דעם מענטש, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער
ענערגישער איינווירקונג פון אויבן דורך געזעצן און משפטים. אין דער
הינזיכט איז טאַקע דער מאַרקסיזם, וואָס גייט אַרויס פון די „אייזערנע
געזעצן“ פון דער סטיכיע און פון די מלוכה־געזעצן פון די געלערנטע
פירער, אינערלעך פ יי נ ט ל ע ך צום אַנאַרכיזם, וואָס בויט גאָר להיפך
אויף דעם זעלבסטשטענדיקן שאַפן פון יעדן איינציקן מענטש. דער אַנאַר־
כיסטישער גייסט וואַרט נישט אויף די רעוואָלוציאָנערע שינוים פון דער
דרויסנדיקער נאַטור, ער פאַרלאַנגט די אומאויפהערלעכע רעוואָלוציאָנערע
א י ב ע ר אַ נ ד ע ר ש ו נ ג פון דער נאַטור.

דערצו מוז מען זיך אָבער מיט דעם באַוווסטזיין אָפּשיידן פון די
גליקן פון אַ גרויסער פ אַ ב ר י ק־פּראָדוקציע; מוז מען שטרעבן אויך אי־
בערצושמעלצן די פאַבריקן אין „וואַרשטאַטן“. אַז נישט וועט די באַלעבאַ־
טישקייט תמיד בלייבן אַ באַלעבאַטעווען איבער מענטשן, נישט איבער
זאַכן. מען מוז קאָנען אָפּזאָגן זיך פון די גרויסאַרטיקע געשטאַלטן פון
גרויסע טעריטאָריעס־מוראַשניקעס. אַז נישט וועט געאָגראַפיע אויפפרעסן
די געשיכטע פון דער מענטשהייט. מען מוז לערנען זיך פונאַנדערצו־
וויקלען אַלע לעבנס־באַציונגען אויפן יסוד פון פ א ר ט ר אַ ג און אַזוי
אַרום איבערצובויען די סאָציאַלע מאַטעריע, וואָס ווערט געשאַפן נאָר
דורך געזעץ. בעת מיר רעדן פון פאַרטראַגן, מיינען מיר נישט יענעם
„געזעלשאַפטלעכן פאַרטראַג“, וואָס איז פאַרבונדן מיטן נאָמען פון רוסאָ
און איז אַמאָל שאַרף געשטעמפּלט געוואָרן פון דעם טיפּן אַנאַרכיסטישן
דענקער פּרודאָן. „דער סאָציאַלער פאַרטראַג — זאָגט פּרודאָן — מוז
ווערן פריי באַטראַכט, אינדיווידועל אָנגענומען, און אונטערגעשריבן מיט
דער אייגענער האַנט (mann propria) פון אַלע, וואָס נעמען אַן
אָנטייל אין אים“*). נאָר אַזאַ מין פאַרטראַג האָבן מיר דאָ אויך
אין זינען. מיר ווייסן אָבער שוין, אַז אויך די אויפן פאַרטראַג בע־
בויטע באַציונגען שאַפן — אין פּראָצעס פון זייער פ אַ ר ו ו י ר ק ל ע־
כ ו נ ג — ווידער ממשלה־צושטאַנדן. דערפאַר טאַקע איז נויטווענדיק —
און דאָס איז דאָס וויכטיקסטע! — אַרויסצורייסן די עלעמענטן פון מאַכט
פון די פערזענלעכע־און שטייגער־באַציונגען צווישן מענטשן. די גרעסטע

---

*) „P. Proudhon. Idée générale de la Révolution au XIX siècle“. 117

שווערקייט, אָבער אויך די שענסטע אויפגאַבע פון גייסט וועט ליגן דערין — אָפּצוּוואַרפן יעדן שאָטן פון באַלעבאַטעווען איבער מענטשן און אָנצוזאָגן מיט פרייהייט די אינטימסטע ספערן פון ליבע, פריינטשאַפט, באַגייסטערונג און פירערשאַפט. דאָס אַנאַרכיזירן פון לעבן אין דידאַזיקע באַהאַלטענע ספערן וועט דעמאָלט פון אינעווייניק אָפּשוואַכן די געפערלעכע ווירקונג פון די גרויס-ווירטשאַפטלעכע. גרויס-טעריטאָריעלע, געזעצגעבערישע פאָרמען פון סאָציאַלן לעבן. און דידאַזיקע פאָרמען, וואָס הענגען אָפּ פון אונזערע פאָרשטעלונגען איבער ציוויליזאַציע, וועלן דאָך נאָך לאַנג, לאַנג בלייבן עקזיסטירן...

דידאַזיקע אויף אַ רגע נישט אויפהערנדיקע אַקטיוויטעט פון מענטשן, איז נויטווענדיק אום צו דערגרייכן דעם אַנאַרכיסטישן אידעאַל פון לעבן. זי וועט אָבער נישט ווערן איבערפליסיק אויך נאָך דערויף, ווייל אַנאַרכיזם איז נישט עפּעס דעראָבערונג פון אַ באַשטימטן סדר; ער איז דאָס שטענדיקע מנצח זיין דעם אַלטן מענטש אין זיך. אָבער דער באַגריף פון אַלטן מענטש איז אַ דינאַמישער באַגריף. זיין אינהאַלט וועט זיך ענדערן באַ יעדן אויפשטייג פון דער מענטשהייט אויף אַ נייער שטופע. נייע אידעאַלן און נייע קאַמפן וועלן געבוירן ווערן אין זיין ברוסט יעדן מאָרגן פון זיין לעבן. אחדשהו יום יום...

**י. נ. שטיינבערג**

דעם חשובן דר. חיי
זשיטלאָווסקי געווידמעט.

# נאַציאָנאַליזם פון „ענטוועדער-אָדער“.*)

אויב מ'זאָל וועלן קורץ אָבער גענוג צוזאַמענפאַסנד כאַראַקטעריזירן דעם תוך פון אונזער איצטיקן נאַציאָנאַליזם, אין אונטערשיד פון זיינע מערערע פריערדיקע עפּאָכן, אויב מ'זאָל וועלן אויסגעפינען דעם וועזנטלעכסטן שנוי, וואָס איז נתחדש געוואָרן אין בית-המדרש פון אונזער מאָדערנער נאַציאָנאַליסטישער תורה, אַ שנוי, וועלכער ווערט אַזוי העפּטיק, לויט דעם אַלטן מוסטער פון אונזערע אַמאָליקע התמדה-דיקע לומדי-תורה, איבערגעחזרט הונדערט איין מאָל ווי מען דאַרף יאָ און ווי מען דאַרף ניש ט, אויב מ'זאָל וועלן מיט אַ פולשטענדיק פאַרדינטן שלאָגוואָרט שטעמפּלען דעם נייעם קורס פון אַלטן יידישן נאַציאָנאַליזם, מיין איך, אַז אַמבעסטן און אַמאַנטשפּרעכנדיקסטן וועט פאַר דעם זיין דער נאָמען, מיט וועלכן איך האָב באַטיטלט דאָס קאַפּיטל: — נאַציאָנאַליזם פון „ענטוועדער-אָדער“.

ד אָ ס איז דער אויסגאַנגס-פונקט, די באַוועג-קראַפט פון פאַרגרייזטן נעאָ-נאַציאָנאַליזם. ד אָ ס איז די קווינטעסענץ, כ'וואָלט געזאָגט: דער הויפּט-פּסוק, אויף וועלכן אַ הלל פון אונזער איצטיקן נאַציאָנאַליזם וואָלט געקאָנט אויסלערנען „די גאַנצע תורה אויף איין פוס“, אַלע איבעריקע פּרשיות און סדרות פון דער נעאָ-נאַציאָנאַליסטישער תורה זענען בלויז קאָמענטאַרן, אויספירונגען פון הויפּט-פּסוק.

*) אַ קאַפּיטל פון אַ גרעסער ווערק: „אונטערן גרים פון נאַציאָנאַליזם“.

„איר וועט דעמדאָזיקן „ענטוועדער־אָדער“־פסוק ה ע ר ן אויף פאַר־שידענע פאַרטיי־פאַרזאַמלונגען (ריכטיקער אויף די פאַרזאַמלונגען פון די פאַרשידנסטע נאַציאָנאַליסטישע פאַרטייען, אָנהייבנדיק פון רעכטס און ענ־דיקנדיק מיט לינקס). איר וועט אים, דעם זעלביקן פסוק, ז ע ע ן אין די ווערק — נישט נאָר פון לייכטערן אַגיטאַציע־כאַראַקטער, נאָר אויך אין די ערנסטערע, גרונטלייגנדע טעאָרעטישע ווערק אין אַלע זייערע פאַרטיי־ניואַנסירונגען — פון די נאַציאָנאַלע פאַרטייען.

דער פסוק האָט, אַלזאָ, פאַרכאַפּט די ג אַ נ צ ע תורה, ווי די תורה שבע״פ, אַזוי אויך די תורה שבכתב.

און איך זאָג שוין תיכף, איידער איך גיי נאָך אַריין אין קורצן אַנאַליז זיינעם, אַז דווקא דערדאָזיקער פסוק, וואָס נעמט אַרום אַזוי רירנד אונטער איין טלית פון „עם כל הנערים“ אַ ל ע (לכל הפחות: אַ ז ו י פ י ל) באַזונדערע נאַציאָנאַליסטישע ריכטונגען פון אונזער צייט, איז אַ בפירוש־אַ נ ט י נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ס ט י ש ע ר פ ס ו ק, ער שטאַמט פון אַ פרעמדער, צום עכטן יידישן נאַציאָנאַליזם בלוט־פיינדלעכער תורה, ער איז אונז אָנגעבונדן געוואָרן פון נישט קיין אַנדערער מחנה, ווי די אַ ס י מ י ל אַ צ י ע. דערדאָזיקער „ענטוועדער־אָדער“־נאַציאָנאַליזם, וועלכער האָט באַהערשט אַלע געמיטער און וועלכער וועבט זיך אַזוי פאַררעטעריש און שעטנז־אַרטיק איין אין אַלע נאַציאָנאַליסטישע פאָנען, אומאָפּהענגיק פון זייער פאַרם: צי זענען זיי שוואַרצלעך־ווייס־בלויע אין די מזרחיסטישע הענט, צי זענען זיי העל־ווייס־בלויע אין די וועלטלעך־ציוניסטישע הענט אָדער אפילו רויט אָדער רויטלעך־ווייס־בלויע אין די סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע הענט. — דערדאָזיקער „ענטוועדער־אָדער“־נאַציאָנאַליזם באַדייט אַ דעגראַדירונג פון אונזער עכטן נאַציאָנאַליזם, אַ ריקטריט פון די פאַרנומענע פאָזיציעס, אַ בפירושע — הגם נישט אָנגער־קענטע — דערנענטערונג צו דער... אַסימילאַציע.

כ׳גלייב, אַז ס׳איז נישט נייטיק אַ סך אויסצוטייטשן, וואָס איך מיין אונטער דעם „ענטוועדער־אָדער“־נאַציאָנאַליזם. דאָס איז יענע גרונט־הנחה, פון וועלכער דער מאָדערנער נאַציאָנאַליזם אונזערער גייט אַרויס, סיי בא זיין אידעאָלאָגישער אורשפרינגלעכקייט און סיי בא זיין פראַקטישער טע־טיקייט, נעמלעך:

דאָס יידישע פאָלק איז געקומען צו אַ מצב פון „כלו כל הקצין“. דאָס יידישע פאָלק שטייט אויפן שוועל פון פאַרשווינדונג. מען מוז אָננע־מען עקסטאָרדינאַרע מיטלען צו ר ע ט ן דאס פאלק פון פאַרניכטונג.

און די געפּאָדערטע שיטה זאָל עס זיין דאָס איינציקע רעטונגס־מיטל פאַר דעם חולה־מסוכן־פאָלק.

קורץ: ענטוועדער ציוניזם — און מיר זענען געראַטעוועט, אָדער נישט ציוניזם — און מיר זענען פאַרלוירן!

איר וועט אַזאַ פאָרמולירונג, אָפן אָדער האַלב פאַרשטעלט, ווי געזאָגט, הערן אויף יעדער פאַרזאַמלונג, זען אין יעדן טעאָרעטישן ווערק. ס'מאַכט דעם איינדרוק, ווי אַלע ערשט־ראַנגיקע טרעגער פון נאַציאָנאַליסטישן געדאַנק וואָלטן מיט זיך פאָרגעשטעלט, קודם־כל, אַ קאָנסיליום באַ דעם בעט פון אַ גוססן און זייערע באַזונדערע פאַרטייאישע שיטות זאָלן עס זיין דער לעצטער, דער אַנטשיידנסטער רעצעפּט, וואָס נאָר ער אַליין קאָן דעם גוסס פון טויט לעבעדיק מאַכן.

פאַרשידן זענען טאַקע די באַזונדערע פאַרטייאישע שיטות, פאַרשידן זענען לויט זייער צוזאַמענשטעל די פאָרגעלייגטע רעצעפּטן — דאָס באַווייזט נאָר איינאיינציק אויף דער נישט איינשטימיקייט פון די קאָנסיליום־אָנטיילנעמער בנוגע דער היילונג, דאָס שטערט אָבער כּלל נישט די איינשטימיקייט אין דעם פון אַלעמען געשטעלטן דיאַגנאָז:

דער חולה וועט מוזן אויסהויכן די נשמה, אויב — אויב ער וועט נישט נעמען דעם פאָרגעלייגטן רעצעפּט!

ס'איז אפילו אַ געוויסע אומלאָגישקייט פאַראַן אין אַזאַ מין קאָנסיליום. ווי קאָן עס דער חולה־מסוכן אַליין שטעלן זיין אייגענעם דיאַגנאָז? ווי אַזוי קאָן עס דעריעניקער, וועלכער שטייט ערב אויסהויכן דעם אָטעם אורטיילן וועגן זיין אייגענער רעטונג? אַ דאָקטאָר קאָן זיך באַטראַכטן אַליין נאָר דאַן, ווען זיין מחלה איז אַ לייכטע, אַ פאָראיבערגייענדע, אין אָנהייב פון איר אַנטוויקלונג. אַ דאָקטאָר קאָן אָבער נישט, מעג ער זיין דער גרעסטער ספּעציאַליסט, באַטראַכטן זיך אַליין און נאָך מער נישט אורטיילן וועגן דער אייגענער היילונג דאַן, ווען די מחלה איז אַ שווערע, אַ שווער־פאָראיבערגייענדע, ווען די מחלה האָט זיך שוין אויף אַזוי ווייט אַנטוויקלט, אַז זי האָט אים געבראַכט צום פאָרלעצטן אָטעם, צום געראַנגל מיטן טויט.

און גראָד באַ דעמדאַזיקן „ענטוועדער־אָדער" פון אונזערע נאַציאָנאַליסטן איז ביידע אָנגערופענע טאַטזאַכן צו געפינען: סיי די דיאַגנאָסטירטע מחלה איז אַ העכסט־געפערלעכע, סיי די דיאַגנאָז־שטעלער גופא זענען עס דער קראַנקער אַליין.

אויף דער לעצטער טאַטזאַך לוינט זיך אַ ביסל אָפּצושטעלן.

מיר האָבן אויפן גרויסן שטח פון אונזער געשיכטע שוין געהאַט אַ סך געבעטענע און אומגעבעטענע (אומגעבעטענע מער ווי געבעטענע!) דאָקטוירים.

מיר האָבן געהאַט אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן אונז געוואָלט מזכה זיין מיט ישועות ונחמות. זיי זענען געקומען סיי פון דער פרעמד, סיי פון צווישן אונז גופא. אָבער וואָס ס'איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם גרעסטן טייל פון די אַלע רעטער אונזערע איז דווקא דאָס, וואָס זיי זענען אונז געווען אָ ר ג אַ נ י ש - ו ו י י ט, וואָס זיי האָבן צו אונז, דעם „חולה", גערעדט מיטן לשון פון „לכם ולא לו", וואָס אין זייער באַציונג צו אונז איז שטענדיק געווען יענער בעל-טובהשער בייגעשמאַק, וועלכער טיילט אָפּ דעם „נותן" פון „מקבל". אין דעם פרט איז נישט געווען קיין אונ-טערשיד צווישן „פרעמדע" און „אייגענע", ווייל די „אייגענע" גופא זענען אונז געווען אַזוי אָפּט פרעמד, נאָך מער פרעמד ווי די אורשפּרינגלעך-פרעמדע.

גענוג, בדרך משל, צו דערמאָנען די „אייגענע" בעלי-טובות פון דער אַלגעמיינער קאָסמאָפּאָליטישער השכלה-עפּאָכע פון דער נאָך לעצטע-רער סאָציאַליסטיש-קאָסמאָפּאָליטישער צייט. דידאָזיקע „אייגענע" האָבן זיך, אין באַצוג צום יידישן פאָלק, וועלכן זיי זענען עס געקומען צו „רעטן", געשטעלט אין דער לאַגע פון ה ע כ ע ר ע לגבי נ י ד ע-ר י ק ע ר ע. זיי האָבן צו אונז אַפּעלירט נישט אָן גדלות פון זעלבסט-אָנערקענטער מחוץ למחנהדיקייט. ס'איז אפשר געווען ז י י ע ר טראַ-געדיע, מער ווי א ו נ ז ע ר טראַגעדיע, זיי האָבן אפשר אַ ביטערן טעות געהאַט, ווען זיי האָבן זיך געשאַפן די אילוזיע פון „יענסייטס" לגבי אונז — כ'גיי דאָ אויף דעם נישט איין.

אָבער אין עטלעכע הינזיכטן — כאָטש למראית עין — זענען דאָך דידאָזיקע „אייגענע" פאַ"ט געווען קאָנסעקווענט.

ס ו ב י ע ק ט י ו-קאָנסעקווענט — זיי האָבן זיך אַליין גערעכנט פאַר אָפּגעטיילט, פּסיכאָלאָגיש און וועזנטלעך אָפּגעטיילט פון דעמיעניקן, וועמען זיי זענען געקומען צו היילן. זיי האָבן, אַלזאָ, געקאָנט זיך האַלטן פאַר דאָקטוירים לגבי דעם מסוכן-קראַנקן צוליב דעם אַליין, וואָס אַלס דאָקטוירים האָבן זיי קיין שייכות, קיין פיזישע שייכות, נישט מיט דעם קראַנקן, וואָס זיי אַליין זענען שוין אויסגעהיילט פון יענער מחלה, פון וועלכער זיי קומען איצט היילן אַנדערע.

א ב י ע ק ט י ו-קאָנסעקווענט — זיי האָבן דאָך די עצם מ ח ל ה

איינגעזען אין מיקראָב פון יידישקייט, זיי האָבן דאָך פאַר דער רפואה געהאַלטן דאָס אָפּזאָגן זיך פון יידישקייט, די אַסימילאַציע.

האָבן אַסימילירטע (אָדער: וואָס האָבן זיך געהאַלטן אַלס אַסימילירטע) דאָקטוירים געוואָלט היילן דעם נאָך נישט אַסימי-לירטן חולה דורך אַסימילאַציע.

און זיי האָבן טאַקע געקאָנט מיט רעכט געברויכן די פאָרמול פון: „ענטוועדער-אָדער".

„ענטוועדער" איר אַסימילירט זיך און געניסט פון אַלע פרעכטי-קייטן פונקט ווי מיר, „אָדער" איר גייט אויס אין גייסטיקן און פיזישן דלות, אין יענעם דלות, פון וועלכן מיר זענען שוין אַרויס!

ערגער, נישט צו פאַרגלייכן ערגער, איז אָבער די לאַגע, ווען די זעלביקע פאָרמול פון „ענטוועדער-אָדער" קומט אַריין אין מויל פון נאַ-ציאָנאַליסטן. און די אומקאָנסעקוועגץ דריקט זיך דאָ אויך אויס אין צוויי ריכטונגען, אין דער סוביעקטיווער און אָביעקטיווער.

סוביעקטיוו: די נאַציאָנאַליסטן שטעלן זיך דאָך נישט מחוץ-למחנה, זיי אַפּעלירן דאָך צום פאָלק נישט פון אָפּגעגרענעצטער ווייט, אויף זיי איז דאָך נישט חל דער „לכם ולא לנו", פאַרקערט: זיי זענען דאָך די אַקטיווסטע טיילן פון יענעם פאָלק, צו וועלכן זיי אַפּע-לירן, זיי זענען דאָך דאָס האַרץ פון דעם קראַנקן. ווי אַזוי זשע קאָן עס דער מסוכן-קראַנקער אַליין אויס-טיילן וועגן זיין קראַנקייט?

אָביעקטיוו: אין אונטערשיד פון די מחוץ למחנהדיקע אַסי-מילאַטאָרן, וועלכע האָבן די רפואה פאַר דעם חולה-מסוכן געזעען אין דעם, ער זאָל ווערן אויס ייד, — זעען דאָך די נאַציאָנאַליסטן די רפואה, פאַרקערט, אין דעם, דער חולה-מסוכן זאָל ערשט צוריק ווערן אַ ייד. ווען די אַסימילאַטאָרן האָבן געפּרעדיקט אַ „גלגול" — די אַלט-יידישע נשמה זאָל מגולגל ווערן, זאָל זיך אַליין מגלגל זיין, אין אַ פרעמדן, נישט יידישן גוף, פּרעדיקט דער נאַציאָנאַליזם „תחית המתים". פון טויט לעבעדיק ווערן. איז דאָך — מען מוז עס מודה זיין — זיך לייכטער פאָרצושטעלן די היילונגס-קראַפט פון אַסימילאַטאָרישן „גלגול", ווי פון נאַציאָנאַליסטישן „תחית המתים". אַז אַ גוסס-פאָלק זאָל אויפ-הערן צו זיין — דורכדעם, וואָס ער ווערט מגולגל אין אַן אַנדער פאָלק — האָבן מיר שוין אַ סך ביישפילן אין דער געשיכטע, אַז אַ גוסס

פאָלק אָבער זאָל אָנהייבן צו זיין פון דאָס ניי, — אַזעל־כע ביישפּילן האָבן מיר נישט.

מ'קאָן אַ פאָלק שטאַרקער מאַכן, מ'קאָן אַ פאָלק פון זיין נידער אינדערהייך אויפהייבן, מ'קאָן אַ פאָלק מתקן זיין — דערצו אָבער איז נייטיק איין אומבאַדינגטע פאָרויסזעצונג: אַ פאָלק זאָל זיין, ס'זאָל זיין דער נאָך עקזיסטירנדיקער אָביעקט פאַר דער שטאַרקונג, פאַר דער דערהויבונג, פאַר דעם מתקן זיין. מ'קאָן פון אַ ווייניקער פּאָלקאָמען „יש" אַ מער פּאָלקאָמען „יש" שאַפן, מ'קאָן אָבער נישט מאַכן אַ „יש" פון אַן „אין". אַזוי איז עס אין אינדיווידועלן לעבן, אַזוי איז עס אויך אין געמיינשאַפטס־לעבן, אין לעבן פון פעלקער.

דער „ענטוועדער" פון די אַסימילאַטאָרן אַנטשפּרעכט דעריבער פולשטענדיק זייער „אָדער", ווייל זיי זאָגן צו אַן אונטערגייענדיק פאָלק: גיי אונטער! ווייל זיי ווילן פאַרשנעלערן זיין אונטערגאַנג גופא, ווייל זיי מאַכן פון אונטערגאַנגס־נויט אַ טוגנד פאַר דעם אונטערגייענדן.

דער „ענטוועדער" אָבער אין מויל פון נאַציאָנאַליסטן קלינגט פאַלש, קלינגט ווי אַ גרילצנדיקער דיסאָנאַנס צום פאָלגנדן „אָדער", ווייל נאַציאָנאַליסטן זאָגן דאָך צום „אונטערגייענדן" פאָלק: גיי נישט אונטער! פון קבר־ראַנד גופא זאָלסטו צו אַ נייעם און קראַפטפולן לעבן קומען! אָבער — ווען מ'האַלט שוין באַם ראַנד פון קבר איז אוממעגלעך צו אַ קראַפטפולן לעבן צו קומען. אַזעלכע נסים טרעפן נישט אין אינדיווידועלן און נאָך מער אין קאָלעקטיוון לעבן. דאָס דער־לאָזן דעם נאָכפאָלגנדן „אָדער" פון פאַרשווינדן שליסט שוין מיט זיך אַליין אויס די נאַטירלעכע מעגלעכקייט פון פריער פאָלגנדן, פון פאָרויס געזעצטן „ענטוועדער" פון אַ נייעם נאַציאָנאַלן פולבלוטיקן לעבן.

כ'האָב בכוונה אונטערגעשטראָכן דאָס וואָרט „נאַטירלעכע", ווייל אין אַזאַ פאַל, באַ קאָנסטאַטירטער אַריינגעטרעטענער גסיסה, קאָן דאָס ווידער געזונט ווערן פון מסוכּנדיקן פאָלק אפשר נאָר אויפן וועג פון אומנאַטירלעכן, פון איבערנאַטירלעכן דערלאָזן ווערן.

דער נאַציאָנאַליזם אָבער גרענעצט זיך דאָך אָפּ פון אַזאַ איבערנאַטירלעכן וועג, דער נאַציאָנאַליזם, דער קאָנסטרויִרנדער נאַציאָנאַליזם, וועלכער פאַרלאָזט זיך נישט אויף טראַנסצענדענטאַלע

ישועות, באַזירט דאָך זיין טעטיקייט און אויסרעכענונגען אויף דעם כסדר נאַטירלעכן גאַנג פון אַנטוויקלונג.

ווי אַזוי זשע קומט עס צום דאָזיקן אויף נאַטירלעכע גרעזעצן באַזירנדיקן נאַציאָנאַליזם צו מאַכן דער נאַטירלעכקייט דורכאויס קעגנגעזעצטע פאַרבינדונג פון שטאַרבן־„אָדער" מיט דעם „תחית־המתים"־„ענטווע־דער"? כ'ווייס: מ'קאָן מיר אָפּאָנירן אין דעם, וואָס איך האָב געזאָגט וועגן דער סוביעקטיווער אוממעגלעכקייט פון נאַציאָנאַליסטישן פעסטשטעלן און וועלן היילן די אייגענע קראַנקייט. מ'קאָן מיר אָנווייזן, אַז דאָס איז גראָד נישט ספּעציפיש פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַליזם, אַז צווישן אַ ל ע פעלקער און אַ ל ע מ אָ ל זענען געווען פערזאָנען און גרופּן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דיאַגנאָסטירן די טויט־קראַנקייטן פון יענע קאָלעקטיוון, צו וועלכע זיי אַליין האָבן געהערט (אַלזאָ: דאָס דיאַגנאָסטירן פון די אייגענע קראַנקייטן). זיי האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט פּראָפּאַגאַנדירן הייל־מיטלען קעגן די אייגענע קראַנקייטן.

מ'קאָן אויך איצט געפינען די בייסנדסטע קריטיק פאַר דער מענטשהייט אָדער פאַר אַ טייל פון איר, פאַר אייראָפּע, בײַ פאַרשידענע גרויסע גייסטער. ס'איז, למשל, באַקאַנט דער אומבאַרחמנותדיקער „הוי גוי חוטא", וואָס ראָמען ראָלאַן*) וואַרפט אין פּנים דער אייראָפּעישער מלוכהשאַפט, אין וועלכער ער זעט די טויט־סכּנה פאַר דער שטאַרבנדיקער אייראָפּע, אָדער שפּענגלער, וועלכער האָט שוין געשטעלט אַ פאַרטיקע מצבה מיט אַן אומפאַרמיידלעכן „פּה נקבר" איבער דער אונטערגייענדער „אָוונטלאַנד". און יעדער דור האָט זיך זיינע גרויסע שטראָפער, זיינע בלאָטערן־אויפשניידער, זיינע אָנזאָגער פון פאַרשווינדונגס־סכּנה, אויב דער דור וועט נישט אַנדערש ווערן, אויב דער דור וועט נישט אָננעמען יענע ראַדיקאַלע הייל־מיטלען קעגן דער געפערלעכער מחלה, וואָס זיי, די גרויסע גייסטער, דיקטירן אים. אַ מאָל זענען עס געווען די גאָר גרויסע, די קלאַסישע נביאים. איצטער זענען עס זייערע קינדס־קינדער, די קלענערע האַלב־און דרייפערטל־נביאים פון אונזער צייט.

זיי אַלע זענען דאָס געוויסן פון זייער צייט, זיי אַלע שטעלן זיך נישט אָפּ פאַר דעם אכזריותדיקן כאַראַקירי איבער דעם קאָלעקטיוו —

*) אין זיין Das Leben Tolstoi's מי אויך אין די אונטערהאַנדלונגען מיט טאַגאָרעמאַ.

אַמאָל אַ גרעסערן, אַמאָל אַ קלענערן — צו וועלכן זיי אַליין געהערן, און דורכדעם גופא ווערט דער כאַראַקירי איבער דעם קאָלעקטיוו אויך אַ זעלבסט־כאַראַקירי, אַ כאַראַקירי איבער זיך אַליין. און ס'איז טאַקע אמת, אַז ווען נישט אָט דידאָזיקע כאַרקירי־מאַכער, אָט דידאָזיקע אויפ־דעקער פון די קראַנקייטן מיט די רפואות צו זיי, וואָלט די מענטשהייט אינגאַנצן און טיילן פון דער מענטשהייט באַזונדערס שטאַרק־שטאַרק געליטן.

זיי אַלע קומען מיט דעם אומפאַרמיידלעכן „ענטוועדער־אָדער". און דער „ענטוועדער־אָדער" איז באַרעכטיקט, ער דערגרייכט זיין צוועק. ער פאַרמאָגט זיין אומבאַדינגטע רעטונגס־קראַפט.

פאַרוואָס־זשע — קאָן מען פרעגן — זאָל עס נישט באַרעכ־טיקייט זיין דער זעלביקער „ענטוועדער־אָדער" פון אונזערע נאַציאָ־נאַליסטן ? —

ס'איז אָבער אַ וועזנטלעכער אונטערשיד צווישן די ערשטע און לעצטע. ערשטנס זענען די נביאים אײנצעלע פערזאָנען, וועלכע פאַר־מאָגן אַזאַ שטאַרקע ווייטזיכטיקייט און דורכדרינגלעכקייט פון פאַרשטאַנד, וואָס דער גאַנצער קאָלעקטיוו קאָן בשום אופן קיינמאָל נישט באַזיצן, דאָס, אויף וואָס ס'איז מסוגל דער גרויסער, שטאַרק איבערדורכשניטלע־כער פּרט־גייסט, איז נישט מסוגל דער גאַנצער דורכשניטלעכער כּלל. „יופּיטערן איז דערלויבט" — אָבער יופּיטערס רעכט איז טאַקע אין דעם, וואָס ער איז יופּיטער, און אַ מחנה פון יופּיטערס, אַ כּלל־יופּיטער, אַזוי צו זאָגן, איז אוממעגלעך, און ווען עס וואָלט שוין אפילו יאָ מעגלעך געווען, ווען ס'זאָל אפילו זיין זיגבאַר אַ כּלל פון יופּיטערס, וואָלט דאָך דער כּלל דורכדעם גופא געוואָרן אַ כּלל פון אויס־יופּיטערס, אַ כּלל — ווידער אַמאָל פון דורכשניטלעכקייט, פון אפשר אַ העכערער, אַנדערש קוואַליפיצירטער, אָבער פאַרט פון דורכשניטלעכקייט. אייצעלע גרויסע פערזענלעכקייטן קאָנען וואַרפן דעם כּלל: „ענטוועדער־אָדער", אַ גאַנצער כּלל זאָל אָבער דאָסדאָזיקע „ענטוועדער־אָדער" איבערהזרן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט פון אייצעלן אויסרופער — איז אַ זאַך פון פסיכאָ־לאָגישער אוממעגלעכקייט.

און אונזערע נאַציאָנאַליסטן באַמיען זיך דאָך דעם „ענטוועדער־אָדער" צו מאַכן פאַר אַן אַלגעמיין־פעלקישע זאַך, פאַר אַן אָרגאַנישן באַוווסטזיין־צוג פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק. אונזערע נאַציאָנאַליסטן שטעלן זיך דאָך פאַר אַן אויפגאַבע צו אַקטיוויזירן די גאַנ־

צע פאָלקס-געזאמטקייט, אַז דאָס, וואָס זיי שטעלן פעסט און פרעדיקן זאָל טאַקע ווערן אַן אינטעגראַלער טייל פון גאַנצן כּלל.

ישעיהו הנביא מעג שרייען: אויב איר וועט נישט ענדערן, אַזוי ווי איך הייס אייך, אייער לעבן, וועט איר פאַרשווינדן פון דער ערד. ראָמען ראָלאַן, שפּענגלער — ישעיהו הנביאס פון זייער צייט, קלוגע, אמת, נביאים — מעגן עס אויך. אָבער אַז אַ גאַנץ פאָלק — אין אונזער פאַל: דאָס יידישע פאָלק — זאָל אין סאַמע מאָמענט פון פאַרשווינדן, ווען די סכנה שוועבט איבער די קעפּ, געפינען אין זיך אַזוי פיל נייטיקע דאָקטאָרישע קאָלטקייט צו שטעלן איבער זיך דעם דיאַגנאָז פון דער מחלה און גלייכצייטיק אויסגעפינען די רפואה קעגן דער מחלה:

מיר גייען אונטער. און אויב מיר ווילן פון טויט לעבעדיק ווערן, מוזן מיר אונזער לעבן ענדערן אין דערדאָזיקער און נאָר אין דערדאָזיקער באַשטימטער ריכטונג! —

דאָס איז אוממעגלעך.

און נאָך איין אונטערשיד.

אפילו די איינצלנע דיאַגנאָסטיקער פון קאָלעקטיווע קראַנקייטן האָבן דאָס רוב צו טון מיט גרויסע, אומבאַגרענעצטע קאָלעקטיוון: ראָמען ראָלאַן, ווי שפּענגלער, למשל, רעדן וועגן דעם אונטערגאַנג פון אייראָפּע, פון דער וועלט.

און מעג עס קלינגען ווי אַ פּאַראַדאָקס: וואָס גרעסער דער שטח פון דער קראַנקייט, אַלץ לייכטער איז אים צו פעסטשטעלן. ווייל וואָס גרעסער דער שטח איז, אַלץ ווייטער איז ער פון אייגענעם, פון אומ-מיטלבאַר-נאָענטן, אַלץ מער ווערט ער בבחינת „פרעמד“, בבחינת „יענעס“ אפילו לגבי דעם איינצעלן דיאַגנאָסטיקער.

אַ מום זעט מען גיכער בײַ יענעם, ווי בײַ זיך, בײַ אַ פרעמדן, גרעסערן כּלל, ווי בײַ אַן אייגענעם, קלענערן כּלל.

„טאַטע-מאַמע — זאָגט דאָס פאָלקס-ווערטל — האָבן גלעזערנע אויגן“. „אין דער אייגענער משפּחה זעט מען בלויז מזל-ברכה“. דאָס איז מענטשלעך, דאָס איז נאַטירלעך. און ס'איז דאָך מערקווירדיק, וואָס די דערמאָנטע ראָלאַן און שפּענגלער, למשל, האָבן אויסגעוויילט פאַר זייער בייסיקער קריטיק דווקא אַ גרויסן שטח: אייראָפּע, די מענטשהייט און נישט דעם ענגערן שטח, דעם נענטערן: דאָס אייגענע פאָלק.

דער דייטש שפענגלער, וועלכער זעט די פעלערן פון אייראָפּע, זעט נישט קיין פעלערן — אַלנפּאַלס: אַ סך ווייניקער — אין זיין אייגענעם דייטשן פאָלק (שפענגלער איז, כידוע, אַ גאַנץ גוטער און פּאַטריאָטיש-איינגעשטעלטער דייטש!), דער פראַנצויז ראָמען ראָלאַן האָט קיין — אָדער, אַלנפּאַלס, ווייניק — גיפטפּאַר זיין אייגענעם פראַנצויזישן פאָלק.

און קיין גזירה-שוה אויף דעם „ענטוועדער-אָדער" פון אונזער נאַציאָנאַליזם איז פון זיי דעריבער נישט צו לערנען.

די אָנווענדונג פון אַזאַ דילעמע, ווי „ענטוועדער-אָדער" לגבי אַ פאָלק, נאָך מער: לגבי דאָס א ײ ג ע נ ע פאָלק און אַ פּשיטא שוין: מצד דעם פ אָ ל ק ג ו פ א צ ו ז י ך א ל י י ן איז נישט דערלאָזבאַר און נישט באַרעכטיקט פון אַלע שטאַנדפּונקטן. ווען אַ פאָלק זאָל קאָנען אין אַ אויסדריקלעכער פאָרם קאָנסטאַטירן זיין אייגענעם אונטערגאַנג, וואָלט ער דורך דעם גופא געמאַכט אוממעגלעך זיין „תחית המתים", וואָלט אים דורכדעם גופא אונטערגעהאַקט געוואָרן דער וואָרצל פון נייעם ווידערבליונג, פון אַ נייער תקופה.

אַ פאָלק — און דאָס אויך נישט אין זיין ג אַ נ צ ע ר געזאַמטהייט, נאָר בלויז דורך איינצלנע, געציילטע פאָרשטייער זיינע — קאָן אונטערצייכענען איין תקופה אין זיין לעבן, וואָס איז פ אַ ר ע נ ד י ק ט און אָנצייכענען אַן אַנדער תקופה אין זיין לעבן, וו אָ ס ה י י ב ט זיך אָן — דאָס זענען דאָך אָבער תקופות פון ל ע ב ן. און אפילו אַזעלכע ל ע ב נ ס-תקופות גיבן זיך אַזוי שווערלעך דאָס רוב דער געוויער גרענעצן-פאָרטיילונג פון „געווען" און „ס'וועט זיין" — ווייל ס'קומט דאָך זייער, זייער זעלטן פאָר אין דער לעבעדיקער געשיכטע — נישט אין יענער, וואָס ווערט געשריבן לאחר-זמן, אין די קאַבינעטן פון די געלערנטע — די מאַטעמאַטיש-גענויע אָפּגעשלאָסנקייט צווישן תקופות, נאָר יעדע פאָריבערגייענדע תקופה בילדעט נאָך אַ געוויסער צייט אַ באַשטאַנדטייל פון דער ניי-אָנגעהויבענער תקופה, ווייל ס'איז פאַראַן אַ נאַטירלעכער איבערגאַנג פון „געווען" צום „ס'וועט זיין" (ריכטיקער: צום „ס'איז").

און דער עיקר — אַ פאָלק קאָן — ווען עס קאָן שוין יאָ — אָנווענדן די צייטלעכע באַשטימונגען פון „געווען" — „ס'וועט זיין" אין פאַרבינדונג מיט די קוואַליפיקאַציעס-באַשטימונגען „ס'איז געווען ש ל ע כ ט און ס'וועט זיין ג ו ט" (הגם דערדאָזיקער פאַראַלעליזם צווישן „געווען שלעכט" און „ס'וועט זיין גוט" האָט נישט אַלע מאָל זיין פּלאַץ. פאַר-

קערס: בּאַ אַזאַ קאָלעקטיוו, ווי אַ פאָלק, וואָס צייכנט זיך אויס פּונקט אַזוי ווי יעדער קאָלעקטיוו, און נאָך מער ווי יעדער אַנדער קאָלעקטיוו, מיט אַ נאַטירלעכער קאָנסערוואַטיווקייט, מיט דער נייגונג צו פאַרהערלעכן דאָס פאַרגאַנגענע, איז „געווען" צונויפגעבונדן מיט „גוט" און „ס'וועט זיין" — מיט „שלעכט"), ווען עס האַנדלט זיך וועגן ת ק ו פ ו ת פ ו ן ל ע ב ן.

ער קאָן אָבער נישט אַנווענדן די צייטלעכע און קוואַליפיקאַציאָנס־באַשטימונגען, ווען עס האַנדלט זיך וועגן זיין א ו י פ ה ע ר ן צ ו ל ע ב ן (טויט) און וועגן זיין אָ נ ה י י ב ן צ ו ל ע ב ן (תחית־המתים).

„לא המתים יהללו יה" — טויטע קאָנען נישט געבן קיין אָפּשאַצונג פון גוט און שלעכט פאַר זייער ג ע ו ו ע ז ע נ ע ם לעבן, קאָנען נישט לויבן דעם גאָט פון זייער נייער עקזיסטענץ, פּונקט ווי זיי קאָנען נישט טאַדלען דעם גאָט פון זייער אַלטער עקזיסטענץ, ווייל וועגן עקזיסטענץ — אַ גוטער צי אַ שלעכטער — קאָן אורטיילן נאָר אַן עקזיסטירנדיקער און נישט קיין ש ו י ן אַוועקגעגאַנגענער פון דער עקזיסטענץ, ווי אויך נישט קיין ע ר ש ט קומענדער צו דער עקזיסטענץ.

„דער מלך איז געשטאָרבן, זאָל לעבן דער מלך" — אַזאַ אויפרוף קאָן זיין מעגלעך נאָר בּאַ אַנדערע, מ ח ו ץ דעם מלך. דער שטאַרבנדיקער מלך קאָן אָבער נישט אויסרופן וועגן זיין אייגענעם טויט, דער ערשט געזאַלבטער, דער ערשט צום קעניגטום קומענדער מלך קאָן נישט אויסרופן וועגן זיין רומפולן קעניגלעכן מאָרגן.

אויב מ'זאָל זיך — מיט אַ געוויסער אָנשטרענגונג — קאָנען אפילו פאָרשטעלן, אַז אַ פאָלק קאָן יאָ קאָנסטאַטירן זיין אייגענעם א ו נ ט ע ר־ג אַ נ ג, האָט ער דאָך דורכדעם גופא אונטער דעם פאַטאָס פאַר זיין א ו י פ ג אַ נ ג. דורך זיין באַצייכנען דעם פאַקט פון זיך אָפּשטעלנדיקן אַלטן לעבן, פאַרברענט ער אַליין די בריקן, וואָס פירן צום זיך אויפשטעלנדיקן נייעם לעבן.

דאָס וואָלט געווען מעגלעך נאָר אין איינאיינציקן פאַל, ווען פעלקער־אַנטוויקלונג און פעלקער־עקזיסטענץ זאָלן זיין אַ שפּילצייג אין די הענט פון פרעמדן פאַטום, ווען פעלקער אַליין זאָלן זיין שטומע מאַנעקינס, וועלכע קאָנען העכסטנס נאָר באַאָבאַכטן די איבער זיי פאָרקומענדע פרעמדע פּראָצעסן, ווען זיי זאָלן אַליין נישט זיין קיין באַלעבאַטים איבער זייער אייגענעם גורל. דער געזונטער, אמתער, פולבלוטיקער נאַציאָנאַליזם

האלט דאָך אָבער פון דעמדאָזיקן „זיין מאַיעסטעט דעם פּאַטוס" נ י ש ט, ער באַזירט דאָך דווקא אויף דער אולטראַ-אַקטיוויטעט און שאַפונגס-קראַפט פון פאָלק גופא.

דאַרף דערדאָזיקער נאַציאָנאַליזם פון פעלקישער זעלבסטשטעטיקייט און פעלקישער שאַפונגס-אַקטיוויטעט נישט אַרויסלאָזן פון אויג די עלע-מענטאַרע פאָרויסזעצונג, אַז פאַר פעלקישן שאַפן איז נייטיק פעלקישער פּאַטאָס, און פעלקישער פּאַטאָס איז מעגלעך איינאיינציק באַם פילן פון שטאַרק-פולסירנדיק בלוט אין די אָדערן, באַם אָנערקענען, אַז מ'ל ע ב ט און מ׳ק אָ ן ל ע ב ן.

זאָל דאָסדאָזיקע אָנערקענען פון לעבן פאַרשווינדן און זאָל עס פאַרביטן ווערן מיט אַ פאַרקערטן אָנערקענען פון לעבנסלאָזיקייט, פון לעבנס-אוממעגלעכקייט, וועט פון דעם ממילא דרינגען די הילפלאָזי-קייט לגבי אַ נייעם שאַפן, די אוממעגלעכקייט פון פּאַטאָס.

פון דעם „אָדער", וואָס קאָנסטאַטירט דאָס פאַרשווינדן פון אַ פאָלק דרינגט שויל ממילא די אוממעגלעכקייט פון „ענטוועדער", וואָס זאָל מיט זיכערקייט אָנזאָגן דאָס ווידערדערשיינען פון דעמדאָזיקן פאָלק.

י א ו ש, אַ פּ ה ע נ ט י ק י י ט — זענען שלעכטע, זייער שלעכטע באַוועג-קרעפטן פאַר אַ ניי לעבן בכלל און פאַר א ניי לעבן פון אַ פאָלק בפרט.

און דאָס איז טאַקע דער גרעסטער חסרון פון דעם „ענטווע-דער-אָדער" פון אונזער נעאָ-סאָציאַליזם, וואָס ער איז אַ פועל-יוצא פון י א ו ש - אַ פּ ה ע נ ט י ק י י ט, וואָס ער גייט אַרויס פון דער הנחה, אַז דאָס פ אָ ל ק פ אַ ר ש ו ו י נ ד ט, וואָס ער גלייבט נישט אין דער עקזיסטענץ-מעגלעכקייט פון פאָלק אָן און פאַר זיך, אָן די אַלע פאַרגע-לייגטע תרופות און התבולות, וואָס ער נעמט אָן, אַז דאָס פאָלק אין זיין „היינט" איז אַ נוטה-למות.

און אַזאַ ש ו ו אַ ר צ ז ע ע ר י י, אַזאַ חושך מצרימדיקער צוגאַנג צום פאָלק און זיין עקזיסטענץ איז בפירוש קעגן דעם גייסט פון נאַ-ציאָנאַליזם, בפירוש אַ סתירה צום נאַציאָנאַליזם, צום אמתן, נישט גע-פעלשטן נאַציאָנאַליזם. אַזאַ יאוש איז אַ בפירושער פאַרבייטן דאָס אייגענע כשרע קינד מיטן ממזר פון דער פרעמדער און פיינדלעכער אַסימילאַציע.

דער נאַציאָנאַליזם בכלל און דער יידישער נאַציאָנאַליזם בפרט איז און קאָן זיין נאָר מיט טיפן אָ פּ ט י מ י ז ם, א ו ן נ י ש ט מ י ט

פעסימיזם, געבונדן. דער נאַציאָנאַליזם קאָן און מוז זיין נאָר אַן אויסדרוק פון אומאָפּגעשוואַכטן גלויבן אין די אייגענע כוחות, אין דער לעבנספעיקייט פון פאָלק, אין זיין שטאַרקער בלוט-צירקולאַציע. דער נאַציאָנאַליזם מוז לויט זיין תוך נאָר אין אַ פּראָקלאַמירונג דער וועלט, אַ פּראָקלאַמירונג, וואָס איז מיט העלן זונען-שיין באַגאָסן און מיט מאַזשאָרטענער דורכגעוועבט: מיר לעבן, מיר קאָנען לעבן און מיר ווען לעבן!

אַ נאַציאָנאַליזם, וועלכער ווערט דעגראַדירט צו דער אומדאַנקבאַרער מדרגה פון שרייבן „נר-נשמה"-צעטלעך פאַר זיך אַליין, וועלכער גייט אַריבער פון העלן זונען-שיין פון גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון פאָלק צו די שאָטנס פון ספקות — אפילו פון ספקות, פון ערב-יאוש, און שוין נישט צום יאוש גופא פירנדיקע! — איז קיין נאַציאָנאַליזם נישט.

און אויב דאָס קאָן געזאָגט ווערן וועגן נאַציאָנאַליזם בכלל, דאַרף עס באַזונדערס שטאַרק אַקצענטירט ווערן לגבי אונזער נאַציאָנאַליזם, לגבי דעם יידישן נאַציאָנאַליזם. דער אומאויפהערלעכער אָפּטימיזם, דער אומבאַגרענעצטער גלויבן אין אייגענער עקזיסטענץ-מעגלעכקייט איז דאָך, סוף כל סוף, יענער וווּנדערלעכער באַלזאַם, וואָס האָט אונז געהאַלטן ביז איצט אין דער מענטשלעכער געשיכטע און נישט בלויז אויף איר אויבערפלאַך, נאָר דווקא אין רעכטן מיטן, אין רעכטן פאָקוס פון דער אַלמענטשלעכער עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג.

וואָלטן מיר מיט אומאויסשעפּבאַרן אָפּטימיזם נישט געווען באַשאָנקען, וואָלטן מיר דאָך שוין לאַנג געוואָרן אין בעסטן פאַל אַ מוזעום-אָביעקט, איינער פון די מערערע נומערירטע מוזעום-רעליקוויעס, באַדעקטע מיט שטויב פון „געווען אַמאָל" און מיר וואָלטן נישט פיגורירט אַזוי בולט און פאַרבלענדנד, אַז ס'שניידט די אויגן פון אַלע אונזערע דם-שונאים — פיגורירט צווישן די אַלע, וואָס „זענען איצט".

געלערנטע און דענקער ברעכן די קעפּ איבער דעם אומפאַרענטפערבאַרן „ורמינהו": ווו איז דער סוד פון „נצח ישראל", פאַרוואָס איז דאָס יידישע פאָלק איבערגעוואַקסן מיט זיין עקזיסטענץ-דויער אַלע אַנדערע פעלקער — און זיי מוזן קומען צום איינציקן תירוץ: „דער יידישער אולטראַאָפּטימיזם, דאָס שטענדיקע פאַרפלייצט זיין פון יידישן פאָלקס-גייסט מיט ליכט-שטראַלן פון אמונה אין אייגענער עקזיסטענץ".

אָפּטימיזם — דאָס איז דער שליסל צום לאַבירינט פון אונ-

זער אומאויפהערלעכער עקזיסטענץ און צו אונזער אומאויפהערלעכן שאפן.

אָפּטימיזם — איז יענער אינערלעכער, נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישער צוג, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין דער נאַציאָנאַל-יידישער אויפפאַסונג אין אַלעצייטן. כ'קאָן דאָ נישט אַריינגיין אין מערערע קולטור-געשיכטלעכע עקסקוריעס. זאָל אָבער, בדרך משל, נאָר דערמאָנט ווערן דער פאַקט, וואָס דער יידישער גייסט האָט אַלע אַלמענטשלעכע ווערטן געשאַפן דורך אָפּטימיזם.

אויף די אומצייליקע שיידוועגן פון אַלמענטשלעכע אידעאַלן זענען מיר דאָך שטענדיק געווען נישט קיין בלויזע מיטמאַכער, קיין אויספירער פון סטאַטיסטן-ראָלן, נאָר דווקא די הויפּטמאַכער, די אויספירער פון די ערשטע, פון די טאָנגעבנדע ראָלן.

און וואָס פאַר אַ ספּעציפישן טאָן האָבן מיר שטענדיק, אין אונטערשיד פון אַנדערע פעלקער, אַריינגעטראָגן אין דער סימפאָניע פון אַלמענטשלעכע אידעאַלן, אויב נישט גראָד דעם טאָן פון אָפּטימיזם? —

אַלע אַנדערע פעלקער האָבן געבויט נייע וועלטן אויף חורבות פון די אַלטע. זיי האָבן געמוזט האָבן יאוש אין דעם, וואָס ס'איז געווען, כדי באַ זיי זאָל זיך קאָנען באַווייזן האָפנונג פאַר דעם, וואָס דאַרף זיין. מיר, פאַרקערט, האָבן די אַלטע וועלט איבערגעבויט, מיר האָבן אונזער האָפנונג צום נייעם געשעפּט פון די מעינות-הישועה-האָפנונגען און גלויבן אין דאָס גוטע, וואָס איז נאָך פאַראַן אויך אין אַלטן. מיר האָבן נישט אויסגעגליכן מיט דער ערד די פונדאַמענטן פון די אַלטע בנינים, איידער מיר זענען צוגעטראָטן צו בויען נייע בנינים. מיר האָבן אויף די אַלטע פונדאַמענטן גופא אונזערע נייע בנינים אויפגעשטעלט. און מיר זענען געווען כסדר צובויער. נאָך דעם גרעסטן פאַרניכטנדיקן מבול האָבן מיר נישט געלאָזט אַלץ גיין צו גרונד, נאָר האָבן רעשטלעך, די נויטיקע, פאַרשטייט זיך, די גוטע רעשטלעך געראַטעוועט, פון וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער נייע וועלט.

און דעריבער איז טאַקע די לאַנגע יידישע קולטור אַזוי מאָנאָליטיש, אַזוי טיף-איינהייטלעך. דעריבער איז אונזער פיל טויזנטיעריקע קולטור-געשיכטע נישט קיין אָנגעוואָרפענע קופּע פון רעשטלעך, פון שערבלעך, נאָר איז איין גאַנצער בנין, וואָס באַוואונדערט מיט זיין גאַנצער איינהייטלעכער גרונט-אידעע. מיר האָבן אַ דאַנק אונזער נאַציאָנאַל-פּסיכאָלאָגישן אָפּטימיזם נישט נאָר חרוב געמאַכט, נאָר אויך געבויט, און

באַם בויען גופא — ווי געזאָגט — האָבן מיר אָנגעהויבן נישט פון תוהו ובהו, נאָר פון איבערבויען, פון צובויען.

דאָס איז דער אונטערשיד צווישן פאַרפולקאָמונג און זינלאָזן קפיצת־הדרך אין דער מענטשלעכער געשיכטע:

פאַרפולקאָמונג איז דאָס אָנציען איין פערל נאָך דעם צווייטן אויף דעם מענטשלעכן קולטור־שנור, פאַרפולקאָמונג לאָזט נישט גיין פאַרלוירן דאָס פריערדיקע, דאָס גוטע פון דעם פריערדיקן, פאַרפולקאָמונג בינדט איין גוטע פּאָזיציע מיט דער אַנדערער דורך אָפּטימיזם, דורך גלויבן; קפיצת־הדרך, פאַרקערט, האַלט אין איין רייסן און פליקן דעם פערל־שנור, אין איין פאַרוואַנדלען אמתע פערל אין מ׳כּלומרשט נישטיקע גלעזלעך, קפיצת־הדרך לאָזט דאָס גוטע אויסגיסן צוזאַמען מיט דעם וואַסער פון שלעכטן און פריערדיקן, קפיצת־הדרך איז אַ וואַקלעניש פון יאוש, פון אומגלויבן אין מענטשלעכן שאַפונגס־כּוח.

און מיר זענען עס שטענדיק געווען דאָס פאָלק פון פאַרפולקאָמונג, אַלע אונזערע אויפטועןן פאַר דער וועלט און פאַר זיך (פאַר דער וועלט איז שוין ממילא פאַר זיך און פאַר זיך איז שוין ממילא פאַר דער וועלט) האָבן באַדייט שטענדיק איינאיינציק מיט אָפּטימיזם דורכגעדרונגענע פאַרפולקאָמונג.

אפילו פאַר דער גרעסטער און אַלערהעכסטער איבעראַנדערשונג פון דער וועלט האָט דער יידישער שאַפונגס־גייסט אַזאַ מערקווירדיקע פאָרמולירונג, ווי „לתקן עולם במלכות שדי" — אַלזאָ ווידער פאַרפולקאָמונג און נישט קיין אָנהייבן פון דאָס ניי. „לתקן עולם" באַדייט, קודם־כּל, אַלס פאָרויסזעצונג די אמונה אין דעם עולם אַן און פאַר זיך, די אמונה, וואָס פירט צו דער מעגלעכקייט אים „מתקן צו זיין".

מ׳דאַרף, אַלזאָ, אויפשטעלן נישט קיין לכתחילהדיקע ווערטן, מ׳דאַרף נישט האַלטן, אַז די ווערטן, וואָס זענען פאַראַן, זענען גאָרנישט, אַז קיין ווערטן, פאַר די נייע, זענען בכלל נישט פאַראַן, מ׳דאַרף בלויז מתקן זיין דאָס פאַראַנענע, מ׳דאַרף גלייבן אין דעם כּוח פון פאַראַנענעם, מ׳דאַרף זיין דורכגעדרונגען מיט אָפּטימיזם נישט נאָר צום קומענדיקן, נאָר אויך צום געוועזענעם.

און דעמדאָזיקן ווונדערלעכן אָפּטימיזם האָט דער יידישער נאַציאָנאַלער גייסט נישט נאָר, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַלזיין, וועגן דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ, נאָר אויך — און בעיקר — ווען ס׳האַנדלט

זיך וועגן זיין אייגענעם זיין, וועגן ז י י ן אייגענער נאציאנאלער עק־זיסטענץ.

ס'איז דאך א מערקווירדיקער פילמאל איבערגעחזרטער פאקט אין דער יידישער געשיכטע, ווי אזוי צוזאמען מיטן קין־שטעקן האט דער יידישער גייסט שטענדיק מיט זיך גענומען אין גלות אריין אויך דאס פעקעלע האפנונג. די מפלה, די גרעסטע נאציאנאלע מפלה באדייט פאר דער יידישער געזעלשאפט נישט קיין דערשיינונג, וואס קאן ברענגען צום אונטערגאנג, צום יאוש, פאר א נייער פארם, פאר א נייעם נצחון.

זאל עס נישט קלינגען ווי א פאראדאקס:

די געשיכטע פון יידישע מ פ ל ו ת גופא איז די געשיכטע פון יידי־שע נ צ ח ו נ ו ת!

ס'ווערט חרוב ירושלים, ס'גייט אונטער די פאליטישע עקזיסטענץ, אין שוין פארטיק „יבנה", דער אנהייב פון דער רומפולער גייסטיקער עקזיסטענץ. און דאס ווערט דאך כסדר איבערגעחזרט אויף דעם גרענעצ־לאזן שטח פון דער יידישער געשיכטע. בייזע צינגער וועלן פארקלע־נערן די באדייטונג פון אזא מין „צוגרייטן נצחונות אין מאמענט פון מפלות", זיי געפינען אין אין די כלערליי „יבנה"־פלענער בא די כלערליי חורבן ירושלימס אין דער יידישער געשיכטע דעם יידישן פראקטיציזם, די יידישע ניכטערקייט, די יידישע — אפילו אזא הארב און פארניכטנ־דיק טאדל־ווארט — געשעפט־מאכעריי. דער אנטיסעמיטישער גוי רענאן, למשל, און דער פילאסעמיטישער ייד גערשענזאהן, למשל, געפינען א „מציאה" פאר זייער נעגאציע פון אלט־יידישן גייסט דאס, וואס דאס גע־שעפטמאכערישע יידישע פאלק פארבינדט זיך אויך מיט גאט דורך א געשעפטס־אפמאך, דורך דעם סוחרישן כלל פון do us des.

אבער אין דעם גופא — ווען מ'זאל נישט זיין פארבלענדט פון אנטיסעמיטישער שנאה אדער אסימילאטארישער אפאלאגעטיק — גרויטליבע: פסיכאלאגיש גענומען זענען זיי ביידע קינדער פון איין טאטן! — קאן מען זען אן איבעריקן באוויז צום יידישן נאציאנאל־פסיכאלאגישן א פ ־ ט י מ י ז ם.

דער יידישער אפטימיזם איז אבער נישט קיין פארגליווערטער, נישט קיין סטאטישער, ער איז א לעבעדיקער, א דינאמישער. דאס יידישע גלייבן אין זיך איז נישט יענער טעמפער „שיש בני מעי", יענע היפער־באליזירונג פון אמונה אין זיך, אין דער אייגענער עקזיסטענץ, וואס ברענגט פעלקער צו דעגענעראציע, צום אונטערגאנג. דער יידישער אפ־

טימיזם, פאַרקערט, דריקט זיך אויס אין כסדרדיקן זוכן פּאַרפעסטיקונג פאַר דער אייגענער עקזיסטענץ און צוועקמעסיקע שינויים אין אייגענעם לעבן.

די אַלע שנויים אָבער האָבן שטענדיק יענע גרויסע מעלה, וואָס זיי זענען אַ צוגאָב און נישט קיין אָנהייב, אַ תיקון פון פאַראַנענעם און נישט קיין לכתחילהדיקע ניישאַפונג, וואָס זיי אַלע האָבן פאַר זיך די הויפּטפאָרויסזעצונג פון: „איך עקזיסטיר און קאָן און וועל אין אַלע פאַלן און באַ אַלע סיטואַציעס עקזיסטירן!"

קיין „ענטוועדער־אָדער", קיין „מי יחיה ומי ימות"־נוסח דערלאָזט דער יידישער אָפּטימיזם נישט צו די אַלע שנויים, וואָס ס'ווערן אין לעבן פון פאָלק געמאַכט.

דער אמתער יידישער נאַציאָנאַליזם ווייסט פון וואַקסן אָבער נישט פון ווידערגעבורט, ער ווייסט פון שטאַרקן דעם לעבעדיקן און נישט פון „תחית־המתים", ער קאָן רעדן מיטן לשון פון געבן נייע קרעפטן דעם לעבעדיקן אָרגאַניזם און נישט מיט דער יחזקאלשער נבואה פון אריינבלאָזן לעבן אין „עצמות יבשות". דער אמתער נאַציאָנאַליזם דערלאָזט נישט דעם געדאַנק וועגן זיך, וועגן יידישן פאָלק, ווי וועגן „עצמות יבשות". און דאָס, וואָס דער „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם רעדט דווקא יאָ — און אַזוי אָפט און אַזוי פיל — וועגן די „עצמות יבשות" פון יידישן פאָלק, איז זיין גרעסטער פעלער, די גרעסטע אַנטינאַציאָנאַליסטישע פסולת אין דעם מכלומרשט נאַציאָנאַליסטישן רייגאָלד.

דער „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם איז שוין מיט דעם אַליין נישט עכטער נאַציאָנאַליזם, וואָס ער בויט זיך אויף פּעסימיזם. אויף אומגלויבן אין דער לעבנספעיקייט פון יידישן „היינט", וואָס ער זעט אין פאַרגעלייגטן „מאָרגן" נישט קיין תיקון, נאָר אַ „ווידערגעבורט"*).

מיט דעם, וואָס דער „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם מאַכט צו

---

*) „ווידערגעבורט" איז דאָך נישט צופעליק דער טערמין פון דער אָפיציעל־ציוניסטישער פּראָגראַם־שפּראַך. געוויס, בדרך משל, אָנצווייזן אויף דער רעזאָלוציע פון 3־טן ציוניסטישן קאָנגרעס:

Der Zionismus erstrebt nicht nur di ökonomische und politische, sonden auch die geistike W i d e r g e b u r t des iud. Volkes.

געדיכט די שאַטנס אַרום דער איצטיקער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט פֿון יידישן פֿאָלק — אָן די פֿאַרגעלייגטע תּיקונים — מאַכט ער אין בעסטן פֿאַל שוואַכער דאָס ליכט אַרום דער מאָרגנדיקער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט פֿון יידישן פֿאָלק נ אָ ך די תּיקונים.

און דערדאָזיקער פּעסימיזם, דער אומגלויבן אין איצט פֿון פֿאָלק, פֿאַרייניקט דעם „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם מיט דער אָפֿענער אַסימילאַציע.

ס'איז אין דעם פּרט פֿאַראַן אַ בפֿירושע אידענטישקייט אין תּוך — באַ אַ געוויסן בלויז שנוי־צורה — צווישן דער באַקאַנטער אַסימילאַטאָרישער אַפּאָלאָגעטיק פֿון דער אַלטער יידישקייט און צווישן דער פֿאַרהייליקונג מצד דעם „ענטוועדער־אָדער"־ציוניזם פֿון דער צוקונפֿטיקער (נאָך איר אויפֿריכטונג, לויט די פֿאַרגעלייגטע רעצעפּטן) יידישקייט.

באַ ביידע אידעאָלאָגיעס פֿ ע ל ט די אָנערקענונג פֿאַר דעם לעבעדיקן „הײַנט", אַט אַזוי ווי ער איז, פֿאַר דער עקזיסטענץ־מעגלעכקייט פֿון פֿאָלק און די אומגעענדערטע קעגנוואַרטס־באַדינגונגען. און אַט דעםדאָזיקן בלויז זעען די ערשטע צו „דערפֿילן" מיט צו שטאַרק־אַקצענטירן דעם „נעכטן" און די לעצטע מיט נישט־ווייניקער שטאַרקן אַקצענטירן דעם „מאָרגן".

די אַסימילאַטאָרישע אַפּאָלאָגעטיק, פֿאַר וועלכער דאָס אַלטע יידישקייט איז אַ ל ץ, שעפּט איר יניקה פֿון אָפּלייקענען דעם „הײַנט" פֿון פֿאָלק. די אַפּאָלאָגעטיק גופֿא איז אַ הינדולגענציע פֿאַר די זינד פֿון דעם העסלעכן „יידישן הײַנט": מ'זוכט מיט זכות־אבֿות פֿון דער אַמאָליקער יידישקייט (חכמת היהדות) צו מכפּר זײַן די מיאוסע „משעי־בנים" פֿון הײַנטיקער יידישקייט.

דער „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם, פֿון זײַן זייט, זוכט די הינדולגענציע פֿאַר די זינד פֿון דער הײַנטיקער יידישקייט נישט אין אַמאָל, נישט אין רומפֿולן „נעכטן", נאָר אין רומפֿולן „מאָרגן".

דאָס איז נאָר אַן אונטערשיד פֿון כראָנאָלאָגישער, אָבער נישט פֿון וועזנטלעכער בחינה. דער צד השווה פֿאַר זיי ביידן; סיי פֿאַר דער אַסימילאַציע, סיי פֿאַר דעם „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם איז: אַז דער „הײַנט" פֿון דער יידישקייט איז אַ זינד, אַ זינד, אויף וועלכער מען מוז זוכן אַ הינדולגענציע.

די ערשטע, די אַסימילאַטאָרן, פֿאַרוואַנדלען דאָס יידישע פֿאָלק אין קעכט־קינדער פֿון „עבֿר", די ענטוועדער־אָדער־נאַציאָנאַליסטן פֿאַר־

וואַנדלען דאָס יידישע פאָלק אין קעסט-קינדער פון „עתיד". איןביידע פאַלן ווערט אָבער דאָס יידישע פאָלק געדענקט ווי „אַ קעסט-קינד", ד. ה. ווי אַ שלימזלדיק באַשעפעניש, וואָס מוז אָנקומען צו פרעמדע טישן, ווייטע טישן, וואָס מוז זיין היינטיק לעבן נאָך דעם רומפולן „נעכטן" אָדער ביז דעם רומפולן „מאָרגן" אויספילן מיט פּאַראַזיטנטום.

און אין דערדאָזיקער אָפּלייקענונג, אין דערדאָזיקער פאַראַכטונג צום היינטיקטאָגיקן לעבעדיקן פאָלק איז טיף-באַליידיקנדיק און דערנידערנדיק פאַר דעם פאָלק גופא — דאָס באַציט זיך אין אַ גלייכער מאָס צו ביידע קאָנטראַגענטן פון דער פאַראַכטונג! — און סכנהדיק פאַר די קאָנסטרוקטיווע אַספּיראַציעס פון נעאָ-נאַציאָנאַליזם — וואָס דער לעצטער מוז שטאַרק האָבן אין אַכט.

לוינט זיך אויף דער באַליידיקונג, וואָס איז אַנטהאַלטן אין דער אָנגעוויזענער פאַראַכטונג צום פאָלקס „היינט" נישט אָפּצושטעלן.

עטלעכע באַמערקונגען אָבער וועגן דער „סכנה" פון דער זעלביקער פאַראַכטונג.

וואָס וועט דער קאָנסטרוקטיווער „ענטוועדער-אָדער"-נאַציאָנאַליזם טון, ווען זיין פאַראַכטונג וועט ברענגען צו אַפּאַטיע מצד דעם צו „ווידערגעבורט"-גערופענעם פאָלק ווען ער, אַ פאַרשפיגענער אין זיין היינט, וועט קיין שאַפונגס-פּאַטאָס, קיין שאַפונגס-ענערגיע פאַר דעם „מאָרגן" נישט געפינען אין זיך? וואָס וועט זיין, אז נאָר אַ העלפט פון דער געפּרעדיקטער יחזקאלישער נבואה וועגן „עצמות יבשות" וועט אָנגענומען ווערן פון פאָלק און דאָס גופא וועט שוין מאַכן פאַר אוממעגלעך דאָס דורכפירן פון דער צווייטער העלפט פון דער זעלביקער נבואה פון „ונתתי בכם רוח וחייתם" (יחזקאל ל"ז, 6)? וואָס וועט זיין, ווען דאָס פאָלק וועט — אַלס ענטפער ביידע מינים פאַראַכטער פון זיין „היינט" — זאָגן זיך אַליין: „אויב שוין נישטאָ קיין „נעכטן", נאָך נישטאָ קיין מאָרגן", איז צו וואָס „טויג מיר אויך דאָס שטיקעלע „היינט" — און אַלס פועל-יוצא פון אָט אַזאַ מין אָנערקענונג וועט ער ווערן אַקציאָנס-אוממעגליך פאַר זיין באַנייונג?

רעדן צום פאָלק מיט קאַלט-קאַטעגאָרישן לשון פון „מי לחיים ומי למות", קומען צו אים מיט דעם נוסח פון „אם תאבו ושמעתם" — ווילט איר אננעמען די אייך פאָרגעלייגטע ענדערונגען, איז גוט, אין קעגנפאַל

איז „חרב תאכלו״ — וועט איר פאַרלוירן גיין — איז געפערלעך אין דעם זין, וואָס ס׳טויט אָפּ די שאַפונגס־ענערגיע פון פאָלק.

וואָלט אַזאַ „אם תאבו ושמעתם״־נוסח אָבער אויסגענוצט געוואָרן אַלס ריין־אַגיטאַציע־מיטל אַליין, וואָלט ער זיך נאָר געהערט בלויז פון די סטיכישע מיילער, וואָלט עס געווען אַ האַלבע צרה. ס׳וואָלט דאַן געווען אַ פאַלש פאַרשטאַנענע מעטאָדאָלאָגיע פון דער נאַציאָנאַלער אידעע און נישט מער. (נישט איין ריכטיקע אידעע ווערט דאָך פאַרגרייזט פון פאַלשע מעטאָדן). ערגער אָבער איז ווען דער זעלביקער נוסח איז דער יסוד פון דער **אידעאָלאָגיע גופא.**

צום גליק איז אָבער די גאַנצע אויפפאַסונג **פאַלש אין איר יסוד.** דאָס יידישע פאָלק שטייט אויף אין זיין „היינט״ גענוג פעסט אויף זיינע פיס, קיין סכנה פון פאַרשווינדונג דראָט נישט דעם פאָלק אפילו ווען עס זאָל די נייע, אָן און פאַר זיך, גוטע און נויטיקע לעבנס־פאָרמען נישט אָננעמען.

דער גאַנצער פאַטעטישער רוף נאָך „גיכער הילף״ פאַר דעם „גוססן״ איז אָן איבערטריבענע נבואה פון פאַלשע נביאים, אין תנכישן לשון: פון „נביאי מלבם״ (יחזקאל, ג׳2) דאָס גאַנצע נאַציאָנאַליסטישע ציען פאַרן גלאָק־צינגל, עס זאָל שאַלן: „ראַטעוועט! אַ שרפה״ איז קעגן דעם קלינגערס רצון אינספירירט פון זיין געפערלעכסטן שונא, פון דער אַסימילאַציע.

די אַלע באַהויפּטונגען וועגן דעם אָדער יענעם נאַציאָנאַל־קאָנסטרוקטיוון פּלאַן, ווי וועגן אַן איינציק און לעצט **רעטונגס־מיטל,** ווי אַ מחיה־מתים־מיטל, זענען אַ פראָפאַנירונג און דערנידערונג פון עכטן און גרונדזעצלעכסטן אין געזונטן נאַציאָנאַליזם: פון דער אמונה אין דער אַלעקזיסטענץ פון פאָלק, אין די אים שטענדיק פון זיך אַליין באַלעבנדע און אויפהאַלטנדע קראַפט.

און ווען די הויפּ־אמונה פעלט, איז די נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיע, באַ אירע בעסטע כוונות, נישט מסוגל אויסצוגעפינען היילונג פאַר דעם „קראַנקן פאָלק״, נאָר מוז פריער אַ גרינטלעכע היילונג באַקומען פאַר זיך אַליין. ווייל אין דער אמונה פאַרלירט זי די נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיע, איר פעסטע האַלטונג, הייבט זי זיך אָן צו וואַקלען. מוז זי אויף אויפצוהאַלטן גלייכגעוויכט אָנקומען צו פאַרשידענעם געקינסטלטן באַלאַסט, צו שלאָגנדע אויפן אַפעקט אָבער געפערלעכע צירק־טריוקן.

צי דאַרף מען ראיות?

כ'באַנוגן זיך דאָ מיט איינער פון אַ סך און דווקא מיט אַ ביי־שפּיל, וואָס איז גענומען בײַ איינעם פון די לעצטע, פון די נייעסטע טעאָרעטיקער פון „ענטוועדער־אָדער"־נאַציאָנאַליזם, בײַ פּראָפעסאָר ג. לאַזאַרסאָן*).

ווען ער וויל, אין זיין פּאָלעמיק מיט די אַסימילאַטאָרישע פּרעדי־קער פון מיסיאָן־יידישקייט אָלאַ גערשענזאָן, דערווייזן די אַקטואַליטעט פון ציוניזם, פון שאַפן אַ פּאָליטיש לעבן אין פּאַלעסטינע, גע־פינט ער, למשל, נישט קיין בעסערע, שלאָגנדיקערע ראיות ווי די: אַז אונזער גאַנ־צע היסטאָרישע באַדייטונג פאַר דער וועלט באַגרענעצט זיך בלויז מיט דעם קורצן פּעריאָד פון אונזער ט ע ר י ט אָ ר י אַ ל ־ פּ אָ ל י ט י ש ע ר א ו מ אָ פּ ה ע נ ג י ק יי ט, נאָך דעם האָבן מיר שוין פאַר דער וועלט קיין באַדייטונג נישט. אין זיין אייגענער פאָרמולירונג: „און הגם ס'איז אויסער יעדן צווייפל, אַז נאָך דעם ווי ס'איז חרוב געוואָרן דער בית־שני האָבן מיר אַריינגעלייגט אין אונזער שאַפן מער שכל און מוח־סובסטאַנץ, נישט אין פאַרגלייך מער פייער און באַגייסטערונג, ווי אין דער עפּאָכע פון פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט, און (האָבן אַריינגעלייגט אין אונזער שאַפן) אַ גענוג גרויס חלק פון הויכזעליקע יסורים, האָבן מיר דאָך, מיטן מאָמענט, ווען ס'איז חרוב געוואָרן די יידישע מלוכה, פּלוצלינג פאַרלוירן אונזער באַדייטונג פאַר די פעלקער פון דער ערד. ווייל מיר זענען דאָן געוואָרן אומאדעקוואט..." און ער גיט צו, אַז וואָס מיר האָבן שפּעטער געשאַפן איז פאַרבליבן נאָר „צווישן אונז אַליין", האָט קיין גרויסן רע־זאַנאַנס אין דער וועלט נישט געהאַט.

און פון דעם קומט ממילא דער אויספיר, אַז די איינציקע רעטונג פאַר אונז איז דאָס ווידערשאַפן פון אַ פּאָליטישן זעלבסטשטענדיקן לעבן, דורך ווידער ווערן אַ ד ע ק וו א ט מיט אַלע אַנדערע פעלקער.

אין דעם אַלעמען איז אָבער פאַלש סיי די עצם פאָרויסזעצונג, סיי דער אויספיר. צי האָבן מיר טאַקע די איינציקע באַדייטונג פאַר דער וועלט געהאַט נאָר אין פּעריאָד פון אונזער פּאָליטישער זעלבסטשטענדיקייט

---

*) אין זיין רוסישער בראָשור „פּראַווא נאַ באַנאַלנאָסט" (אָפּיט אַבאָסנאָוואַניאַ טרודאָוואָוואָ סיאָניזמאַ). פאַרלאַג „קולטור", ריגאַ 1925.

אַליין ? צי איז טאַקע אונזער גאַנצע שפּעטערדיקע אומגעהויערע שאַפן פאַרבליבן נאָר צווישן אונז אַליין ?

דאָס איז דאָך אַ בפירושע איבערחזרונג פון דער טענה באַ די אַסימילאַטאָרישע פרעדיקער פון מיסיאָן־יידישקייט, וועלכע לאַזאַרסאָן באַקעמפט. ס'איז דאָך בעצם די זעלבע טענה פון אַ גערשענזאָן בלויז מיט אַ ביסל אַן אַנדערער דעקלאַרירונג, וואָס באַם כלל נישט דעם תוך פון דער טענה גופא.

די אַסימילאַטאָרן פון פאַרשידענע אַרטן, האַלטן אין איין אַרייַנטענהן אין אונז, אַז מיר זענען אַ ביבל־פאָלק און נאָר אַ ביבל־פאָלק און אויב מיר האָבן זיך געקאָנט האַלטן אויף די פיס אַזוי לאַנג איז עס נאָר אין זכות פון אונזער איינציקער שפּייזערין, די ביבל. דער גאַנצער אומפאַרגלייכלעך־גרויסער צייט־שטח פון אונזער נאַציאָנאַלער עקזיסטענץ צווישן דער ביבל און איצט, איז אַלזאָ, נאָר אַ פּאַראַזיטיש לעבן אויפן חשבון פון אַן אַלטער, אמת גרויסער י ר ו ש ה, אונזער גאַנצע באַלד צוויי טויזנטיעריקע געשיכטע פון נאָך דעם פּאָליטישן חורבן האָט קיין זעלבסטווערט, קיין אייגענע באַדייטונג פון „אַ חי נושא את עצמו“, זי איז נישט מער ווי אַ באַלוינונג פאַר דעם גרויסן אָבער אַמאָליקן, לאַנג פאַרגאַנגענעם פאַרדינסט. ווי אַזוי קלינגען אָבער אַזעלכע טענות, מעגן זיי צונויפגעפּעפּערט ווערן מיט נאַציאָנאַליסטישן געווירץ, אין מויל פון קאָנסטרואירנדן נאַציאָנאַליזם ? באַ די אַסימילאַטאָרן — מען מוז עס צוגעבן — איז אַ סך מער אויסגעהאַלטנקייט, אַ סך מער באַגרייפלעכקייט אַנטהאַלטן אין זייער: „ביבל איבער אַלעם“, ווייל באַ זיי איז עס אַ הספּד איבער אַ געוועזענעם פאָלק און אַ הספּד האָט שוין די סגולה צו קומען מיט הויכע טענער.

צי זענען אָבער די זעלביקע הויכע טענער פון הספּד צוגעפּאַסט, ווען מ'קומט מיט זיי צום „ווערדענדען“, „צום נייגעבוירענעם“ (כ'זאָג שוין נישט: צום לעבעדיקן, איצטיקן) פאָלק ? —

ס'איז, מיין איך, גאָרנישט נייטיק זיך אָפּצוגעבן מיט דער באַגרינדונג פון ענטפער אויף דער געשטעלטער פראַגע. דער אַבסורד פון דער אַסימילאַטאָרישער ביבל־טענה אין מויל פון קאָנסטרואירנדיקן נאַציאָנאַליזם איז צו בולט, צו שטאַרק. אָבער, אַז מ'הייבט אָן איבערצוחזרן די אַסימילאַטאָרישע טענות, ווען דערביי איז אפילו די בעסטע כוונה, פאַרפלאָנטערט מען זיך, נישט ווילנדיק, אין די צעשטעלטע נעצן און מען מאַכט איין פעלער נאך דעם צווייטן.

אָס, למשל, אַ צווייטער פּעלער, וואָס מ. לאַזאַרסאָן מאַכט, מיינענ־דיק זיכער, אַז ער באַזיגט דורכדעם זיין קעגנער, גערשענזאָנען, און פּאַקטיש אָבער ווערט ער גאָר בשעת־מעשה פון יענעם באַזיגט:

„כ'גיי נאָך ווייטער און זאָג, אַז ווען ס'איז אפילו מעגלעך אין לעבן פון פעלקער אַ צייטווייליקע דורכלויף־עקזיסטענץ („פּערעקאַטי־פּאָלגאַניע ביטיאַ") אויב אַזאַ אויסנאַם זאָל אפילו שוין יאָ זיין מעגלעך, ווילן מיר אַזאַ אויסנאַם נישט מער זיין. ווי אַ גאַציע האָבן מיר געלעבט אויפן חשבון פון יענע זאַפטן, וועלכע מיר האָבן אַמאָל איינגעזאַפּט אין זיך. טראַכטן, אַז דידאַזיקע זאַפטן וועלן אונז קלעקן אויף שטענדיק קענן בלויז נאָר די אָנהעגער פון „אתה בחרתנו", אָנהייבנדיק פון די רעכטע און רעלי־גיעזע און ענדיקנדיק מיט די לינקע און וועלטלעכע*).

פרעגט זיך: פונוואַנען נעמט עס מ. לאַזאַרסאָן יענע פּינקטלעכע אַפּטייק־וואָג אויף פעסטצושטעלן מיט זיכערקייט, אַז די „אַמאָל אָנגעזאַפּטע זאַפטן, וועלכע קאָנען נישט קלעקן אויף שטענדיק" האָבן זיך דווקא איצט פאַרענדיקט? —

כ'שטעל די פראַגע, נאַטירלעך, ריין־פאָלעמיש און לשיטתו פון דער זאַפטן־טעאָריע: אויב מיר האָבן ביז איצט עקזיסטירט אויפן חשבון פון די „אַמאָליקע זאַפטן" (לעבן 2 טויזנט יאָר אויסשליסלעך אויפן חשבון פון די זאַפטן, וואָס מ'האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַמאָל, אין משך פון דער קורץ־דויערנדיקער טעריטאָריאַל־פּאָליטישער עקזיסטענץ — צי איז עס גופא נישט דערזעלביקער „גאָטס רצון", „ראָמאַנטישער דרעמל", „מעטאַ־פיזישע זעלבסטפאַרזיכונג"**), וועלכע מ. לאַזאַרסאָן באַקעמפט און לאַכט אויס באַ זיינע אַסימילאַטאָרישע קעגנער?!). פון איצט אָן קאָנען מיר שוין מער נישט עקזיסטירן אויף דעם חשבון פון דידאָזיקע זאַפטן. מוז מען דאָך, לכל־הפחות, קאָנען דערוויזן מיט דער פּינקטלעכ־קייט פון צוויי מאָל צוויי, אַז גראָד איצט האָט „געשלאָגן די שעה", אַז גראָד איצט האָט זיך די קראַפט פון זאַפטן פאַרענדיקט.

קאָן עס מ. לאַזאַרסאָן באַווייזן? און ווי איז, אַז מ'וועט אים שטעלן אַ שאלת־תם: אַזעלכע ווונדערלעכע זאַפטן, וועמענס קראַפט ס'האָט אויסגע־

*) ז. 39—40.

**) ז. 38.

רייכט אויף גאַנצע צוויי טויזנט יאָר, וועלן אפשר קאָנען איינהאַלטן ווייער קראַפט נאָך אַ שטיקל צייט, נאָך אַ פּאָר הונדערט יאָר, אַן ערך? (אין אונזער געשיכטע זענען דאָך אַ פּאָר הונדערט יאָר נישט אַזאַ אויסנאַם-גרויסע-צייט, ה׳ לאַזאַרסאָן!) קאָנען מיר אפשר „נאָך וואַרטן״? איז אפשר די „אַקטואַליטעט״ פון ווידער אויפשטעלן דאָס איבערגעהאַקטע טעריטאָריאַל-פּאָליטישע לעבן נאָך גאָרנישט אַזוי אַקטועל? וועלן מיר אפשר זיך פּראָלאָנגירן די בוכפירונג פון ציוניזם אויף אַ פּאָר הונדערט יאָר?

אָט צו וואָס פאַר אַן אַבסורדן מ׳דערגרייכט מיט איבערחזרן אַסימילאַטאָרישע טענות, אָט אין וואָס פאַר אַ „צירקוס ווירטואַזיס״ מ׳פאַלט אַריין, ווען מ׳וויל אַנטשאַפן דעם נאַציאָנאַליזם אָן די רויִנירטע „קרנות המזבח״ פון אַסימילאַציע. אונזער געשיכטע ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ קאַריקאַטור, ענלעך אויף אַן אומבאַהאָלפענער קינדערצייכנונג: אַ גרויסער, איבערמאָסיק-גרויסער קאָפּ מיט דינינקע, ראַכיטישע שטעקן-פיסלעך. מיר האָבן אַמאָל געהאַט אַ ביבל און צוויי טויזנט יאָר האָבן מיר עקזיסטירט נאָר אויפן חשבון פון אָט דערדאָזיקער ביבל, מיר האָבן אַמאָל אַ קורצע צייט געפירט אַ פּאָליטיש לעבן, האָבן מיר די גאַנצע צייט „געזשיפּיעט״ נאָר מיט די זאַפטן פון יענעם קורצן לעבן. דאָס גאַנצע גרויסע שטיק געשיכטע אונזערע: פון יענער תקופה ביז איצט איז אַנטווערטעם, איז אַ „ליידיק אָרט״, איז אַ „זיצן אויף פרעמדע קעסט״.

אַזעלכע אויפפאַסונגען זענען אַ בפירושער פּאַטש אין פּנים דער געזונטער, נישט געפעלשטער נאַציאָנאַלער דערקענטניש, אויף אַזעלכע „נאַציאָנאַליסטן״ איז חל דאָס וואָרט: „היט מיך, גאָט, פאַר מיינע פ ר יי נ ט, פון מיינע פיינט וועל איך זיך אַליין אויסהיטן!״

וואָס זאָגט און וואָס דאַרף זאָגן די אויפפאַסונג פון דעם א מ ת ן נ אַ צ י אָ נ אַ ל י ז ם? וואָס שטעלט און וואָס דאַרף דער אמתער נאַציאָנאַליזם קעגנשטעלן די פאַלשע נביאים פון „ענטוועדער-אָדער״-נאַציאָנאַליזם? —

ערשטנס — אַ גלייך פּראָפּאָרציאָנעלע פאַרטיילונג פון עקזיסטענץ-מעגלעכקייטן און שאַפונגס-פאַקטן אויפן גאַנצן שטח פון דער יידישער געשיכטע. מיר לעבן נישט „אויף פרעמדן חשבון״ (אין זין פון צייטלעכער ווייטקייט), נאָר האָבן געלעבט, לעבן און וועלן לעבן אויף אונזער א יי ג ע נ ע ם חשבון.

צווייטנס — מיר זענען אויך איצט נישט אין קיין „גוטה-למות״-צושטאַנד? ס׳האָבן זיך כלל נישט אויסגעשעפּט די „זאַפטן״, ווייל מיר

לעבן אויף אייגענע, אויף איצטיקע זאַפטן, וועלכע יעדער געזונטער אָרגאַניזם פאַרמאָגט אין דער נייטיקער מאָס. מיר דאַרפן, אַלזאָ, נישט קיין „רעטונג" פון „טויט", ווייל מיר לעבן. מיר וואַרפן אָפּ, מיט דעם נאַטירלעכן אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג, יעדן קלאַפּ פון קברנישע לאַפּאַטעס, פון וואַגען עס זאָל נישט קומען. מיר דאַרפן נישט קיין איבערטריבענע הויכע הספד-טענער איבער אונזער רומפולן אַמאָל, ווייל דער טויטער איז כלל נישט טויט, ער „באַוועגט זיך נאָך" און וועט זיך באַוועגן אין זיין נישט אָפּגעשטעלטער לעבנס-פעיקייט. די דילעמע פון „ענטוועדער-אָדער", אָדער קלאַפּנדיק אויף אפעקט-נוסח פון „אם תאבו ושמעתם" איז נישט באַרעכטיקט, איז אפילו שעדלעך.

און דריטנס: מ'דאַרף כלל נישט אָנקומען צו עקסטראַאָרדינאַרע מיטלען, צום רייסן דעם ארון קודש, כדי צו דערוויזן דעם פאָלק די נויטיקייט, די אַקטואַליטעט פון אַ פאָליטיש לעבן, פון דעם אַלעמען, וואָס ס'פּרעדיקט מיט רעכט, הגם אָפּט באַ פאַלשע פּאָרויסזעצונגען און דורך פאַלשע מעטאָדן — דער נאַציאָנאַליזם. די אַלע פאָרגעלייגטע שינויים אין אונזער נאַציאָנאַלן לעבן זענען נייטיק און אַקטועל שוין דורכדעם אַליין, וואָס זיי זענען אַ פאַרפולקאָמונג, אַ תּיקון פאַר דעם פאָלקס-לעבן. אין דעם ליגט דער הויפּט-אונטערשיד: נישט קיין רעטונג פון טויט, נאָר אַ תּיקון פון לעבן. דאָס יידישע פאָלק איז איצט אויך, ווי אַמאָל, אַ לעבעדיקער אָרגאַניזם און ווי יעדער לעבעדיקער אָרגאַניזם נייטיקט ער זיך אין פאַרפולקאָמונג, אין תּיקון, און וועט אַזאַ פאַרפולקאָמונג מיט רצון, מיט דער גאַנצער אַקטיוויטעט, דורכמאַכן.

די אַלע נייטיקע, באמת אַקטועלע, קאָנקרעטע שינויים, וואָס דער נאַציאָנאַליזם לייגט פאָר, זענען נישט אויף פּעסימיזם, נאָר דווקא אויף אָפּטימיזם געבויט. אויף דעם פולבלוטיקן און צו פאַרפולקאָמונג-פעיקן אָרגאַניזם פון פאָלק.

זיי זענען נישט קיין „ווידערגעבורט", נאָר אַ וויטערעס וואַקסן פון דעם שוין לאַנג-לאַנג געבוירענעם, זיי זענען נישט קיין לכתחילהדיק רינגעלע אין אַן איבערגעריסענער קייט, נאָר מער נישט ווי אַ ניי רינגעלע, אַ נאַטירלעך ניי רינגעלע אין גאָלדענער קייט פון נישט אָפּגעריסענער עקזיסטענץ.

אַזוי און נאָר אַזוי דאַרף צו זיין קאָנסטרוקטיוויזם צוגיין דער אמתער, דער נישט געפעלשטער נאַציאָנאַליזם.

דאָס פּאָליטישע לעבן פון יידישן פאָלק, דאָס שאַפן פון אַ פּאָליטישן צענטער אין פּאַלעסטינע אָדער ערגעץ־אַנדערש א. אַ. וו. זענען נישט און דאַרפן נישט זיין קיין יאושדיקע דילעמע פון „ענטוועדער־אָדער״: ענטוועדער איר נעמט עס אָן — און איר זענט געראַטעוועט, אָדער — איר וואַרפט עס אָפּ און — איר פאַרשווינדט, נאָר דווקא אַ פראַגע פון וו י י ל: ווייל מיר עקזיסטירן, ווייל מיר זענען מיליאָנען ווייט פון פאַרשווינדונג, מוזן מיר זיך פאַרפולקאָמען, מוזן מיר אָננעמען דעם תיקון פון פּאָליטישן לעבן א. אַ. וו.

ס'איז בשום אופן נישט קיין יאושדיקע האַמלעטישע פראַגע־שטעלונג: „זיין אָדער נישט זיין״, נאָר אַן איינפאַכע, נאַטירלעכע קעגנאייננאַנדערשטעלונג: „ערגער זיין אָדער בעסער זיין״. דער לעבעדיקער, לעבנספעיקער אין זיך אַנטוויקלטער פאָלקס־אָרגאַניזם האָט, פאַרשטייט זיך, איין איינציקן ענטפער אויף אַזאַ קעגנאייננאַנדערשטעלונג: „בעסער זיין״.

דער „ענטוועדער־אָדער״, אַלס אידעאָלאָגישע באַזע פון נאַציאָנאַליזם, איז אַ פרעמדער, צו אונז איבערגעטראָגענער פון פיינטלעכן לאַגער, „שטיקנדיקער גאַז״.

דער געזונטער נאַציאָנאַליזם האָט גענוג קראַפט דעמדאָזיקן גאַז אָפּצוּווענדן, זיין קראַפט צו נייטראַליזירן.

די אימפּאָרטירטע, פרעמדע, „ענטוועדער־אָדער״־פאָרמול דאַרף פון אונזער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע באַזייטיקט ווערן, און וואָס פריער אַלץ בעסער! —

דר. ישראל רובין

דר. חיים זשיטלאָווסקין א מתנה.

# ב ר י ד ע ר

## (דערציילונג)

דריי באַנאַכט איז דער רב, ר׳ שלום טוווים, צוריקגעקומען פון זיין קראַנקן פאָטער. דער פאָטער האָט געדאַרפט גרויס רחמים און ער, ר׳ שלום, וואָלט געבליבן באַם חולה אַ גאַנצע נאַכט, ווען דער קראַנקער שטייט נישט מיטאַמאָל צו, מען זאָל שיקן נאָך זיין יינגערן זון, נאָך פישלען, וואָס איז שוין יאָרן אַרויס לתרבות רעה.

פאַרן רב איז עס געווען אַ חידוש. מיט צען יאָר צוריק האָט דער פאָטער פישלען דורכגעטריבן, נישט געקאָנט הערן זיין נאָמען און איצט, ווען פישל איז שוין צו ווייט אַוועק, קיין זאַך פאַרבינדט אים מער נישט מיט יידן, פונקט איצט, ווען דער פאָטער דאַרף רחמים, שיקט ער נאָך אים.

דער רב האָט זיך נישט געוואָלט טרעפן מיטן ברודער און איז אַהיימגעגאַנגען. אין שטוב איז געווען נאַכט. פון די אָפענע צימערן האָט זיך געטראָגן דער שלאָף, מיטגעבראַכט ווערטער פון אַן אַנדערער וועלט.

דער רב איז שטיל אַריין צו זיך אין בית־דין־שטוב, געבליבן זיצן באַם אָפענעם פענצטער. די לבנה איז ערגעץ געבליבן שטעקן הינטער די הייזער, געלאָזט נאָך זיך פאַרגליווערטע פלאַמען. אין דער גרויקייט האָבן שטערן געבליינצלט, זיך געלאָשן, פאַרצויגן די וועלט מיט שאָטנס.

עס זענען אַנגעפאָרן צוויי וועגעלעך מיט מילך, זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ הויז. די מילכלייט האָבן זיך איבערגערעדט פון איין וועגעלע אין

צווייטן און אין דעם באַגינען האָט עס געקלונגען, ווי מאַן-ווייב כאַפּן אַ שמועס אין דער דריטער אשמורה.

די שול מיט די מירמלשטיינערנע פּליטן, מיטן אייזערנעם טויער, וואָס האָט זיך געגרויט קעגנאיבער דעם רבס פענצטער, איז געשטאַנען אַ פאַרהאַקטע, אַ טויטע.

דער רב האָט געקוקט אויף דער געביידע און געטראַכט, אַז יידישקייט גייט אין אַמעריקע אונטער — ס'גייען פאַרביי וואָכן און מען קומט נישט מיט קיין שאלה.

לאה, דעם רבס ווייב, איז אַראָפּ אַ באָרוועסע אין נאַכט-העמד. זי האָט זיך צוגעטוליעט צום מאַן, געריבן די פאַרשלאָפענע אויגן און אַ פאַרזאָרגטע זיך געפרעגט:

— וואָס מאַכט דער טאַטע, שלום? בעסער? גיי לייג זיך, ביסט דאָך די לעצטע נאַכט אויך נישט געשלאָפן!

— ס'שלעפערט מיך נישט, לאה. זעסט ווי די שול פוסטעוועט קעגנאיבער?

— וואָס אים ליגט אין זינען? עס איז דאָך נאַכט! וואָס האָסטו געוואָלט, מענטשן זאָלן בּאַנאַכט אויך זיצן אין שול? גענוג, אַז מתים זענען דאָרט פאַראַן.

— און ווער קומט באַטאָג אין שול אַריין? אויך מתים. גאָטס הויז פוסטעוועט, און איך, דער כהן-גדול, היט דעם ליידיקן ארון-קודש, ווייסטו כאָטש, אַז איך שלעפּ קוים צונויף אַ מנין אַלטע לייט און דאָס אויך נישט שטענדיק? און, אַז מיין ברודער פישל, דער פושע-ישראל, רעדט אין מעדיסאָן-סקוועער, קומען אים צוואָנציק טויזנט אַרבעטער הערן. לאָזן אַלע רבנים פון ניו-יאָרק פּרוון צונויפרופן כאָטש צען טויזנט יידן... כ'מיין, די יידן זאָלן הערן תורה, תורה זאָלן זיי הערן... מ'וועט נישט קומען, לאה!

— ס'יידישקייט גייט נאָך נישט אונטער אפילו אין אַמעריקע, — האָט לאה צוגעלייגט ס'פנים צום מאַנס באָרד — און ווער איז דאָס מחויב צו פאַרזאָרגן אַ וועלט? גלייב מיר, שלום, אַז מיר וועלן ווי עס איז בכבוד דורכשטופן אונזערע פאָר יאָר...

באַם ערשטן קלונג פון טעלעפאָן האָט דער רב אַ כאַפּ געטון דאָס טרייבל אין דער האַנט, עס געהאַלטן אַ ווײַלע. ער האָט מורא געהאַט עס צוצושטעקן צום אויער און אַז ער האָט עס צוגעלייגט, האָבן די הענט זיך באַ אים גענומען וואַרפן.

— וואָס, שלום?
— נאָך אַלעמען.

די פּלייצעס בײַ לאהן האָבן זיך געקאָרטשעט אונטער דעם דינעם נאַכטהעמד. זי האָט זיך פונאַנדערגעוויינט שטיל און שפּיציק. טרערן זענען געפאַלן אויפן רבס באָרד, אויף זיינע הענט. ער האָט נישט געטרייסט ס'ווייב, נישט באַרויקט, לייכט זיך אַרויסגעדרייט פון אירע הענט, גענומען דעם שטעקן מיטן זילבערנעם קאָפּ און איז פּאַמעלעך אַרויס פון שטוב.

הינטערן פענצטער איז דאָס געוויין געוואָרן נאָך שטילער, פאַר-שפּיצטער, געסיקעט אין דער נאַכט, ווי אַ נאָדל-פאָדעם, וואָס פאַרנייט אַ צעשניטן לייב. דער רב איז געגאַנגען איבער די פינצטערע, ליידיקע גאַסן טריט בײַ טריט, נישט געטראַכט, וואָס דער פאָטער איז געשטאָרבן. ער האָט זיך נישט געקאָנט באַפרייען פונם ברודער, וואָס זיצט אוודאי איצט בײַם מת, און מיט וועמען ער, שלום, האָט זיך שוין צען יאָר נישט געזעען. לעצטנס איז פישל גאָר משוגע געוואָרן. מ'שמועסט, אַז דאָס יינגסטע קינד האָט ער נישט מלע געווען און אָנשטאָט אַ נאָמען צו טון ישראל נאָכן זיידן, רופט ער עס לענין. די אַלע רעדערייען האָבן זיך אים נישט געלייגט אויפן שכל, געהאַט ספקות. וואָס, וואָס, אַ משומד-להכעיס איז דאָך פישל נישט.

בײַם רב איז לענין געווען טריפענער ווי טיטוס. טיטוס האָט אָפּ-געווישט ארץ ישראל און דער קאַצאַפּ וויל חרוב מאַכן די גאַנצע וועלט. ס'אַרומיקע לעבן האָט זיך בײַם רב געטיילט אין צווייען. ער, דער רב שלום, פאַרטרעט איין העלפט און זיין ברודער פישל די צווייטע. ער וועט עס אים זאָגן נאָך היינט, שווערן בײַם טאַטנס געביין, אַז ווי לאַנג פישל וועט נישט תשובה טון, קאָן צווישן זיי קיין שלום נישט זיין. ער איז נישט דער ערשטער רשע. מען וועט אים אויך איבערלעבן.

די מחשבות האָבן דעם רב צוגעגעבן קוראַזש. ער האָט גענומען גיין שנעלער, געשטעלט דעם שטעקן אויף אַ פריער און זיך צוגעהערט ווי די אייזערנע סקיווקע פונם שטעקן הילכט אָפּ איבערן טראָטואַר, חזרט איבער זיינע ווערטער.

ער האָט אַלץ נישט געקאָנט שלום מאַכן, אַז זיין ברודער פישל זאָל זיין אָט אַזאַ אָ... אויס, אַלץ אויס... ער, שלום, האָט קיינמאָל נישט געפרוווט אַ רעד טון מיט פישלען... טאָמער... ווי זאָגט די גמרא, אַ ייד אַ פושע-ישראל און אַ גוי אַ נביא, איז נאָך אַלץ נישט גלייך. ווער איז

דער, וואָס האָט זיך געוואָלט מגייר זיין ? יאָ. אונקלוס, טיטוסעס שוועס־טערקינד האָט זיך געוואָלט מגייר זיין. ער האָט דורך כישוף אַרויסגערופן טיטוסן, געפרעגט באַם פעטער אַן עצה. דער פעטער האָט נישט נאָר אָפּגערעדט, נאָר ער האָט אים נאָך געהייסן רודפן יידן. בלעם דאָס זעלבע. האָט אונקלוס אַרויסגערופן יעזוסן. יעזוס האָט געזאָגט, אַז ס'איז נישטאָ קיין בעסערע אומה ולשון, ווי די יידישע.

דער רב איז אַריין אין קאָרידאָר. אַ חלשות־ריח האָט אים אַ וויש געטון איבערן פּנים, דערמאָנט, אַז דער פאָטער איז טויט. ער איז וויי־בער געוואָרן, נאָכגיביקער. איצט האָט אים פאַרקוועטשט באַם האַרץ. די אויגן זענען אָפּגעגאָסן געוואָרן מיט אַזאַ הייסקייט, אַז ער האָט נישט געזעען ווו ער גייט.

אין שטוב האָבן זיך געדרייט פרעמדע מענטשן. צוקאָפּנס דעם מת האָבן געברענט צוויי ליכט אין פאַרטריפטע לייכטער. די פלעמלעך האָבן זיך געצויגן צום אָפענעם פענצטער, פישל איז געזעסן אויף אַן איבערגעדרייט קעסטל, געהאַלטן ס'פּנים אין די הענט און זיך קוים באַוויגן. באַם רבס אַריינקומען האָט ער נישט אַוועקגענומען די הענט פונם פּנים.

דער רב האָט אַוועקגעשטעלט דעם שטעקן. ער האָט אַ נעם געטון פון דער ספרים־פּאָליצע אַ משניות, געמישט, געבלעטערט, עס צוריק אַוועקגעשטעלט און איינגעטענהט מיטן ברודער אָן ווערטער.

די הענט, ס'פּנים און דער עיקר די אויגן האָבן גערעדט, גע־טענהט, זיך נישט געקאָנט אַרויספּלאָנטערן פון טיטוסן, וואָס האָט חרוב געמאַכט ס'בית־המקדש, ירושלים, אַ לאַנד, געלאָזט אָבער אַ פאָלק. איצט, ווען ס'פאָלק איז חרוב, אויף דער ערד ליגט אַ מת. הערסט, פישל, אַ מת ליגט אויף דער ערד, וואָס דאַרפן מיר וויינען, וואָס דאַרפן מיר זאָגן „איכה" ? דאָס איז שוין קיין חורבן אויך נישט !

פישל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיינע פאַרווייינטע אויגן האָבן דערזעען דעם ברודער, און ער האָט זיך אַ שטעל געטון :

— שלום.

דער רב האָט זיך צעפּינטלט, אַריינגעכאַפּט די באָרד אין מויל אַריין, פאַרשטופּט ווי מיט אַ וויעכעטש, דאָס געשריי זאָל זיך נישט אַרויס־רייסן, און דורך די פאַרקוועטשטע ליפּן אָנגעהויבן זאָגן תהילים.

ער האָט אָנגעשפּאַרט די הענט אָן דער וואַנט, דעם קאָפּ אָן די הענט און זיך צעברומט. די פּלייצע האָט זיך אויסגעבויגן, זיך פאַרשפּיצט

געוואקסן. פון זיך אליין האבן די הענט זיך אראפגעלאזט. די נאז איז געווארן בלייך, לענגער און דער רב האט זיך גענומען וואקלען מיט א שיקל אין אויג.

פישל האט אים דערכאפט, אוועקגעזעצט אויפן בעט, געריבן די הענט, די שלייפן, און אז דער רב איז געקומען צו זיך, האט ער זיך צעוויינט.

דורכן פענצטער האט זיך אריינגעריסן דער פרימארגן, זיך גע-שפילט מיט די פלעמלעך, געפעלדלט דאס שווארצע לײלעך ארום דעם מתס שטייפע פיס. די ברידער האבן דערזעען ווי ס'ליילעך רירט זיך און זיך א ריס געטון פון בעט. אויפן ארט האבן זיי זיך געכאפט, אז ס'איז דער חינט, געבליבן זיצן אומבאהאלפענע, פארגעסן די שנאה און פון נישט האבן וואס צו טון, האט דער רב געלאזט פאלן:

— ער האט דאך נאך געקאנט לעבן, דער טאטע.

י. אפאטאשו

אַ מתנה מיין ליבן און חשובן
רבין, פריינט און חבר,
דר. חיים זשיטלאָווסקי.

# קאַנטס באַגריף וועגן פרייען ווילן
## (היסטאָריש-קריטישער איבערבליק*)

### א.

אויב פון אַלע פילאָזאָפן איז עס געווען יום, וואָס האָט, ווי קאַנט דריקט זיך אויס, אים אויפגעוועקט פון זיין דאָגמאַטישן דרימל, איז עס זיכער אויך געווען דערפאַר, וואָס יומס טיפער און אָריגינעלער אַנאַליז פון פראָבלעם פון קאַוזאַליטעט האָט אַוועקגענומען אָט אָ די סינטעטישע איינקייט און אוניווערסאַלע פערמאַנענץ, וואָס אָן זיי קאָן קיין פערזענלעכקייט נישט געמאָלט זיין. נאָר אַזאַ „איך", וואָס קאָן צונויפזאַמלען אַלע פילקייטן אין זיך, ווי אין אַ ברען פונקט, און אַליין פון קיין סכום פון פילקייטן נישט אויסגעשעפּט ווערן, האָט אַ מעגלעכקייט אין אַ פערזענלעכקייט זיך פונאַנדערצוּוויקלען. און שטרעבן קאָן דער מענטש צו דער רעאַליזירונג פונם פערזענלעכקייט-אידעאַל נאָר דעמאָלט, ווען ער קאָן זען אין זיין איך אַן אייביק-אָנהאַלטנדיקע סינטעזירנדיקע איינהייט. די דאָזיקע מעגלעכקייט האָט יום מיט אַן אַנאַליזירנדיקער שאַרפקייט אַוועקגענומען, און דערמיט האָט ער ווי פון אַ שלאָף אויפגעוועקט דעם

---

*) אויסשניט פון אַ גרעסערער אַרבעט: „דער פאַר-בערגסאָנישער און בערגסאָנישער באַגריף פון פרייען ווילן". צוליב מאַנגל אין פּלאַץ הייבט זיך די אַרבעט דאָ אָן פון דריטן קאַפּיטל.

פילאָזאָפישן ריז קאַנטן. אויפגעכאַפּט האָט זיך דער ריז, אויפגעעפנט די אויגן און דערזעען עטוואָס, וואָס קיינער ביז אים האָט נישט געזעען.

קאַנט איז געווען דער ערשטער איינצוזען, אַז לויט די באַגריפן וועגן דעם שייכות פון רוים און צייט צו דער מענטשלעכער געדאַנקלעכ־קייט, וועלכע האָבן געהערשט אין די מוחות פון מענטשן ביז צו יענער פילאָזאָפישער תקופה, איז יום געווען אַבסאָלוט גערעכט מיט זיין טענה, אַז מיר האָבן נישט קיין שום לאָגישן גרונט אָנצונעמען אַ געזעצמעסיקן גאַנג פון געשעענישן און פּאַרקומענישן. כל זמן רוים און צייט זענען, ווי ביז קאַנטן, באַטראַכט געוואָרן ווי מהותן, וועלכע זענען אויסנווייניק און אומאָפּהענגיק פון דעם מענטשס גייסט, האָט טאַקע בשום אופן נישט גע־קאָנט פאַרענטפערט ווערן די פראַגע, וואָס יום האָט געשטעלט צו אַלע פילאָזאָפן, און דאָס איז: פונוואַנען ווייסן מיר, ווו איז די לאָגישע גאַ־ראַנטיע, אַז אַלע קעגנשטאַנדן און געשעענישן אין דער וועלט אַנטשטייען און קומען פאָר ווי פאָלגן פון געוויסע און באַשטימטע אורזאַכן, וואָס ווען מען דערוויסט זיי אָדער דערקענט זיי, קאָן מען מיט באַשטימטקייט און זיכערקייט פאָרויסזאָגן דעם ווייטערדיקן גאַנג פון געשעענישן און פּאַרקומענישן.

הינטער אונזער געדאַכטער זיכערקייט פון אורזאַך־און־פאָלגע, גע־זעצמעסיקער און איינפערמיקער געקייטלטקייט פון געשעענישן, שטייט — לויט דער מיינונג פון יומען — נישט מער, און בלויז אַזאַ ווייני־קער און גאָר נישט זיך צום פאַרלאָזן אויף אים פאַקטאָר, ווי גע־וווינהייט. דאָס מיינט מיט אַנדערע ווערטער, אַז מיר פאַרלאָזן זיך מיט אַלע אונזערע פראָגנאָזן וועגן דעם ווי עס וועט זיין, בלויז אויף אונזערע דערפאַרונגען וועגן דעם, ווי עס איז געווען. אַלע דערפאַרונגען זענען נישט מער ווי אימפּרעסיעס, וואָס קומען פון דער אויסנווייניקסטער וועלט, וועלכע איז איינגעפּאַסט אין אויסנווייניקסטע ראַמען פון רוים און צייט. מיר האָבן דעריבער נישט, פון יומס שטאַנדפּונקט, קיין שום אינע־ווייניקסטן געדאַנקלעכן אָרגאַנישן צונויפבונד פון אַלע אימפּרעסיעס, וואָס זאָל פון אָרגאַנישקייט פון דעם געשעענעם באַשטימען דעם מוז פון דעם, וואָס עס וועט געשעען. אויסגעדריקט זיך אין אַ פילאָזאָפישער טערמינאָלאָגיע, הייסט עס, אַז עס איז נישטאָ קיין שום אַ פּריאָרי־פּרינציפּ, וואָס זאָל גאַראַנטירן די נויטווענדיקייט פון דעם צוזאַמענהאַנג פון קעגנשטאַנדן און געשעענישן.

„די פראַגע איז נישט געווען" — ווי קאַנט פאָרמולירט עס — „צי איז דער באַגריף פון אורזאַך ריכטיק, צי איז ער ניצלעך, אָדער צי איז ער אפילו דורכויס נויטווענדיק פאַר אונזער נאַטור-דערקענטעניש, ווייל אין דעם האָט יום קיינמאָל נישט געצווייפלט. די פראַגע איז געווען: צי קאָן דערדאָזיקער באַגריף דורך דער פאַרנונפט אַפּריאָרי געדאַכט ווערן, און צי האָט ער אויף אַזאַ אופן אַן אינעווייניקסטן אמת אומאָפּהענגיק פון אַלע דערפאַרונגען?" (ק. וו. ב 2, ז. 200)

יומס ענטפער אַלזאָ אויף דערדאָזיקער פראַגע איז געווען, אַז אַלץ איז אַפּאָסטעריאָרי. דערפון איז ממילא געדרונגען, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין שום לאָגישער באַזיס פאַר אַן אַפּריאָרי סינטעטישער איינקייט, וואָס זאָל גאַראַנטירן די נייטיקייט פאַר געשעענישן באַטראַכט צו ווערן ווי אַן אומאיבערגעריסענע קייט פון אורזאַכן און פאָלגן. אויף אַזאַ אופן האָט יום אין די ווערטער פון קאַנטן „געמאַכט פון אַ פּרינציפּ פון אַפּיניטעט, וועלכער האָט זיין וווין-אָרט אינם פאַרשטאַנד און דריקט אויס אַ נויטווענדיקע פאַרבינדונג — אַ רעגעל פון דער אַסאָציאַציע, וועלכער זיצט אין דער אימיטאַטיווער איינבילדונג-קראַפט, און דידאָזיקע קראַפט קאָן געבן נאָר אַ צופעליקע, אָבער קיינמאָל נישט קיין אָביעקטיווע פאַרבינדונג" (ק. פּ. ד. ר. פּ. 558).

די מיינונג פון כמעט אַלע פילאָזאָפן ביז קאַנטן איז געווען, אַז די גאַנצע דרויסנדיקע וועלט, וואָס דריקט זיך אָפּ אויף אָדער שפּיגלט זיך אָפּ אין דעם מענטשלעכן גייסט, איז אַ וועלט אין זיך גופא. זי איז איינגעראַמט און איינגעפּאַסט אין רוים און אין צייט און — אָדער זי לויפט פּאַראַלעל, אָדער זי ווירקט אויף און ווערט באַווירקט פון דער וועלט פון גייסט אויף אַ געווויסן אומפאַרשטענדלעכן און אומדערקענטן אופן. פּאָסטולירט איז אויך געוואָרן די מעגלעכקייט פון צו באַטראַכטן די דרויסנדיקע וועלט פאַר דעם מקור, פאַר דעם אָריגינעלן קוואַל פון דער גייסטיקער וועלט. אָדער פאַרקערט: די לעצטע — אַלס די וועלט, וואָס פון איר פלייש און ביין איז די ערשטע, די אָביעקטיווו דרויסנדיקע וועלט, קאָמפּאָנירט געוואָרן.

לויט אַלע דידאָזיקע פילאָזאָפן איז אויסגעקומען איינס פון די ביידע: אָדער אַז די דרויסנדיקע וועלט איז אינגאַנצן אַן אילוזיע, אָ ... אַז זי איז אין איר תוך און תמצית אַן אומאָפּהענגיקע פון דעם גייס... ד. ה., אַז זי איז ווי זי איז און וואָלט אַזוי געווען ווען געד... אוז מענטש, באַוווסטזיין און זעלבסטבאַוווסטזיין וואָלטן גאָר אינגיכן ...

דער וועלט נישט געווען. אַ דרויסנדיקע וועלט, וואָס איז אומאָפּהענגיק פונם מענטש און פון זיין באַוווסטזיין, טרייסלט פונאַנדער די זיכערקייט און פעסטקייט פון די באַוווסטזיין-זיילן גופא, און ממילא פון דעם מענטשלעכן זעלבסט. מחמת וואָס מער די דרויסנדיקע וועלט איז אומאָפּהענגיק און זעלבשטענדיק בנוגע צום מענטש, אַלץ מער מוז דער מענטש, וואָס פילט דעם איינדרוק און דעם איינפלוס פון דערדאָזיקער וועלט אין יעדן ריר זיינעם, ווערן אָפּהענגיק און אונטערוואָרפן צו דער דרויסנדיקער וועלט. און אַזוי ווי אַ וועלט פאַר זיך אַליין, אַ ריין אָביעקטיווע, קאָן פון דעם באַוווסטזיין, וועלכעס זי באַווירקט, מאָדעלירט און פאָרמולירט, נישט דורכגענומען ווערן ביז צו אירע טיפענישן, ממילא קאָן דאָס באַוווסטזיין נישט געבן קיין לאָגישן גרונד, עס קאָן נישט ערב זיין פאַר איר באַשטענדיקייט און אויסגעהאַלטנקייט אין דעם דורכפיר פון אירע פּראָצעסן און אירע ווירקונגען. מיט דער אומזיכערקייט ווידער אין איר באַשטענדיקייט, צוזאַמענגענומענקייט און אויסגעהאַלטנקייט, פאַלט אויך די באַשטענדיקייט און די אָרגאַנישקייט פונם באַוווסטזיין און זיין טרעגער — דעם מענטש, וועמענס איינדרוקן זענען, לויט אַזאַ מין קאָנסטרוקציע פון שייכותן, — אירע אויסדרוקן.

אַזאַ צושטאַנד פון באַגריפן פון אַ פאַרכשופדיקן קרייז פון שייכותן צווישן נאַטור און מענטש האָט געמוזט פירן צו אַ פאַרלייקענונג פון דער זיכערקייט פוןביידע וועלטן — צו אַ סקעפּטיציזם, וואָס זאָל, מיט זיין נעגירן קאַוזאַליטעט און פּערמאַנענץ אין דער וועלט, אַוועקנעמען דעם באָדן פון מענטשלעכער פּערזענלעכקייט און נאַטור-איינקייט. אַזאַ אַבסאָליוטער און לאָגישער סקעפּטיציזם האָט זיין אויסדרוק געפונען אין יומען.

„אַזוי לאַנג" — שרייבט קאַנט — „ווי יום האָט אָנגענומען (ווי דאָס ווערט כמעט אַלע מאָל געטון) די געגנשטאַנדן פון דער דערפאַרונג פאַר זאַכן *ווי זיי זענען אין זיך גופא*, איז ער געווען גאַנץ גערעכט מיט זיין דערקלערונג, אַז דער באַגריף פון אורזאַך איז אַן אָפּנאַרעריי און אַ פאַלשע אילוזיע, מחמת פון זאַכן, ווי זיי זענען אין זיך גופא און פון זייערע אַטריבוטן אַלס אַזעלכע, איז עס אוממעגלעך איינצוזעען, פאַרוואָס אויב „א" ווערט געגעבן, מוז אויך אַ נויטווענדיקן אופן אויך געגעבן ווערן „ב", וואָס איז גאָר עפּעס אַנדערש פון „א" און דעריבער האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט צוגעבן אַזאַ אַפּריאָ דערקענטעניש פון זאַכן אין זיך גופא. נאָך ווייניקער האָט דערדאָזיק

שאַרפזיניקער מענטש געקאָנט דערלויבן אַן עמפּירישן מקור פון דעמדאָזיקן באַגריף, מחמת דאָס איז אין דירעקטן ווידערשפּרוך מיט דער נויטווענדיקייט פון פאַרבינדונג, וועלכע שטעלט צונויף די עסענץ פון באַגריף פון קאַוזאַליטעט. דערמיט איז דערדאָזיקער באַגריף אויסגעשלאָסן געוואָרן, און זיין שטעל האָט פאַרנומען די געוווינהייט אין דער אָבסערוואַציע פון דעם לויף פון געווירוואַרונגען" (ק. וו. ב. 2, ז. 458)

צו בויען אָבער אויף געוווינהייט איז דאָס זעלביקע ווי צו בויען אויף זאַמד. עס איז נישט פאַראַן דעריבער קיין שום גרונט פאַר דער דערוואַרטונג פון פעסטקייט און זיכערקייט אין די באַציונגען צווישן נאַטור, וועלכע איז אויסנווייניק פון דעם מענטש און געדאַנק, וועלכער איז אינעווייניק אין דעם מענטש. גרינג ווי אַ שפּינוועב קאָנען זיך די פעדים, וואָס ציען זיך פון איינעם צום אַנדערן, איבעררייסן, און דידאָזיקע מעגלעכקייט מאַכט אַ סוף צו דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, וועלכע מוז האָבן פאַר איר אַנטוויקלונג, פעסטקייט און אומאיבערגעריסנקייט אין אירע באַציונגען און אין אירע איינפלוסן. דאָס איז איר אַנשפּאַר-פונקט. ווערט ער אַוועקגענומען, פאַלט יעדע אָנרעגונג צו דער פאַרווירקלעכונג פון דעם אידעאַל פון אַ פול אַנטוויקלטער און טיפער פערזענלעכקייט.

## ב.

קאַנט, אַלזאָ, איז געבליבן שטיין פאַר דער פאָלגנדיקער דילעמאַ: די לאָגיק איז איינגאַנצן אויף יומס זייט און דאָס מיינט אַ פאַרלייקענונג פון דער פערזענלעכקייט. די אינערלעכע שטים אָבער פון מיין נשמה איז אימפּעראַטיוו אין אירע שפּירונגען און פאָדערונגען, אַז דער מענטש איז און מוז זיין אַן אַלץ גרעסער-און טיפער-ווערנדיקע פערזענלעכקייט. דערדאָזיקער אַגרעסיווער צונויפשטויס צווישן קלאָרער לאָגיק און שאַרפן געפיל אין אַן אַלטערנאַטיוו, פון וועלכן מען קאָן זיך נישט אַרויסדרייען, איז אין קאַנטס ערנסטער און טיפער נשמה געוואָרן דער אַנשטויס צום באַשאַף פון אַ נייעם באַגריף וועגן שייכותן און מהותן פון זאַכן.

קאַנט נעמט זיך צו אַ רעוויזיע פון דעם גאַנצן מעכאַניזם פון דער מענטשלעך טעאָרעטישער און פּראַקטישער פאַרנונפט. און פּלוצלינג ווי

אין דעם שיין פון אַ בליץ דערזעט ער מיט זיין אינערלעך גייכטיק אויג עטוואָס, וואָס איז נאָך ביז אים נישט דערזעען געוואָרן, און דאָס איז: אַז רוים און צייט קאָנען באַטראַכט ווערן, אָדער בעסער געזאָגט, אַז *זיי קאָנען נישט באַטראַכט ווערן אַנדערש* ווי אויסדרוק־פאָרמען פון דעם גייסט, וועלכער זעצט זיך דורך דורך דעם מענטש. דער פועל־יוצא פון אַזאַ נייעם דערבליק איז אַ גאַנץ פשוטער און לאָזט זיך לייכט באַנעמען. היות ווי קיין שום געגנשטאַנד, קיין שום געשעעניש, און אַלע געגנשטאַנדן און געשעענישן אינאיינעם גענומען, וועלכע מיר שטעמפּלען מיטן נאָמען נאַטור, קאָנען נישט באַנומען און אויפגעפאַסט ווערן פון אונזער דערקענטעניש אַנדערש ווי אַריינגעוועבט אין די נעצן פון רוים און צייט, ממילא איז שוין דערפון געדרונגען, אַז עס איז נישט פאַראַן קיין שום געגנשטאַנד, קיין שום געשעעניש, וואָס ווערט אויפגענומען פון אונזערע חושים, נישטאָ, מיט אַנדערע ווערטער, אַזאַ זאַך ווי נאַטור, איידער עס זענען דאָ די מענטשלעך געדאַנקלעכע פאָרמען, אָדער די אַפּריאָרי אָנשויונגען פון רוים און צייט. דערמיט ווערט גלייך געשאַפן די מעגלעכקייט פאַר אַ קלאָרן איינזעען, ווי אַזוי אַלץ וואָס גייט אונטערן נאָמען נאַטור — נאַטור־געגנשטאַנדן, נאַטור־געשעענישן — זאָל ווערן סינטעזירט אויף אַ סוביעקטיוון אופן פונם מענטשלעכן גייסט. די אַנטשטייונג און אַנטוויקלונג פון דער נאַטור, פון דער וועלט, וואָס איז אויסנווייניק פון דעם מענטש, ווערט אוממעגלעך אָן דעם גייסט, וואָס איז אינעווייניק אין דעם מענטש. פאָלגלעך ווערט די נאַטור מיט איר זיין און ווערן אינגאַנצן אָפּהענגיק פון דעם גייסט און פון דעם מענטש. דורך וועמען דער גייסט קומט צום אויסדרוק.

כדי צו פאַרשטיין דעם אויסגאַנג־פונקט, אַזוי גוט ווי דעם ענדציל און, דערהויפּט, דעם טיף אין קאַנטס נשמה וואָרצלענדיקן מאָטיוו פאַר זיין נייע פילאָזאָפיש־געפינזלט וועלטאַל־בילד, דאַרפן מיר זיך דאָ גלייך אָפּשטעלן און אַריינשניידן אין אונזער זכרון דעם פאַקט, אַז קאַנטס גרויסער אויפטו איז באַשטאַנען אין אַריבערטראָגן רוים־און צייט־וועזנטלעכקייטן, ווי זיי זענען פון אים און ביז אים פאַרשטאַנען געוואָרן, פון דער אויסנווייניקסטער וועלט אין דער אינעווייניקסטער אַריין. וועגן דער מעגלעכקייט פון אַ נייעם אַריינבליק און אַ צעגלידערונג פון *דעם מהות גופא* פון צייט און רוים, האָט זיך קאַנט נישט פאַרטראַכט. וועגן אַן אינטעלעקטועלער צייט־און רוים־אויסגעשפּרייטקייט להפוך צו אַן אינטואיטיווער צייט און רוים קאָנצענטרירט־אָנגעלאַדענער באַשעפעניש —

האָט קאַנט דעם מינדסטן חשד נישט געהאַט. נישט געחלומט האָט ער נישט אַין שלאָף און נישט אויף דער וואַך וועגן אַזאַ דיסטינקציע אינם מענטשלעכן אויפנאַם פון צייט און רוים־אויסדרוקן פון גייסט. נישט געקומען איז נאָך דעמאָלט דער מענטשלעכער מין צו דער מדרגה פון אַ קולטור־אַנטוויקלונג, וועלכע איז נייטיק אויף אַוועקצושטעלן צייט און רוים אין אַזאַ פּערספּעקטיוו. די דעמאָלט אָנגענומענע פעסטע מיינונג, אַז אַלץ וואָס איז צייטלעך און רוימלעך, איז אונטערגעוואָרפן צו געזעצמעסיקייט און נויטווענדיקייט, וועלכע זענען אין יענער תקופה אידענטיפיצירט געוואָרן מיט נאַטור־איינהייט און נאַטור־בּאַשטענדיקייט. יום האָט צעשטערט דעם לאָגישן גרונד פון דערדאָזיקער מיינונג, ווייל ער האָט נישט ווי קאַנט דערבּליקט די מעגלעכקייט צו בּאַטראַכטן רוים און צייט ווי סוּביעקטיווע מענטשלעך גייסטיקע גרונדלאַגעס פון אַלע דערשיינונגען, וואָס אין זייער סינטעטישער איינהייט טראָגן זיי דעם נאָמען נאַטור.

מיט דער זיכערקייט, וואָס אַלע טיפּע דערבּליקונגען פאַרמאָגן, האָט קאַנט גלייך דערפילט, אַז מיט דער סוּביעקטיוויזירונג פון רוים און צייט האָט ער געמאַכט אַ סוף צום בּאַרעכטיקטן, לויט די פריערדיקע בּאַגריפן פון צייט און רוים, סקעפּטיציזם פון יומען. ער האָט געראַטעוועט, אַזוי צו זאָגן, די נאַטור־געזעצמעסיקייט פאַר דער לאָגיק, אַריינגעבּנדיק אין איר צונויפשטעל אַן אומבּאַרירבּאַרן אַפּריאָרי עלעמענט דערמיט, וואָס ער האָט געלאָזט די געדאַנקלעכקייט גופא שמידן די אורזאַך־און־פאָלגע־קייט פון געגנשטאַנדן, געשעענישן און פאָרקומענישן.

קאַנטס נשמה אָבער האָט דאָך אין די אינטערעסן פון דער פערזענלעכקייט געמאָנט פרייהייט, וועלכע איז דער היפּוך פון דער נאַטור נויטווענדיקער געזעצמעסיקייט. זי האָט דעריבּער נישט דערלאָזט זיין פילאָזאָפישן פענזל אַרומצונעמען די גאַנצע דרויסנדיקייט אין די פאַרמען פון רוים און צייט. וועלכע שלאָגן אַרויס פונם מענטשלעכן געדאַנק אַזוי, אַז עס זאָל קיין שום זאַך נישט בּלייבּן מחוץ פון דער נאַטור, וואָס ווערט, דורך דער געדאַנקלעכער רוימלעכקייט און צייטלעכקייט, איינגעשלאָסן אינם מענש. ווייל מען אַזאַ מין דורכויסיקער איינגעשלאָסנקייט וואָלט דאָך נישט געבּליבּן קיין אָרט פאַר פרייקייט מחוץ פון דער נאַטור־נויטווענדיקייט. קאַנט ווערט דעריבּער געטריבּן צום איינפאַל, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין לאַנגע יאָרן אין דער פילאָזאָפיע. דערדאָזיקער איינפאַל האָט נישט גערעדט נישט צום מוח און נישט צום האַרץ פון די

נאָך־קאַנטישע דענקער. מיר מיינען דאָ דעם איינפאַל פון אָוועקשטעלן מחוץ פון דער נאַטור, מחוץ פון דעם אַלץ, וואָס מיר בעמען אויף מיט די חושים, אַן „עפּעס" וואָס גיט דעם גאַנצן אינהאַלט, די גאַנצע אַזוי צו זאָגן מאַטעריאַליטעט, וואָס הייסט זינלעכקייט, פאַר די פאָרמען פון רוים און צייט. פון דערדאָזיקער זינלעכקייט, נאָכדעם ווי זי ווערט פון דעם „עפּעס" אַריינגעגאָסן אין די פאָרמען פון רוים און צייט, ווערט מיט דער הילף פון ווייטערדיקע געדאַנקלעכע סינטעזן, געוועבט און אַרויסגע־וועבט — נאַטור.

דער „עפּעס" אַליין אָבער, וואָס שטעלט צו מאַטעריאַל פאַר דעם בוי פון נאַטור, גייט נישט אַריין אין די רוימלעכע און צייטלעכע אַרויס־שטראַלונגען פון געדאַנק. ער בלייבט אַן אומדערקענטער פאַר דעם מענטש־לעכן פאַרשטאַנד, אַן איקס, אַ זאַך ווי זי איז אין זיך אַליין, ד. ה. פון יענער זייט פון די גרענעצן פון רוים און צייט, און ממילא פריי פון דער נויטווענדיקייט מיט אַלע אירע איינפערמיקייטן, רעגלמעסיקייטן און געזעצמעסיקייטן, וועלכע שטעלן צונויף די אומענדלעכע קייט פון פאָלגן און אורזאַכן. אומענדלעך איז די קייט דערפאַר, וואָס יעדע געשעעניש און אַלע געשעענישן זענען פאָלגן פון אורזאַכן, און די לעצטע ווידער פאָלגן פון נאָך פריערדיקע אורזאַכן, און אַזוי עד לאין סוף. עד לאין סוף, אָבער, פון קאַנטס שטאַנדפונקט, — מיינט ביז צום סוף פון דער נאַטור־אורזאַכלעכקייט, וועלכע שלאָגט זיך אָן אָן דער פרייהייט, ד. ה. אָן דער צייטלאָזער און רוימלאָזער קראַפט, וועלכע איז אַן אורזאַך אין זיך גופא, מיט ווענן און פירונגען, השגות און באַנעמונגען גאַנץ אַנדערע פון די, וועלכע מיר שרייבן צו דער נאַטור און אַלץ, וואָס איז פון ד ע ר ז י י ט פון דער גרענעץ פון צייט און רוים. דער „עפּעס", אַלזאָ, „די דינג אַן זיך" ווערט אָוועקגעשטעלט איבער דער אורזאַכלעכקייט גופא, דערהמיט וואָס קאָנט לאָזט אים נישט אַריינגעשלעפּט ווערן אין די אויס־געשפּרייטקייטן פון רוים און צייט, ווי די לעצטע זענען דעמאָלט באַ־נומען און פאַרשטאַנען געוואָרן. דער „עפּעס" צייכנט עס דעם עד־כאן צו דער נאַטור־אורזאַכלעכקייט און צו דער, מיט איר אינאיינעם גייענדי־קער, באַשטימטקייט, נויטווענדיקייט און געזעצמעסיקייט.

גלייך פון אָנהייב, אַלזאָ, ווערט אין די אינטערעסן פונם פרייען ווילן דורכגעפירט די זיך טיף־איינקריצנדיקע ליניע צווישן צוויי וועלטן; די וועלט, וואָס איז אין זיך אַליין, ד. ה. וואָס איז איבער קאַוזאַליטעט און איבער צייט און רוים, און דערפאַר קאָן אויף איר חל זיין דער באַ־

גריף פרייהייט; און די וועלט, וואָס ווערט ווי מיט רייפן אַרומגענומען פון צייט־און רוים־פאָרמען, וועלכע איז בלויז אַ דערשיינונג, אַ פענאָמענאָן פון דער אמתער רעאַלער וועלט, — די נאָומענאָן־וועלט. די נאַטור און אַ טייל אויך פון דעם, וואָס מיר רופן אָן מענטש, בילדן עס די פענאָמענאַלע וועלט, וועלכע איז אונטערגעוואָרפן צו נאַטור־קאַוזאַליטעט און נאַטור־געזעצמעסיקייט.

אין קאַנטס אייגענע ווערטער ווערט זיין באַגריף וועגן רוים און צייט איבערגעגעבן אין די פאָלגנדיקע כאַראַקטעריסטישע שטעלן: „אין דער דערשיינונג רוף איך דאָס, וואָס שטימט צונויף מיט דער עמפינדונג — איר מאַטעריע. דאָס אָבער, וואָס מאַכט, אַז די פילפאַכיקע מאַטעריע פון דער דערשיינונג זאָל קאָנען באַנומען ווערן אַלס אַן איינגעאָרדנטע אין געוויסע שייכותן, רוף איך אָן — איר פאָרם". — „נאָר די מאַטעריע פון אַלע דערשיינונגען ווערט אונז געגעבן אַפּאָסטעריאָרי. זייער פאָרם אָבער מוז זיין גרייט פאַר זיי אינם געמיט אַפּריאָרי און מוז דעריבער קאָנען באַטראַכט ווערן ווי אָפּגעזונדערט פון אַלע עמפינדונגען (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 66). — רוים ווערט דעריבער באַטראַכט אַלס דער באַדינג פאַר דער מעגלעכקייט פון דערשיינונגען און נישט ווי אַ באַשטימונג, וואָס הענגט אָפּ פון זיי. ער איז אַן אַפּריאָרי־פאָרשטעלונג, וואָס קומט אויף אַ נויטווענדיקן אופן פריער פאַר אַלע אויסנווייניקסטע דערשיינונגען. אויף דער דאָזיקער נויטווענדיקייט אַפּריאָרי גרינדעט זיך די אַפּאָדיקטישע געוויסקייט פון אַלע געאָמעטרישע גרונדזאַצן, און די מעגלעכקייט פון זייער קאָנסטרוקציע אַפּריאָרי. וואָלט דידאָזיקע פאָרשטעלונג פון רוים געווען באמת אַן אַפּאָסטעריאָרי דערוואָרבענער באַגריף, וואָס קוואַלט אַרויס פון דער אַלגעמיינער אויסנווייניקסטער דערפאַרונג, וואָלטן די ערשטע גרונדזאַצן פון דער מאַטעמאַטישער דעפיניציע נישט געווען מער ווי געוווירעוורונגען. זיי וואָלטן פאַרמאָגט אַלע צופעליקייטן פון געווווירעוורונג, און אַז צווישן צוויי פונקטן זאָל זיין נאָר איין גלייכע ליניע, וואָלט נישט געווען קיין נויטווענדיקייט, נאָר עפּעס אַזעלכעס, וואָס ווערט פון איטלעכן באַזונדער געלערנט פון דערפאַרונג. (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 69)

ווי מיט רוים, אַזוי איז אויך מיט צייט און בנוגע צו זיי ביידע דערקלערט קאַנט קאַטעגאָריש, אַז „עס איז נישט נאָר מעגלעך אָדער וואַרשיינלעך, נאָר גאָר אויסער די גרענעצן פון ספק, אַז רוים און צייט, ווי די נויטווענדיקע תנאים פון אַלע דערפאַרונגען, אויסנווייניקסטע און אינעווייניקסטע, זענען די סוביעקטיווע באַדינגונגען פון אַלע אונזערע

אַנשויוּנגען, און אַז אין שייכות צו זיי זענען אַלע זאַכן בלויז דערשיי־נונגען און נישט זאַכן, וואָס עקזיסטירן אין זיך אַליין אויף אַזאַ און אַזאַ אופן." (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 85)

צוליב דעם, וואָס אין דער אַנטוויקלונג פון דעם פּראָבלעם פון ווילנס־פרייהייט בכלל, און אין קאַנטס אַנטוויקלונג פון אים בפרט, האָט, לויט אונזער מיינונג נאָך, אַ גרויסע ראָל געשפּילט און וועט נאָך שפּילן — דער צייט־באַגריף, וועלן מיר ברענגען אַ פּאָר שטעלן פון קאַנטן, וועלכע באַציִען זיך אויף זיין באַגריף וועגן צייט און איר שייכות צום מענטש און צו דער נאַטור. אין אונזער אַרבעט אויף דעמדאָזיקן פּראָבלעם, וועט אונז אויסקומען מער ווי איין מאָל זיך אומקערן צו די בליקן פון די פילאָזאָפן אויף צייט און רוים און זייער שייכות צום נאַ־טור־מענטש סעגמענט פון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ, מחמת די דאָזיקע בליקן ווארפן אַ סך ליכט־שטראַלן אויף דער ווילנס־פרייהייט־פראַגע, וואָס צו זיי איז, ווי ווייט אונז איז באַקאַנט, נאָך ווייניק, אָדער גאָר קיין שום אויפמערקזאַמקייט, נישט געשענקט געוואָרן.

„צייט אַליזאַ" — זאָגט קאַנט — „איז פּשוט אַ סוביעקטיווער באַ־דינג פון אונזער (מענטשלעכער) אַנשויונג (וועלכע איז אַלע מאָל זינלעך, ד. ה. אויף אַזוי ווייט ווי מיר ווערן באַווירקט פון געגנשטאַנדן.) פאַר זיך אַליין, אָפּגעזונדערט פונם סוביעקט, איז צייט גאָר נישט (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 77). — עס בלייבט דעריבער נאָר די עמפּירישע רעאַליטעט פון דער צייט אַלס אַ תּנאי פאַר אַלע אונזערע דערפאַרונגען, בעת די אַבסאָלוטע רעאַליטעט קאָן, לויט דעם וואָס איז נאָר־וואָס באַוויזן געוואָרן, איר נישט צוגעגעבן ווערן. צייט איז נישט מער ווי די פאָרם פון אונזער אינעווייניקסטער אַנשויונג". (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 79)

די עמפּירישע און אַבסאָלוטע רעאַליטעטן, וועגן וועלכע קאַנט רעדט דאָ, זענען עס די זעלביקע צוויי וועלטן, וועלכע ער באַצייכנט אויך מיטן נאָמען נאָומענאָ און פענאָמענאָ: וועלט אַלס דערשיינונג בלויז, און וועלט ווי זי איז אין זיך זעלבסט. און ער ווערט נישט מיד צו באַטאָנען, אַז אונזער מענטשלעכער באַגריף פון צייט באַציט זיך בלויז אויף דער עמפּירישער אָדער פענאָמענאַלער וועלט, וועלכע קאָן גאָר קיין וועלט נישט זיין אָן דער געדאַנקלעכער אַרויסשטראַלונג פון צייט. די אַבסאָ־לוטע רעאַליטעט אָדער די נאָומענאָ איז אינגאַנצן נישט אונטערגעוואָרפן דעם צייט־באַגריף.

## ג

זאָלן מיר, איידער מיר גייען ווייטער אין דער אַנטוויקלונג פון קאַנטס באַגרינדונג פון פרייען ווילן, נישט פאַרגעסן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז ביז איצט האָט זיך עס דערווייל גערעדט וועגן דעם טייל אָדער אויס־דרוק פון אַבסאָלוטער רעאַליטעט, וועלכע געפינט זיך אָדער ווערט אַוועק־געשטעלט אוּנטער דער פענאָמענאַלער אָדער עמפּירישער וועלט און נישט איבער איר. צווייטנס, אַז דערמיט, וואָס צייט און רוים ווערן אַריבערגעטראָגן פון קאַנטן אין דער געדאַנקלעכקייט פונם מענטש, ווערט געגעבן בלויז דער ערשטער אַפּריאָרי־עלעמענט אינם אויסבילד פון דער נאַטור. דערדאָזיקער צייט־און רוים־עלעמענט, אין דער באַהעפטונג מיט דער אַפּאָסטעריאָרי געגעבענער זינלעכקייט, וועלכע איז אַ פּראָדוקט פון דער אונטערנאַטירלעכער אויסער רוימלעך־צייטלעכער רעאַליטעט — שאַפט בלויז דעם ערשטן שריט אין דעם אויסוואַב פון דער גאַנצער דרויסנדיקער וועלט, וואָס הייסט נאַטור. דאָ האָבן מיר ערשט דעם רויען בלינדן מאַטעריאַל, וואָס מיט דער הילף פון העכערערע און זעעוודיקערע אַפּריאָרי געדאַנקלעכע עלעמענטן, קאָן ער זיך אַרויסוויקלען און פונאַנ־דערוויקלען צו דער מדרגה — נאַטור.

צייט און רוים זענען די אַפּריאָרי־פאָרמען פון אונזער אָנשויונג און ערשט ווען זיי ווערן סינטעטירט פון דער העכערער, דער אַזוי אָנ־גערופענער קאָנצעפּציאָנעלער געדאַנקלעכקייט, קומט דער גייסט צו צו דעם, וואָס מיר רופן דערקענטעניש, און מיט איר, מיט דערדאָזיקער אָנשויונג־באַגריפלעכער דערקענטעניש, ווערט מעגלעך די אַנטשטייונג פון נאַטור, וועלכע איז, ווי מיר זעען איצט, אַ סינטעזע, אָדער אַן אָרגאַנישע צונויפגעבונדנקייט פון דער זינלעכקייט, וועלכע פליסט אַריין אין דעם מענטשן פון דער אונטער־נאַטירלעכער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, און פון דער געדאַנקלעכקייט, וואָס קומט צום מענטש פון דער איבערנאַטיר־לעכער אַבסאָלוטער רעאַליטעט. די אונטער־און די איבער־נאַטיר־לעכע אַבסאָלוטע רעאַליטעטן * גיסן זיך וואַרשיינלעך ערגעץ־וווּ אויף אַ

געוויסן אופן צונויף אין איין און איינציקער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, וועלכע איז די וועלט פון נאָומענא.

די שייכות צווישן אָנשויונג און באַגריף — די צוויי עלעמענטן פון דער נאַטור־בילדנדיקער דערקענטעניש — פאָרמולירט קאַנט אַליין אויף דעם פאָלגנדיקן אופן: „אָנשויונג און באַגריף שטעלן צונויף די עלעמענטן פון אונזער גאַנצער דערקענטעניש אַזוי, אַז סיי אַ באַגריף אָן אַן אָנשויונג, וואָס קאָרעספּאָנדירט צו אים, סיי אַן אָנשויונג אָן אַ באַגריף, קאָן נישט געבן וועלכע עס איז רעאַלע דערקענטעניש" — — — „געדאַנקען אָן אינהאַלטן זענען פוסט, אָנשויונגען אָן באַגריפן זענען בלינד" — דער פאַרשטאַנד קאָן נישט זעען און די עמפינדונג קאָן נישט דענקען". (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 91 — 90).

דאָס איז? אַזוי ווייט ווי די טעאָרעטישע דערקענטעניש גייט. ווייל מען אָבער אויך די פּראַקטישע דערקענטעניש אַריינגעמען, ווייל מען, הייסט עס, נישט נאָר וויסן און פאַרשטיין, נאָר אויך פילן אין דעם איי־גענעם פּולס, דעם פּולס פון דער קאָסמישער עקזיסטענץ אין איר גאַנצ־קייט און פולקייט, און אויך האַנדלען אין טאַקט מיט דער האַרמאָנישקייט פון די פּולס־קלאַפּענישן, און ווייל מען, אַז די דערקענטעניש זאָל איבער דעם אַלעמען אירע פליגל אויסשפּרייטן, דעמאָלט מוז מען שוין צו דער עמפינדונג און צום פאַרשטאַנד צוגעבן אויך די פאַרנונפט.

„אונזער גאַנצע דערקענטעניש" — זאָגט קאַנט — „הייבט זיך אָן פון די חושים, גייט פון דאָרט צום פאַרשטאַנד און ענדיקט זיך מיט דער פאַרנונפט, וואָס איבער איר איז נישטאָ אין אונז קיין העכערס, וואָס זאָל באַאַרבעטן דעם שטאָף פון דער אָנשויונג און ברענגען אים אונטער דער העכסטער איינהייט פון דענקן. פון דער פאַרנונפט, ווי פון דעם פאַר־שטאַנד איז פאַראַן אַ ריין פאָרמעלער נוץ, ד. ה. אַ לאָגישער נוץ, אין וועלכן עס ווערט נישט גענומען אין איינבאַטראַכט דער תוכן פון דער דערקענטעניש. עס איז אָבער אויך פאַראַן אַ רעאַלער נוץ, אויף אַזוי ווייט ווי די פאַרנונפט גופא אַנטהאַלט אין זיך דעם אורשפּרונג פון געוויסע באַגריפן און פּרינציפּן, וואָס זיי האָט זי נישט געבאָרגט, נישט פון די חושים און נישט פון דעם פאַרשטאַנד". (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 272)

אָט דידאָזיקע דריי אָריגינעלע און אַפּריאָרי געדאַנק־עלעמענטן: אָנשויונג, פאַרשטאַנד און פאַרנונפט אַרבעטן איינע אויף די אַנדערע און אַלע אינאיינעם — — אויף אַלץ, וואָס זעצט אַרויס פון דעם אומדער־קענטן איקס, פון דעם עפּעס, וואָס אויף אים האָט די אָנשויונג און אירע

פאַרמען רוים און צייט קיין שליטה נישט, ווייל דאָס איז איבער־רוימלעך און איבער־צייטלעך. פרעגט מען ווידער ווי אַזוי אַרבעטן דידאַזיקע עלעמענטן איינער אויף דעם אַנדערן? וואָס זעצט זיי אַריין איינס אין סאַנדערע און זיי אַלע אינאיינעם אין דער גרויסער איבעראַלצאייניקייט, וואָס הייסט זעלבסטבאַוווסטזיין און טראַנסצענדענטאַלער באַוווסט־זיין — — אויף דעם ענטפערט קאַנט: „עס זענען פאַראַן דריי אור־שפּרינגלעכע קוואַלן (פעיקייטן) אָדער פאַרמעגנס פון דער נשמה, וואָס זיי אַנטהאַלטן די תּנאים פאַר דער מעגלעכקייט פון דער גאַנצער דערפאַ־רונג, און אַליין קאָנען זיי נישט אַרויסגעדרונגען ווערן פון קיין שום אַנדער פאַרמעג פון דעם געמיט — נעמלעך: חוש, איינבילדונגס־קראַפט און אַפּערצעפּציע. אויף זיי גרינדעט זיך: 1) דער סינאָפּסיס פון פיל־פאַכיקן אַפּריאָרי דורך די חושים. 2) דער סינטעז פונם דאָזיקן פיל־פאַכן דורך דער איינבילדונגס־קראַפט. 3) די איינהייט פון דעמדאָזיקן סינטעז דורך דער אורשפּרינגלעכער אַפּערצעפּציע. (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 119 — 120)

די געדאַנקלעכקייט, דער גייסט אָדער דאָס געמיט פונם מענטש זענען נישט אויף אַזאַ אופן, לויט קאַנטס אַריינבליק אין זיי, דער שפּיגל, אין וועלכן עס שפּיגלען זיך אָפּ אַלע געגנשטאַנדן און פּראָצעסן אין דער וועלט, נישט אַ בלאַנקער בליי, וואָס אויף אים דריקן זיך אָפּ, ווי טענער אויף אַ פּלאַסטינקע, אַן אויסגעווייניקסטע און אומאָפּהענגיקע וועלט, וועל־כע מיר רופן נאַטור. ניין, קאַנט, דורך דעם סינטעטישן אורטייל אַפּריאָרי און דורך דער טראַנסצענדענטאַלער אַפּערצעפּציע, שטעלט אַוועק אַלע עלעמענטן און אַלע אַרויסשטראַלונגען פון גייסט, וואָס קומען צום אויס־דרוק און רעאַליזירונג אין דעם מענטש — אין דער בחינה פון אַ שטענ־דיקער, אומאויפהערלעכער פּראָדוקטיווער און, אין אַ זין, קרעאַטיווער טעטיקייט. דער רויער מאַטעריאַל, די זינלעכקייט, וואָס קומט פון דער, וואָס מיר וואָלטן אָנרופן, איקסישער אונטער־נאַטור, דער מאַטעריאַל, וואָס ווערן זיין אויסזעען, איידער ער גיסט זיך אַריין אין די פורעמס פון צייט און רוים, האָבן מיר קיין שום אַנונג נישט, גייט דורך אַ גאַנצע רייע פון איבעראַרבעטונגען אין דער געדאַנקלעכער לאַבראַ־טאָריע, איידער ער דערגרייכט דעם נאַטור־אויסזען און די נאַטור־געשטאַלטונג.

אויב, אַלזאָ, דורך אונזער גייסט, דורך אונזער באַוווסטזיין, קאָנען מיר אַרויסלייענען אַזוי פיל שכלדיקייט אין דער נאַטור; אויב מיר קאָ־

בען אַנטדעקן אין איר אַזוי פיל רעגלמעסיקייט, און אויב מיר קאָנען זי אויף אַ לאָגישן און ראַציאָנעלן אופן אונטערוואַרפן ביז צו אַ געוויסן גראַד אונטער אונזער קאָנטראָל און אונזער דינסט, איז עס דערפאַר, וואָס אין איר אַנטשטיין און איר ווערן — נאַטור, איז לכתחילה אַריינגעלייגט געוואָרן געדאַנקלעכקייט און באַוווסטזיין. און אויב נישט אַלץ לאָזט זיך דאָרט אויף אַ ראַציאָנעלן און לאָגישן אופן דערקלערן, איז עס דערפאַר, וואָס זי איז געקומען און קומט צו עקזיסטענץ דורך אונזער באַוווסטזיין, וועלכער איז אַליין אַ רעאַליזירונג און אַן אויסדרוק פון אַ טיפערן און העכערן באַוווסטזיין, פון אַן אוניווערסאַלן באַוווסטזיין, וועלכער איז, ווי קאַנט וויל האָבן, אַ טראַנסצענדענטאַלער באַוווסטזיין. די אַנטפּלעקונגען און אַנטדעקונגען אין דער נאַטור, איר ראַציאָנאַלקייט און לאָגישקייט מוז זיין פּראָפּאָרציאָנעל צו דער גרעסערער אַנטפּלעקונג, טיפערער רעאַליזירונג פון דעם איבערבאַוווסטזיין דורך דעם מענטשלעכן באַוווסטזיין. דידאָזיקע אַנטפּלעקונג און רעאַליזירונג איז אייגנטלעך דאָס, וואָס קאַנט רופט אָן די טראַנסצענדענטאַלע אַפּערצעפּציע, די גייסט־איינקייט אָדער גייסט־פאַריניקונג, וואָס כאַפּט אַלץ אַרום און ווערט אַליין פון קיין שום זאַך נישט אַרומגעכאַפּט.

„קיין שום דערקענטעניש" — שרייבט קאַנט — „קאָן אין אונז נישט פאָרקומען, קיין שום פאַרקניפּ און איינהייט פון איין מין דערקענטעניש מיטן אַנדערן, אָן דער באַוווסטזיין־איינהייט, וועלכע איז פאַראַן פריער פאַר אַלע דאַטן פון דער אָנשויונג, און וואָס נאָר אין שייכות צו איר זענען מעגלעך אַלע פאָרשטעלונגען פון געגנשטאַנדן. דאָסדאָזיקע ריינע מקורדיקע און אומפאַרשטענדלעכע באַוווסטזיין, וועל איך אָנרופן טראַנסצענדענטאַלע אַפּערצעפּציע" (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 135) — „אַז די נאַטור זאָל זיך דאַרפן צופּאַסן צו אונזער סוביעקטיוון גרונד פון דער אַפּערצעפּציע, נאָך מער, צו זיין אָפּהענגיק פון אים בנוגע אירע געזעצן, קלינגט אָן צווייפל זייער מאָדנע און אַבסורדיש. ווען מיר באַדענקן זיך אָבער, אַז דידאָזיקע נאַטור פאַר זיך אַליין, איז נישט מער ווי אַ סכום פון דערשיינונגען, נישט אַ זאַך פאַר זיך זעלבסט, נאָר אַ צאָל פון פאָרשטעלונגען אין אונזער געמיט, וועט מען זיך נישט וווּנדערן מער אויף דעם, וואָס מיר זעען זי בלויז דורך דער פונדאַמענטאַלער פעיקייט פון אונזער גאַנצער דערקענטעניש, נעמלעך, דורך דער טראַנסצענדענטאַלער אַפּערצעפּציע, און אין דער יעניקער איינהייט, וואָס נאָר אַ דאַנק איר קאָן זי אָנגערופן ווערן דער אָביעקט פון אַלע מעגלעכע דערפאַרונגען, ד. ה. — נאַטור" (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 143־144)

דערמיט וואָס קאַנט האָט געמאַכט די נאַטור אַ ביין פון ביין און פלייש פון פלייש פון דער טראַנסצענדענטאַלער אַפּערצעפּציע, פון אַט אָ דעם העכסטן באַוווסטזיין, וואָס שלאָגט זיך דורך אָדער שלאָגט אין דעם מענטש — האָט ער צום ערשטן מאָל און אויף שטענדיק געשאַפן אַ שכלדיקן גרונד פאַר אַלץ, וואָס דער מענטש געפינט און אַנטדעקט אין דער נאַטור אָדער וואָס זי אַנטפּלעקט צו אים. די אינעווייניקייטן פון דער נאַטור וואָלטן נישט פונאַנדערגעעפנט זייערע סודות פאַר דעם מענטשלעכן שכל ווי די קנאָספּן זייערע בליונגען פאַר דער זון, ווען זי זאָל נישט געוועבט ווערן מיט די פעדעם פון דעם מהות פונם זוכער און געפינער גופא — פון דעם מהות, וואָס הייסט מענטשלעכקייט. די נאַטור־קאַוזאַליטעט און נאַטור־געזעצמעסיקייט זענען אויף אַזאַ אופן פון קאַנטן אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ זיכערן און קלאָר לאָגישן אופן. און דורך דעם, וואָס ער האָט געלאָזט די נאַטור זיך דרייען אַרום דעם מענטש ווי קאָפּערניק האָט געלאָזט די ערד זיך דרייען אַרום דער זון, איז דער מענטש און זיין פּערזענלעכקייט אוועקגעשטעלט געוואָרן פון קאַנטן אויף דעם העכסטן פּעדעסטאַל, וואָס וועלכער פילאָזאָף ביז קאַנטן האָט אים געוואָגט צו שטעלן. דער מענטש איז געוואָרן דער פאַרמיטלער צווישן גאָט און נאַטור, און אויב די נאַטור איז געריכטעט לויט געזעצן, זענען עס די געזעצן, וואָס די מענטשלעכע געדאַנקלעכקייט פאָרמולירט פאַר איר. ער איז, ווי קאַנט דריקט זיך אויס, איר געזעצגעבער. אָט דער־דאָזיקער ערשטער שריט, אָט די דאָזיקע באַשטימונג פון דעם שייכות פון מענטשן צו דער נאַטור, איז שוין געווען אַ גרויסער שריט אויף דעם וועג צו דער רעאַביליטירונג פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט, וועלכער דער מאַטעריאַליזם, דער סקעפּטיציזם און פּאַראַלעליזם האָבן צו נישט געמאַכט.

## ד.

דאָס אַרייַנפלעכטן פון דער נאַטור אין דער נעץ פונם מענטש־לעכן און איבערמענטשלעכן באַוווּסטזיין איז זיכער געווען גאָר אַ גרוי־סע דערגרייכונג פאַר דעם אידעאַל פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכ־קייט. געבליבן איז אָבער נאָך אַלץ גאָר אַ גרויסער מהלך ביז צום סוף־פון וועג, וואָס פירט צו דער מענטשלעכער פרייהייט, וואָס אָן איר קאָן קיין פּערזענלעכקייט נישט געדאַכט ווערן, מיט דעם אַריבערטראָגן פון די צייט־און רוים־פאָרמען פון דער אויסנווייניקסטער וועלט אין דער אינע־ווייניקסטער, פּאַרוואַנדלענדיק זיי אויף אַזאַ אופן אין גייסט־אַרויסשטראַ־לונגען און שאַפנדיק דורך דעם אַ באַזיס פאַר נאַטור־קאַוזאַליטעט — האָט קאַנט אין דערזעלביקער צייט אויך אַריינגעוועבט אינם צונויפשטעל פונם באַוווּסטזיין אָט יענע גרעצמעסיקע נויטווענדיקייט, יענע גע־קייטלטקייט פון אורזאַכן און פאָלגן, וועלכע איז פאַרוואָרצלט אין רוים־און צייט־מהותן, לויט דעם באַגריף וועגן זיי, וואָס האָט געהערשט אין יענער תקופה פון פילאָזאָפישן דענקען.

און אויב קאַנט האָט נישט אַריינגעבראַכט קיין שום נייעם באַגריף וועגן דער עצם וועזנטלעכקייט פון צייט־און רוים־איכתן, האָט ער אָבער דער ערשטער געצויגן פונם אַלטן באַגריף וועגן זיי — די קאָנסעקווענט־סטע שלוסן. פונקט ווי יום האָט מיט זיין שאַרפסטן אַנאַליז פון די שייכותן צווישן אַפּאָסטעריאָריזם און קאַוזאַליטעט געפירט צו אַן אַפּריאָריזם, וואָס שלינגט איין און איבערשטייגט דעם אַפּאָסטעאָריזם, און שאַפט דערמיט אַן אָנלען פאַר דער נאַטור־קאַוזאַליטעט; אַזוי האָט אויך קאַנטס אַנאַליז פון די שייכותן צווישן צייט־און רוים־פאָרמען און קאַוזאַליטעט, געפירט צום נאָך־קאַנטיאַנישן באַגריף פון אַ דינאַמישער צייט און דינאַמישן רוים, די קוואַליטעט פון דער ניי און אַנדערש באַנומענער צייט און פון דעם ניי און אַנדערש זיך פאָרגעשטעלטן רוים, זאַפּט אין זיך אַריין די אַלטע צייט־און רוים־פאָרמען, שטייגט זיי אַריבער אַזוי, אַז ס׳ קומט אויס ווי די אַלט באַגריפענע סטאַטישע צייט־און רוים־אויסגעשפּרייטקייטן, וואָלט פון דאָס ניי אַלע מאָל אויף אַן אומאויפהערלעכן אופן פּראָיעצירט

געוואָרן פון די ניי דערבליקטע קרעאַטיוו-אַקטיווע צייט-און ר.ים-ז.יינגע-
נומענקייטן.

קאַנט האָט עס אָוועקגעשטעלט פאַר אַן אַקסיאָמע, אַז אין דער
אויסגעשפרייטקייט פון רוים און צייט, וועלכע מען קאָן זיך נישט פאָר-
שטעלן אַנדערש ווי אַן עפּעס, וואָס אין אים זענען אַלע געגנשטאַנדן און
געשעענישן איינגעשלאָסן — אין איר, אין דערדאָזיקער רוים-און צייט-
אומענדלעכער אויסגעגאָסנקייט און אויסגעצויגנקייט, מוז הערשן קאַוזאַלי-
טעט און ממילא אויך נויטווענדיקע געזעצמעסיקייט אָדער געזעצלעכע
נויטווענדיקייט. אין צייט און רוים, אַלס אויסדרוקן אָדער אַטריבוטן פון
וועלכע עס איז עקזיסטענצן, מעגן זיי זיין אפילו אַטריבוטן פון גאָט אַליין,
איז נישטאָ קיין אָרט פאַר דער פרייהייט. ווייל דאָרט, וווּ עס איז מעג-
לעך אַ פריער פון אַ וועלכער עס איז עקזיסטענץ, אַ פריער פאַר וועל-
כער עס איז זאַך אָדער געשעעניש, דאָרט איז דאָך שוין ממילא פאַראַן
דער איינפלוס און די ווירקונג, פון דעם פריער געוועזענעם, און דערי-
בער קאָן שוין נישט דאָס איצטיקע, וואָס איז פון דער פריער באַווירקט,
זיין אומאָפּהענגיק, פריי און ספּאָנטאַן.

וועגן דעמדאָזיקן ענין איז נייטיק צו ברענגען קאַנטס אייגענע
ווערטער, ווייל דער שייכות צווישן רוים, צייט און פרייען ווילן אין קאַנטס
לערע און דער אָנרעג פון דעמדאָזיקן שייכות אויף דער ווייטערדיקער
אַנטוויקלונג פון דעם פרייען ווילן-פּראָבלעם, איז, לויט אונזער מיינונג
נאָך, אָדער אינגאַנצן פאַרזעען געוואָרן, אָדער גאָר ווייניק אונטערגע-
שטראָכן געוואָרן.

„דער באַגריף פון קאַוזאַליטעט אַלס נאַטורנויטווענדיקייט, להפוך
צו דעם זעלביקן באַגריף אַלס פרייהייט באַציט זיך" — זאָגט קאַנט —
„נאָר אויף דער עקזיסטענץ פון זאַכן אויף אַזוי ווייט, ווי זיי זענען ב אַ -
ש ט י מ ב אַ ר א י ן צ י י ט און, פאָלגלעך, אַלס הערשיינונגען, אין
קעגנזאַץ צו זייער קאַוזאַליטעט אין זיך זעלבסט. נעמט מען אָבער אַן
די אַטריבוטן פון דער עקזיסטענץ פון זאַכן אין דער צייט, פאַר אַטריבוטן
פון זאַכן אין זיך זעלבסט (לויט דעם געוויינטלעכן שטאַנדפּונקט), ווערט
עס דעמאָלט אוממעגלעך צו פאַרייניקן די נויטווענדיקייט אין די קאַוזאַלע
שייכותן מיט פרייהייט. זיי זענען קאָנטראַדיקטאָריש אַנטקעגנגעזעצט איי-
נע צו דער אַנדערער. מחמת פון די ערשטע פאָלגט, אַז יעדע געשעעניש
און, פאָלגלעך, יעדע האַנדלונג, וועלכע קומט פאָר אין אַ געוויס צייט-
פונקט איז אַ נויטווענדיקער פועל-יוצא פון דעם, וואָס האָט עקזיסטירט

אין צייט פון פריער. און אַזוי ווי די פאַרגאַנגענע צייט איז נישט מער אין מיין מאַכט, מוז דעריבער יעדע האַנדלונג מיינע זיין דער נויטוועדיקער פועל-יוצא פון געוויסע באַשטימענדיקע יסודות, וועלכע ז ע נ ע ן נ י ש ט א י ן מ י י ן מ אַ כ ט, ד. ה. אינם מאָמענט, אין וועלכן איך האַנדל, בין איך קיינמאָל נישט פריי. ניין, אַפילו ווען איך נעם אָן, אַז מיין גאַנצע עקזיסטענץ איז אומאָפּהענגיק פון וועלכער עס איז פרעמדער סיבה (למשל פון גאָט). אַזוי אַז ווען די באַשטימענדיקע יסודות פון מיין קאַוזאַליטעט און אפילו פון מיין גאַנצער עקזיסטענץ, וואָלטן נישט געווען אויסנווייניק פון מיר, וואָלט עס דאָך אויף דעם מינדעסטן אופן נישט פאַרוואַנדלט יענע נאַטור-נויטוועדיקייט אין פרייהייט, מחמת אין יעדן מאָמענט שטיי איך אַלץ אונטער דער נויטוועדיקייט פון צו ווערן באַשטימט צו האַנדלען דורך עפּעס, וואָס איז נישט אין מיין מאַכט. און די אַ פאַרטע פריאָרי אומענדלעכע שורה פון געשעענישן, וועלכע איך זעץ פאָר לויט אַ פאָרויס באַשטימטער אָרדנונג, וואָס איך וואָלט קיינמאָל נישט געקאָנט אָנהייבן פון זיך זעלבסט, וועט זיין אַ באַשטענדיקע נאַטור-קייט, און דעריבער וועט מיין קאַוזאַליטעט קיינמאָל נישט זיין קיין פרייהייט".

און נאָר דער גרויסער פּסיכאָלאָג ווילהעלם וווּנדט האָט נישט טיף גענוג אַריינגעדרונגען אין קאַנטס אַריינבליק אינם ווילן-פרייהייט-פּראָבלעם. אין שייכות צו זיין באַגריף פון צייט און רוים, האָט ער געקאָנט אין זיין אַרבעט איבער עטיק מאַכן, ווי מיר דענקען, די איבעראַשנדיקע פאַלשע באַהויפּטונג, אַז קאַנט האָט איגנאָרירט דעם אונטערשיד צווישן פּסיכישער און נאַטוראַליסטישער אָדער מעכאַנישער פאַראורזאַכלעכקייט. (דריטער באַנד, אין דער ענגלישער איבערזעצונג. ז. 39-40). ניין, קאַנט האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז עס זענען פאַראַן אורזאַכן פיזישע און אורזאַכן פּסיכישע, קרעפטן, וואָס לאָזן זיך מעכאַניזירן און מאַטעמאַטיזירן, און קרעפטן מיט אַ וויטאַליטעט און אַ פּסיכיק, וואָס אויף זיי קאָן נישט די מעכאַניק, און, ממילא, אויך נישט די מאַטעמאַטיק, האָבן אַ וועלכע עס איז שליטה. אויף וואָס קאַנט איז יאָ באַשטאַנען איז, — אַז מעג די אורזאַך זיין אַ פיזישע אָדער אַ כעמישע, אַ ביאָלאָגישע אָדער אַ פּסיכישע, מעג איר פאָלגע יאָ אָדער נישט זיין קוואַנטאַטיוו עקוויוואַלענט צו איר, איז כל זמן זי איז אַ דערשיינונג אין דער רוים-און צייט-אויסגעשפּרייטקייט, האָט זי געמוזט אַרויספליסן פון אַ פריערדיקן צייט-צושטאַנד, און אויף אַזוי ווייט איז זי פונם לעצטן דעטערמינירט; ער ווידער איז דע-

טערמינירט פון אַ נאָך פריערדיקן, און אַזוי עד לאין סוף, אָדער, בעסער געזאָגט, עד לסוף עת, ביז צו דעם, וואָס טראָגט דעם נאָמען צייט, אינם זין, ווי זי איז דעמאָלט פאַרשטאַנען געוואָרן, און וואָס זי האָט קאַנט אָנגערופן — עמפּירישע צייט.

קאַנט האָט קלאָרער פאַר אַלע פילאָזאָפן ביז אים, איינגעזען, אַז די פרייהייט, ד. ה. דער כוח, וואָס איז פעיק צו זעצן אין באַוועגונג אַ שפּאָגל נייעם גאַנג פון געשעענישן און פּאַסירונגען, קאָן נישט זיין קיין כוח, וואָס זאָל ליגן אַ געפאַנגענער אין רוים־און צייט־פאָרמען, נאָר ער מוז זיין אַ כוח, וואָס זאָל ווי דער סנה ברענען און אַליין נישט פאַרברענט ווערן — אַ כוח, וואָס זאָל קאָנען אַריינציען אין זיך אַלע רוים־און צייט־פאָרמען ביז צו זייער פאַרשווינדונג־פּונקט און נאָך דעם באַלד פונדאָסניי אַרויסשטראַלן זיי פון זיך. ער אַליין אָבער, דער אָריגינעלער פרייהייט־כוח, ווערט נישט אַרומגעכאַפּט און אויסדערשעפּט פון קיין שום צייטלעכע און רוימלעכע אויסגעשפּרייטקייטן, פּונקט אַזוי ווי דער כוח פון עלעקטריציטעט ווערט נישט אומגעפאַסט און אויסגעקוואַלט פון די אַלערליי אומענדלעכע אין צאָל דראָטן, דורך וועלכע ער מאַניפעסטירט זיך.

געוווסט האָט קאַנט גאַנץ גוט, אַז די כוחות, וואָס אַרבעטן אין דער אומאָרגאַנישער וועלט זענען נישט פון דער זעלביקער קוואַליטעט, וואָס די כוחות אין דער אָרגאַנישער וועלט פאַרמאָגן. ער רעדט אין זיינע ווערק קלאָר און דייטלעך וועגן דער אָריגינעלקייט און אָרגאַנישקייט פון די ביאָ־פּסיכישע כוחות לגבי דער מעכאַנישקייט פון די פיזישע כוחות. אַז דאָס איז אַזוי, וועלן אונז ווייזן די פאָלגנדיקע אויסצוגן פון זיינע ווערק:

אין זיין „קריטיק פון דער טעלעאָלאָגישער אורטיילקראַפט" לייענען מיר: „מיר קאָנען זיך פּונקט אַזוי ווייניק באַפרייען פון דעם דאָזיקן באַזונדערן טעלעאָלאָגישן פּרינציפּ, ווי פון דעם אוניווערסאַלן פיזישן פּרינציפּ, מחמת אַזוי ווי אָן דעם לעצטן וואָלטן מיר קיין שום דערפאַרונג נישט געהאַט, אַזוי וואָלטן מיר אָן דעם ערשטן נישט געהאַט קיין שום פירנדיקן פאָדעם פאַר דער אָבסערווירונג פון באַזונדערע מינים פון נאַטור־געגנשטאַנדן." — „עס קאָן זיין, אַז אין דעם אַנימאַלן קערפּער, קאָנען אַ סך טיילן פאַרשטאַנען ווערן אַלס אַזעלכע, וואָס זענען איניינעם קאָמבינירט בלויז לויט מעכאַנישע געזעצן (ווי די פעל, די ביינער, די האָר). די אורזאַך אָבער, וואָס ברענגט צוזאַמען דעם נייטיקן שטאָף, מאָדיפיצירט און פאָרמירט אים און שטעלט אים אַוועק אויף זיין געהעריק אָרט, מוז אַלע מאָל אָפּגעשאַצט ווערן טעלעאָלאָגיש" (אין עדוואַרד קאַרדס בוך „די

קריטישע פילאָזאָפיע פון קאַנטן" ב. 2, ז. ז. 484—485) — „ווען דער נאַטור-פאָרשער וועט נישט וועלן פאַרלירן קיין מי בעת ער שטודירט די טבע פון געגנשטאַנדן, וועלכע דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי ענד-צוועקן פון דער נאַטור, אָדער ווי אָרגאַניזמען, וועט ער זיין געצווונגען אָנצוהייבן אַלע מאָל מיט אַ הנחה וועגן אַן אָריגינעלן אָרגאַנישן פּרינציפּ, וועלכער נוצט דעם מעכאַניזם פון דער נאַטור אויף אַרויסצוברענגען נייע אָרגאַניזירטע פאָרמען, אָדער אויף אַנטוויקלען די שוין דערגרייכטע אָרגאַנישע פאָרמען אין נייע געשטאַלטן" (קאַירדס בוך, ז. 495).

דידאַזיקע אויסצוגן לאָזן נישט איבער קיין ברעקל ספק וועגן דעם, אַז קאַנט האָט נישט, ווי וווּנדט און אַנדערע ווילן האָבן, אַוועקגעשטעלט אין איין רובריק די מעכאַנישע און פּסיכישע כחות, און אַז קאַנט אַליין האָט אין זיין אַלץ אַרומנעמענדיקן וועלט-בליק אַ סך פריער פאַר וווּנדטן שטרענג דורכגעפירט די נפקא-מינא צווישן קוואַנטאַטיווער און קוואַליטאַטיווער שייכות אין דער מעכאַנישער אורזאַך-און פאָלגע-קייט פון איין זייט און פּסיכישער — פון דער צווייטער זייט.

קאַנטס קריטיקער האָבן בכלל זייער אויבנאויפיק אויפגענומען זיינע מאַטערנישן און ראַנגלענישן מיט די מניעות, וואָס די דעמאָלטיקע באַגריפן וועגן צייט און רוים האָבן געשטעלט אין וועג צו דער באַגרינדונג פון דער פרייהייט פון מענטשלעכן ווילן. די קריטיק אויף קאַנטן פאַרשווייגט כמעט אינגאַנצן זיין אומדערמידלעך אונטערשטרייכן און באַטאָנען די אַבסאָלוטע אָפּהענגיקייט פון דעם באַגריף פרייהייט פון קיין אַנדערע זאַך נישט ווי פון דער שטעלונג צום צייט-און רוים-פּראָבלעם. עס איז דידאָזיקע אוממעגלעכקייט פון צו באַגרייפן פרייהייט אין די גרענעצן פון סטאַטיש-אויסגעשפּרייטע רוימלעכקייטן און צייטלעכקייטן, וואָס האָבן געלאָזט קאַנטן קאַלט און אומצופרידן מיט אַלע דענקער ביז אים, אפילו מיט די, וועלכע האָבן געפילט די פרייהייט און האָבן געטענהט, אַז עס מוז זיין אַ ווילן, וואָס דאָס מיינט פרייהייט פאַרן מענטש. זיין קאַלטקייט און אומצופרידנקייט האָבן זיך גענומען דערפון, וואָס נישט זייער מעכאַניסטישער און נישט זייער ספּיריטואַליסטישער בליק האָבן פאַרענטפערט פאַר אים די פראַגע: ווי קאָן מעגלעך זיין פרייהייט אין אַן „איצט", וועלכער קומט נ אָ ך און איז באַווירקט פ ו ן אַ „פריער", און ווי קאָן זי געמאָלט זיין אין אַן „ערגעץ-וווּ", וועלכער איז אַן אויסשניט פון אַן אומענדלעכן און איבער-אויסגעגאָסענעם „דאָ און דאָרט"?

געגנוג איז בלויז צו לייענען דעם פאָלגנדיקן אויסצוג פון קאַנטס קריטיק פון דער פּראַקטישער פאַרנונפט", כדי איינצוזעען דאָס, וואָס די קריטיק האָט. לויט אונזער איינדרוק נאָך, פאַרזעען. צוליב זיין אומ-געהויערער וויכטיקייט פאַר דער שייכות צווישן די צוויי באַגריפן: באַ-גריף פון צייט און באַגריף פון ווילן-פרייהייט, ברענגען מיר דעמדאָזיקן אויסצוג אין זיין גאַנצער לענג:

„אין דער פראַגע פון פרייהייט, וועלכע מוז זיין דער פונדאַמענט פון אַלע מאָראַלישע געזעצן און פון דער, פון זיי אַרויסגעדרונגענער, פאַראַנטוואָרטלעכקייט, גייט עס אייגנטלעך נישט אין דעם, צי ליגן די פּרינציפן, וועלכע באַשטימען אויף אַ נויטווענדיקן אופן די קאַוזאַליטעט דורך אַ נאַטור געזעץ, א י נ ע ו ו י י נ י ק אין דעם סוביעקט אָדער א ו י ס נ ו ו י י נ י ק פון אים. און אינם ערשטן פאַל גייט עס אויך נישט אין דעם, צי זענען דידאָזיקע באַשטימענדיקע פּרינציפּן אינסטינקטיוו, אָדער ווערן זיי באַגריפן דורך דער פאַרנונפט. דאָס אַלץ מאַכט קיין אונ-טערשיד נישט, כל זמן דידאָזיקע באַשטימענדיקע אידעען, ווי עס ווערט צוגעגעבן פון דידאָזיקע מענער גופא, האָבן אַלץ דעם יסוד פון זייער עקזיסטענץ אין צייט און אין דעם פ אַ ר י ק ן צ ו ש ט אַ נ ד, און דער לעצטער ווידער אַמאָל אין אַ פאָריקן צושטאַנד און אַזוי ווייטער. מעגן דידאָזיקע באַשטימענדיקע אידעען זיין אינעווייניקע, מעגן זיי האָבן אַ פּסיכאָלאָגישע און נישט קיין מעכאַנישע קאַוזאַליטעט, דאָס הייסט, מעגן זיי אַרויסברענגען האַנדלונגען דורך אידעען און נישט דורך קער-פּערלעכע באַוועגונגען, זענען זיי נאָך אַלץ ב אַ ש ט י מ ע נ ד י ק ע פּ ר י נ צ י פּ ן פון דער קאַוזאַליטעט פון אַ וועזן, וועמענס עקזיסטענץ איז באַשטימבאַר אין צייט, און איז דעריבער אונטער דעם הכרח פון באַדינגונגען פון דער פאַרגאַנגענער צייט, וועלכע זענען דערפאַר נ י ש ט מ ע ר א י ן ד ע ר מ אַ כ ט פ ו נ ם ס ו ב י ע ק ט, ווען ער דאַרף האַנדלען. דאָס קען באַדייטן אַ פּסיכאָלאָגישע פרייהייט (אויב מען זאָל וועלן נוצן דעמדאָזיקן טערמין בלויז צו אַן אינעווייניקסטער פאַרקייטלונג פון אידעען אין דער נשמה), עס שליסט אָבער איין נאַטור-נויטווענדיקייט און לאָזט נישט איבער קיין שום אָרט פאַר ט ר אַ נ ס-צ ע נ ד ע נ ט אַ ל ע ר פ ר יי ה יי ט, וועלכע מוז באַגריפן ווערן ווי אַן אומאָפּהענגיקייט פון אַלץ, וואָס איז עמפּיריש און, פאָלגלעך פון דער נאַטור אין אַלגעמיין, מעג זי באַטראַכט ווערן ווי אַ געגנשטאַנד פונם אינעווייניקסטן זין אין צייט בלויז, אָדער פונם אויסנווייניקסטן זין אין צייט

זוון אין רוים. אָן דערדאָזיקער פרייהייט (אינם לעצטן און אמתן זין), וואָס נאָר זי אַליין איז אַפּריאָרי פּראַקטיש, איז נישט מעגלעך קיין שום מאָראַליש געזעץ און קיין שום מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. און מהי־טעמא טאַקע קאָן די נויטווענדיקייט פון געשעענישן אין צייט לויט דעם נאַטור־געזעץ פון קאוזאַליטעט, אָנגערופן ווערן מעכאַניזם פון נאַטור. אויב נאָר מיר מיינען נישט דערמיט, אַז די זאַכן, וואָס זענען אונטער־געוואָרפן אונטער אים מוזן ווירקלעך זיין מאַטעריעלע מאַשינען. דאָ קוקן מיר נאָר אויף דער נויטווענדיקייט פון דער פאַרבינדונג פון געשעענישן אין אַ צייט־רייע, ווי זי איז אַנטוויקלט לויט דעם נאַטור־געזעץ, מעג דער סוביעקט אין וועמען דידאָזיקע אַנטוויקלונג גייט אָן, אָנגערופן ווערן Automaton materiale (מאַטעריעלער אַווטאָמאַט), ווען דער מעכאַנישער וועזן ווערט באַוועגט דורך מאַטעריע, אָדער מיט לייבניצן — Spirituale (ספּיריטועלער), ווען ער ווערט געשטויסן פון אידעען, און ווען די פרייהייט פון אונזער ווילן וואָלט נישט געווען קיין אַנדערע ווי די לעצטע (לאָמיר זאָגן פּסיכאָלאָגישע און קאָמפּעראַטיווע, און נישט, אין דער זעלביקער צייט, קיין טראַנסצענדענטאַלע, דאָס הייסט אַבסאָלוטע), וואָלט זי אין גרונט נישט געווען בעסער ווי די פרייהייט פון אַ בראַטענווענדער, וואָס אויך ער, ווען ער ווערט איינמאָל אָנגעצויגן, פירט דורך פון זיך זעלבסט זיינע באַוועגונגען" (ק. וו. ב. 2. ז. ז. 502—503).

אַלץ, אַלזאָ, וואָס די פילאָזאָפן האָבן ביז אים געזען און פאַרשטאַנען, האָט אויך קאַנט קלאָר און טיף געזען און פאַרשטאַנען. און דערצו נאָך אויך דאָס, וואָס זיי האָבן נישט געזען, און דאָס איז, אַז דאָס זעצן אין אַ גראַדליניקער באַוועגונג אַ פּסיכישע קייט פון אורזאַכן און פאָלגן, און פון פאָלגן און אורזאַכן מיט אַ קוואַליטאַטיוון שייכות צווישן זיי, העלפט נאָך נישט צום פעסטשטעלן פון דער פרייהייט פאַר אַ וועלכער עס איז עקזיסטענץ אָדער פאַר אַ וועלכן עס איז וועזן, וואָס צו אים זאָלן צוגעשריבן ווערן די אַטריבוטן פון צייט און רוים, ווי זיך נישט רירנדיקע, זיך נישט אַנטוויקלענדיקע און פון קיין שום זאַך נישט אַרויסברענגענדיקע אויסגעשפרייטקייטן. נישט דערזעענדיק רוים און צייט אינם ליכט, וואָס האָט אַ שיין געטון פאַר די אויגן פון די דענקער, וועלכע זענען געקומען נאָך אים, האָט קאַנט אויף אַ געניאַלן אופן געראַטעוועט די פרייהייט דערמיט. וואָס ער האָט באַאיר אינגאַנצן אַוועקגענומען די אַ[illegible]ב[illegible]טן פון [illegible] צייט [illegible] רום.

קאַנט האָט נישט דערבליקט, ווי די פילאָזאָפן נאָך אים, דאָס וו ע ר ן אין דעם ז יי ן פון אַלץ אין דער וועלט און די ש אַ פ ו נ ג אין דער אַ נ ט וו י ק ל ו נ ג פון אַלץ, אפילו פון רוים און צייט גופא. דעריבער האָט ער נישט געקאָנט אַרויסרייסן קיינע פון די, אין ד ע ר וו ע ל ט אַרבעטנדיקע, כוחות פון די נעצן פון דער אויסגעשפּרייטקייט אַנדערש, ווי דורך דעם אַוועקשטעלן זיי גאָר איבגאַנצן אין אַן אַנדערער וועלט. נישט דערבליקנדיק דאָס וו ע ר ן און דאָס ש אַ פ ן, האָט קאַנט נישט געקאָנט אַריינוואַרפן זיך גופא אינאיינעם מיט אַלע כוחות, פון וועלכע עס אָטעמט לעבן און גייסט, אין דעם שטראָם פונם שטענדיקן ווערן, וואָס פון אים קריסטאַליזירן זיך אַרויס אָדער זעצן זיך אָפּ צייט-און רוים-פאָרמען. מיט דער טיפסטער און אינטענסיווסטער איבערגעבנקייט צום פרייהייט-געפיל, ווערט קאַנט אויף דעם קלאָרסטן לאָגיש-נויטווענדיקן אופן געצוווּנגען אַריבערצוטראָגן אַלע אָריגינעלקייטן פון די כוחות מיט אַלע זייערע פרייהייטן און ספּאָנטאַנקייטן פון יענער זייט פון צייט און רוים. די באַגריפן פון אייביקייט און אומענדלעכקייט אַלס אַטריבוטן פון דער ערשטער און אַבסאָלוטער אורזאַך האָבן נישט צופרידנגעשטעלט קאַנטס פאַנטאַזיע, ווייל מיט זיי איז דאָך אייגנטלעך דאָס זעלביקע ווי מיטן ממזרל, וואָס ווי ברעקעל ער זאָל נישט זיין, בלייבט ער דאָך אַלץ אַ נישט-כדת-משה-וישראלדיקס. ווי ווייט און ווי ברייט, ווי הויך און ווי טיף מען זאָל נישט ציען די אייביקייט און אומענדלעכקייט, בלייבן זיי אַלץ אין די ראַמען פון צייט און פון רוים און עס בלייבט די זעלביקע שאלה: און וואָס איז פון יענער זייט. און אַהין אויף יענער זייט מוז באַלד אַריבערגעטראָגן ווערן די ערשטע אורזאַך, כדי זי זאָל זיין די אַבסאָלוטע און די פרייע, ד. ה. דעטערמינירט פון זיך אַליין און נישט פון קיין פריערדיקע אורזאַכן. „די אייביקייט", זאָגט קאַנט מ ע ס ט נאָר די דויער פון זאַכן, אָבער „זי ש ט י צ ט זיי נישט, זי ט ר אָ ג ט זיי נישט".

וועגן אַ דויער, וואָס זאָל, ווי דאָס לעבן און דאָס באַוווּסטזיין גופא, טראָגן אין זיך אַלע זאַכן און געשעענישן, איינגעשלאָסן די אייביקייט גופא — וועגן דעם האָט קאַנט נישט געחלומט, פונקט ווי ביז אים האָט קיינער נישט געחלומט וועגן רוים און צייט, ווי וועגן געדאַנקלעכע אַרויס-שטראַלונגען. און פון די יעניקע ביז קאַנטן, צו ווען אַזאַ חלום איז נישט געקומען, איז קאַנט געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויף דעם קאָפּ פונם פּראָבלעם וועגן דעם שייכות צווישן צייט און פרייהייט, אָדער צייט-

אויסגעגאָסנקייט און פערזענלעכקייט, געהאָגלט מיט אַזעלכע שאַרפע און דורכדרינגלעכע ווערטער ווי די פאָלגנדיקע: „מיר קאָנען זיך נישט באַ־פרייען פון דעם געדאַנק, און מיר קאָנען אים אויך נישט שטיצן, אַז אַ וועזן, וועלכן מיר שטעלן זיך פאָר אַלס דעם העכסטן פון אַלע מעג־לעכע וועזנס זאָל זאָגן צו זיך אַליין: איך בין פון אייביקייט ביז אייבי־קייט, אויסער מיר איז קיין שום זאַך נישט פאַראַן, און וואָס איז יאָ פאַראַן, איז דורך מיין ווילן. פונוואַנען אָבער בין איך? דאָ זינקט אַלץ אונטער אונז. און די גרעסטע פאָלקאָמענקייט ווי די קלענסטע גייט פאַרביי אָן אַן אָפּשטעל פאַר די אויגן פון דער ספּעקולאַטיווער פאַרנונפט, וועלכער עס קאָסט קיין זאַך נישט צו לאָזן די ערשטע ווי די אַנדערע צו פאַרשווינדן אָן דער מינדסטער מניעה".
(ק. פ. ד. ר. פ., ז. 470).

די שאַרפקייט, צו וועלכער קאַנט האָט דערפירט דאָס פּראָבלעם פון צייט און ווילן, און דער אָפּגרונט, וועלכן ער האָט אָוועקגעשטעלט צווישן צייט און דעם, וואָס איז פון יענער זייט פון צייט, האָבן געטריבן צו דער דיאַלעקטיק פון העגעלן, צום דויער פון בערגסאָן און צו אַזעלכע טיטלען פון ביכער ווי „רוים, צייט און געטלעכקייט" (אַלעקסאַנדער), „פערטע דימענסיע, לעבן און באַוווסטזיין" (עריקסען), וואָס וועגן דעם אַלעמען וועלן מיר רעדן אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער געשיכטע פונם פרייען ווילן־פּראָבלעם.

נישט געקאָנט האָט קאַנט זיך מאָלן נישט גאָט און נישט דעם מענטש אַנדערש ווי פרייע וועזנס, ד. ה. אַלס אַזעלכע, וואָס קאָנען מאָמענטנווייז זיין אומאָפּהענגיק פון דעם געוועזענעם און געשעענעם, אַלס אַזעלכע, וואָס קאָנען זאָגן: עס זאָל אַנדערש זיין, און עס זאָל ווערן אַנדערש ווי עס איז, און אַנדערש ווי עס איז געווען. קלאָר אָבער האָט ער דערזען, אַז מיטן צושרייבן רוים און צייט אין זייער דעמאָלט־דיקער באַנומענטקייט אַלס אַטריבוטן פון גאָט און מענטש ווי צו אַלע אַנדערע זאַכן אין דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ, ווערט אויסגעשלאָסן די מעגלעכקייט פון אַזאַ פרייהייט; מחמת פרייהייט און ספּאָנטאַנקייט קאָנען נישט אָטעמען אין דער אַטמאָספערע פון אַ „דאָ און אַ דאָרט", אַ „פריער" און אַ „שפּעטער".

קאַנט זעט נישט איין „ווי אַזוי די יעניקע, וואָס באַשטייען נאָך אַלץ אויף דעם, אַז צייט און רוים דאַרפן באַטראַכט ווערן ווי אַטריבוטן,

וואָס געהערן צו דער עקזיסטענץ פון זאכן ווי זיי זענען אין זיך זעלבסט, קאָנען זיך העלפן פון צוצוגעבן די פאַטאַליטעט פון האַנדלונגען".

און קעגן דער פאַטאַליטעט פון האַנדלונג, קעגן דעם שטרענג אויסגעהאַלטענעם (ווי קאַנט אַליין דענקט) שפּינאָזיסטישן פּרעדערטערמי-ניזם רעבעלירט קאַנטס נשמה מיט אַלע אירע מהותן, בלייבט דעריבער קאַנטן איין אויסוועג, און דאָס איז צו פאַנירן אַן עקזיסטענץ פון יענער זייט פון די גרענעצן פון רוים און צייט, און דאָס, ווידער, מיינט איינס און דאָס זעלביקע, ווי צו שאַפן אין צוגאָב צום עמפּירישן צייט-און-רוים — אַן אידעאַלן רוים און צייט, אין צוגאָב צו דער עמפּירישער רעאַליטעט — אַן אַבסאָליוטע רעאַליטעט, און אין צוגאָב צו דער נאַטור-קאַוזאַליטעט — קאַוזאַליטעט פון פרייהייט.

אַט דידאָזיקע פונאַנדערשפּאַלטונג פון דער קאָסמישער עקזיס-טענץ אויף אַלע פראָנטן, אַזוי צו זאָגן, פאָרמולירט קאַנט אַליין אויפן קירצסטן און שאַרפסטן אופן אין די אויסצוגן, וועלכע מיר וועלן איצט ברענגען:

„עס איז אונז" — זאָגט קאַנט — „גאַנץ לייכט צו אונטערשיידן צווישן דעם אַטריבוט פון אַ געטלעכער עקזיסטענץ פון אַ וועזן, וואָס איז אומאָפּהענגיק פון אַלע צייט-באַדינגונגען, און דעם אַטריבוט פון אַ וועזן פון דער וועלט פון חושים. דאָס איז אַן אונטערשיד צווישן דער עקזיסטענץ פון אַ *וועזן ווי עס איז אין זיך גופא*, און דער עקזיסטענץ פון אַ *זאַך אין דער דערשיינונג*. נעמט מען נישט אָן דידאָזיקע אידעאַליטעט פון צייט און רוים, בלייבט קיין זאַך נישט איבער אַחוץ דעם *שפּינאָזיזם*, אין וועלכן רוים און צייט זענען וועזנטלעכע אַטריבוטן פון דעם העכסטן וועזן גופא, און די זאַכן, וועלכע הענגען אָפּ פון אים (אונז אַליין אַריינגערעכנט) זענען נישט קיין סוב-סטאַנצן, נאָר בלויז אַקצידענטן, וועלכע זענען אין אים איינגע-שלאָסן" (ק. וו. ב. 2., ז. 508).

און ווי מיט די צוויי צייטן, עמפּירישער און אידעאַלער, אַזוי אויך מיט די צוויי קאַוזאַליטעטן, נאַטור-און פרייהייט-קאַוזאַליטעט.

„מיר קאָנען" — שרייבט קאַנט — „באַגרייפן נאָר צווייערליי קאַוּ-זאַליטעטן אין שייכות צו די געשעענישן: די קאַוזאַליטעט פון דער נאַטור און די קאַוזאַליטעט פון דער פרייהייט. די ערשטע איז די פאַר-בינדונג פון איין צושטאַנד אין דער וועלט פון חושים מיט אַ פריערדיקן

צושטאַנד, וואָס אים פאָלגט ער נאָך על פּי רעגעל. היות ווי די קאַוזאַליטעט פון דערשיינונגען באַרוט זיך אויף צייט־באַדינגונגען, און היות ווי דער פריערדיקער צושטאַנד, ווען ער זאָל געווען שטענדיק עקזיסטירן, וואָלט ער נישט געקאָנט געווען אַרויסברענגען קיין ווירקונג, וואָס קומט צום ערשטן מאָל פאָר אין צייט, ובכן פאָלגט דערפון, אַז די קאַוזאַליטעט פון דער אורזאַך פון דעם, וואָס פּאַסירט אָדער אַנטשטייט, האָט אַליין אויך געמוזט, לויט די פּרינציפּן פונם פאַרשטאַנד, — אַנטשטיין און זיך אַליין אויך נייטיקן אין אורזאַך.

פאַרקערט ווידער, אונטער פרייהייט אין איר קאָסמאָלאָגישן זין, פאַרשטיי איך די פעיקייט אָנצוהייבן אַ צושטאַנד פון זיך זעלבסט. זיין קאַוזאַליטעט, אַלזאָ, הענגט נישט אָפּ, לויט די געזעצן פון דער נאַטור, פון אַן אַנדער אורזאַך, דורך וועלכער זי ווערט באַשטימט אין צייט. אין דעם דאָזיקן זין איז די פרייהייט אַ ריינע טראַנסצענדענטאַלע אידעע, וועלכע ערשטנס, אַנטהאַלט נישט אין זיך קיין שום זאַך, וואָס קומט פון דער דערפאַרונג. צווייטנס, וואָס איר געגנשטאַנד קאָן נישט באַשטימט געגעבן ווערן אין קיין שום דערפאַרונג. מחמת עס איז אַן אַלגעמיינער געזעץ פון דער מעגלעכקייט אפילו פון דער גאַנצער דערפאַרונג, אַז וואָס געשעט, האָט אַן אורזאַך, און די קאַוזאַליטעט דעריבער פון דער אורזאַך, וואָס איז אַליין געשעען אָדער אַנטשטאַנען, מוז ווייטער אַמאָל האָבן אַן אורזאַך. אויף אַזאַ מין אופן איז דאָס גאַנצע פעלד פון דערפאַרונג, ווי ווייט עס זאָל זיך נישט אויסשטרעקן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין גרויסער גאַנצקייט פון נאַטור. אַזוי ווי עס איז אָבער אויף אַזאַ מין אופן אוממעגלעך צוצוקומען צום אַבסאָלוטן סכום פון באַדינגונגען אין אַ קאַוזאַלן שייכות, שאַפט דערפאַר זיך די פאַרנונפט די אידעע פון ספּאָנטאַנואיטעט, אָדער די קראַפט פון זיך זעלבסט אָנצוהייבן, אַזוי אַז עס זאָל נישט דאַרפן מער פאָרויסגעשיקט ווערן קיין שום אורזאַך, וועלכע זאָל זי באַשטימען צו האַנדלען לויט דעם געזעץ פון קאַוזאַלער פאַרבינדונג. (ק. פּ. ד. ר. פ., ז. 462).

אָט דידאָזיקע קאָסמאָלאָגישע פרייהייט שטעלט מיט זיך פאָר איינעם פון די גרונדזיילן פון קאַנטס פילאָזאָפישן סיסטעם. און נאָר פון אירעטוועגן האָט ער עס געמוזט פונאַנדערשפּאַלטן די אַלוועלטלעכע עקזיסטענץ ביז צו אירע אָפּגרונטן.

## 5.

### א)

אַז אַ פרייהייט-קאַוזאַליטעט איז פאַר קאַנטן נישט שייך קיין פערזענלעכקייט, וועלכע קימט, לויט זיין מיינונג, צום העכסטן אויסדרוק דורך דעם מאָראַל-געפיל. די פרייהייט און די מאָראַל זענען בא אים די פאַליוסן פון דעם פערזענלעך-מענטשלעכן מהות. די פרייהייט איז, אין קאַנטס אייגענע ווערטער, די Ratioesserdi פון דעם מאָראַלישן געזעץ, און דאָס מאָראַלישע געזעץ איז די Ratio Cognoscerdi פון דער פרייהייט. זיי ביידע, די פרייהייט און די מאָראַל, טרייבן עס קאַנטן צו מאַכן אויך דעם צווייטן שניט אָדער שפּאַלטונג אין דער וועלטאַל-גאַנצקייט. דער ערשטער איז געווען, ווי מיר האָבן פריער געזען, צווישן נאַטור און דער — ווי מיר האָבן זי אָנגערופן — איקסישער אונטער-נאַטור, פון וועלכער די זינלעכע אינהאַלטן פליסן אַריין אין די רוים-און צייט-פאָרמען. מיט דעמדאָזיקן שניט האָט קאַנט פאַרזיכערט אַ לאָגישן גרונד פאַר דער גאַנצער נאַטור-געזעצמעסיקייט פון איין זייט, און פון דער צווייטער זייט האָט ער, פון שטענדיק אָן אַ געיאָגטער און געפּלאָגטער פונם פרייהייט-פּראָבלעם, גלייך פון אָנהייב איבערגעלאָזט אַ נישט-צייט און נישט-רוים אונטערנאַטירלעכע רעאַליטעט — אַן „עפּעס", וואָס איז אין זיך זעלבסט, און וואָס אויף אים קאָן נישט אָנגעווענדט ווערן קיין שום געזעץ, קיין שום נויטווענדיקייט און קיין שום נאַטור-קאַוזאַליטעט.

נאָכדעם ווי ער ווערט פאַרטיק מיט דעם אויסבילד פון דער נאַטור ווי אַ באַהעפטונג פון אונטערנאַטירלעכער מאַטעריאַלטעט אָדער זינלעכקייט מיט די עלעמענטן און פּראָצעסן פון דער געדאַנקלעכקייט, פירט ער דורך מיט זיין פילאָזאָפישן מעסער אַ צווייטן שניט. אַלס אַ פּועל-יוצא פון דעמדאָזיקן אַקט, ווערט אַוועקגעשטעלט אויף איין זייט — אַלץ דאָס, צו וואָס מיר מוזן צושרייבן די אַטריבוטן פון רוים און צייט און וואָס גייט אַרונטער אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען — נאַטור, און אויף דער צווייטער זייט — אַ צייטלאָזע און רוימלאָזע איבער-נאַטור. די ערשטע איז זינלעך און פענאָמענאַל. די צווייטע איז איבערזינלעך און נאָומענאַל. אין דער ערשטער הערשט געזעץ, נויטווענדיקייט און נאַטור-

קאַוזאַליטעט, אין דער צווייטער — נאַטור־קאַוזאַלאַזיקייט, וואָס דאָס איז דאָס זעלביקע ווי פרייע קאַוזאַליטעט, און מאָראַלישער אימפּעראַטיוו. ווען מיר קומען צום שפּיץ פון קאַנטס פילאָזאָפישער געביידע — צו דער איבער־נאַטור כאַפּן מיר זיך, אַז די אונטער־נאַטור זייגע איז אייגנטלעך געוועזן נישט מער ווי אַ געשטעל אָדער רישטאָוואַניע, וואָס זאָל העלפן דעם אויסבוי־פּראָצעס פונם גרויסן בנין. די איבער־נאַטור שלינגט אייגנטלעך איין און זאַפּט אין זיך אַריין די אונטער־נאַטור און עס ווערט אויף אַזאַ אופן מעגלעך צו טראַכטן פון איין און איינציקער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, וועלכע לאָזט זיך נישט דערקענען צוליב דער אידעאַליטעט פון איר רוימלעכקייט און צייטלעכקייט, און פון אַ פענאָמענאַלער נאַטור מיט אַן עמפּירישער רוימלעכקייט און צייטלעכקייט, וועלכע, ווי אַ בוך, לאָזט זיך לייענען פון די שורות און צווישן די שורות.

אין זיין ערשטער קריטיק איז עס געוועזן קאַנטס אויפגאַבע פעסטצושטעלן די ראָל פון דער וויסנשאַפט, פאָרמירן אַ לאָגישן גרונט פאַר איר זיכערקייט אין אַלע פאָרשונגען, וועלכע האָבן אַ שייכות מיט דער נאַטור, און אין דער זעלביקער צייט אָנצווייזן די גרענעצן, איבער וועלכע זי קאָן נישט און זאָל נישט פּרווון אפילו אַריבערצושפּרייזן. און דערקלערט האָט קאַנט קאַטעגאָריש, אַז אין די ספערן פון איבער־נאַטור, אין די הויכקייטן פון דער איבערזינלעכער וועלט, וועלכע, אין דער געשטאַלט פון אידעען און אידעאַלן, איז איינגעשניטן און פאַרוואָרצלט אין דער מענטשלעכער פאַרנונפט — אין זיי, אין דידאָזיקע ספערן און הויכקייטן, האָט נישט די וויסנשאַפט, וועלכע איז אַן עמפּירישע דערקענטעניש, קיין שום יוריסדיקציע. דערמיט האָט ער געשאַפן איינע פון די שטאַרקסטע פילאָזאָפישע גרונטלאַגן פאַר דער פאַרנונפטיקייט פון די גלויבונגען און ספּעקולאַציעס וועגן גאָט, אומשטערבלעכקייט און פרייהייט — די דריי אידעען אָדער אידעאַלן, וואָס גיבן זין, ווערט און אינהאַלט צו דעם מענטשלעכן באַשטרעב נאָך אַ העכערער עקזיסטענץ מיט אַן אַלץ אינטענסיווערער און טיפערער אַנטוויקלונג פון אַ פערזענלעכקייט.

דער מענטש קאָן נישט וויסן און ער קאָן נישט דערקענען, ד. ה. ער קאָן נישט אַריינגעמען אין זיינע דערפאַרונגען די פרייע, איבער־צייטלעכע און איבער־רוימלעכע עקזיסטענץ, אַ פולע באַהעפטונג מיט וועלכער ער קאָן נאָר דורך אומשטערבלעכקייט דערוואַרטן. די פאַרנונפט, מיט דעם באַשאַף פון אירע אידעען פון גאָט און אומשטערבלעכקייט, און מיט איר אימפּעראַטיוו באַפעל צו האַנדלען אַזוי ווי דידאזיקע אי־

דעען וואָלטן געווען רעאַל און ממשותדיק — גיבן דעם מענטש דאָס רעכט, אָדער וואַרפן גאָר אַרויף אויף אים אַ פליכט צו גלייבן אין דער מעגלעכקייט און נויטוועגדיקייט פון אַזאַ עקזיסטענץ און פון אַן אָנשליס אָן איר. די וויסנשאַפט, וועלכע אָפּערירט מיט פאַרשטאַנד-קאַטעגאָריען און נישט פאַרנונפט-אידעען, האָט קיין שום מעגלעכקייט נישט צו באַווייזן די אוממעגלעכקייט פון אַזאַ עקזיסטענץ און פון דעם מענטשנס אָנגעהעריקייט צו איר.

„יעדע איינצלנע דערפאַרונג" — זאָגט קאַנט — „איז נאָר אַ טייל פון דער גאַנצער ספערע פון איר געביט. דאָס אַבסאָלוטע גאַנצע פון דער אַלערמעגלעכער דערפאַרונג איז אַליין אָבער נישט קיין דערפאַרונג, דאָך איז עס אַ נייטיק פּראָבלעם פאַר דער פאַרנונפט, די בלויזע פאָרשטעלונג פון וועלכער פאָדערט גאַנץ אַנדערע באַגריפן פון די פאַרשטאַנד-באַגריפן, וואָס זייער געברויך איז בלויז אימאַנענט, ד. ה. ער גייט אויף דער דערפאַרונג, אויף ווי ווייט זי קאָן געגעבן ווערן. בעת די באַגריפן פון דער פאַרנונפט באַציען זיך אויף דער פולשטענדיקייט און אויף דער קאָלעקטיווער איינהייט פון אַלע מעגלעכע דערפאַרונגען און גייען דערפאַר אַרויס איבער יעדער געגעבענער דערפאַרונג און ווערן טראַנסצענדענט".

די זיכערקייט, אַלזאָ, פון אַן איבערזינלעכער אָדער, ווי קאַנט רופט זי אויך אָן, אינטעליגיבלער וועלט, וועלכע שטייגט אַריבער אונזערע צייט-און רוים-דערפאַרונגען, די זיכערקייט פון דער עקזיסטענץ פון אַ טראַנסצענדענטאַלער וועלט, וואָס איר מהות קאָנען מיר בלויז דענקען, אָבער נישט דערקענען — ליגט אין דעם, וואָס אונזער פאַרנונפט פאַרמאָגט אידעען, וועלכע געפינען זיך נאָר אינעווייניק אין איר און נעמען זיך נאָר פון איר, און וואָס שטייגן דערפאַר אַריבער אַלע זינלעכע דערפאַרונגען, וועלכע זענען דורך זייער עמפּירישער רוימלעכקייט און צייטלעכקייט ווייט אָפּגעשיידט פון די טראַנסצענדענטע אידעען. מיר האָבן אַלזאָ טראַנסצענדענטע אידעען, וואָס צו זיי מוז אויף אַ וועלכן ס'נישט איז אופן קאָרעספּאָנדירן אַ טראַנסצענדענטאַלע וועלט, פּונקט ווי צו די פאַרשטאַנד-באַגריפן קאָרעספּאָנדירט אַן עמפּירישע וועלט, וועלכע מיר רופן נאַטור.

דער מענטש אַלזאָ איז אַרומגערינגלט פון איין זייט — מיט אַ וועלט אַן עמפּירישער און פון דער צווייטער זייט — מיט אַ וועלט אַ טראַנסצענדענטאַלער. פרעגט זיך איצט: און וואָס איז מיט דעם מענטש

אַליין, וועלכער איז דורך זיין פאַרשטאַנד דער געזעצגעבער פון דער נאַטור, און דורך די אידעען פון זיין פאַרנונפט, דער אויסטראַכטער, דער טעאָרעטישער שאַפער, אָדער אַנטדעקער פון אַן איבערנאַטירלעכער עקזיסטענץ?

אין דער פראַגע, ווי מיר האָבן זי געשטעלט, ליגט שוין אויך קאַנטס ענטפער צו איר. דער ענטפער איז, אַז אויף וויפיל דעם מענטשנס געדאַנקלעכע אַרויסשטראַלונגען פון רוים און צייט און אַנדערע געדאַנק־לעכע עלעמענטן און פּראָצעסן, זענען פעדעם, וועלכע קאָנען נישט אַרויס־געריסן ווערן פון דעם נאַטור־געוועב, אויף אַזוי פיל און אויף אַזוי ווייט געהערט דער מין מענטש צו דער נאַטור. אויף וויפיל, ווידער, זיינע אידעען דערגאַנצן די נאַטור, וועלכע איז קאַטעגאָריזירט פון זיין פאַר־שטאַנד דורך אַן איבערנאַטירלעכער אידעאַלער און אַבסאָלוטער עקזיס־טענץ, אויף אַזוי פיל מוז ער באַטראַכטן זיך און אַנדערע מענטשן ווי אַן אָרגאַנישן טייל פון דערדאָזיקער העכערער עקזיסטענץ, וועלכע ווערט אויסגעפילט דורך די אידעען פון פרייהייט, אומשטערבלעכקייט און גאָט.

אויף אַזאַ אופן ווערט דער מענטש, ווי די גאַנצע אוניווערסאַלע עקזיסטענץ געשפּאָלטן, אויף צוויי וועלטן אָדער פונאַנדערגעטיילט, ווי קאַנט דריקט זיך אויס, אין צוויי כאַראַקטערן. איינער און דערזעלביקער מענטש קאָן זיך און אַלע אַנדערע באַטראַכטן פון צוויי געזיכטספונקטן: אימאַנענטן און טראַנסצענדענטאַלן, אָדער עמפּירישן און אינטעליגיבעלן. אינם ערשטן זין איז דער מענטש אַ וועזן אַלס אַ דערשיינונג — אַ פע־נאָמענאָן, אינם צווייטן זין איז ער אַ וועזן אין זיך זעלבסט — אַ נאָומענאָן.

בלויז אַ פּאָר פון קאַנטס אייגענע ווערטער וועגן דער צווייאיקייט פון דעם מענטש, וועגן די צוויי וועזנס אין איינער און דערזעלביקער מענטש־לעכער געשטאַלט: „די פאַרייניקונג" — זאָגט קאַנט — „פון דער קאַוזאַ־ליטעט אַלס פרייהייט מיט דער קאַוזאַליטעט אַלס נאַטור־מעכאַניזם — וואָס די ערשטע ווערט פאַרגעשטעלט דורכן מאָראַלן געזעץ, די צווייטע דורכן נאַטור־געזעץ — אינם זעלביקן סוביעקט, נעמלעך, דעם מענטש, איז אומ־מעגלעך אַנדערש ווי, אַז מיר זאָלן זיך אים פאָרשטעלן בנוגע דער ער־שטער, אַלס וועזן אין זיך זעלבסט, און בנוגע דער לעצטער, אַלס דער־שיינונג. ד. ה., אַז איין וועזן דאַרפן מיר זיך פאָרשטעלן אינם ריינעם באַוווסטזיין, דעם אַנדערן אינם עמפּירישן באַוווסטזיין" (ק. וו. ב. 2 ז. 412).

פונקט, אַלזאָ, ווי אין דער גאַנצער איינער און דערזעלביקער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ האָבן מיר צוויי וועלטן: אַ וועלט פון פענאָמענאַ און אַ וועלט פון נאומענאַ, אַזוי האָבן מיר אין איינעם און דעמזעלביקן וועזן, וואָס הייסט מענטש, צווייערליי מענטשלעכע געשטאַלטן: די נאַטור־מענטש־געשטאַלט און די איבערמענטש־געשטאַלט.

ב)

ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער איבערזינלעכער אָדער נומענאַלער וועלט, וועלכע איז טראַנסצענדענטאַל, ווייל מיר קאָנען נישט מיט אונזערע פאַרשטאַנד־באַגריפן תופס זיין איר תוך און מהות, געפינט קאַנט, ווי מיר האָבן געזען, די אידעאַלע זיכערקייט פאַר איר עקזיסטענץ אין דעם פאַקט, וואָס עס עקזיסטירן אידעען וועגן איר. און ער זעט די ביימיקייט פון דעם גלויבן אונזערן אין דער עקזיסטענץ פון אַזאַ וועלט אין דעם, וואָס אונזער ספעקולאַטיווע פאַרנונפט, וואָס פון איר זיך־זעלבסט־באַפרוכפערנדיקער טראַכט זעצן אַרויס אידעען און אידעאַלן, קאָן בשום אופן נישט פאַרפאָלשטענדיקן דאָס וועלטאַל־בילד, וואָס רייסט זיך קעגן אַלע ווידערשטאַנדן געמאָלן צו ווערן — נישט אַוועקשטעלנדיק באַם מקור פון דער נאַטור־וועלט אַן אַנדערע וועלט — אַ וועלט, וואָס דער באַנעם פון איר איבערשטייגט אַלע עמפּירישע דערפאַרונגען און אַלע פאַרשטאַנד־באַגריפן.

וואָס איז אָבער, פרעגט זיך איצט, מכוח דער איבערמענטשלעכער וועלט, וועלכע געפינט זיך א י ן ד ע ם מ ע נ ט ש ג ו פ א? ווו ליגט די זיכערקייט פאַר דעם מענטש וועגן דער איבערמענטשלעכקייט, וואָס אַרבעט אין אים אויף אַ פאַרבאָרגענעם צו אים אופן? וואָס טרייבט עס אים זיך אַליין, אַזוי צו זאָגן, אויף צווייען צו שפּאַלטן? וואָס פאַר אַ בילד איז עס, וואָס כדי עס צו פאַרפולקאָמען און פאַרפולשטענדיקן, דאַרף דער מענטש אין זיך גופא עפענען אַ תהום צווישן אַ נאַטור־איך און פרייען זעלבסט? וואָס פאַר אַ געפיל גראָבט עס אונטער דעם אָפּגרונט צווישן נאַטור־מענטש און פרייען מענטש און טרייבט אים צו האַנדלען אַזוי, ווי ער וואָלט געווען אָנגעקניפּט און אָנגעבונדן אַן אַ

העכערן װעזן, װעלכער שלאָגט אין זײַנע טיפֿסטע גרונטן די דויערהאַפֿטסטע װאָרצלען?

אויף דערדאָזיקער פֿראַגע פֿון „װאָס“, אין אַלע זײַנע שאַטירונגען, ענטפֿערט קאַנט מיט איין װאָרט, אַרום װעלכן עס דרייען זיך אַלע זײַנע פֿאַרטיפֿונגען און טראַכטונגען װעגן עטיק. דאָס װאָרט איז: „פֿליכט“. זי, דידאָזיקע פֿליכט, האָט עס אָנגעפֿילט יעדע צעל, קעמערל און שפּעלטעלע פֿון זײַן נשמה מיט די טיפֿסטע, דערהויבנסטע און הייליקסטע געפֿילן, װאָס מיט זיי קאָן אַ מענטשנס נשמה אָנגעפֿילט װערן. מיט אַ ד ע פֿ ר אָ פּ ו נ ד י ס, װאָס נאָר דאָס אַל־העכסטע אין דער װעלט קאָן אָנרירן, שרײַט קאַנט אויס, װי נישט מיט זײַן שטים, צו איר: „פֿ ל י כ ט! דו דערהויבענער און גרויסער נאָמען, װאָס נעמט נישט אַרום קיין שום זאַך, װעלכע איז באַליבט און אינסינואירענד, נאָר װאָס פֿאָדערט הכנעה; און דאָך זוכסטו נישט צו באַװעגן דעם װילן, דראָענדיק מיט עפּעס, װאָס רעגט און שרעקט דעם געמיט מיט אַ נאַטירלעכן װידערװילן, נאָר דו שטעלסט אויף אַ געזעץ, װאָס געפֿינט פֿון זיך זעלבסט אײַנגאַנג אין דעם געמיט, און דאָך געװינט ער אַן אומװיליקן יראת הכּבוד (הגם נישט אַלע מאָל אַ געהאָרכזאַמקייט) — אַ געזעץ, פֿאַר װעלכן אַלע נייגונגען װערן פֿאַרשטומט, אַפֿילו אויב גאָר אין געהיים װירקן זיי קעגן אים: װו געפֿינט זיך דײַן װירדיקער אורשפּרונג, און װו געפֿינט מען דעם װאָרצל פֿון דעם איידעלן אָפּשטאַם, װעלכער זאָגט זיך אָפּ מיט שטאָלץ פֿון יעטװעדער פֿאַרװאַנדשאַפֿט מיט די נייגונגען, און װאָס פֿון אים אָפּצושטאַמען איז דער נייטיקסטער תּנאַי פֿאַר דעם איינציקן װערט, װאָס די מענטשן קאָנען זיך אַליין געבן?“

„דאָס קאָן נישט זײַן װייניקער װי די קראַפֿט, װעלכע דערהייבט דעם מענטש איבער זיך זעלבסט (װי אַ טייל פֿון דער זינען־װעלט), װעלכע פֿאַרבינדט אים מיט אַ סדר פֿון זאַכן, װאָס װעגן אים קאָן נאָר דער פֿאַרשטאַנד דענקען, און װעלכע האָט אין דער אייגענער צייט אונטער זיך די גאַנצע זינלעכע װעלט און מיט איר, די עמפּירישע באַשטימטבאַרע עקזיסטענץ פֿונם מענטש אין צייט, און דעם סכום פֿון אַלע צװעקן (װאָס נאָר ער אַליין פּאַסט פֿאַר אַזעלכע אומבאַדינגטע פּראַקטישע געזעצן װי די מאָראַלישע). דידאָזיקע קראַפֿט איז קיין אַנדערע זאַך נישט װי די פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק י י ט, דאָס הייסט, די פֿרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פֿונם מעכאַניזם פֿון דער גאַנצער נאַטור“ (ק. װ. ב. 2, ז. ז. 492—493).

דאָסדאָזיקע פליכט-געפיל, אַלזאָ, מיט זיין באַפעל, וואָס וויל נישט וויסן פון קיין שום הנחות, אָט דערדאָזיקער, ווי קאַנט רופט אים אָן, קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו אין אונז, גיט עס אונז די גאַראַנטיע פאַר אַ העכערער עקזיסטענץ אינעווייניק אין דעם מענטש גופא און שאַפט אין אונז די קראַפט, וועלכע טרייבט אונז צו גלויבן אָן דער ממשותדיקייט פון דעם הוילן רוחניותדיקן אינטעלעגיבילן מענטש אין אונז, און אין דער מעגלעכקייט פון אונזער אָנשליס און אָנקניפּ אָן דעמדאָזיקן איבער-מענטש, וועלכער איז נישט צום באַנומען ווערן מיט די חושים. די שטים פונם: „דו זאָלסט!" וועלכע קלינגט אַרויס פון די טיפענישן פון דער נשמה פון יעדן איינציקן מענטש, צווינגט יעדן איינעם, ווען עס איז אין זיין לעבן, צו בויגן זיינע אויערן צו איר און צו האַנדלען להפוך צו אַלץ דעם, וואָס א י ז אַרום דעם מענטש, להפוך צו אַלע נייגונגען און גליסטונגען, און נישט רעכענענדיק זיך מיט קיין קאָנסעקווענצן, מניעות און שטערונגען. אָט דערדאָזיקער מאָראַלישער „דו זאָלסט", וועלכער הערשט אויף אַן אַבסאָלוטן און נישט באַדינגעבנדיקן אופן; וועלכער ברעכט דורך אַלע מויערן און פעסטונגען פון די געזעצן; וועלכער שטייגט אַריבער אַלע צייט-און רוים-דערפאַרונגען; און וועלכער קאָן דעריבער גיין להפוך צו אַלץ, וואָס איז געוויינלעך און נאַטירלעך, און זיין, אויף אַזאַ מין אופן, זיין אייגענע קאַוזאַליטעט — אָט ער איז עס פאַר קאַנטן דער זיכערסטער באַווייז, אַז עס מוז זיין ערגעץ-ווו אין דעם מענטש אַ פרייע אורזאַכלעכקייט, אַ ניצוץ פון דער טראַנסצענדענטאַלער פרייער אורזאַכלעכקייט, וועלכע די ספּעקולאַטיווע פאַרנונפט איז געצוווּנגען צו פּאָסטולירן.

שוין צום סוף פון זיין ערשטער קריטיק רעדט קאַנט אויסדריקלעך וועגן דעם פאַרהאַלטן זיך פונם געטלעכן מענטש אין אונז, וואָס מיט אים פאַרגלייכן מיר זיך, באַאורטיילן אונז און בעסערן אונז אויס, הגם מיר קאָנען אים קיינמאָל נישט דערגרייכן (ק. פ. ד. ר. פ., ז. ז. 460—61) און אין זיין צווייטער קריטיק, וועלכע גיט זיך אָפּ דער עיקר מיט דעם מאָראַל-פּראָבלעם, אידענטיפיצירט ער, ווי מיר האָבן געזען, דאָס פליכט-געפיל מיט דער פערזענלעכקייט, און די פערזענלעכקייט מיט דער פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פון דעם נאַטור-מעכאַניזם, און ער שליסט דידאָזיקע קריטיק מיט אַ פאַראַלעל צווישן זיין באַוווּנדערונג פון דעם באַשטערנטן הימל איבער אים און דעם מאָראַלישן געזעץ אינעווייניק אין אים. און ער פאַרגלייכט זיין זיכערקייט-געפיל אין דער עקזיסטענץ פון

דעם מאָראַלישן געזעץ, מיט דער זיכערקייט אין דער עקזיסטענץ פון דעם באַשטערנטן הימל. „זיי ביידע" — זאָגט ער — „דאַרף איך נישט זוכן, און זיך זיי משער זיין, ווי זיי וואָלטן געווען איינגעהילט אין טונקלקייטן, אָדער ווי זיי וואָלטן געווען אין די עולמות העליונים מחוץ פון מיין געזיכטקרייז. איך זע זיי פאַר מיר און איך פאַרבינד זיי אויף אַן אוממיטלבאַרן אופן מיטן באַוווסטזיין פון מיין עקזיסטענץ (ק. וו. ב. 2, ז. 568).

זאָל אָבער גלייך דאָ, איידער מיר גייען אַ טריט ווייטער, אַקצענטירט ווערן דער פאַקט, אַז קאַנטס זיכערקייט־געפיל פון אַ העכערן זיין באַציט זיך נישט אויף דער פרייהייט פון ווילן. נישט זי איז פאַר אים אַזוי ממשותדיק ווי דער באַשטערנטער הימל, נאָר דער מאָראַלישער געזעץ, אָדער אימפעראַטיווער מאָראַלישער באַפעל, וואָס דערטראָגט זיך צו אים פון די טיפענישן, אָדער פון די הויכן פון דער איבערמענטשלעכער וועלט. פון דער דיקטאַטור פון דער פליכט, וואָס זי פילט און אויף איר איז באַוווסט יעדער איינציקער מענטש, דרינגט עס קאַנט אַרויס די נויטווענדיקייט פון צו גלייבן אין דער עקזיסטענץ פון ווילן־פרייהייט, וואָס אָן איר וואָלט נישט מעגלעך געווען נישט די פליכט, דער העכסטער אויסדרוק פון מאָראַל, און נישט די מאָראַל אַליין. מיט דעם גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון פרייהייט איז שוין אויך ענג פאַרבונדן דער גלויבן אין דער מענטשלעכער אומשטערבלעכקייט און איבם זיין פון אַ גאָט אויף דער וועלט.

מער ווי איין מאָל אונטערשטרייכט קאַנט אין זיינע ווערק, אַז „עס איז דאָס מאָראַלישע געזעץ, וואָס אויף אים ווערן מיר אוממיטלבאַר באַוווסט, (אַזוי באַלד ווי מיר וואַרפן פאַר אונדז אָן די עדיקטן פון ווילן), וועלכער קומט צ ו ע ר ש ט צו אונדז און פירט אונדז דירעקט צום באַגריף פון פרייהייט".

און וועגן שייכות פון די באַגריפן פון גאָט און אומשטערבלעכקייט צום פרייהייט־באַגריף, זאָגט קאַנט: „דער באַגריף פון פרייהייט, אויף אַזוי ווייט ווי זיין רעאַליטעט איז באַוויזן געוואָרן דורך דעם אַפּאָדיקטישן געזעץ פון דער פּראַקטישער פאַרנונפט, איז דער שלוס־שטיין פון דער גאַנצער געביידע פון דער ריינער פאַרנונפט־סיסטעם. אפילו פון דער ספּעקולאַטיווער פאַרנונפט פון אַלע אַנדערע באַגריפן (פון די באַגריפן גאָט און אומשטערבלעכקייט), וועלכע אויב ווי אידעען בלויז, בלייבן זיי אין איר אָן אַ אַנהאַלט, שליסן זיי אָבער זיך איצט אָן אָן

דעמדאַזיקן באַגריף און באַקומען, מיט אים, און דורך אים, באַשטאַנד און אָביעקטיווע רעאַליטעט, ד. ה. זייער מ ע ג ל ע כ ק ײ ט ווערט איצט ב אַ וו י ז ן דורך דעם, וואָס די פרייהייט ווירקלעך עקזיסטירט, וואָרים די־דאָזיקע אידעע אַנטפּלעקט זיך דורך דעם מאָראַלישן געזעץ".

דאָס מאָראַלישער געזעץ, אַלזאָ, אַנטפּלעקט צו אונז אויף אַן אומ־מיטלבאַרן אופן די פרייהייט־אידעע, און אויף דערדאָזיקער אידעע ווי אויף אַ פונדאַמענט טורמען אויף די אידעען פון אומשטערבלעכקייט און גאָט.

און איצט זענען מיר גרייט דורכצופירן דעם פולקאָמענעם פּאַראַלעל צווישן דער ספּעקולאַטיווער פאַרנונפט און איר אידעאַל — גאָט און דער ריינער אָדער פּראַקטישער פאַרנונפט און איר אידעאַל — איבערמענטש.

אין דער ספּעקולאַטיווער פאַרנונפט איז עס די זיכערקייט פון די אידעען, וועלכע זענען אין איר איינגעבוירן, און זייער פאָדערונג פון אַן ערשטער אומבאַדינגטער אורזאַך אָדער פרייער קאַוזאַליטעט, וועלכע צווינגען אַרויף אויף אונז די השערה אָדער פּאָסטולאַט פון דער עקזיסטענץ פון אַ גאָט, וואָס זיין מהות און געשטאַלטונג איז פאַרבאָרגן און אומדער־קענט צו אונזער באַוווסטזיין. אין דער פּראַקטישער פאַרנופט, ווידער, איז עס די זיכערקייט פון דעם מאָראַלישן געזעץ און זיין פאָדערונג פון אַ פרייער פערזענלעכקייט אַלס זיין קאָנדיציאָ סינע קוואַ נאָן, וועלכע יאָגן אַריין אין אונזער נשמה דעם גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון אַן איבערמענטש אין יעדן איינציקן מענטש. און דער מהות און געשטאַלטונג פון דעם דאָזיקן איבערמענטש איז פונקט אַזוי פאַרבאָרגן און אומדערקענט צום מענטשלעכן באַוווסטזיין, ווי דער מהות און די געשטאַלטונג פון גאָט. איין זאַך איז אָבער יאָ זיכער, און דאָס איז, אַז וואָס דער מהות און תוך פון דער איבערמענטשלעכקייט און געטלעכקייט זאָל נישט זיין, און וואָס זייערע שייכותן זאָלן נישט זיין, זענען זיי אָבער איינס, אויף ווי ווייט זיי ביידע שטייען מחוץ פון די גרענעצן פון רוים־און צייט־אויסגעשפּרייט־קייטן, ד. ה. אויך ווי ווייט זיי זענען עקזיסטענץ אין זיך אַליין און אויף ווי ווייט פרייע קאַוזאַליטעט און אומשטערבלעכקייט באַציען זיך אויף זיי ביידע. און זיכער איז אויך פון קאַנטס שטאַנדפּונקט, אַז גאָטס עקזיס־טענץ, גאָטס פרייהייט, גאָטס אייביקייט און אַלע אַנדערע אַטריבוטן זיינע, קאָן דער מענטש, נאָך אַלע אומדערקענטבאַרקייטן, און דער איין און איינ־ציקער מקור, וואָס פון אים קאָן שעפּן דער מענטש ידיעות וועגן גאָט און

אַלץ, וואָס האָט מיט אים אַ שייכות, איז פון זיין אייגענער איבערמענטש־לעכער עקזיסטענץ, וועלכע ער מוז אָננעמען, כדי צו דערקלערן זיין מאָראַלישן באַרוף. כדי, הייסט עס, צו ענטפערן אויף דער פראַגע: פאַר וואָס ער, מענטש, האַנדלט ווי אַ מאָראַלישע וועזן. און דער ענטפער נאַטירלעך איז: איך מענטש וואָלט נישט געהאַנדלט ווי אַ מאָראַליש וועזן, ווען נ י ש ט דער איבערמענטש אין מיר. דער איבערמענטש אין מיר, ווי־דער, מוז זיך שוין צוליב דער פאַרפולקייט און פאַרפאָלקמענונג פון דעם אוניווערסאַלן עקזיסטענץ־קרייז, ממילא אָנקניפן און אַריינוויקלען אין דעם איבער פון אַלע איבערס — אין גאָט.

ווען מיר ווען זיך איצט דערמאַנען, אַז אויך די אומדערקענטע אונטער־נאַטור איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן מחוץ פון די גרענעצן פון רוים און צייט, אויך כדי צו ראַטעווען זי פאַר דער פרייהייט, וועלכער דער מענטש מוז האָבן, כדי צו ענטפערן אויף אַ לאָגישן אופן דעם אי־בערלעכן רוף פון זיין פערזענלעכקייט — ווערט קלאָר, אַז אַלע דריי וועלטן פון דער יענער זייט פון צייט און רוים: די אונטער־נאַטור־וועלט, די איבער־נאַטור־וועלט און די גאָט־וועלט, קאָן מען זיך, דורך אַזאַ אָדער אַן אַנדער בילד, משער זיין אַלס צונויפגעגאָסענע אין איין וועלט, און עס בלייבן אויף אַזאַ אופן אַרום און אַרום ווייטער בלויז צוויי וועלטן: די וועלט פון די נאָומענאַ און די וועלט פון די פענאָמענאַ, די נאַטור־און נישט־נאַטור־וועלט, וואָס איינע פון זיי איז פריי קאַוזאַל, און די אַנדערע איז קאַוזאַל נויטווענדיק. אין דער לעצטער שורה מיינט עס אויך, ווי מיר האָבן געזען, אַז איין וועלט איז מחוץ פון די געדאַנקלעכע רוים־און צייט־אַרויסשטראַלונגען, און די אַנדערע ליגט אַ געפאַנגענע אין זייערע נעצן. אַז מען וויל קאָן מען אויך זאָגן, אַז איינע פונקציאָנירט אין אַן א י ד ע אַ ל ן, די אַנדערע אין אַן ע מ פּ י ר י ש ן צייט און רוים.

דער פינאַלער רעזולטאַט, אַלזאָ, פון די צוויי קריטיקן איז אַ שפּאַלטונג פון דער אוניווערסאַלער עקזיסטענץ אין צוויי עקזיסטענצן, כדי צו ראַטעווען די פרייהייט פון ווילן פאַר דעם מענטש אינם נאָמען פין דעם מאָראַלישן געזעץ. און די שפּאַלטונג האָט געמוזט געמאַכט ווערן צוליב דעם, וואָס די דעמאָלטיקע באַגריפן פון רוים און צייט האָבן איינגעשלאָסן אין זיך קאַוזאַלע נויטווענדיקייט. אונטער דידאָזיקע אומשטאַנדן איז דעם, וואָס האָט זיך שטאָל און אייזן איינגעשטעלט פאַר דער ווילן־פרייהייט, געבליבן איין אויסוועג: אַוועקצושטעלן די פרייהייט און

דאָס שענסטע, בעסטע און העכסטע, וואָס גייט מיט איר, ערגעץ-ווו אַזוי, אַז רוים און צייט זאָלן אויף איר קיין שליטה נישט האָבן.

„זאָלן מיר" — זאָגט קאַנט — „אָננעמען, אַז דער נויטווענדיקער אונטערשיד, וועלכער איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין דער קריטיק צווישן זאַכן ווי געגנשטאַנדן פון דער דערפאַרונג און די זעלביקע זאַכן, ווי זיי זענען אין זיך גופא, איז נישט געמאַכט געוואָרן, דעמאָלט וואָלט דער גרונטזאַץ פון קאַוזאַליטעט און מיט איר דער מעכאַניזם פון דער נאַטור, ווי ער ווערט פון איר באַשטימט, אָנגעווענדט געוואָרן אויף אַלע זאַכן אין אַלגעמיין, ווי ווירקנדיקע אורזאַכן. איך וואָלט דעמאָלט נישט געקאָנט זאָגן וועגן איינער און דערזעלביקער זאַך, וועגן דער מענטשלעכער נשמה למשל, אַז איר ווילן איז פריי און אין דער אייגענער צייט דאָך אונטער-געוואָרפן צו נאַטור-נויטווענדיקייט, ד. ה. נישט-פריי, און איך זאָל דערביי נישט אַריינפאַלן אין אַן אויגנשיינלעכער סתירה". (ק. פ. ד. ר. פ., ז. 29) נישט קאָנענדיק, אַלזאָ, זיך פאָרשטעלן אַ נשמה, וואָס איר ווילן זאָל נישט זיין פריי, און נישט דערבליקנדיק אין דער אייגענער צייט קיין שום מעגלעכקייט אויף צו באַפרייען פון נויטווענדיקייט אַ נאַטור, וועלכע איז געבוירן אויף דער שויס פון דער דעמאָלט באַגריפענער רוים-און צייט-אויסגעשפרייטקייט, — שלאָגט זיך קאַנט אָן מיט זיינע געניאַלע כוחות אויף דער המצאה פון פאַנירן אין צוגאָב צו דער רוימלעכער און צייט-לעכער עקזיסטענץ, וועלכע איז דורכגעדרונגען מיט נויטווענדיקייט — אַן איבעררוימלעכע און איבערצייטלעכע עקזיסטענץ מיט אַ פרייער קאַוזאַליטעט, וואָס צו איר געהערט אויך אַ געוויסער טייל פון דער מענטשלעכער עקזיסטענץ. און דיזאָזיקע אָנגעהעריקייט איז עס דער באָדן, וואָס אין אים שלאָגט דער מענטשלעכער פרייער ווילן זיינע טיפע, שטאַרקע און זאַפטיקע וואָרצלען

## 6.

### א.

טיף איינגעקריצט האָט זיך אויף אַזאַ אופן אין דער מענטשלעכער קולטור קאַנטס גרויסער אויפטו פון צו באַשיצן פילאָזאָפיש די העכסטע און אַבסאָלוטע מענטשלעכע אידעאַלן ווי גאָט, פרייהייט און אומשטערבלעכקייט — פון אַלערליי מאַטעריאַליסטישע און סקעפּטישע, ריין וויסנשאַפטלעכע, אַזוי גוט ווי בלויז אין איר נאָמען פאַראַדירנדיקע, אָנפאַלן און באַמבאַרדירונגען, וועלכע זענען געמאַכט געוואָרן מיט דער שטאַרקסטער אָנגעשטרענגטקייט און הייליקסטער כוונה זיי מיט די וואָרצלען צו פאַרניכטן. אויפגעבויט האָט קאַנט דעם שטאַרקסטן פילאָזאָפישן שוץמויער קעגן די אַלע ריכטונגען, וועלכע האָבן, באַוווּסט אָדער אומבאַוווּסט, געאַרבעט פאַר דער צעשטערונג פון אַלץ, וואָס גיט דעם מענטשלעכן לעבן אַ זין און אַ ווערט. דאָס האָט ער געטון דורך דעם, וואָס ער האָט געקרעפטעט די האָפענונג אויף ממשותדיקע און אייביקע רעאַליזירונגען, וועלכע רעגן דעם מענטש צו אַלץ טיפערע און אָנגעשטרענגטערע באַמיונגען אין דער ליניע פון אַ שענערן, העכערן און אינהאַלטסרייכן לעבן. געווען איז קאַנט אויך דער יעניקער, וועלכער האָט דערפירט ביז צום סוף אַלע קאָנסעקווענצן, וואָס די ביז קאַנטישע באַגריפן פון רוים און צייט האָבן גורם געווען. און די דילעמא פאַר די דענקער נאָך קאַנטן איז דעריבער געוואָרן: אָדער צוויי וועלטן, איינע פון פרייהייט, די אַנדערע פון אייזערנער געזעצמעסיקייט, וואָס צווישן זיי קאָן די טעאָרעטישע דערקענטעניש קיין שום בריק נישט אַריבערוואַרפן און קיינע שום פאַרבינדונג-פעדעם וועבן — אָדער אַ נייע רעוואָלוציע אין די אויפפאַסונגען פון רוים און צייט.

גרויס איז אויך קאַנטס פאַרדינסט דערמיט, וואָס, איינזעענדיק די קורצפליגלדיקייט און אומבאַהאָלפנקייט פון דער טעאָרעטישער פאַרנונפט, האָט ער געלאָזט פון דער אַלגעמיינער פאַרנונפט אַרויסשפּראָצן אַן אַנדערע צווייג, וועלכער ער האָט אַ נאָמען געגעבן די ריינע אָדער די פּראַקטישע פאַרנונפט. איר האָט ער עס דערלויבט אויף די פליגלען פון גלויבן זיך אויפצוהייבן איבער אַלע שווער געלאָדענע, אין רוים-

און צייט-געפּאַנגענע ספּעקולאַציעס, און אַנקלאַפּן אָן די טויערן פון קע-
ניגרייכן, וואָס ליגן פון יענער זייט פון צייט און רוים, און וואָס זענען
אומדערקענטבאַר פאַר דער לאָגיק.

מיר האָבן שוין פריער געזעען ווי אַזוי אין זיין פּאָסטולירן אַן
אידעאַלן רוים און צייט לגבי דעם עמפּירישן, האָט ער געהאַלטן נאָענט
צו דעם, אַז ער אַליין זאָל ווערן דער דערבליקער פון נייע תוכן
און מהותן אין דער צייטלעכקייט און רוימלעכקייט. ווייל אַלץ, וואָס ער
האָט געדאַרפט טון, איז צו לאָזן די עמפּירישע רוימלעכקייט און צייט-
לעכקייט אַרויסצווועצן פון דער אידעאַלער. אַזוי אַז זיי ביידע זאָלן זיך
לאָזן פילן און דערקענען צום מענטשלעכן גייסט אין זיינע אייגענע ווענ-
דונגען און באַוועגונגען, און אין די ווענדונגען און באַוועגונגען פונם
גאַנצן קאָסמאָס; און מיט דערדאָזיקער דערקענטעניש וואָלט שוין אויך
געקומען די דערקענטעניש פון אַ פרייהייט, וועלכע דרינגט דורך נישט
נאָר די איבער-נאַטור, נאָר אויך די נאַטור.

און ווען מען רעדט וועגן קאַנטס פאַרדינסטן, טאָר אויך פון אויג
נישט אַרויסגעלאָזט ווערן דער פאַקט, אַז ער איז געווען נישט ווייט פון צו
לאָזן די טעאָרעטישע דערקענטעניש איניינעם מיט אַלע אַנדערע דערקענטע-
נישן אַרויסוואַקסן און פונאַנדערצווייגן זיך פון דעם בוים פון דער אינטו-
איטיווער דערקענטעניש, וועלכע זאָל אין די ווערטער פון מיצקעוויטשן:

גרייכן אַהין, ווו ס'גרייכן נישט בליקן
און ברעכן, וואָס פאַרשטאַנד קאָן נישט ברעכן*)

און זיך אויף אַזאַ אופן דורכברעכן ביז צו די מהותן און תוכן
פונם איבערזינלעכן און איבערנאַטירלעכן, וואָס שטייגט אמת אַריבער דאָס
זינלעכע און נאַטירלעכע, וואָס זאַפּט עס אָבער אויך איין אין דער זעל-
ביקער צייט, און לאָזט זיך אַנטפּלעקן צו די אַלע נאַטור-און זינען-זעלבסטן,
וועלכע פאַרמאָגן שוין אַ תשוקה און אַ שטרעבונג צו אַזאַ אַנט-
פּלעקונג.

אין די „פּראָלעגאָמענאַ", וואָס איז אַ רעזומע פון זיין קריטיק
און וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט צוויי יאָר שפּעטער, לייענען מיר:
„די געגנשטאַנדן, וואָס ווערן אונז געגעבן דורך דערפאַרונג, זענען אין

*) איבערגעזעצט פון אהרן צייטלין „ווארשעווער שריפטן"

פילערליי הינזיכטן אומבאַגרייפלעך, און פיל פראַגן, וואָס צו זיי פירט אונדז דאָס נאַטור-געזעץ קאָנען נישט פאַרענטפערט ווערן, ווען זיי ווערן צו אַ געוויסער הויך געטריבן, הגם אין גאַרער איינשטימונג מיט די נאַטור-געזעצן, ווי די פראַגע צום ביישפיל: פאַרוואָס ציען-צו צו זיך סובסטאַנצן איינע די אַנדערע? ווען מיר פאַרלאָזן אָבער די נאַטור גאָר אינגאַנצן, אָדער ווען אינם פאַרפאָלגן פון אירע קאָמבינאַציעס, שטייגן מיר אַריבער יעדע מעגלעכע דערפאַרונג, און מיר פאַרטיפן זיך בלויז אין די אידעען, דעמאָלט קאָנען מיר נישט זאָגן, אַז אַ געגנשטאַנד איז אומבאַגרייפלעך, און אַז די נאַטור פון זאַכן שלאָגט אונדז פאָר אומלייזבאַרע פראָבלעמען, וואָרים דעמאָלט האָבן מיר נישט צו טון מיט דער נאַטור אָדער געגעבענע געגנשטאַנדן אין אַלגעמיין, נאָר מיט באַגריפן בלויז, וואָס זייער מקור איז נאָר אין דער פאַרנונפט, און מיט געדאַנקמהותן בלויז. — הער פלאַטנער זאָגט מיט שאַרפזיניקייט אין זיינע אַפאָריזמען: „ווען די פאַרנונפט איז אַ קריטעריום, קאָן קיין באַגריף נישט מעגלעך זיין, וואָס זאָל דער מענטשלעכער פאַרנונפט אומבאַגרייפלעך זיין. אומבאַגרייפלעכקייט האָט אַן אָרט נאָר אין דעם אַקטועלן. דאָ בעמט זיך די אומבאַגרייפלעכקייט פון דער נישט-גענוגנטקייט פון די דערוואָרבענע אידעען". עס קלינגט פאַראַדאָקסאַל, עס איז אָבער דאָך נישט אויסערוועג צו זאָגן, אַז אין דער נאַטור זענען פיל זאַכן אומבאַגרייפלעך (למשל די פעיקייט זיך מערן און פרוכפערן). ווען מיר שטייגן אָבער נאָך העכער, און גייען אַרויס איבער דער נאַטור, ווערט ווידער אַלץ באַגרייפלעך (ק. ו. ב. 2, ז. ז. 291—292).

ווער קאָן עס זאָגן, אַז דידאַזיקע ווערטער זענען נישט קיין קלאָרער און שאַרפער אָנוואַג אויף דעם, וואָס איז אויף אַ מער אויסגעהאַלטענעם און ברייטערן אופן פאָרמולירט געוואָרן נאָך אים און דאָס איז, אַז ווען מיר טוען זיך אַ הייב אין די הייכן פון דער איבערזינלעכקייט אויף די פליגל פון דער נישט-טעאָרעטישער און נישט-אינטעלעקטועלער דערקענטעניש, מוזן זיך עפענען פאַר דער נשמה די מהותן פון אַלע איבערנאַטירלעכקייטן און איבערזינלעכקייטן, אַנדערש ווי וואָלט די נשמה אָדער די געדאַנקלעכקייט געוווּסט, אַז זי האָט געלאָזט הינטער זיך די נאַטור מיט אַלע אירע באַגרענעצטקייטן? די קראַפט, טעאָרעטישע און פראַקטישע, וואָס טרייבט דעם מענטש צו שאַפן אַ וועלט, וואָס אין איר הערשט גאָט, פרייקייט און אומשטערבלעכקייט, די קראַפט, וועלכע צווינגט דעם מענטש צו האַנדלען אַזוי, ווי ער וואָלט פנים אל פנים זיך אָנגע-

שטויסן מיט דידאָזיקע מהותן — איז זי דען נישט די זעלביקע קראַפט, וואָס אַנטוויקלט אין דעם מענטש אַ געפיל פון איינס־זיין מיט דידאָזיקע מהותן? איז עס דען נישט זי, וועלכע מאַכט אים צו שפירן זיך ווי אַן אויסגעשניטענער פון דעם זעלביקן אינהאַלט, אַן אויסגעגאָסענער פון די זעלביקע וואַסערן, וואָס זייער מהות אין תוך איז איינער און דערזעל־ביקער, סיי ווען זיי פאַרמירן די ימים און סיי ווען זיי שלאָגן זיך דורך אין שמאָלינקע זיגזאַגיש זיך־שלענגלענדיקע ריטשקעלעך? און איז עס דען אויך נישט אמת, אַז מיט יעדן אַריינבליק און מיט יעדן דערפיל פון אינטימיטעט מיט די העכערע ספערן, בייט זיך די באַציונג פון דעם מענטש צו אַלע נידעריקערע ספערן, מיט וועלכע ער איז אין שטענדיקן קאָנטאַקט, אַזוי, אַז די פאַרמען און אינהאַלט פון די נאַטירלעכקייטן און זינלעכקייטן גופא בייטן זיך לפי ערך צו דעם, ווי אָפט און ווי אינטים עס איז דעם מענטשנס באַהעפטונג מיט די העכסטע וועלט־כחות?

ווען ישעיה הנביא דערזעט גאָט זיצן אויף אַ הויכן און דערהויבענעם טראָן און דערהערט דעם גערוף פון די שרפים איינער צום אַנדערן:

הייליק, הייליק, הייליק איז גאָט פון צבאות,
די גאַנצע ערד איז פול מיט זיין פראַכט.

דערפילט ער די אומריינקייט פון זיינע ליפן און ער זאָגט:

ווי מיר, וואָרים איך בין פאַרשניטן,
ווייל אַ מענטש מיט אומריינע ליפן בין איך,
און צווישן אַ פאָלק מיט אומריינע ליפן זיץ איך,
וואָרים דעם קיניג גאָט פון צבאות
האָבן געזעען מיינע אויגן.

דאָסדאָזיקע געפיל ברענגט אָבער באַלד מיט זיך די זעונג, וועלכע דער נביא גיט איבער אין די פאָלגנדיקע ווערטער: „איז צוגעפלויגן צו מיר איינער פון די שרפים, און אין זיין האַנט איז געווען אַן אָנגעברענטער שטיין, וואָס ער האָט מיט אַ פייער־צוואַנג גענומען פון מזבח, און ער האָט אים צוגערירט צו מיין מויל, און האָט געזאָגט:

יע, דאָסדאָזיקע האָט אָנגערירט אויף דיינע ליפּן
און דיינע פאַרברעכן זענען אָפּגעטון
און דיינע זינד זענען פאַרגעבן".

און באַלד דערפילט זיך דער נביא געגוג געלייטערט אויף צו ענטפערן:

„דאָ בין איך. שיק מיך", ווען גאָט פרעגט:
וועמען זאָל איך שיקן,
און ווער זאָל אונז גיין?

מיר האָבן דאָ געבראַכט דאָס טיף און שטאַרק נביאיש און קינסט־לעריש בילד דערפאַר, וואָס מיר גלייבן, אַז עס קאָן ווי עס שטייט און גייט אין זיין גאַנצער פּראַכט אַריינגעוועבט ווערן אין די מאָדערנסטע פילאָזאָפישע בליקן אויף דעם מענטש און זיינע שייכותן צום העכסטן און צום נידעריקסטן. דורך אַן אָנגעברענטן שטיין גענומען מיט פייער־צוואַנג פון דעם מזבח, וואָס דאָס מיינט — דורך אַן אָנריר מיט דעם העכסטן, וועלכער פילט אָן די נשמה מיט שמאַרצהאַפטיקן און פיינפולן עקל צו דעם, וואָס איז פלאַך און נידעריק, ווערט דאָס נידעריקע און דאָס פלאַכע פאַרטיפט און דערהויבן, און ווייל די אויגן הייבן אָן זעען, וואָס מען האָט פריער נישט געזען, און די אויערן הייבן אָן הערן, וואָס מען האָט פריער נישט געהערט, און ווייל דאָס האַרץ הייבט אָן פאַרשטיין, וואָס מען האָט פריער נישט פאַרשטאַנען — ווערט דאָס וואָכעדיקע היי־ליק, דאָס אומריינע ריין, דאָס רוימלעכע ציט זיך איין, דאָס צייטלעכע רינט אַריין אינם אייביק־דויערנדיקן, און דאָס, וואָס האָט אַ ווילע פריער אויסגעזען זינלעך און נאַטירלעך, נעמט אָן די געשטאַלט פונם איבער־זינלעכן און איבערנאַטירלעכן און די גאַנצע ערד ווערט דורכגענומען מיט אַ הימלישן פּראַכט.

אין זיין „דע פּראָפונדיס" שרייבט אָסקאַר ווײַלד, קאָרטשענדיק זיך אונטער פיין און שמאַרץ פון די גוף־און נשמה־ברענענישן: „אַזוי ווי דער גוף זייגט־איין אין זיך זאַכן פון אַלערליי מינים, פּראָסטע און אומריינע זאַכן נישט ווייניקער, ווי די, וואָס אַ פּריסטער אָדער אַ דער־שיינונג האָט געכשרט, און וואַנדלט זיי אום אין פלינקייט, אָדער קראַפט, אינם שפּיל פון שיינע מוסקולן און אין די פאָרמען פון ליכטנדיקן פלייש, אין די רונדונגען און פאַרבן פון די האָר, די ליפּן, דאָס אויג.

אָט אַזוי האָט אויך די נשמה פון איר זייט אירע דערנערנדיקע פונקציעס, און קאָן פאַרוואַנדלען דאָס, וואָס איז בעצם געמיין, גרויזאַם און דערנידערנדיק, אין איידעלע געדאַנקען־פאָרמען און אין ליידנשאַפטן פון העכסטער וויכטיקייט. יאָ, נאָך מער, זיי קאָנען געפינען אין זיי זייערע דערהאַבנסטע פאָרמען פון אויסדרוק, און קאָנען אָפט זיך אַנטפּלעקן אויפן פולקאָמסטן אופן און דורך דעם, וואָס איז געווען באַאַבזיכטיקט צו פאַרשוועכן אָדער צו צעשטערן (ק. מרמרס איבערזעצונג, ז. 86).

און פונקט ווי אָסקאַר וויילד האָט אין תפיסה און קייטן, אונטער די שאַרפסטע ווייטיקן פון די גליענדיקע שטיינער, מיט וועלכע די עפנטלעכע מיינונג האָט נישט אויפגעהערט צו האָגלען אויף אים, זיך אָנגעשטרענגט איבערצוענדערן יעדע פיזישע דערפאַרונג אין אַ גייסטיקער איבערלעבונג, און איבערצומאַכן יעדע איינציקע דערנידערונג פון גוף אין אַ דערהייבונג פון דער נשמה, אַזוי קאָן אויך דער מענטשלעכער גייסט אין געוויסע מאָמענטן אונטער אינטענסיווער געשפּאַנטקייט און אָנשטרענגונג אויפלייזן אַלץ, וואָס איז פיזיש, אין עטוואָס, וואָס איז גייסטיק, און דערזעען אויף אַזאַ אופן דאָס צייטווייליקע אין ליכט פונם אייביקן, דאָס נויטווענדיקע אין ליכט פונם פרייען, קורץ, דאָס נאַטירלעכע און זינלעכע אין ליכט פונם איבערנאַטירלעכן און איבערזינלעכן. צו אַזאַ דערזעונג אַנטפּלעקן זיך די אינערלעכסטע אינערלעכקייטן פון דער העכסטער עקזיסטענץ, וואָס פון איר ווערט דעמאָלט איטלעכע איינציקע עקזיסטענץ אַן אָרגאַנישער טייל, און דורך דעם ווערט איר פענאָמענאַליטעט ווי וואָלקנס פון אַ ווינט צעטריבן פון דער אַבסאָלוטער רעאַליטעט, וועלכע דרינגט דורך דעם גאַנצן קאָסמאָס. דאָס איז דער איצטיקער נאָך־קאַנטיאַנישער פילאָזאָפישער טייטש פונם מלא כל ארץ כבודו, פול איז די גאַנצע ערד מיט זיין פּראַכט!

און קאַנט אַליין האָט מיט יעדער נייער קריטיק, וואָס ער האָט געשריבן, געפילט ווי אַלץ מער און מער צו באַטאָנען די נאָענטקייט, די קאָנקרעטקייט און באַגרייפלעכקייט פון גאָט־און מענטש־שייכות דורך דער נישט־טעאָרעטישער פאַרנונפט. אַזוי שטאַרק אָבער ווי ער האָט געפילט די נויטיקייט פון אַ פּאָזיטיוו אינטואיטיווער דערקענטעניש פון אַ העכערער עקזיסטענץ ווי אַ סינטעז פון אַלע אַנדערע עקזיסטענצן אינעם וועלטאַל. און ווי נאָענט ער איז געשטאַנען באַ אַזאַ דערזעונג און אַנטפּלעקונג, אַזוי ווייט איז ער אין דער אייגענער צייט געווען פון איינצוזען און אָנצווייזן די אַקטועלע מעגלעכקייט פאַר אַזאַ וועלט־בליק.

אַלץ דערפאַר, וואָס ער האָט געלאָזט די נישט־טעאָרעטישע פאַרנונפט לויפן פּאַראַלעל צו דער טעאָרעטישער, אָנשטאָט זי זאָל זי אין זיך איינ־שליסן; פונקט ווי ער האָט די עמפּירישע רוימלעכקייט און צייטלעכקייט געלאָזט לויפן פּאַראַלעל צו דער אידעאַלער, אָנשטאָט צו לאָזן די ערשטע אַרויסלויפן פון דער צווייטער.

**וו. נאַטאַנזאָן**

# אמעריקע — 1927

נישט קיין פאַראַדן גרייט מען פאַר פליענדיקע העלדן.
נישט קיין יום־טוב־פּענער צעווייעט מען פאַר צוריקגעקומענע זיגער.
די אויפגערייצטע מורא צעפראַלט איר מויל,
צעהילכט זיך מיט קולות רויטע, געלע, גרינע,
שיקט אַליאַרמען איבער דער מדינה:
היטן, זאָל מען אָפּהיטן די זעט פון די זאַטע,
די זיכערניש פון די זיכערע.
קומט אַהער שומרים:
זענט איר אָנגעגרייט אין אייערע טויזנטער
מיט אייערע שלאָג־שטעקנס, ביקסן, פונקטן, פּאַראַגראַפן פון בוך?
פּאַרטיק און גרייט ביזן לעצטן מאַן, אַ האַרן.
קומט אַהער, עלטסטע פון די שומרים:
ווי האַלט עס מיט די שלעסער אויף די טירן פון אונזער אַלמאַכט,
מיט די שוץ־טורעמס איבער אונזער ווילשטאַנד?
שווערער ווי אייזן, פעסטער ווי שטאָל זענען די שלעסער,
און די טורעמס — —
העכער ווי אַ פויגל קאָן פליען און אַ ווינט קאָן ציען.
הערן די באַוואַכטע און קוועלן:
קאָנען מיר טון, וואָס אונז טוט געפעלן!
(אומרויק־רויק זענען די האַרן,
אומרויק־רויק די, וואָס האָבן וואָס צו היטן.)
מיר קאָנען טון, וואָס אונז טוט געפעלן.

* *
*

ליכט און זיכערניש.
ליכט און זעט.
הייסער סוד פון לעבן, וואָס ברענט, ברענט,
ביז עס דערברענט
צו דער אַנטפּלעקונג פון טויט.

אין 347.000.000 שטיבער קוקן עלעקטרישע לעמפּלעך
מיט אויגן, וואָס ברענען, זענען, זעען,
אפילו ווען זיי אַליין ווערן פון קיינעם נישט געזעען.
די אויגן וואַרטן אויף הענט אין דער פינצטערניש.
אַ צי — עס ברענט.
אַ צי — אויס.

ליכט און לעבן.
אור-אויג, אַל-אויג, אור און אַל.
אין אַ זאַל — ביין, אין אַ קאַמער פיר אויף פיר
הינטער אַ טיר, וואָס ווייסט און באַהאַלט אַלץ,
אַ סאַפּלטע קאָראַנאַציע אין מיטן נאַכט.
(הערגאָלדן האָבן די קרוינונג געמאָלדן
מיט וואָכן, חדשים, יאָרן פאַרויס.
זיבן יאָר האָבן אין זייער אינגעווייד געציטיקט, געשוויטיקט
דעם קעניגלעכן ריטואַל,
ביז זיי האָבן אים אויסגעליידיקט
אין דער שוואַרצקייט פון האַלבער נאַכט).
אַלע אויגן — איין ווייס, קאַלט זעען.
ווייס, קאַלט זעען וואַכט.
אויבנאָן
דער מאַסיווער, הילצערנער טראָן.
מען טוט שוין אָן
די קרוין

פון קאַלטן מעטאַל.
אַ צי.
1776 וואָלט.
1789 וואָלט.
1917 וואָלט.
יאָ. יאָ. מיר האָבן געטון, וואָס מיר האָבן געוואָלט.

*

ניקאָלאַי סאַקאָ, דו גוטער שוסטער!
באַרטאָלאָ וואַנזעטי, אָרימער פעדלער פון פיש.
סאַקאָ — פאַר מיליאָנען אַ מוסטער.
וואַנזעטי אין מיליאָנען הערצער — פריש.

סאַקאָ האָט באַגריסט די הינריכט-עדות.
וואַנזעטי האָט די תּליונים מיט פאַרגעבונג באַלייט.
אָ, רעטעניש סאַקאָ! מאַסאַטשוזעטס, באַשייד עס!
אַ וועלט האָט געהערט און באַשיידט וואַנזעטיס רייד.

סאַקאָ האָט זוילן געקלאַפּט צום טאַקט פון טרוימען.
וואַנזעטי האָט געפעדלט און „דזשוסטיס” באַגערט.
אָ ווי צום באַוואַכטן און ווי צו דעם שומר.
אָ וועמען, אָ וועמען איז אַזאַ טויט באַשערט?

* *

*

גוד מאָרנינג, מיסטער וואָרדן. אַ טאָג אַ שיינער זעט זיך אָן.
הענקער, האָסט דיינס געטון. איצט גיי און קום לאַנג נישט צוריק.
איך האָב אויך אַ געוויסן, מיסטער וואָרדן.
הענקער, כ'וויל נישט וויסן. קריגסטו נישט 150 פער שטיק?
די „וואַפּס” לאָזן מיך נישט שלאָפן, מיסטער וואָרדן.
הענקער, דו ווייסט, כ'בין קעגן באַשטראָפן מיט טויט.

ב׳פאַרשטיי. ברויט, אַ פאַמיליע אויפן קאָפּ, מיסטער וואָרדן.
הענקער, צי אַרויף דעם ראָלעט, און טראָג זיך אָפּ.
האָט איר אויך קאָשמאַרן, מיסטער וואָרדן ?
הענקער, האָסט זיך היינט שוין צופיל צערעדט.
ווי לאַנג וועלן מיר נישט קאָנען שלאָפן, מיסטער וואָרדן ?
הענקער, עס זשוזשעט מיר אין שאַרבן פון דיינע רייד. גיי.
זיי... אַ טשיקאַווע וועלט. לייכטער צו שטאַרבן, ווי צו לעבן אין איר, מיסטער וואָרדן.
הענקער, הענקער. דו האָסט דיין געלט, איך האָב מיין אַמט. גיי.
גודבאַי. פאַרדאַמט. ס׳איז אויף אייך אויך אַ רחמנות, מיסטער וואָרדן.



אַ שטאָט צווישן שטאָטן איז מאַסאַטשוזעטס
אין דעם לאַנד פון די בערג און די לייקס און די פּריירים.
האָט מאַסאַטשוזעטס דערהרגעט סאַקאָן און וואַנזעטין,
און אַ דריטן — סעלעסטינאָ מאַדעיראָס.

האָבן די צוויי געהייליקט דעם דריטן.
האָט דער מערדער געוויינט מיט זיין שוויגן מאַראַניש :
טעמפּ איז מיין מוח און איך וויל נאָר שלאָפן,
נאָר איז דאָ טאַקע נישטאָ קיין רחמנות ?

טעמפּ איז מיין מוח און איך וויל נאָר שלאָפן.
נאָר היינט בין איך מיט זייביידן — קאָלעגן.
נישט נאָר זיי — אויך איך וועל אייביק און אייביק
באַ אייך אויף מיין לעבן אַ רעכנשאַפט פרעגן.

באַ זיי האָט די זעל זיך צו הויך געריסן.
מיך האָט דאָס לייב געשלעפּט צו דער נידער.
נאָר לייב צי זעל, די זעלבע נקמה.
אַ זענען מיר היינט נישט דריי טרויעריקע ברידער ?

אַזוי האָט דעם מאָראָנס שווייגן געיאָמערט.
אַזוי האָט געמאָנט דער מערדער מאַדעיראָס
באַם שמאַט צווישן שטאַטן, וואָס הייסט מאַסאַטשוזעטס
אין דעם לאַנד פון עשירות, פון די לינדבערגס און ביירים.

*

*

זינג מיר אַ ליד פון דעם, וואָס מוז קומען.
זינג מיר דאָס ליד פון באַצאָלונג.
ווי קאָן איך זינגען, אַז יעדע נאַכט צינד איך און לעש עלעקטרישע לעמפלעך,
אַז יעדן טאָג ברענגען מיך די נעמען סאַקאָ־וואַנזעטי,
ברענגט מיך דאָס שווייגן פון דעם אומגליקלעכן ברודער, סעלעסטינאָ מאַדעיראָס ?

נאָר הערן הער איך,
פאַרוואָס איך הער די שטים,
וואָס טראָגט זיך פון אייביק ביז אייביק:
עס וועט זיין באַצאָלונג,
עס קאָן נישט זיין, אַז עס זאָל נישט זיין קיין באַצאָלונג.

**א. לעיעלעס.**

# צו דער פראגע פון יידישן גאָט־באַגריף

## I.

דער אַנימיזם און אַנטראָפּאָמאָרפיזם זענען אין אַלטערטום, און באַ די ווילדע שבטים נאָך היינט צו טאָג, געווען אַן אַלגעמיינע דערשיינונג. פאַר דעם מאָדערנעם מענטש זענען זיי אין בעסטן פאַל פּאָעטישע באַגריפן וועגן וועלט און גאָט. בלויז איין איינציקע אַנטראָפּאָמאָרפישע אַבסטראַקציע פון פאַר דריי טויזנט יאָר לעבט נאָך עד היום. דאָס איז יהוה — דער ביבלישער גאָט און מיטלפּונקט פון דער יידישער רעליגיע.

די וועלט האָט נישט געקענט אַנגענומען אַזאַ באַגריף פון גאָט. מיט אַכצען הונדערט יאָר צוריק האָט אַ קירכן־פּאָטער, מאַרקיאָן, געזוכט איינצופירן אַ דואַליזם אין דער אידעע פון דעם קריסטלעכן גאָט, ווייל יהוה איז נישט נעגוג מאָראַליש. לויט זיין שיטה, דאַרף קריסטנטום האָבן צוויי געטער פאַר אַמאָל: אַ העכערן גאָט פון מאָראַל און אַ נידעריקערן גאָט (יהוה), דעם הערשער איבער דער נאַטור. דידאָזיקע לערע איז פון דער קירכע אָפּגעוואָרפן געוואָרן, אָבער איר פּרינציפּ לעבט נאָך אַלץ. אַ גלגול פון איר געפינט מען אפילו באַ דעם מאָדערנסטן שריפטשטעלער ה. דזש. וועלס. פאַר אים עקזיסטירט, למשל, ערגעץ ווו ווייט, ווייט אַ פּאַסיווער, רועגדיקער גאָט פון מאָראַל, און צוגלייך ווירקט אומעטום עפּעס אַן אומבאַקאַנטע קראַפט, אַן „איקס", דער אייביק־שאַפנדער פאַקטאָר אין דער נאַטור.

קעגן אַזאַ דואַליזם האָט דאָס יידנטום עקשנותדיק געקעמפט. פאַר די נביאים האָבן, ווייזט אויס, אַזעלכע קאָנטראַסטן ווי „די מאָראַלישע וועלט" און „די מאַטעריעלע וועלט" בכלל נישט עקזיסטירט. זיי איז נישט

איינגעפאַלן, אַז אין דעם מאָראַלישן מענטש גופא קאָן געמאָלט זיין אַ שניות. פונקט ווי ס'איז זיי נישט מעגלעך געווען משיג צו זיין, אַז דער מענטש קאָן זיך אָפּטיילן פון דער וועלט, דאָס הייסט, זיך באַפרייען פון דער האַנט פון יהוה, אַזוי האָבן זיי גאָרנישט געקאָנט משער זיין, אַז די פאָדערונגען פון יהוה זאָלן נישט באַרירן דעם מענטש ביז צו די אינ־טימסטע ווינקלען פון זיין נשמה. דער מאָראַלישער אידעאַל פון יהוה פילט פאַר זיי אָן די גאַנצע וועלט נישט בלויז אין דעם געאָגראַפישן, נאָר אויך אין דעם פסיכאָלאָגישן זינען. דאָס באַטייט, אַז יהוה האָט אַ צו־טריט צום גאַנצן וועזן פון יעדן בשר ודם, צו זיינע אינסטינקטן ווי צו זיין אינטעלעקט, צו זיינע אינטערעסן און אידעאַלן, נישט ווייניקער ווי צו זיינע תכליתים און תפילות.

האָט פון אַזאַ שטאַנדפונקט געקאָנט געמאָלט זיין אַן אַבסטראַקטער נישט־אַנטראָפּאָמאָרפישער באַגריף פון גאָט? — ניין. אין די אויגן פון די נביאים זענען אמת און יושר, רעכט און גערעכטיקייט, געווען די וויכטיקסטע אייגנשאַפטן פון יהוה. אָבער גערעכטיקייט, און די צווייטע זייט פון דער מטבע — פאַראַנטוואָרטלעכקייט, קאָנען נישט עקזיסטירן אין אונזער באַוווסטזיין, אויב זיי זענען נישט פאַרבונדן מיט דעם באַ־גריף פון אַ לעבעדיקער פערזענלעכקייט מיט אַן אינדיווידועלן פנים. עטיק איז נישט אָפּצוטיילן פון דער פערזענלעכקייט און פון אינדיווידואַליטעט. ווי קאָן מען זיין גוט אָדער שלעכט, גלייכגילטיק אָדער פאַראַנטוואָרטלעך, צו אַ שטיין? ווי וואָלטן די מחברים פון תהלים געקאָנט אויסגיסן זייער האַרץ פאַר אַ גאָט, וואָס האָט אַליין נישט קיין האַרץ? פאַר די נביאים האָבן אַזעלכע פראַגן נישט עקזיסטירט. זיי האָבן נישט געגלייבט אין גאָט, נאָר האָבן געזען און געשפירט יהוהן אין אַלץ, וואָס איז אין זיי און אַרום זיי.

דער ערשטער פון די גרויסע נביאים, עמוס, וויל, אַז יושר זאָל הערשן צווישן די מענטשן, און דאָס באַטייט, אַז די מענטשן זאָלן אויך האָבן די פרייהייט און חשיבות, די ריינקייט און קדושה, מיט וועלכער ס'צייכנט זיך אויס דער גאָט איבער אַלע געטער, יהוה. ס'איז אָבער דאָ נאָך אַ צווייטע גייסטיקע אייגנשאַפט אין דעם ביבלישן גאָט. דאָס איז דער באַגריף פון שאַפונג. נישט אומזיסט הייבט זיך אָן די יידישע קאָס־מאָגראַפיע און מיטאָלאָגיע מיט דער מעשה־בראשית. קאָן ווער זיך פאָר־שטעלן אַן אייביקע שאַפונג אָן אַ שאַפער? און ווידער, קאָן דען געפינען ווערן אַ מער בילדלעכער און אַלגעמיין־פאַרשטענדלעכער אויסדרוק פאַר

דעם שווערן באַגריף פון דער „שאַפנדיקער עוואָלוציע“ (בערגסאָן) ווי אַזאַ באַגריף פון גאָט ?

אָבער דאָ מוז געמאַכט ווערן איין וויכטיקע באַמערקונג. בדרך הכלל וועט יעדער מאמין אין דעם יידישן גאָט האַלטן, אַז יהוה איז דער שאַפער און באַהערשער פון דער וועלט. אָבער, ווי שטענדיק ווען ס'קומט צום וואָרט אונזער רעליגיעז געפיל, האָט מען דאָ צו טון מיט אַ מעטאַפאָר, מיט אַ שפּראַכלעך בילד. אָבער אין דער אמתן איז דאָך אַ געוואַלטיקער אינטערשייד צווישן דעם מענטשלעכן שאַפער, דעם בשר ודם, וועלכער האָט זיין מאַטעריאַל און ווערקצייג פאַרטיק בײַ דער האַנט, און דעם שאַפנדן גאָט, וואָס מאַכט אַלץ „און גאָרנישט“. ס'איז דאָ אַ פונדאַמענטאַלער חילוק צווישן דעם מענטשלעכן הערשער און אייגנטימער, וועמעס אונטערטעניקע, אָדער חפצים, זענען באַשאַפן געוואָרן אומאָפּהענגיק פון זיין כוח און ווילן, און דעם הערשנדן גאָט, אָן וועלכן די באַהערשטע נפשות און די טויטע געגנשטאַנדן וואָלטן לגמרי נישט געווען בנמצא. דער רעליגיעזער געדאַנק קאָן זיך נישט צופרידנשטעלן מיט אַ פשוטן ענטפער, אויף דער פראַגע מכוח דעם שייכות צווישן גאָט און וועלט, אַז גאָט איז דער שאַפער און דער הערשער.

אין דעם יידישן באַגריף פון גאָט איז אָבער אויך אָט דיזאָזיקע שווערקייט גוט פאַרענטפערט. יהוה, דער אייביק־שאַפנדיקער גאָט, ווערט פאַרבונדן מיט דער וועלט דורך אַ צווישן־גליד אין דער שאַפונגס־אויסגאַבע — דעם מענטש. דעם מענטשס ציל איז צו העלפן גאָט צו שאַפן אַ בעסערע וועלט. אָט דאָס גיט דעם ענדלעכן מענטשלעכן לעבן אַ זין און אַ ווערט. דער שאַפנדיקער מענטש מאַכט געשיכטע. די שאַפונג און איר פּראָעקציע, דער אידעאַל, זענען דער דעקמאַנטל פון אַלע העכסטע אידעען, ווי פאַנטאַזיע, וויזיאָן, קונסט, וואַגניס, אָפּפערווילן, העראָיזם, הייליקטום — מיט איין וואָרט די גאַנצע עטיק און עסטעטיק.

דאָס איז דער טיפער, און דאָך אַזאַ פשוטער, מיין פון דעם באַגריף יהוה, פון דעם ביבלישן אַנטראָפּאָמאָרפיזם, אין וועלכן ס'שפּיגלט זיך אָפּ די מענטשלעכע נאַטור מיט אַלע אירע גוטע און שוואַכע זייטן (כעס, נקמה, וכד), אונטער דער פשטות פון אָט דער פאָרם ליגט אַ פאַרוויקלטער אינהאַלט, פונקט ווי אונטער דער גלאַטער הויט געפינט זיך אַ וווּנדערלעך איינגעריכטעטער אָרגאַניזם. די טיפסטע און פונדאַמענטאַלסטע פסיכיש־עטישע באַגריפן דערשיינען דייטלעך און קלאָר פאַר

יעדן בעל שכל. אָט דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרן מיט דער הילף פון דעם ביבלישן באַגריף פון גאָט.

אַזאַ פערזאָניפיצירונג פון גאָט, דער יהוה־אַנטראָפּאָמאָרפיזם, דאַרף אָבער נישט אויסגעמישט ווערן מיט דער פאַרגעשטעלטונג פון אַ בשר ודם, למשל פון דעם גרינדער פון אַ רעליגיע. ווי לייכט שווימען דאָן אַרויף אין פאָלק די מענטשלעכע פעלערן און שוואַכקייטן! די מאַסע, וואָס האָט ליב געהנפנט צו ווערן און חנפנט זיך אַליין, פילט זיך פטור פון נאָכצו־טון דעם הויכן אידעאַל פון אַזאַ גרינדער פון אַ רעליגיע. איז ער דען נישט פון אַ בשר ודם געוואָרן אַ גאָט, צו וועלכן מ'קאָן זיך גאַרנישט צוגלייכן אין גבורה און קדושה?! די באַקוועמלעכקייט פון טעגלעכן לעבן, די אינערציע פון די עגאָיסטישע אינסטינקטן קומען לייכט ביי אַלע איידעלע שטרעבונגען אין אידעאַלן. די הויכע מאָראַל פון דער רעלי־גיע ווערט אין דעם ווירקלעכן לעבן מגולגל אין איר היפך. דאָס ווייזט זיך אַרויס, למשל, אין דער גאַנצער ביז־איצטיקער געשיכטע פון קריסטנטום.

## II.

נשמה, געוויסן, גאָט — דאָס איז דעם חוט המשולש פון דער רע־ליגיעזער מיסטעריע. דער ערשטער גליד פון דער קייט, די נשמה, איז נישט ווינציקער מיסטעריעז ווי דער לעצטער און העכסטער גליד — גאָט. ווידער אַ צווייט מאָל זעען מיר, ווי גוט די נביאים האָבן פאַרשטאַ־נען, ווי זיכער זיי האָבן געוווסט, אַז די מענטשלעכע נשמה, דאָס האַרץ, איז סודותפול און פאַרפירעריש. זיי האָבן בכן מקדים געווען אַ גרויסע מאָד'ערנע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונג, דעם באַגריף פון דעם אוּנטער־באַוווּסטזיין, דעם רוקנביין פון פסיכאָאַנאַליז, פון דער גאַנצער נייער פסיכאָלאָגיע. דאָס אונטערבאַוווּסטזיין, פונקט ווי די „רעגונגען פון האַרץ" אין דער שפּראַך פון די נביאים, איז דער הויפּט־פאַקטאָר וועל־כער באַשטימט די מענטשלעכע האַנדלונגען, באַזונדערס דעמאָלט, ווען דער מענטש גייט אַראָפּ פון דעם גלייכן וועג...

און דאָך זענען די נביאים אַזעלכע גרענעצלאָזע סופּטימיסטן! דאָס איז דער פועל־יוצא פון זייער דריי־אייניקן באַגריף פון גאָט, דעם פּראָ־טאָטיפּ פון מענטשן: צייכנט זיך דאָך יהוה אויס דורך די בחינות פון

גערעכטיקייט, שאַפונג, אידעאַל. און אַלע דריי אינײנעם זענען דער באַ־גריף „פּערזענלעכקייט“ און אינדיווידואַליטעט, דער עיקר גדול פון דער נביאישער רעליגיע.

יהוה, דער צענטר און ענדציל פון רעליגיע, בלייבט אַ ריין גייס־טיקער באַגריף, און דאָך ווערט ער אַריבערגעטראָגן פון דעם הימל אויף דער ערד, אין דער נשמה פון יעדן בשר ודם. אין זיין נשמה און האַרץ דערשפירט דער מענטש די שטימע פון גאָט, וועלכע רעדט צו אים דורך דעם קול פון דעם אייגענעם געוויסן. דאָס ווערט אויסגעמאָלט גלייך אין אָנפאַנג פון יידישן רעליגיעזן מיטאָס. באַלד ווי נאָר די מענטשן האָבן באַגאַנגען די ערשטע זינד, דערטראָגט זיך די דונערנדיקע שטימע פון גאָט: „מענטש, ווו ביסט דו?“ ס׳דערוואַכט די מענטשלעכע פּערזענלעכ־קייט און רופט דורך דעם געוויסן צו תשובה און צו אַ באַנייונג. דער מענטש האָט די בחירה צווישן גוטס און שלעכטס, און ער ווערט דורך דעם באַרופן, אין זכות פון זיין זעלבסטשטענדיקייט און פרייהייט, צו זיין גאָטס שותף אין דער שאַפונג.

מיט אַ פייערדיקער התלהבות רעדן די נביאים וועגן אחדות פון אַלע מענטשן־קינדער. אויך דאָס איז מעגלעך געוואָרן בלויז אַ דאַנק דעם באַגריף פון יהוה. די שטאַרקסטע פאָרמען פון אַ גאַטירלעכער און אינסטינקטיווער צוזאַמענגעבונדנקייט זענען די משפחה און די מענטש־הייט, די צוויי עקסטרעמע קאָלעקטיוון, דעם עולם קטן און דער עולם גדול. די צווישן־שטופן, ווי דאָס פאָלק און די מלוכה, זענען גיכער אַבסטראַקציעס ווי אינסטינקטיווע רעאַליטעט־זאַכן. ביידע עקסטרעמע פאָר־מען פון מענטשלעכן צוזאַמענבונד האָבן די נביאים אויפגעפלאַכטן אין דער אידעע פון אוממענטשלעכער אחדות: יהוה איז דער שטרענגער, אָבער טרייער און גרעסטער, פאָטער פון אַלע מענטשן־קינדער; די גאַנ־צע מענטשהייט איז נאָר איין גרויסע פאַמיליע.

אָט דאָס איז דער פּסיכאָלאָגישער און עטישער אינהאַלט פון דער אידעע פון יהוה. נישט ווינציקער פּראָדוקטיוו איז אָבער דער זעלבער באַגריף אפילו אויף דעם ראַציאָנאַלן געביט בײַ דער אויספאָרמירונג פון דער גאַנצער מאָדערנער וויסנשאַפט. אויף דעמדאָזיקן פּונקט פון ביבלישן אַנטראָפּאָמאָרפיזם האָט אַנומלט אָנגעוויזן פּראָפעסאָר אַרטור ב. ווייטהעד אין זיין טיפן און סטימולירנדיקן ווערק „וויסנשאַפט און די מאָדערנע

זועלט"*) (א. נ. ווייטהעד איז אַן ענגלישער ערשט-קלאַסיקער מאַטעמאַטי-
קער, פיזיקער און פילאָזאָף; ער האָט זיך איצט באַזעצט אין צפון-
אַמעריקע, אַלס פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין האַרוואַרד-אוניווערזיטעט):
„די אידעע פון יהוה, דעם גאָט, וועלכער פאַרמאָגט די ענערגיע פון
אַ פערזענלעכקייט, האָט ערשט מעגלעך געמאַכט צו שאַפן אַ סיסטעם און
אָרדנונג אין דער אויפפאַסונג פון די נאַטור-געשעענישן (פּרינציפּ פון
קאַוזאַליטעט), וואָס דאָס איז דער גרונד-יסוד פון דער מאָדערנער וויסנ-
שאַפטלעכער מעטאָדע". אַזוי האָט די ירושה פון דעם ביבלישן יידנטום,
צוזאַמען מיט דעם איינפלוס פון דעם גריכישן ראַציאָנאַליזם, זיך אָפּגע-
רופן אויף דעם וואונדערלעכן פּראָגרעס פון דער נאַטור-וויסנשאַפט און
נאַטור-פילאָזאָפיע אין די לעצטע פינף הונדערט יאָר.

## III.

אָט דאָס איז דער טיפער, אייביקער זין פון דעם ביבלישן אַנטראָ-
פּאָמאָרפיזם, פון דעם יהוה-באַגריף. דידאַזיקע אידעע פון גאָט איז דווקא
דער נאַטירלעכסטער, ממש „אינסטינקטיווער" און אָרגאַנישער פּראָדוקט
פון דעם מענטשלעכן גייסט און נישט בלויז אַ פּרי פון דעם כּוח הדמיון
און פון דער מיטאָלאָגיע. דאָס האָט אַנומלט אויף אַ געלונגענעם אופן
אויפגעוויזן אין אַ גלענצנדן עסיי דער פאַרשטאָרבענער מאָסקווער שריפט-
שטעלער מ. א. גערשענזאָן.**)

די באַדערפעניש אין רעליגיע, דער דראַנג פון מענטשלעכן גייסט
זיך אָפּצוגעבן מיט די פראַגן פון דער אייביקייט און אַבסאָלוטקייט קאָן
נישט פאַרשווינדן. זי וועט בלייבן כּל זמן די שטערן פון הימל זענען
אומדערגרייכבאַר פאַר די מענטשן פון דער ערד. די ממשותדיקע פאָר-
מען פון דעם רעליגיעזן געדאַנק קאָנען זיך אָבער יאָ בייטן און קאָנען

---

*) Science and the Modern World, CH. I, The Origins of Science, New Jork — London, 1925.

**) זיין „קליוטש וויערי, פעטראָגראַד, 1922" און „The Key to Faith" New Iork, 1925, Macmillan Comp. tr. by H. Frank.

צייטווייליק לגמרי נעלם ווערן. אין דער היינטיקער איבערגאַנגס־צייט פון דער אייראָפּעישער קולטור, אין דער תקופה, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען אין סוף פון 18־טן יאָרהונדערט, האָט דער ראַציאָנאַליזם, דער פּאָזיטיוויזם און נאַטור־וויסנשאַפטלעכער מאַטעריאַליזם, אָפּגעהאַלטן אַ לייכטן נצחון איבער דער יידישער קאָסמאָגאָניע און צוגלייך איבער דעם באַגריף פון יהוה אויך. ס'איז אפילו דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז אַ גייסטיקע באַוועגונג — די „עטישע קולטור" מיט פּראָפ. פעליקס אַדלער פון ניו־יאָרק בראש — איז אַרויס אין אַ קאַמף קעגן די גרונט־באַגריפן פון דער ביבלישער רעליגיע. פעליקס אַדלער האָט, מיט אַ יאָר 50 צוריק, אין דער צייט פון דאַרווין, האַקסלי, מאַלע שאָט א. אַנד., אָנגעפאַנגען אַ מלחמה קעגן דעם יהוה־באַגריף אין נאָמען פון דער „מאָראַלישער פּערזענלעכקייט", פון דער וויסנשאַפט און פון „דער קדושה פון דער אינדיווידואַליטעט". ער פלעגט פּרעדיקן אַן אייגענע „מאָראַלישע" רעליגיע, אַ מין גלגול פון קאָנופוציאַניזם, וועלכער איז אויפגעקומען אין כינע מיט 2500 יאָר צוריק — אַ גאָטלאָזע רעליגיע פון מאָראַל און שכל.

מ'קאָן משער זיין, אַז לויט פּראָפעסאָר אַדלערס טעאָריע איז די שייכות צווישן יהוה און דער עטישער רעליגיע פון די נביאים אַ היסטאָרישע אידעען־פאַרבינדונג (אויב ס'איז דערלויבט זיך צו באַנוצן מיט דעם טערמין פון חיים זשיטלאָווסקי). אין דער אמתן האָט מען דאָ צו טון מיט אַ לאָגישער, אַבסאָלוטער אידעען־פאַרבינדונג. דער עטישער אינהאַלט פון דער נביאישער רעליגיע קאָן נישט אָפּגעטיילט ווערן פון דעם באַגריף פון יהוה.

ווי ווייט ס'האָט זיך געביטן דער וויסנשאַפטלעכער קוק אויף דער גאַנצן פּראָבלעם פאַר די לעצטע 50 יאָר, ווייזט דאָס בוך (וואָס איז שוין פריער ציטירט געוואָרן) פון פּראָפעסאָר אַלפרעד נ. ווייטהעד. דאָרט ווערט פון אַ באַרופענער און געניטער האַנט געלייגט אַ פילאָזאָפישער פונדאַמענט אונטער דעם גרויסן בנין פון דער מאָדערנער נאַטור־וויסנשאַפט. במילא מוז זיך דערביי דערוועקן די נויט אין אַ מאָדערנער קאָנצעפּציע פון גאָט. דער רעזולטאַט איז, לויט דער מיינונג פון בערטראַנד ראָסעל, אַ פאַרפולקאָמטע, אָבער אין תוך אומפאַרענדערטע, אויפלאַגע פון דעם ביבלישן גאָט, יהוה.

אַזוי שרייבט בערטראַנד ראָסעל. דער סאַמע אויטאָריטעטער לאָגיקער פון אונזער צייט, וועלכער האָט צוזאַמען מיט דעם זעלבן פּראָפ. ווייטהעד פאַרפאַסט „די פּרינציפּן פון דער מאַטעמאַטיק", אַ מאָנומענ־

טאַלער בייטראַג צו דער וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור פון דעם לעצטן דור. דאָך מוז מען זאָגן, אַז פּראָפּ. ראַסעל איז אַ קעגנער פון דעם ביבלישן באַגריף פון גאָט. ער איז אָבער אויך, לכל הדעות, נישט אַזאַ אַלזייטיקער נאַטור-פאָרשער און אַזאַ סינטעטישער פילאָזאָף ווי פּראָפּ. ווהייטהעד.

ווי פּראָפּ. ווהייטהעד גיט צו, קאָן דער אַבסטראַקטער געדאַנק אַליין גאַנץ ווינציק אויפטון, ווען ס'האַנדלט זיך מכוח דער באַשרייבונג פון דעם גאָט-באַגריף: אַ פּרינציפּ, וועלכער איז למעלה פון דעם הויכן פאַרשטאַנד. דאַ מוז מען זיך על כּן באַגעגענען מיט אַקסיאָמאַטישע גרונדזאַצן וועגן גאָט, ווי מ'געפינט זיי בּאַ אַלע פילאָזאָפן-נאַטוראַליסטן, פון דער „ערשטער טרייב-קראַפט" באַ אַריסטאָטעלן ביז דעם „פּרינציפּ פון קאָנקרעציאָן" באַ ווהייטהעדן גופא. וואָס מיר ווייסן דאָך וועגן גאָט, זאָגט אַ. נ. ווהייטהעד, דאַרף מען זוכן אויף דעם געביט פון די אינדיווידועלע איבערלעבונגען — אַ זאַך, וועלכע בויט זיך נישט אויף אַ דעדוקטיוו-ראַציאָנאַליסטישן, נאָר אויף אַן עמפּיריש-ספּעקולאַטישן באַזיס.

„בנוגע צו דער אינטערפּרעטאַציע פון אַזעלכע איבערלעבונגען זעענען אין דער מענטשהייט געווען שטאַרקע חילוקי דעות. מ'האָט דעם פּרינציפּ „גאָט" אָנגערופן מיט אַלערליי נעמען — ווי אַ שטייגער יהוה, אַללאַה, בראַהמאַ, פאָטער אין הימל, די הימלישע אָרדנונג, די אור-אורזאַך, דאָס העכסטע וועזן, צופאַל. יעדער נאָמען אַנטשפּרעכט זיין באַזונדער'ער געדאַנקען-סיסטעם, וועלכע איז געקומען אין די נשמה-איבערלעבונגען פון די, וועלכע האָבן זיך מיט דערדאָזיקער געדאַנקען-סיסטעם באַנוצט"*).

אין דער היינטיקער עפּאָכע, ווען דער נאַטור-וויסנשאַפטלעכער מאַטעריאַליזם פון דער רעליגיע פון פּאָזיטיוויזם זענען שוין אַזוי גוט ווי דורך און דורך פאַרגעסן, געפינט יהוה אומדערוואַרטעטע אַפּאָסטאָלן אין די העכסטע קרייזן פון דער מערב-קולטור. דאָס איז בלויז אַ פרישער באַווייז פון דעם פּאָטענציעלן רייכטום פון די פונדאַמענטאַלע מעטאַפיזישע באַגריפן פון יידנטום.

**הערמאַן פראַנק.**

ניו-יאָרק, אויגוסט, 1927.

---

*) אין „סייענס עַנד דהי מאָדערן וואָרלד", ניו-יאָרק, 1925, ז. 250.

# אַ דאַנק צו דעם דר. ח. זשיטלאָווסקי

שרייבן וועגן דעם דר. זשיטלאָווסקי, הייסט אויך — שרייבן אַ ביסעלע וועגן זיך גופא, ווארים אין יעדן פון אונז איז נאָך עפּעס שטעקן געבליבן פון „יענע יאָרן", ווען דר. זשיטלאָווסקי איז געווען אונזער אייגנציקער פירער און אָנפירער.

מוז מען דעריבער זיין באַשיידן אין וואָרט — קאַרג, בפרט נאָך, ווען מיר, — די איצטיקע און געוועזענע תלמידים זיינע, — שטייען שוין נישט מער אויף אַלע וועלט-שליאַכן מיט וואַנדער-שטעקנס און בלעטער-מאַרבעס, ווי מיר זענען נאָך טיילווייז געשטאַנען מיט אַ יאָר צוואָנציק צוריק (פאַר דער טשערנאָוויצער קאָנפערענץ), נאָר פאַרמאָגן שוין איצט פולע לאָגלען מיט אָנגעזאַמלטע קולטור-אוצרות און פולע שפייכלערס מיט יידישקייט און „יידישיזם" (אין אָדער אָן גענזנפיסלעך).

נישט נאָר אין די אַלטע און האַלב-אַלטע היימען אונזערע, נאָר אויך אפילו אין די נייע און האַלב-נייע, ווי אַרגענטינע און בראַזיליע, אַפריקע און אויסטראַליע, מעקסיקע און אורוגוואַי קלינגט שוין איצטער שטאָלץ און מונטער דאָס יידישע וואָרט, דאָס היימישע וואָרט און אפילו אין מערב-אייראָפּע, אין די לענדער פון אונזער קלאַסישער אַסימילאַציע איז דער „אָסט-יידישער זשאַרגאָן" שוין נישט מער די שפּראַך פון „הויזירער", „גאַליציאַנער" און „עמיגראַנטן", נאָר אויך די שפּראַך פון די שאַגאַלס און גראַגאָווסקיס, וואָס טראַנספּאָרטירן קיין מערב-אייראָפּע ראַפינירטע קונסט און קולטור, אויסגעוואַקסן אויף דעם דורכויס יידישן און יידישלעכן באָדן און דער „זשאַרגאָן" איז אפילו באַ די דייטשע יאַהודים געוואָרן נישט נאָר לעגאַליזירט, נאָר מען הנדלט זיך שוין מיט אים אין די סאַלאָנען, ווייל דער יידישער בדחן איז דאָך שפּאַנענדער פאַר דעם דייטשן „האַנזווורשט", די יידישע חתן-כלה זענען דאָך חנעוודיקער פאַר

די דייטשע „בראַוטיגאַם און בראַוט" און דאָס יידישע בית־מדרש איז דאָך מיסטישער איידער די דייטשע „זינאַגאָגע" — אַזוי, יעדנפאַלס, טענהט דער וועלט־באַקאַנטער טעאַטער־קריטיקער פון דעם „בערלינער טאַגעבלאַט", אַלפרעד קער, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַגייסטערט מיט פרצס „באַנאַכט אויפן אַלטן מאַרק" אין דער אויפפירונג פונעם מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

נאָך מערער, איינער אַ דייטשער פילאָלאָג האָט אין דער „פראַנק־פורטער צייטונג" פּרובירט איינמאָל דערווייזן, אַז דורך די איינגעוואַנדער־טע יידן אין מזרח־דייטשלאַנד, איז די דייטשע שפּראַך נישט נאָר געוואָרן אָפּגעפרישט דורך דעם, וואָס די יידן האָבן אומגעקערט דער דייטשער שפּראַך אַ סך אַלטע ווערטער און באַגריפן, וואָס האָבן זיך פון מאָדער־נער דייטשער שפּראַך אויסגעגליטשט, נאָר זיי (די „אָסט־יודען") האָבן אפילו באַרייכערט די דייטשע שפּראַך מיט אַ מענגע נייע ווערטער און באַגריפן, אָן וועלכע די דייטשע פאָלקסשפּראַך, ווי אויך אפילו די דייטשע פּרעסע קאָן זיך שוין נישט באַגיין, ווי, למשל, שטיין „שמירה", מאַכן „פּליטה", „שעקערן" (שקרן), „אַכלען" (אכלן) און נאָך און נאָך.

דידאָזיקע רעאַביליטאַציע פון יידיש באַ די אומות העולם לעגאַ־ליזירט אויך דעם „זשאַרגאָן" באַ די „גלות"־און „תכלית"־יידן און מען הערט שוין אויף צו שעמען זיך מיט אים, ווי אין שטוב אַזוי־אויך — אויף דער גאַס.

ווער רעדט נאָך — אין דעם ראַטנפאַרבאַנד, ווו יידיש איז אין אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד אַ גלייכבאַרעכטיקטע מלוכה־שפּראַך, ווי אוי־קראַיניש און ווייסרוסיש, און ווו דער פאָרזיצער פון דער ווייסרוסלענדי־שער רעפּובליק — איטשערוויאַקאָוו לערנט זיך יידיש, ווייל ער שעמט זיך, זאָגט ער, אַרויסצוטרעטן פאַר יידישע אַרבעטער און פּויערים נישט אין זייער מוטער־שפּראַך.

דאַרף דען אונזער ליבער דר. זשיטלאָווסקי אַ בעסערע מתנה איי־דער די, וואָס די וועלט־געשיכטע אַליין האָט אים אונטערגעטראָגן ?

און וואָס קאָנען מיר — איצטיקע און געוועזענע תלמידים זיינע,— מוסיף זיין צו דער וועלט־געשיכטע, וואָס האָט אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר אונז אַזוי צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, אָבער אין דער זעלבער צייט אונז אויך פאַרייניקט און דערנענטערט דורך דעם אויפגעקומענעם און אויפקומענדיקן יידישן וואָרט, וואָס קלינגט איצ־טער שטאָלץ און מונטער בכל תפוצות ישראל אַ חוץ אין ארץ ישראל, און

מיין איינציקער ווונטש איז צום ליבן דר. ח. זשיטלאָווסקי, אַז ער זאָל נאָך דערלעבן דאָס נחת צו זעען יידיש „לעגאַליזירט“ און „רעאַבילימירט“ אויך אפילו אין ארץ ישראל, ווי דאָס האָט שוין פּאַסירט אין די מע-רערע און מערערע „גלות“-לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע.

ד. טשארני.

# אַ פֿאָרוואָרט צו דעם „נאָכוואָרט"

דאָס „נאָכוואָרט" איז געשריבן געוואָרן און איז דערשינען, ווי אַ הוספה צו דעם צווייטן העפט פון דער „סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער ביבליאָטעק", וואָס איז אַרויס אין דעם יאָר 1900. אָבער דעם גרונט-געדאַנק, פאַר וועלכן איך שטעל מיך איין אין דעם „נאָכוואָרט", האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אַרויסצוזאָגן אַ סך פריער סיי אין מיינע רעפעראַטן, וואָס איך פלעג האַלטן פאַר דער רוסלענדישער סטודענטשאַפט אין שווייצאַריע, סיי אין מיין אַרטיקל: „די זאָגענאַנטע קריזע אינערהאַלב דעס מאַרקסיזמוס", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין די „סאָציאַליסטישע מאָנאַטסהעפטן" פון דעם יאָר 1899. דאָרטן שרייב איך וועגן דעם אַט-וואָס:

„איין גרונד-פּרינציפּ בעהערשט די געזאַמטע מאַרקסיסטישע טאַקטיק, דאָרט, וואָ זי ריין אַופטריט אונד קיינע קאָנצעססיאָנען אַן די „שלעכטע ווירקליכקייט" מאַכט. דאָס איסט דאָס פּרינציפּ דער דיקטאַטור דעס פּראָלעטאַריאַטס. די מאַרקסיסטישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וויל ניכט די פערטרעטערין דער געזאַמטען אַרבייטענדען קלאַסען, זאָנדערן נאָר די פּאַרטיי דעס פּראָלעטאַריאַטס זיין, ד. ה., דערייעניגען אַרבייטער, די נור דורך דען פערקאַוף איהרער אַרבייטסקראַפט לעבען קאָנען... די פּראַקסיס בעשטיגט זי, אַוך אַלע אַנדערען אַרבייטערשיכטען מיט אין די בעוועגונג היניינצוציעהען... היער, אין דיעזעם פערהאַלטען דער פּאַרטיי דען ניכט פּראָלעטאַרישען אַרבייטער געגעניבער, שטעקט איין שטיקכען „ווידערשפּרוכס-לאָגיק", דאָס נור איין העגעליאַנער פערדאַיען קאַן. היער, אין דיעזעם ווידערשפּרוכע, זינד אַוך די קראַנקהאַפטען זעפּטע געזאַמעלט, די דען וואַהרען אָפּפּאָרטוניזמוס ערצויגען, דער עס זיך לייסטעט, אַוך די עקאָנאָמישען אינטערעסען דעס קליינבירגערס, דעס האַנדווערקמייסטערס, דעס גראָסבאַלערס צו דען זיינען צו

מאַכען... דאָס פּרינציפּ מוסטע עבען דורכבראָכען ווערדען, אונד דאַ עס דורך קיין אַנדערעס ערזעצט וואורדע, זאָ שטעללטע זיך די מאָראַלישע צעררישונג מיט נאָטוועגדיגקייט איין". („סאָצ. מאָנ.", 1899, ז. ז. 467 און 469.)

פאַר די באַלד דרייסיק יאָר, זינט דאָס איז געשריבן געוואָרן, האָט דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליזם זייער פיל דורכגעלעבט. ער איז אַלץ מער און מער אַראָפּגעשטויסן געוואָרן פון דער ריין־פּראָלעטאַרישער ליניע און איז אַלץ מער און מער געטריבן געוואָרן אַרויפצוטרעטן אויף דער ריין־אַרבעטאָרישער ליניע, אויף וועלכער די ערשטע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן אים אָנגעוויזן. קאָנסעקווענטער פאַר אַלע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פאַרטייען איז אויף דעם נייען וועג אַרויף די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס איר „אַוסטראָמאַרקסיזם" איז אויך אין אַ סך אַנדערע פּרטים זייער נאָענט געוואָרן צו דעם פּראָגראַם און דעם וועלט־באַנעם פון די רוסישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, ווי איך האָב זיי אין יענער צייט פאַרטיידיקט. נאָך דער עסטרייכער גייט די פראַנצויזישע סאָציאַליסטישע פאַרטיי. נאָר דער דייטשער מאַרקסיזם קאָן נאָך עד היום נישט פּטור ווערן פון דעם „אָפּאָרטוניזם", אין וועלכן די בערנשטייניאַנישע ריכטונג האָט אים אַריינגעשלעפּט. אָבער גאָר „קוריאָז" איז דער ענין געוואָרן אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

די קאָמוניסטישע פאַרטיי, וואָס האָט אין רוסלאַנד דורכגעפירט די „דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט", וויל ביידע זאַכן: אי עסן דעם קוילעטש, אי האָבן אים, אַ נישט אָנגעביסענעם, אין די הענט; אי זיין אַ ריין־פּראָלעטאַרישע פאַרטיי, וואָס פירט דורך די „דיקטאַטור פון דעם פּראָלעטאַריאַט", אי זיין די רעגירונג פון אַן „אַרבעטער־פּויערים־רעפּובליק". אַלע פּלאָנטערנישן און אָפּאָרטוניסטישע זומפּן, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין דעם איצטיקן סאָוויעטישן סאָציאַליזם, שטאַמען, דער עיקר, פון אָט דעם סתירותפולן פאַרלאַנג.

ס'איז נאָך עד־היום מיין זיכערסטער גלויבן, אַז דער אַלוועלטלעכער סאָציאַליזם, — סיי אין סאָוויעט־רוסלאַנד, סיי אין אויסלאַנד, — וועט זיך נאָר דעמאָלט קאָנען באַפרייען פון אַלע אינעווייניקסטע סתירות, פּלאָנטערנישן און אָפּאָרטוניסטישע זומפּן, ווען ער וועט מיט ביידע פיס און מיט אַ קלאָרן קאָפּ אַרויף אויפן וועג, וואָס איז אָנגעמערקט געוואָרן אין „נאָכוואָרט", — אַ וועג, וואָס פאָדערט, אַז די סאָציאַליסטישע פאַרטיי זאָל אויפהערן צו קוקן אויף זיך, ווי אויף אַ פּראָלעטאַרישע

פּאַרטיי און ווערן אַ ריין אַרבעטערישע פּאַרטיי, וואָס פּאַרטיי־דיקט פול און גאַנץ די אינטערעסן פון אַלע אַרבעטנדיקע עלעמענטן, וועלכע לעבן פון זייער אייגענער אַרבעט סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין די מלאכות, סיי אין דער אַגראַרע, סיי אין די אינטעלעקטועלע באַשעפטיקונגען. פּאַרטיידיקנדיק דידאָזיקע אינטערעסן אַנטקעגן יענע קלאַסן, וואָס לעבן דורכויס אָדער דער עיקר פון פרעמדער אַרבעט, וועט די פּאַרטיי מוזן דורכפירן אַזעלכע פאָרמען פון דעם סאָציאַלן לעבן, אין וועלכע די אַרבעטנדיקע מענטשהייט וועט באַקומען פול און גאַנץ די פּרוכטן פון איר אייגענער אַרבעט.

אָבער כדי צו קאָנען אַרויפטרעטן מיטביידע פיס און מיט אַ קלאָרן קאָפּ אָט אויף דעם וועג, מוז אַ סאָציאַליסטישע פּאַרטיי אויסרייניקן איר אידעאָלאָגיע פון יענע „ריין פּראָלעטאַרישע" עלעמענטן, וואָס גייען להיפוך צו דעם נייעם גרונט־פּרינציפּ.

דאָס איז אַ שווערער וועג פאַר פּאַרטייען, וואָס האָבן ביז אַהער נעקוקט און קוקן נאָך עד־היום אויף זייער „פּראָלעטאַרישקייט", ווי אויף אַ באַזונדערן סאָציאַליסטישן און „וויסנשאַפטלעכן" יחוס. ס'איז אַ שווערער וועג, אָבער דער איינציק ריכטיקער וועג.

דר. ח. זשיטלאָווסקי

יאנואר, 1928

# נאָכוואָרט

## די סאָציאַל-דעמאָקראַטן און די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן

די בראָשור, וואָס ווערט פאָרגעלייגט די לעזער, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אונזערע חברים אין רוסלאַנד נאָך אין יאָר 1898. זיי האָבן אונז געבעטן זי אויפסנייַ אַרויסצוגעבן אין אויסלאַנד, אין פאַל פון אונזער הסכם מיט אירע יסודוסדיקע חנחות-אויסדרוקן, די הסכמה אין אַ געדרוקטער פאָרם. מיר דערפילן די בקשה פון אונזערע חברים נאָך מער דערפאַר, ווייל די מיינונגען, וואָס זענען אויסגעדרוקט אין זייער בראָשור, פאַלן כמעט אינגאַנצן צונויף מיט די אָנשויונגען, וועלכע מיר האָבן פאַרטיידיקט אין ערשטן העפט פון דער „סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער ביבליאָטעק". געוויסע חילוקי-דעות קאָנען נישט זיין קיין מניעה זיך אָנצושליסן אָן דעם טיף-דורכגעטראַכטן פּראָגראַם פון אונזערע חברים, וואָס אַנטשפּרעכט אַלע פאָדערונגען פון דער איצטיקער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין רוסלאַנד. אָט דידאָזיקע חלוקי-דעות האָבן אַ שיכות הויפּטזעכלעך צו דער אָפּשאַצונג פון דער איצטיקער פויערישער לאַגע. די ידיעות, וואָס מיר האָבן באַקומען פאַר די לעצטע צוויי יאָר וועגן פויערישע בונטן און וועגן דער באַציונג פון די „בונטאַרן" צו דער אָרטיקער מאַכט, און דער פאַקט פונם אַנטשטיין פון „פויערישע ברודערשאַפטן אויף צו פאַרטיידיקן די פאָלקס-רעכט"*) זענען, לויט אונזער

---

*) וועבן זיי זע דעם פון אונז אַרויסגעגעבענעם סטאַטוט פון דער „ברודערשאַכס אויף צו פאַרטיידיקן די פאָלקס-רעכט" — זשענעוו, 1899.



ד״ר חיים זשיטלאָווסקי אין וויטעבסק אין זיין מוטערס וואוינונג
אין י. 1907

מיינונג, געגנוגנדע עדות, ווי ווייט דער סאָציאַל-פּאָליטישער באַוווסטזיין פון אונזער פּויערטום הייבט אָן קלאָר צו ווערן, ווי ווייט זיין געדאַנק, וואָס האָט זיך אַזוי עקשנותדיק און פּרוכטלאָז געמאַטערט אין קלעם פון דער אונטערטעניק-געטרייער וועלט-אַנשויונג, הייבט אָן זיך דורכצו-רייסן אויף דער פריי. דאָס אַנטשטיין פון פּאַרשידנאַרטיקע פּראָטעסטן אויפן יסוד פון אָרטיקע נויטן און אינטערעסן אין די רייען פונם פּויער-טום און דאָס אַרויסבאַווייזן זיך פון פערזענלעכקייטן און קרייזלעך פון רעוואָלוציאָנער-סאָציאַליסטישן כאַראַקטער, וועלכע ווערן דורך דעם פּראָגראַם באַטראַכט, בלויז אַלס אַ מעגלעכקייט, וואָס מ'קאָן נישט אָפּליי-קענען, איז בלי שום ספק שוין געוואָרן אַ ווירקלעכקייט און האָט אויף זיך צוגעצויגן די סאַמע ערנסטע אויפמערקזאַמקייט מצד סאָציאַליסטן פון פאַרשידענע שאַטירונגען. די גרינדונג פון דער „אַגראַר סאָציאַליס-טישער ליגע" איז דער ערשטער פּרווו דורכצופירן אין לעבן די פּונקטן פון אונזער פּראָגראַם, וועלכע זענען דער תוך פון דער פּאַרטיי-טעטיקייט אין די רייען פונם פּויערטום. מיר מיינען דעריבער, אַז אויך פאַר אונ-זערע חברים אין רוסלאַנד איז געקומען דער מאָמענט איבערצוגיין פון טעאָריע צו פּראַקטיק און דורכפירן אין לעבן אָט די טעטיקייט, וואָס טאָר ווייטער נישט אָפּגעלייגט ווערן. צי וועלן זיי געפינען פאַר באַ-קוועם צוליב דעם זיך איינצושליסן אין דער „אַגראַר-סאָציאַליסטישער ליגע", ווי דאָס האָבן געטון אייניקע חברים פון אונזער אויסלענדישער אָרגאַניזאַציע, אָדער זיי וועלן האַלטן פאַר צוועקמעסיקער, אומאָפּהענגיק פון וואָסערע נישט איז אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ראַציאָנעל אַוועקשטעלן די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע אין דאָרף, — אין דעם און אין אַנדערן פאַל וועלן זיי שוין איצט דאַרפן ווידמען אַ טייל פון זייערע כוחות אויף דורכצופירן אָט דעם זייער וויכטיקן פּונקט פון דער „פּאַרטייאישער צוגרייטונגס-טעטיקייט".

אַנרירנדיק די פראַגע וועגן אַגראַרן סאָציאַליזם און אונזערע אויפגאַבן אין דאָרף, האַלטן מיר פאַר נוצלעך זיך אָפּשטעלן אויף דער אויפקלערונג פון די חלוקי-דעות, וואָס הערשן אין דער פראַגע צווישן אונז און די סאָציאַל-דעמאָקראַטן. מיר מיינען אפילו, אַז דער צענטער פון אונזערע חלוקי-דעות ליגט דווקא אין איר און אַז וועגן אַנדערע פראַגן וועלן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אַ סך גיכער מסכים זיין מיט אונז, ווי אין דער פראַגע וועגן אַגראַרן סאָציאַליזם.

אָט די דיזאַיקע באַהויפּטונג, קאָן זיך אויסדאַכטן, איז להלוטין נישט

באַגרינדעט. אויב מ׳זאָל זיך אָבער נעמטער איינקוקן אין דער עוואָלוציע, וואָס ס׳האָט דורכגעמאַכט די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איז נישט שווער זיך צו איבערצייגן, אַז דידאָזיקע באַהויפּטונג איז ריכטיק.

קודם כּל איז בלי שום ספק, אַז אין דער לעצטער צייט האָבן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן געמאַכט ריזיקע שריט אין דער ריכטונג צו אונזער פּראָגראַם, באַזונדערס אין דער פראַגע וועגן פּאָליטישן קאַמף. אַ לאַנגע צייט האָבן די סאָציאַל-דעמאָקראַטן, ווי באַוווּסט, געהאַלטן דעם קאַמף פאַר אידענטיש מיטן עקאָנאָמישן קאַמף, וואָס ס׳פירט אָן דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט קעגן די באַלעבאַטים פון די פאַבריקן און זאַוואָדן. אָנפירנדיק מיט דעמדאָזיקן קאַמף, האָבן זיי ערנסט געמיינט, אַז זיי זענען כּלומרשט די פאָרזעצער פון דער נאַראָדנאַיאַ-וואָליאַ-טראַדיציע און פילן אויס די הויפּט-התחייבות, וואָס איז אונז געבליבן בירושה דורך דער גאַנצער געשיכטע פון דער רוסישער אָפּאָזיציאָנעלער און רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג — די התחייבות — דירעקט אַקטיוו צו קעמפן מיט דער רוסישער זעלבסטהערשונג. איצט ווערן אַזוינע מיינונגען פאַרביטן דורך אַ מער ניכטערנעם קוק אויף דער זאַך. דער מחבר פון דער בראָשור „ראַבאָטשעיע דיעלאָ וו ראָסיאי”, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער אויסלענדישער אָפּטיילונג פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, איז פּשוט מודה, אַז זייער פּאַרטיי האָט ביז איצט נאָך קיין פּאָליטישן קאַמף נישט געפירט, און אַז דערדאָזיקער קאַמף דאַרף איצט אַוועקגעשטעלט ווערן אויפן סדר היום. באַם אָפּשאַצן די טעטיקייט פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ” זעט דער זעלבער מחבר די איינציקע סיבה פון איר אומדערפאָלג נישט אין איר טעראָריסטישער טעטיקייט, נאָר אין דעם פאַקט, וואָס זי האָט נישט געזאָרגט צוצוציען אויף איר זייט די סימפּאַטיעס פון די ברייטע מאַסן. דער לאָגישער פּועל-יוצא דערפון וואָלט אוודאי באַדאַרפט זיין דער. אַז איצט אַריינציען אַלץ מער און מער מאַסן אונטער דער סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערער; פאַן באַקומט דער טעראָריסטישער קאַמף אַלץ מער און מער שאַנסן פאַר זיין דערפאָלג. און אויב מען זאָל נעמען אין באַטראַכט, אַז ביז איצט האָט נאָך קיינער נישט אָנגעוויזן אויף אַנדערע מיטלען פון דירעקטן אַקטיוון קאַמף מיט דער רעגירונג, וואָס וואָלטן געקאָנט פאַרבייטן דעם סיסטעמאַטישן טעראָר, וואָלטן די שאַנסן פון דעם לעצטן נאָך מער אויפגעוואַקסן, ווי נאָר די רעוואָלוציאָנערן וואָלטן זיך געטראָפן פּנים אל פּנים מיט דער אויפגאַבע פונם פּאָליטישן

קאַמף. צום באַדויערן מאַכט דער מחבר פון דער דערמאָנטער בראָשור נישט אָט דעם לאָגישן אויספיר; נאָר דערדאָזיקער אויספיר ווערט פאַר אים געמאַכט דורך אַנדערע.

פאַרשטייט זיך, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס איז געגאַנגען אויף אַזוינע הנחות, האָט נישט בלויז גאָרנישט פאַרלוירן, נאָר, להיפוך, נאָך פיל דערפון געוווּנען. ווייל גיין אין געביט פון פראָגראַם-פראַגן אויף הנחות הייסט נישט אַלעמאָל פאַרלירן און אָפּטרעטן. אויב די הנחה ווערט דיקטירט דורכן לעבן, איז, מאַכנדיק זי, נעמען מיר אַוועק באַם שונא איינעם פון זיינע „רעזאָן ד'עטרס", שטויסן אים אַרויס פון אַ שטאַרק-באַפעסטיקטער פּאָזיציע און פאַרנעמען זי אַליין. אין אַזאַ פאַל הייסן הנחות — נצחונות, און אַזוינע נצחונות האָט די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע געהאַט פיל. איך וועל דערמאַנען בלויז איר געענדערטע באַציונג צו דער ראָלע פון דער אינטעליגענץ און דער אַרבעט פון די דאָרפישע באַטראַקעס.

אַ דאַנק די הנחות מצד דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, לייגן אַ טייל פון אונזערע חברים, — וואָס פילן מיט איר בלתי ספק פרוכטבאַרער טעטיקייט און פרייען זיך, וואָס איר פּראָגראַם איז אָפּגערייניקט געוואָרן פונם שמאָל-סעקטאַנטישן קוק פון יענעם אַנטוויקלונגס-פעריאָד אירן, וואָס קאָן אָנגערופן ווערן „פּלעכאַנאָווישער", — ערנסטע האָפנונגען, אַז אויך וועגן אַגראַר-סאָציאַליסטישע פראַגן איז צווישן אונז און די סאָציאַל-דעמאָקראַטן מעגלעך אַ פולער טעאָרעטישער און פּראַקטישער הסכם. אָט די חברים בעטן מיר טאַקע אַכטונג געבן אויף דער גרענעץ-ליניע, וואָס טיילט אָפּ די סאָציאַל-דעמאָקראַטן פון די סאָציאַליסטן-רעוואָלוציאָנערן, די ליניע, וועלכע איז די „נאַטירלעכע גרענעץ" פון אירע „נצחונות", וועלכע זי האָט ביז איצט נאָך נישט איבערגעטרעטן און איבערטרעטנדיק זי, הערט זי אויף צו זיין דאָס, וואָס זי שטעלט מיט זיך פאָר לויט איר מהות.

די דאָזיקע ליניע — דאָס איז די באַציונג צו דער אַרבעט פון נישט-געדונגענע אַרבעטער צו אַן אַרבעט, וואָס איז נישט אָפּגעטיילט פון דעם אייגנטום-רעכט אויף געצייג און פּראָדוקציאָנס-מיטלען. אויב דער קאַמף צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל איז דער יסוד פון יעדן היינטיקן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, טאָ שטעלט מיט זיך פאָר דער קאַמף פון געדונגענער אַרבעט

מיטן קאַפּיטאַל אַ כאַראַקטעריסטישע באַזונדערהייט פונם מ אַ ר ק ס י ס-ט י ש ן סאָציאַליזם, — דעם יסוד פון דער דייטשער און רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. פאַרן מאַרקסיזם איז נישט וויכטיק דער גאַנצער אַרבעטער-קלאַס, ד. ה. דער סכום פון די באַפעלקערונגס-שיכטן, וואָס לעבן אויסשליסלעך פון זייער אייגענער אַרבעט, נאָר בלויז אַ באַשטימ-טע טייל פונם אַרבעטער-קלאַס, ד. ה. דער פּ ר אָ ל ע ט אַ ר י אַ ט. דער פּראָלעטאַריאַט איז — לויט מאַרקסן — „דער קלאַס היינטיקע אַרבעטער, וואָס לעבן נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זיי געפינען אַ פאַרדינסט, און וואָס געפינען אַ פאַרדינסט נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זייער אַרבעט פאַרגרעסערט דעם קאַפּיטאַל".*)

נאָר ד ע ר קלאַס איז — לויט מאַרקס מיינונג, — רעוואָלוציאָנער. אַלע איבעריקע שיכטן פונם אַרבעטנדיקן פאָלק, ווי קעגנזעצלעך זייערע אינטערעסן זאָלן נישט זיין צו די אינטערעסן פון דער בורזשואַזיע, זענען גיכער רעאַקציאָנער, ווי רעוואָלוציאָנער. פון אַלע קלאַסן, וואָס שטייען „איצט קעגן דער בורזשואַזיע, איז נאָר דער פּראָלעטאַריאַט — לויט מאַרקסן — דער אמת רעוואָלוציאָנערער קלאַס. די איבעריקע קלאַסן שטאַרבן אָפּ און ווערן פאַרניכטעט דורך דער גרויס-אינדוסטריע. דער פּראָלעטאַריאַט אָבער איז איר אייגענער פּראָדוקט. דער מיטל-שטאַנד, דער קליין-אינדוסטריעלער, דער קליינער סוחר, דער באַלמעלאָכע, דער פויער — זיי אַלע קעמפן מיט דער בורזשואַזיע, בכדי צו דערהאַלטן זייער עקזיסטענץ פון אונטערגאַנג אַלס מיטלשטאַנד. זיי אַלע זענען נישט רעוואָ-לוציאָנער, נאָר קאָנסערוואַטיוו. נאָך מער, זיי זענען רעאַקציאָנער, שטרעבנ-דיק אומצודרייען צוריק דאָס ראָד פון דער געשיכטע".**)

לויט דער מאַרקסיסטישער קלאַסיפיקאַציע ווערט די היינטיקע גע-זעלשאַפט איינגעטיילט אין 3 גרופּן: 1 — די גרויס-בורזשואַזיע, וואָס לעבט דורך עקספּלואַטאַציע פון דער געדונגענער אַרבעט; 2 — דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס לעבט אויסשליסלעך פ ו נ ם פ אַ ר ק ו י פ ן ז י י ן א י י ג ע נ ע אַ ר ב ע ט ס-ק ר אַ פ ט, און 3 — מיטלשטאַנד. און צו אַט דעם מיטלשטאַנד זענען אַריינגערעכנט אָן שום חילוק סיי דער פויער,

---

*) Das Kommunistiche Manifest. — Fünfte Auflage. — זייט 14 — Berlin 1891.

**) דאָרטן, זייט 16.

וואָס לעבט אויסשליסלעך פון זיין אייגענער מי איבער זיין חלק ערד, סיי דער פויער, וואָס עקספּלואַטירט די אַרבעט פון באַטראַקעס, סיי דער באַלמעלאָכע, וואָס באַנוצט זיך נישט מיט קיין טראָפן פרעמדער אַרבעטס־קראַפט, סיי דאָס מייסטערל, וואָס נאָגט אויס דעם לעצטן טראָפן חיות פון זיינע געזעלן, סיי דער קולאַק, סיי דער קליינער קלייטניק. די פּאָר־שטייער פון אַרבעט זענען צעשפּאָלטן אין מאַרקס קלאַסיפיקאַציע. דער „אַרבעטסמאַן" און דער „פּראָלעטאַריער" קאָנען זיך געפינען אין צוויי פיינטלעטע לאַגערן, בעת די געזעלשאַפטס־קלאַסיפיקאַציע, וואָס כאַראַק־טעריזירט דעם ר ו ס י ש ן סאָציאַליזם און שטעלט מיט זיך פאָר דעם יסוד פון זיין קלאַסנקאַמף־טעאָריע, צעטיילט די געזעלשאַפט בלויז אויף צוויי היפּוכדיקע לאַגערן: אַרבעטנדיקע פון איין זייט און אַזוינע, וואָס לעבן פון פרעמדער מי — פון דער אַנדערער. דידאָזיקע קלאַסיפיקאַציע גייט זיך, ווי מיר זעען, גרינטלעך פונאַנדער מיט דער מאַרקסיסטישער*).

---

*) מיט דער מאַרקסיסטישער קלאַסיפיקאַציע פון געזעלשאַפטלעכע גרופּן איז כדאי צו פאַרגלייכן די, וואָס ס'האָט פאָרגעלייגט לאַסאַל. לויט לאַסאַלס מיינונג, ווערט דער גאַנצער אַזוי גערופענער „דריטער שטאַנד" פונאַנדערגעפּאַלן אויף צוויי אונטערקלאַסן: אויף אַזוינע, וואָס „באַקומען זייער הכנסה אויסשליסלעך אָדער בעיקר דורך אַרבעט" — אַרבעטער, קליינבירגער, באַלמעלאָכעס און פויערים — און אויף אַזוינע, וואָס לייגן אַריין זייערע גרויסע קאַפּיטאַלן אין דער פּראָדוקציע אָדער באַקומען פון זיי אַ רענטע. נאָר די לעצטע זענען — לויט לאַסאַלס מיינונג — נאָך נישט דער קלאַס פון דער בורזשואַזיע, ביזוואַנען זיי שטרעבן נישט צו מאַכן דעם ק אַ פּ י ט אַ ל פאַר אַ רעכטלעכן תנאי פון דער פּאָליטישער הערשאַפט אין דער מלוכה. (פ. לאַסאַל — Über den besondern Zusammenhang etc. — Zürich — Hoffingen 1886, זייט 15—16); אויך דאָ, פּונקט ווי אין דער מאַרקסיסטישער קלאַסיפיקאַציע, איז דער זעלבער חסרון: אַ ר ב ע ט און ק אַ פּ י ט אַ ל, א י י ג ע נ ע אַרבעט און צוגעדונגענע פ ר ע מ ד ע, זענען אין איר נישט גענוג פונאַנדערגעטיילט. מאַרקס טיילט אָפּ אַ באַזונדער אָרט דער ג ע ד ו נ ג ע נ ע ר אַרבעט און מישט צונויף די פאָרשטייער פון אַלע אַנדערע מינים אַרבעט מיט די קליינע קאַפּיטאַליסטן. לאַסאַל טיילט אָפּ אַ באַזונדער אָרט דעם גרויסן קאַפּיטאַל און מישט צונויף אַלע אַנדערע זיינע מינים מיט אַלע אַרבעטס־

דאָס זעלביקע פונאַנדערטיילן פון „אַרבעטסמאַן" און „פּראָלעטאַריער" ליגט אין גרונד פון דעם „ערפוטער פּראָגראַם" ; יעדנפאַלס זענען צו אים געריכטעט קאוטסקיס אַלע קאָמענטאַרן. דער זעלביקער גרונט-געדאַנק גייט דורך, ווי אַ רויטער פאָדעם, אין אַלע טעאָרעטישע אַרבעטן פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן. צום באַדויערן, איז אויך די יונגע רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין אירע פּראָגראַם מעלדונגען נישט קיין אויסנאַם פון דעם אַלגעמיין-מאַרקסיסטישן כלל. דער אָרגאַן פונם „פאַרבאַנד פון די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן", „ראַבאָטשעיע דיעלאָ", שטרעבט צו גיין אין דער פראַגע ענג ביז צו דער ליניע, וואָס דינט אַלס גרענעץ-ליניע פאַר דער מאַרקסיסטישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, איבערטרעטן אָבער די גרענעץ דערלויבט זי זיך נישט. אַלס באַווייז דערצו ברענגען מיר אינגאַנצן אַ העכסט-כאַראַקטעריסטישע מעלדונג פון דער רעדאַקציע „ראַבאָטשעיע דיעלאָ" וועגן דער פראַגע, וואָס אינטערעסירט אונז. „דער פאַרבאַנד" — ווערט דאָרט געזאָגט — „וועט אין דער ליטעראַטור דורכ-פירן די מיינונג, אַז די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פאַרטיי קעמפט פאַר די עקאָנאָמישע אינטערעסן און רעכט פון אַ ל ע שיכטן פונם אַר-בעטער-קלאַס... (אונטן ווערן אויסגערעכנט אָט די „אַלע" שיכטן. דאָס אונטערגעשטראָכענע וואָרט „אַלע" דאַרף באַווייזן, אַז דער „פאַרבאַנד פון די רוסלענדישע סאָציאַל-דעמאָקראַטן" האָט נישט בדעה זיך צו באַ-גרענעצן נאָר מיטן שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט אַליין. — ס. ג.)... די אַר-בעטער פון די פאַבריקן און זאַוואָדן, אייזנבאַן, האַנדל, באַלמעלאָכעס, קוסטאַרישע און לאַנדווירטשאַפטלעכע..." (ווייזט אויס, לעת עתה אויס-שליסלעך וועגן פאָרשטייער פון אַלע מינים פון ריין-געדונגענער אַרבעט. דאָ הייבט זיך אָן דאָס צעטל פון די האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן נאָך

---

מינים. אָט די מעלה פון לאַסאַלס קלאַסיפיקאַציע, לויט וועלכער אַלע אַרבעטס-פאָרשטייער ווערן פאַרייניקט אין איין קאַטעגאָריע, ווערט באַ אים אַנולירט דורך אַן אויסערגעוויינלעך שעדלעכן צוטשעפּען צו זיי פאָרשטייער פון דער קליינער עקספּלואַטאַציע, וואָס דעם אַרבעטער-קלאַס לעבט זיך באַדייטנד ביטערער פון זיי, ווי אין די גרויסע פאַבריקן און זאַוואָדן. אָט דאָס זעלבע צוטשעפּען עפּעס אויף ברייט די טירן פאַר אַלע „אָפּאָרטוניסטן", וואָס זוכן די אַרבעטער-פאַרטיי זאָל זיך צונויפגיסן מיט דער קליינבירגערלעכער דעמאָקראַטיע.

נישט איינגאַנצן אַנגעווירן דאָס אייגנטום-רעכט אויף די פּראָדוקציאָנס-מיטלען און געצייג — ס. ג.)... און אויך די פּיל-מיליאָנענדיקע קליין-פּויערישע מאַסע (וואָס האָט נישט קיין פערד, קיין איינגעטיילטע ערד, קיין היים, אָדער וואָס פאַרדינגט אירע איינגעטיילטע ערד-חלקים א. ד. ג.), וועמענס ווירטשאַפטלעכע זעלבסטשטענדיקייט איז אַ פּשוטע פיקציע און וואָס פאַרדינט זיך אירע עקזיסטענץ-מיטלען דורך פאַרקויפן זייער מי — אַלס באַטראַקעס, דורך צופעליקע זייטיקע פאַרדינסטן (אָטכאָ-זשיע פּרעמיסלי), צייטווייליקע פאַרשקלאַפונג (קאַבאַלנאַיאַ ראַבאָטאַ), באַ די גוטבאַזיצער (פּריצים) און דאָרפישע קולאַקעס פאַר חובות א. א. וו.״

די לעצטע ווערטער האָבן מיר אונטערגעשטראָכן. זיי באַווייזן, מיט וואָס פאַר אַ סקרופּולעזער פּינקטלעכקייט די רעדאַקציע פון דער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ״ קריצט אויס די גרענעץ-ליניע, וואָס ווערט איר דיקטירט דורך די טעאָרעטישע גרונט-הנחות פון איר פאַרטיי. לויט דער מיינונג פון דער רעדאַקציע דאַרף די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון אַלע שיכטן פונם אַרבעטער-קלאַס. זי באַגרענעצט זיך אָבער נישט מיט דער איינפאַכער און קלאָרער דערקלערונג, וואָס איז אַזוי זעלבסט-פאַרשטענדלעך אין מויל פון אַ סאָציאַליסט. זי הייבט אָן צו דעפינירן דעם באַגריף אַרבעטער-קלאַס. אַלס קריטעריום פאַר דערדאָזיקער דעפיניציע דינען דאָס פעלן פון עקאָנאָמישער זעלבסטשטענדיקייט און די געדונגענע אַרבעט. אָבער „יעדע דעפיניציע איז אַ פאַרניינונג״. אָט דער כּלל פונם דיאַלעקטישן דענקען איז דאָ מקוים געוואָרן אויף דעם בעסטן אופן. אויפן גרונט פון דערדאָזיקער דערקלערונג ווערט פאַרניינט די גאַנצע פּיל-מיליאָנענדיקע מאַסע, וואָס האָט נאָך נישט פאַרלוירן נישט איר פערד, נישט איר שטיקל איינגעטיילטע ערד, נישט איר הויז און וואָס האָט זיך אפילו ערגעץ-ווו געקליגט נישט בלויז נישט צו פאַרדינגען איר פּיצל איינגעטיילטע ערד, נאָר אפילו צוצודינגען אַ שטיקל ערד באַם פּריץ. ס'ווערט ווייטער „פאַרניינט״ די נאָך גרעסערע פּיל-מיליאָנענדיקע פּויערישע מאַסע, וועמענס זעלבסטשטענדיקייט ס'הענגט אפילו אויף אַ האָר, נאָר וואָס פאַרמאָגט אין זיך דאָך גענוג שכל דורכצולעבן, נישט פאַרקויפנדיק איר אַרבעטס-כּוח. פאַר די אַלע אַרבעטנדיקע עלעמענטן, וואָס געפינען נישט קיין אָרט אין צעטל פון אַלע שיכטן פון אַרבעטער-קלאַס, ווערט אָפּגעגעבן אַ באַזונדערער פראַגמענט דירעקט נאָכן ערשטן.

„אָנערקענענדיק פאַר רוסלאַנד די געוואַלטיקע באַדייטונג פון דער אַגראַר-פראַגע, ד. ה. דער פראַגע וועגן באָדן-פאַרהעלטנישן, וועגן דער רעכטלעכער און עקאָנאָמישער לאַגע פון דער הונדערט מיליאָנענדיקער דאָרפישער באַפעלקערונג, וועגן די קעגנזייטיקע באַציונגען צווישן פויערטום, אַדל און דאָרפס-אַרבעטער. — וועט דער „פאַרבאַנד“ שענקען אַן ערנסטע אויפמערקזאַמקייט דידאַקטיקע פראַגן, אויפקלערנדיק אין דער ליטעראַטור די ווירקונג פון די אַגראַרישע פאַרהעלטנישן אייף די קאַמפס-באַדינגונגען און דער לאַגע פונם אַרבעטער-קלאַס אין רוסלאַנד“.

„נישט באַשטימענדיק פאָרויס די פאָליטישע ראָלע פונם רוסישן פויערטום אין עתיד, וועט די רעדאַקציע אויפקלערן די עקאָנאָמישע אומגלייכקייט און אינטערעסן-סתירות, וואָס עקזיסטירן אין זיין סביבה, ווי אויך די פאַרשידענע אופנים פון עקספּלואַטאַציע, וואָס דער אַדל און די קולאַקעס איבן אויס איבער דער דאָרפישער אָרימקייט (אַרענדעס, וווכער, סיסטעם פון אָפּאַרבעטן א. אַנד.) ווי אויך די הימלשרייענדיקע פאָרמען פון דער פויערישער נישט-גלייכבאַרעכטיקונג (שטייער-שטאַנד, לייב-שטראָף, זעמסקי שעפן, צייטווייליקע פאַרקנעכטונג פון די בעל-חובות א. אַז. וו.). די רעדאַקציע וועט ווידמען אַן ערנסטע אויפמערקזאַמקייט אַלע אויסדרוקן פון דער סטיכישער אומצופרידנקייט און באַוווסטזיניקן פּראָטעסט אין דער פויערישער סביבה, באַזונדער די פויערישע „בונטן“ און פאַרשידענע פאָרמען פון סעקטאַנטישער באַוועגונג, וואָס איז ביז איצט געווען דער גרעסטער אויסדרוק פון דער גייסטיקער אויפוואַכונג און אָפּאָזיציאָנעלער שטימונג אין די פויערישע מאַסן“.

אָט דער פראַגמענט, אין וועלכן עס טרעט צום ערשטן מאָל אַרויס אויך דער פויער — ערדבאַזיצער, אונטערשיידט זיך פונם פריערדיקן, אין וועלכן עס האָט זיך גערעדט וועגן „אַלע שיכטן פונם אַרבעטער-קלאַס“, דורך דעם, וואָס בעת דאָרטן ווייסט די רעדאַקציע באַשטימט אויף וועמענס צד זי דאַרף זיך שטעלן און וועמענס אינטערעסן פאַרטיידיקן, — רעדט זי דאָ בלויז וועגן דעם, אַז זי „וועט ווידמען ערנסטע אויפמערקזאַמקייט“ און „אויפקלערן“. צום באַדויערן, קלערט זי אין ערגעץ נישט אויף, וואָס פאַר אַ שטאַנדפּונקט זי וועט אָננעמען בעתן פונאַנדערקלייבן די אויסערגעוויינלעך-וויכטיקע פראַגן: צי וועט זי פאַרטיידיקן די אינטער'עסן פון די ערדאַרבעטער אין זייער קאַמף קעגן דער פראַ-

לעטאַריזירונג, וואָס שטייט זיי פאַר, אָדער, להיפּוך, זי וועט אונז תּיכּף „אויפקלערן“, אַז די פּראָלעטאַריזירונג איז אַן אומפאַרמיידלעכע דערשיינונג אין „נאַטירלעכן סדר־עולם“, אַ דערשיינונג, קעגן וועלכער יעדער קאַמף איז אומנוצלעך און אפילו נישט געווּנטשן, מחמת ער קאָן דאָך פאַרהאַלטן אויף אַ צייט די צאָליקע וווּקס פון דעם פּראָלעטאַריאַט.

דאָס אָרט, וואָס מיר ציטירן, פאַרענדיקט זיך מיט פאָלגנדיקן פראַגמענט:

„אויפקלערנדיק די אייגנאַרטיקייט פון די פאָרמען און אַרבעטסבאַדינגונגען, די פאַרשידענע אופנים פון עקאָנאָמישן דרוק און רעכטלאָזיקייט, וואָס זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדן פון די אויסגערעכנטע שיכטן פון דער עקספּלואַטירטער מאַסע, וועט די רעדאַקציע חוצדעם באַזונדער אונטערשטרייכן, אַז די עקאָנאָמישע רעכטלעכע און פּאָליטישע אינטערעסן זענען אַלגעמיין פאַרן גאַנצן אַרבעטנדן רוסישן פאָלק. נאָר אין קאַמף פאַר די אינטערעסן און רעכט פון אַלע אַרבעטנדיקע קעגן אַלע פאָרמען פון עקאָנאָמישן, פּאָליטישן, נאַציאָנאַלן און רעליגיעזן דרוק וועט די רוסישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע אויספילן איר היסטאָרישע אויפגאַבע: אַראָפּוואַרפן די זעלבסטהערשונג און פולקאָם באַפרייען עקאָנאָמיש און פּאָליטיש דעם אַרבעטער־קלאַס“.

דאָס מאָל איז דער קורסיוו נישט אונזערער, נאָר פון דער רעדאַקציע „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“. און אונטערגעשטראָכן זענען באמת זייער גוטע ווערטער, וואָס זייער ווערט פאַרלירט אָבער פיל דערפון, וואָס די פריערדיקע דערקלערונגען האָבן נישט ווילנדיק אַרויסגערופן פאָלגענדן געדאַנק: די רעדאַקציע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האַלט, אַז „ווער ס'זעט אינם מאַרקסיזם נאָר אַ „היפּאָטעזע“ אָדער „אַ מין פילאָזאָפישן פאָרגעדאַנק“, — דער איז פונקט אַזוי גרינטלעך אָפּגעשניטן פון דער רוסישער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי פון דער מערבאייראָפּעישער“*), וואָס שטייט אין אידעישן הסכם מיטן מחבר פונם „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“, מיט קאַוטסקיס קאָמענטאַרן צו דעם „ערפורטער

---

*) פון דער רעצענזיע פון ה. ב. ק. וועגן אונזער בראָשור: דער סאָציאַליזם און דער קאַמף פאַר פּאָליטישער פרייהייט. „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ נר. 1, זייט 138.

פּראָגראַם", מיט דער גאַנצער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור פונם „פּלעכאַנאָווישן פּעריאָד" און אינם נאָך גרעסערן אידעישן הסכּם מיטן מחבּר פון „די אויפגאַבן פון די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן", ווי דאָס פּויערטום, אַלס פּאַרשטייער פונם קליינבירגערטום ווערט אַוועקגעשטעלט דעם אַרבעטער־קלאַס. בּכן איז אָט די רעדאַקציע, זאָג איך, איז קוים בּיכולת צו פאַרשטיין אונטערן טערמין „אַלע האָרעפּאַשנע", „דאָס גאַנצע אַרבּעטנדיקע פאָלק" — אויך די אַרבּעטסלייט, וועלכע האָבּן נאָך נישט פאַרלוירן דאָס אייגנטום־רעכט אויף די פּראָדוקציאָנס־מיטלען און געצייג, ד. ה. בּעיקר די פּויערים. קעמפן פאַר ז י י ע ר ע אינטערעסן, פאַרטיידיקן ז י י ע ר ע טאָג־טעגלעכע נויטבּאַדערפעניש, פירן זייער קלאַסן־קאַמף קעגן די גוטבּאַזיצער און קולאַקעס, פירן צווישן ז י י אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע אויפן יסוד פון אַרטיקע נויטבּאַדערפענישן און אינטערעסן — קאָנען נישט צוזאָגן נישט די רעדאַקציע פון „ראַבּאָטשעיע דיעלאָ" בּפרט און נישט דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּראָגראַם בּכלל.

אַזוי אַרום זעען מיר, אַז די רעדאַקציע פון דער „ראַבּאָטשעיע דיעלאָ" האָט אין דער הינזיכט ערלעך און געוויסנהאַפט געטון אַלץ, וואָס זי האָט געקאָנט. זי איז צוגעגאַנגען ענג בּיז צו דער גרענעץ, צו וועלכער ס'קאָן בּכלל צוגיין די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זי האָט זיך מתחייב געווען צו אַרבּעטן פאַר די נישט פּראָלעטאַרישע שיכטן פונם אַרבּעטער־קלאַס נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל זייערע אינטערעסן פאַלן אינגאַנצן צונויף מיט די אינטערעסן פונם פּראָלעטאַריאַט. אַריבּערגיין אין דעם פּונקט דעם קרייז מאַרקסיסטישע אידעען קאָן זי נישט, אויבּ זי וויל בּלייבּן געטריי די גרונט־פּרינציפּן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז מיר מאַכן איר דערפאַר קיין שום פאַרוואָרף נישט. דער קרייז מאַרקסיסטישע אידעען איז צו גרויס און אַלע זיינע עלעמענטן (לכל הפּחות פונם ערשטן בּליק) זעען אַזוי שיין צווישן זיך צוזאַמענגעהעפט, אַז ס'איז גאָרנישט אַזוי לייכט זיך קריטיש אין אים פונאַנדערצוקלויבּן. די רוסישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָנערקענט דעם מאַרקסיזם פאַר איר טעאָרעטישן יסוד. ס'וואָלט פון אונזער זייט געווען נישט געוויסנהאַפט פאַרצוואַרפן אונזערע חברים, פאַרוואָס זיי בּלייבּן געטריי זייערע פעסטע איבּערצייגונגען...

• •
•

צום אונטערשיד פונם אוטאָפּיסטישן סאָציאַליזם דערווייזט דער וויסנשאַפטלעכער, אַז די סאָציאַלע באַפרייונג פונם פאָלק, קאָן זיין די זאַך פונם פאָלק אַליין נאָר, ד. ה. פון זיין גרויסער אַרבעטנדיקער מערהייט, וואָס איז דירעקט פאַרינטערעסירט אין פאַרניכטן די עקספּלואַטאַציע און אין קלוגער אָרגאַניזירונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

קאַרל מאַרקס וואָלט באַם פאַרווירקלעכן דעם סאָציאַליזם נישט געווידמעט אַזאַ ראָלע דעם פּראָלעטאַריאַט, ווען ער זאָל נישט געווען זיין איבערצייגט, אַז דער קלאַס געדונגענע אַרבעטער שטעלט מיט זיך פאָר, אָדער מוז מיט זיך אומבאַדינגט פאָרשטעלן, — לויט די געזעצן פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג — אַ גרויסע מערהייט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

„אַלע באַוועגונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען ביז איצט", — זאָגט ער אין „מאַניפעסט" — „זענען געווען באַוועגונגען פון דער מינדערהייט, אָדער אין די אינטערעסן פון דער מינדערהייט. די באַוועגונג פונם פּראָלעטאַריאַט איז אַ זעלבסטשטענדיקע באַוועגונג פון דער אומגעהייערער מערהייט אין די אינטערעסן פון דער זעלבער מערהייט".*)

אָט דער געדאַנק איז, דאַכט זיך מיר, דער צענטראַלער פּונקט פון קאַרל מאַרקס גאַנצן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. דאָס איז — דער ווינקלשטיין פון דער גאַנצער געביידע, און, אויב מ'זאָל אים אַוועקנעמען, פאַרלירט זי איר גלייכגעוויכט. אַלע אירע טיילן זענען אַזוי קאָאָרדינירט, בכדי צו קאָנען באַהויפּטן, אַז דער פּראָלעטאַריאַט וועט אומבאַדינגט ווערן די „אומגעהייערע מערהייט" פונם גאַנצן פאָלק, און דערצו נאָך אַזאַ מערהייט, פאַר וועלכע אַלע סאָציאַלע און מאָראַלישע יסודות פון דער אַלטער געזעלשאַפט, וואָס דינען אַלס מניעה פאַרן פאַרווירק-

*) „דער מאַניפעסט" — זייט 17.

לעכן דעם קאָמוניסטישן אידעאַל: אייגנטום, פאַמיליע, רעליגיע, פאָטער־לאַנד — וועלן פאַרלירן יעדע באַדייטונג. די קאָמוניסטישע אָרדנונג וועט אומפאַרמיידלעך פאַרווירקלעכט ווערן נאָר דערפאַר, ווייל די אומ־געהייערע מערהייט פון פאָלק וועט בעתן פּראָצעס פון „אויסקאָכן זיך אין קאַפּיטאַליסטישן קעסל" זיך באַפרייען פון די כוחות, וואָס זענען פיינד־לעכע פאַרן קאָמוניזם, און וועט צוגעווווינט ווערן אויף די גרויסע פאַב־ריקן און אַנדערע גראַנדיעזע אונטערנעמונגען צו סאָלידאַריטעט און נייטיקער דיסציפּלין. דאָס איז דער נאַציאָנאַלער פּונקט פונם מאַרקסיס־טישן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם, זיין אינערלעכע אידעע, זיין נשמה. האָבנדיק אין זין די אידעע, האָט מאַרקס אויסגעאַרבעט זיין טעאָריע פון געזעלשאַפטלעכן און היסטאָרישן לעבן און אַנאַליזירט די עקאָנאָמישע יסודות פון דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג. די טעאָריע פון „קאַפּיטאַלן־קאָנצענ־טראַציע" האָט באַדאַרפט, אגב, באַווייזן, ווי אַזוי ס'אַנטשטייען פאַבריקן— אוניווערזיטעטן, אין וועלכע דער פּראָלעטאַריאַט לערנט זיך סאָציאַלן פאַרשטאַנד.

די קריזיס־טעאָריע האָט אונז באַדאַרפט באַקענען מיט די כוחות, וואָס ווירקן בעיקר אויף דעם צאָליקן אָנוואַקסן פונם פּראָלעטאַריאַט. די טעאָריע פון אַלץ גרעסערער און גרעסערער מאַסן־פאַראָרימונג האָט אונז געמאָלט דעם פּראָצעס פון „אויסקאָכן זיך", בעת וועלכן דער פּראָלע־טאַריאַט באַפרייט זיך פון די אַלטוועלטיקע גרונט־באַגריפן, פון די סאָ־ציאַלע און מאָראַלישע יסודות פון דער בורזשואַזער געזעלשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע דריי טעאָריעס זענען ענג פאַרבינדן צווישן זיך, העלפן אונטער און נעמען אָפּט איבער די פונקציעס איינע בא דער אַנדערער, און ס'איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז נישט נאָר אויף די דריי וואַלפישן האַלט זיך די מאַרקסיסטישע וועלט. אַרום די דריי גרונט־פונקטן פון מאַרקס און ענגעלס וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם האָבן זיך פונאַנדערגע־וואַקסן אין זייערע טעאָרעטישע אָנשויונגען אַ גאַנצע שיטה פילאָזאָפישע, סאָציאָלאָגישע און היסטאָריש־וויסנשאַפטלעכע לערעס, וואָס מ'האָט טייל־ווייז איבערגענומען פון דער אַרומיקער גייסטיקער אַטמאָספערע, טייל־ווייז אויסגעפונען אויפן וועג פון באַאָבאַכטונג און אַנאַליז פון דער ווירקלעכקייט און טיילווייז צונויפגעקאָמבינירט — דער עיקר דורך מאַרקס בעניאַלן געדאַנק — פון אָט דידאַזיקע צוויי עלעמענטן.

די גרונט־ליניעס פון דידאָזיקע באַזונדערע לערעס זענען אָבער דורכגעפירט געוואָרן אַזוי, אַז זייער נאַטירלעכער המשך זאָלן זיין די

טעאריע פון קאפיטאלן-קאנצענטראציע, די קריזיס-טעאריע און די טעאריע פון דער מאסן-פראלעטאריזירונג און אז זייער לאגישער סוף, זייער קרייץ-פונקט, זאל זיין די אידעע וועגן פראלעטאריאט, אלס אן „אומגעהייערע מערהייט" פון פאלק, וואס איז באפרייט פון אלע בורזשואזע באגריפן, דיסציפלינירט און סאלידאריזירט דורכן פראצעס פון קאפיטאליסטישער פראדוקציע און וואס שאפט דעריבער די סאציאלע רעוואלוציע אין זיינע אייגענע אינטערעסן, ד. ה. אין די אינטערעסן פון דער „אומגעהייערער מערהייט"*).

זאל מען אונז נישט באשולדיקן אין דעם, אז מיר האבן איבערגעקערט מיטן קאפ אראפ די באציונגען פון באזונדערע טיילן אין דער מארקסיסטישער סיסטעם, אז מיר האבן פאר זיין אויסגאנגס-פונקט אנגענומען די לערע וועגן דער קוואליטאטיווער און קוואנטיטאטיווער ראלע פונם פראלעטאריאט, די לערע, צו וועלכער דער אומבאוווסטזיניקער סוביעקטיוויזם האט צוגעפירט, ווי צו זיין לאגישן סוף, דאס גאנצע איבעריקע, בעת אין אמתן איז אלץ כלומרשט געווען פארקערט: דער אויסגאנגספונקט איז געווען די ליידנשאפטלאזע, אביעקטיווע אויספארשונג פון דערווירקלעכקייט און מארקס קוק אויפן פראלעטאריאט און זיין היסטארישער ראל איז געקומען ווי א נישט פאראויסגעזעענע מסקנא פון דער מעטאדיש-ריכטיקער וויסנשאפטלעכער אויספארשונג.

אלס ענטפער דערויף וואלט נישט שווער געווען צו ברענגען א מאסע באווייזן פון דער געשיכטע פון קארל מארקס גייסטיקער אנטוויקלונג, וואס זאגן עדות, אז דער וועג פון אויסארבעטן זיין וויסנשאפטלעכן סאציאליזם איז געווען דווקא דער, וועלכן מיר האבן אויבן כאראקטעריזירט. ווען מארקס איז אין פאריז אין די יארן 1843 און 1844 צוגעשטאנען צום פראנצויזישן סאציאליזם און אינאיינעם מיט דעם אזויגערופענעם „אמתן סאציאליזם" מיט דער הילף פון פייערבאכס דאקטרינעס געארבעט איבער זיין פילאזאפישער באגרינדונג, האט נאך נישט

---

*) ס'איז איבעריק מוסיף צו זיין, אז, נישט קוקנדיק אויף דעם אומבאוווסטזיניקן סוביעקטיוויזם, וואס האט בעדינט מארקסן בא זיינע טעארעטישע ארבעטן, געפינען מיר אין זיי פיל ווערטע אביעקטיווע אמתן, וועמענס באדייטונג פאר דער געזעלשאפט-לערע וועט נאך זיין גרויס אפילו נאך דאן, ווען פונם אזוי גערופענעם וויסנשאפטלעכן סאציאליזם וועט בלייבן בלויז א באלערנדיקער זכר

געקאָנט זיין קיין רייד וועגן זיין אויספאָרשן די עקאָנאָמישע ווירקלעכקייט. אין די ווערק אָבער פון די „אמתע סאָציאַליסטישע" פאָרשטייער געפינען מיר אין די וויכטיקסטע עלעמענטן פון „וויסנשאַפטלעכקייט": סיי דער נאַטירלעכער סדר־עולם, סיי די רעוואָלוציאָנערע ראָלע פונם קאַפּיטאַליזם, סיי די היסטאָרישע מיסיע פונם פּראָלעטאַריאַט האָבן געפונען אין מ. העסן און גרינען איבערצייגטע אָנהענגער. ווייטער, דער אַנאַליז פון דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט, אויף וויפיל זיינע רעזולטאַטן זענען געווען וויכטיק פאַר דעם „מאַניפעסט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי", איז נאָך פאַר מאַרקסן געמאַכט געוואָרן דורך דער שול, וועלכע ער האָט אין „מאַניפעסט" געקרויגט מיטן נאָמען „קליינבירגערלעכע".

„אָט דער סאָציאַליזם", — ווערט געזאָגט אין „מאַניפעסט" — „האָט אויסערגעוויינלעך טיף אַנאַליזירט די סתירות אין די היינטיקע פּראָדוקציע־פאַרהעלטנישן, אויפגעדעקט די צביעות פון די פּאָליטיקא־עקאָנאָמיסטן. האָט בולט באַוויזן די צעשטערנדיקע ווירקונג פון דער מאַשינען־פּראָדוקציע און אַרבעטס־פונאַנדערטיילונג, די קאָנצענטראַציע פון די קאַפּיטאַלן און ערד־אייגנטום, די איבערמאָסיקע פּראָדוקציע, די קריזיסן, דעם אומפאַרמיידלעכן אונטערגאַנג פונם קליינבירגערטום און פויערטום, די פּאַופּעריזאַציע (פאַראָרימערונג) פונם פּראָלעטאַריאַט, די אַנאַרכיע אין דער פּראָדוקציע, די הימלשרייענדיקע אומגערעכטיקייט באַם פונאַנדערטיילן דאָס רייכטום, די פאַרניכטנדיקע אינדוסטריעלע פעלקער־מלחמה, דאָס פאַלן פון די אַלטע זיטן, אַלטע פאַמיליע־באַציונגען און אַלטע „נאַציאָנאַליטעטן"."*)

מאַרקס איז לחלוטין נישט מסופק געווען אין דער אַבסאָלוטער ריכטיקייט פון דידאָזיקע רעזולטאַטן. פונאַנדערגעגאַנגען זיך מיט דעם קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם איז ער דעמאָלט נאָר אין די סאָציאַל־פּאָליטישע סך־הכלען, וועלכע די קליינבירגערלעכע סאָציאַליסטן האָבן געמאַכט פון זייער ווירקלעכקייטס־אַנאַליז. „לויט זיין פּאָזיטיוון אינהאַלט" — זאָגט ער — „וויל דערדאָזיקער סאָציאַליזם אָדער אויפשטעלן צוריק די אַלטע פּראָדוקציאָנס־און פאַרקער־מיטלען, און מיט זיי אויך אַלע אייגנטום־באַציונגען און אפילו די אַלטע געזעלשאַפט אַליין, אָדער מיט געוואַלט אַריינשטויסן די היינטיקע פּראָדוקציאָנס־מיטלען און פאַרקערס־מיטל

---

*) „דער מאַניפעסט" — זייט 26 — (אין דער רוסישער איבערזעצונג פונם ה, פּ־ עכאַנאָוו זענען איניקע אויסדרוקן פונם דאָזיקן פראַגמענט אָפּגעשוואַכט...)

אין די ראַמען פון די אַלטע אייגנטום-פאַרהעלטנישן, וועלכע זענען געוואָרן און וואָלטן באַדאַרפט דורך זיי ווערן צעשטערט. אין ביידע פאַלן איז ער גלייך רעאַקציאָנער און אוטאָפּיש. די ציך-אָרדנונג אין דער מאַנופאַקטור און די פּאַטריאַכאַלע ווירטשאַפט אין דאָרף — זענען זיין לעצט וואָרט.

פאַרשטייט זיך, אַז אויב ס'זענען נישטאָ קיין אַנדערע וועגן אויף צו ראַטעווען דאָס האָרעפּאַשנע פויערטום פון פּראָלעטאַריזאַציע, אַ חוץ פּאַטריאַרכאַלע ווירטשאַפט און צעך-אָרדנונג, — איז דידאָזיקע פּראָלעטאַריזאַציע אומפאַרמיידלעך און דער קלאַס געדונגענע אַרבעטער מוז אומבאַדינגט ווערן די „אומגעהייערע מערהייט”.

פאַרטראַכטן זיך צו געפינען אַנדערע וועגן אויף צו ראַטעווען דאָס פויערטום, וואָס האַלט באַם אונטערגיין, האָט מאַרקס נישט געקאָנט, דערין האָט אים געשטערט, ערשטנס, די לערע, וואָס ער האָט געירשנט באַ העגעלן וועגן „נאַטירלעכן סדר-עולם”, וואָס שליסט אויס יעדן פּרוּוו פעסטצושטעלן, מיט דער הילף פון סאָציאָלאָגישן און פּאָליטיקאַ-עקאָנאָמישן אַנאַליז, די איבערגאַנגס-פאָרמען פון דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, באַ וועלכער די פויערישע אינטערעסן וואָלטן געקאָנט אפילו באַ דער הערשנדער אָרדנונג כאָטש טיילווייז באַפרידיקט ווערן און וועלכע וואָלטן זיי געראַטעוועט פון מוזן פאַרוואַנדלט ווערן אין פּראָלעטאַריער אָן מיטלען. ערנסט באַציען זיך צו דער פראַגע וועגן דאָרפישע אַסאָציאַציעס, ווי דאָס טון, למשל, איצט אין דער טעאָריע און פּראַקטיק אונזערע חברים אין בעלגיע, וואָלט געהייסן פאַר מאַרקסן אין דער „מאַניפעסט”-עפּאָכע אַריינפאַלן אין „פּרודאָניזם” — אין דער פאַרקערפערונג פונם „קליינבירגערלעכן סאָציאַליזם”. די טעאָריע און פּראַקטיק פון דער בעלגישער פּאַרטיי האָבן זיך ענגעלסן נאָך אין 1872-טן יאָר אויסגעדאַכט קליינבירגערלעך און אוטאָפּיש. „דאָס איינציקע לאַנד”, — האָט ער געשריבן, — „אין וועלכן די אַרבעטער-באַוועגונג געפינט זיך אונטער דער דירעקטער ווירקונג פון די פּרודאָניסטישע „פּרינציפּן” — דאָס איז בעלגיע און נאָר דערפאַר גייט די בעלגישע באַוועגונג, ווי העגעל האָט זיך אויסגעדריקט. „von nichts durch nichts zu nichts”*).

---

*) Fr. Engels — Zur Wohnungsfrage. Separatabdruck aus dem „Volksstaat”, Leipzig, 1872. Drittes Heft, Seite 3.

אזא פאראורטיילן די „פּרודאָניסטישע פּרינציפּן" וואָלט איצט אַרויסגערופן אַן אַלגעמיין געלעכטער, נאָר אין 1872 יאָר און נאָך פריער, צום סוף פון די 40-ער יאָרן, וואָלט דער געדאַנק וועגן אַן עקאָנאָמישער פּויערישער אָרגאַניזאַציע אויף אָנצופירן דעם אַלגעמיינעם קאַמף מיטן קאַפּיטאַליזם סותר געווען דעם „סדר עולם, וואָס האָט זיך אויסגעדאַכט בלי שום ספק שוין פעסטגעשטעלט און וועלכן אַלע מיטל-שיכטן פון דער באַפעלקערונג דאַרפן אונטערגיין און אָפּריינִיקן דאָס פעלד פאַרן קאַמף פון די צוויי הויפּט-קלאַסן פון דער היינטיקער געזעלשאַפט: די בורזשואַזיע און דער פּראָלעטאַריאַט.

דער אידעאַל פון דער פולסטער איבערקערעניש אין געזעלשאַפט-לעכן לעבן, וואָס האָט אַזוי באַגייסטערט מאַרקסן און וואָס לויט זיין שטאַנדפּונקט קאָן זיין דער טרעגער פון דעמדאָזיקן אידעאַל נאָר דער נישט פאַרמעגלעכער פּראָלעטאַריער, וואָס איז אַרויסגעשמיסן מחוץ דער געזעלשאַפט, אָט דער אידעאַל איז געווען די צווייטע סיבה, פאַרוואָס מאַרקס האָט נישט געזאָרגט וועגן גורל פונם פּויערטום. וואָס האָט דע-מאָלט, יעדנפאַלס, מיט זיך פאַרגעשטעלט די מערהייט פון די האַרעפּאַש-נע קלאַסן. מאַרקס רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסטישער אידעאַל האָט זיך נישט באַגרענעצט מיט דער פאָדערונג מבטל צו מאַכן דאָס פּריוואַטע אייגנ-טום אויף פּראָדוקציאָנס-מיטלען און געצייג. אין זיין מוח האָט זיך געמאָלט די פולע צעשטערונג פון דער געזעלשאַפט פון זיין צייט און דאָס באַ-האַלטן אין אַרכיוו פון אַלע פּאָליטישע, עטישע, פילאָזאָפישע, רעכטלעכע און רעליגיעזע יסודות פון דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. די עצם-עקזיסטענץ פון מאָראַל, פילאָזאָפיע, רעכט, פּאָליטיק און רעליגיע, ווי פאַרשידנאַרטיק זייער אינהאַלט זאָל נישט געווען זיין אין פאַרשידענע תקופות פון היסטאָרישער אַנטוויקלונג, האָט מאַרקס באַטראַכט אַלס אַ פועל-יוצא פון דעם אַלגעמיינעם פאַקט פון דער געשיכטע פונם עבר, לויט וועלכן איין טייל געזעלשאַפט ווערט עקספּלואַטירט דורך דער אַנדערער*). אינגאַנצן פּטור ווערן פון די „אידעאָלאָגישע צובויונגען" האָט, לויט זיין מיינונג, געקאָנט דער פּראָלעטאַריער, וואָס האָט לויט זיין עקאָנאָמישער לאַגע זיך אָפּגעטיילט פון דער גאַנצער געזעלשאַפט.

דעם פּראָלעטאַריאַטס פּסיכיק ווייטער, וואָס איז דורכן עקאָנאָמישן

*) זע דעם „Manifest" זייט 23

פּראָצעס באַפרייט געוואָרן פון דער אייגנטום-פּוריע, פון די פּאַנטאַסטישע רעליגיע-פאָרשטעלונגען, פונם פיליסטערס מאָראַל און אָנשויונגען, פלעגט צוציען און ציט נאָך עד היום צו די מאַרקסיסטישע הערצער. די פויערישע פּסיכיק, וואָס געפינט זיך אונטער דער שטאַרקער מאַכט פון אומצאָליקע לעבנס-קליינקייטן, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם פירן זיין מיקראָסקאָפּישע קאָמפּליצירטע ווירטשאַפט, די שטענדיקע דאגות וועגן זיין ליליפּוטישן אייגנטום, וואָס דראָט יעדע רגע אָוועקצושווימען פון אונטער זיינע פיס, — אָט די פויערישע פּסיכיק האָט אין פאַרגלייך מיט דער פּראָלעטאַרישער זיך באַדאַרפט אויסדאַכטן ווי אַ שטרויכל-שטיין, וועלכן קיין סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע איז נישט ביכולת צו באַזייטיקן. „אַנטיקאָלעקטיוויסטישער שאַרבן", „פעסטונג פון רעאַקציע", — אָט דאָס זענען די עפּיטעטן, וועלכע דער מאַרקסיזם שענקט דעם פויערטום. פון דעם שטאַנדפּונקט שטעלט מיט זיך פאָר די פאַרוואַנדלונג פונם פויער אין אַ פּראָלעטאַריער ווי אַ פּראָצעס נישט נאָר אַן אומפאַרמיידלעכן, נאָר אַן אויסערגעוויינלעך געוואונשענעם. דער פּראָלעטאַריאַט ווערט אַן „אומגעהייערע פאָלקס-מערהייט", און גוט וואָס עס ווערט אַזוי. דאָס באַטייט, אַז דאָס גאַנצע פאָלק, אָדער, לכל הפּחות, זיין אומגעהייערע מערהייט, וועט באַפרייט ווערן פון אָט די אַלע מניעות, וואָס האָבן אים געשטערט צוצושטיין צום סאָציאַליזם.

דער מאַרקסיסטישער שטאַנדפּונקט, וואָס באַזירט זיך בלויז אויפן שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, איז געווען אַ גרויסע מעלה סיי פאַרן טעאָרעטישן קאַמף מיט די בורזשואַזע און פעאָדאַלע שונאים פונם סאָציאַליזם, סיי פאַר זיין פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער אינטעליגענץ, און סיי פאַרן אָנפירן די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט אַליין, ד. ה. פאַר דער פּאָליטישער אָרגאַניזירונג פון די שטאָטישע אַרבעטער-מאַסן. באַזונדערס פאַר דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. אָפט באַשולדיקט מען די מאַרקסיסטן, אַז זיי רעכנען זיך ווייניק מיט דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, צו וועלכער זיי גייען צו מיט אויסגערעכנטע, אַבסטראַקטע פאָרמולעס. דאָס איז אי ריכטיק, אי נישט ריכטיק. דער מאַרקסיזם רעכנט זיך מיט דער ווירקלעכער, קאָנקרעטער לאַגע פונם פּראָלעטאַריאַט; נאָר זיינע אינטערעסן אינטערעסירן אים ערנסט, ווייל, לויט זיין מיינונג, מוזן זיי ווערן די אינטערעסן פון דער „אומגעהייערער מערהייט" פון פאָלק. אָט פאַרוואָס ער האָט געקאָנט ביז צו דער לעצטער צייט זיך ווייניקער אינטערעסירן מיט דער קאָנקרעטער ווירקלעכקייט, וואָס אונטערדריקט אַלע

אַנדערע פאַרשטייער פון אַרבעט. אין דער ווירקלעכקייט האָבן פאַר אים געהאַט אַ ווערט בלויז די נעגאַטיווע זייטן, וועלכע האָבן אונטערגעגראָבן און צעשטערט די אָדער די אַנדערע „יסודות“ און שנעלער געבראַכט דעם פראָצעס פון אָפרייסן דעם פראָדוצירער פון זיינע פראָדוקציאָנס-מיטלען און געצייג. אַזוי אַרום איז די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבע באַדייטנדיק פשוטער געוואָרן. אַנשטאָט דער זייער פאַרפלאָנטערטער אינטערעסן-נעץ פון אַ ל ע האָרעפאַשנע, וועלכע אַ סאָציאַליסטישע פאַרטיי וואָלט באַדאַרפט פאַרטיידיקן, האָט זי זיך באַגרענעצט בלויז מיטן אָרגאַניזירן דעם קלאַסן-קאַמף פונם פראָלעטאַריאַט קעגן דער בורזשואַזיע, ד. ה. מיט אַזאַ טעטיקייט, וואָס ליגט גראָד אויף דער ליניע פונם קלענסטן ווידערשטאַנד.

מיר פאַרשטייען דעריבער פולקאָם די פסיכאָלאָגיע פון די מאַרקסיסטן, וואָס האַלטן זיך פעסט פאַר זייערע פרינציפן. פאַרגעסן מיר נאָר אויף אַ רגע דעם „פראָלעטאַרישן שטאַנדפונקט“, ד. ה. פשוטער געזאָגט, די מיינונג, לויט וועלכער דער פראָלעטאַריאַט וועט אומבאַדינגט ווערן די אומגעהייערע מערהייט פון פאָלק; פאַסן מיר נאָר צו אונזער טעטיקייט צו די פילצאָליקע און אויסערגעוויינלעך-פאַרפלאָנטערטע אינטערעסן פון אַלע אַנדערע נישט פראָלעטאַרישע אַרבעט-שיכטן, — ווערט תיכף פאַרשווינדן די קלאָרקייט און איינפאַכקייט פון דעם סאָציאַל-דעמאָקראַטישן פראָגראַם. עס אַנטשטייען שוועריקייטן, וועגן וועלכע דער שטאָטישער געזעלשאַפטלעכער עסקן האָט אפילו נישט קיין אַנונג. עס שווימען אַרויס פראַגן, וועגן וועלכע דער הערשנדיקער און מערב-אייראָפעישער סאָציאַליסטישער געדאַנק האָט נאָר אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבן זיך ערנסט צו פאַרטראַכטן. נישט קיין חידוש, וואָס באַ אונז אין רוסלאַנד זענען אייניקע מאַרקסיסטן, à la פלעכאַנאָוו, וואָלגין און קאָ גרייט צו טרוימען, ווי גוט ס'וואָלט, כלומרשט, געווען, ווען בעתן באַפרייען די פויערים וואָלט מען זיי אינגאַנצן אָן ערד אָפגעלאָזט אויף דער פריי. נישט קיין וווּנדער אויך, וואָס די מער איבערצייגטע מאַרקסיסטן דאַרפן זיך פרייען מיטן פראָצעס, וואָס צענעמט שטיין נאָך שטיין די „רעאַקציע-פעסטונג“ און בויט אויס פון איר מאַטעריאַל דעם פעלז, אויף וועלכן — לויט לאַסאַלס ווערטער — ס'דאַרף אויפגעבויט ווערן דער טעמפל פונם עתיד. מיר זענען זיך מודה, אַז ווען מיר וואָלטן, ווי די מאַרקסיסטן, געווען איבערצייגט, אַז די פראָלעטאַריזאַציע פונם פויערטום איז אַ פראָצעס, וואָס מען קאָן נישט איינהאַלטן, וואָלטן מיר, פונקט אַזוי ווי די

מאַרקסיסטן, זיך באַציִגן מיט חוזק און פאַראַכטונג צו די אַלע פאָרוואורפן און „האַרטקייט", „געפיללאָזע קאַלטקייט צו די פאָלקס־אינטערעסן א.א. וו. א. א. וו., — פאָרוואורפן, וועלכע אונזערע חברים שיטן אויפן אַדרעס פון די מאַרקסיסטן, ווייל זיי מעסטן זייער געפיל מיטן אייגענעם געפיל און פילן גישט אויס די הויפט־פאָדערונג בא אַ מאָראַלע פאַראורטיילונג פון חברים, וואָס באַשטייט אין דעם, מען זאָל זיך שטעלן אויף זייער שטאַנדפונקט. נאָר די מאַרקסיסטישע מערהייט האַלט זיך פעסט פאַר איר „פראָלעטאַרישן" שטאַנדפונקט נישט חלילה דערפאַר, ווייל זי האָט דאָסקאָנאַל אויסגעלערנט די געשיכטע, אַנטדעקט די געזעצן, וואָס פירן אָן דעם „נאַטירלעכן סדר־עולם", און אָנגעווענדט די אַנטדעקטע געזעצן צו דער פונקט אַזוי דאָסקאָנאַל אויסגעשטודירטער רוסישערווירקלעכקייט. אָ, ניין! פיל באַציִען זיך בא אונז בכלל זייער ליבעראַל צו די פאָדערונגען פון ווינסנשאַפטלעכער געוויסנהאַפטיקייט און צום ריגאָריזם פון ווינסנשאַפטלעכער איבערצייגונג. דאָס גלויבן אין אויטאָריטעטן פאַרנעמט בא אונז צו אָפט דאָס אָרט פון געוויסנהאַפטער אויספאָרשונג, און די ליבעראַלע באַציִונג צו דער ווינסנשאַפט און דער גרענעצלאָזער גלויבן אין אויטאָריטעטן ווערט בא אונזערע מאַרקסיסטן פאַרטיפט דורך דעם, וואָס זיי זעען אין „פראָלעטאַרישן שטאַנדפונקט" אַ רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק, וואָס פאַרזיכערט זיי די מעלות פון דער „ליניע פונם קלענסטן ווידערשטאַנד". ווי צוציִענדיק ס'זאָלן אפילו נישט זיין די באַקוועמלעכקייטן פונם „פראָלעטאַרישן שטאַנדפונקט", טאָר מען נישט פאַרגעסן, אַז די „ליניע פונם קלענסטן ווידערשטאַנד" פאַלט נישט אַלע מאָל צונויף מיט דער ליניע פון גרעסטן דערפאָלג. אָט דער אמת ווערט אַלץ מער און מער קלאָר פאַר די אייראָפּעישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. פינפציק יאָר טעטיקייט אויף דער „ליניע פונם קלענסטן ווידערשטאַנד" האָט געבראַכט דערצו, אַז איצט געפינען זיי זיך כמעט אויף דער גרענעץ פון זייערע דערפאָלגן. ס'איז נייטיק געוואָרן אַ קוק צו טון מיט ניכטערנע אויגן אויף די רעוואָלוציאָנערע שאַנסן פון אַ ריין־פראָלעטאַרישער פאַרטיי און נאָכאַמאָל קריטיש איבערקוקן דעם גאַנצן מאַרקסיסטישן ווינסנשאַפטלעכן אַרסענאַל, וואָס איז צוגעפּאַסט אויסשליסלעך אויף צו פאַרטיידיקן דעם פראָלעטאַרישן שטאַנדפונקט. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אַזוי גערופענער „קריזיס אין מאַרקסיזם", וואָס דרייט זיך לויט זיין מהות דער עיקר אַרום דער פראַגע, צי דאַרפן די סאָציאַליסטישע פאַרטייען בלייבן אויסשליסלעך פאַרטייען פונם שטאָטישן פראָלעטאַריאַט, אָדער זיי מוזן אין דער ספערע פון אינטערעסן, וועלכע זיי פאַרטיידיקן,

אויך איינשליסן די נויטן פון אַלע אַנדערע פּאָרשטייער פון אַרבעט.

דאָס איבערקוקן די מאַרקסיסטישע גרונט-הנחות געפינט זיך אין די ערשטע מדרגות פון זיין אַנטוויקלונג. פיל „קריטיקער" אַליין איז נאָך נישט קלאָר דער גאַנצער זין פון דער רעוואָלוציע, וואָס קומט פאָר אין די אָנשויונגען פון דער היינטיקער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. פיל פראַגן זענען ערשט נאָר אָנגעמערקט און נאָך נישט אַוועקגעשטעלט אויף אַן ערנסטן אופן צו דער דיסקוסיע. נאָר פון די ערשטע מדרגות פונם קריג זעט מען שוין, אַז די צענטראַלע לאַגע פונם אַזוי גערופענעם „וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם", זיין נביאות וועגן דעם, אַז דער פּראָלעטאַריאַט מוז אומבאַדינגט ווערן די „אומגעהייערע פאָלקס-מערהייט", איז לעת עתה נישט נאָר נישט מקוים געוואָרן, נאָר ווערט אַלץ מער און מער פּראָבלעמאַטיש. סטאַטיסטישע אויסצוגן פון דער לעצטער דייטשער פאָלקסציילונג, וואָס ווערן געבראַכט אַלס באַווייז פון דעם צענטראַלן געדאַנק, באַווייזן, אַז אויב מען זאָל, למשל, צום דאָרפישן פּראָלעטאַריאַט צורעכענען אויך די אַלע זין, טעכטער, פרויען און אַנדערע קרובים, וואָס נעמען אָנטייל אין דער עקאָנאָמישער טעטיקייט פון דער פויערישער משפחה, — וועט דעמאָלט, און נאָר דעמאָלט, די אַלגעמיינע צאָל האָרעפּאַשנע באַפעלקערונג, וואָס לעבט פון געדונגענער אַרבעט, דערגרייכן, יעדנפאַלס, אַ באַדייטנדיקע מערהייט פון דער דייטשישער באַפעלקערונג, וואָס נעמט אָנטייל אין דער פּראָדוקציע. אויב מען זאָל אָבער אַראָפּרעכענען פון דער אַלגעמיינער צאָל פּראָלעטאַריאַט די אַרבעטער-קראַפט אין דער פויערישער משפּחה, וועט זיך אַרויסווייזן, אַז נישט נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, וואָס איז אָרגאַניזירט אין דער שטאָטישער אינדוסטריע, נאָר די גאַנצע צאָל באַפעלקערונג, וואָס לעבט פון געדונגענער אַרבעט, שטעלט מיט זיך דאָך נאָר פאָר די מינדערהייט פון פאָלק.

איינע פון באַליבסטע פּאָזיציעס פון די „אָרטאָדאָקסן" אין זייער קאַמף מיט די „נאָוואַטאָרן" באַשטייט, דעריבער, אין באַווייזן, אויף ווי ווייט שלעכט עס לעבט זיך די זעלבסטשטענדיקע פּראָדוצירער, וואָס זענען נאָך פאַרבונדן מיט זייער פּראָדוקציאָנס-געצייג און נאָך נישט איבערגעגאַנגען צום מצב פון געדונגענע אַרבעטער. אָט דעם אַרגומענט האָט שוין געבראַכט קאַוטסקי אין זיינע קאָמענטאַרן צו דעם „ערפורטער פּראָגראַם", ווו ער האָט דורכגעפירט דעם געדאַנק, אַז די עקזיסטענץ פון אַזאַ באַדייטנדיקער צאָל זעלבסטשטענדיקע אַרבעטער באַווייזט נישט זייער לעבנספעיקייט, נאָר זייער „הונגערפעיקייט". דער זעלביקער אַרגומענט ווערט

איבערגעחזרט אין זײַנע שפּעטערדיקע חערק. דער באַװײַז דינט אויך בעבעלן אין זײַן פריערדיקער רעדע קעגן בערנשטײַנען אויף דעם האַנאָווער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר. ס'איז בלי שום ספק, אַז אַזעלכע אַרגומענטן, וואָס זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון דער ווירקלעכקייט אַליין, זענען זייער וויכטיק אין קאַמף מיט בורזשואַזע פּובליציסטן. זיי באַווײַזן, אַז נישט נאָר דער פּראָלעטאַריאַט, נאָר דער גאַנצער אַרבעטער-קלאַס, אַלע האָרעפּאַשנע שיכטן פון דער באַפעלקערונג, — און די נישט-פּראָלעטאַרישע שיכטן נאָך מער, ווי דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט אַליין — לײַדן פון דער הײַנטיקער קאַפּיטאַליסטישער אָרדנונג, וואָס דער איינציקער אויסוועג פון איר איז דער סאָציאַליזם. נאָר אין קריג מיט די אַנטי-מאַרקסיסטישע סאָציאַליסטן וועגן דער צאָליקער וווּקס און רעוואָלוציאָנערער ראָל פונם פּראָלעטאַריאַט קאָנען דיזאָזיקע אַרגומענטן שפּילן בלויז אַ ראָלע פון אַ פלאַמבע פאַר אַ לײַדיקן צאָן, וועלכן מ'קאָן שוין מער נישט אויסהיילן און וועלכן מ'וועט פריער אָדער שפּעטער מוזן אינגאַנצן אַרויסרײַסן.

„הונגערפעיקייט!“ נאָר ווו איז די גאַראַנטיע, אַז די פעיקייט וועט זיך ענדיקן? מענטשן ווילט זיך לעבן אַזוי צי אַנדערש און זיי באַמיען זיך מיט אַלע כוחות אָנהאַלטן זיך אין די אייגנטום-ברעקלעך, וועלכע גיבן, לכל הפחות, אַ מעגלעכקייט ווי עס איז זיך דורכשלאָגן אין לעבן, חגם זיי מאַטערן אויס אַלע כוחות. וואָס איז שייך צו זאָגן, ס'איז אוודאי אַ ביטער לעבן. נאָר די גרויסע צאָל פּויערים און קליינע באַלמעלאָכעס-אַליינאַרבעטער האָבן פּאַקטיש קיין אַנדערן אויסוועג נישט, און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען בלייבט איבער אָדער ערנסט זיך צו פאַרטראַכטן וועגן זייער גורל און געפינען פאַר זיי די פאָרמען פון עקאָנאָמישן קאַמף, וואָס זאָל זיי ברענגען כאָטש אַזאַ אויסבעסערונג, וועלכע עס האָט געבראַכט די שטאָטישע אַרבעטער, — אָדער אינגאַנצן אַ מאַך טון אויף זיי מיט דער האַנט און פילאָזאָפיש וואַרטן, ביז וואַנען עס וועט זיך באַ זיי אויסשעפּן אָט די פענאָמענאַלע „הונגערפעיקייט“.

ווײַזט אויס, אַז אַ מאַך טון אויף זיי מיט דער האַנט קאָן מען נישט. ווי גישטיק ס'זאָל נישט זײַן זייער ראָלע אין דער פּראָדוקציע פונם „נאַציאָנאַלן רײַכטום“ — קוים וואָס זיי זענען ביכולת אַליין זיך אויסצושפּײַזן — איז זייער פּ אָ ל י ט י ש ע ראָלע זייער גרויס. נאָכגייענדיק די, וואָס האָבן באַהאַלטענע כוונות, נאָר פילן ווי עס איז מיט זייער נויט, דינען זיי אין אמתן אַלס פעסטונג פאַר דער רעאַקציע און קאָנען

פּאַראַליזירן אַלע דערפאָלגן, וואָס די אָרגאַניזירטע מינדערהייט האָט דערגרייכט אין שטאָט אויף דער „ליניע פונם קלענסטן ווידערשטאַנד". ווילנדיק־נישט־ווילנדיק מוז מען זיך געזעגענען מיט דער איינפאַכקייט און קלאָרקייט פון דער מאַרקסיסטישער טאַקטיק און זיך פאַרנעמען מיטן פונאַנדערפלעכטן די דין־געפלאָכטענע נעץ פון האָפענונגסלאָזער נויט און ווירטשאַפטלעכע קליינקייטן, פון וועלכע ס'איז אומעטום אויסגעוועבט דאָס זייער טרויעריקע פויערישע לעבן...

דער כבוד פונם ערשטן אַנטשלאָסענעם טריט אין דער ריכטונג געהערט אין אייראָפּע דעם לאַנד, וואָס האָט שוין פון לאַנג געשמט מיט איר אפּיקורסות אין ענין מאַרקסיזם, — ב ע ל ג י ע, די זעלביקע בעלגיע, פון וועלכער ס'האָט אַזוי בייז חוזק געמאַכט ענגעלס. די בעלגישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט די ערשטע אַריבערגעטרעטן די שטאָטישע גרענעץ און אַוועקגעטראָגן די אידעען פונם אַגראַרן סאָציאַליזם אין דאָרף, מעגלעך דערפאַר, ווייל אין איר זענען נאָך נישט אויסגעלאָשן געוואָרן די „פּרודאָניסטישע קליינבירגערלעכע פּרינציפּן". באַקענענדיק זיך נענטער מיטן פויערטום, הייבט זי אָן בנוגע זיין פּסיכיק, וואָס האָט זיך די סאָציאַליסטן אויסגעדאַכטן, ווי אַ מין „אומגעלומפּערטע באַשעפעניש", צו קומען צו די אויספירן, וועלכע ס'האָט באַ אונז אין סוף פון די 80־ער יאָרן אַנטוויקלט נ. ג. טשערנישעווסקי אין זיין אַרטיקל וועגן „מוזשיקישן פּעסימיזם", אָפּגעדרוקט אין דער אַלטער רעדאַקציע פון „סעווערני וועסטניק*), ד. ה. אַז דער פויער („מוזשיק") איז פּונקט פון אַזאַ טייג געקנעטן, ווי מיר אַלע, זינדיקע, אַז אויך ער, אַלס מענטש, זוכט ווו עס איז בעסער און איז גרייט מיטצוגיין מיט די, וועלכע וועלן אים דאָס בעסערע ווייזן נישט הינטער טאָלן, הינטער בערג, נאָר אַזוי נאָענט, ער זאָל עס קאָנען דערגרייכן. דעמאָלט וועלן צו אים קומען סיי דער גלויבן אין דאָס בעסערע, סיי די כוחות צו קעמפן דערפאַר.

מיר ברענגען עטלעכע אויסצוגן פון ע. לאַזאַרעווס אַרטיקל וועגן

---

*) טשערנישעווסקיס אַרטיקלען זענען געחתמעט מיטן פּסעוודאָנים אַ נ ד ר ע י ע װ; צום באַדויערן, האָבן מיר נישט דעם זשורנאַל אונטער די הענט און מיר ווייסן נישט, אין וואָס פאַר אַ יאָר איז אָפּגעדרוקט דאָס אַרטיקל, וואָס ווערט דערמאָנט אין טעקסט.

„לאַנדווירטשאַפטלעכן קאָנגרעס אין בעלגיע", וואָס באַשטעטיקן דאָס נאָר־
וואָס באַהויפּטעטע.*)

איינער פון די קאָנגרעס־מיטגלידער, **האַמבורסען**, מיינט, אַז „אָפטמאָל
זענען די פּראָפּאַגאַנדיסטישע אומדערפאָלגן אַ פּועל־יוצא פון זייער
נישט קענען דאָס פּויערישע לעבן. ער ווייסט פיל פאַלן, ווען אויף
אַ פראַגע פון אַ פּשוטן פויער פלעגן מחמת דיזעלביקע סיבות זייער
געלערנטע פּראָפּאַגאַנדיסטן נישט וויסן, וואָס צו ענטפערן. מ'דאַרף
נישט פאַרמאַכן די אויגן, — האָט דער אָראַטאָר ווייטער גע־
זאָגט, דער פויער איז גרייט אונז אויסצוהערן און פאָלגן נאָר
אין דעם פאַל, ווען מיר וועלן זיין ביכולת צו פאַרטרייבן
אַלע זיינע ספקות, אויב ער וועט קלאָר פאַרשטיין אונזערע
פאָרשלאָגן און וועט זיי געפינען פאַר פּראַקטיש און מעגלעך
זיי אָנצווענדן; ער איז גרייט אויף יעדער רעפאָרם, אויב
ער זעט, אַז זי איז לטובת דער דאָרפישער באַפעלקערונג און ברענגט
צו דער לאַנדווירטשאַפטלעכער אויסבעסערונג. אָן אַ גרינטלעכער באַקאַנט־
שאַפט מיט די אמתע אינטערעסן וועט דער פּראָפּאַגאַנדיסט זיין גלייך צו
איינעם, וואָס רופט אין אַ מדבר און וועט געצווינגען זיין צו בלייבן אין
געביט פון טעאָרעטישע פראַגן. בכדי בעסער צו העלפן דער לאַגע, לייגט
דער דעלעגאַט פאַר צו גרינדן וואָס מער „שולן פון קעגנזייטיקן אויס־
לערנען אָראַטאָרן־פּראָפּאַגאַנדיסטן" פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג
מיטן אָנטייל און אונטער דער אָנפירונג פון דערפאַרענע טעאָרעטיקער
און פּראַקטיקער פונם אַגראַרן סאָציאַליזם".

אַן אַנדערער אָראַטאָר, **טערדער**, קאָנסטאַטירט, אַז „יעדעס מאָל
ווען מיר קומען אַראָפּ אין דאָרף צוליב פּראָפּאַגאַנדע — צעכאַפּט מען
די צייטונג, ווייל די פויערים האָבן זיך איבערצייגט, אַז דאָרט ווערן
געגעבן נוצלעכע און ריכטיקע ידיעות וועגן דער לאַנדווירטשאַפט, און
זיי באַציען זיך דעריבער מיט צוטרוי צו אַלץ, וואָס ווערט געזאָגט
אין דער צייטונג וועגן פּאָליטיק און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע
פראַגן..."

„**טראָקלע** אונטערשטרייכט דעם אויסערגעוויינלעכן וווקס פון

*) זע „באַקאַנוניע" סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערער איבערזיכט. 1900. נר. 16
זייט 149—150.

וועלבסט־באוווסטזיין צווישן דער דארפישער באפעלקערונג און האלט, אז דער פארטיי איז נייטיק אומעטום ארויסצורוקן די פויערישע אינטערעסן".

ולסוף פארמולירט דעבארסי, דער רעפערענט אויפן קאנגרעס, זיין באציונג צו דער פויערישער פראגע אויף פאלגנדיקן אופן: „די קליין־קולטור איז האפנונגסלאז פארמשפט אלס אן אפגעשטאנענע און האט קיין שום צוקונפט נישט. דאס מוז מען אין אונזער פראגראם ארייננשרייבן מיט אותיות, וואס זאלן קיינמאל נישט אויסגעמעקט ווערן. נאר אויב מען רעדט וועגן א קלאסן־קאמף אין דארף, טאר מען נישט פארגעסן, אז אין בעלגיע פארמאגן מיר בסך־הכול 187 טויזנט געדונגענע דארפישע ארבעטער — בתוכם 54 טויזנט פרויען. ד. ה. 15,5 פראצ. פון דער גאנצער דארפישער באפעלקערונג; בעת פאראלעל האבן מיר 644 טויזנט קליינווירטשאפטלעכע פויערים, וואס באארבעטן פון 2 און אפילו ווייניקער העקטארן. צי איז דאס נישט דער זעלבער, נאר בלויז אן אייגנארטיקער פראלעטאריאט! זייער ישועה איז אין דער קאאפעראציע, אין קאלעקטיוויזם. די פראפאגאנדיסטן טארן דאס נישט פארגעסן, בעת עס קומט זיי אויס ארויסצוטרעטן פאר דער דארפישער באפעלקערונג מיט זייערע סאציאליסטישע פאדערונגען.

איך אונטערשטרייך נאכאמאל: די פראפאגאנדיסטן מוזן גרינטלעך קענען די אגראר־פראגע.

דער אגרארער סאציאליזם אין בעלגיע שטעקט שוין אן מיט זיין דערפאלג די סאציאליסטישע פארטייען פון אנדערע אייראפעישע לענדער, און מיר זעען שוין עדות פונם אנטשטיין אין אייראפע פון א באוועגונג, וועלכע מיר קענען מיט פולע רעכט אנרופן פ א ל ק י ס ט י ש ע, וועלכע וועט אלס איר יסוד פון איר קלאסן־קאמף אוועקלייגן, פונקט ווי די רוסישע פאלקס־באוועגונג, דעם אינטערעסן־קעגנזאץ צווישן א ל ע הארעפאשנע און אלע עקספלואטאטארס, נאר וואס וועט אין דער זעלבער צייט גלייך ווייט זיין פון דער עניוות פון אונזערע לעגאלע פאלקיסטן, פונקט ווי פון דער פאנטאסטישער פאלקס־איבערשאצונג, וואס האט כאראקטעריזירט אונזערע רעוואלוציאנערע פאלקיסטן פון די זיבעציקער יארן.

ווי עס זאל נישט זיין אין אייראפע, איז אן שום ספק, אז בא אונז אין רוסלאנד, וווּ דער שטאטישער פראלעטאריאט שטעלט מיט זיך פאר א נישטיקן פראצענט פון דער גאנצער באפעלקערונג, בלייבט דער מארקסיסטישער טעזיס וועגן פראלעטאריאט אלס אן „אומגעהייערע מערהייט פון דער געזעלשאפט" פשוט אילוזאריש און זיך רעכנען מיט אים באם

באַשטימען די סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק — הייסט פון לכתחילה אָן זיך אָפּזאָגן פון יעדער ערנסטע ווירקונג אויפן גאַנג פון דער רוסישער ווירקלעכקייט.

דאָך וועט דער רייך פון דער אַרבעט אויף דער „ליניע פונם קלענסטן ווידערשטאַנד“ זיך נאָך לאַנג טראָגן פאַר די אויגן פון אונזערע מאַרקסיסטן און זיי צווינגען מיט אַלע מיטלען צו פאַרטיידיקן דעם „פּראָלעטאַרישן שטאַנדפונקט“. א ו נ ז ע ר חוב וועט דעריבער זיין — דורך קריטיקירן די מאַרקסיסטישע גרונט-פּרינציפּן, אויף וועלכע עס שטיצט זיך דערדאָזיקער שטאַנדפונקט, דורך טעאָרעטישער באַגרינדונג פונם אַגראַרן סאָציאַליזם און דורך פּראַקטישער אַרבעט אין דאָרף — צווינגען די רוסישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיך צו באַציען, לכל הפחות, נייטראַל צו אונזערע פּרווון אָנצושטעקן מיט דעם „פּאָלקיסטישן גייסט“ אויך דעם שטאָטישן פּראָלעטאַריאַט, אים דערווייזן, אַז ער איז אָן דער הילף פון די ברייטע מאַסן דאָרפישע אַרבעטער נישט בכּוח זיך אָפּצורעכענען מיטן שונא, און אַריינציען אין דער אַרבעט אין גייסט פון דעם אַגראַר-סאָציאַליסטישן פּראָגראַם דידאָזיקע עלעמענטן זיינע, וואָס דאַרפן במילא גיין אין דאָרף.

* *

•

צום סוף נאָך אַ פּאָר ווערטער „pro domo sua“.

אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז די ווירקלעכקייט מוז מען אָפּשאַצן אַ נישט צוגעפּוצטע, אַז דעם „סדר עולם“ איז בעסער נישט צו דערשאַצן, איידער איבערצושאַצן, בכדי רעכט צו האָבן צו דערוואַרטן פון דער געשיכטע אָנגענעמע סורפּריזן און פאַרזיכערט זיין פון נישט אָנגענעמע, האָב איך אין מיין בראָשור „דער סאָציאַליזם און דער קאַמף פאַר דער פּאָליטישער פרייהייט“ גערעדט וועגן „סטאַטשקיזם“, אַלס אַ פּינאַל פון דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּראָגראַם. די רעדאַקציע פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ“ האָט אין דער פּערזאָן פון ה' ב. ק. געשיט אויף מיר פּעך און שוועבל פאַר דידאָזיקע חוצפּהדיקע ווערטער מיינע, גלייך ווי ס'וואָלט מיט דער רוסישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע גאָר קיינמאָל נישט געשען דאָס, וואָס איך האָב זיי פאָרגעוואָרפן. איך בין גיך געטרייסט געוואָרן פון די אַלץ-פאַרניכטנדיקע אָנפאַלן פונם ה' ב. ק., ווייל די געשיכטע האָט מיר אונטערגעטראָגן אַ סורפּריז: דאָס, וואָס איך

האָב געזעכנט פאַרן פינאַל פון דער גאַנצער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פראָגראַם, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַרן פינאַל נאָך פונם העכסט-טרויעריקן ערשטן אַקט פון איר פראָגראַם-אַנטוויקלונג...

איך נעם זיך די העזה צו פאַרזיכערן די חברים — סאָציאַל-דעמאָקראַטן: קיין זאַך וועט מיך אַזוי נישט דערפרייען, ווי אויב מיין איצטיקע באַהויפּטונג וועגן די „נאַטירלעכע גרענעצן" פון דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט זיך אַרויסווייזן פאַר ריכטיק נאָר בנוגע דעם צווייטן אַקט פון איר פראָגראַם-אַנטוויקלונג. זאָל דער פעך און שוועבל, מיט וועלכע עס וועט מיך, מעגלעך, דאַן מזכה זיין די רעדאַקציע פון „ראַבאָטשעיע דיעלאָ", זיין נאָך ווייניקער פאַרדינטע, ווי צום ערשטן מאָל, וועל איך זיי אָננעמען מיט אַלץ גרעסערן פאַרגעניגן, וואָס אויפריכטיקער און אַנטשלאָסענער די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט איבערטרעטן די גרענעץ-ליניע, וועלכע, כ'האָב מורא, וועט נאָך לאַנג דינען אַלס סיבה פאַרן שפּאַלטן אונזערע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע כּוחות.

ס. גריגאָראָוויטש

יולי, 1900

(ד"ר ח. זשיטלאָווסקי)

## IV. זשיטלאָווסקי-ביבליאָגראפיע

צוזאמענגעשטעלט פון מ. מ. ראָזענבוים

## 1891 די פרייע וועלט (לאָנדאָן)

„דער חלום", ליד. פריי נאָך ס. פריודאם. (ב. 5)[1]
„דאָס שקלאַפן שיף" פון היינע (ב. 5)

## 1892 בראָשור

„יעווריי ק׳יעווריעיאַם" (לאָנדאָנער „פאָנד") איבערזעצונג אין (ב. 6)

## 1897 „פאָרווערטס"

„פאַרוואָס דוקא יידיש" (אונטער פסעוודאָנים בן אהוד) (ב. 5)

## 1898 „דער אידישער ארבייטער" № 6 אויך אין בראָשור פון בונד

„ציוניזם אָדער סאָציאַליזם" אונטער פסעוודאָנים בן אהוד (ב. 5

## 1898 דער אידישער ארבייטער

„און אויב איר וועט מיין אויג שוין בלענדן" אויס פר. פאָן סאָללעט (ב. 5)
„די וועבער" אויס היינע. (ב. 5)

## 1898 בראָשור (פראָגראם פון „סאָיוז" פון די עס-ערן)

„סאָציאַליזם אי באָר׳בא זא פאָליטישעסקויו סוואָבאָדו" (120 זייטן)

## „Der Socialismus und die Nationalitätenfrage 1899

Deutsche Worte Aug.-Sept. 1899 Separatabdruck

---

1) באנד 5 פון די געזאמלטע שריפטן.

## 1904 „דאָס פאָלק" און „דער פריינד"

„דאָס יידישע פאָלק און די יידישע שפראַך" (ב. 5)

## 1905 „דער צייטגייסט"

„י. ל. פרץ" IX: 1, 15

„טראָגן ייד. רעוואָלוציאָנערן פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר פאָגראָמען?" X: 6.

## 1905 „דער פאָרווערטס"

„דער אַלגעמיינער באַן-אַרבעטער-שטרייק אין רוסלאַנד". X: 29.

„שאלות ותשובות" XII: 16.

## 1905 „די וואָרהייט"

„אַ צווישן-שפיל מכח פלאָנטער אָדער קנוילן" XII: 22, 23.

„שאלות ותשובות" XII: 24, 27, 29.

## (?) 1906. אַ הקדמה צו דר. מעריסאָנס איבערזעצונג פון מילל'ס „וועגן פרייהייט"

„וועגן פרייהייט" 13 זייטן

## 1906 „די וואָרהייט"

„בריוו צו די אַנטלאָפענע" I: 16, 18, 28, 31; II: 2.

## 1906. „פאָלקסשטימע" נר. 1 ווילנע

„אַ בריוו פון אַ יידישן סאָציאַליסט" (ב. 5)

## 1906 „דאָס פאָלק", ניו-יאָרק

„די אויפגאַבן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין אַמעריקע. אַ טייל איבערגעדרוקט אין (ב. 5)

(אונטער דעם נאָמען: „די דריי פעריאָדן אין אונזער גלות-געשיכטע")

„קאָן דאָס יידישע פאָלק פאַרשווינדן?" (געדרוקט אויך אין „פריינד") (ב. 5)

„טעריטאָריאַליזם במזומן אָדער אויף באָרג" " " " (ב. 5)

1906 „סערפּ". „סאָציאַליזם אי נאַציאָנאַל׳ני וואָפּראָס."

## 1907 פאָלקסשטימע

„מכּח ערד-אַרבעט" (№ 12) (אין די ווערק: „דער באַגינען פון דער יידישער ווידעראויפלעבונג") (ב. 5)

„דאָס פּראָלעטאַריאַט און זיין סאָציאַל-פּאָליטישער שטאַנדפּונקט № 6—11 (ב. 5)

## 1908 סערפּ

„דער נאַציאָנאַליזם און די קלאַסן-פּאָליטיק פון פּראָלעטאַריאַט" (№ 1) (ב. 6)

„דער עקאָנאָמישער מאַטעריאַליזם און די נאַציאָנאַלע פראַגע" (№ 2) (ב. 6)

„דער שטוטגאַרטער קאָנגרעס" (№ 2) (ב. 7)

„הער דובנאָוס „גייסטיגער" נאַציאָנאַליזם (№ 2) (ב. 7)

## 1908 בּראָשור

„רעזאָלוציאָנען פון דער ניו-יאָרקער גרופּע סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערע טעריטאָריאַליסטן" 12 זייטן

1908 איינלייטונג צו באַאווערס „נאַציאָנאַל׳ני וואָפּראָס אי סאָצ. דעמ." (א 60 זייטן)

## 1909 דאָס נייע לעבן

פרייע קונסט און פרייע קריטיק ז. 1—9.

די ייד. שפּראַכן-באַוועגונג און די טשערנאָוויצער קאָנפערענץ ז. 20—27 (ב. 4)

„טויט און ווידערגעבורט פון געטער און רעליגיאָנען" ז. 83—94. (ב. 4)

„כראָניק אויס דעם יאָר 1908" ז. 114—128.

„נאַציאָנאַליטעט און פּראָגרעס" ז. 129—142. (ב. 4)

„אזעווס פאַרברעכן" ז. 175—186.

„מאָריס ראָזענפעלד" ז. 187—190.

„נאָך אַמאָל אזעווס פאַרברעכן" ז. 248—251.

„וועגן פאַראייניקונג. בּונדיזם און ציוניזם" ז. 253—260. (ב. 4)

„סמנים פון אַ נייעם לעבן ביי די יידן אין אַמעריקע" ז. 292—298. (ב. 10)
„אַן אָפּענער בריוו צו די פּועלי ציון אין אַמעריקע" ז. 316—329. (ב. 4)
„נאָך סמנים פון אַ נייעם ייד. לעבן אין אַמעריקע" ז. 367—371. (ב. 10)
„וועגן שאַפּיראָס „דער צלם" ז. 372—373.
שלום אַש: „אין אַ קאַרנאַוואַל-נאַכט" און שאַפּיראָס „דער צלם" ז. 411—420, 470—479.
„יידישע גאונים" ז. 430—432.
„הערבערט ספּענסער, געקליבענע שריפטן..." ז. 485—487.
„אויפרוף צו אַלע חברים פון דער י.א.ס.פּ. אין אמעריקע" ז. 497—499.
„אַ פאַרשאָלטענע שאלה" ז. 502—509. (ב. 10)
„מאָריס ווינטשעווסקי—אַ טאָג מיט יעקב גאָרדין" ז. 548—549.
„דר. מ. נאָרדוי און דער פּאָליטישער ציוניזם" ז. 561—576. (ב. 3)
„העברעאישער קולטור-קאָנגרעס" 617—618.
„די קריסטנטום-שאלה און די געבילדעטע יידן." (אַן ענטפער צו הערן שמ. און אַנסקין) ז. 621—631, 728—745.
„דר. ק. פארנבערג און נאָך אַמאָל די געלע פּרעסע" ז. 672—679. (ב. 10)
„די נייע פּראָגראַם פון דער „פּאַראייניגטער פּארטיי" ז. 681—690. (ב. 4)
„היסטאָרישע אידייענפאַרבינדונגען" ז. 49—57, 103—113, 158—167, 275—281, 349—353, 399—405, 522—529, 593—597, 648—658, 704—717. (ב. 3)
ב ר אָ ש ו ר ע: דאָס פּראָגראַם און די צילן פון דעם מאַנאַטשריפט:
„דאָס נייע לעבן" (ב. 3)
ד ע ר פ ר יי נ ד: „גלות-פּסיכאָלאָגיע" (ב. 10)

## 1910 „דאָס נייע לעבן" ז. 91

„צו דער טעאָריע פון נאַציאָנאַליטעט" (ב. 4)
„שלום אש אין אַמעריקע. — דער רבי האָט געהייסן פריילעך זיין"
„יידיש און העברעאיש" ז. 36—40, 59—67, 207—213, 263—272. (ב. 4)
„די קאָנוועגץ פון דעם אַרבעטער-רינג" — „אַן אייגענע ייד. סעקציע אין אינטערנאַציאָנאַל" ז. 294—294.
„ה. ספּענסער: די דערציאונג. יידיש פון דר. מעריסאָן". ז. 283—285.
„אַ פּאָר ווערטער וועגן אינטעליגענץ און עם-הארצות". ז. 117—124, 175—184, 235—245, 295—304. (ב. 10)
„די בעלי תשובה" ז. 348—351.

„ב. לאפין: אומעטיקע וועגן" ז. 400—401.
„נאציאָנאַל יידישע קריסטן" — „צוויי יאָרצייטן" ז. 405—410
„דעווינס געקליבענע שריפטן" „ליטעראַטור" אַ זאַמלבוך ז. 462—467.
„דער קאַמף פאַר יידיש אין רוסלאַנד". „אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם"
„אַ מעשה מיט אשמט" 515—523.
„רעליגיאָן און נאַציאָן" 526—536. (ב. 4)
„די געשיכטספילאָזאָפיע און דער ענדציל" ז. 353—365, 411—419,
469—475, 625—634, 671—681. (ב. 3)
„רעדאַקציאָנעלע נאָטיצן" ז. 575—577.
„דער בונדיזם און דער פאַראייניקונגס-פראָגראַם פון די פועלי-ציון"
ז. 637—644. (ב. 4)

אַ פאָר ווערטער צו געגאָסע פיליפ קראַנץ. ז. 684—688.

## (?) 1910 „די געזעלשאפט" (ניו-יאָרק).

דער פורן עול און דער גלות-אַפריכטער (וועגן ראפשינס „דאָס בלייכע פערד") 12 זייטן.

## 1910 פרייע אַרב. שטימע.

„אַ פאָר ווערטער וועגן יידישן אַנאַרכיזם" (ב, 10)

## 1911 „דאָס נייע לעבן"

„דער טעריטאָריאַליזם און דער פאַראייניקונגס-פראָגראַם פון די פועלי ציון". ז. 1—7 (ב. 4.)
„צו אלע פריינד פון „דאָס נייע לעבן". ז. 150—154.
„די יידישע קולטור און די יידישע שפראַך" ז. 99—105, 155—162.
(ב. 4)
„די נאַציאָנאַל-פאָעטישע ווידערגעבורט פון דער יידישער רעליגיע".
ז. 213—222, 255—264, 309—319, 383—, 435—. (ב. 4)
„נאָטיצן" ז. 208—212, 381
„אַ יידישע דאָרף און אַ ייד. פאָלקסבאַנק" ז. 87—94. (ב. 10)
„הערמאַן באַהר וועגן יידישן נאַציאָנאַליזם". ז. 144—150. (ב. 10)
„דער ביטערער אמת" ז. 489—499. (ב. 4)

## 1912 „דאָס נייע לעבן"

„דער אַנטיסעמיטיזם און די יידישע פּאַרטייען" ז. 1—, 57—, 261,— 290—, 319—, 348—. („דער ביטערער אמת" אין ב. 4)

„משה העס" ז. 118—, 176—, 233— (ב. 3)

„עדיטאָריעלע נאָטיצן" ז. 102—112, 170—174, 225—230.

„פּאָרוערטס פּראַגע" ז. 256—258.

דר. י. י. מינץ (נעקראָלאָג) ז. 374—, 402.

„דער קריזיס אין מאַרקסיזם" Soc. mon.

„פּ. קראָפּאָטקינס באַדייטונג פאַרן וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם". ז. 438—447.

## 1912 „יודישע וועלט"

„ווען און ווי איך בין געוואָרן א יידישיסט" 11 זייטן

## 1912 לעקציעס אָנגעשריבן פאַר די געזאמלטע שריפטן

„טאָלסטאָי, ניטשע און ק. מאַרקס" ז. 7—62 באַנד 1

„וועגן לעאָניד אַנדרעיעווס „אנאטעמאַ" ז. 65—138 „ 1

„מעטערלינקס „בלאָער פויגל" ז. 141—196 „ 1

„איוב, א פּאָעמע פון דעם ייד. פרייען געדאַנק" ז. 199—243 „ 1

„דער נאַטור-פילאָסאָפישער מאַטעריאַליזם" ז. 7—100 „ 2

„ייד און מענטש" ז. 103—186 „ 2

„די צוקונפט פון די פעלקער אין אַמעריקע" ז. 189—286 „ 2

## 1913 „דאָס נייע לעבן"

„רודאָלף שטאַמלער און זיין סאָציאַלער מאָניזם" ז. 3—, 60—, 119—, (ב. 7)

„די מאָראַל-פילאָזאָפיע און דער ענדציל" ז. 177—, 237—, 299—, 361— (פריער אין רוסיש אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ") (ב. 7)

„דער מאַטעריאַליזם און די דיאַלעקטישע לאָגיק" ז. 419—, 607—, (פריער אין רוסיש אין „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ") (ב. 7)

„נאַטיצן" ז. 344—,

„י. ל. פּרץ" IV : 7, 25, 26, 27.

„דער אַרבעטער רינג" IV : 10, 13, 15, 19.

„דער אינטערנאַציאָנאַל נאָכן קריג" IV : 30.

„שפּאַלטונגען" V : 3 (ב. 9)

„זייער טעות" V : 6. (ב. 9)

„אויס די כתבים פון אַ נייטראַלן" (און אַנדערע וועגן קריג) V : 17; VI : 10 ; VII : 7, 11. (ב. 8)

„דער ייִנגסטער שבט" (יידן אין אַמעריקע) V : 9, 29. (ב. 10)

„ה. בערגסאָן און דער נאַציאָנאַליזם" V : 24. (ב. 8)

„גרויס וואָס איז קליין און קליין וואָס איז גרויס" VI : 2. (ב. 10)

„דער באַפעל פון דער צייט" VI : 16. (ב. 9)

„אַ נייער קעמפער" VI : 20. (ב. 9)

„יידישע פאַרטרעטערשאַפט" VI : 24. (ב. 9)

„פעלקער־קריג אָדער שטאַאַטן־קריג" VI : 5.

„דער נאַציאָנאַליזם און די סאָציאַלע דעמאָקראַטיע. VI : 13.

„אויס דעם רעוואָלוציאָנערן רוסלאַנד" VI : 27 ; IX : 29 ; X : 9, 19.

„וואָס איז אַסימילאַציע ?" VI : 30 (ב. 8)

„אונזער ערנפליכט" VII : 4 (ב. 9)

„ציוניזם און ארץ ישראל" VII : 15 (ב. 9)

„דער יידישער קאָנגרעס און די אַרבעטער" VII : 17. (ב. 9)

## 1915 דער טאָג (פאָרטגעזעצט)

„מיינע אויסגעמישטע פּראָגראַמען" VII : 22 (ב. 9)

„דאָס רעכט אויף ארץ ישראל". VII : 25 (ב. 9)

„דער סוף פון טערק". VII : 28 (ב. 8)

„אַלטער און נייער נאַציאָנאַליזם". VIII : 1, 4 (ב. 6)

„תעניתים און היסטעריקע". VIII : 6 (ב. 9)

„דער אַרבעטער און זיין פאָלק". VIII : 13 (ב. 9)

„דאָס פּראָגראַם פון דעם נאַציאָנאַלן אַרבעטער־קאָמיטעט. VIII : 17.
(ב. 9)

„דער פעלקער־טריבונאַל און דער יידן־שטאַאַט" VIII : 23 (ב. 9)

„קאָנפערענץ אָדער קאָנגרעס" VIII : 27 (ב. 9)

„צו פאַרשטאַרקן די אָפּגעשוואַכטע הענט" VIII : 30 (ב. 9)

„אַ פאַנטאַסטישער חלום" IX : 4 (ב. 9)

„אַלערליי טענות". ‏IX‏ : 6. ‏(ב. 9)
„אונזער װענדונג צו דעם אינטערנאַציאָנאַל" ‏IX‏ : 14, 16. ‏(ב. 9)
„פּראָגרעסיװער און רעאַקציאָנערער נאַציאָנאַליזם" ‏IX‏ : 20, 22, 24,
27, 29 ; ‏X‏ : 4 ; ‏XI‏ : 4. ‏(ב. 8)
„יידישע איינזייטיקייט" ‏X‏ : 22, 26, 29.
„דער גרונט-געדאַנק פון דעם פּראָגרעסיװן נאַציאָנאַליזם"

## 1915 בראשור

„די מאַכט פון אמת" 50 זייטן (קראָפּאָטקין געזעלשאַפט, ניו-יאָרק)

## 1915 ?

„נאַציאָנאַל קלעריקאַל" ‏(ב. 10)

## 1915 „דער יידישער קאָנגרעס" (נאָר אַ טייל אַרטיקלען)

„די יידישע אַרבעטער און דער יידישער קאָנגרעס" 6/VIII/15
„װאָס איז נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג" 13/VIII/15
„נאַציאָנאַלע רעכט און אָן אייגן לאַנד" 4/IX/15
„די גרעניצן פון נאַציאָנאַלער גלייכבאַרעכטיקונג" 15/X/15
„די פאַראייניקונגס-רעזאָלוציע"

## 1916 „דער יידישער קעמפער" (נאָר אַ טייל)

„די קאָנגרעס-באַװעגונג און די קלאַסן" 26/V/16
„די פּועלי ציון און די יידישע אַרבעטערשאַפט" 11/X/16
בראָשורע: „דער סאָציאַליזם פון די עס-ערן" (אַרבעטער-רינג)

## 1917 „דער יידישער קעמפער" (נאָר אַ טייל)

„דער קאָנגרעס און די אַרבעטערשאַפט," 16/III/17
„װעגן דעם „העבּרעאישן געדאַנק" 5 אַרטיקלען
„די פאַרװירקלעכונג פון אונזער צנדציל אין ארץ-ישראל" ? אַרטיקלען
(1-טער אַרטיקל 13/IX/17)
(„די יידישע אַרבעטער און דער יידישער קאָנגרעס")

„דער קאָנגרעס און דער נאַציאָנאַלער אַרבעטער-קאָמיטעט" 18/V/17
„צו דער פאַרזאַמלונג אין קופּער יוניאָן" 7/XII/17

## 1917 „די וואָרהייט"

(געצוויע דאַטן פעלן)

„קען רוסלאַנד שליסן באַזונדער שלום מיט דייטשלאַנד?"
„אַ פּאַרעקשנטער שגעון" (סעפּאַראַטער פרידן)
„נאָך אַמאָל וועגן אַ סעפּאַראַטן פרידן"
„די ערשטע געפילן"
„ווער האָט געמאַכט די רעוואָלוציע?"
„די רוסישע רעוואָלוציע און דער וועלטקריג" (3 אַרטיקלען)
„די קומענדע אַגראַר-רעפאָרם אין רוסלאַנד"
„פּריצייטיקע קברים"
„פעסטעל דער ערשטער רוסישער רעפּובליקאַנער"
„30 יאָר ניקאָלאַי דער שמייסער"

## 1917 „דער טאָג"

„די גרויסע אויפגאַבע פאַר די סאָציאַליסטן-ציוניסטן" XII : 29.

## (?) 1917 „דאָס נייע לאַנד" (רייזינס ניו-יאָרק)

„וועגן אויפקלערונג" 10 זייטן
(? 1917 „פאָררעדע צו חיים שויס „ביבעל" 8 זייטן

## 1918 „דער יידישער קעמפער" (נאָר אַ טייל)

„אויף באָרוכאָווס פרישן קבר"
„יידישע סוווערעניטעט אין ארץ-ישראל" 4 אַרטיקלען 21/VI ,28/VI
,5/VII 19/VII
„אויף אונזער אייגענעם וועג" 6 אַרטיקלען
„אונזער שפּראַכן-פראַגע" 3 אַרטיקלען

## 1918 „די צוקונפט"

„קאַרל מאַרקס: „דאָס קאַפּיטאַל יידיש פון דר. מעריסאָן" ז. 66—68.

„ציוניזם און העברעאיזם" ז. 230—234, 310—313.
„טענות אנטקעגן ארץ ישראל" ז. 366—371, 417—421, 486—490.
(ארויס אין א בראָשור פון די פ"צ)
„דער אַלטער און דער נייער געדאַנקענגאַנג" ז. 524—529, 611—613, 660—662.

## 1918 „דער טאָג"

„יידישיסטישער ציוניזם" II : 17, 24 ; III : 3, 10, 17.
„פעלקער-בונד און זעלבסטבאַשטימונגס-רעכט" III : 24, 31.
„ווי און ווער זאָל העלפן רוסלאַנד" IV : 7.
„די טראַגעדיע פון דער רוסישער רעוואָלוציע" IV : 4, 14, 21, 28 ; V : 12, 19, 26 ; VI : 2.
„ארץ ישראל און די יידישע אַרבעטערשאַפט" V : 11, 18, 25 ; VI : 1
„לעבינס אַגראַר-סאָציאַליזם" VI : 9, 16, 23 ; VII : 7, 14.
„אין דער וועלט אַריין" VII : 21.
„די אויפגאַבע פון דעם יידישן סאָציאַליזם" VII : 28 ; VIII : 4, 11, 18, 27 ; IX : 1, 15, 22, 29 ; X : 6, 13, 20, 27 ; XI : 10.
„אָפענע בריוו צו פריינט און פיינט" XI : 9, 16, 23.
„דער אייזערנער פאָרהאַנג" XI : 17.
„דער זיידענער פאָרהאַנג" XII : 1.
„דער באַלאַנס פון דעם וועלטקריג" XII : 8.
„די קולטור פון מזרח און מערב" XII : 15.

## 1918—1919 איבערזעצונג:

„אזוי האָט גערעדט זאַראַטוסטראַ". 2 בענד. אויך איינלייטונג וועגן ניטשען 85 זייטן אין א באַזונדער בראָשור.

## 1919 די „צוקונפט"

„א. ליעסין, דער ייד". ז. 221—224.
„דער אַלטער און נייער געדאַנקענגאַנג" ז. 57—59 ; 107—111.
„איוב און פאַוסט" ז. 445—450, 503—507, 554—559, 629—634, 681—685, 735—740.

„די באָלשעוויקעס און די עס-ערן" .I 154—156, 366—373 681

## 1919 „דער טאָג"

„אָפענע בריוו צו פריינט און פיינט" I : 11.
„וועגן דעם יידישן קאָנגרעס" I : 12, 19, 26 ; II : 8.
„דער נצחון פון דער מערב-אייראָפּעאישער קולטור" I : 18.
„דאָס פּראָבלעם פון סאָציאַלן פרידן" II : 2.
„די אייביק יונגע באַבושקא" II : 9, 10.
„אַנטיבאָלשעוויסטישער באָלשעוויזם" II : 23.
„די יידיש-פּוילישע באַציאונגען" III : 2, 9, 16, 30 ; IV : 6, 13.
„ווען איך וואָלט געווען אַ העברייער" VI : 1.
„דער סוף פון ווילסאָניזם" VI : 8, 15, 22.
„דער הויפּט-שולדיקער" VI : 29.
„אין דעם יאָר 1944" VII : 6, 13, 20, 27 ; VIII : 3, 10, 17, 24
31 ; IX : 14, 21, 28 ; X : 5, 12, 19, 26 ; XI : 2, 5,
9, 16, 23, 30.
„מיין פאָלק און די מענטשהייט" XII : 7, 14, 21, 28.

## 1919 „די שריפטן" ניו-יאָרק

„אַ פּאָר קריטישע באַמערקונגען צו ה. מילכס אַרטיקל : רעאַקציאָ-נערע שטרעמונגען" 8 זייטן

## 1919 „דער יידישער קעמפער" (נאָר אַ טייל)

„אין די וואָלקנדיקע טעג" 7/III/19
„דער איינהייטלעכער נאַציאָנאַלער ווילן" 11/IV/19 און (?)
2 אַרטיקלען
„די אַרבעטער-נשמה פון דעם ייד. נאַצ. אַרב. פאַרבאַנד" 22/VIII/19.
„סאָציאַליסטישע צייט-פראַגן" 5 אַרטיקלען 12/XII19 און ?
ב ר אָ ש ו ר ע : „פון אַסימילאַציע ביז פּועלי-ציוניזם"
פ אָ ר וואָ ר ט צ ו לאַ פ י נ ס איבערזעצונג פון דער רו-
ס י ש ע ר ל י ר י ק : „אַ פּאָר ווערטער וועגן פּאָעזיע און
איר באַטייט".

## 1920 די צוקונפט

„די נאַציאָנאַל־פּראָגרעסיווע באַדייטונג פון דער ייד. ליטעראַטור" ז. 51—56 ; 108—113 ; 167—169 ; 359—363.

„יידיש און דייטש" ז. 477—483.

„דער קינסטלער און דער הדיוט" ז. 600—604 ; 672—676.

„ש. ז. ראַפּאָפּאָרט־אַנסקי און דער סאָציאַל־פּאָליטישער פאָלקלאָר" ז. 689—692.

## 1920. דער טאָג

„מיין פאָלק און די מענטשהייט" I: 5, 18, 25.

„כעלמער רעכטבאַוווסטזיין" II: 1.

„אונזער בויד" II: 8.

„וועגן פערמאַנענטן קאָנגרעס" II: 18, 26 ; III: 3.

„העברעאיש אין ארץ ישראל" III: 13, 16 ; IV: 4.

„אַ דוחק אויף טוערס" IV: 18.

„צייט־נאָטיצן" V: 15, 21.

„איבער גראַמאָפאָנען" V: 30.

„סאָציאַליסטישער פּריוואַט־ציוניזם" VI: 6, 14.

„גרויסע פּאַסירונגען" VI: 20.

„ביים ים" VI: 27.

„קאַפּיטאַליזם און סאָציאַליזם אין א"י" *VII*: 11, 18, 25.

„צו דער שפּראַכן־פראַגע" *VII*: 14.

„אַ יידישער וואַטיקאַן אין א"י" *VII*: 28.

„באַריאַס חלום" *VIII*: 1, 4.

„אַמעריקע און ענגלאַנד אין דער רוסישער פּראַגע" *VIII*: 15.

„די איצטיקע עס־ערן אין רוסלאַנד" *VIII*: 22, 28 ; *IX*: 12.

## 1920 „פרייע אַרבעטער שטימע" „נאָר אַ טייל"

„די פרייהייט פון — און די פרייהייט צו — " (יולי)

## 1920. „דער יידישער קעמפער" (נאָר אַ טייל)

„וועגן אונזער סאָציאַליסטישער טעטיקייט" 6 (?) אַרטיקלען

„אפענע בריוו צו חברים" (?)

„די פראָבלעמען פון רעקאָנסטרוקציע״ 6 (?) אַרטיקלען (1-טער
7/XI/19 לעצטער 13/II/20

„צו דער רעווידירונג״ 19/III/20

„וועגן דער איינהייטלעכקייט אין אונזער פאַרטיי״ 2 (?) אַרטיקלען
13/VIII/20, 20/VIII/20

„דער-גרונט-געדאַנק פון ק. מאַרקס פילאָזאָפיע״

„די פאַרפירטע אַרבעטער״

„יידיש-נאַציאָנאַלע אַרבעט פאַר דאָ אין לאַנד״

## 1920 פאַרלאַג מייזל

„די פילאָזאָפיע, וואָס זי איז און ווי זי האָט זיך אַנטוויקלט״ 2 בענד

## 1920 „די צייט״

„אָפענע בריוו צו יידישע אַרבעטער״ VIII : 29 ; IX : 5, 12, 19,
26 ; X : 3.

„אַ געניאַלע נבואה אָדער אַ וויסטער חלום״ IX : 27.

„די פאַרם-לייבאָר פאַרטיי״ X : 1.

„די סאָציאַליסטישע פעדעראַציע און דער ציוניזם״ X : 7, 10, 15, 17,
22, 24, 29.

„קערענסקי-ווראַנגעל״ X : 31.

„נאָך ווראַנגעלן ווער ?״ XI : 5.

„וואָס איז געשען אין רוסלאַנד ?״ XI : 7, 13.

„אונזער פּאָליטיק אין די מזרח-אייראָפּעאישע לענדער״ XI : 17 ;
XII : 10, 24, 31.

„ש. ז. ראַפּאָפּאָרט-אַנסקי״ XI : 14, 19, 21, 27, 28 ; XII : 5, 12, 19.

## אָקט. 1920 — מאַי 1921 „די ייד. אַרבעטער-שטימע", ניו-יאָרק

„סאָציאַליזם און מאָראַל״ 6 אַרטיקלען.

## 1921 „פרייע אַרבעטער-שטימע״

„אין דעם הינטערהויף״ 5/III/21

„וועגן באַשפּאָרנטע און באַזאָטלטע נשמות״ 10/VI/21

„וועגן באַפליגלטע און פסעוודאָ־באַפליגלטע נשמות" 24/VI/21

## 1921 „די צוקונפט"

„איינשטיינס טעאָריע פון רעלאַטיוויטעט" I. 252—257 ; 348—354 ;
413—420 ; 588—594 ; 644—650.
„דאָס קאָלעקטיווע שאַפן פון אַ פאָלק" (געווידמעט אַנסקין) I. 227—235.

## 1921 „די צייט"

„ש. ז. ראַפאָפּאָרט־אַנסקי" I : 1, 9, 16, 23 ; II : 6, 7, 17, 20, 27,
III : 6, 13, 20, 27 ; IV : 24 ; V ; 8, 20.
„פּאָליטיק און קולטוריזם" I : 7, 14, 21, 28 ; II : 4, 13, 18, 25 ;
III : 4.
„דער באַזעלער קאָנגרעס און דער סמאַרגאַנער שטרייק" III : 11.
„די עוואָלוציע פונם בונד" III : 18.
„לענינס פּאָליטיק" III : 24.
„אונזער שטעלונג צום אַלגעמיינעם ציוניזם" IV : 2, 3, 9, 10, 16,
17, 23 ; V : 2, 3 ; VI : 16, 18 ; VII : 29.
„דער ערנסט פון דער זאַך" V : 7.
די דריי ריכטונגען אין דעם רוסישן קאָמוניזם" V : 15.
„אַן אַלט־נייע פּלאָג" V : 21, 22.
„דער מאַרקסיזם ווי אַ פּאַרטיי־דאָקטרין" V : 29.
„דער קיום הלאום" VI : 1.
„אַ בריוו צום רעדאַקטאָר" VI : 4.
„ווער איז דאָס יידישע פאָלק ?" VI : 5.
„זאָלן מיר זיך אָנשליסן אָן 3־טן אינטערנאַציאָנאַל ?" VI : 9.
„טאַרקווועמאַדאָ, ראַבעספּיער און לענין" VIII : 18
„אירלאַנד און דאָס רעכט אויף זעלבסטבאַשטימונג" VIII : 27.
„די גרעסטע מניעה פאַר דער עמיגראַציע" VIII : 28.
„דער הונגער און דער פייער אין רוסלאַנד" VIII : 29.

## 1921—1922 (געגוויע דאַטן פעלן) „די צייט"

„הער גיבאַנס און דער אַנטיסעמיטיזם 6 (?) אַרטיקלען.
„די פאָדערונג פונם אַרבעטער־בלאָק" 2 • IX 21 ; 6, (?) 13.

